# ב. דעמבלין

טאָפּלבאַנד פון ביכערציקל „ערב נאַכט״

## אַ פרעמדע וועלט

בוך פיר

## אין נײַעם לאַנד

בוך פינף

ב. דעמבלין

טאָפּלבאַנד פון ביכערציקל „ערב נאַכט“

# אַ פרעמדע וועלט

ראָמאַן

בוך פיר

# אין נייַעם לאַנד

ראָמאַן

בוך פינף

**B. DEMBLIN**

# A FREMDE WELT

(A Strange World)

A Novel

*

# IN NAIEM LAND

(in the New Land)

A Novel

Publishing House, "Israel-Book", Tel-Aviv, P.O.B. 1777



הויפט־פארקויף „ציקא" ביכער צענטראלע ניו־יארק, נ.י.

Printed in Israel 1973

*



דפוס „ארזי", תל־אביב

ב. דעמבלין

טאָפּלבאַנד פון ביכערציקל „ערב נאַכט“

# אַ פרעמדע וועלט

ראָמאַן

בוך פיר

מחוץ די שרייבער, קולטור און געזעלשאַפטלעכע טוער, אַלע היינט שוין היסטאָרישע געשטאַלטן, זענען די כאַראַק־טערן אין דעם בוך אויסגעטראַכטע פון מחבר און האָבן קיין שייכות צו ווער עמען אין אמתן לעבן.

With the exception of actual historical personages, the characters in this book are entirely the product of the author's imagination and have no relation to any person in real life.

# קאַפּיטל איינס

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, דער שנעלצוג „ווין־פּאַריז“ קומט אַלץ נענטער צו דער פראַנצייזישער גרענעץ. אָ, ווען נישט זיין שרעק איבער דער וויזע, וואָלט ער דאָך, נתן חיים, אויף דער וואָר איצט, איבערגע־לעבט אַ לאַנג געגאַרטן חלום. יאָרן שוין ווי ער האָפט צו זיין אין דער שווייץ, אין פּאַריז, איז אָט פּאָרט ער לאַנגע שעהען איבער שווייצאַריע, קומט אַלץ נענטער צו פּאַריז און גאָרנישט באַקומט אים, בעת דער פריינד זיינער, פיליפּ גאָלדין, זיצט זיך רויִק ביים פענצטער, אַנטקעגן אים און עס זאָל אים גאָר אַנהייבן צו אַרן. פאַרקערט, ער רעדט גאָר אים אויס. נאָר וויפל דער פריינד זאָל אים נישט אויסרעדן און אים פאַרזיכערן אַז די וויזע איז אַן עכטע, בלויז דער אונטערשריפט איז געפעלשט, קען ער אַלץ נישט פאַרטרייבן פון אים די שרעק פאַרן גרענעץ־באַאַמטן, טאָמער כאַפּט זיך יענער אויף דער פעלשונג, וועט ער, נתן חיים, שוין פּאַריז פאַר זיינע אויגן נישט זען. ער וועט זיכער אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַ תּפיסה און צוריקגעשיקט ווערן קיין פּוילן צו גיין דינען אין פּילסודסקיס אַרמיי. וואָרעם איצט וועט שוין דער מיינסטער זיינער, דער פּאָדריאַטשיק, ר׳ אָשר ליובעלסקי, נישט קענען מער פועלן אין די הויכע פענצטער, מ׳זאָל אים לאָזן אָפּקומען דאָס מיליטער־דינסט אַלס אָנפירער אין זיינע פאַבריקן פון מיליטערישע־הלבשה, ווי ער האָט דאָס געקענט פאַר אים דורכפירן פריִער, פאַר זיין אַוועקלאָזן זיך קיין אויסלאַנד.

מיד פון לאַנגן זיצן איז נתן חיים אויפגעשטאַנען און אַרויס פון קופּעי. אַ גאַנצן טאָג איז אין דעם צוג געוועזן אַזוי ענג, אַז מ׳האָט נישט געקענט אַרויסשטעלן אַ טריט. איצט ערשט, ביים דערנענטערן זיך צו דער גרענעץ, זענען די וואַגאָנען ליידיק, פּוסט, גייט ער, נתן חיים, אין דער שפּעטער נאַכט־שעה, הין און צוריק איבער דעם שמאָלן קאָרידאָר, פאַרביי די קופּעען, אַלע מיט אויפגערוקטע טירן, ליידיקע שוין, אָן איין פּאַסאַזשיר אין זיי. און ערשט איצט, אין דער פּוסטער ליידיקייט, אין דער אַרומיקער שטילקייט פון דער נאַכט, באַנעמט ער דאָס קלאַפּן, דאָס ריטשען און קוויטשען פון די רעדער אויף די טרוקענע, אומגעשמירטע אַקסן און ער זעט אין דער האַלב־טונקלקייט ווי אויך דאָ, אין דעם

הויך־ציוויליזירטן אויסלאַנד, האָט דער וואַנדאַליזם, די מלחמה־הפקרות געטאָן ס׳אייגענע ווי אין פוילן. אויך דאָ, אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן לוקס־צוג, איז דער פּליוש פון די געבעטע בענק אַראָפּגעשיילט, די עלעקטרישע לעמפּלעך פון די ווענט, פון סופיט — אַרויסגעשרויפט, צעגנבעט.

געלאַנגווייליקט פון גיין הין און צוריק איבערן קאָרידאָר, איז ער, נתן חיים, געבליבן שטיין ביי אַ וואַגאָן־פענצטער און ערשט איצט, אין דער אַרומיקער שטילקייט, האָט ער אָנגעהויבן באַנעמען, וואָס די אויגן זעען אין דעם ווייס־פאַרשנייטן דרויסן. ער האָט פאַרהויבן דעם בליק, — גאָט אין הימל! ווי מאַיעסטעטיש די בערג הויערן איבער די טאָלן און ווי ווייך זייערע שאָטנס גלעטן און צערטלען די גלימערנדיקע ווייסקייטן און ווי הערלעך־שיין אין דעם געשפּיל פון שניי און שאָטן עס מישן זיך און בייטן זיך די אָנגעלאָפענע לאַנדשאַפטן. אָט שווימט אַן אַן אַזערע — אַ בלוי אויג פון דער ווייסקייט אַרויס. און אָט איז אַ דערפל, אַן איינגעשלאָפנס אין האַלב־ליכט און האַלב־שאָטן און דאָס קלויסטערל, אין מיטן פון דעם דערפל, שטרעקט זיך מיטן שטעכיקן שפּיץ אַרויף, ווי עס וואָלט זיך פאַרמאָסטן אין הויכקייט מיטן ריזיקן באַרג אַנטקעגן און איבער די פרעכטיקע לאַנדשאַפטן הענגט אַ טונקל־בלויער הימל, פול באַזעצט מיט קאַלט־גלייזיקע שטערן.

די באַן איז געבליבן שטיין. „אַוסשטייגען”! האָט דער שווייצער־קאָנדוקטאָר אַ רוף געטאָן. זיי זענען אַראָפּ אויף אַ פאַרשנייטער פּלאַטפאָרם און דער קאָנדוקטאָר מיטן רויט־גלימערנדיקן לאַמטערל ביי זיינע פיס, האָט זיי גענומען פירן צום וואָקזאַלכל. פיליפּ גאָלדין, דער פראַנצייזישקענער, מיט דער וואַליזע אין דער רעכטער האַנט און דעם פאָס אין דער לינקער, איז געגאַנגען איבערן שמאָלן, אין שניי איינגעטרעטענעם סטעזשקעלע, הינטערן קאָנדוקטאָר און ער, נתן חיים, מיט זיין וואַליזע און זיין פּאַספּאָרט — הינטער גאָלדינען.

כאָטש אַזוי געשפּאַנט און פול מיט שרעק האָט דאָך נתן חיים, ווי זיין טבע, געגנורעט מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן, צו זען אַלץ, וואָס אַרום אים. דאָס וואָקזאַלכל, זעט ער, איז אַ קליינס, איין שטוב נאָר, און בלויז איין לעמפּל אין סופיט און די גאַנצע גרענעץ־וואַך באַשטייט פון איין מענטשל, אַ דראָבנעס מיט שוואַרצע וואָנסעלעך און רויטע בעקעלעך, דורכגעוועבטע מיט בלויע אָדערלעך, ווי תמיד ביי יענע, וואָס טרינקען אַ סך. אַ פאַרשלאָפענער נאָך, מיט אַ פאַרשטיקטן גענעץ אין מויל, האָט דאָס מענטשל, ביי זייער צוקומען צו דער ביורקע, אויף גיך אָנגעטאָן זיין אַמטן־מונדירל מיט די שליפעלעך אויף די אַקסלען, געכאַפּט דאָס היטל —

אַן איבערגעקערטער ראַנדעל, וואָס איז געלעגן מיט דער דענקע אַראָפּ און עס אַרויסגעזעצט אויף זיין גלאַנציק־פּליכעוואַטע קעפּל. ער האָט אויסגעזען צו זיין בייז, דער גרענעץ־וועכטער, אָנגעכמורעט, ווי תּמיד מענטשן — אַרויסגעריסענע פון שלאָף.

בכיוון האָט פיליפ גאָלדין באַגריסט דעם באַאַמטן מיט אַ הויך־קלינגענדיקן:

— באָן סואַר מ׳סיע!

איבעררעשט פון דער באַגריסונג אויף פראַנצייזיש, האָט דאָס מענטשל אומגעדרייט דעם קאָפּ מיט אַ שמייכל שוין אויף די רויטע בעקלעך:

— מ׳סיע.

מיט אַ מאָל איז די אָנגעכמורעטקייט פון דעם באַאַמטן געווען אויסגערונען. דאָס מענטשל, זעט אויס, האָט זיך דאָ געגרייט צו דער איבערדריסיקער גרענעץ־עובדה פון אויספרעגן, ווער ווייסט אויף וואָסער שפּראַך, די צוויי אָנגעפּאַרענע פרעמדע, קאָנטראָלירן זייערע פּאַספּאָרטן, דורכנישטערן זייער באַגאַזש, רעווידירן זייערע קעשענעס, צי זיי פירן נישט אַריין קיין פראַנקרייך, ווער ווייסט וואָסער קאָנטרבאַנד, איז גאָר דער אָנגעפאָרענער נישט קיין פרעמדער, נאָר אַ פּאַריזער מסתמא, וואָס קערט זיך צוריק קיין פראַנקרייך און גריסט אים אין אַזאַ היימיש־נאָענטן „באָן סואַר מ׳סיע״!

נישט בלויז דער גרענעץ־באַאַמטער, אויך ער, נתן חיים, האָט גאָר אויפגעלעבט פון דער אומגעריכט־אָנגעשטאָנענער היימישקייט. אָט וואָס שפּראַך מיינט! אַ בלויזע באַגריסונג אויף יענעמס לשון און שוין זענען אַוועק די פאַרדאַכטן, שוין פאַרשפּאַרט ער זיך דאָס נעמען זוכן און נישטערן אין זייערע וואַליזעס. אָן אַפילו געהעריק זיך איינקוקן אין זייערע וויזעס, האָט דאָס מענטשל געשטעמפּלט זייערע פּאַספּאָרטן, זיי פאַרגעלייגט ציגאַרעטן און אָט זיצט דאָס מענטשל שוין מיט פיליפ גאָלדינען ביי דער ביורקע ווי צוויי אַלטע פריינד און ער ווונדערט זיך:

— סע וורעי? איבערגעלאָזט אין פּאַריז די געליבטע און געפאָרן קיין רוסלאַנד העלפן די באָלשעוויקעס מאַכן די רעוואָלוציע? און וואָס מיינט ער, מ׳סיע גאָלדין? ס׳איז טאַקע אמת, וואָס די צייטונגען שרייבן, אַז די באָלשעוויקעס זענען רוסישע יאַקאָבינער?

— ערגער נאָך! האָט פיליפ גאָלדין אַ זאָג געטאָן און איבער זיין אָפּגעמאָגערט, לענגלעכדיק געזיכט, האָט זיך באַוויזן זיין סאַרקאַסטיש הנאה־שמייכעלע איבער דעם האָבן געווונען דעם צוטרוי פון פראַנצויז, —

נישט בלויז יאַקאָבינער, אַ ראָבעספיער וועט נאָך דאָרט אויפשטיין און ער וועט האַקן די קעפּ פון די דאַנטאָנס, גרויזאַמער נאָך ווי אין דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע!

— סע וורעי? האָט דאָס גרעַנעץ־וועכטערל מיט שטוינענדיק אויפ־גערייסענע אויגן אים איבערגעפרעגט און, שאָקלענדיק מיטן קעפּל ווי אין באַדויער, האָט ער גערעדט מער צו זיך ווי צו די אַנגעפּאַרענע פּאַסאַ־זשירן. — אַזוי, איבער דעם וואָגט דאָס פּוילן זיך צו פאַרמעסטן קעגן טראָצקיס רויטער אַרמיי! ער וועט זען, מ׳סיע גאָלדין, די פּאָליאַקן וועלן נאָך וועלן פראַנקרייך זאָל זיי קומען העלפן אויפשטעלן זייער גרויס־פּוילן, פון ים, צו ים!

ווי נתן חיים האָט אין דעם געשפּרעך פאַרשטאַנען בלויז די נעמען: „יאַקאָבינער״, „ראָבעספּיער״, דאַנטאָן״, איז ער דאָך געזעסן אַ פאַרכאַפּ־טער, נישט אַזוי איבער דעם, וואָס דאָ ווערט גערעדט, ווי איבער דעם פיליפס פליסיק פראַנצייזיש רעדן און נאָך מער איז די פריידן ביי אים געווען גרויס איבער דעם אַזוי לייכטן אַריבערקומען די גרעַנעץ! שטאָט אַריינפּאַלן אין אַ תּפיסה, זיצט ער מיט אַ געשטעמפּלטן פּאַס אין קעשענע און ער איז אַפילו נישט באַזוכט געוואָרן און פאַר דעם באַזוכט ווערן האָט ער זיך נאָך מער געשראָקן ווי פאַר דעם געפעלשטן אונטערשריפט אויף דער וויזע.

ביים גרייטן זיך צו פאָרן קיין פּאַריז מיט נישטיקע גראָשנס און אַפילו די ווייניקע גראָשנס זענען געבאָרגטע, האָבן מענטשן אים, ווי פיליפּ גאָלדינען, צוגערעדט, אַז יעדער פון זיי זאָל מיט זיך נעמען אַ שטיינדל, כאָטש פון אַ האַלבן קאַראַט. בריליאַנטן אין פּאַריז זענען אויף אַזוי פיל טייערער ווי אין וואַרשע, אַז מיטן ריווח פון אַזאַ שטיינדל וועלן זיי דעקן די הוצאות פאַר דער גאַנצער רייזע. האָבן ביידע זיך געלאָזט צורעדן און, כּדי דורכצופירן דעם קאָנטרבאַנד בשלום, האָט יעדער פון די צוויי פריינד קונציק איינגענייט דאָס דימענטל אין אַ שפּיץ פון זייערע העמד־קעלנער.

אָט, צוליב דעם שמוגל, ווי אַ צוגאָב צום פאַלשן אונטערשריפט אויף דער וויזע, האָט דאָס אויף אים, נתן חיימען, אַזוי געציטערט די הויט. פיליפּ גאָלדין, דער פראַנצייזיש־קענער, האָט אַפילו געמאַכט אַן אָנשטעל אַז אים אַרט נישט דער עסק, האָט אָבער נתן חיים געוווּסט, אַז דאָס איז אָנשטעל, אַז אין דער אמתן איז ער נישט ווייניקער נערוועז פון אים. וואָסי, פיליפּ האָט דען ווייניקער איינגעשטעלט פון אים? ווען די אַוואַנ־טורע פאַלט, חלילה, דורך, מעג ער זיך דאָך געזעגענען מיט זיין פּאַריז!

און נאָר פּאַריז? זיין בערניעס זיצט דאָך דאָרט און וואַרט אויף זיין קו־מען, שוין איבער צוויי מיט אַ האַלב יאָר!

אַ קאָנדוקטאָר מיט אַן אָנגעצונדן לאַמטערל אין האַנט, איז אַריינגע־קומען:

— דער צוג קיין פּאַריז איז גרייט אָפּצוגיין!

דער גרענעץ־באַאַמטער איז אויפגעשטאַנען, אויסגעשטרעקט די האַנט צו פיליפּ גאָלדינגן: — אָרעוווּאַר מ׳סיע, אויך אים, נתן חיימען, האָט ער דערלאַנגט די האַנט און, ווי לאַנגאָניקע פריינד, זיי באַגלייט צו דער וואָקזאַל־טיר, געפּאַכעט מיט דער האַנט צו זיי אין וואַגאָן־פענצטער ביז דער צוג האָט גענומען גיין, איצט שוין אַן אָפּשטעל ביז פּאַריז.

אין וואַגאָן שוין, איינגענאַדיעטע אין די ווינקעלעך, דאָס ברייטע באַנפענצטער צווישן זיי, האָט פיליפּ גאָלדין זיגעריש זיך גענומען רייצן מיט אים, נתן חיימען:

— נו, פיינזילבער, וואָס זאָגט ער איצט? האָט ער געדאַרפט איבערן גאַנצן וועג אַזוי ציטערן און פלאַטערן?

נתן חיים האָט געשוויגן, אַוודאי, אַז אַלץ איז אַריבער בשלום, איז ער אַ גאַנצער חכם, פיליפּ גאָלדין. און ער מעג זיך טאַקע פרייען אויך. אין פּאַריז וואַרט אויף אים אַן אויסגעבענקטע זיין בערניעס! און נישט בלויז זי. די גאַנצע משפּחה אירע וואַרט דאָרט אויף אים. ער אָבער, נתן חיים, קען זיך נישט פרייען. ערשט איצט אַז די שרעק צוליב דער גרענעץ איז ענדלעך אַריבער, איז צוריק אין אים אָנגעשטאַנען דער אומעט, די בענקשאַפט נאָך עלקעלען, די זאָרג פאַר דער היים, וואָס צוליב זיין אַוועק־פאָרן זענען אַלע דאָרט, די קראַנקע טאַטע־מאַמע, די יינגערע שוועסטער־לעך, אויסגעמאָרעטע פון מלחמה־הונגער, אַלע זענען זיי דאָך געבליבן דאָרט ווי אויפן וואַסער.

— וואָסי? שוין ווידער פאַרזאָרגט? האָט אים דער פריינד דורך דער פענצטער, גענומען מונטערן. — ער איז דאָך שוין אין פראַנקרייך, אָט באַלד איז פּאַריז, וואָס זאָרגט ער איצט?

נתן חיים האָט געשוויגן. וואָס וועט ער אים דאָ ענטפערן? כאָטש אויך אים, פיליפּן, האָט איצט געמעגט זיין אָנגעזאָליעט אויפן האַרץ. ער האָט דען נישט איבערגעלאָזט אין וואַרשע זיין מאַמע, אַן אלמנה מיט צוויי שוועסטערלעך זיינע? פאַרט ער אָבער צו זיין בערניעס און זי, די כלה, האָט שוין, זעט אויס, פאַרשטעלט די מאַמע. נאָר איז דען אַזוי בלויז די בערניעס? אַלע כלות, נאָך איידער וואָס און ווען, ווערן זיי שוין ביים חתן ס׳אייבערשטע פון שטייסל. מיט זיין עלקעלען איז דען נישט ס׳איי־

גענע? מילא זי, עלקעלע, איז נאָך אַ יונגע קאָזע, קוים זיבעצן יאָר אַלט. אָבער שיינדעלע, די מאַמעשי אירע? צוליב וואָס איז זי בייצייטנס, פאַר זיין אַוועקפאָרן, אַזוי גיך געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע? דאָס דאָקטערן זיך איז דאָך געווען בלויז אַן אויסרייד. געקומען איז זי דאָך איבער־שמועסן מיט אים: זאָל ער זיך אַרויסשלאָגן עלקעלען פון קאָפּ! זיין ליבע־שמיבע איז נישט ווערט קיין צעבראָכענעם דרייַער. ווי קען ער טראַכטן פון אַ ווייב? פון קינדער? אַז ער איז דער גאַנצער פאַרזאָרגער אין שטוב, אַז אַלע, די גאַנצע פאַמיליע ליגט דאָך אויף זיינע פּלייצעס! כאָטש נעם, לויט שיינדעלען, נאָך איידער וואָס און ווען און זאָג זיך אָפּ פון קראַנקע טאַטע־מאַמע, פון יינגערע שוועסטערלעך און נעם שוין זאָרגן פאַר איר טעכטערל!

ער איז, זעט אויס, איינגעשלאָפן, נתן חיים. ווען ער האָט געעפנט די אויגן האָט שוין דער דרויסן געגרויט און דער פריינד זיינער, פיליפּ גאָלדין, איז געשטאַנען מיט דער נאָז אויף דער פענצטערשויב און מיט דער רעכטער האַנט, הינטן־אַרום, אים געמינטערט:

— שטייט אויף, פייגזילבער! טוט נאָר אַ קוק, מ'איז דאָך שוין אין פּאַריז!

# קאַפּיטל צוויי

ווי אים, נתן חיימען, איז איבערן גאַנצן וועג געלעגן אין זינען נאָר די גרענעץ, אַזוי האָט דער פריינד זיינער, פיליפּ גאָלדין, רק געטראַכט וועגן דעם ברוך הבאַ, וואָס בערניעס עלטערן וועלן אים דאָ געבן ביים אומקערן זיך פון דער „רעוואָלוציע־אַוואַנטורע״, ווי דער מ׳סיע לעווין, זיין צוקונפטיקער שווער, האָט אַזוי חוזקדיק אָפּגעלאַכט פון זיין פאָרן, צוזאַמען מיט אַנדערע טויזנטער אימיגראַנטן, העלפן אין דער רוסישער איבערקערעניש.

ביים געזעגענען זיך מיט די משפחה־לייט, האָט דאָס קליינע יידעלע מיטן גרוילעכן קמץ־בערדל, אַ מענטשל, וואָס גרייכט קוים זיין, פיליפּס, אַקסל, זיך נישט גערעכנט מיט דעם, וואָס בערניעס איז דאָ דערביי, נאָר געשטאַנען קעגן אים, דעם צוקונפטיקן איידעם און אַזוי זייטיקלעך, פול מיט ביטול, אים אָפּגעמאָסטן:

— זעטס נאָר דעם העלד! און ס׳ווייב זיינס, די מאַדאַם ראַשעל, די נאָך נישט געוואָרענע שוויגער פיליפּס, האָט צוגעהאָלפן דעם מאַנעלע חוזקן אויס אים: — מ׳זאָגט כאָטש אַ פאַרשויך, אַ רעוואָלוציאָנער און, ווענדנדיק זיך צו בערניעס: — קוק נאָר אָן דעם אַנאַרכיסט דיינעם, ער האָט דאָך מורא פאַר זיין אייגענעם שאָטן!

ס׳איז אים אַפילו געוועזן קשה, פיליפּן. לויטן פשוטן שׂכל האָבן זיי דאָך געדאַרפט צורעדן אים ער זאָל פאָרן. אַז ער שטייט זיי נישט אָן פאַר קיין איידעם, וועט דאָך זיין בעסער אַז ער וועט אַוועקפאָרן. אויס די אויגן איז אויסן האַרץ. אַז בערניעס וועט אים נישט האָבן אַרום זיך, וועט זי פאַרגעסן אָן אים און פטור אָן עסק! כאָטש פאַר וואָס שטייט ער זיי נישט אָן פאַר קיין איידעם? ווייל ער איז אַ „קאַסקעטיער״, אַ היטלמאַכער? מיט וואָס איז אַ היטלמאַכער ווייניקער יחוס פון אַ „מאַרשאַנדל״ אַ הענדלערל, וואָס פאַדעט איבער די פאַריזער מערק אויפצוקויפן אַלט־וואַרג? אמת, אויף זיין וויזיט־קאַרטל שטעלט זיך דער מ׳סיע לעווין פאַר אַלס „אַנטיקוואַר״. ער אָבער, פיליפּ גאָלדין, קען דאָך די „אַנטיקן״ וואָס ער האָט דאָרט אין זיין האַלב־פינצטערן „בוטיק״ אויף רי דע ראָזיע. אויסער די צעהאַנגענע אַלטע הויזן, אַלטע רעקלעך, געלאַטעטע מאַנטלען

האָט ער אויך, דער מ׳סיע לעווין, אַ טישל ביים איינגאַנג אין „בוטיק״ און אויף דעם טישל זענען דאָס אויסגעשטעלט די „אַנטיקן״ זיינע: אַ גיפסענע קאָפּיע פון די „דריי גראַציעס״, עטלעכע אָפּגוסן פון קליינע ביוסטלעך פון בעטהאָווען, פון מאָצאַרט און ווערדי, אויך אַ קאָפּיע פון ראָדענס „דענקער״, אַלץ „אַנטיקן״, וואָס מען קריגט זיי אויף יעדן ראָג אין פּאַריז צו דריי פראַנק אַ שטיק.

אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט נאָך איצט, ביים צוריקקומען, גע־טראָגן אַ האַרץ אויף די לעווינס, איז ער אָבער אַ גוטער יונג, פיליפּ גאָלדין, באַמיט ער זיך צו פאַרגעסן זייער חוזקן, זייער בראָקן זיך מיט אים. ער פאַרשטייט זיי. עלטערן, צאַפּלען זיי זיך איבער די קינדער, בפרט איבער בערניעס. און ס׳איז דאָך דאָ איבער וועמען זיך צו צאַפּלען! אַ סך אַזעלכע בערניעסעס זענען דאָ? אַן אַנדער מיידל וואָלט אים אפשר טאַקע פאַרגעסן. אַ קלייניקייט? שיער נישט דריי יאָר זיך נישט געזען! די אויגן האָט זי דאָך זיך אויסגעוויינט! אַז קיין איינער פון זיינע בריוו זענען צו איר נישט דערגאַנגען, כאָטש ער האָט זיך די פינגער פון די הענט אָפּגעשריבן. נאָר צו וואָס איצט טראַכטן וועגן דעם? דער עיקר, לויט די בריוו פון בערניעס, גרייטן מ׳סיע און מאַדאַם לעווין פאַר אים אַן אויפנעם, וואָס נאָך אַזאַ האָט דאָס פּאַריזער פּלעצל נישט געזען! אמת זיי מאַכן אַן אָנשטעל, אַז די שימחה איז נישט בלויז פאַר אים, נאָר אויך לכבוד אנרי און פּיער, דער זון און איידעם, וואָס ביידע זענען זיי אַ דאַנק גאָט צוריקגעקומען פון דער מלחמה גאַנץ און געזונט. ווייסט אָבער דאָס גאַנצע פּלעצל אַז דאָס איז נאָר אַן אויסרייד. אנרי און פּיער זענען באַפרייט געוואָרן באַלד נאָכן קריג און איצט איז שוין יאַנואַר 1920! נאָר וואָס איז דער חילוק? דאָס איז שוין איין מאָל געווען אַן אויפנעם!

פון וויטנס, נאָך איידער ער איז צוגעקומען צום ראָג רי דע ראָזיע, פיליפּ גאָלדין, זענען אים שוין פון ערשטן שטאָק־אַראָפּ, אַקעגן געקומען די ריחות פון אַלערליי געקעכטסן, די אָפּקלאַנגען פון די גערעדערייען און געלאַכערייען פון דער פאַרזאַמלטער משפחה דאָרט. און ביים אַריבער־טרעטן די שוועל פון דער גרויסער שטוב האָט אים ערשט רעכט פאַרכאַפּט דער אָטעם. דער ווייסגעדעקטער טיש אין מיטן שטוב, אַ באַצירטער מיט פּריש־שמעקענדיקע בלומען און אַ זילבערנער שבתניק מיט פינף אָנגעצונדענע ליכט אין מיטן. אָט דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט עסנ־וואַרג, מיט אַלערליי פרוכטן און ווײַנען, וואָס ער האָט זיך גאָרנישט פאַר־געשטעלט פיליפּ גאָלדין, אַז מ׳קען שוין אין פראַנקרייך דאָס אַלץ קריגן, איצט, נאָך אַזאַ פאַרוויסטנדיקן, פיר־יעריקן קריג! ערשט דאָס געזעמל,

וואָס איז זיך דאָ צוזאַמענגעקומען לכבוד אים! ווי נאָר ער האָט פאַר־מאַכט הינטער זיך די טיר, איז ער אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין די אָרעמס פון די שוועגערינס און שוואָגערס, פון אונטערגעוואָקסענעם קליינוואַרג, אַז ער האָט זיך גאָרנישט געקענט צוקריגן צו בערניעס און נישט זי — צו אים.

כאָטש אַזוי איינגעקלאַמערט אין דער משפּחהדיקער פרייד, האָט דאָך פיליפּ גאָלדין געזען, אַז די צוקונפטיקע שווער און שוויגער, מ׳סיע און מאַדאַם לעווין, שטייען אָפּגעזונדערט, אויף דער אַנדערער זייט פון טיש און נישט ער און נישט זי מאַכן נישט קיין טראָט נענטער צו אים. כאָטש לויט זייערע צעשטראַלטע געזיכטער זעט ער, אַז זיי פרייען זיך שטאַרק מיט זיין קריקקומען. פאַר וואָס זשע שטייען זיי אין אַ זייט? איז דאָס צוליב נישט־דרייסטקייט? אָדער איז עס צוליב חרטה אויף זייער וואַרפן זיך מיט אים? האָט ער, פיליפּ גאָלדין, גיך אַרויסגעשיילט זיך פון געז־זעמל און איז, מיט אָפענע אָרעמס צוגעגאַנגען צו זיי. פון זיין זייט, הייסט עס, איז אַלץ פאַרגעסן און פאַרגעבן. האָט טאַקע איצט די מאַדאַם לעווין אים אַרומגעכאַפּט און דער שטראָם טרערן פון די ווייכע מאַמע־אויגן האָט גענומען רינען פריי איבער אירע אַלטגעוואָרענע, צעקנייטשטע באַקן:

— דאַנקען גאָט אַז מ׳זעט זיך צוריק געזונטערהייט.

אויך דער אַלטער האָט זיך צעקושט מיט אים און אויך דערמאָנט, אַז ער וועט דאַרפן גומל בענטשן, דערביי האָט ער באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אוי, פיליפּ, וואָס פון דיר איז געוואָרן, ווי אָפּגעצערט, ווי בלייך, און ס׳איז דען אַ ווונדער? נאָך אַזוי פיל יאָרן געשיסערייען אין פעטער־בורג, נאָך אַזוי פיל הונגער אין מאָסקווע, ביסטו נאָך פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער אוקראַינע צו די היידאַמאַקעס, אין סאַמע מיטן די פּאָגראָמען, דאָרט און נאָך דעם, ערשט קיין פוילן, מיט נאָך הונגער, נאָך מער פאַר־לייזיקט ווערן.

אין מיטן דעם טרויער און באַדויער איז אָנגעלאָפן מיט אַ געבייזער די עלצטע טאָכטער, טערעז, אַ מאַמע שוין פון צוויי קינדערלעך:

— וואָס שטייט מען? לאָמיר כאָטש טרינקען לחיים, ס׳איז דאָך שוין נאָך צוועלף אַזייגער!

דורך דער גאַנצער צייט פון דעם קושעניש, פון די אַרומכאַפּענישן איז נתן חיים דאָ געשטאַנען ווי אַ זייטיקער, אַ פרעמדער, כאָטש די בערניעס, וואָס מיט איר האָט פיליפּ אים נאָך באַקענט אויפן וואָקזאַל, ביי זייער אָנקומען קיין פּאַריז, האָט געפּרוּווט אים הייטערן, גענומען אים היימיש־

לעך אונטערן אָרעם און אים געפירט אין דעם געזעמל פון איינער צום אַנדערן:

— באַקענט זיך, דאָס איז מיין עלצטער ברודער אנרי און דאָרט איז זיין פרוי זשאַניק. דערביי האָט זי, מיט אַ קערעווע פון אַן אויג, אים געוויזן אויף אַ בלאָנדער דאַמע, זייער אַ שיינע און שטילערהייט אים איינגעַרוימט: — זי איז נישט קיין ייִדישקע. און דאָס איז מיין שוואָגער, פּיער, פּיער פעלדמאַן און מיין עלטערע שוועסטער טערעז, און דאָ איז מיין ייִנגערע שוועסטער זשאַנעט און אַ ייִנגערער ברודער אונדזוערער — זשאַ־זעף און אַזוי פירנדיק אים איז זי צוגעקומען מיט אים צו די עלטערן: און דאָ איז פּאַפּאַ און מאַמאַ.

ער איז געווען צעטומלט נתן חיים. אַן עין הרע, אַזאַ משפּחה! דערביי האָט ער געטראַכט: ווען די בערניעס פרעגט אים גלייך איבער, ווער איז דאָ ווער? וואָלט ער נישט געוווּסט איר צו ענטפערן, כאָטש ער האָט יעדן אָקעגן געטראָגן די האַנט, צו יעדן נאַרישעוואַטע געשמייכלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געמורמלט צו איינער ווי צום אַנדערן: „זייער צופרידן אייך צו קענען". נאָר ווי אַזוי האָט ער יאָ געזאָלט געדענקען ווער איז דאָ ווער, אַז חוץ דער צעטומלעניש, האָט ער גלייך ביים אַריינקומען אין דער פריידיק־צערוישטער שטוב, זיך דערפילט שטאַרק געפאַלן צוליב דער הלבשה זיינער: אַ פּוילישע, ווינטערדיקע בעקעשע — אויבן געפּאַסט און אונטן, פון גאַרטל ביז די קנעכלען — ברייט־געפאַלדעוועט, ווי אַ ווייבע־רישע ספּודניצע. אין וואָרשע האָט ער געמיינט ער פאַרט קיין פּאַריז אויס־געקליידט אין בגדי מלכות. דאָ גאָר לאַכט מען אויס אים. אַ גאַנצע וואָך, אויפן פּלעצל, האָט עס אים נישט אַזוי שטאַרק געאַרט, דאָ אָבער, צו פּיליפּס אויפנעם, פילט ער זיך צו באַגראָבן אַ לעבעדיקער. מילא, די שטעטער פון די יונגע פרויען דאָ, זייערע באַלאָווע קליידער מיט טיפע דעקאָלטן אַזש העלפט פון די בריסטן זייערע זענען אַנטבלויזט ביז פאַר־שייטקייט. דערצו זענען זייערע פּנימער אַנגעפּודערט, אַנגערוזשט און די ליפּן — רויט און די אויגן אונטערגעפאַרבט גלייך זיי וואָלטן אַלע געווען אַקטריסעס נאָר־וואָס פון דער בינע אַראָפּ, אָט די שטעטער זייערע, האָבן אים נישט אַזוי געאַרט, נישט אים דערנידעריקט. אויף דעם זענען זיי דאָך פרויען, דערצו נאָך פאַריזשאַנקעס. אָבער די מענער! ער זעט דאָך אויס קעגן זיי אַ שלעפּער. אַלע זענען זיי אַזוי אויסגעפּיאַקעוועט! די האָר אויף זייערע קעפּ — מיט שרונטן אין מיטן, מיט שרונטן אין אַ זייט, צי גאָר פאַרקעמט אַהינטער, נאָר אַלע גלאַנצן זיי פון דער אָנגעשמירטער פּאָמאַדע, כאָטש נעם און שפּיגל זיך אין זיי ווי אין שפּיגלען. ערשט זייערע בעט־

געפּאַסטע אַנצעגער! זייערע פּעכלדיק ווייסע העמדער, די פאַרביקע שניפּ־סן, וואָס אין יעדן שטעקט אַ שפּילקע מיט אַ דימענטל, אַ פּערל, אָדער אַ שטיינדל פון בלויען סאַפּיר, צי גאָר אַ גרינער עמעראַלד, און ערשט די לאַקשיך אָדער ברוינע אַנגעלקעס אויף זייערע פיס! ווי קומט ער דאָ אַהער, נתן חיים, אין דעם געזעמל אַריין? איז ער טאַקע געווען זייער דאַנקבאַר דער בערניעס פאַר איר גיכן צופירן אים צו די עלטערן. ס׳אַלטע דור, זעט ער, איז נישט אַזוי פאַרפאַריזעוועט ווי דאָס יונגוואַרג. כאָטש אויך זיי, זעט ער, זענען נישט אין גאַנצן בייגעשטאַנען פּאַריז. ווי ביי די קינדער איז באַלד ביים אָנקומען געוואָרן פון אהרון — אנרי, פון פּנחס — פּיער, פון יוסף — זשאָזעף און די טעכטער: פון טויבע, ברכה און זעלדע, זענען געוואָרן — טערעז, בערניעס, זשאַנעט, אַזוי זענען אויך זיי, די עלטערן, מגולגל געוואָרן פון מרדכי אין מאַקס און פון רחל אין ראַשעל. כאָטש ס׳קליידונג זייערס איז נישט אַנדערש פון דעם קליידונג פון זייער גלייכן — די ליטוואַקעס אין וואַרשע. ווי יענע דאָרט, אַזוי טראָגט דער מ׳סיע לעווין דאָ אַ שוואַרצן סורדוט ביז די קני און די מאַדאַם ראַשעל — אַ ראָזאָווע זיידן קלייד מיט אַ גאָלדן קייטל אַרום פעטן האַלדז און אַ גאָלדן, אַראָפּ־הענגענדיק זייגערל אַזש ביז טיף אין הויכן ביוסט אַריין.

ערשט לעבן די צוויי עלטערע מענטשן, האָט ער, נתן חיים, זיך דער־פילט אַ ביסל היימישער, אַ ביסל זיכערער אין זיך.

— איר זענט ערשט ס׳ערשטע מאָל אין פּאַריז, האַ, לאַנדסמאַן? האָט דער מ׳סיע לעווין אים געפרעגט.

נתן חיים האָט געשמייכלט:

— אפשר ביי אייך איז פּאַריז מיט וואַרשע ווי אַ שטוב מיט אַן אַלקער. ביי אונדז, אין פּוילן, אַז מ׳וויל פאָרן קיין פראַנקרייך, איז עס ווי קריעת ים סוף!

— מיינט נישט, אַז ביי אונדז איז עס אַזוי גרינג. בלויז ביי אייער פריינד פיליפּ איז עס פּיף־פאַף, געכאַפּט און געפאָרן! האָט זיך די מאַדאַם ראַשעל אויף גיך אַריינגעמישט מיט אַ שטאָך אויף איר צוקונפטיקן איי־דעם. די מאַמע, זעט אויס, קען נאָך אַלץ נישט פאַרגעבן איר טעכטערלס „אויסוואַל״ זיין „רעוואָלוציע־אַוואַנטורע״, וואָס צוליב דעם האָט איר בער־ניעס, וואָס דעמאָלט איז זי שוין געווען אַריבער די צוואַנציק, געפּטרט נאָך דריי לאַנגע יאָר אין וואַרטן אויף אים.

— איר ווייסט דען וואָס דאָ האָט זיך געטאָן? האָט דער מ׳סיע לעווין צוגעהאָלפן דעם ווייב אין אירע טענות קעגן פיליפּן. — ווי נאָר ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין רוסלאַנד האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע,

אַז ס'איז אויס מיט ניקאָלייקען, אַז קערענסקי איז געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער, איז דאָ, צווישן דעם אָנגעפּאָרענעם יונגוואַרג אין פּאַריז, אַנגעשטאַנען אַזאַ גדולה, אַזאַ פרייד, ווי נישט אַנדערש נאָר משיח איז שוין געקומען! און איר מיינט, לאַנדסמאַן, אַז די פרייד האָט אַרומגעכאַפּט בלויז יענע פון רוסלאַנד? פון פוילן? שפּאַניער, איטאַליענער האָבן צוגלייך מיט אונדזערע אָנגעפּאָרענע יִדעלעך געטאַנצט אין די גאַסן און אַלע האָבן זיך געריסן קיין רוסלאַנד. אַ קלייניקייט? באַפרייען די וועלט! איינפירן סאָציאַליזם! נו, נו, האָט שוין דאָרט פיליפּ געהאַט סאָציאַליזם! מילא, די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן זיך אַזוי גיך אַריינגעכאַפּט אין זאָטל, וואָס קען מ'שוין פון זיי דערוואַרטן? אָבער די אַנאַרכיסטן? אין זיי האָט דאָך פּיליפּ געגלייבט ווי אַ פרומער ייִד אין רבונו של עולם און טאַקע כּדי זיי צו העלפן איז דאָך פיליפּ אַהינגעפּאָרן. האָבן אים זיינע אַנאַרכיסטן, די באַטקאָס פּעטליוראַ און מאַכנאָ, שוין איין מאָל געגעבן צו שמעקן אַנאַרכיזם. איר ווייסט דען וואָס די צוויי היידאַמאַקעס מיט זייערע הראָמאַדעס, האָבן דאָרט צעטאָן מיט די אוקראַיִנער ייִדן? וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אין פּראָסקוראָוו, אין אומאַן און אין קלענערע שטעטלעך? ווייַ צו אונדז, זיי האָבן דאָך געשאָכטן מאַמעס מיט קינדער, ווי מ'קוילעט קעלבער אין בוינע!

אין זייער פאַרצאָגטקייט האָבן נישט מ'סיע לעווין און נישט נתן חיים גאָרנישט באַמערקט ווי די מאַדאַם ראַשעל איז געהאַט אַוועק צו אירע טעפּ אויף דער פּליטע, אויך נישט אַז דאָס רוישיק־טומלענדיקע יונגוואַרג האָט זיך שוין אויסגעזעצט אַרום טיש, יעדער אויף זיין אָדער איר אָנגעוויזן אָרט. ערשט אַז טערעז, די אויסגעגעבענע טאָכטער, אַ דינע, אַ שלאַנקע, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע, זיידיק־צעכוואַליעטע האָר, פאַרקעמט אין אַ הויכן קאָקס, איז צו זיי צוגעקומען מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס און פרעגנדיקע הענט:

— נו, וואָס וואַרט מען? ערשט איצט האָבן זיך מ'סיע לעווין און נתן חיים אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טראַנס און גענומען נאָכגיין דער טערעזען צום טיש, — דאָ איז פּאַר פּאַפּאַ, האָט זי געוויזן דעם פאָטער אויף איינע פון די צוויי שטולן מיט הויכע אָנלען־ווענטלעך און אים, נתן חיימען, האָט זי צוגעפירט צו אַ שטול, אין דער אַנדערער זייט טיש, לעבן פיליפּן און בערניעס, וואָס מיט זיי קען ער זיך שוין און פילט זיך לעבן זיי היימיש.

נתן חיים האָט גענומען דעם סערוועט, אַ שיין צונויפגעלייגטער אויף אַ גרויסן טעלער מיט געגילדעטע רייפן אַרום דעם ראַנד, נאָר שטאָט אַכטונגטאָן ער זאָל דעם סערוועט ווי געהעריק אויסשפּרייטן אויף זיין שויס, זענען זיינע אויגן געלאָפן אַזוי זייטיקלעך פון איינעם צום אַנדערן אַרום

טיש. ער האָט געקוקט, נתן חיים, געשטוינט און געגאַפט. מאַמע קרוין! וואָס אויף דעם טיש איז אַלץ אָנגעשטעלט! און ווי געניט די אָדעסער אי־מיגראַנטן פאַרלייגן די ווייס־פעכלדיקע סערוועטן, גרויס ווי האַנטעכער. איין שפּיץ פון סערוועט פאַרשטופּן די מענער צווישן די צוויי אייבערשטע קנעפּעלעך פון וועסט, די דאַמען — אין טיף־אויסגעשניטענעם דעקאָלט און דעם סערוועט אַליין, אין זיין גאַנצער ברייט, שפּרייטן זיי אויס איבער די שויסן און מ'נעמט זיך צו דער אכילה אויפן עכט פראַנצייזישן שטייגער.

ער קומט איצט פון פוילן, נתן חיים. מענטשן וואַלגערן זיך נאָך איצט, אין דעם באַפרייטן פוילן שוין, אין די גאַסן, געשוואָלענע פון הונגער און דאָ — אַזאַ שפע! און ווו? אויפן אָרעמען, אימיגראַנטישן פּלעצל, ביי אַן אַלטוואַרג־הענדלער! אויך זיין טאַטע, יערמיע דוד, איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַן אַלטוואַרג־הענדלער. האָט דאָרט ווער געקענט חלומען פון אַזעל־כע גרויסע פּיקן געפילטע קאַרפּ? פון אַזעלכע פליישן? ערשט די וויינען און ליקערן און אַזוי פיל פאַרשידענע קעזן! און די פרוכט? גרויסע, רויט־אָנגעקוואָלענע פּאָמעראַנצן און וויינטרויבן — בלוילעך־רויטע און בלייך־גרינע און באַנאַנעס און אַנאַנאַסן און דאָס אַלץ נאָך אַזאַ מלחמה און אין מיטן ווינטער!

אָבער מער נאָך ווי איבער די עסנוואַרגן, האָט ער, נתן חיים, גע־שטוינט איבער די מענטשן אַרום טיש דאָ. אויסער דער זשאַנין, אַ קריס־טין, אַן אמתע פראַנצויזקע, זענען דאָ אַלע אָדעסער ייִדן און אין פּאַריז זענען זיי ערשט וואָסערע זעקס — זיבן יאָר, פיר פון זיי — מלחמה יאָרן. ווען זשע האָבן זיי געקענט כאַפּן דעם שניט פון דער פראַנצייזישער אכי־לה? און נאָך מער חידוש איז אים דער מ'סיע לעווין. ווו האָט דאָס דראָב־נע ייִדעלע גענומען אַזוי פיל ענערגיע, אַזוי פיל וואגעניש צו קענען, שיִער נישט ערב דעם אויסבראָך פון דער מלחמה, איינצופּאַקן זיין אָדעסער דלות, נעמען דאָס ווייב מיט אַכט קינדער, אַ הויזגעזינד, אַן עין הרע, פון צען נפשות, אָנהייבנדיק מיט אַ זון פון צוואַנציק און אַ מיידעלע פון צוויי צי דריי יאָר און מיט זיי אַלע זיך אַריינקריגן קיין פּאַריז און גלייך, אויפן פּלעצל דאָ, אַן געלט, אַן שפּראַך, זיך פאַרלייגן אַ „בוטיק", אַ געוועלבל הייסט עס פון אַלטוואַרגן און אַזוי גיך זיך איינהיימישן אי אין פראַנקרייך, אי אין פראַנצייזישן טיש־קאָדעקס. צום ערשט נעמט ער, דער מ'סיע לע־ווין, אַ גלעזעלע ליקער, אַן „אַפּעראַטיוו" רופן זיי דאָס, אויף צו מאַכן אַפּעטיט, דערנאָך טרינקט ער אַ ספּעציעלן וויַין בעת די פיש, אַ שנאַפּ־סעלע — נאָך די פיש. הרץ אַ רויטן טיש־וויַין, אין גלעזער גאַנצע, ווי וואַסער, בעתן גאַנצן עסן. און וואָס, אים, נתן חיימען, איז דאָ נאָך מער

חידושדיק: ווען האָט דאָס יידעלע מרדכי לעווין געגעסן אין אָדעס, ווי אַ פּאַרבייס נאָכן פּעטן שטיקל שפּאָנדרע — קעז? און זע נאָר ווי געניט ער ברעכט אָפּ אַ שטיקל פון דעם לענגלעכדיקן, ברוינלעך־אויסגעבאַקענעם, אַזוי באַטעמט, פראַנצייזישן ווייצן־ברויט, לייגט אויף דעם אָט אַ שטי־קעלע געלבלעכן קעז און באַלד — אַ שטיקעלע פון דעם בלוילעכן קעז, וואָס קרישלט זיך אַזש פון אַלטקייט, לייגט עס אַזוי פּאַוואָליע אין זיין מויל מיט די פּאַרגעלטע ציינער, דערביי מונטערט ער אים, נתן חיימען, אַריבערן אָוואַלן טיש.

— זשענירט זיך נישט, לאַנדסמאַן, פּאַרזוכט די קעזן, זיי זענען אַלע מלא טעם! איר מעגט זיך פּאַרלאָזן אויף די פראַנצויזן, זיי ווייסן שוין איין מאָל וואָס גוט איז!

# קאַפּיטל דריי

אַ היפּשע ווייל שוין, אַז נתן חיים שטייט אַזוי אָנגעשפּאַרט מיט אַן אַקסל אָן דער וואַנט פון זיין האָטעלכל, גאַפּיעט, קוקט און שטוינט. אויפן ראָג פון דער גאַס שטייט אַ רונדיק ביידל באַקלעפּט מיט אַפישן. דאָס ביידל איז אָן אַ דעכל און די הייך פון ווענטל אַרום, איז פון אַ מענטשנס אַקסל ביז זיינע קני. אים, נתן חיימען, זעט דאָס אויס צו זיין אַ קיאָסק פון אַ ציטונגס־פאַרקויפער, אָבער שטאָט נאָך אַ בלאַטצייטונג, ווערן הינ־טער דעם ווענטל אַריינפאַרלוירן מענער צו טאָן אַ לייכט, מענטשלעך־באַדערפעניש. שטייט ער און גאַפּט: אין מיטן אַזאַ געגיי און געפּאָר?

רעכטס פון זיין האָטעלכל איז אַ יאַטקע, נאָר שטאָט אַ שילד מיט אַן אויפגעמאָלטן אָקס, הענגט גאָר איבער דער טיר אַן אָפּגעגילדטער קאָפּ פון אַ פערד. שטוינט ער, נתן חיים, מענטשן עסן דאָ פערדנפלייש?

לינקס פון דעם האָטעלכל איז אַ פיש־געוועלב. האָט ער נאָך, זינט ער לעבט, אַזעלכע פיש נישט געזען. טייל פון זיי זענען רונד, לאַנג און ווייך ווי שלאַנגען. אַנדערע זענען פלאַטשיק, קורץ און ברייט, זייערע הויטן זענען אויף איין זייט ווייס ווי מילך און אויף דער אַנדערער זייט — ברוינ־לעך־שוואַרץ און קעפּלעך האָבן די פיש קלענער נאָך פון קליינע שילאָוו־קעס, נאָר וואָס אים, נתן חיימען, חידושן אָם מערסטן, זענען די שרצים. מילא, די גרויסע, רויטע ראַקעס וואָס דו ווייסט נישט וועלכעס ביי זיי איז דער קאָפּ און וועלכעס דער הינטער־חלק, זיי האָט ער נאָך געזען אין וואַר־שע אין דעליקאַטעסן־געשעפטן אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע, אויף דער ניי־ער וועלט, אָבער די קלענערע, די גרינלעך־ברוינע, וואָס ראַיען אַרום אין אַ קאָרב צווישן נאַסע ים־גראָזן, אַזעלכע האָט ער פריִער קיין מאָל נישט געזען און אַוודאי האָט ער נאָך קיין מאָל נישט געזען די אַלערליי שלימאַ־קעס, וואָס ער זעט דאָ, טייל פון זיי — רויטלעך־גרוי, נאַקעט ווי אָן הויטן און אַזוי גליטשיק! אַנדערע זענען פאַרמאַכטע אין טונקל־גרויע פאַנצער־שאָלן, און אַז דו צענעמסט די צוויי האַלבע שיסעלעך פון אַזאַ פאַנצערל, זעסטו אין דער בלענדיקער עמאַל־ווייסקייט אַ גרויע, ווייכע מאַסע, עפּעס גאָרנישט ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש. נאָך אַנדערע שרצים זענען אין לענגלעכדיקע געדרייטע מויערקעפּלעך. חידושט ער זיך, נתן חיים. מילא,

די גרעסערע שרצים זעט ער דאָך, מענטשן עסן זיי. אָבער די פּיצעלעך, געדרייטע מויערקעפּלעך, וואָס פּאַר אַ באַשעפעניש קען שוין זיין אין זיי? קומט אָבער צו אַ מאַן, הייסט זיך אָפּוועגן אַ פערטל, צי גאָר אַ האַלב פונט פון זיי, באַצאָלט און שוין נעמט ער אַ שפּילקעלע פון הינטערן לאַץ, גראַ־בלט אַרויס פון דער פּאַפּיר־טאָרבע אַ מויער־קעפּעלע און מיט דער שפּילקע ציט ער פון דעם אַרויס אַ דין ווערעמל, אַ צאַפּלדיקס און לייגט עס אין מויל אַריין, ווי דאָס וואָלט געווען אַ יאַדער פון אַ ניס. שטייט ער, נתן חיים, און הייבט די אַקסלען אין שטוינונג: אַ פרעמדע וועלט, דאָס פּאַריז!

ס׳איז צוועלף אין האַלבן טאָג. געוועלבניקעס אַרום אים פאַרמאַכן זייערע קראָמען. ס׳געגיי אין גאַס ווערט געדיכטער. דאָס רעסטאָראַנדל קעגנאיבער ווערט שנעל אָנגעפּילט מיט מענטשן. די גרינס און פּרוכט־פּאַרקויפערין אין ראָג, דעקט איבער מיט אַ ברעזענט איר וועגעלע מיט סחורה און גייט אויך אַריין אין רעסטאָראַנדל עסן מיטאָג. ווייל ס׳געסל דאָ איז שמאָל, זעט ער ווי די פרויען און מענער אין דעם רעסטאָראַנדל זעצן זיך אויס אַרום די טישלעך, ווייס־געדעקטע, מיט אַ טעלער און גע־שיר, מיט אַ פלעשל און אַ גלאָז לעבן יעדן איינעם. די געסט וויקלען פאַ־נאַנדער ווייסע סערוועטן ווי האַנטעכער די גרייס, פאַרדעקן זיך מיט זיי פון אונטערן האַלדז ביז אַריבער דער שויס און ער, נתן חיים, גאַפט און שטוינט: וואָלט אַ געוועלבניק אין וואַרשע, בפרט נאָך אַ זיצערקע מיט גרינס, וואָלטן זיי פאַרמאַכט אין מיטן העלן טאָג זייערע געוועלבער, פאַר־דעקט די שטעלכלעך און געגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן אויף צוויי שעה צייט צו עסן מיטאָג און צוטרינקען וויַין?

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגערל, נתן חיים, צייט צו גיין! באַגין, אויפן וועג פון וואָקזאַל, ווען די בערניעס און פיליפּ האָבן אים אַריינגע־שטעלט אין דעם „האָטעל ל׳עטראַנזשער״, האָט דער פריינד אים אָנגע־זאָגט, אַז פונקט האַלב איינס זאָל ער פון דאַנעט זיך אַריינדרייען רעכטס אויף רי דע ריוואָלי און נאָכן אָפּגיין צוויי קוואַרטאַלן, זאָל ער אויף ראָג רי דעז׳עקוף בלייבן וואַרטן. ער, פיליפּ, וועט דאָן צוקומען און דאָרט, אויף דער בירזשע פון די קאָסקעטיער, (די היטלמאַכער) וועט ער זוכן אין ווערלכער אַטעליע (ווערקשטעל) צו קריגן אַרבעט פאַר ביידן. איילט ער דאָס אַוועק פון האָטעלכל. אין דער האַלבער שעה וויל ער נאָך עפּעס עסן. ער וואָלט אַוודאי אויך געדאַרפט אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן אָפּעסן אַ לייטיש מאָלצייט, טאָגט אָבער אין קעשענע. איז ער, ווי אין דער פרי מיט דער בערניעס און פיליפּ, צוגעגאַנגען צו דער קאָפּע אויף ראָג רי דע ריוואָלי און, שטייענדיק ביים בופעט, זיך ווידער אונטערגעלענט ס׳האַרץ

מיט אַ ראָגעלע און אַ קאַווע. וואָס אַן אמת, די קאַווע אין דעם פּאַריז, בפרט די ראָגעלעך, צעגייען אין מויל. איז אָבער אַ צרה, קאַווע סערווירט מען נישט אין גלעזער, ווי אין וואַרשע, נאָר אין אַ קעלישעק אויף אַ פּיסל, פּונקט געננוג אויף דריי זופּ צו טאָן און דאָס ראָגעלע איז קוים אויף איין צאָן.

די בירזשע דאָ, אויף דער רי דע ריוואָלי, דערמאָנט אים, נתן חיימען, אָן דער אַמאָליקער בירזשע אין וואַרשע, אויף דער דזשיקע ראָג־וואָלינסקע, מיט דעם איינעם חילוק, וואָס אין וואַרשע אויף דער בירזשע האָבן די אַרבעטער געדאַרפט כּסדר זיך היטן קעגן אַ פּאָליציאַנט, קעגן אַ שפּיצעל, בעת דאָ, גייענדיק אויף צוויי שעה מיטאָג, דראַלעווען די אַרבעטער היין און צוריק איבער דער ברייטער גאַס פראַנק און פריי און, פאַרן קריקגיין צו דער מאַשין, כאַפּן טייל זיך נאָך אַריין אין אַ קאַפע אויסצוטרינקען אַ ליקער, אַ מאָל אַליין, אַ מאָל מיט אַ פריינד.

שוין ביים קריגן די ערשטע שטעלע דאָ צו דער אַרבעט, האָט נתן חיים איינגעזען, אַז די גרויסע פּאַריזער סינדיקאַטן, מיט זייער גאַנצן רעוואָ־לוציאָנערן טאַראַראַם, גרייכן נישט צו די קנעכלען פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען אין פּוילן. ווער אין וואַרשע האָט דאָס געהערט, אַז אַן אַרבע־טער, אַ שכיר־יום, זאָל דאַרפן ברענגען מיט זיך אַ קעפל פון אַ מאַשין ער זאָל האָבן אויף וואָס צו אַרבעטן פאַרן באַלעבאָס? באַקומט אים נישט די שטעלע, וואָס טויג אים דאָס אַרבעטפּלאַץ, אַז ער האָט נישט אויף וואָס צו אַרבעטן!

פיליפּ אָבער, דער פריינד זיינער, ביים אַראָפּגיין מיט אים די שטיגן, נאָכן צוגענומען ווערן צו דער אַרבעט, שמייכלט זיין לייכט, נישט־גע־זאָרגט שמייכעלע:

— און אַז איר ערגערט זיך וועט אייך דען העלפן? אַזוי איז דער איינפיר אין פּאַריז.

— אַ שיינער איינפיר, נישטאָ וואָס צו רעדן, טוט נתן חיים אַ ברום — אָבער ווו נעמט מען אַ מאַשין?

— ווו ער וועט נעמען. ז'עלןביידע אַריינגיין צו כאַמסקין, אַ מאַ־שיניסט דאָ, און זיך קויפן צוויי קעפּלעך.

— אַזוי? קויפן מאַשינקעפּלעך? שפּעט אים נתן חיים נאָך, — און געלט?

— אַנדערע קאַסקעטיערס מיינט איר, האָבן יאָ געלט? מ'נעמט אויף באָרג.

— דער מאַשיניסט קען מיך דען ער זאָל מיר באָרגן?

— ער דאַרף אײַך נישט קענען. מ׳זאָגט אים וווּ מען אַרבעט און שבת, נאָכן קריגן די שכירות, טראָגט מען אַרײַן אַ ראַטע און אַזוי יע־דער וואָך ביז מ׳צאָלט אויס פאַרן קעפּל.

נתן חיים האָט געהויבן די אַקסלען: ניין, די פּאַריזער אײַנפירן גע־פעלן אים נישט! כאָטש דאָס אַרבעטן אויף שטיק געפעלט אים יאָ. פאַר אַ ניי־אַרויפגעקומענעם באַלמעלאָכע איז דאָס בעסער, באַלעבאָס איבער זיך אַליין. שלעכט איז נאָר, וואָס דעם ניי־אַרויפגעקומענעם רוקט מען אַרײַן יענע פּעקלעך, וואָס ער קען אויף זיי אַרבעטן צעזעצטערהייט און פאַרדינען וואַסער אויף קאַשע. נאָר אַפילו דאָס נעמט ער פאַר ליב, נתן חיים, וואָס קומט אים אָבער דערויס, אַז גאָר גיך איז אים דאָס אַר־בעטן אין דער אַטעליע געוואָרן אַלץ שווערער. וואָס אַ טאָג ווייטער, זעט ער אַלץ מער אײַן אַז מיט פיליפּן אונטער איין דאַך איז אים אומ־מעגלעך צו זײַן. אמת, דער פיליפּ האָט מיט זיך צו טאָן. אַז ער האָט שוין יאָ דערלעבט צו זען בערניעס, ווילן זיי וואָס גיכער שטעלן אַ חופה און זיי לויפן אַרום זוכן אַ שטיקל וווינונג. איז אָבער איצט נאָך דער מלחמה! און דאָס געפינען אַ דירה, אַפילו אַ פינצטער לאָך, איז ווי גע־פינען אַ ליכטיקן אוצר. ווי ווייניק פּאַריז איז צעשטערט, ליגן דאָך אַ סך הײַזער אין חורבות. טייל הײַזער, אַלטע, היסטאָרישע זענען אײַנגעפאַלן בלויז צוליב דער שווערער קאַנאָנאַדע פון די דײַטשן. איז זיך דאָס אַלץ טאַקע אמת, דאָך קען ער פיליפּ גאָלדינען מער אין די אויגן נישט קוקן. מילא, זײַן נישט אָנהייבן אַפילו אָפּצוצאָלן פאַרן שטיינדל, ווי ער, נתן חיים, טוט דאָס, וואָלט ער שוין דעם פיליפּן פאַרקוקט. פאַראַן אַלערליי מענטשן אויף דער וועלט. ער, ווי זײַן טאַטע, קען נישט זײַן קיין בעל־חוב, שפּאָרט ער פון מויל און צאָלט אָפּ וואָס ער איז שולדיק. פיליפּ גאָלדין אָבער זוכט זיך תירוצים: אַז דאָ איז דער פרייז אויף ברילִיאַנטן געפאַלן, זאָגט ער דער סוחר אין וואַרשע האָט זיי אָפּגענאַרט. כאָטש ווי קען מ׳זאָגן אויף אַ מענטש, וואָס געטרויט דיר אַ דימענט קיין אויס־לאַנד, אָן אַן אונטערשריפט אַפילו, אַז ער איז נישט ערלעך, אַז ער האָט דיך גענאַרט? ס׳אַנדערע, זאָגט פיליפּ גאָלדין, דער חוב קען וואַרטן, קודם דאַרף ער עסן!

נאָר מילא, דער דימענטן־הענדלער איז אַ פרעמדער, אַ פרײַנדינעס אַ שוואָגער, אָבער ווי קען ער, פיליפּ גאָלדין, זיך אַזוי אָפּוואַשן די הענט פון אים, נתן חיימען, אַ פרײַנד, אַ חבר? געדענקט ער שוין גאָרנישט זײַן קומען קיין וואַרשע מיט דעם מלחמה־אַנטלויף, וואָס האָט זיך גע־טראָגן פון רוסלאַנד? ער איז דאָך דעם פיליפּן געוואָרן מער נאָך ווי

אַ לייבלעכער ברודער. כאָטש ער, נתן חיים, האָט דעם פיליפן פון פריער גאָרנישט געקענט, האָט ער גלייך, ווי דער סעקרעטאַר פון פֿאַראיין, גענומען זאָרגן פֿאַר אים מער ווי פֿאַר יעדן אַנדער באַדערפטיקן. קודם — אַ קוויטל אין באָד אַריין. דערנאָך — אַ בגד אויף זיין לייב. און אַז ער האָט שוין געהאַט אַ צורה פון אַ מענטש, האָט ער אים באַזאָרגט מיט אַ ביסל אַרבעט, מער ווי ס'איז דאַן געווען מעגלעך אין דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט אין וואַרשע. און נאָר דאָס? זיי האָבן דאָך געווינט אין איין צימער, געגאַנגען בייגאַנד אין טעאַטער, אין דער אָפּערע, צו אַ קאָנצערט אין דער פֿילהאַרמאָניע. צוזאַמען האָבן זיי געחלומט וועגן פּאַריז, איז אָט, גלייך פון דער באַן, האָט פיליפ שוין נישט געהאַט קיין צייט פֿאַר אים. אָפּגעוואָרפן אים אין אַ פּאַרוואַנצט האָטעלכל און שוין! אַפילו ביי דעם אויפנעם פֿאַר אים אין הויז פון זיינע שוויגער־עלטערן, האָט זיך דאָך פיליפ כמעט נישט אומגעקוקט אויף אים, כאָטש ער האָט וויל געוווּסט אַז אַלע רעדן דאָרט פראַנצייזיש און ער, נתן חיים, איז אַ פֿאַרלוירענער אין דעם געזעמל. אמת, ער איז פֿאַרכלינעט מיט דער בערניעס. און זי איז טאַקע אַ שאָנקייט פון אַ מיידל. איז דעריבער? זעט מ'שוין נישט קיין פריינד? וואָלט ער, נתן חיים, אויך אַזוי געהאַנדלט? און זיין עלקעלע איז זיכער מער שאָנקייט פון דער בערניעס!

אַוודאי, וואָלט ער נישט געווען נתן חיים, מיט אַ האַנערל ווי דער טאַטע זיינער, אָדער וואָלט כאָטש פיליפ נישט געווען אַזוי שעמעוודיק און ער וואָלט דרייסט און מיט שטעל אַ זאָג געטאָן: וואָס איז דער מער, פיינזילבער? וואָס עפּעס ברוגז? וואָלט מסתמא געקומען צו אַ פֿאַרהער און נאָך דעם איבערוועררטלען זיך וואָלטן די כמאַרעס זיך צעקראָכן און די פריינדשאַפט צווישן זיי וואָלט געבליבן פריינדשאַפט. איז אָבער ער — ער און פיליפ גאָלדין — פיליפ גאָלדין. איז די וואַנט צווישן זיי געוואַקסן, געוואָרן דיקער, העכער ביז ער, נתן חיים, האָט אַראָפּגעשרויפט דאָס מאַשינקעפל פון געשטעל און איז אַוועק פון דער אַטעליע. ער איז נישט פֿאַרלוירן געוואָרן אין ראָדעם, וואָס אַהין איז ער געקומען אַ קינד נאָך, אַליין ביי נאַכט, אָן אַ גראָשן אין קעשענע, וועט ער איך פּאַריז אויך נישט פֿאַרלוירן ווערן.

און אַז אַוועק, איז נישט בלויז פון דער אַטעליע, וואָס פיליפ גאָלדין האָט פֿאַר אים געקראָגן, נאָר אויך פון האָטעלכל, וואָס דער פריינד מיט זיין כּלה האָבן אים אַהין אַריינגעשטעלט. ביים דינגען פֿאַר אים אַ צימער אין דעם „האָטעל ל'עטראַנזשער", וואָס ער, נתן חיים, האָט באַלד משנה שם געווען אויף „ל'האָטעל דע וואַנץ", האָבן דאָך נישט די בערניעס און

נישט זיין פריינד פיליפ, נישט געפונען פאַר נייטיק זיך מטריח צו זיין אַרויף אויפן זעקסטן שטאָק צו זען וווהין זיי וואַרפן אים דאָ אָפּ. פאַר זיי איז געגנוג געווען די ריינגעוואַשענע, ווייסע, מאַרמאָר־שוועל ביים איינגאַנג און דאָס רויטע טעפּעכל אין דעם פּיצעלע „פאָיעלע", אַ טעפּעכל, אַזוי שמאָל, אַז ס'האָט שוין אויך געדינט פאַר אַ „כאָדניקל" אויף די ערשטע עטלעכע טרעפּלעך פון שטיגן־געלענדער, וואָס אַרויפקוקנדיק, האָבן זיי נתן חיימען אויסגעזען ווי אַ פּראָפּנציִער אויפצוקאָרקעווען אַ פלאַש ביר, צי אַ פלעשל שנאַפּס. זיי האָט נישט אינטערעסירט צו זען דאָס האַלב־טונקעלע צימערל, וואָס אַהין אַרויפגעפירט האָט אים די „קאָנסיערזשין", אַן עלטערע פראַנצויזקע מיט אַ ברייט־צעגאָסן, רויט־פאַרשיכּורט געזיכט. גייענדיק מיט דער וואַליזע הינטער איר, האָט ער, נתן חיים, זיך געחידושט ווי אַזוי די אַלטע פרוי קען דורכשלעפּן איר ברייט געזעס דורך די שמאָלע, געדרייטע טרעפּלעך. זיי, בערניעס און פיליפּ, האָבן אויך נישט געוווּסט אַז דורך די צוויי וואָכן, וואָס ער האָט געוווינט אין דעם „ל'אָטעל דע וואַנץ" האָט ער קיין אויג נישט געקענט צוטאָן, נאָר כּסדר געפירט מלחמה מיט די פליי און וואַנצן און אַוודאי האָבן זיי נישט געוווּסט אַז חוץ דעם ברייטן בעט מיט דעם מעשענעם קאַפּשטיק איז אין דעם צימערל גאָרנישט געווען, ווייל גאָרנישט מער האָט דאָ געקענט אַריין, אַז אויסטאָן זיך האָט ער געמוזט שטייענדיק אין דער האַלב געעפנטער טיר און אַריין אין בעט האָט ער געקענט נאָר דורכן אַריבערקריכן איבערן קאַפּשטיק.

אַרויפגענומען אים אין אַן אַנדערע „אָטעליע" און געקראָגן פאַר אים אַ צימערל אין אַ צווייטן האָטעל, האָט איינער, זשאַק ליבמאַן, וואָס מיט אים האָט ער, נתן חיים, זיך באַקענט אין אַ צייטונג און ביכער־געוועלבל אויף רי דע ראָזיע. ווי ער, אַזוי האָט אויך דער זשאַק ליבמאַן, נאָכן אָפּעסן מיטאָג, נישט אַרומגעדראַלעוועט איבער דער ריוואָלי און נישט געשטאַנען ביי אַ בופעט אין וועלכער קאַפע, אַריינצוכאַפּן אַ קאָניאַק מיט אַ פריינד, נאָר איז געקומען צו שפּייזמאַגנען אין צייטונג־געוועלבל נאָך אַ וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג", נאָך אַ „מאָמענט" און דערביי שוין געכאַפּט אויך אַ קוק אין אַ „צוקונפט" פון ניו־יאָרק, אין דער לאָנדאָנער „צייט". צו מאָל פלעגט ער אויך דאָרט קויפן אַ ניי־אָנגעקומען בוך פון פוילן, צי פון אַמעריקע.

דער זשאַק ליבמאַן, אויף אַ גוטן קאָפּ העכער און אפשר אויף צען יאָר עלטער פון אים, נתן חיימען, איז געווען זייער אַ בלאַסער, אַזוי בלאַס, אַז דאָס דין־אונטערגעשוירענע וואָנסעלע איבער זיין מויל, האָט

אויסגעזען אויסטערליש שוואַרץ. דערצו איז ער געגאַנגען איינגעבויגן און גערעדט האָט ער שטיל, געלאָסן און דאָס קול זיינס, אַ ווייך־סאַמע־טנס, האָט געהאַט אַ כריפעדיקן אונטערטאָן, ווי ביי די סוכאָטניקעס אין דער אָטוואָצקער סאַנאַטאָריע. נתן חיים איז געווען זיכער אַז דער זשאַק איז אַן „אַנגערירטער", אַז צוליב דער „אַנגעריר־טקייט" איז ער נישט געפאָרן קיין רוסלאַנד, צוגלייך מיט די אַנדערע, יונגע עמיגראַנטן, העלפן דאָרט אין דער רעוואָלוציע.

כאָטש אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַן אויסגעשפּראָכענער מענשעוויק, האָט דאָך דער זשאַק ליבמאַן געפייערט אויף אַלע, וואָס זענען קעגן די באָל־שעוויקעס:

— אמת, זיי האָבן נישט געטאָרט צעטרייבן די „קאָנסטיטואַנטע", האָט ער, שיִער נישט מיט געבעט אין זיין ווייך־הייזעריקלעך קול, איינ־געטענהט מיט נתן חיימען, — אָבער דאָס איז דאָך שוין אָפּגעטאָן, מעג מען איצט צוליב דעם קעמפן קעגן זיי? דאָס מיינט דאָך שעדיקן די רעוואָלוציע! מעג אַ סאָציאַליסט דאָס טאָן? אָט זיצט אין דער עמי־גראַציע דער חבר פּאַוועל אַקסעלראָד, דער גרויסער פירער פון רוסישן סאָציאַליזם. וואָס טוט ער דאָ? פאַרנעמט זיך מיט האַרשפּאַלטערייען: צי פירן די באָלשעוויקעס די רעוואָלוציע, יאָ לויט מאַרקסן, צי נישט לויט מאַרקסן. וואָלט נישט גלייכער געווען ער זאָל זיין אין רוסלאַנד און צו־זאַמען, דאָרט דינען דער אַרבעטער־זאַך.

ווי ער, נתן חיים, האָט מיט דעם זשאַק ליבמאַן נישט מסכּים געווען אין זיין באַנעמען דעם באָלשעוויזם, האָט ער דאָך נישט געהאַט קיין האַרץ אים צו דערווידערן, צו אַמפּערן זיך מיט דעם איידעלן, קראַנקן מענטש, בפרט נאָך אַז דער זשאַק איז עלטער פון אים, איז מער אָנ־געלייענט פון אים און ער רעדט דאָך אַזוי פליסיק רוסיש, פּויליש, פראַנ־צייזיש, חוץ דעם ווו איז דאַנקבאַרקייט? דער זשאַק האָט דאָך אים אַרויפגענומען צו זיך אין דער אַטעליע, האַלט אים לעבן זיך, אַ מאַשין לעבן אַ מאַשין, ווי ער וואָלט אים געווען אַ יינגערער ברודער. אַפילו פון דעם „האָטעל דע וואַנץ" האָט ער דאָך אים אַרויסגעראַטעוועט!

אמת, אויך דאָס צימערל אין איצטיקן האָטעל, איז נישט גרעסער ווי דלד על דלד, אָבער ער קען זיך כאָטש דורכשלייכן צווישן דעם בעטל און דער וואַנט אהין צום שמאָלן פענצטערל, אַ קוק צו טאָן אַרויף און זען דאָס לענגלעכדיקע קעסטעלע־הימל איבער דעם ענגן הייפל. אמת טאַקע, ער מוז אויך דאָ האַלטן די עטלעכע העמדער מיטן ביסל אונטער־וועש אין דער וואַליזקע, פאַררוקט אונטערן בעט, אָבער ער קען כאָטש

זיצן אויפן ברעג פון בעטל און, ווי די קני זענען געקווועלט צוליב דער וואַנט, קען ער דאָך אויף זיי האַלטן דאָס בלאָקל פּאַפּיר, אַנצושרייבן אַ בריוו צו עלקעלען אין ראַדעם, צו טאַטע־מאַמע אין וואַרשע און, וואָס נישט ווייניקער וויכטיק — ער ווינט נישט מער אויף דעם פאַרחושכטן „פלעצל״, נאָר אין דער הייטאָנער „קאַרטיע־לאטאן״, אַ טריט פון „סאַנט־מישעל״, דער בולוואַר, וואָס טאָג און נאַכט רוישט דאָרט מיט יוגנט, מיט לוסטיקן געזשום פון צענדליקער טויזנטער סטודענטן פון דער גאַנ־צער וועלט, וואָס אַלע ווינען זיי דאָ און לערנען אין דער „סאָרבאָן״, שפּאַצירן אַרום אין דערנעבנדיקן לוקסעמבורג־גאָרטן, וואָס אין אים זע־נען צעשטעלט אַזוי פיל פּרעכטיקע סטאַטועז און פאָנטאַנען, אַ גאָרטן מיט אַזוי פיל זעלטענע ביימער און געוויקסן, וואָס אָט־אָט וועלן זיי זיך צעבליִען אין אַ שפע פון גרינס און בלומען און יונגע מאַמעס וועלן דאָ זיך שפּילן מיט קינדער, אַרומהאָווען איבער די שיינע סטעזשקעלעך, איבער די פריש־אויפגעגרינטע לאָנקעס. אָט דאָ ערשט פילט ער דאָך, בתן חיים, אַז ער איז אין זיין אויסגעבענקטן, אין זיין אויסגעחלומטן פּאַריז!

## קאַפּיטל פיר

דאָס פּאַריזער פּלעצל לעבט ערשט אויף פּאַר האַלבן טאָג. געוועלב־ניקעס פאַרשעמערן דעמאָלט זייערע קראָמפּענצטער. דער אַלטער שפּייז־מאַן פאַרציט אויף ס'נײַ דאָס נאָכגעלאָזטע שטריקל פּאַר דער קראָמטיר, הענגט צוריק אַרויס די עטלעכע פאַרגעלטע צייטונגען, שטעלט גלייך די אָנגעוואָרפענע ביכלעך און ספרים אויף די פּאָליצעס, צעהענגט די טלית־קטנס, די בינטלעך ציצית. נאָך דעם שטויבט ער אָפּ דעם לאָדנטיש, קערט צו אַ ביסל אין געוועלב און אין דרויסן דאָס שטיקל טראָטואַר לענג־אויס זײַן געוועלב, איצט איז ער גרייט פּאַר זײַנע קונדן, וואָס אָט־אָט לאָזן זיי זיך אַרויס פון די אַטעליעס מיטאָג־עסן און דערנאָך טרעטן זיי אויך אָפּ ביי אים אין „בוטיק".

די גרעסטע מיחיה אָבער שטעלט זיך דעמאָלט אין די כשר־רעסטאָ־ראַנדלעך אויף רי דע ראָזיע, אויף רי דע'זעקוף, אויף רי וויע דו טאמ־פּל. מ'וואַשט דאָרט די פּאָדלאָגעס, מ'שפּרייט אויס פרישן האַלץ־זעגעכץ, וואָס שמעקט נאָך מיט די ריחות פון צעזעגטע סאָסנע־ביימער, פון אַל־כעס, פון ווייסע בעריאָזעס. די מאַדאַמען אין די רעסטאָראַנדלעך, מיטל־יעריקע ווייבער מיט הויכע ביוסטן און שווערע, שוין לויז־געוואָרענע אָרעמס, די קעפּ זייערע פאַרשפּאַרקעמט אין קאָקסן, אין אַרומגעלייגטע וואַלן, די דאָזיקע ווייבער פּאַדען איצט אַרום די פענצטער ביים אויס־שטעלן די פּולמעסאָקן מיט פריש־איינגעהאַקטע לעבערלעך, באַשפּרענקלט מיט ברוינע, געענדזענע גריוון, מיט שלענגעלעך איינגעריישטע ציבעלע, דעם פּולמעסאָק שטעלן זיי אין איין זייט פענצטער און אין דער צווייטער זייט — נאָך אַזאַ פּולמעסאָק מיט גרויסע פּיקן געפילטע פיש, יעדערס פּיקל באַצירט מיט אַ רויט רעדעלע מער. צווישן די צוויי גרויסע פּול־מעסאָקן צעשטעלן זיי קלענערע פּולמעסאָקלעך מיט שיף־געשניטענעם שמאַלץ־הערינג, מיט הינערנע לעבערלעך און פּופּיקלעך. ערשט אין סאַמע מיטן פון די אַלע פּולמעסאָקעס שטעלן זיי אַריין אַ גרויסן קליאַש מיט פּרוכט, אויפגעבויט אַזוי קונציק ווי אַ פּיראַמידע. אונטן — רויט־גליִיקע מאַראַנצן. איבער זיי — גרינע שמאַלץ־באַרנעס. העכער — גאָלדיק־געלע עפּל, אויף זיי — הענגלעך ווײַנטרויבן, בלוילעכע און

בלאָס־גרינע און אַרום דעם אַלעם — פיר באַנאַנעס, צעשטעלטע ווי פיר שומרים אין אַלע פיר זייטן פון דער פיראַמידע.

ווי די מאַדאַמען ביי די פענצטער, אַזוי שמייען די „גאַרסאָנס״ (קעל־נער) אַרום די טישלעך. אויף איינעם ניצעווען זיי איבער דאָס נעכטיקע טישטעך, אויף אַ צווייטן לייגן זיי אַ פריש־געוואַשנס און אַז די טישלעך זענען אויף זייערע ערטער, די שטולן ווי געהעריק אַרום זיי, כאַפּן זיך ערשט די קעלנער אַריין אין די טונקעלע הינטערגעוועלבן, וואָס צווישן דער קיך און עס־צימער, שטעלן זיך דאָרט פאַר אַ שטיקל שפּיגל און נעמען אויפפּוישן דעם יאָזש איבערן שטערן, גלייכמאַכן דאָס שרונטל, דאָס שוואַרץ־ריפּסענע שניפּסל איבער דער שטייפער, נישט איבעריק־ריינער פאַרלאַגע. דערנאָך נעמען זיי אַרום זיך אַ ווייסן סערוועט, ווי אַ פאַרטעכל איבער די הויזן, טוען אָן דאָס שוואַרצע „גאַרסאָן״־רעקל און שטעלן זיך ביים טיר־איינגאַנג, גרייט צו באַגריסן די שטאַמגעסט, וואָס עסן דאָ מיטאָג, טאָג־איין און טאָג־אויס.

איצט, פּינקטלעך פינף מינוט נאָך צוועלף אין האַלבן טאָג, הייבט זיך אָן דאָס געגייי איבערן פּלעצל. דורך צענדליקער טויערן און טירן פון די אַלטע, היסטאָרישע הייף און הייזער, נאָך פון לואי דעם פערצנטנס צייטן, נעמען שטראָמען אַרויס פון די פאַבריקלעך פון טריקאָטאַזש און שטריי־קערייען, פון דאַמען־טאַשן און מענער־היט, פון שוסטערייען און שניי־דערייען, פון אומעטום ציִען דאַן הונדערטער און טויזנטער אַרבעטער, מענער און פרויען, יידן און קריסטן. ווער עס איילט אַהיים צו זיך אויף מיטאָג און ווער אַראָפּ אין די רעסטאָראַנדלעך און, נאָך איידער די שטאַמגעסט זעצן זיך ווי געהעריק איין אַרום די טישלעך, שטייגט שוין אויף דאָס גערויש און געטומל, דאָס קלינגערייי פון געשיר און די אויס־רופן פון די קעלנער אין די קיכן אַריין; אויף האַלב יידיש און חצי פראַנצייזיש:

— אַון פיש אַוועק פּישיוך, סילוווּ פּלעי! אַון בויאָן אַוועק לאָקשן! אַון ביפסטייק אַוועק קישקע מיט פאַרפל!

פון מאָל צו מאָל קומט אויך ער, נתן חיים, אַריין אין וועלכן פון די רעסטאָראַנדלעך. ער וואָלט אַוודאי געוואָלט ליבערשט ווערן אַ שטאַם־גאַסט. אין איינעם פון זיי, האָבן דאָ, צוגלייך מיט אַלע שטאַמגעסט, זיין וועכנטלעכן־סערוועט, פאַרוויקלט ענג, אַרומגענומען מיט אַ האַלצערנעם רינג און דאָס געלאָזט פון טאָג צו טאָג אין איינעם פון די נומערירטע קעסטעלעך באַלד ביים אַריינקום. קען ער זיך אָבער דאָס נישט פאַר־גינען. אַ מיטאָג מיט בירגעלט פאַרן קעלנער, טרייבט אַריין אין וואָסערע

פינף פראַנק. אַוודאי, ווען ער איז ווי פיליפּ, וואָס ביי אים קומט דאָס עסן פאַר אַלץ, וואָלט אים זיין פאַרדינסט געקלעקט אויפן ביסל אויס־קומעניש, נישט חלילה געננג אויף צו קענען זיך קויפן אַ פּאָר שקאַר־פּעטקעס אויף צו פאַרבייטן די צעריסן־געוואָרענע. נאָך פון דער היים און אַוודאי וואָלט ער פון דעם פאַרדינסט נישט געקענט אָפּשפּאָרן אויף צו קויפן זיך אַ מאַנטל, אַפילו נישט קיין אַלטן, ער זאָל ענדלעך קענען אַרויסקריכן פון דער פּוילישער בעקעשע, וואָס ער פילט זיך אין איר צו שאַנד און צו שפּאָט. איז ער אָבער נישט ווי פיליפּ, קאַרגט ער זיך יאָ דאָס עסן צו קענען אָפּשפּאָרן עפּעס פאַר די קראַנקע טאַטע־מאַמע, וואָס ער האָט זיי געלאָזט ווי אויפן וואַסער. ער מוז אויך אָפּשפּאָרן פינף פראַנק אַ חודש אָפּצוצאָלן פאַרן שטיינדל. אַז פיליפּ האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרקויפן דאָס דימענטל מיט היזק, נאָר עס געלאָזט איינפּאַסן אין אַ גאָלדן רינגל, אַ כלה־מתנה פאַר זיין בערניעס, פאַר וואָס זאָל ער נישט האַלטן זיין שטיינדל פאַר עלקעלען? ער וועט דען קענען איר קויפן אַן אַנדער מתנה? ערשט די וועכנטלעכע ראַטעס פאַרן מאַשינקעפל? און די פינף פראַנק, וואָס ער צאָלט פאַרן לערנען זיך פראַנצייזיש פאַר איין לעקציע אַ וואָך. און אַ מענטש לעבט דאָך נישט בלויז אויף עסן און צאָלן חובות, ער מוז דאָך אַ מאָל אַ נאַש טאָן אויך! זיך אַריינכאַפּן אַ מאָל צו אַ פאַרשטעלונג אין דער אָפּערע, באַדיי שטייענדיק הויך אונ־טערן סופיט. און ווו איז אַ בלאַט־צייטונג? און אַ האַלבער פראַנק אויף אַריינצוגיין אַ מאָל אין לוווּר? קלעקט אים נישט אויף אַ פליישיק מי־טאָג יעדן טאָג. האָט ער זיך איינגעטיילט די וואָך אויף דריי מיטאָג־טעג און פיר נישט מיטאָג־טעג. כאָטש ער ווייסט אַז אין זיין האָטעל איז נישט דערלויבט אַריינצוברענגען עסנוואַרג, נעמט ער דאָך, אין די נישט־מיטאָג־טעג, אַרויף אין האָטעל־צימערל, אַ קליין ברויטל, אַ קע־זעלע, אַן עפּל אָדער אַ באַנאַנע.

ס'קען זיין, ווען ער עסט כאָטש אַלע דריי מיטאָג־טעג אין איין רעס־טאָראַנדל, וואָלט ער דאָרט, צוגלייך מיט די אַנדערע שטאַמגעסט, אויך געהאַט זיין נומערירט קעסטעלע מיט זיין סערוועט און ער וואָלט אויך פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ שטאַמגאַסט. שעמט ער זיך אָבער. אַז ער וועט אין רעסטאָראַנדל עסן בלויז דריי טעג אַ וואָך, איבערגעהיפּערט איין טאָג פון אַנדערן, וועט זיך ביים גאַרסאָן, דעם קעלנער־יונג, שטעלן אַ פראַגע: „ווו עסט דער פאַרשוין די אַנדערע דריי טעג?" אַזוי אָבער, אַז ער קומט יעדן מאָנטיק אין איין רעסטאָראַנדל, יעדן מיטוואָך — אין אַ צווייטן און יעדן פרייטיק — אין אַ דריטן, האַלט מען אים אומעטום

פאַר איינעם, וואָס איז נישט פון פלעצל, נאָר איז אַ גאַסט, וואָס כאַפּט זיך אַראָפּ איין מאָל אַ וואָך אין יידישן געגנט צו עסן אַ היימיש, כשר מאַלצייט און דער גאַרסאָן באַגריסט אים דאַן ווי אַן אָנגעלייגטן גאַסט. אמת, די שטענדיקע שטאַמגעסט גייט ער אַקעגן מיט אַ ברייטן: „באָן זשור מ׳סיע״ אַזוי און אַזוי, יעדן ביי זיין נאָמען און אים, צוליב דער בעקעשע, באַגריסן זיי אַ ביסעלע אָפּלאַכעריש: — באָן זשור מ׳סיע שליאַכטשיצו, אָדער באָן זשור שאַנאָווני פּאַניע!

איז איין מאָל אין רעסטאָראַנדל אויף רי דע ראָזיע, אַז ער האָט זיך שוין געפילט היימיש מיטן קעלנער, האָט ער, נתן חיים, זיך געפרעגט ביי דעם יונג אויף עפּעס, וואָס זינט ער איז אין פּאַריז, זוכט ער דאָס אַרום און ווייסט נישט ווו עס צו קריגן.

צו וואָס לייקענען? אַפילו די דריי פליישיקע מאָלצייטן אַ וואָך קען ער זיך אויך נישט פאַרגינען. כאָטש ער איז אַזוי אָפּגעצערט צוליב דעם הונגער אין דער לאַנגער מלחמה און אַ פליישיק מיטאָג טוט אים אַוודאי גוט, וואָלט ער זיך דאָך באַגנוגנט מיט אַ ביסל מילכיקס, ער זאָל קענען אָפּשפּאָרן נאָך עטלעכע פראַנק אַ וואָך. אַ מילכיק מיטאָג וואָלט אים געוויס געקאָסט אַ דריטל, וואָס אַ פליישיק מאָלצייט טרעפט אָן. וואָסי, אין דער היים האָט ער אַלע טאָג געגעסן פלייש? אַ שיסעלע רייז מיט מילך איז אַזוי שלעכט? ווער שמועסט נאָך ווען ער פאַרגינט זיך צו דעם אַ שטיקל פון די פאַריזער באַטעמטע ברייטלעך מיט אַ פראַנצייזיש שטיקעלע קעז? ווייסט ער אָבער נישט ווו דאָס צו קריגן. אין די רעסטאָראַנדלעך אויפן פלעצל סערווירן זיי נישט קיין מילכיקס. האָט ער איין מאָל זיך אונטערגעשטעלט און געפרעגט דעם גאַרסאָן: „ווייסט ער אפשר ווו ער וואָלט געקענט קריגן אַ ביסל מילכיק עסן? כאָטש אַ גלאָז מילך״?

ער איז געוואָרן צעטומלט, נתן חיים, פשוט דערשראָקן פון דער איבערראַשונג, פון דער פאַרלוירנקייט, וואָס זיין פרעגן אויף אַ גלאָז מילך, האָט אָנגעיאָגט אויף דעם קעלנערס געזיכט, ווי ער האָט זיך גע־נומען אָפּרוקן פון אים, גלייך ער, נתן חיים, וואָלט געווען אַ מצורע און ווי באַדויערלעך ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף אים, דער גאַרסאָן, דערביי האָט ער גערעדט מער צו זיך ווי צו אים, נתן חיימען:

— אַזוי, איצט איז אים קלאָר, איצט פאַרשטייט ער שוין!

דער זשאַרזש, דער קעלנעריונג, האָט, זעט אויס, פון אָנהייב אָן געהאַט אַ חשד אויף אים, „דעם פּאָליאַק אין דער בעקעשע״, צוליב זיין קיין מאָל נישט באַשטעלן קיין פלעשל וויין צום מיטאָג. דעם גאַרסאָן

איז נעבעך גאַרנישט איינגעפאַלן אַז זיין, נתן חיימס נישט נעמען קיין ווײַן איז פשוט: ער קען זיך נישט פאַרגינען די דרייסיק סאַנטים, וואָס אַ פלעשל ווײַן קאָסט. איינגעפאַלן איז אים גאָר, דעם קעלנעריונג, אַז דער „פאַליאַק" טרינקט נישט קיין ווײַן צוליב „יענער זאַך". וואָרעם ווער אין פאַריז ווייסט דאָס נישט אַז אויב איינער היט זיך אויס פון ווײַן, איז אַ סימן אַז ער איז „אַריינגעפאַלן", אויב נישט מיט די רעכטע־געדעכטע „סיפיליס", האָט ער אַוודאי זיך אָפּגעשפּאַרט אַ טריפּערל, אַ שאַנקער. נאָר כאָטש ער האָט אַזוי געטראַכט, איז ער אָבער נישט געווען זיכער אין דעם. איצט אָבער, אַז דער „פאַליאַק" האָט זיך שוין נישט געשעמט און אים אַזוי זייטיקלעך און שטילערהייט געפרעגט ווו ער קען קריגן אַ ביסל מילכיקס, אָדער גאָר אַ פלעשל מילך, זעט ער דאָך אַז „די בראָך איז פאַרטיק!"

— אַזוי גאָר? איר דאַרפט שוין 606? איז דער זשאַרזש אַרויס מיט לשון. — זענט איר דאָך אַן אָפּגעקאָכטער! וואָס זשע שווייגט איר? איך זאָג אייך, לאַנדסמאַן, די מילך וועט אייך העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס! פאָלגט מיך, גייט שוין אַריין צו אַ דאָקטער, וואָרעם דאָס איז אַן אַנשטעקנדיקע קרענק!

פריִער, כּל זמן דער זשאַרזש האָט געברומט אין דער שטיל, האָבן די עסער אַרום גאַרנישט געהערט און גאַרנישט פאַרדעכטיקט. יעדער פון זיי איז געווען אַריינגעטאָן אין זיין טעלער אַכילה, אין זיין בלאַט־צייטונג. איצט אָבער אַז דער קעלנעריונג איז אַרויס מיט לשון הויך, אויפן קול, האָבן די מענטשן, נישט בלויז אַרום זיין, נתן חיימס טישל, נאָר אויך יענע פון עטלעכע אַרומיקע טישלעך, האָבן אויפגעהויבן די קעפּ, אָנגעשטעלט מויל און אויערן אַהער צו אים, נתן חיימען. עמעץ האָט אויך אַ לאַכעלע געטאָן:

— שוין? ער איז דאָך נאָר־וואָס געקומען קיין פאַריז! דערביי האָט יענער זיך גענומען רוקן מיט דער שטול אויף היגטערווײַלעכטס און באַלד האָבן אויך אַנדערע זיך גענומען אָפּרוקן און איידער ער האָט זיך רעכט געכאַפּט, נתן חיים, וואָס דאָ קומט פאָר, איז ער שוין געווען איי־נער אַליין ביי זיין טישל, מיט אַזאַ דערדריקנדיקער ליידיקייט אַרום אים.

ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבן באַנעמען דעם גאַרסאָנס רייד, זיין שאָקלען מיטן קאָפּ און דער חשד, וואָס ער האָט דאָ ביי אַלעמען אַרויס־גערופן צו אים. נישט נאָר פאַרשעמט, אַ ביטערקייט איז אים אָנגעלאָפן אין מויל. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? פאַרענטפערן זיך? זאָגן אַז אומזיסט און אומנישט איז מען אים דאָ חושד? ווער וועט אים הערן און ווער

וועט אים גלייבן? איז ער אויפגעשטאַנען פון שטול, אַ שליידער געטאָן דעם סערוועט און, מיט אַ פאַראַכטנדיקן בליק צום קעלנעריונג, גיך אַרויס פון רעסטאָראַן.

דער בליק פון פאַראַכטונג צום גאַרסאָן האָט אים אָבער נישט באַ־רויִקט. ערשט אין דרויסן האָט זיך די צעטומלעניש אין אים צעפּעכערט און אַ גרויל געמישט מיט שרעק איז אין אים אויפגעגאַנגען. אמת, איצט איז דעם זשאַרזשס חשד אַן אומזיסטער, אָבער די סכּנה דאָס זאָל ווערן רעאַל איז דאָך דאָ. זי לויערט דאָך אויף אים פון אַלע ווינקלען! דאָס פּרויענלײַב שרייט דאָך צו אים פון אַלע זייטן, פון יעדן גאַסנווינקל, אַפילו פון פענצטער, פון שטאָקן־אַראָפּ רופט עס און מאַניעט, לאָקט און רייצט. און ער איז דאָך דאָ אַליין און דער כּוח הדם איז אַזוי שטאַרק. לאָזט אים נישט צו רו, טרייבט אים, ברענט דאָס ליילעך אונטער אים, און ס׳האַרץ ציט, בענקט נאָכן באַריר, נאָך דעם צאַרטן אַרומנעם, נאָך אַ צערטל פון אַ מיידלס האַנט. עמעץ האָט אים פּלוצים אַ שטופּ געטאָן:

— צום טײַוול! וואָס שטייט ער אַזוי פאַרמוחט? דאָס טראָטואַרל איז אַזוי אויך שמאָל!

נאָך אַלץ פאַרטראַכט, צעטראָגן, איז ער אַראָפּ אין מיטן וועג, נישט געדענקט דעם שטויס פון פאַרבייגייער, נישט געהערט דאָס שרייען פון אָנטרייבער פון אַן אָנגעפאָרענעם וואָגן אַראָפּ: — מ׳סיע! איר זענט דול? פאַרריקט? איר ווילט איבערגעפאָרן ווערן?

ערשט איצט איז ער צוריק אַרויף אויפן טראָטואַר, נתן חיים, גע־ברומט צו זיך אַליין:

— אַ פרעמדע וועלט דאָס פּאַריז, דערביי האָט ער אונטערגעהויבן די פּאָלע פון דער בעקעשע, אַ קוק געטאָן אויף דער ניקלנער ציבעלע:

— שפּעט! און שוין, אומגעגעסן, גענומען אײַלן קריק אין דער אַטעליע צו דער אַרבעט.

## קאַפּיטל פינף

עס איז זונטיק באַגין, אַנהייב מײַ. שטיל. דער לאַטײַנישער קוואַרטאַל שלאָפט. אויבן, אַריבער די דעכער, גייט אויף אַ נײַער טאָג. יונגע זונ־שטראַלן צינדן די שויבן אין הויכע שטאָקן און דאָ, אין דער נידער, איבער די ברייטע טראָטואַרן פון סאַנט־מישעל, הויערט אַ פאַרטאָגישע טונקלקייט. די פײַכטקייט פון נאַכטיקן טוי גלאַנצט אויף די וויקל־דעכלעך פון די קאַפעען, פאַרמאַכטע נאָך. די טישלעך זײַערע — צערוקט, די שטולן — צעוואָרפן און ער, נתן חיים, אַליין איבערן ברייטן טראָטואַר, אַ גרינגער, אַן אויסגעטאָענער פון דער פוילישער ווינטער־בעקעשע, גייט זיך פּאַוואָליע, מיט ווייכע, בנעימותדיקע טריט, נישט צו שטערן די שלווה אַרום אים, און נישט די מנוחה אין אים.

יעדן זונטיק באַגין אַזוי. ווי נאָר די פּאַריזער מאַרצאָווע רעגנדלעך, קאַלטע און עסנדיקע האָבן אויפגעהערט, נעמט נתן חיים מיט זיך אַ בלאָקל פּאַפּיר, אַ פולע פּליספעדער מיט טינט און גייט אין לוקסעמבורג־גאָרטן ווייטער שרײַבן זײַן בריוו צו עלקעלען אין ראָדעם. אין גאָרטן איז נאָך שאָטנדיק טונקל און קיל און זעלטן אַ מענטש דאָרט. די יונגע מאַמעס מיט זייערע קינדערלעך שלאָפן נאָך אין זייערע ווייכע, אויסגעוואַרעמטע בעטן, חלומען יונג־מאַמעשע חלומות. חלומט אויך עלקעלע איצט? פון וואָס חלומט זי?

ניין, ער זעצט זיך נישט אויף די אַלגעמיינע בענק, נתן חיים. די מענטשן, וואָס זעצן זיך דערנעבן און יענע וואָס שפּאַצירן פאַרבײַ, שטערן אים די רו. דערצו נאָך האָט ער זייער נישט געערן צו זיצן אין די ברייטע אַלייען, אויף בענק, צוגעפּעסטיקטע צו איין אָרט, איז ווי דאָס אָפּצאָלן צוויי סו פאַרן זיצן אויף אַ באַזונדערער שטול פאַלט אים שווער, נעמט ער דאָך אַזאַ שטול, וואָס פיל פון זיי זענען צעשטעלט אויף די לאָנקעס, הינטער ביימער, און ציט זי נאָך זיך איבער די פײַכטע, ווייכע סטעזש־קעלעך, אַהין צו זײַן אָפּגעקליבן פאָנטאַנדל — אַ ווײַסע מאַרמאָר־סטאַטוע פון אַ יונג מיידל מיט אַן אָנגעבויגענעם קרוג אויף איר אַקסל, שטייט דאָרט און לאָזט פון דעם קרוג שטראָמען פריש, קאַלט וואַסער אין מאַר־מאָרנעם בעקן לעבן אירע באָרוועסע פיס.

שוין ביים ערשטן מאָל צוקומען אַהער איז נתן חיים געווען פאַרגאַפט. גאַט אין הימל, ווי ענלעך דאָס סטאַטוע־מיידל איז צו עלקעלען. עלקעלעס שמייכל, עלקעלעס צעלאָזטע האָר איבער איר שיינער פּלייצע, איבער אירע געטאַקטע אַקסלען, האַלב אַנטבלויזטע און דאָס קליידל אויף איר — גענוי אַזאַ זומערדיק לייכט, ברייט געפאַלדעוועט קליידל ווי עלקעלעס.

זיצט ער דאָ, נתן חיים, אין די זונטיקדיקע פרימאָרגנס און שרייבט, טראַכט, חלומט. אַוודאי וואָלט אים ליבער געווען, שטאָט איר בלויזער ענ־לעכקייט, זאָל דאָ עלקעלע אַליין זיצן, ער זאָל קענען רעדן מיט איר, טיילן מיט איר זיינע חלומות, זיינע איבערלעבענישן אין דעם שיינעם פאַריז. איז אָבער עלקעלע אין ראַדעם און ער איז דאָ און ער מוז אָפּ־קומען מיט בלויז שרייבן צו איר אַ לאַנגן בריוו, וואָס יעדן זונטיק שרייבט ער אַ ווייטערדיקן טייל. אין די פריִערדיקע עטלעכע זונטיקן האָט ער איר געשריבן ווי אים איז דערגאַנגען דער וועג פון פוילן אַהער, קיין פראַנקרייך, ווי נישט שיין זיין פריינד פיליפּ האָט קעגן אים געהאַנדלט, ווי צוליב אים, פיליפּן, איז ער אַוועק פון זיין אַרבעטפּלאַץ, אַפילו פון זיין פריִערדיק צימער איז ער אַוועק און איצט וווינט ער אין אַ הייטאַנעם געגנט, לעבן דער סאָרבאָן אוניווערסיטעט, נישט ווייט פון באַרימטן לוק־סעמבורג־גאָרטן, ווו ער זיצט דאָס איצט ווידער און הייבט אָן שרייבן צו איר אַ ווייטערדיקן טייל פון דעם בריוו, דאָס מאָל ווי ער פאַרברענגט אין פאַריז זיינע פרייע טעג, זיינע אָוונטן.

ער שפּאַרט אָן די שיכשפּיצן אויפן מאַרמאָרבעקן, נתן חיים, לייגט אַוועק דאָס פּאַפּיר־בלאָקל אויף די קני, עפנט די פליספעדער, גאַפּיעט אַ ווייל אויף די גאָלדפישעלעך אין וואַסער, אויף די קליינע, פאַרביקע טשע־רעפּאַכלעך, וואָס שווימען אַרום, קריכן אַרום אין דעם פליטקען וואַסער פון מאַרמאָרבעקן, באַלד קערט ער אום צוריק די אויגן צום בלאָקל פּאַפּיר און נעמט שרייבן:

„געדענקסט אפשר, עלקעלע טייערע, פאַראַיאָרן — ווינטער, ווען ביסט געקומען מיט דיין מאַמעשי קיין וואַרשע און מיר זענעןביידע געגאַנגען אין דער אָפּערע אויף קאַרמען? דו האָסט נאָך יענער פאָרשטעלונג גע־זאָגט אַז דו קענסט זיך גאַרנישט פאָרשטעלן ערגעץ אויף דער וועלט זאָל זיין אַזאַ פּרעכטיקע אָפּערע ווי די וואַרשעווער. עלקעלע טייערע, וואָלסט געדאַרפט אַ קוק טאָן אויף דער פאַריזער אָפּערע, כאָטש פון דרויסן זי זען. נאָר די פראַנצויזן האָבן געקענט אויפשטעלן אַזאַ פּרעכטיק געביי! און אויף אַזאַ הערלעכן פּלאַץ! די פאַריזער אָפּערע איז נישט אַריינגע־

קוועטשט צווישן הייזער מיט קראָמען, מיט האַנדל און וואַנדל, ווי עס איז די וואַרשעווער אָפּערע. אַ ווונדערלעך קונסט־טעמפּל אין איר געבוי, שטייט די פּאַריזער אָפּערע איינע אַליין אויף אַ ריזיקן פּלאַץ מיט צוועלף ברייטע, הערלעכע בולוואַרן, וואָס לויפן אָן פון אַלע זייטן צו איר און אַרום איר. ערשט ווען דו קומסט אַריין אינווייניק, עלקעלע קרוין! דו דאַרפסט זען די ברייטע, ווייסע, מאַרמאָר־טרעפּ, די געמעלן אויף די ווענט און אויפן סופיט אין פּאָדערזאַל, וואָס אין אים פּאַראַדירן רונד אַרום די הערן און דאַמען בעת די אַנטראַקטן צווישן איין אַקט און צווייטן. ערשט אינווייניק, אין דער אָפּערע, די געמעלן דאָרט, די פינקלענדיקע קאַנדעלאַברעס און זשיראַנדאָלן און די הערלעכע זינגער, וואָס זיי האָבן דאָ! פרעג שוין גאָרנישט וואָסער פּראַכט דאָ איז און ערשט די פּאַריזער מוזייען?

דעם „זאַכענטאַ שטוק פּיענקניך” אין וואַרשע דערמאָנסטו זיך געוויס, געדענקסט ווי מיר זענען דאָרט ביידע געשטאַנען פאַרגאַפט און פאַר־כאַפּט איבער אַלערליי געמעלן, איבער מאַטעיקאָס פּוילישע לאַנדשאַפטן? איצט שטעל דיר פאָר אַז דער הערלעכער „זאַכענטאַ” וואָלט זיך נישט געפּאַסט צו זיין אַ פּעדערהויז פון פּאַריזער לוווּר. ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען אין לוווּר, בין איך געוואָרן אַזוי צעחושט, אַזוי דערשטוינט, אַז כ'האָב נישט געוווּסט ווו פריִער צו קוקן, וואָס פריִער צו זען. שוין דער פאַרנעם פון דעם געביי, די לענג פון די זאַלן! בלייבסט אָן אָטעם פון זייער שיינקייט. ערשט די געמעלן אויף די ווענט און אַזוי פיל! טייל מענטשן אַז זיי באַצאָלן דעם האַלבן פראַנק איינגאַנג, ווילן זיי אַלץ זען אויף איין מאָל. לויפן זיי פון בילד צו בילד, נאָר אָסור מיר צי זיי זעען בכלל עפּעס. איך? דו געדענקסט דאָך, אַז אַ געמעל פאַרכאַפּט מיין אויג, שטעל איך זיך אָפּ קוקן דערויף. ווען דו ביסט דאָ מיט מיר, וואָלסטו ווידער געזאָגט, ווי דאַן אין „זאַכענטאַ”, אַז איך האַלט שבת אויף איין בילד. ס'איז אָבער פאַרפאַלן! נאָר אַזוי, מיין טייערע עלקעלע, דאַרף מען זען אַ געמעל. ס'איז עלעהיי אַ וואַלד. אַז קומסט אַריין אין אַ וואַלד, זעסטו דעם וואַלד, אָבער נישט קייןביימער. כדי צו זען אַ בוים, אַ ליפּע, אַן אַלכע, אַ דעמב, צי גאָר אַן איינפאַכע סאָסנע, מוזסטו זיך אָפּשטעלן ביי דעם איינעם בוים און זיך גוט איינקוקן אין אים, זען זיין קאָרע, דעם פאָרעם פון זיינע בלעטער, דעם פאַרנעם פון זיינע צווייגן, דאַרפסט אויך איינאָטעמען דעם באַזונדערן גערוך, וואָס יעדער בוים גיט פון זיך אַרויס. איז אויב ביי אַ בוים — אַזוי? אַ פשיטא שוין מאַלערייַ!

מאָל דיר טייערע אַז קיין סך האָב איך נאָך אין דעם פּאַריז נישט גע־

זען. מ׳קומט אין אַ פרעמד לאַנד, אַ פרעמד לשון, דערצו נאָך אַן פריינד, אַן אַ קרוב, געדויערט היפּש־לאַנג איידער דו געפינסט ווו אויס און ווו איין. פון דעסטוועגן בין איך שוין עטלעכע מאָל געווען אין לוווּר און פון דעם, וואָס איך האָב שוין געזען, האָב איך אַ סך געלערנט. ווו האָב איך אין פוילן געהערט פון די „אימפּרעסיאָניסטן״? עלקעלע קרוין! קענסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ווי פאַרכאַפּט איך בין פון זייערע געמעלן. איינער פון זיי, מאָנעי הייסט ער, מאָלט בלומען, פילסטו, דאַכט זיך, די באַזונדערע גערוכן פון די רויזן, פון די ליליען, פון די נעלקן, ערשט זיינע פאַרבן! און ווי ביי דעם מאָנעי, אַזוי האָב איך פאַרלוירן ס׳לשון קוקנדיק אויף אַ „פּאַסטאָראַל״, ווי זיי רופן אַזאַ לאַנדשאַפט. דאָס איז אַ געמעל פון אַ מאָלער פון אַ פריִערדיקער צייט פון די „אימפרעסיאָניסטן״, דע לאַ קרוא הייסט ער. איך קען דיר נישט אויסמשלען, וואָס איך האָב איבערגעלעבט ביים זען דאָס בילד. שטעל דיר פאָר אַ פאַרנאַכט אין אַ פעלד. אין הינ־טערגרונט — אַ לאַנקע, דערנעבן אַ וואַלד, אַ סאַזשלקע און צוויי קי. וואָס איז דאָ אַזוי אויסטערליש? זענען שוין אָבער אַוועק וואָכן און איך קען אַלץ נישט פאַרגעסן דעם פחד, וואָס הויערט איבער די צוויי קי, דעם טרויער אין זייערע אויגן. גאָט אין הימל! ווי אַזוי האָט דער מאָלער גע־קענט מיט פאַרב און פענדזל אָניאָגן אַזוי פיל שרעק אין אַ שטום באַ־שעפעניש? איז עס די שרעק פאַר דער נאַכט, וואָס לאָזט זיך אויף זיי אַראָפּ פון אַלע זייטן? נאָר אפשר גאָר איז דאָס דער פחד פאַרן שוחט מיט זיין חלף, וואָס שטייט פאַר די תּמימותדיקע אויגן פון די צוויי פיר־פיסיקע בעלי־חי?

אָבער מער נאָך צענומען האָבן מיך די געמעלן פון אַ שפּאַנישן מאָ־לער, על גרעקאָ, הייסט ער. דו דאַרפסט זען די מאָנאַכן, וואָס דער מאָלער האָט אויפגעמאָלט. דו מיינסט דאָס זענען די פוילישע, אָנגעפרעסענע גלחים מיט די רויטע קאַרקן און פעטע גוידערס? דעם על גרעקאָס מאָנאַכן זעען אויס צו זיין הימלישע וועזנס מיט אויסגעליטענע פנימער, מיט טיפן טרויער אין זייערע אויסגעבענקטע אויגן, אויגן, וואָס גאַרן אַרויף אין די הימלען, אַרויף צו גאָט.

און ווי אַזוי, מיין טייערע, פאַרברענגסטו די צייט? אַז דו גייסט אין שקאָלע, דאָס ווייס איך, אָבער נאָך דער שקאָלע? און מיט וועמען טרעפ־סטו זיך אין די אָוונטן? נאָך אַלץ מיט דעם יאָסעלען? מיט דעם שמוי־גער, דעם גאָרנישט! און וואָס לייענסטו? מיר איז דאָ, אין אַ ביכער־געוועלב, געקומען צו האַנט אַ דינינק ביכעלע פון אַן אינדישן דיכטער, ראַבינדראַנאַט טאַגאָר. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? עלקעלע טייערע, איך בין

באַרוישט פון דעם פּאָעט. הלוואַי וואָלסטו דאָ געווען. מיר וואָלטן איצט ביידע געזעסן דאָ, אין לוקסעמבורג־גאָרטן, לעבן דעם פּרעכטיקן פאָנטאַן מיט דער ווייס־מאַרמאָרנער סטאַטוע פון אַ יונג מיידל, וואָס זעט אויס פּונקט ווי דו און איך וואָלט פאַר דיר געלייענט דעם טאַגאָרס לידער. זיי זענען איבערגעזעצט אין ייִדיש און דו לייענסט דאָך אַלץ נאָך נישט קיין ייִדיש, אוי עלקעלע, עלקעלע, ביסט נאָך אַלץ אַ גויע, אַן אַנטיסעמיטקע אויף אַ ייִדיש אות״!

אַן עלטערער מאַן מיט אַ קאָפּ גרויע האָר און שווערע, גרויע וואָנ־סעס, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ צוגעשלעפּטער שטול לעבן דעם פאָנ־טאַנדל, פּונקט קעגנאיבער אים, נתן חיימען, און גענומען וואַרפן קרישקע־לעך ברויט צו די גאָלד־פישלעך אין וואַסערל פון דעם מאַרמאָרבעקן. אין דער שלווהדיקער פרימאָרגן־שטילקייט האָט דער קוים, קוימיקער געפּליעסק פון די געוואָרפענע קרישקעלעך אין וואַסער, זיך אַנגעשלאָגן אין זיין גע־הער און איבערגעריסן דעם פלוס פון זיינע געדאַנקען, פון זיין שרייבן, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, נתן חיים, און געבליבן זיצן מיט דער פען אין האַנט אַ פאַרגאַפיעטער — דאָ אויף דעם מאַן, באַלד אויף די גאָלד־פישלעך, אויף זייער געיעג נאָך די ברויט־קרישקעלעך.

נאָך אַ ווייל אַזוי גאַפּיען האָט ער צוריקגעקערט דעם בליק צום פּאַ־פּירבלאַקל אויף זיין קני, וואָס האָט ער דאָ אָנגעשריבן? ער האָט צו־ריקגעמישט די עטלעכע באַשריבענע בלעטלעך, געלייענט און געבליבן זיצן פאַרטראַכט: דעם בריוו גייט ער שיקן צו עלקעלען? שיינדעלע, על־קעלעס מאַמעשי, נעמט דאָך איבער זיינע בריוו פון פּאָסט־טרעגערס האַנט, עפנט זיי קונציק, לייענט זיי פאַר פאַר איר אַברמעשי און ביידע באַ־טראַכטן גוט צי זיי זאָלן גאָר דעם בריוו איבערגעבן צו דעם אָפּגעציטערטן טעכטערל. איז וואָס וועלן שיינדעלע און אברמעשי, די צוויי פּשוטע קרע־מער דאָרטן, טראַכטן ביים לייענען דעם בריוו? זיי וועלן דאָך גאָרנישט וויסן וועגן וואָס ער רעדט דאָ. זיי וועלן נאָך מיינען אַז ער איז חסר דעה, אַראָפּ פון זינען:

— ניי, אַברמעשי, וועט שיינדעלע אין מיטן לייענען, אָנשטעלן אירע שלויע אויגן צום מאַן, — וואָס זאָגסט די צי דאַאַן ציקינפּטיקן גנאיידן? (איידעם) זעעסט כאָטש מיט וואָס ער פאַרדרייט עלקעלען איר קאָפּ?

ער האָט געלאַכט צו זיך אַליין, נתן חיים. גענוג דערווידער איז ער זיי געווען אין דער היים צוליבן זיין סעקרעטאַר פון פאַראיין, צוליב זיין

פירן סטרייקן, רעדן אויף פאַרזאַמלונגען, קומט ער איצט צו עלקעלען מיט געמעלן, מיט אַן על גרעקאָ, אַ ראַבינדראַנאַט טאַגאָר.

ניין, ער האָט שוין דעם בריוו ווייטער נישט געשריבן. אָבער וואָס אַנדערש זאָל ער צו עלקעלען שרייבן? אין גאַנצן נישט שרייבן צו איר? דאָס איז דאָך פּאַר אים אוממעגלעך! ער איז דאָך דאָ אַזוי עלנט! אַן אַ חבר, אָן אַ פריינד. אויב נישט עלקעלען, מיט וועמען דען זאָל ער טיילן זיינע חלומות, זיינע טראַכטענישן, זיינע איבערלעבונגען? שטייען אירע טאַטעשי און מאַמעשי, ווי צוויי זשאַנדאַרן, צווישן אים און איר, צערייסן אַוודאי זיינע בריוו אויף פּיץ־פּיצלעך.

וואָלט ער כאָטש דאָ געהאַט צו וועמען זיך צו צוטוליען. איז דאָס — אויך נישט. פון דער פריינדשאַפט מיט פּיליפּן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך און דער זשאַק ליבמאַן איז אים דערעסן ווי אַ פעלטשיקער רעטעך. אַ מענטש זאָל נאָר זיין אַריינגעטאָן אין פּאָליטיק, אין רעוואָלוציע! ער איז זיך משער, נתן חיים, אַז אַפילו אין קאָמוניסטישן „פּאָפּולער" און אַוודאי מסתמא אויך אין סאָציאַליסטישן „לע פּעפּל", וואָס דער זשאַק לייענט זיי יעדן טאָג אַזוי פרום ווי אַ פרומער ייִד דאַוונט, שרייבט מען נישט בלויז וועגן פּאָליטיק, נאָר אויך וועגן אַ בוך, וועגן מוזיק און אפשר אויך וועגן מאָלעריי, ער אָבער, דער זשאַק ליבמאַן, לייענט דאָרט נאָר וועגן פּאָליטיק. ער איז ממש גליקלעך, אַז מאַרסעל קאַשען, צי שאַרל ראַפּאָפּאָרט, רייבן דאָרט אין זייערע אַרטיקלען אַ מאָרדע די סאָציאַליסטן קאַוטסקי, אַקסעלראָד און אַפילו מאַרטאָוון. די אַמפּערנישן צווישן די באָל־שעוויקעס און מענשעוויקעס, זייער זידלען איינער דעם אַנדערן, פּילט דעם זשאַקן אָן מיט דער גרעסטער פרייד. אָבער וואָס זאָל ער, נתן חיים, טאָן, אַז די רייסערייען, נישט בלויז אין סאָציאַליזם, נאָר בכלל רייסע־רייען, זענען אים דערווידער? מיידט ער אויס זשאַקן, כאָטש די אַנדערע אַרבעטער אין דער אַטעליע זענען אויך נישט אַנדערש. אָט אַ שטייגער דער רויטער, אַ בונדיסט פון דווינסק, אַן איידעלער מענטש, אַן אמתער אידעאַליסט, אָבער פונקט ווי זשאַק קוויקט זיך מיט די קאָמוניסטן, אַזוי אָטעמט ער רק מיט די סאָציאַליסטן. אַלבערט ווידער, איינער פון די פּרע־סערס, אַ ליבער, גוטהאַרציקער מענטש און, ווי מ'זאָגט, אַ למדן נאָך דערצו, האָט אַן אייגענעם ש"ס און צו מאָל לערנט ער נאָך היינט אַפילו אַ בלאַט גמרא, איז ער אָבער אַ פאַרברענטער אַנאַרכיסט, וואָס אָן אַ פּסוק פון באַקונינען, פון קראָפּאָטקינען, רירט ער זיך נישט, איז אָט דער גוטער, האַרציקער מענטש שפּריצט ממש מיט פייער סיי אויף די קאָמוניסטן, סיי אויף די סאָציאַליסטן. נו? קען ער, נתן חיים, זיך פריינדלען מיט די

מענטשן, מיטאַמפּערן זיך מיט זיי? בפרט נאָך אַז ער איז קוים איין און צוואַנציק יאָר אַלט און זיי זענען אַלע אין די מיטעלע דרייסיקער.

די אַנדערע אַכצן, צי צוואַנציק אירע אין דעם ווערקשטעל, זענען אַוודאי נישט זיינס גלייכן. אַ טייל פון די ווייבער זענען פראַנצויזקעס, וואָס ער פאַרשטייט נישט זיי און זיי — נישט אים. ווידער די איבעריקע עטלעכע מענער? אָדער זיי שפּילן אין פערדלעך, אָדער מאַכן אַ כּוסע און ווייבערניקעס זענען זיי, זאָל זיך נאָר איין גאָט אויף זיי מרחם זיין. אָט אַ שטייגער איז איינער פון די צוויי צושניידערס, אַ טאַטע שוין פון אַ דערוואַקסענער טאָכטער, שלעפּט ער זיך אַרום מיט נקבות און זיך אָפּגעשפּאָרט אַ טריפּער, צי טאַקע די אמתע סיפיליס און יעדן טאָג, דריי אַזייגער, טוט ער אויס ס׳פּאַרטעכל פון אַרום בויך און לויפט צום דאָקטער זיך היילן. און די פּרויען ביי די מאַשינען, די צוויי ייִדישע אַרייַנגערעכנט, זענען דען בעסער? כּמעט אַלע זענען זיי ווייבער פון מענער, טייל אַפילו מאַמעס שוין, רעדן זיי רייד, אַז אַ קאָזאַק קען רויט ווערן פון בושה. ער, נתן חיים, קען גאָרנישט פאַרשטיין פרויען זאָלן רעדן אַזאַ ניבול פּה? און זיי זענען דאָך מיטגלידערינס פון סינדיקאַט, טוט גאָרנישט דער פאַראיין זיי אַ ביסל אויסצואיידלען? און אַממערסטן וווּנדערט ער זיך, נתן חיים: ווער דאָ, האָט די פראַנצויזקעס אויסגעלערנט אַזעלכע פּאָדלע רייד אויף ייִדיש? האָט ער דאָ, אין דעם פּאַריז קיינעם נישט!

ער האָט זיך געוויגט אויף דער שטול, נתן חיים, קונציק מאַנעווירט זי אויף די צוויי הינטערשטע פיסלעך, גלייך ער וואָלט געווען איינער פון די זאָרגלאָזטע, גוט־אויפגעלייגטע מענטשן, בעת אין דער אמתן איז זיין געמיט געווען פאַרצאָגט, פאַרטרויערט. אַ מענטש קען דאָך נישט לעבן נאָר מיט זיך אַליין, בפרט נאָך אין אַ פרעמד לאַנד. בענקט ער כּסדר צוריק קיין פּוילן. אַז ער שפּאַצירט ביי דער סען, חלומט ער פון דער ווייסל. ער איז איין מאָל געווען אין באָדבולאָנער וואַלד, אָבער געטראַכט האָט ער וועגן פּראַגער וועלדל. וואָס דאַרף מען מער? די אַלעקסאַנדער־בריק איבער דער סען, מיט די טיולערי־גערטנער פון איין זייט און דאָס פּרעכטיקע געביי פון פראַנצייזישן פּאַרלאַמענט פון דער צווייטער זייט איז דאָך הערלעך־שיין, אָבער ער בענקט נאָך דער קערבעדזש־בריק איבער דער ווייסל, וואָס איבער איר פלעגט ער שפּאַצירן מיט חברים, מיט חבר־טעס אַריבער קיין פּראַגע, אַראָפּ צו דער קאַלייקע, צו דער פליאַזשע אויפן ווייסל־ברעג.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, נתן חיים, פאַררוקט דאָס פּאַפּירבלאָקל מיט דער פּען אין בוזעמקעשענע און גענומען גיין. אָבער וווּהין זאָל ער

גיין? די זון שייַנט, גלעט און לאַסטשעט, קינדער שפּילן אין באַלעם, קאַ־
לערן אַ רייף, אַ יונגע מאַמע זיצט מיט פּאַרמאַכטע אויגן אַרויף, זוניקט
זיך אין דער מיי־זון, נאָר אים איז קאַלט, קאַלט אין געמיט און קאַלט
אים אין זיין געביין, קאַלט אין זיין גאַנץ וועזן.

# קאַפּיטל זעקס

אַ גאַנצן טאָג רעגנט און איצט, פֿאַר נאַכט, נאָך דער אַרבעט שוין און עס וויל אַלץ נישט אויפהערן. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט אין אַזאַ וועטער אַריין אין אַ רעסטאָראַן, אָפּגעגעסן אָוונטברויט, דערנאָך וואָלט ער זיך אַוועקגעזעצט אין אַ קאַפּע אונטער אַ וויקלדעכל, אַליין צי מיט אַ פֿריינד וואָלט ער ביי אַ טישעלע געזופּט אַ ליקער, אַ קאַווע, געשמועסט און אַזוי אַרום וואָלט ער איבערגעוואַרט דעם רעגן. קען ער אָבער, נתן חיים, זיך דאָס נישט פֿאַרגינען. לויפֿט ער, אין דעם קאַלט־עסנדיקן רעגן, אַרויס פֿון פּלעצל, פֿאַרביי דעם „ל׳האָטעל דע וויל״, אַהין אין „לאַטיינישן־קוואַרטאַל״. אויפֿן וועג טרעט ער אָפּ אין אַ געוועלב נאָך אַ ברייטל, אַ קעזעלע, אַן עפּל און, באַלד אַרויף די פֿינף שטאָק שטיגן צו זיך אין האָטעל־צימערל.

הונגעריק, נאַס און דורכגענומען מיט קעלט, וואַרפֿט ער אַראָפּ פֿון די פֿיס די דורכגעווייקטע שיך און שקאַרפּעטן, הענגט אויף דאָס רעקל צום טריקענען זיך אויפֿן מעשענעם קאָפּשטיק פֿון בעטל און אַליין זעצט ער זיך אין די פֿייכטע הויזן אויפֿן ברעג פֿון געלעגער אָפּכאַפּן אַ ביסל דעם אָטעם.

מיד פֿון טאָג אַרבעט, פֿון לויפֿן, געגעצט ער, גאַפּיעט, טראַכט וועגן זיין בידנער דאָליע. אין פֿריַערדיקן האָטעל־צימערל האָט ער נישט געהאַט קיין שטול, קיין פּיצל טישל, קיין שענקל, אַזוי אויך דאָ האָט ער גאָרנישט. חוץ דעם בעטל, די פּיצינקע וואַש־שיסל אונטערן וואַסער־קראַן, וואָס אין ווינקעלע צוקאָפּנס דעם בעטל, איז דאָ גאָרנישטאָ! די בעקעשע הענגט אויף אַ טשוואָק אויף דער וואַנט. די פּאָר העמדער, די עטלעכע שטיקלעך אונטערוועש מוז ער האַלטן אין דער וואַליזקע, פֿאַררוקט אונטערן בעטל. אַ גליק נאָך וואָס אין דעם צימערל קען ער, זייטיקלעך, זיך דורכשלייכן צווישן בעטל און וואַנט, צו צוקומען צו דעם שמאָלן פֿענצטערל, צו כאַפּן אַ מאָל אַ בליק אַרויף, צום קעסטעלע הימל, וואָס איבער דעם ענגן הייפֿל. נאָר צו וואָס זיך גענאַרן? ס׳איז נישט אַזוי דאָס קעסטעלע הימל, וואָס ציט אים אַהין, נאָר דאָס מיידל, אין קעגנאיבערדיקן פֿענצטער, וואָס ער וויל זי בענטער קענען זען.

ווער איז דאָס מיידל? זינט ער האָט זיך דאָ אַריינגעצויגן, גייט אַן צווישן אים און איר אַ מין קאַץ און מויז שפּיל. אין די אָוונטן, אַז ער קומט אַריין צו זיך אין צימערל פאַרדרייט זי גלייך די עלעקטריע ביי זיך דאָרט, אין שטיבל. זי גייט כּלומרשט אַוועק, כאָטש ער זעט זי דורך דער טונקל און נאָך מער פילט ער איר בליק, ווי זי לוישט אויף אים דורך דעם געלעכלטן פוירהענגל אירן. טוט ער אויך דאָס אייגענע, לעשט אויס די עלעקטריע, ער איז הייסט עס אַוועקגעגאַנגען, כאָטש אין דער אמתן זיצט ער אַ געשפּאַנטער מיט זיין בליק אַהין צו איר, ביז ביי איר ווערט צוריק ליכטיק און ער קען זי ווידער האַלטן אויפן אויג.

איר צימערל, ווי ער זעט, איז אויך אַ פּיצלס, דאַך, אַ פּרוי, האָט זי אין דעם קליינעם שטיבעלע זיך פאַרלייגט אַ גאַנצע ווירטשאַפט. אמת, אירע קליידלעך און אַ מאַנטל הענגען אויך אויף דער וואַנט, אָבער איבער־געדעקט מיט אַ ליילעך. אויך האָט זי איבערן וואַסערקראַן צוויי פּאַליצ־קעס מיט פּאַפּירענע טאָרבעלעך, אַוודאי שפּייז אין זיי, און אַ פּרימוס־מאַשינקע אויף אָפּצוקאָכן זיך אַ מאָלצייט, זעט ער דאָרט אויך שטיין.

דאָס קאַץ און מויז־שפּיל גייט אַזוי אַן צווישן אים און איר ביז איי־נער פון זיי גייט טאַקע אַוועק פון שטוב. היינט אָבער, צוליב דעם רעגן, זענען זיי ביידע געזעסן אין זייערע צימערלעך, אָט געמאַכט ליכטיק און אָט — ווידער פאַרלאָשן דאָס ליכט. אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיצן אין דער פינצטער? האָט ער אויפגעדרייט די עלעקטריע און זיך גע־נומען עסן, כּלומרשט זי גייט אים גאָרנישט אָן. האָט זי, אין אַ ווייל אַרום, אויך געמאַכט ליכטיק, זיך געשטעלט מיט דער פּלייצע צום פענצטערל און דאָרט גענומען וואַשן עפּעס אין דער וואַש־שיסל.

אַז ער האָט אָפּגעגעסן, נתן חיים, האָט ער גענומען זיך דורכשלייכן אַהין צום פענצטערל. ער וויל כּלומרשט זען צי דער רעגן האָט אויפגע־הערט. איז זי אויך צוגעקומען צו איר פענצטערל זען וואָס אין דרויסן טוט זיך. ביידע האָבן זיך געמאַכט נישט זען איינע דעם אַנדערן, כאָטש זייטיקלעך האָבן זיי געוואָרפן בליקן, זי צו אים און ער צו איר. באַלד אָבער איז פון די שטומע, באַהאַלטענע בליקן געוואָרן אַ „שמועס״. עס רעדט זיך אַזוי אַ שמועס. ער קען דען רעדן פראַנצייזיש? דאָס האָט זי, דאָס שיקסל דאָרט, אָנגעהויבן דעם שמועס:

— פּאַרלע ווו פראַנסע? האָט זי אים פּלוצים געפרעגט. (רעדט ער פראַנצייזיש?)

— זשע נע פּאַרל פּאַ. (ניין, ער רעדט נישט.)

זי האָט געהויבן די אַקסלען: אַ מענטש זאָגט ער רעדט נישט קיין

פראַנצייזיש און רעדט יאָ, האָט זי כמעט אין געבייזער, אַ זאָג געטאָן:

— ווו פּאַרלע פראַנסע! (דו רעדסט דאָך יאָ פראַנצייזיש.)

האָט ער ווידער געוויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט און דערביי איר געוויזן אויף אַ פּיצל פון זיין ווייזפינגער.

— לאַ מעם שאָס. (אָט אַזוי ווייניק רעדט ער).

— אַ, זשע קאָמפּראַן, (זי פאַרשטייט) — קעסקע ווו פּאַרלע? (וואָס רעדט ער יאָ?).

— זשע פּאַרל פּאָלאָנעז, זשע פּאַרל יידיש, (ער רעדט פויליש, ער רעדט יידיש).

— סע באָן, האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ, צופרידן וואָס זי פאַרשטייט אים.

אויסגענוצט זיין גאַנץ ביסל פראַנצייזיש, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט זינט ער איז אין פּאַריז, איז ער געבליבן שטיל, נתן חיים און נאַרישע־וואַטע געשמייכלט, באַלד אָבער האָט ער אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף דער האַנטפלאַך און אויף שטום־לשון זי געפרעגט, צי זי גייט שוין שלאָפן. זי האָט געוויגט דעם קאָפּ אויף ניין און, מיט דער זעלבער זשעסטיקו־לאַציע אים צוריקגעפרעגט צי ער גייט שוין שלאָפן. האָט ער אויך גע־וויגט דעם קאָפּ אויף ניין. האָט זי אים געוויזן מיט דער האַנט אויף אַראָפּ, ס׳הייסט צי וויל ער אפשר אַראָפּגיין אויף דער גאַס?

נתן חיים איז געבליבן אָן לשון. הער נאָר אויף וואָס אַ מיידל שטעלט זיך אונטער! פרעגן אַן אומבאַקאַנטן מאַן צי ער וויל מיט איר אַראָפּגיין אויף דער גאַס און ווען? ביי נאַכט! ער האָט געחלשט איר צו זאָגן יאָ, ער וויל, גיסט אָבער אַ רעגן. ווידער זאָגן ניין? אין זיין איינזאַמקייט, אין זיין הונגער נאָך אַ באַריר פון אַ פרוי, ווועט אַ ביסל רעגן אים אָפּ־האַלטן פון טרעפן זיך מיט אַ מיידל? אָבער ווו וועט ער מיט איר גיין? אין אַ קאַפע? זיצן מיט אַ מיידל ביי אַ טישל און זשעסטיקולירן מיט די הענט ווי שטומע? האָט ער מיט טיפן פאַרדרוס איר געוויזן אַרויף צום הימל:

— איל פּלע, (ס׳רעגנט דאָך!)

זי האָט געשמייכלט, געהויבן די אַקסלען, אַ טשיקאַווער פאַרשוין, זאָגט ער קען נישט קיין פראַנצייזיש און רעדט פראַנצייזיש, ווייסט אַפילו צו זאָגן: „איל פּלע".

— ווו פּאַרלע טרביאַן. (ער רעדט זייער גוט) האָט זי אים געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, דערביי דורכן זשעסטיקולירן מיט די אַקסלען, מיטן גע־זיכט, האָט זי צונישט געמאַכט דעם רעגן:

— איל פלע ען פע. (ס׳רעגנט הייסט עס קוים, קוים).

— באַן, (גוט), האָט ער מסכים געווען און שוין גענומען זיך שאַרן צווישן דער וואַנט און בעטל צוריק צו דער טיר. אָבער ביים אַראָפּנעמען דאָס רעקל פון קאָפּשטיק, איז ער געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט. די שווערקייט פון דער מאַרינאַרקע, האָט אים דערמאָנט אַז דאָס רעקל און באַך מער די שיך זענען פּיטש־נאַס. וואָלט ער כאָטש געהאַט אַ מאַנטל, אַט, ווי ער זעט, זי האָט אַ רעגן־פּלאַשטש. ער וואָלט אַוודאי געקענט אָנטאָן די בעקעשע, איז דאָס אָבער אַ ווינטער־בגד מיט אַ פוטערנעם אונטערשלאַג, דערצו האָט ער מורא אַז זי וועט אויס אים לאַכן ס׳גרעסטע געלעכטער.

ער האָט ווידער אַ בליק געטאָן אין איר פענצטער. זי שטייט שוין דאָרט אָן אָנגעטאָענע און ער טראַכט נאָך! האָט ער געשווינד אַרויפגעשלעפּט אויף די פיס די נאַסע שקאַרפּעטקעס, די דורכגעווייקטע שיך, אָנגעטאָן ס׳רעקל און מיט אימפּעט גענומען היפּערן אַראָפּ די פינף־שטאָק שטיגן. ביים אַרויסקומען אין דרויסן איז אָבער דער אימפּעט פון אים אויסגערונען. נישט שוואַכער, דער רעגן איז נאָך שטאַרקער געוואָרן! שטייט ער אויף דער ווייסער מאַרמאַר־שוועל, נתן חיים, און שלאָגט זיך מיט דער דעה: „אפשר צוריק אַרויפגיין און בעסער לייענען אַ ביכל? וועט אָבער דאָס מיידל זיך פילן פאַרשעמט און ער וועט מער נישט וואַגן צו צוגיין צום פענצטערל, כּדי נישט אָנצוטרעפן זיך מיט איר בליק״.

„נתן חיימל״, האָט זיך דער שקאָץ אין אים צעלאַכט: „ווענען ווילסטו דאָ געגאַרן? דיר גייט דען אין נישט פאַרשעמען ס׳מיידל? זאָג אָפּן אַז דו גאַרסט צו איר! טאָמער?...״

ער איז בייז געוואָרן אויף זיך אַליין, נתן חיים. שטענדיק אַזוי! ווען נאָר ער פּרוווט געפינען אַן אויסרייד פאַר ווען אַ מאָל אַראָפּגיין פון גלייכן וועג, לויפט אים אונטער דאָס געוויסנדל מיטן אמת. האָט ער, ווי להכעיס זיך אַליין, גענומען פּאַטשן אין רעגן, וואָס גיכער אַהין צום שיקסל. ביים ראָג אָבער פון איר גאַס, איז דער אימפּעט ווידער פון אים אָפּגעפאַלן. אפשר האָט דאָס שיקסל אים בלויז אָנגעצויגן? ער, דער אָקס, לויפט איר אַנטקעגן און זי איז גאַר אַוועק ווער ווייסט וווהין? פון דעסטוועגן איז ער געבליבן שטיין אפשר, צוליבן רעגן, איז זי פאַרשפּעטיקט? איז ווי דער רעגן האָט אים געשמיסן אין פּנים, געבייטשט אים אין פּלייצע, איז ער דאָך געשטאַנען און געשטרעקט דעם קאָפּ פאָרויס, גענישטערט מיט די אויגן דורך די בייטשן רעגן ביז ער האָט דערזען אַ פרויען־פיגור

לויפנדיק אויסגעבויגן אויף פאַרויס, ווי זי וואָלט געשוועבט אין דער לופט, אַהער צו אים.

— באָן סואר מ׳סיע, האָט זי מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט, אַ נאַסע און קאַלטע, אים געכאַפּט אונטערן אָרעם און ציִענדיק אים נאָך זיך, גענומען לויפן מיט אים, נישט וויסנדיק אַליין וואוהין. ער אָבער, נתן חיימל, האָט שוין גאָר געוווּסט. אין זיין גאַנצער איבעררעשטקייט, צוליב איר אומגעריכטן כאַפּן אים אונטערן אָרעם, האָט ער גוט געזען אַז זי לויפט מיט אים אין זיין גאַס אַריין. נישט בלויז האָט ער געזען, אים האָט פאַר־כאַפּט דער אָטעם און זיין האַרץ האָט גענומען אויסטערליש גיך קלאַפּן און מיט זייער יעדן טריט נענטער צו זיין האָטעל, האָט עס געשלאָגן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. אָבער פּלוצים, כמעט אויף דער ווייסער מאַר־מאָר־שוועל פון זיין האָטעל, האָט זי אַוועקגעכאַפּט איר האַנט פון זיין אָרעם:

— נאָ מ׳סיע! אַהער הייסט עס גייט זי נישט.

— איל פּלע, האָט נתן חיימל, כלומרשט גאָרנישט אויסן זײַענדיק, איר געוויזן אַרויף אין דער רעגנדיקער פינצטערניש אַריין. ס׳הייסט בלויז צוליבן רעגן וויל ער מיט איר אַנטרינען וואָס גיכער אין זיין צימערל אַריין.

זי האָט שעלמיש אים געלאַכט אין נאָסן אויסגעווייקטן פּנים אַריין, זאָל ער איר נישט פאַרדרעדן די ציין, דערביי האָט זי שוין נישט בלויז מיטן קאָפּ, נאָר אויך מיטן ווייזפינגער געוויגט אים פאַר זיינע אויגן אין דער ברייט: — נאָ מ׳סיע.

אַ פאַרשעמטער איז נתן חיים געשטאַנען און נישט געוווּסט וווּ די אויגן אַהינצוטאָן פאַר חרפּה. וואָס איז דאָ געשען מיט אים? משוגע מיינע שונאים? אַזוי פרעך וועלן נעמען אַ מיידל אין זיין צימער אַריין? אַי זי איז מיט אים געלאָפן אַהער? דאָס האָט זי דער אימפּעט אַזוי געטראָגן צו אַנטלויפן פון רעגן.

זי אָבער, דאָס שיקסל, האָט גאָרנישט אויסגעזען צו זיין דערשטוינט, פאַרלוירן און אַוודאי נישט פאַרשעמט. אַ בייעס — אַ מאַן זאָל זי וועלן אַרויפקריגן צו זיך אין צימער? פאַרקערט, דער גאַנצער עסק האָט זי אַמוזירט, האָט זי אים ווידער אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם און גענומען לויפן מיט אים אַרויף צוריק, צו איר האָטעל.

איצט איז ער, נתן חיים, שוין אין גאַנצן געווען צעמישט. ווער איז דאָס שיקסל? אַרויפגיין מיט אים אין זיין צימער, דאָס חלילה, אָבער אַרויפ־נעמען אים אין איר האָטעל, דאָס יאָ? איז זי אפשר פון יענע, וואָס מאַכן

דעם טראַטואַר? ער האָט זיך ווי אַפּאַטיש נאָכגעשלעפּט נאָך איר, אָבער דער מות זיינער איז שוין גאָרנישט געווען אַפּאַטיש. פּאַרקערט, דער דמיון זיינער האָט געפּיבערט, געטראַכט וועגן זשאַרזשן, דער גאַרסאָן אין מאַדאַם זשאַנעטס רעסטאָראַנדל אויפן פּלעצל. צוליבן פרעגן אים אויף אַ ביסל מילכיקס, האָט דער קעלנעריונג אים הושד געווען אין זיין אַנגעשטעקט מיט אַ ווענערישער קראַנקייט. וועט נישט אַ מאָל זשאַרזשס חשד ווערן איצט אַן אמת? די נקבות אין די הייזלעך מוזן צוויי מאָל אַ וואָך גיין צום דאָקטער אויף אונטערזוכונג. די אָבער, וואָס נעמען אַרויף די געסט צו זיך אין צימער, זיי זענען „סוקעס״, איינפאַכע הינטעכעס, שוין דאַרף ער זיך אָפּטשעפּען פון דער שיקסע און לויפן צוריק צו זיך אין האָטעל אַריין.

אַזוי האָט אים געזאָגט דער גראַדער שכל, דער כּוח הדמ אָבער האָט אים געהאַלטן צוגעבונדן צו דעם שיקסל און וואָס נענטער צו איר האָטעל, אַלץ גלייַקער געצונדן אין אים די געבליטן, אַלץ פלאַמיקער געהיצט זיין פאַנטאַזיע און שוין, אין רעגן, האָבן די אויגן זיינע הונגעריק אַרומגע־לוישט דאָס שיקסל, געזען זי אַן אַ פאַדעם אַנטועכץ אויף איר לייב.

דאָס שיקסל, נאָך פאַר דער שוועל, האָט זי שוין אַן עפּן געטאָן די טיר צו זיך אין האָטעל אַריין און ער, נתן חיים, איז נאָך איר אַריין אין דעם „פּאַיערל״. דאָ האָט ער גלייך דערפילט אויף זיך צוויי ווייבערישע אויגן דורכן געלעכלטן פוירהענגל, הינטער דער קעגנאיבערדיקער שויב. די צוויי אויגאַנעס האָבן אים געטאָן אַ מעסט אָפּ מיט אַזאַ דורכדרינגלעכקייט, אַז אים איז געוואָרן ענג און קאַלט, ווי די צוויי אויגן וואָלטן פון אים אַראָפּגעצויגן יעדעס פיצל אַנטועכץ. אים איז איינגעפאַלן אַז די קאָנסיער־זשין, הינטער דעם פוירהענגל איז דעם שיקסלס מאַדאַם. איז דאָך זיכער אַז ער שלעפּט זיך דאָ נאָך, נאָך איינער פון יענע פייגעלעך. דאָך איז ער ווי אַ צוגעבונדענער איר נאָכגעגאַנגען איבער די געדרייטע טרעפּ, אַרויף צו איר אויפן פינפטן שטאָק. דאָס שיקסל האָט געעפנט אַ טיר, אויפגע־דרייט די עלעקטריע און, מיט אַ גראַציעזן זשעסט פון אַ דאַמע אים אַריינ־געוויזן אין איר צימערל:

—אַנטרעי, מ׳סיע.

מיט קווענקלעניש אין די טריט איז ער אַריין און זי — באַלד נאָך אים. זייטיקלעך, ווי זיין טבע, האָט ער קודם געטאָן אַ פיר דעם בליק אַרום אין דעם צימערל און גלייך געקומען צום אויספיר — ניין, דאָס איז נישט קיין שטוב פון אַ גאַסנפייגעלע. ס׳בעטל איז ציכטיק פאַרבעט. אויף דער וואַנט, איבערן בעטל, הענגט אַ בילדל פון אַ מוטער מיט אַ זייגנדיק קינד ביי איר בריסט. אויך די פּאָליצקעס מיט די טאַרבעלעך שפייז און

די גלאַנציק־אָפּגעפּוצטע פּרימוס־מאַשינקע, אַלץ דאָ שרייט: ניין, זי איז נישט קיין גאַסנפּייגעלע!

כאַטש נאָס פון דעם רעגן, איז דאָך איר פּנים, שיין און קינדיש־רונ־דיק, געווען פול מיט שמייכל און שמייכלענדיק האָט זי אים געוויזן אויף דער איינציקער שטול לעבן בעטל און זי אַליין, נאָכן אויסטאָן דעם רעגן־מאַנטל, האָט זיך געזעצט אויפן ברעג פון דעם געלעגער פּונקט קעגנאיבער אים.

שטיל, די געשפּאַנטקייט אין אים שטייגט, זי אָבער שמייכלט און באַלד צעלאַכט זי זיך אויפן קול. קוקט ער אויף איר: לאַכט זי אויס אים? אויס זיין נאַרישער פאַרלוירנקייט? ערשט איצט, אַז זי ווייזט אים אויף די אָנגערינענע ריטשקעלעך וואַסער פון זיינע הויזן, פון זיינע שיך, זעט ער אַז דאָס לאַכט זי פון זיין אויסזען און ער מוז טאַקע אויסזען ווי אַן אויסגעווייקטע קאַץ. זי, נאָכן אויסטאָן דאָס טיכל פון קאָפּ, דעם פלאַשטש פון זיך אַראָפּ, די שיכלעך מיט די קאַלאָשן פון די פיס, דערקענט מען נישט אַז זי איז געווען אין רעגנדיקן דרויסן. ער אָבער, אין זיין אויסגעווייקטקייט, זעט טאַקע אויס קאָמיש. אפשר זיך אויפהייבן, זאָגן „באָן סוּ־אַר" (אַ גוטע נאַכט) און אַוועקגיין? האָט זי גאָר אַזוי שטיפעריש, זיך אָנגעבויגן און געטאָן אים אַ לייכטן ריס ביי איינער פון די צוויי לאָקן, וואָס שטענדיק, אַפילו איצט, נאַסערהייט, פאַלן זיי אים אַזוי שקאָציש־חנעוודיק איבערן שטערן.

אָט דער קליינער באַריר אירער האָט גלייך פאַרטריבן פון אים די פאַרלוירנקייט, די נישט־זיכערקייט און, כאָטש די שרעק אַז זשאַרזשס חשד קען דאָ ווערן אַ ווירקלעכקייט לאָזט אים נישט אָפּ, האָט דאָך דעם שיקסלס לייכטער באַריר צוריק אָנגעצונדן אין אים די תּאווה, געטאָן אים אַ הייב פון דער שטול און שוין איז ער געזעסן אויפן בעטל, לעבן איר. האָט זי גיך געפּרווט זיך אָפּרוקן, איז ער אָבער געווען פלינקער, זי אַרומ־גענומען, צוגעצויגן זי צו זיך, שיִער נישט געהאַט אירע ליפּן אויף זיינע, האָט זי אָבער מיט כּוח אָפּגעשטופּט זיין קאָפּ: — נאָ מ׳סיע! און קוקנדיק אים שלוי אין זיינע אויגן אַריין, האָט זי זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע אָרעמס און, ווי אַ דאַמע איר הינטל, געוויזן אים צוריק אויף דער שטול, דאָרט הייסט עס, דאַרף ער זיצן.

אַ שוויים האָט אים, נתן חיימען, באַגאָסן. וואָס טוט זיך דאָ? צו וואָס האָט דאָס שיקסל אים אַרויפגעבראַנגט אַהער? זי זעט טאַקע נישט אויס צו זיין פון די, וואָס מאַכן דעם טראָטואַר, אָבער קיין צנועה איז זי זיכער נישט. אַן אָנשטענדיק מיידל נעמט נישט אַרויף צו זיך אין שטוב אַ מאַן,

וואָס זי קען אים נישט. ווידער זאָגן: זי האָט דאָס געטאָן צו פאַרטרייבן די לאַנגווייל, וואָס דער רעגן און דאָס זיין אַליין האָט אויף איר אָנגעיאָגט? עס לייגט זיך אויפן שׂכל. נאָר ווען אַפילו אַזוי, וועלן אויך פיינע מיידלעך אַזוינס נישט טאָן. וואָס זשע איז זי דאָ אויסן? אפשר גאָר איז זי איינע פון די פאַריזער צנועות, וואָס קיין מענער נעמען זיי טאַקע נישט אויף, אָבער ווערן די מעטרעסע פון אַ געליבטן זענען זיי גרייט. איז אויב אַזאַ? האָט ער נישט גענומען ערנסט איר „נאָ־מ׳סיע״ און זיך נישט צו־ריקגעזעצט אויף דער שטול. ער האָט בלויז געהאַמעוועט זיין האַסטיקייט. אַפילו אַזעלכע פרויען, זעט ער, האָבן אויך נישט גערן גענומען צו ווערן גיך. איז, שטאָט ווידער פרוּוון זי אַרומנעמען, האָט ער בלויז גענומען איר הענטל, עס געגלעט, געצערטלט: — סע טרעזשאָלי, זי האָט שיינע הענט.

— מערסי מ׳סיע, האָט זי אים געדאַנקט פאַר דעם קאָמפּלימענט און שלוּי אים געקוקט אין די אויגן, ס׳הייסט: מ׳סיע, מ׳קען זיך אויף די גענגלעך.

דאָס קלוגיטשקע שמייכלען אירס, האָט ווידער געלייִמט זיין יעדן ריר. ער וואָלט געדאַרפט זיך אויפשטעלן, זאָגן איר „אָרעוואַר״ און אַוועק־גיין ווי אַ דזשענטעלמען. ער זעט דאָך: קיין גאָסנפרוי איז זי נישט, קיין צנועה טאַקע אויך נישט, זי זוכט בלויז אַ געליבטן. איז ער גרייט צו ווערן איר געליבטער? ביי די פייגעלעך מיינט דאָך אַ פּאַטראָן מיט אַ קעשענע! וואָס זשע זיצט ער נאָך דאָ? איז אָבער דער כּוח הדם אַלץ שטאַרקער פון שׂכל. זינט ער האָט זי דערזען אין דער ליכט, בפרט נאָך איר אויסטאָן דעם מאַנטל און ער זעט אירע פולע בריסט שטאַרן פון הינטערן קליידל, דערצו נאָך דאָס דינע טאַליעלע מיט די ברייטע היפּטן אירע, איז אים דער מוח פאַרגאָסן און די געבליטן — כּסדר אויפגעפייערט אַז ער קען פון איר נישט אַוועק! האָט ער ווידער פאַרוואָרפן זיינע אָרעמס אַרום איר האַלדז און ווידער גענומען צוציִען אירע ליפּן צו זיינע. האָט זי אויך איצט זיך נישט פאַרלוירן, צוריק אַראָפּגענומען זיינע הענט פון אַרום איר און ווידער אַזוי גראַציעז געוויגט איר קאָפּ אין דער ברייט:

— נאָ מ׳סיע.

ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן, אַז נישט בלויז ציט אים דאָס שיקסל אָן, נאָר זי רייצט זיך נאָך מיט אים אויך. אַן אַנדערער וואָלט אפשר מיט אַזאַ איינער געגאַנגען אויף כּוח. איז ער אָבער, נתן חיים, נישט קיין כּוח־גייער. האָט ער אָנגעטאָן דעם צעווייקטן קאַפּעליוש, גע־זאָגט איר „אָרעוואַר מאַדמאַזעל״ און שנעל אַרויס פון איר צימער.

אַ גאַנצע נאַכט נאָך דעם האָט ער געפיבערט. פרויען האָבן כּסדר גע־

הערט איבער אים, גענענט זייערע געזיכטער צו זיין פנים, צו זיינע ליפּן, זיך אָפּגעקערט פון אים, געלאַכט אים אין די אויגן אַריין: „נאָ מ׳סיע״ ער האָט געדרייט דעם קאָפּ, נאָכגעלאָפן זיי מיטן בליק: „ווער זענען די פרויען״? אָט זעט ער דאַכט זיך עלקעלען, אָט גאָר די מאַדאַם פון זיין האָטעל און אָט זענען ביידע געזיכטער געוואָרן איינס, נישט עלקעלע און די רויטהאָריקע מאַדאַם, נאָר גאָר עפּעס אַ מאַזעפּע מיט אַ צעקרימט גע־זיכט און אַ לאַנגע, אַרויסגעשטעקטע צונג.

אין דער פרי, ווען ער האָט געעפנט די אויגן, געכאַפּט אַ בליק אויפן ציפערבלעטל פון זיין ניקלנער ציבעלע, האָט ער, אין גרויס שרעק, געזען אַז ס׳איז שוין נאָך האַלבן טאָג. גיך האָט ער געוואָלט כאַפּן אויף זיך ס׳אָנטועכץ און לויפן צו דער אַרבעט, איז גאָר דער קאָפּ אים צוריקגע־פאַלן אויפן קישעלע. ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט אַז ער האָט היץ, אַז ער ליגט אין אַ טייך שוויס.

וואָס זאָל ער טאָן? ווען זאָל ער צוויסן טאָן? און ווי אַזוי קען ער וועמען גרייכן? ער איז געלעגן אין אָנמאַכט.

דרויסן איז גרויסער טאָג, די זון שײַנט אַוודאי, דאָ אָבער איז טונקל. דאָס שמאָלע, האַלבע פענצטערל ברענגט פון דעם ענגן הייפל אין דעם צימערל אַריין בלויז קילן שאָטן. „נתן חיימל״, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, „די שיקסע האָט דיר אויסגעבעטן אַ פיין געלעגערל״.

## קאַפּיטל זיבן

אין אַ פּאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, ביים נעמען אין האָטעל, אויפן קאָנסיערזשס פּענצטערל דעם שליסל צו זיין צימער, האָט ער, נתן חיים, דערזען אַ „פּנעאָמאַטיק" (אַ שנעלבריוו) אַדרעסירט צו אים. לויטן פּאָסט־סטעמפּל איז דער בריוו געוועזן אַרויסגעשיקט מיט וואָסערע פיר שעה צו־ריק פון אַ פּאָסטסטאַציע אַרום דער אָפּערע. וואָס דאָ האָט אים אָממערסטן פּאַראינטערעסירט איז געוועזן דער צוריק־אַדרעסאָט: איזאַלט אַלטער.

אַז דער חבר איזאַלט איז אין פּאַריז, דאָס האָט ער, נתן חיים, גע־וווּסט. אָבער פון וואַנעט ווייסט דער חבר איזאַלט אַז ער איז אין פּאַריז? ער קען דאָך אים גאָרנישט. נאָר ווען אַפילו דער חבר איזאַלט זאָל יאָ האָבן געהערט זיין נאָמען, האָט ער דאָך אויך מיט אים קיין שייכות נישט געהאָט.

נישט בלויז נייגער, אַ געפּיל פון שאָלץ איז אין נתן חיימען אָנגע־שטאַנען. אַ קלייניקייט? דער חבר איזאַלט האָט צו אים געשריבן אַ בריוו! אין איין אָטעם איז ער אַרויף איבער די פינף־שטאָק שטיגן, אויפגעשלאָסן די טיר, אויפגעדרייט די עלעקטריע און, אויף גיך, שטייענדיק, דורכגע־לאָפן מיטן בליק די עטלעכע שורות:

„טייערער חבר פיינזילבער, איך האָב איבערגעלייענט אין דער ,פאָלקס־ציייטונג' אייערע ,איינדרוקן פון פּאַריז' און זיי האָבן מיך פּאַראינטריגירט, וואָלט איך זיך וועלן זען מיט אייך. קענט איר אפשר אַרויפקומען צו מיר אין ביוראָ דעם שבת צווישן 2 און 3 נאָך מיטאָג? קומט באַשטימט, איך וועל וואַרטן אויף אייך. חבריש אייער איזאַלט אַלטער".

נתן חיים האָט געשמייכלט: אַ שיינע פראַגע — צי ער וועט אַרויפ־קומען צום חבר איזאַלט אין ביוראָ? ער וואָלט שוין איצט געלאָפן! אים איז נאָר קשה: ווי אַזוי האָט שוין דער חבר איזאַלט געקענט לייענען זיינע „איינדרוקן פון פּאַריז" אַז ער, דער מחבר, קוקט זיך אויס די אויגן נאָך אַ נומער „פאָלקס־ציייטונג" און אויך ביי שפּייזמאַנען איז נאָך דאָס בלאַט נישטאָ! קשה איז אים אויך: פון וואַנעט האָט דער חבר איזאַלט זיין אַדרעס?

נאָך אין יענעם זונטיק, שוין באַלד צוויי וואָכן, האָט ער דעם בריוו,

שטאָט צו עלקעלען אין ראָדעם, אים אָוועקגעשיקט צו דער „פּאָלקס־צייטונג" אין וואַרשע. די גאַנצע צייט גייט ער אַרום אַ צעטראָגענער: „וועט די רעדאַקציע דרוקן דעם בריוו?" צי „זי וועט אים אַריינוואַרפן אין פּאַפּיר־קאָרב" און ער וועט אַפילו נישט וויסן: יאָ? צי ניין? איז אָט, נישט בלויז האָבן זיי די זאַך משנה שם געווען פון: „אַ בריוו פון פּאַריז" אויף „איינדרוקן פון פּאַריז", נאָר דער חבר איזאַלט האָט שוין די „זאַך" געליינט! אָבער פאַר וואָס זאָל דער חבר איזאַלט צוליב דעם וועלן אים זען? האָט ער עפּעס געשריבן, וואָס איז נישט ריכטיק? סיי ווי, די גאַנצע נאַכט איז ער שוין נישט געשלאָפן און דער מאָרגנדיקער טאָג, פרייטיק, האָט אים אויסגעוויזן ווי אַ יאָר.

אַ געשפּאַנטער און פול מיט נייגער איז ער שבת, פאַר צוויי אַזייגער, אַוועק אויף „אוועני דע ל' אָפּעראַ" נומער 19. ווי וויל אין דעם הייטאָנעם הויז איז דאָ אַ „ווינדע" אַרויפצופאָרן, איז ער ליבערשט אַרויפגעגאַנגען די דריי שטאָק האָלצערנע שטיגן, ברייטע, ציכטיק־גלאַנציקע, איבערגעדעקטע אין מיטן מיט אַ שמאָלן, רויט פּליושענעם כאָדניק, צוגעפּעסטיקט מיט בלישטשיק מעשענע שטאַנגלען צווישן איין טרעפּ און דער אַנדערער. אויפן דריטן שטאָק, אויף איינער פון די צוויי הויכע און ברייטע טירן, טונקל־רויטלעכע, פון טייערן מאַהאַגאָני־האָלץ מיט געשניצטע אָרנאַמענטן אַרום און אַ קאַרניז אויבן, איבער דער טיר־ראָם, איז אין מיטן געווען צוגעשלאָגן אַ שילדל פון רויטלעכן בראָנדז: „עקספּאָרט־אימפּאָרט" מיט עפּעס אַ נאָמען פון אַ בעלגישער פירמע.

נישט דרייסט האָט ער, נתן חיים, אַ דריי געטאָן דאָס ניקלנע הענטל פון גלעקל. די טיר האָט זיך געעפנט און אין דער עפענונג — אַ הויכער ברונעט אין די מיטעלע דרייסיקער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ קאָפּ שוואַרצע, נידעריק־געשוירענע קרייזעלעך און אַ געזיכט מיט גרויסע, שאַרפע שטריכן. די אויגן — ברוינלעכע, האָבן ווי געקוקט קרומלעך. אָנגעטאָן איז דער ברונעט געווען אין אַ גוט געניייטן אַנצוג פון טאַבאַק־קאָלירטן, ענגלישן שטאָף און אַ גאָלדיק־ברוינלעכן שניפּס אונטער אַ ווייך געפּרעסטן קאָלנער פון אַ בלאַנקענדיק ווייס העמד.

ווי ער אַליין, נתן חיים, איז נישט פון די נידעריקע מאַנצפּאַרשוינען, האָט ער דאָך, קעגנאיבער דעם קאָלאָס זיך געפילט קליין און שמאָל, שיער נישט — אַ קאַרליק.

— חבר פיינזילבער? האָט אים דער ברונעט געפרעגט אין אַ טיפער באַריטאָן־שטים.

— יאָ, דאָס בין איך, האָט ער, נתן חיים, שטיל, נישט דרייסט אים געענטפערט.

— ביטע, קומט אַריין, האָט דער חבר איזאַלט אים דערלאַנגט די האַנט, אַ ברייטע, וואָס אין איר, איז זיין, נתן חיימס, שמאָל הענטל ווי פאַרלוירן געוואָרן. — זיצט, האָט ער אים אַריינגעפירט אין ביוראָ־צימער, אים אָנגעוויזן אויף אַ ווייכגעבעטעט, מיט רויטער לעדער, איבערגעצויגענער שטול און אַליין האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין פאָטעל, הינטער דעם גרויסן מאַהאַגאָני ביוראָ־טיש. — איר זענט שוין לאַנג אין פאַריז, חבר פיינזילבער?

— שוין באַלד פינף חדשים.

דער חבר אַלטער האָט פאַרצויגן דעם שטערן ווי אין חידוש:

— אין דער קורצער צייט האָט איר שוין באַוויזן אַזוי גוט צו זען פאַריז אַז איר האָט געקענט אָנשרייבן אַזעלכע אינטערעסאַנטע איינדרוקן?

— וואָס האָב איך דען אַזוינס געשריבן? האָט נתן חיים געהויבן די אַקסלען. — איך קום אין לוווּר, אין די טיולעריס, אין לוקסעמבורג־גאָרטן, האָב איך באַשריבן וואָס איך זע.

— ס'איז אַ מעלה צו זיין באַשיידן, אָבער איך זאָג אייך, אַז אייערע איינדרוקן זענען פּרעכטיק אָנגעשריבן.

פון דעם חבר איזאַלטס קאָמפּלימענטן האָט ער געפילט, נתן חיים, ווי עס וואַקסן אים אָן פליגל און אָט, אָט פליט ער אַוועק מיט דער שטול. נאָר געזאָגט האָט ער:

— דער חבר איזאַלט טרייבט איבער. ער איז גאָרנישט אויסן קיין שרייבערייען. אַז ער קוקט אויף אַ געמעל אין לוווּר, צי אויף אַ סקולפּטור אין די טיולעריס, ווערט ער אָנגעפילט מיט פרייד, טייל מאָל מיט טרויער, מוז ער זיך טיילן מיט די איבערלעבענישן. אין פאַריז האָט ער נישט קיינעם. ער איז דאָ עלנט, האָט ער גענומען שרייבן אַ בריוו צו זיין קרזינקע אין ראָדעם, זענען אָבער אירע עלטערן קרעמער, וואָס ווייסן קרעמער וועגן געמעלן? און זיי לייענען אַלע זיינע בריוו איידער זיי גיבן וועלכן איבער צום טעכטערל. וואָס? דער חבר אַלטער גלייבט נישט? יאָ, יאָ, זיי שעמען זיך נישט צו עפענען זיינע בריוו, איז איידער זיי זאָלן דעם בריוו צערייסן, האָט ער אים בעסער אַוועקגעשיקט אין דער „פאָלקס־צייטונג". ווען דער חבר איזאַלט שרייבט אים נישט ער זאָל אַהערקומען, וואָלט ער גאָרנישט געוווּסט, אַז דער בריוו איז אָפּגעדרוקט, אַז די רעדאַקציע האָט משנה געווען דעם בריוו אויף „איינדרוקן פון פאַריז". האָט אפשר דער חבר איזאַלט די צייטונג?

— ליידער נישט. אַ פריינד האָט זי גענומען איבערצולייענען. אין אַ טאָג, צוויי וועט ער זי שוין קריגן ביי שפּייזמאַנען. אַהער אָבער זענט איר דאָך נישט געקומען נאָך דער צייטונג. געבעטן אייך אַהערקומען האָב איך, נישט ווייל אייערע „איינדרוקן״ זענען מיר געפעלן, נאָר צוליב אייער באַקלאָגן זיך אויף אייער איינזאַמקייט דאָ. מיך האָט אויך פאַראינטערי־גירט אייער בענקשאַפט נאָך פּוילן, אייער ליבשאַפט צו וואַרשע, וואָס איר האָט אַזוי רירנדיק באַשריבן אין אייערע „איינדרוקן״.

— ס׳איז דען מעגלעך אַנדערש? האָט נתן חיים ווי זיך פאַרענטפערט, וואָס ער בענקט צוריק צו דעם פּוילן, וואָס נישט לאַנג צוריק איז ער פון דאָרט אַוועק אַן אָנגעווייטיקטער מיט אַזוי פיל פאַרדרוס אין זיין האַרץ. — דער חבר איזאַלט מעג אים גלייבן אַז ער האָט אין פּוילן נישט געלעקט קיין האָניק. ס׳איז אָבער זיין היים. דער לוקסעמבורג־גאָרטן אין פּאַריז איז זיכער שענער פאַרן זאַקסישן גאָרטן אין וואַרשע, אָבער אים ציט צום זאַקסישן גאָרטן. די ווייסל איז אים נענטער ווי די סען. דער חבר איזאַלט וועט אַוודאי לאַכן, אַפילו דער הימל אין פּאַריז, זעט אים אויס צו זיין אַן אַנדערער, אַ פרעמדער. יאָ, יאָ חבר אַלטער — פרעמדע הימלען דאָ! עפּעס איז אים דער פּוילישער הימל געווען ליכטיקער, היימלעכער און בלויער.

אַ שטילער איז דער חבר איזאַלט געזעסן, געזשמורעט מיט די אויגן ווי אין גרויס חידוש אויף דעם, וואָס ער הערט דאָ און אַ צופרידנקייט, אַ קוים־געזעענער שמייכל האָט פריידיק געהויערט אַרום זיינע מויל־ווינקלען:

— לאַכן? האָט ער אַ הייב געטאָן זיינע ברייטע אַקסלען. — פאַר־קערט, איך שעץ אייך צוליב דעם. איך לעב שוין אַזוי לאַנג אין אויס־לאַנד און בענק אויך נאָך פּוילן. איר רייכערט? האָט ער דעם גאַסט אונ־טערגעטראָגן אַ זילבערנע פּושקע מיט פּאַפּיראָסן, — אָ, איר רייכערט נישט? גוט אַזוי. ער האָט אַליין פאַררייכערט, געקוקט אַ ווייל אויף די קרייזעלעך רויך און ווידער גענומען ציִען זיין געדאַנק. — די אַנטיסעמיטן וואַרפן אונדז אויף אַז מיר זענען שונאים פון פּוילן, אַז מיר זענען נישט צוגעבונדן צו קיין לאַנד, קומט איר און נאָך אַזעלכע ווי איר און ווייזט אַז דאָס איז נישט אמת, אַז מיר בענקען אַפילו נאָך פּוילן, כאָטש מ׳דריקט דאָרט און מ׳שטיקט דעם ייִד.

נתן חיימען איז דאָ אָנגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז איצט האָט ער אַ גע־לעגנהייט צו פרעגן דעם חבר איזאַלט עפּעס, וואָס ער קען בשום אופן נישט באַנעמען:

— זאָל איך זאָגן, האָט ער נישט דרייסט גענומען ציילן די ווער־

טער, — אַז צוליב אייער ליבשאַפט צו רוסלאַנד, האָט דער חבר איזאַלט אַנגענומען דעם אַרויספאָדער פון די באַלשעוויקעס, זיך אומצוקערן קריק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, טראָץ דער סכּנה פאַרשיקט צו ווערן אָדער, חלילה, פאַרלירן ס'לעבן?

דער חבר איזאַלט האָט אַ ווייל געקוקט אויף דעם גאַסט. קענטיק אַז ער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ פּערזענלעכע פראַגע:

— ניין, חבר פיינזילבער, האָט ער געוויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט.

— נישט צוליב דעם. איך בין דאָך גאַרנישט קיין געבירטיקער פון רוסלאַנד. איך פאָר, ערשטנס, ווייל איך בין אין אויסלאַנד אַ פאַרטרעטער פון דער סאָוועטישער ווירטשאַפט. צווייטנס, ווייל נישט פאָרן וואָלט געמיינט דעזערטירן און אַ רעוואָלוציאָנער איז נישט קיין דעזערטיר!

— מעג איך? איז שוין נתן חיים געוואָרן דרייסטער, — דערמאָנען דעם חבר איזאַלט אַז, לויט אונדזער יידישן באַנעם, טאָר קיינער אַזוינס נישט טאָן, ווייל דאָס מיינט ווערן אַ מאבד עצמו לדעת!

— חבר פיינזילבער. האָט דער חבר איזאַלט שולדיקלעך געשמייכלט.

— איר וועט מיר מוזן דאָס פאַרטייטשן, ליידער קען איך נישט קיין לשון קודש.

— דאָס מיינט פּשוט באַגיין זעלבסטמאָרד און דאָס טאָר דער אַרויסגעפאָדערטער נישט טאָן, כאָטש ער מיינט, אַז אים וועט גאַרנישט געשען ווייל ער פילט זיך אין גאַרנישט שולדיק. גראָד דער חבר איזאַלט ווייסט דאָך ווויל, אַז די באַלשעוויסטישע משפּטים זענען בלויז אַן אויסרייד אויף אָפּצורוימען פּאָליטישע קעגנער, אַפילו אַזאַ ווי דעם חבר איזאַלט, וואָס איז זיי גאָרנישט קיין קעגנער, נאָר פאַרקערט, אַ פריינד, וואָס דינט זיי אַזוי געטריי, דאַרף אַפילו אין אַזאַ פאַל, אַ רעוואָלוציאָנער האַלטן זיין ערנוואָרט? כאָטש ער ווייסט ווויל אַז זיינע אַרויספאָדערער רעכענען זיך נישט מיט קיין ערע און נישט מיט קיין וואָרט!

לויט זיין שטילן איינהערן זיך, האָט ער, נתן חיים, געמיינט, אַז דער הויכגעבילדעטער איזאַלט, וואָס איז אַוודאי אויף פופצן יאָר עלטער פון אים, נעמט איצט איינזען דעם חילוק פון האָבן געגעבן אַן ערנוואָרט צו ערנהאַפטע מענטשן, ביזן געבן אַזאַ וואָרט צו פּאָליטישע שווינדלער און מערדער, האָט גאָר דער חבר איזאַלט ווידער פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און, נאָכן פאַרציִען טיף דעם רויך, האָט ער זיך אָנגעבויגן נענטער צום גאַסט און אים געפרעגט:

— איר פאַרשטייט רוסיש?

— אַ ביסל.

— פאַראַן אַ רוסיש ווערטל: „ליוביש קאַטאַסיאַ? ליובי אי סאַ־באַטשקי וואָזיט". (האָסט ליב זיך צו שליטלען? האָב זשע אויך ליב דאָס שליטעלע צו פירן). און, כדי נישט צו רעדן מער וועגן דער פיינלעכער רייזע, וואָס אים שטייט פאָר, איז ער גיך אַריבער צוריק צום פריערדיקן שמועס, — זאָגט מיר, חבר פיינזילבער, איר באַקלאָגט זיך אין אייערע „איינדרוקן" אויף איינזאַמקייט, אויף אייער זיין דאָ עלנט, ווייסט איר גאָרנישט אַז אין פּאַריז לעבט אַ היפּשלעך גרויסע יידישע באַפעלקערונג? אַז מיר האָבן דאָ אַ קאָלאָניע פון סאָציאַליסטן, בונדיסטן און אויך פּועלי־ציוניסטן! איך וועל אייך טאַקע מאָרגן באַקענען מיט אַ צאָל פון זיי. איך וואָלט אָבער וועלן וויסן, האָט ער אַזוי פּאַטערלעך זיך צוגערוקט נענטער צו אים, — חוץ דער איינזאַמקייט, ווי גייט עס אייך אין פּאַריז? פאַרדינט איר גענוג אויף צו לעבן?

— אַ דאַנק פאַרן פרעגן. איך באַקלאָג זיך נישט, חלילה.

דער חבר איזאַלט האָט געשוויגן, געטראַכט, אַז דער חבר פיינזילבער איז נישט פון די, וואָס פאַרטרויען זיך, כאָטש ער דאַרף זיך גאָרנישט נאָכ־פרעגן, ער זעט לויט זיין הילוך, לויט זיין בלאַסקייט, אַז דער בחור לעקט אויך דאָ, אין פּאַריז, נישט קיין האָניק. האָט ער געוואָגט צו ווערן אינ־טימער:

— פאַר וואָס זשע זענט איר אַזוי בלאַס? אַזוי אָפּגעצערט? איר זעט אויס צו זיין נישט געזונט.

— חלילה, מיר איז גאָרנישט. כ'האָב זיך בלויז צוגעקילט אַ ביסל. כ'בין אין דעם לעצטן גאַס־רעגן געגאַנגען פון דער אַרבעט צו מיר אין האָטעל אַריין, האָב איך נאָך דעם געהאַט אַ ביסל היץ.

— איר זענט געווען ביי אַ דאָקטער?

— צו וואָס? אַ נאָווינע ביי מיר צו זיין אַ ביסל פאַרקילט?

— דאָס איז נישט גוט. איר דאַרפט אַריינגיין צו אַ דאָקטער! מיט אַ פאַרקילונג שפּילט מ'זיך נישט, בפרט איר, וואָס זענט אַזוי בלייך און אויסגעצערט. מיר האָבן דאָ, אין אונדזער קאָלאָניע אַ פריינד, אַ דאָק־טערין. זי איז אויך פון וואַרשע. איר נאָמען איז ד"ר אַננאַ רובינשטיין. איר קענט רעדן מיט איר יידיש.

— איך קען אויך רעדן פּויליש, האָט נתן חיים געפּרוווט הייבן אַ ביסל זיין אָנזען.

— איז דאָך גוט, אייגענע מענטשן. איך וועל נאָך היינט אָפּרעדן מיט דער דאָקטערין, זי זאָל אייך מאָרגן אויפנעמען. ווען איז פאַר אייך באַ־קוועמער, ביי טאָג צי אין אָוונט?

— אַ דאַנק, ס'איז נישט נייטיק. צו וואָס זאָל דער חבר איזאַלט זיך באַמיִען, אַז מיר איז גאָרנישט. אין אַ וואָך — צוויי וועל איך שוין אין גאַנצן האָבן געקומען צו זיך.

— דאָס מעג טאַקע זיין אמת, אָבער לאָזן זיך אונטערזוכן פון אַ דאָק־טער וועט אייך נישט שאַדן. איך וועל אָפּרעדן מיט דער דאָקטאָרין רו־בינשטיין אויף מאָרגן זעקס פאַר נאַכט, און נאָכן וויזיט ביי איר, קומט צו אין קאַפע דאַנטאָן, אויף רעפּובליק. אונדזער קאָלאָניע טרעפט זיך דאָרט יעדן זונטיק אָוונט. אָט איז דער דאָקטערינס אַדרעס, האָט ער אים דערלאַנגט אירס אַ וויזיט־קאַרטל און צוגעגעבן: — פילט זיך פריי, זי וועט אייך אויפנעמען ווי אַ גוטן חבר, אַן געצאָלט.

# קאַפּיטל אַכט

אַ געבענטשטע משפּחה, די אַלטערס, האָט ער געטראַכט, נתן חיים, נאָכן ווערן אַרויסבאַגלייט פון דעם חבר איזאַלט, פון זיין פּרעכטיקער ביוראָ. זיין ברודער, דעם חבר וויקטאָר, אויך זיין שוועסטער, די חברטע אסתר'אַ, זיי קען ער נאָך פון פריִער, האָט ער איצט אויך געהאַט דאָס גליק צו באַקענען זיך מיטן חבר איזאַלט. ווי וווּנדערלעך זיי זענען, די אַלטערס! כאָטש זיי קומען פון אַזאַ רייכער היים, און זענען הויכגעבילדעט זענען זיי דאָך אַזוי פּשוט, אַזוי צוגעלאָזן און שטענדיק גרייט יענעם צו העלפן. אָט אַ שטייגער, ער נתן חיים? וואָס געהער ער זיך אָן מיט דעם חבר איזאַלט? גאָרנישט, בלויז אַ חבר פון דער זעלבער פּאַרטיי, אַ טוער אין דער זעלבער באַוועגונג און זע נאָר ווי אים, דעם חבר איזאַלט גייט עס אין לעבן, וואָס ער זעט אויס אַזוי שלעכט, אַזוי בלייך און אָפּגעצערט.

האָט ער טאַקע זיך געשלאָגן מיט דער דעה, נתן חיים, וואָס ער זאָל דאָ טאָן? דאָס גיין צו אַ דאָקטער איז אים שטענדיק דערווידער, בפרט נאָך אָן געצאָלט. וואָסער משה־מחויב איז אים די דאָקטערין רובינשטיין, ער זאָל זיך לאָזן היילן פון איר אומזיסט? בפרט אַז ס'איז אים גאָר־נישט! אַוודאי, ביי די רייכע לייט, ווי אַ שטייגער די אַלטערס, איז אַ פאַר־קילונג „הימל עפן זיך"! אָבער ביי זיין, נתן חיימס ס'גאַל, וואָס איז אַ פאַרקילונג? אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט. האָט ער טאַקע נישט געהאַט קיין חשק צו גיין צו דער דאָקטערין, אָבער וואָסער פּנים וועט ער האָבן ביי דעם חבר איזאַלט? איז ער צומאָרגנס, זונטיק פאַר נאַכט, אַוועק צו דער דאָקטערין אַננאַ רובינשטיין.

אויפגענומען האָט אים די דאָקטערין נישט אין אַ מעדיצינישן קאַ־בינעט, נאָר אין איר פראַנטשטוב, אַ סאַליע אַ גאַנצע, מיט צוויי גרויסע, ברייט־צעעפנטע פענצטער אין אַ גערטל אַריין. די פיינע, לאַנגע גאָר־דינען איבער די פענצטער האָבן זיך געווינטלט און אַנגעטראָגן פון גערטל אין דער סאַליע אַריין אַ שמעקעדיקע קילקייט פון יונג צעבליטן בעז. שטאָט אַ קאַנאַפּע איז אין דער סאַליע געשטאַנען אָן אָטאָמאַנקע מיט צוויי געבעטע פּאָטעלן, איינע געדעקט מיט גרינעם פּליוש ווי די אָטאָמאַנקע און די צווייטע — מיט פּורפּור־רויטן בראָקאַט ווי די פּאָרטיערן איבער

דער טיר און אין די עקן פוןביידע פענצטער. אויך צוויי שויבנשענק מיט ביכער זענען דאָ געשטאַנען און אַ גרויסע פאַרטאָפּיאַנע אין אויבנאַנדיקן ווינקל אַנטקעגן די צוויי פאָטעלן, מיט די צוויי דאָרפישע לאַנדשאַפטן, אי־בער זיי, און שטיל איז דאָ געווען, גלייך גאַנץ פּאַריז וואָלט איצט געשלאָפן.

— זיצט, האָט אים די דאָקטערין געוויזן אויף אַ שטול און אַליין זיך געזעצט אויף דער אָטאָמאַנקע קעגנאיבער אים.

פריִער, בעת די דאָקטערין האָט אים געפירט פון קאָרידאָר אין דער סאַליע אַריין, האָט דער פּאַציענט זי אָפּגעמאָסטן פון אַלע זייטן און זי איז אים געפעלן, אַ שלאַנקע, אַ יונגע, מסתּמא אין די מיטעלע צוואַנ־ציקער. דעם קאָפּ שוואַרצע, ווייכגעכוואַליעטע האָר טראָגט זי לויז פאַר־קעמט, מיט אַ מיטלסטן שרונט פאָרנט און אַ ווייכן, נאָכהענגענדיקן גרעק — הינטן. די צערע פון איר געזיכט, פון איר האַלדז און אָרעמס איז אַזוי לויטער און אַזוי ווייס, אַז דער דינינקער, קוים קוימיקער פוך איבער איר אייבערשטער ליפּ, שוואַרצט זיך אַזוי שאַרף ווי דאָס וואָלט געווען אַ יונג אויפגעגאַנגען וואָנסעלע. אויך די אויגן אירע האָבן דאַכט זיך געגליט שוואַרצער צוליב דער לויטערער ווייסקייט פון איר געזיכט.

אָנגעטאָן איז די דאָקטערין געווען אין אַ שוואַרץ־טאַפּעטן ספּוד־ניטשקעלע, אַ ווייס־טיולן בלוזקעלע מיט צוויי אַרבעלעך — קוים אַריבער די אַקסלען. פון איר שלאַנקן שיינעם האַלדז איז איר אַראָפּגעהאַנגען אַ דין, זילבערן קייטעלע מיט אַ מענדעליאָניקל, וואָס אַז מ׳עפנט דאָס טי־רעלע, זעט מען אַוודאי אַן אַריינגערעמט פּאָטאָגראַפּל פון אַ קינד צי פון אַ דערוואַקסענעם, ליב־נאָענטן מענטש. די פיס אירע, קליינע, האָבן גע־שטעקט אין האַלב־אָפענע לאַקערקעס מיט דינע, הויכע אָפּצאַסלעך, וואָס האָבן צוגעגעבן איר שלאַנקער פיגור יענע רייצנדיקע, ווייבערישע וויגעווו־דיקייט, וואָס פאַרכאַפּט דעם מאַנס אויג.

— מ׳סיע אַלטע־ע־ר, האָט זי זיך געווענדט צום פּאַציענט אויף ייִדיש, — האָט מיר דערציילט וועגן אייך. ער מיינט אַז איר האָט באַשטימט אַ שרייבערישן טאַלענט. מ׳סיע אַלטעער האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן די „פאָלקס־צייטונג״ און איך וועל באַשטימט איבערלייענען אייערע „איינ־דרוקן פון פּאַריז״.

לויט דעם חבר איזאַלטס רעקאָמענדירן אים די דאָקטערין ווי אַן אייגענעם מענטש, איז ער, נתן חיים, געווען זיכער אַז ער קומט דאָ צו אַ פּאַרטיי־חברטע, האָט אָבער דער דאָקטערינס צוויי מאָל זאָגן „מ׳סיע אַלטעער, שטאָט חבר אַלטעער, אים גלייך אַרויסגענומען פון זיין טעות. וואָס זשע וועט ער דאָ טאָן? לאָזן זיך באַהאַנדלען פון אַ דאָק־

טערין, אַ פרעמד מענטש, אַן געצאָלט? וואָלט ער געהאַט געלט איז מילא. ער איז שוין געווען גרייט זיך צו אַנטשולדיקן און אַוועקגיין, האָט אָבער דער דאָקטערינס זאָג „איך וועל באַשטימט לייענען אייערע „איינדרוקן פון פּאַריז״, פאַרטריבן פון אים דאָס געפיל פון פרעמדקייט און, שוין ווי צו אַ היימיש מענטש, האָט ער מיט פריידיקן חידוש זי געפרעגט:

— די דאָקטערין רובינשטיין לייענט דען יידיש?

פאַר וואָס זאָל איך נישט לייענען קיין יידיש? האָט זי שמייכלענדיק אים צוריק געפרעגט. — האָט אים נישט מ׳סיע אַלטער געזאָגט אַז זי איז די טאָכטער פון אַ יידישן צייטונגס־ליטעראַט?

נישט בלויז שוין היימישלעך, נאָר אויך דערהויבן האָט ער, נתן חיים, זיך איצט געפילט אין דער סאַליע, ביי אַ טאָכטער פון אַ יידישן שרייבער, איז, כּדי זי זאָל נישט בלייבן אַנטוישט, נאָכן האָבן איבערגעלייענט זיינע „איינדרוקן פון פּאַריז״, האָט ער שוין גענומען אַראָפּדינגען פון חבר איר־זאָלטס באַגייסטערונג:

— די פּאַני דאָקטערין דאַרף נישט מיינען אַז ס׳איז טאַקע ווי דער חבר אַלטער מיינט. ער טרייבט אַ ביסל איבער. איך האָב בלויז געשריבן, וואָס איך פיל.

— אַזוי דאַרף זיין. יעדער קינסטלער דאַרף פריִער פילן, האָבן פריִער איבערגעלעבט. וואָס ער נעמט זיך שרייבן, מאָלן, אָדער קאָמפּאָנירן מוזיק. אָבער זאָגט מיר, איז זי באַלד אַריבער צום איריקן, — אויף וואָס באַ־קלאָגט איר זיך?

— ווער זאָגט דען אַז איך באַקלאָג זיך? האָט נתן חיים געהויבן די אַקסלען. — דער חבר אַלטער איז באַשטאַנען איך זאָל אַהערגיין, בין איך געקומען.

— מיר זעט אויס אַז דער מ׳סיע אַלטער איז גערעכט. איר זעט טאַקע אויס זייער בלאַס און אָפּגעצערט. טוט זיך אויס ביזן גאַרטל. מירן באַלד זען וואָס אייך איז.

דער פּאַציענט האָט זיך אַרומגעקוקט, געשמייכלט נאַרישעוואַטע, ס׳הייסט גיי טו זיך אויס ווען אַ יונגע, שיינע פרוי זיצט דיר קעגנאיבער.

די דאָקטערין, זעט אויס, האָט זיך געכאַפּט אויף זיינע קווענקלענישן, האָט זי, שיִער נישט אין געבייזער, אַ זאָג געטאָן:

— דער פאַן איז געקומען צו אַ דאָקטער און פאַר אַ דאָקטער זשעניִרט מ׳זיך נישט! דאָך איז זי פאַרשוווּנדן הינטער די פּאַרטיערן, אין אַ צווייט צימער אַריין.

גיך האָט דער פּאַציענט אויסגעטאָן ס׳רעקל, דעם שניפּס, אַריבערגע־

צויגן ס'העמד איבערן קאָפּ, אַראָפּגעלאָזט ס'שטיקל אונטערוועש ביזן דיי־מען פון די הויזן, איצט האָט די דאָקטערין זיך צוריק באַוויזן פון הינטער די פּאַרטיערן און געבליבן שטיין אַ ווייל קעגנאיבער אים, אָבסערווירט זיין געבוי, געמאָסטן מיטן בליק די שמאַלקייט פון זיין געשטעל, די נישט אַנטוויקלטקייט פון זיין ברוסטקאַסטן, געהייסן אים זיך זעצן אויף דער אָטאָמאַנקע און אַליין זיך געזעצט הינטער אים. זי האָט צוגעלייגט איר אויער צו דער לינקער זייט פון זיין פּלייצע, באַלד צו דער רעכטער, גע־הייסן אים הוסטן, אָטעמען טיף, נישט אָטעמען. איצט האָט זי אַרויפגע־לייגט איר לינקע האַנטפלאַך און מיטן מיטלסטן פינגער פון איר רעכ־טער האַנט, אים אויסגעקלאַפּט, דורך איר לינקער האַנט, די לאָפּעטקעס, די זשעברעס. נאָך דעם האָט זי אים אויסגעדרייט מיטן פּנים צו זיך, אָוועקגעלייגט איר רעכטע באַק און אויער אויף זיין לינקער ברוסט און זיך גענומען איינהערן צום קלאַפּן פון זיין האַרץ.

דורך דער היפשער ווייל פון איר באַטראַכטן אים, פון איר איינהערן זיך אין די שטילע גערוישן פון זיינע אינגעווייידן, איז אים, נתן חיימען, אַפילו אויף איין רגע נישט איינגעפאַלן אַז ער געפינט זיך אין די קאַלט־פּאַרשנדיקע הענט פון אַ דאָקטער, וואָס באַטראַכט און באַטאַפּט זיין ביסל לעבן און ער, דער פּאַציענט, דאַרף זיין אין שרעק פאַרן דאָקטערס ראַ־פּאָרט. פאַרקערט, ווי נאָר „דער דאָקטער" האָט באַרירט זיין לייב איז אין אים אויפגעגאַנגען אַזאַ הנאהדיקער ציטער און מאַנצבילשע דראַנ־גען זענען אין אים אַנגעלאָפן. די וואַרעמקייט פון מיידלשן געזיכט, פון איר האַלדז און אַקסלען, פון אירע צאַרטע, ווייסע הענט, אויסגעאיידלטע אין זאַלבן און איילן, האָבן אַזוי זיס געלאַשטשעט זיין לייב, געהייטערט זיין געמיט און איצט, ווען זי האָט אים נאָך אַרומגענומען, אויסגעדרייט אים מיטן פּנים צו זיך, אָוועקגעלייגט איר באַק אויף זיין ברוסט און ער האָט געהאַט אַזוי נאָענט איר פּרעכטיק געפאַרעמטן האַלדז, איר לויטער ווייסן אַקסל, האָט ער שוין אין גאַנצן נישט געדענקט צו וועמען ער איז דאָ געקומען. לייכט האָט ער אָנגעבויגן זיין קאָפּ און צאַרט און מיט ציטער אין זיין גאַנץ געביין, באַרירט מיט זיינע ליפּן איר שיינעם, ווייסן נאַקן.

ווי געביסן פון אַ שלאַנג, האָט די דאָקטערין זיך געטאָן אַ צאַפּל, אויפגעשפּרונגען פון דער קאַנאַפּקע און אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן, פול מיט איבעראַשונג און צעטומלעניש.

אויך ער, נתן חיים, איז אויף אַ רגע געווען דערשראָקן פון דעם, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן. באַלד אָבער האָט ער צוריקגעוווּנען דאָס

גלייכגעוויכט און, ווי אין פאַראיין אין וואַרשע, צי אין לובלין, ווען ער האָט אַרומגענומען אַ מיידל און, אַזוי אומגעריכט, איר אַ קוש געטאָן און זי האָט געפּרוווט מאַכן דעם אָנשטעל פון באַליידיקטקייט, אַזוי האָט ער אויך דאָ דרייסט און מיט זעלבסטזיכערקייט געשמייכלט דער דאָקטערין גלייך אין אירע שיינע אויגן אַריין.

אָט די זעלבסטזיכערקייט פון דעם פּאַציענט האָט די דאָקטערין אין גאַנצן אַנטוואָפנט, עפּעס ווי אָוועקגעשאַרט פון איר דעם דאָקטער און אַרויסגעלאָקט די פרוי און איר, דער פרוי, האָט גראָד דער בחור אימ־פּאָנירט, אַפילו זי פאַראינטריגירט. איז, שטאָט דער פריערדיקער דער־שראָקנקייט, אויפגעגאַנגען איבער איר שיין, לויטער געזיכט אַ לייכטער שמייכל פון צופרידנקייט, אָט יענע צופרידנקייט, וואָס פרויען לעבן אי־בער ווען זיי זעען אַז זיי געפעלן, אַז זיי אימפּאָנירן און נעמען אויס. האָט אָבער דער „דאָקטער" אין איר, באַלד פאַריאָגט דאָס לייכטע שמייכעלע פון איר געזיכט און צוריק אָנגעטריבן די אָפיציעלקייט פון „באַליידיקטן דאָקטער" און, מיט כלומרשטער בייזקייט, האָט זי אַ זאָג געטאָן אין פויליש:

— ווסטידזש שיען פּאַן! (שעמען מעג ער זיך!) נאָר געטראַכט האָט זי: „שוין איין מאָל אַ ,סאָמיעץ' (אַ מאַנצפּאַרשוין)".

אים אָבער, נתן חיימען, האָט איר ווערלן אים פאַרשעמען ווייניק גע־אַרט. זיכער אין זיך ווי פריער, אַז די בייזקייט אירע איז בלויז אָנשטעל, האָט ער רויִק איר געענטפערט:

— ער זעט נישט פאַר וואָס ער דאַרף זיך דאָ שעמען. וואָס איז ער שולדיק אַז ער האָט אַזאַ טבע? ווען ער זעט שיינקייט ווערט ער באַרוישט און די פּאַני רובינשטיין איז אַזאַ הערלעכע, אַזאַ איידעלע שיינהייט!

די דאָקטערין איז געוואָרן געפּלעפט. אַזוי יונג און שוין אַזוי דרייסט! נישט בלויז אַנטשולדיקט ער זיך נישט, נאָר בכיוון רעדט ער צו איר ווי צו אַ פרוי: „די פּאַני רובינשטיין און נישט די דאָקטערין רובינשטיין"! האָט זי בייזלעך שוין אַ זאָג געטאָן:

— דער פּאַן איז דאָ געקומען צו אַ דאָקטער, נישט צו דער פּאַני רובינשטיין און די פּאַני רובינשטיין איז נישט קיין סטאַטוע אין לוווּר, דער פּאַן זאָל באַוווּנדערן איר שיינקייט. נאָר סיי ווי, דער פּאַן קען גיין, דער פּאַן איז נישט קראַנק. אָבער מ'סיע אַלטעער ווערט נאָך היינט וויסן, וואָסער פויגל דער פּאַן איז!

# קאַפּיטל ניין

פּאַריז איז נאָך געווען אין טרויער. ווי עס איז שוין געווען אַריבער מער ווי אַ יאָר אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט נאָך אַלץ דאָס געוויין און געקלאָג נאָך די אומגעקומענע זין, נאָך די טאַטעס און מאַנען געהויערט איבער מיליאָנען שטובן און היימען אין פראַנקרייך. אויף שריט און טריט, אין גערעדטן וואָרט ווי אין שריפט און דרוק, פון אומעטום איז אויפגעגאַנגען איין געשריי, איין געבעט: „זשאמע אונע אָטרע גוער", (קיין מאָל מער קיין קריג!).

נאָר אויב דער געיאָמער, דאָס געוויין איבער גאַנץ פראַנקרייך נאָך די מיליאָנען געפאַלענע האָט זיך שוין, דורך דער אָפּגעלאָפענער צייט, אָנגעהויבן לעשן, זיך איינשטילן, איז אָבער דער ווייטיק אין האַרץ, די ווונד אין דער יידישער נשמה אויף ס׳ניי אויפגעריסן געוואָרן דורך די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, דורך דעם פרישן פאַרגאָסענעם בלוט פון טוי־זנטער און טויזנטער יידישע מאַמעס און טאַטעס, פון געשענדטע יידישע טעכטער און געשאָכטענע יידישע קינדער אין פּראָסקוראָוו, אין אומאַן און אין צענדליקער אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון דעם היידאַמאַקישן לאַנד.

צוליב די שחיטות זענען דעמאָלט די ווענט פון די הייזער אויפן בעל־וויל, אויפן פּלעצל, אויף די צייטונגס־קיאָסקן און לאַמטערן־סלופּעס גע־ווען פאַרקלעפּט מיט פּלאַקאַטן און מודעות, וואָס האָבן גערופן יידן, יונג און אַלט צו קומען אין „טראָקאַדעראָ" צו דעם גרויסן פּראָטעסט־פאַרזאַמל, גערופן פון דער „ליגע פאַר מענטשן־רעכט", אויסצושרייען דאָס גרויסע געשריי פון אַ פאָלק קעגן די אַכזריותן, קעגן די שחיטות איבער אומבאַ־שיצטע און אומשולדיקע יידישע מענער, פרויען און קינדער. און ווי דער געשריי אין מויל פון די פראַנצויזן איז געווען „זשאמע", קיין מאָל נישט מער קיין קריג, אַזוי איז דאָס געשריי אין מויל פון די יידן געווען: „זכור", געדענק, וואָס די היידאַמאַקישע עמלקים, האָבן צו אונדז געטאָן! „אַל תשכח"! קיין מאָל זיי דאָס נישט פאַרגעסן!

כאָטש ווי האָבן פּאַריזער יידן דאָס געקענט פאַרגעסן, אַז דער אָנגע־לויף פון די פּאָגראָם־גזלנים פון אוקראַינע איז געווען אַזוי גרויס! אויף זייער וועג צו קרובים אין אַמעריקע, האָבן זיך טויזנטער פון די

ניצול־געוואָרענע ייִדן אָפּגעשטעלט אין פּאַריז, זיך דאָ געוואַלגערט אין פאַרוואַנצטע האָטעלכלעך, געלעגן אָפּגעוואָרפן ווי מיסט אין חתונה־זאַלן, אין דאַוון־שטיבלעך, אַפילו אין שולן, וווּ זיי האָבן געוואַרט, ווער עס האָט געוואַרט צו קריגן אַ פּלאַץ אויף אַ שיף, ווער — אויף צוגאָב־פּאַפּירן און ווער — אויף נאָך געלט, וואָס אַ טייל פון דעם פריִער־געקראָגענעם איז זיי, אין די לאַנגע חדשים שלעפּן זיך אונטערוועגנס, אויסגעגאַנגען און זיי מוזן צוקריגן פון זייערע רעטער נאָך מזומן צו קענען דערפאָרן קיין ניו־יאָרק, קיין באָסטאָן, קיין פילאַדעלפיע, קיין שיקאַגאָ.

איז דאָס ייִדישע פּאַריז געווען פול פון איין זייט מיט די ניצול־געוואָרענע פון אוקראַיִנע, פון דער אַנדערער זייט מיט פריש־צוגעפאָרענע ייִדן פון פּוילן, פון גאַליציע, פון רומעניע און, פון וווּ נישט? אין די שמאָלע, ענגע געסלעך פון פּלעצל, פון בעלוויל, אַרום די כשר־רעסטאָראַנדלעך, לעבן שפּייזמאַנס ספרים־געוועלבל, לענג־אויס רי דע ריוואָלי, אומעטום האָבן די ניַי־צוגעפאָרענע זיך אַרומגעשליאָנדערט, זיך געקליבן אין קרייזלעך, געשמועסט, געשניפּט מיט די נעז צו דערגיין נייעס פון אַמעריקע, פון דער אַלטער היים, דער עיקר אָבער: ווען וועט זייער וואַנדערן, זייער נע־ונד זיין שוין קומען צו אַ סוף?

ווי געוויינלעך אין געוויטערן טראָגן זיך מיט די אויפגעראָיעטע וואַסערן אויך אָפּפאַל, מיסט, וואָס דער אַנפלייץ שלעפּט מיט זיך אויף זיין שטראָמיקן וועג, אַזוי האָט אויך דער מענטשן־אַנפלייץ קיין פּאַריז, מיטגעטראָגן מיט זיך מענטשן־אָפּפאַל, מענטשן־מיסט. און איינער אין די מענטשן־מיסטן איז געווען אַ מאָדזשיצער תכשיט, יונה זאַנוואַלע, אַ פאַרשוין פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ דאַרער, דאָס פּנימל — גרינלעך־בלאַס, מיט שוואַרצע רינגען אַרום די גרוילעך־בלויע אויגן.

צוליב דער מלחמה וואָס פּילסודסקי האָט אויף גיך געהאַט פאַרפירט קעגן די באָלשעוויקעס, אויפצושטעלן צוריק דאָס אַמאָליקע גרויס־פּוילן, „אָד מאָרזשאַ, דאָ מאָרזשאַ” פון באַלטישן ביזן שוואַרצן ים, אָט, צוליב דער מלחמה, אויסצומיידן גיין געהרגעט ווערן פאַר פּילסודסקיס חלומות, האָט דאָס יונה זאַנוואַלע זיך מיטגעכאַפּט מיט די ניצול־געוואָרענע ייִדן פון אוקראַיִנע, וואָס אויף זייער וועג קיין אַמעריקע, האָבן זיי זיך געמוזט אָפּשטעלן אין פּוילן, דאַרטן צו קריגן די אַמעריקאַנער וויזעס, אָפּצונעמען אין וואַרשעווער בענק די צוגעשיקטע געלטער, די אַרויספאָדער־פּאַפּירן, האָט זיך דאָס איצט יונה זאַנוואַלע אויך אַרומגעשליאָנדערט איבער די פּאַריזער גאַסן צוגלייך מיט די קרענצלעך אַנגעפאָרענע ייִדן.

אַ זינדל פון אַ פאַרמעגלעכן טאַטן, אַן אָפּגעציטערטער ביי דער מאָ־

מען, וואָס שטענדיק האָט זי אים נאָכגעטראָגן דעם פּרעס — אַ זעמעלע מיט פּוטער, אַ שיטער אייעלע, אַ גלאָז קאַקאַאָ מיט שמאַנט — איז, פון גרויס שווילטיק, דאָס תּכשיטל שוין קליינערהייט געווען אַן אויסוואורף, אַ גנב, אַ קורוועניק. צו פערצן, פופצן יאָר האָט ער שוין מיט אַ טעוועלע שאָקאָלאַד פאַרנאַרט מיידלעך, שיקסלעך צום טאַטן אויפן בוידעם און זיי דאָרט צורעכטגעמאַכט, האָט ער אויך דאָ, אין פאַריז, באַלד נאָך זיין אָנ־קומען, גענומען פראַווען די זעלבע אַוואַנטורעס.

איינמאָל, מיטאָג־צייט, נתן חיים איז געהאַט אַראָפּגעקומען פון דער אַטעליע אויף זיין וועג צום רעסטאָראַנדל, ער טוט אַ קוק: „סקאַנדל קומט", יונה זאַנוואַלע גייט אים אַקעגן:

— נתן חיים! איז דאָס פאַרשווינדל צו אים צו מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס, — אויף דיר וואַרט איך דאָך!

— אויף מיר? האָט נתן חיים אַ ברום געטאָן און דערביי געוואָרפן אויגן אַרום, ווו ער זאָל דאָ וואָס גיכער אַנטרינען. פון קינדהייט אָן האָט ער יונה זאַנוואַלען פיינט געהאַט ווי קיין אַנדערן אין שטעטל. נישט בלויז די קינדערישע קינאה, וואָס ער, נתן חיים, האָט אָפּט נישט געהאַט צו דער זעט אַ שטיקל טרוקן, אַלטגעבאַקן ברויט, בעת אים, יונה זאַנוואַלען, האָט זיין מאַמע געשטאָפּט מיט כּל טוב. נישט בלויז צוליב דעם, ער האָט יונה זאַנוואַלען נישט געקענט פאַרטראָגן צוליב זיין רישעות, צוליב זיין הנאה יענעם ווי צו טאָן. דאָס איינציקע יינגל אין מאַדזשיץ, וואָס האָט געהאַט די זכיה צו האָבן אַ רייטוועגעלע, אַ ראָווערל אויף דריי רעדלעך, איז נישט נאָר וואָס ער האָט קיין יינגל נישט געלאָזט אויף דעם אַ רייט־טאָן, ער האָט עס אַפילו נישט געלאָזט אָנרירן, איז אָט, ויבוא המן, יונה זאַנוואַלע איז אין פאַריז!

זייטיקלעך האָט נתן חיים אָפּגעמאָסטן דעם בן־העיר זיינעם. פון אַמאָל נאָך ווייסט ער אַז יונה זאַנוואַלעס אָפּגעצערטקייט איז נישט, חלילה, צו־ליב זיין נישט דערעסן אַ מאָלצייט ווייל ער דאַרף אָפּצאָלן אַ חוב, ווי ער, נתן חיים, טוט דאָס, נאָר ווייל ער וואַלגערט זיך שטענדיק אַרום מיט נקבות. פראַוועט ער שוין, אויך דאָ, זיינע שטיק?

— מיך זוכסטו? האָט נתן חיים אין חידוש געהויבן די אַקסלען. צו וואָס דאַרפסטו מיך?

— ועמען דען זאָל איך זוכן אויב נישט אַ היימישן? מ'זעמע דאָך עפּעס אַלטע „פּזשיאַטשעלעס פון דער היים נאָך".

— אַוודאי, האָט נתן חיים אַ ברום געטאָן, ער און יונה זאַנוואַלע —

„פזשיאַטשעלעס", געפרעגט אָבער האָט ער אים: — ביסט שוין לאַנג אין פּאַריז? אַרבעטסט שוין?

— אַרבעטן? האָט יונה זאַנוואַלע פאַרקרימט ס׳פּרצוף זיינס, — פערד אַרבעטן!

— אָ, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן. צו וואָס דאַרפסטו אַרבעטן? די מאַמע דיינע טראָגט דאָך דיר נאָך אַלץ נאָך אַ זעמעלע מיט פוטער, אַ לויז אייעלע, אַ גלעזל קאַקאַאָ מיט שמאַנט, אַ יאָ, יונה זאַנוול?

— דו מעגסט זיך לאַכן, אָבער ס׳איז מיר דאָ בעסער ווי אין מאַדזשיץ און מיידלעך האָב איך דאָ מער ווי אין דער היים. דו ביסט דאָך אַ גאַנצער פּאַריזער, אַ יאָ, נתן חיים? פון דעסטוועגן טאָמער ווילסטו, קען איך דיר דאָ צושאַנצן אַ נקבהלע, אַז וועסט לעקן די פינגער.

— ביסט ערשט געקומען און האָסט שוין נקבהלעך?

— אוי, יעך נעם מיר ס׳לעבן! האָט יונה זאַנוואַלע אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און זיך הילכיק צעלאַכט. — דו ווייסט גאָרנישט? צווישן די עמיגראַנטן, וואָס וואַרטן דאָ צו פאָרן קיין אַמעריקע, איז דאָ אַזוי פיל מיידלעך אַז מ׳קען באַטיילן אַ פאָלק זעלבנער! דו הערסט, נתן חיים, זיי זענען צוקער־זיס, די מיידלעך. וואָס ווילסטו? אַ זעכצן־יעריקע? אַן אַכצן יעריקע? און זיי זענען אַלע „צעלקעס", (בתולות) איינע און איינע. און ס׳איז גאָרנישט שווער זיי צו קריגן. איך גיי מיר אַרויף אין אַ זאַל, באַ־קען מיך מיט וועלכער מיר געפעלט, גיי מיט איר שפּאַצירן, פונדעווע איר אַ טעוועלע שאָקאָלאַד, דערנאָך נעם איך זי אַרויף צו מיר אין האָטעל און, ס׳איז חי געלעבט!

נתן חיימען האָט פאַרפעלט אָטעם. פון איין זייט — אַזאַ נאַכאַלסטוואָ, אומגליקלעך מאַכן יידישע טעכטער! פון דער אַנדערער זייט — דער כוח הדם! וואָס מיט אים שלאָגט ער זיך, נתן חיים, זינט ער איז אין פּאַריז און דאָ קומט יונה זאַנוואַלע און אַזוי איינס און צוויי, כאָטש נעם שוין און גיי אויך מיט אַרויף אין וועלכן זאַל... ער האָט אָבער געהאַמעוועט זיינע געבליטן, זאָל נאָר יונה זאַנוואַלע נישט זען וואָס אין אים גייט אָן. כלומרשט רויִק פרעגט ער זיך נאָך:

— די מיידלעך זענען דען אַליין?

— טייל זענען אַליין, אַנדערע זענען מיט אַ קלענער ברודערל, מיט אַ שוועסטערל, נאָך אַנדערע זענען מיט אַ טאַטן, צי מיט אַ מאַמע.

— און די טאַטעס, די מאַמעס זאָגן גאָרנישט?

— וואָס זאָלן זיי זאָגן? זיי דאַנקען גאָט אַז די מויד קען מיט עמעצן אַראָפגיין שפּאַצירן, זען פּאַריז, זיך אַ ביסל ווײַלן.

רי דע ראַזיע האָט איצט געראַשט. ס'איז מיטאָגצייט, אַרבעטער איילן איבער די שמאָלע טראָטואַרלעך, נאָר ער, נתן חיים, איז געווען פאַרטראַגן, נישט געדענקט אַז אויך ער דאַרף איילן אין רעסטאָראַנדל. שטאָט דעם איז ער גאָר געשטאַנען לעבן דעם בן־העיר און זיך געאַמפּערט מיט דעם אַנגעלאָפּענעם אויפברויז, וואָס טרייבט אים, יאָגט אים, נאָר ער הערט זיך איין אין דעם אַנגעשטאַנענעם קול, וואָס רעדט צו אים: „דו? נתן חיים! אומגליקלעך מאַכן יידישע מיידלעך, יתומות, נאָר־וואָס ניצול־געוואָרענע פון פאַראומריינקייט ווערן אין דער היידאַמאַקישער שחיטה!

— יאָ, יונה זאַנוול, כ'על זיך אויך מיטכאַפּן מיט דיר אין וועלכער סאַליע אַריין, האָט נתן חיים געמאַכט אַן אַנשטעל ווי ער איז טאַקע גרייט אויף אַזאַ אַוואַנטורע. — אָבער וואָס טו איך טאָמער לאָזט מיך דער קאָנסיערזש נישט אַרויף מיט דעם „נקבהלע״?

— פּ. ק. האָט יונה זאַנוואַלע, אָפּלאַכנדיק פון אים, אַ געשריי געטאָן:
— נותן אים אין יד אַריין אַ פינפער־פראַנק, ווערט ער דאָך גלייך בלינד און שטום!

— וואָס זשע טו איך? יונה זאַנוול? איצט מוז איך אָפּעסן און קריקגיין צו דער אַרבעט.

— עט מ'עס אָפּ לייגן אויף מאָרגן. אַז דו קענסט וואַרטן קען יעך אויך. אָבער געדענק די עמיגראַנטן גיט מען עסן איינס אַזייגער. אַז מירן אַהינקומען צוויי נאָך מיטאָג, האָבן מיר פיר שעה ביז „קאָלאַציע״, ווייל זעקס פאַר נאַכט מוזן די מיידלעך זיין צוריק צו נאַכטעסן און נאָכן עסן שטייט שוין אַ שומר ביי דער טיר.

— גוט, איז נתן חיים כלומרשט באַשטאַנען, — טרעפן מיר זיך מאָרגן האַלב־צוויי, אָט דאָ, ביי דעם ספרים־געוועלב.

יונה זאַנוואַלע איז אַרויס אויף רי דע ריוואָלי און ער, נתן חיים, איז אַריין אין רעסטאָראַן. דער גאַרסאָן אין פאַרפעצטן רעקל מיטן נישט אַזוי ווייסן פאַרטעכל איבערן בויך, האָט אים צוגעברענגט די פאַרשפּייז, באַלד דעם בוליאָן מיט לאָקשן, נאָר נתן חיים האָט נישט געוווּסט וואָס ער עסט. אויך שפּעטער, אין דער אַטעליע, איז ער געזעסן אַ פאַרטראָגענער. די מאַשין־נאָדל איז געלאָפן גיך, נאָר זיין דמיון איז געלאָפן נאָך גיכער. דער שטענדיקער קידער־ווידער אין אים האָט זיך געבאָרעט, זיך געאַמפּערט. האָט איין קול אין אים געפרעגט: „נתן חיים, דו רעכנסט זיך טאַקע מאָרגן צו טרעפן מיט יונה זאַנוואַלען? און דו ווײסט האָבן ס'יהדות צו פאַרפירן אַ יונג קינד? זי קען דאָך פאַרגיין אין טראָגן, זי קען זיך

דאָך גיין טרענקען! האָט באַלד ס׳אַנדערע קול אין אים זיך אויפגעכאַפּט: נתן חיימל! גראָד אין פּאַריז ווערסטו אַזאַ צדיקל?

אַ גאַנצע נאַכט נאָך דעם טרעפעניש מיט יונה זאַנוואַלען, האָט ער זיך אַזוי געראַנגלט, נתן חיים, מיט זיך אַליין. דער כּוח הדם האָט געטריבן אוך דער מענטש אין אים האָט געהאַמעוועט און אַזוי ביז אין דער פרי. ער איז אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט, און געפאָרן איז ער גאָר אַוועק אויפן בעלוויל, אין זאַל צו די דורכפאָרנדיקע עמיגראַנטן. דאָס בילד האָט אים דערמאָנט די חתונה־זאַלן, די דאַוון־שטיבלעך, דעם גמינע־זאַל אין וואַר־שע. ווי דאָרט, אַזוי זענען די מענטשן דאָ, געלעגן, געזעסן אויפן אָנגע־שמוצטן דיל. ווער ס׳האָט געהאַט אַ שטרויזאַק אונטער זיך און ווער — אַ ביסל אויסגעשפּרייטע שמאַטעס. און, ווי אין וואַרשע די אַרויסגעטרי־בענע ייִדן פון זייערע שטעטלעך, אַזוי זענען דאָ די ניצול־געוואָרענע ייִדן פון די אוקראַיִנער פּאָגראָמען, געלעגן אין געזינדן, אין גרופּקעס, מיט דעם טרויעריקן חילוק, וואָס אין וואַרשע איז יעדער גרופּקע געווען אַ גאַנצע משפּחה, טייל אַפילו מיט זיידע־באָבע. בלויז שפּעטער, טיף שוין אין דער מלחמה, פאַרכאַפּטע שוין פון טיפוס, פון דיזענטעריע, זענען פיל פון די משפּחות געבליבן אָן אַ פאָטער, אָן אַ מוטער, טייל — אָן ביידע, אַנדערע — מיט איינס אָדער מיט עטלעכע קינדער אויף די וואַרשעווער בית עולמס שוין. דאָ אָבער זענען באַלד געקומען צעבראָכענע, צעלאַ־מיעטע געזינדן, שפּליטערס בלויז פון פּאָגראָם־געוויטער. אָט זיצט דאָרט אַ מאַמע מיט איין ניצול־געוואָרן קינד אין אירע אָרעמס. אָט האָוועט אַ טאַטע אַרום אַ קליין יינגל, אַוודאי דאָס איינציק געבליבענע פון זיין אויסגעשאָכטענער משפּחה. און אָט איז אַ מיידל, אַליין אַ קינד נאָך, הוי־ערט זי איבער צוויי קלענערע שוועסטערלעך, צעשויבערטע ווי זי, וואָס די אומבאַהאָלפנקייט פון זיין אַזוי יונג אַ מאַמע ליגט איר אויפן קינדישן פּנימל. איז אפשר אויך זי איינע פון די מיידלעך, וואָס יונה זאַנוואַלע לאָקט זיי אַרויס מיט אַ טעוועלע שאָקאָלאַד, זיי אַרויפצוקריגן צו זיך אין האָטעל אַריין?

אַ היפּשע ווייל איז אַזוי נתן חיים געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, געזיפצט, געטראַכט: „יאָ, דאָס אייגענע גרויל־בילד, נאָר דאָ נאָך גרוי־ליקער!“ און די לופט שטיקט פון עיפּוש און דער סופּיט שפּאַלט זיך פון די געשרייען, פון די געקריגערייען צווישן ווייבער, צווישן אונטערגעע־וואַקסענע קינדער, די אויף גיך געוואָרענע טאַטעס און מאַמעס איבער די קלענערע, פאַריתומטע שוועסטערלעך און ברידערלעך און די געקריגע־רייען — איבער דעם, וואָס איינע אָדער איינער האָט מסיג־גבול געווען

דער אַנדערער ביים אויסשפרייטן די לאַכעס, ביים צורוקן דעם שטרויזאַק, אָדער גאָר ביים אַוועקשטעלן אַ וואַליזקע צו נאָענט צום שכן. צוליב דעם האָט דאָס די באַעוולטע געטאָן אַ שליידער מיטן פּוס יענעמס פּעקל, יענעמס שטרויזאַק אין מיטן דורכגאַנג אַריין. און צוליב דעם רייסט מ׳זיך ביי די האָר און מ׳איז גרייט צו פאַרפאַרן מיט די נעגל איינע דער אַנדערער אין די אויגן אַריין.

ס׳האַרץ אין נתן חיימען האָט געוויינט: „גאָט אין הימל, ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צו דער פּיין, צו די יסורים פון ייִד, צו דער פאַרשעמונג פון מענטש. און אָט דאָ אַהער קומט דאָס יונה זאַנוואַלע נאָך נקבהלעך!״ פּאַוואָליע האָט ער געפירט דעם בליק איבערן זאַל, באַטראַכט די צעפּלאָשעטע, די נישט אויסגעשלאָפענע מיידלעך, קינדער נאָך פון פערצן, פופצן יאָר. ווייניק פון זיי זעען אויס צו זיין אַ ביסל עלטער און זיי זענען דאָס די „פאַרזאָרגערינס״ און „באַשיצערינס״ פון די ניצול־געוואָרענע, קלענערע פון זיי. איז אַ ווונדער, וואָס אַזאַ מיידל דאַנקט גאָט אַז זי קען אויף אַ ווייל זיך אַרויסכאַפּן פון די געוויינען און געשרייען, נאָך דערצו מיט אַ „קאַוואַליער״ וואָס נעמט זי „צו ווייזן איר פאַריז״, די שטאָט וואָס מ׳זעט דורך די פענצטער ווי זי לאַקט און מאַניעט און דאָס יונגמיידלשע האַרץ און פאַנטאַזיע בענקט און ציט אַזוי אַרויס צו איר.

ער האָט געשטעלט אַ טראַט אַריבער דער שוועל, נתן חיים, נאָר שטאָט ווייטער אין זאַל אַריין, האָט ער זיך פאַרנומען רעכטס צו דער אָפענער טיר פון ביוראָ־שטיבל. אַ יונגע פרוי מיט אַ הויכן קאָקס שוואַרצע האָר, די היפשלעכע באַקן אָנגעפּודערט, די דיקע ליפּן אָנגערוזשט, די לאַנגע נעגל אָנגערויטיקט, אָט די דאַמע איז געזעסן זייער פאַרטאָן. אָט האָט זי עפּעס אַריינגעשריבן אין אַ לאַנגלעכדיק בוך, אָט האָט זי גערעדט אויפן טעלעפאָן און אָט גאָר האָט זי זיך געטאָן אַ יאָג פאַרביי אים אין זאַל אַריין, איינצושטילן צוויי צעקריגטע ווייבער, צי גאָר מיידלעך, וואָס אַלע, אין זייער ביטערניש פון דעם חדשים־לאַנגן וואַלגערן זיך אונטערוועגנס, האָבן זיי צעטרענצלט די נערוון, פאַרלוירן דאָס ביסל מענטשלעכע געדולד צו קענען רעדן געלאַסן, שטיל, צו קענען פאַרטראָגן איינע דער אַנדערערס אָטעם, ווער שמועסט אימיצן אַנדערשס קול.

ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, נתן חיים, די פאָנפאַראָנקע זעט אים אויס צו זיין אַ פראַנצויזקע, דאָך האָט ער געפרוווט:

— איר רעדט ייִדיש?

די פרוי האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט אויף אים, ווי זי וואָלט זיך געוווּנדערט פון וואַנעט דער מענטש האָט זיך דאָ אַריינגעיאָוועט:

צי איך רעד יידיש? האָט זי אים צוריקגעפרעגט און אים געוויזן אין זאַל אַריין: — מיט דעם אָנגעלויף וואָלט איך זיך אָן עצה געטאָן אָן יידיש? אָבער ווער זענט איר? איר זוכט דאָ אַ פריינד? אַ קרוב?

— ניין, איך זוך דאָ קיינעם נישט. איך בין בלויז געקומען אייך וואַרענען.

— מיך וואָרענען? האָט די פרוי שטאַרק געדריקט אויף דעם וואָרט „וואָרענען", מער אין געבייזער ווי אין חידוש. — איר מאָנט עפּעס ביי מיר, וואָס איר קומט מיך וואָרענען איך זאָל באַצאָלן?

— חלילה, איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. נישט אייך, איך בין געקומען וואָרענען די אָנפירער דאָ קעגן איינעם, וואָס קומט דאָ אַרויף, באַקענט זיך מיט איינע פון די מיידלעך, גייט מיט איר שפּאַצירן, כּלומרשט וויזן איר פּאַריז, נאָר דערוויַיל נעמט ער זי אַרויף צו זיך אין האָטעל און מאַכט זי אומגליקלעך.

די פרוי איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון שטול:

— ווי זעט דער יונגערמאַן אויס?

— אַן אָפּגעצערטער, אַ בלאַסער, אַ ביסל נידעריקער פון מיר.

די פרוי האָט זיך צוריק געזעצט אויף דער שטול, געקוקט אַ דערשראָקענע אויף אים ווי ער, נתן חיים, וואָלט דאָס געווען דער „יונגערמאַן". באַלד האָט זי איר בליק געלאָזט וואַנדערן איבערן זאַל, געוואָלט, זעט אויס שוין, וויַיל ער איז דאָ, אַרויסרופן וועלכע פון די מיידלעך, זי אויספרעגן, קאָנפראָנטירן, באַלד אָבער האָט זי צוריקגעבליקט צו אים:

— איר קענט דעם יונגנמאַן?

— צי איך קען אים? הלוואַי וואָלט איך אים נישט געקענט!

— קענט איר פילייכט אַרויפקומען מיט אים אַהער?

נתן חיים האָט נישט באַלד געענטפערט. אַזוי, דאָס איז די פרוי אויסן. ניין, אויף דעם איז ער נישט גרייט. וואָרענען קעגן יונה זאַנוואַלעס אַרויפקומען אַהער, דאָס יאָ, אָבער ברענגען דעם תּכשיט אַהער, איבערגעגעבן צו ווערן צו דער פּאָליציי, דאָס נישט! געענטפערט אָבער דער פרוי האָט ער:

— וואָס? ער זאָל אַרויפקומען מיט דעם יונגנמאַן אַהער? פאַר וואָס נישט? אַפילו מאָרגן.

— מערסי באַקו, האָט די פרוי אים געדאַנקט און זייער צופרידן אים געדריקט די האַנט, — זאָל ער נאָר אַרויפקומען מיט דעם יונגנמאַן. און ווי צו זיך אַליין האָט זי צוגעגעבן: מער וועלן שוין קיין פרעמדע מענער אַהער נישט אַרויפקומען.

## קאַפּיטל צען

ניין, דער פּאַריזער איינפּיר אָפּצוהאַלטן זיצונגען אין אַ קאַפע, איז אים, נתן חיימען, נישט געפעלן. אָט זיצט אַ גרופּע מענטשן אין איין זייט פון צימער, פאַרטאָן אין ענין און אין צווייטן עק פון זעלבן צימער, זיצן אַנדערע מענטשן אויך אַרום צונויפגערוקטע טישלעך און דיסקוטירן, אַמפּערן זיך וועגן עפּעס אַנדערש און דאָס הויך, אויפן קול, אַפילו מיט געשריי און געליאַרעם.

ביים ערשטן מאָל זיין אויף אַזאַ צונויפקום האָט עס אים נישט אַזוי שטאַרק געאַרט. אַן אויפגעהייטערטער פון דעם זיין פאַרבעטן צווישן גע־הויבענע לייט, האָט ער גאַרנישט געהערט דעם געטומל אין דער אַנדע־רער זייט פון צימער. ער האָט אַפילו נישט באַמערקט די גאַרסאָנס מיט די ווייסע פאַרטעכלעך איבער די שוואַרצע הויזן, ווי זיי שוועבן הין און צוריק ביים ברענגען די באַשטעלונגען, כאָטש ער האָט אַליין אויך, נתן חיים, געטרונקען אַ ליקער, אַ טאַס קאַווע.

און קיין חידוש איז דאָך דאָס נישט. ווען פריִער האָט ער געהאַט די זכיה? ער איז דאָך אויף דער זיצונג דער איינציקער אמתער פּראָלעטאַר־יער צווישן די אַלע אינטעליגענטן, הויכגעבילדעטע לייט, איינער און איי־נער. די פּופּצן אירע, פאַרזאַמלטע אין דער קאַפע, זענען דאָך דער פּער פון ייִדישן פּאַריז. אָט זיצט שאַרל ראַפּאַפּאָרט, אַ קליין ייִדעלע מיט אַ הויכן, גלאַנציקן שטערן און גרוילעכע, דיקע וואָנסעס. אַ סאָציאַל־דעמאָ־קראַט, נאָר ווייל אַזוי לינק — איז ער איינער פון די הויפּט־פּובליציסטן אין דער „הומאַניטע", די סאָציאַליסטישע טאָג־צייטונג, וואָס די קאָמוניסטן האָבן נאָר־וואָס געהאַט פאַרכאַפּט. לעבן שאַרל ראַפּאַפּאָרטן זיצט לעאָ גלעזער, דער קאָרעספּאָנדענט פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" אַ יונגער מענטש, אין די פריִע דרייסיקער, מיט אַ קאָפּ פעך־שוואַרצע, ווייכגע־כוואַליעטע האָר און אַ פּאָר צוויקער־ברילן איבער די קורצזיכטיקע אויגן. אַ געענדיקטער יוריסט אין דער פּאַריזער סאָרבאָן, פּראַקטיצירט ער דאָ אַדוואָקאַטור, איז שטענדיק פאַרהאַוועט אַרום דעם אָנפליִיץ פון ייִדישע עמיגראַנטן, זיי צו העלפן זיך לעגאַליזירן אין פראַנקרייך.

לעבן גלעזערן זיצט בראַדאַטי, אַן עלטערער בחור, אַ לאָמער, וואָס

איין פוס איז ביי אים קירצער פון אַנדערן. אַ הויכלעכער, מיט שיטערע, שוואַרצע האָר אויפן קאָפּ און אַ גרינלעכע הויט איבער די איינגעפאַלענע באַקן. אַ שטענדיקער עקסטערן, איז ער אַן אָרעמאַן אין זיבן פאָלעס אָבער אַן עושר אין שפּראַכן. אין דער פראַנצייזישער ליטעראַטור איז ער ווי ביי זיך אין דער היים. לייענט שעקספּירן און געטען, פּושקינען און מיצקיעוויטשן אין זייערע אָריגינאַלן, שרייבט היפּער־מאָדערנע, יידישע לידער, חלומט וועגן אַ יידיש ליטעראַרישן צענטער אין פּאַריז און ביז וואָס ווען עוסקט ער זיך ביים אַרויסגעבן אַ דין זשורנאַלכל „העפטן" אַ באַצירטס מיט ווינייעטקעס פון מאָדערנע, יידישע מאָלער.

לעבן אים, נתן חיימען, זיצט דער חבר איזאַלט אַלטער, אַ וועלט־מענטש, הויכגעבילדעטע, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַ בונדישער טוער אין אויסלאַנד. און אָט איז ישראל עפּרויקין, אַ יידישער אינטעליגענט, אַ פּרעכטיקער אָראַטאָר, אַ כלל־טוער נאָך אין זיין היים, אין לעטלאַנד. אויך די דאָקטערין אַננאַ רובינשטיין איז דאָ מיט אירס אַ פריינדין, אַן אַרכיטעקטין, אַ יידישע סאָציאַליסטקע פון קראָקע.

ביים ערשטן אַנטרעף, אויג אויף אויג מיט דער דאָקטערין, נאָך יענעם וויזיט ביי איר אין סאַליע, איז אים, נתן חיימען, געוואָרן אַ ביסל ענגלעך, אָבער באַלד האָט דער וואַגנדיקער יונג, וואָס אין אים, גובר געווען די אומאָנגענעמלעכקייט און ער האָט זיך געגריסט צו איר און אַפילו אַ שמייכל געטאָן ביים זאָגן איר „באָן סואַר דאָקטעער" און ער איז געווען זייער פריידיק פון איר צוריקגריסן אים און אויך שענקען אים אַ שמייכל. אַ סימן אַז נישט בלויז האָט ער נישט פאַרלוירן, נאָר ער האָט נאָך געוווּנען ביי איר אין אַנזען.

צווישן דעם פּער פון יידישן פּאַריז איז אויך געווען דער קליינער יאַקובאָוויטש, אַ דראַבנער און ווי דראַבנע — אַזוי רירעוודיק, אַזוי פלינק. וואָס אים, נתן חיימען האָט געחידושט אין דעם יאַקובאָוויטשן איז, וואָס פון איין זייט איז ער אַ סאָציאַליסט, אַן אידעאַליסט, בעת פון דער צווייטער זייט, איז ער אַ שותּף צו אַ גרויסער, פראַנצייזישער דרוקעריי. איז ווי פּאָרט זיך דאָס? אַ קעמפער קעגן קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און אַליין אַן עקספּלואַטאַטאָר?

אָט פון דעם יאַקובאָוויטשן האָט ער, נתן חיים, שוין ביים ערשטן צונויפקום דאָ, עפּעס געלערנט. אין דעם שמועס, וואָס איז דאָ אַנגעגאַנגען, האָט ער, צום ערשטן מאָל, געהערט פון אים די ווערטער: „ענציקלאָפּעדיע" און „ענציקלאָפּעדיסטן". ער האָט אַנגעשטעלט מויל און אויערן, נתן חיים. וואָס מיינט דאָס? ערשט אין לויף פון די ווייטערדיקע רייד,

האָט ער געכאַפּט אַז אַן „ענציקלאָפּעדיע״ איז אַ מין ש״ס פון אַ צאָל בענדער, וואָס אין זיי שטייט אַלץ, אַלע חכמות און אַלע אויפטועניש פון מענטשלעכן שׂכל און ענציקלאָפּעדיסטן זענען די, וואָס האָבן געשריבן און צוזאַמענגעשטעלט די ענציקלאָפּעדיע, אַט טאַקע ווי די תּנאים און אַמוראים האָבן געשריבן און צונויפגעשטעלט דעם ש״ס. און דאָ טאַקע, ביים גערייד וועגן „ענציקלאָפּעדיע״ איז אים אויך קלאָר געוואָרן אַ רעטעניש, וואָס איבער דעם האָט ער זיך שוין לאַנג געבראָכן דעם קאָפּ. ווען נאָר ער איז געקומען אויף אַ פאַרזאַמלונג ווו ס׳האָט גערעדט אַ וויכטיקער מענטש, אַ געלערנטער, האָט ער זיך געוווּנדערט: ווי אַזוי דער רעדנער גערעדנקט געגוי דאָס יאָר, דעם טאָג, ווען דער אָדער יענער שרייבער איז געבוירן געוואָרן, ווען ער איז געשטאָרבן. האָט ער זיך דאָס איצט דערוויסט, אַז דער רעדנער טראָגט גאָרנישט די אַלע דאַטעס אין קאָפּ, ער קוקט אַריין אין דער ענציקלאָפּעדיע, געפינט ער אַלץ, וואָס אים איז נייטיק צו וויסן.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער זיך שטילערהייט אַרויסגעשלייכט פון אַזאַ פאַרזאַמלונג. ווי קומט ער, נתן חיים, אַ היטלמאַכער, וואָס האָט אין זיין לעבן קיין שקאָלע פון אינווייניק נישט אָנגעזען, צו זיצן צווישן אַזעלכע געבילדעטע לייט? האָט זיך דאָ אַרויסגעוויזן אַז צוליב זיינע „איינדרוקן פון פאַריז״, וואָס אַפילו שאַרל ראַפּאָפּאָרטן, האָט דער חבר איזאַלט זיי געגעבן צו לייענען, קען מען אים דאָ און מ׳האָלט אים שיִער־נישט פאַר אַ גלייכן. מ׳ווייזט אים אַרויס נאָענטקייט, אַפילו ליבשאַפט ווי צו אַ ייִנגערן, געראָטן ברודערל און ער איז דאָך טאַקע דאָ דער ייִנגסטער פון אַלע.

אָט די אויפגעלייגטקייט זיינע איז אָבער געווען ביים פריִערדיקן צונויפקום, בעת אַ פּשוטן שמועס ביי אַ קאַווע, אַ ליקער, איז ווען מען האָט געצאָרט וואָס אין צווייטן עק פון צימער זיצן ייִדן און זענען זיך משמח ביי אַ בר־מיצווה? ביי דעם היינטיקן צונויפקום אָבער, איז ער געווען שטאַרק דערנערווירט, נתן חיים, פון דעם גערעדעריי און געלאַכעריי פון די מענטשן אין דעם אַנדערן עק שטוב. גראָד האָט די פאַרזאַמלונג היינט אַרומגערעדט אַן ערנסטן ענין. פון וואַרשע איז געהאַט געקומען די ידיעה אַז ש. אַנסקי איז געשטאָרבן. איז זיך דאָס איצט, אין קאַפע דאַנטאָן, צונויפגעקומען די עליטע פון ייִדישן פאַריז צו פּלאַנירן אַ טרויער־אָוונט צו די שלושים נאָך זיין פּטירה. זיצן ייִדן אין אַנדערן עק צימער און פרעסן, זויפן, קלינגען מיטן געשיר און דאָס געלעכטער זייערס, דאָס געטומלעריי — הייבט דעם סופיט, פאַרדולט דעם קאָפּ. ער האָט נישט,

חלילה, קיין טענות, נתן חיים, צו יידן פאַר זייער לאָזן זיך אַ ביסל וויל־גיין נאָך אַזוי פיל יאָרן מלחמה און פאַגראָמען נאָך דער מלחמה. אָבער זייער דאָרטיק כאַכאַטשען און טומלען, פאַרשוועכט דאָך דעם טרויער דאָ איבער אַנסקיס אַוועקגיין. אַט צוליב אַזעלכע פאַרפאַלן פאַרטראַגט ער אַזוי נישט דעם פאַריזער איינפיר צו האָבן פאַרזאַמלונגען אין אַ קאַפע. אין וואַרשע וואָלט אַזאַ צונויפקום אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ לאָקאַל פון וועלכער אינסטיטוציע, ווו ס'איז שטיל, ווו דער טרויער, דער חשבון הנפש נאָך אַ מענטשנס לעבן, ווערט נישט פאַרשוועכט דורך ווולגאַר געלעכטער, דורך פרעסן און זויפן.

זעט אויס, אַז נאָר אים, נתן חיימען, דעם נישט־לאַנג צוריק געקומענעם, ערגערן אַזוי די פאַריזער איינפירן צו האָבן זיצונגען אין אַ קאַפע. די עלטערע פאַריזער זענען שוין צוגעוווינט און זיי אַרט גאָרנישט דער גע־טומל אין אַנדערן עק צימער. זיי רעדן, טראַכטן, מאַכן פאַרשלאַגן, נעמען אָן באַשלוסן וועגן יעדן טריט און ריר פאַר דעם אָוונט, אַפילו וועגן אויפ־הענגען אויפן הינטערגרונט פון דער בינע אַ פאָרטרעט פון אַנסקין, אויך אַז דער פאָרטרעט זאָל זיין אַרומגענומען מיט שוואַרצן קרעפּ, אַז חוץ ישׂראל עפּרויקינען, וואָס וועט רעדן וועגן אַנסקין דעם שרייבער, דעם פאָלקלאָר־זאַמלער, דאַרף זיין נאָך אַ רעדנער וועגן אַנסקין דעם סאָציאַ־ליסט־רעוואָלוציאָנער, וועגן זיין גיין אין פאָלק וועקן די רוסישע פּויערים צום אויפשטאַנד קעגן צאַריזם, אויך דאַרף דער צווייטער רעדנער זיך אָפּשטעלן וועגן אַנסקין דעם מחבר פון דער „בונדישער שבועה" — פון „אין זאַלציקן ים פון מענטשלעכע טרערן".

— אַלץ גוט, האָט יאַקובאָוויטש אַ זאָג געטאָן, — עפּרויקין וועט זיין דער הויפּט־רעדנער, אָבער ווער וועט רעדן וועגן דעם רעוואָלוציאָנערן טייל אין אַנסקיס לעבן?

דאָ איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים, נתן חיימען, פאַרכאַפּט דעם אָטעם. סיי דער חבר איזאַלט און סיי לעאָ גלעזער, האָבן אָנגערופן זיין נאָמען, ער זאָל דאָס רעדן וועגן דעם טייל אַנסקי. און נישט ווייניקער איז געווען זיין שטוינען ביים הערן פון זיי, אַז זיין, נתן חיימס, אויפטרעטן צו אַנסקיס שלושים, וועט זיין אַ כבוד פאַרן אַוועקגעגאַנגענעם, דעם מחבר פון דער „בונדישער שבועה" — „פון זאַלציקן ים", ווייל ער, נתן חיים, איז אי אַ בונדיסט, אי אַן אַרבעטער, דערצו נאָך אַזוי יונג און מיט אַזוי פיל צוזאָג אויף שרייבערישן טאַלענט.

ער האָט נישט געגלייבט זיינע אויערן, נתן חיים, ווי יענעם מאָל אין וואַרשעווער נאָדל־פאַראיין, ווען ער האָט אַזוי אומגעריכט געהערט אָנ־

רופן זיין נאָמען אַלס פּאַרוואַלטער פון דער טיי־האַלע, אַזוי אויך דאָ האָט ער אויפגעצאַפּלט:

— ווער, איך? חלילה! ווי קומט ער צו רעדן וועגן אַנסקין?

זיין איצטיקער אויפצאַפּל איז אָבער געווען גאָר אַנדערש פון זיין דעמאָלטיקן אָפּזאָגן זיך צו זיין דער טיי־האַלע־פּאַרוואַלטער אין נאַדל־פּאַראיין. דעמאָלט איז ער אויף אַן אמת מוחל געווען דעם כבוד, כדי נישט געשטעלט צו ווערן פאַר דעם נסיון פון אומגיין אַרום עסנוואַרג, בעת ער איז כסדר הונגעריק און די גאַנצע משפּחה — געשוואָלן פון הונגער. דאָ אָבער האָט ער געזאָגט ניין, בלויז מיט אַ האַלב מויל. ווייל ער האָט זיך טאַקע געשראָקן פאַר אַזאַ אויפטריט, ווויל געוווּסט, אַז רעדן וועגן אַ שרייבער, אַ פּערזענלעכקייט ווי אַנסקי, איז נישט ווי האַלטן אַ רעדע צו אַרבעטער וועגן אַ סטרייק, וועגן פאָדערן אַ העכערן לוין. אַפילו דער טאָן פון אַזאַ רעדע מוז זיין אַנדערש! דאָ וועט ער דאָך דאַרפן רעדן וועגן אַן אָוועקגעגאַנגענעם שרייבער, שילדערן זיינע טעטיקייטן אין לויף פון אַ גאַנץ לעבן. ער טאָר אַפילו נישט רעדן צו הויך. דאָס קול דאַרף זיין געדעקט, דורכגענומען מיט טרויער. איז ווי ער האָט דאָס אַלץ געוווּסט און זיך געשראָקן פאַר דעם, איז אָבער די אייטלקייט פון וועלן זיך ווידער זען אויבנאָן, ווידער זיך הערן רעדן פאַר אַן עולם, געווען שטאַרקער, בפרט נאָך ווען די לויב־רייד פון חבר אַלטער, פון לעאָן גלעזער האָבן אים געמונטערט, געשטאַרקט דעם גלויבן אין זיך.

אַרויס פון דער „קאַפּע דאַנטאָן" איז ער, נתן חיים, אי דערהויבן, אי דערדריקט, צעטומלט און באַרוישט. אָט האָט זיך אים געדאַכט — ער שוועבט אין דער לופטן און אָט גאָר האָט ער געפילט ווי ער זינקט אונטער דער משא, וואָס איז דאָ אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיינע שוואַכע, יונגע פּלייצעס. וועט ער דאָס דורכטראָגן בשלום? צי גאָר זיך אייגברעכן און שוין בלייבן פאַרשעמט אויף זיין גאַנץ לעבן?

איר דאַרפט נישט, חבר פיינזילבער, זיין אַזוי פאַרזאָרגט, האָט לעאָ גלעזער, גייענדיק לעבן אים צו דער „מעטראָ" אים געמונטערט. איר האָט דאָך געהערט, אַפילו דער חבר ראַפּאָפּאָרט האָט פאַרגעזאָגט, אַז איר וועט האַלטן אַ גוטע רעדע.

— אמת טאַקע, ער האָט פאַרגעזאָגט, אָבער פון וואַנעט ווייסט ער דאָס פאַרצוזאָגן? ער און קיינער פון די אַנדערע דאָ, האָבן מיך קיין מאָל נישט געהערט רעדן.

— דער חבר אַלטער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן אייך אין אַ בריוו קיין וואַרשע, כאָטש אין דער אמתן דאַרף מען זיך גאָרנישט נאָכפרעגן.

אייערע „איינדרוקן פון פּאַריז" זאָגן דאָס. אַ מענטש, וואָס האָט אַן אויג אַזוי צו זען און אַזאַ רייך לשון צו שילדערן דאָס געזעענע אַזוי קלאָר, מיט אַזוי פיל געפיל, אַזאַ מענטש מוז אויך קענען רעדן אינטערעסאַנט.

ס'איז איצט געווען שבת־אַוונט נאָך האַלבער נאַכט. דער „פּלאַץ דע לא רעפּובליק" האָט געבלענדט מיט ליכט, גערוישט מיט שפּאַצירער, מיט פאַרביישוועבנדיקע אויטאָס און טאַקסיס. די טעראַסן פאַר די קאַפעען — באַזעצט מיט מענטשן, פול מיט געריידן, מיט געלעכטער, מיט רויך פון ציגאַרעטן, אָבער די מעטראָ וועט אָט, אָט בלייבן שטיין ביז מאָרגן אין דער פרי! נתן חיים האָט גיך זיך געזעגנט מיט לעאָ גלעזער, געדאַנקט אים פאַר דער געהויבענער מיינונג, וואָס ער האָט וועגן אים און שנעל גענומען היפּערן איבער די טרעפּ נישט צו פאַרשפּעטיקן די לעצטע באַן צו „סאַן־מישעל".

לויט דער אָפּגעשטימטער דאַטע האָט ער נאָך געהאַט פולע דריי וואָכן צו דעם טרויער־אָוונט, אָבער געווען איז ער שוין פול מיט אומרו, מיט ציטער. תּמיד אַזוי, ווען נאָר אים איז פאָרגעשטאַנען אַרויסצוטרעטן פאַר אַן עולם, איז ער שוין, נתן חיים, וואָכן פריִער געווען פול מיט אומרו, מיט אימתאָ דצבורא. איצט אָבער האָט ער דעם ציטער שטאַרקער נאָך געפילט און נישט איין מאָל האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן זיין אייטלקייט, זיין נאָכגעבן דעם יצר הרע. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט חרטה צו האָבן, בפרט אַז חרטה איז נישט אין זיין טבע. און די צייט שטייט נישט און ווי ער ברעכט זיך נישט דעם קאָפּ, ווייסט ער אַלץ נישט ווי אַזוי, מיט וואָסערע ווערטער ער וועט אָנהייבן די רעדע. שוין דער אַרויס־פאַר דאַרף דאָך אָנהויכן טרויער אין זאַל, אין געמיט פון דעם עולם. ער האָט זיך דערמאָנט אין חבר מעדעם, זיינס אַ טרויער־רעדע אויף אַ יאָר־צייט־אָוונט נאָך בראָניסלאַוו גראָסער. יאָ, ער וועט אויך אַרויפקומען אויף דער בינע געלאַסן, מיט געמאָסטענע טריט, שטיין אַ רגע שטיל און, ווי דער חבר מעדעם, וועט אויך ער טאָן אַ בליק צו אַנסקיס, אין שוואַרצן קרעפּ געהילטן בילד און שטיל וועט ער אָנהייבן. אָבער וואָס זאָל זיין דער אָנהייב? מיט וואָסערע ווערטער? דער אָנהייב דאַרף דאָך שטעלן דעם טאָן פון דער רעדע. ער וועט דאָך נישט קענען אַ געשריי טאָן: חברים! און לאָזן דאָס מויל מאָלן.

טעג און נעכט האָט ער זיך אַזוי געבראָכן דעם קאָפּ, נתן חיים, ביז איין מאָל, ביי דער מאַשין, איז אים געקומען אין זין „דעמבעס", דעמבעס פאַלן, ליכטיק איז אים געוואָרן אין די אויגן: דאָס איז עס! אַזוי וועט ער אָנהייבן:

— „חשובע פאַרזאַמלטע, טרויעריק איז אויף דער נשמה, אונדזער װעלדל װוערט שיטער, די דעמבעס פאַלן. פריִער פּרץ, דערנאָך שלום־עליכם, שפּעטער דינעזאָן, מענדעלע און איצט איז אַוועק אין דער אייבי־קייט אויך ש. אַנסקי״.

אַ צופרידענער מיט דעם אָנהייב, האָט ער גענומען טראַכטן: וואָס ווייטער? וואָס זאָל קומען נאָך דעם אָנהייב? גוט, ער וועט שילדערן אַנס־קיס גיין אין פאָלק, זיין ווערן אַ מעורר, אַ וועקער ביי די רוסישע מו־זשיקעס, זיי זאָלן אַראָפּוואַרפן דעם צאַר, די רוסישע זעלבסטהערשאַפט. אָבער ווי אַזוי וועט ער איבערגיין פון די „געפאַלענע דעמבעס״ צו די רוסישע מוזשיקעס? און ווי אַזוי זאָל ער פון די מוזשיקעס קומען צוריק צו אַנסקי דעם ייִד, דעם מחבר פון דער „בונדישער שבועה״ — „פון זאַל־ציקן ים אין מענטשלעכע טרערן״?

די טראַכטענישן האָבן אים, נתן חיימען, נישט געגעבן קיין רו, צו־גענומען פון אים דעם שלאָף. ווו ער איז געווען און וואָס ער האָט נישט געזאָלט טאָן, האָבן אין זיין קאָפּ כסדר זיך געוועבט ווערטער, רייד, צו־זאַמענהאַנגען פון איין געדאַנק מיטן אַנדערן, ביז, ענדלעך, איז געקומען דער דערוואַרטער שבת.

דעם גאַנצן האַלבן טאָג, פון זינט ער איז געקומען פון דער אַרבעט, איז ער געווען ביי זיך אין האָטעל־צימערל, ווי אַ פרומער ייִד פאַר כל־נדרי, אַזוי האָט ער זיך מכין־געווען פאַר דער רעדע, זיך געבאָדן, גע־צוואָגן די האָר, די צוויי לאָקן זאָלן אים נישט אַזוי שקאַציש פאַלן איבערן שטערן, איבער די אויגן, ווען ער וועט שטיין אויף דער אין טרויער גע־הילטער בינע פאַר אַזאַ גרויסן עולם.

אַ געלייטערטער איז ער אין אָוונט אַוועק אין זאַל. כדי קיינער זאָל אים נישט אָנגעגענען, אים נישט אַראָפּשלאָגן פון די געדאַנקען דורך פרע־גענישן, אים נישט אַרויסנעמען פון דער טרויער־שטימונג דורכן רעדן צו אים פּוסטע רייד איז ער דורך אַ הינטערטיר פאַרשווונדן הינטער די קו־ליסן, דאָרט אַרומגעשפּאַנט פאַרמוטשט היין און צוריק. דער פּיאַניסט האָט אויף דער בינע געשפּילט שאָפּענס טרויער־מאַרש נאָר ער איז אין גע־דאַנק איבערגעגאַנגען די רעדע איין מאָל און נאָך אַ מאָל און אַז ישראל עפרויקין האָט פאַרענדיקט זיין הספד, איז ער אַרויס אויף דער בינע, גע־גאַנגען פאַוואָליע, מיט געמאָסטענע טריט ביז דער ראַמפּע און געבליבן שטיין מער דערשראָקן ווי אין טרויער.

צי דאָס איז געווען דער שאַרפער בלענד אים אין די אויגן פון די פאַר־הוילטע ליכטער ביי זיינע פיס, איבער זיין קאָפּ, צי דאָס איז געווען דאָס

דערזען דעם גאַנצן ייִדישן פּער פון פּאַריז, אויסגעזעצט אין דער ערשטער ריי, אַפילו די דאָקטערין אַננאַ רובינשטיין צווישן זיי, אַלע מיט זייערע אויגן אויף אים, אַלע אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג, נאָר וואָס די סיבה זאָל נישט געווען זיין, ער איז געוואָרן צעטומלט, נתן חיים, דער קאָפּ — פּוסט, אַלע איינגעחזרטע ווערטער, זאַצן, געדאַנקען — אַרויסגעפלויגן, ווי פייגל פון אַ פּלוצים געעפנטער שטייג.

אַ רגע איז אַזוי אַריבער, נאָך אַ רגע און מיט יעדער רגע, וואָס ער איז אַזוי געשטאַנען אין דער געשפּאַנטער שטילקייט אין דעם האַלב טונ־קעלן זאַל, אַלץ שאַרפער איז אין אים געשטיגן די שרעק, דער פּחד פאַרן נישט קענען אָנהייבן, פאַרן נישט קענען כאַפּן דעם פאָדעם, דעם פאַר־פלויגענעם אָנהייב פון זיין אַזוי לאַנג־איינגעחזרטער רעדע. אַן אָפּגע־גאַנגענער אין שווייס האָט ער געוואָרפן זייטיקע בליקן אַרום זיך, ווי ער וואָלט געזוכט רעטונג, דערמוטיקונג, אָבער די עליטע, די נחת־קליי־בער, זענען אַלע, אין דער אָנגעשטאַנענער שפּאַנונג, געזעסן מיט אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ, די אויגן באַגראָבן אויף די שפּיצן פון זייערע שיך.

די צעטומלעניש זיינע האָט טאָקע געדויערט אַ קורצע ווייל, ביים עולם אָבער, אין האַלב טונקעלן זאַל איז דאָס געווען אַן אייביקייט און אין דער פלומרשטער אייביקייט איז גיך אָנגעשטאַנען אַ שושקעניש און באַלד אַ גערודער און שוין האָט איבערן זאַל, פון דער שטילקייט אַרויס, זיך דערהערט אַן אויסרוף: „וואָס שטייט ער דאָרט ווי אַ למך? און באַלד איז פון אַן אַנדער ווינקל אין זאַל באַכגעקומען אַ חוזקדיק געזאַנג: „אַז מ׳ווייסט נישט און מ׳קען נישט, נעמט מ׳זיך נישט אונטער”.

ווי אַזוי ער איז אַראָפּ פון דער בינע, צי ער איז אַוועקגעפאַלן און מ׳האָט אים אַראָפּגעטראָגן, צי עמעץ האָט אים שטייענדיקערהייט אַראָפּ־געפירט, סיי ווי ווען ער האָט געעפנט די אויגן, איז ער געזעסן הינטער די קוליסן, איזאַלט און גלעזער אין זיינעביידע זייטן און די דאָקטערין, אַננאַ רובינשטיין — לעבן זיינע קני, האַלטנדיק זיין פּולס. דער חבר אי־זאַלט האָט געשוויגן, פיינלעך געשוויגן נאָר לעאָ גלעזער האָט אים גע־טרייסט:

— האָט נישט קיין עגמת נפש, חבר פיינזילבער, נישט מיט איין רעד־נער האָט שוין אַזוינס געטראָפן.

## קאַפּיטל עלף

וואָכן שוין ווי ער, נתן חיים, קוקט זיך די אויגן אויס נאָך אַ בריוו פון עלקעלען. ער האָט זיך שוין די פינגער אָפּגעשריבן און נישט ער זעט אַ וואָרט פון איר און נישט ער הערט אַ פּיפּס פון ראָדעם. וואָס זאָל דאָס מיינען? גייען די בריוו פאַרלוירן? זיינע — צו איר און אירע — צו אים? ווי אַזוינס מעגלעך? און אפשר? ס׳איז דאָך אַ מלחמה. פּיל־סודסקי האָט זיך דאָך פאַרמאָסטן קעגן טראָצקין!

ער לייענט ווידער דעם לעצטן בריוו, עלקעלעס, קוקט אויפן פּאָסט־סטעמפּל, ס׳איז שוין באַלד אַריבער אַ חודש און וואָס שרייבט זי אים? אַ וואָרט נישט וועגן זיך, בלויז אַז דער טאַטעשי איז דערשלאָגן, די מאַ־מעשי ליגט צו בעט און משהלע, דער ברודער אויף צוויי יאָר עלטער פון איר, ווערט באַלד ניינצן יאָר, אָט, אָט רופט מען אים צום פּריזיוו און מ׳ווייסט נישט וואָס ער זאָל טאָן. זיך צושטעלן, מיינט דאָך גלייך גיין אין פייער, מאַכן אָמיק? צי גאָר זיך קריען? זוכן זיי אין אַלע לעכער, פאַר־נעמען יינגלעך פון גאַס אַראָפּ, פון גאָרטן אַרויס. האָט ער גאַרנישט גע־הערט וועגן דעם, נתן חיים?

זיצט ער אויפן בעט, קוקט אויפן בריוו און שמייכלט צו זיך אַליין. עלקעלע פרעגט אים צי ער האָט געהערט אַז ס׳איז מלחמה אין פּוילן, בעת נאָכן קריגן איר בריוו האָט ער אַליין זיך געמוזט שטעלן צום פּריזיוו. פּלוצים, ניע האָצאָ, ניע פּלאָצאָ, קריגט ער אַ מעלדונג פון פּוילישן קאָנ־סולאָט: „נאָטיכמיאָסט זאָל ער קומען זיך שטעלן צום פּריזיוו! פּוילישע זין צום געוועהר! די „אויטשיזנע״ איז אין געפאַר״. האָט ער געלאַכט צו זיך אַליין, ביטער געלאַכט. פּוילן כאָם! נאַר־וואָס איז ער ביי זיי געוועזן אַ „פּאַרשיווי זשיד״, נישט געהאַט קיין רעכט אויף גאַרנישט, אַפילו נישט קיין סטרוזש צו רייניקן אָפּטריטן, אַפילו נישט אויף קיין יידישן הויף. איצט, צום גיין לייגן פאַר זיי דעם קאָפּ, איז ער אַ „פּוילישער זון״ און מ׳רופט אים צו קומען ראַטעווען די „אויטשיזנע״.

האָט ער דאָך געלאַכט, נתן חיים: אָט לויפט ער שוין קיין פּוילן, אָבער שטעלן זיך צום פּריזיוו, דאָס מוז ער! אָן אַ פּאַפּירל זייערס אַז ער איז פריי פון מיליטער, אָדער, וויינקסטנס, געקראָגן אַ פאַרלענגערונג

אויף זיין „גרינעם בילעט”, וועט ער קיין אַמעריקאַנער וויזע נישט קריגן און גראַד זעט ער מיט יעדן טאָג אַלץ קלערער אַז פון פראַנקרייך וועט ער מוזן אַוועק!

האָט ער גיך אויפגעוועקט דעם חסרון זיינעם, נתן חיים. עטלעכע טעג געגאָרגלט דעם האַלדז מיטן וואַסער פון אַנגעווייקטער מאַכאָרקע, דער גומען זאָל אים ווידער ווערן רויט, כלומרשט מסוכן־שלאַף, געוואָרן צו־ריק „הייזעריק ווי די וואַנט” און דווקא מיט אַ כריפּ אין קול ווי ביי די סוכאָטניקעס אין אָטוואָצק, נאָך דעם האָט ער אויסגעזוכט דעם „גרינעם בילעט” זיינעם און אַוועק אין פוילישן קאָנסולאַט זיך צו שטעלן. אמת, דעם ציטער, די שרעק, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין 1915, אין סאַמע ברען פון דער מלחמה, ווען ער, אַ זיבעצן־יאָריק יינגל, האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום רוסישן פּריזיוו ווי דער כלומרשטער צווילינג מיטן צוואַנציק־יאָריקן ברודער, יענעם צאַפּל און ציטער האָט ער איצט נישט געהאַט. אַז פאַניע גנב האָט אים אויף דעם „חסרון” געגעבן אַ גרינעם בילעט אין מיטן יענער מלחמה, וועט פוילן כאָם איצט אים צונעמען? האָבן זיי טאַקע אים אָפּגעלאָזט, כאָטש נישט אין גאַנצן, בלויז פאַרלענגערט אים דעם גרי־נעם בילעט מיט אַן אָנזאָג, „אין אַ יאָר אַרום מוז ער ווידער זיך מעלדן”. האָט ער זיי אין דער ערד. אַ וויזע קיין אַמעריקע, אויב ער וועט נאָך דאַרפן, וועט ער אויף דעם שטיקל פּאַפּיר זייערן, קריגן.

שמייכלט ער דאָס, נתן חיים, אויף עלקעלעס פרעגן אים, צי ער ווייסט אַז פוילן איז אין מלחמה מיט די באָלשעוויקעס, כאָטש פון וואַנעט זאָל זי ויסן אַז ער ווייסט דאָס? ער האָט דאָך איר גאָרנישט געשריבן אַז אויך אים האָט מען פאַרבעטן אויף דער חתונה. קלערט ער טאַקע איבער וועגן משהלען: האָט ער זיך צוגעשטעלט? האָט מען אים באַפרייט? האָט ער געמוזט מאַכן „ויברח”? אויב יאָ, ווּהין? קריכן זיך אין ראַדעם, אָדער אַפילו אין וואַרשע, דאָס וועט ער דאָך נישט קענען. אין די רוסישע צייטן האָט זיך אַן אַנטלאָפענער געקענט ווו אויסבאַהאַלטן. היינט איז דאָס אוממעגלעך! ווי ער לייענט אין די וואַרשעווער צייטונגען, איז יעדער פּאָליאַק אַ שפּיצעל. אַ קליי ניקייט? די אויטשיזנע איז אין געפאַר! גייען זיי אַרום און שפּיזלען דורך יעדערס יידישע יינגל מיט זייערע שטעכיקע אויגאַנעס און זיי וואַרטן גאָרנישט אויף קיין פּאָליציאַנט. נאָר אַליין שלעפּט ער דעם „פאַרברעכער” אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט באַוויזן, אַז ער איז נאָך נישט קיין ניינצן יאָר און ער דאַרף זיך נאָך נישט שטעלן צום מיליטער.

איז ער אין צווייען אַ צעטראָגענער, נתן חיים. פון איין זייט: על־

קעלע, איז זי חלילה קראַנק און זי קען נישט שרייבן? פון דער צווייטער זייט משהלע. פּאַרט אַ קוזין, אייגן בלוט און פלייש. ביז איין מאָל, נאָך דער אַרבעט, ביים איבערקוקן אויפן קאָנסיערזשס פענצטערל די אָנגעקומענע פּאָסט, האָט ער זיך געטאָן אַ צאַפּל: אַ בריוו פון ראָדעם! דער צאַפּל, די אָנגעלאָפענע שרעק איז נישט געווען אַזוי איבער דעם בריוו, ווי איבער דעם האַנטשריפט פון אַדרעס. דאָס איז דאָך שיינדעלעס כתב! איצט האָט שוין זיין האַרץ גאָר גענומען קלאַפּן: „גאָט ווייסט וואָס מיט עלקעלען איז געשען!" גיך, נישט וואַרטנדיק, ווי תמיד, אַרויפצוקומען מיטן בריוו אין זיין צימערל, נאָר דאָ, שוין, האָבן די ציטערדיקע פינגער אויפגעריסן דעם קאָנווערט: ווען ער האָט אַ טבע פון חלשות וואָלט ער זיכער געחלשט ביי דער ערשטער שורה. שיינדעלע שרייבט אים אויף יידיש:

„טייערער קוזין, איך קים דיר צו לאָזן וויסן אַז איה"ש וועסטו אינגיכן האָבן אַ גאַסט". און שוין, ווייטער האָט ער שוין נישט געקענט לייענען. די פרייד איך אים איז געוואָרן אַזוי גרויס אַז די טרערן האָבן אים גענומען שטיקן אין האַלדז, פאַרשטעלט אים די ראיה, און די פיס, כאָטש נעם שוין אין לאָז זיך אַוועק אין אַ טאַנץ, אָט דאָ, אין דער „פּאָיע" פון האָטעל: אַ גאַסט, עלקעלע! באַלד קומט עלקעלע! אָט וועט ער זי האָבן אין זיינע אָרעמס. באַלד אָבער, אַז די אָנגעלאָפענע פרייד האָט זיך אַ ביסל אויסגעשוימט, איז אים באַפאַלן אַן אומרו: עלקעלע, דאָ? אין דעם צימערל? ניין! ער מוז שוין אַרויף זיך זעצן אָנשרייבן אַ בריוו קיין ראָדעם: למען השם נישט! נאָך נישט! איז ער גיך אַרויף די פינף שטאָק שטיגן, זיך געזעצט אויפן ברעג־בעט, נאָר שטאָט נעמען שרייבן, האָט ער גענומען ווייטער לייענען אין דעם בריוול און, פינצטער איז אים געוואָרן אין די אויגן: ווי עלקעלע? וואָס עלקעלע? דער גאַסט איז דאָך גאָר משהלע! ווי האָט ער דאָס נישט געזען? אָט שרייבט דאָך שיינדעלע אַזוי קלאָר: „משהלע מוז אַוועק. דער פּוילישער קלימאַט טויג נישט פאַר אים, שיקן זיי אים קיין פּאַריז. ער, נתן חיים, וועט דאָך אים זיכער זיין ווי אַן עלטערער ברודער".

גאָט אין הימל! ווי אַכזריותדיק די „דאָליע" זיינע איז דאָס צו אים. נאָר־וואָס אים אַ הייב געטאָן אין די הימלען און שוין אַזאַ פאַל צוריק אין דער גרויקייט און נאָך מיט מער בענקשאַפט, מער שלאָפלאָזע נעכט, מער נאָך פאַרצערטס ווערן פון באַגער, פון דראַנג נאָך עלקעלעס אַ באַריר, נאָך אַ צערטל פון איר האַנט, אַ הויך פון איר זיס־מיידלשן אָטעם.

שפּעטער, אַז די אַנטוישונג אין אים האָט זיך אָנגעהויבן לעשן, זע־

נען צוריק אויפגעקומען די טענות, די תּרעומות זיינע צום קוזין אברהם און צו זיין פאַרצערטלט ווייב — שיינדעלע, וואָס אַזוי בראָקן זיי זיך מיט אים, שטייען אין גרויסן, ווי זיי וואָלטן געווען דעם רבין ר׳ צאַצס גליך שוועסטער־קינדער, איז ווי פּאַסט ער זיי פאַר אַן איידעם? נאָר איצט, אַז זיי דאַרפן משהלען, דאָס אַפּגעציטערטע זונעלע ראַטעווען פון מלחמה־פייער, ווערט ער, נתן חיים, זייערס אַ „טייערער קוזין״ און, נישט פרעגנדיק אים אַפילו, טראַנספּאָרטירן זיי צו אים משהלען. מילא, מ׳זאָגט כאָטש אַ בחור, אַ פּאַכמאַן. דאָס משהלע איז דאָך אַ שקאָלע־זינדל, וואָס קען נישט פאַרדינען אַ צעבראָכענעם דרייער, וואָס זשע וועט ער, נתן חיים, דאָ טאָן מיט דעם קוזין? כאָטש נעם און שיק אים אין דער סאָרבאָן־אוניווערסיטעט.

איז וואָס זאָל ער איצט טאָן? שרייבן זיי ניין? ווי גאָט איז אייך ליב שיקט נישט משהלען אַהער, ער האָט אַליין נישט אויפן אויסקומעניש, קען זיך נישט פאַרגינען אַ מאָלצייט יעדן טאָג און קיין געלעגער פאַר משהלען האָט ער אויך נישט, דאָס צימערל זיינס איז נישט גרעסער ווי דאָס בעט!

נאָר, מעג ער אַזוי שרייבן? וואָסער פּנים וועט אַזאַ בריה האָבן ביי זיי? בפרט אַז משהלע איז שוין זיכער אויפן וועג קיין פּאַריז. חוץ דעם, ער וועט דאָך האַנדלען ווי אַמאָל שיינדעלע צו אים, אַ קליין יינגל, ווען ער איז געקומען קיין ראָדעם, האָט זי אין געבייזער, אַ זאָג געטאָן צום מאַן: „זע נאָר, אברמעשי, דאָאַן פעטער יערמע דוד אַדפּראַוועט דאָך ס׳גאַנצע געזינדל זיינס קאַ ראָדעם״! גלייך ראָדעם איז איר פּאַלוואַרק און אַן איר „פּאַזוואָלעניע״ (דערלויבעניש) טאָר קיינער אַהין נישט קומען.

האָט ער אָוועקגעלייגט דאָס בלאָקל פּאַפּיר, נתן חיים, צוריק פאַרשטעקט די פּען אין בוזעמקעשענע און געפּרוווט טראַכטן אויף צוריק: „וואָס אַ שטייגער, וואָלסטו, נתן חיימל, געטאָן ווען דו מוזסט זיך ראַטעווען פון פייער? וואָלסטו נישט געלאָפן צו אַן אייגענעם? נאָך אַלעמען, ווען עלקעלע, משהלעס שוועסטער, איז דיר גאָרנישט, איז ער דאָך אויך דיר אַ קוזין. ס׳אַנדערע, פון וואַנעט ביסטו דאָס אַזוי זיכער אַז משהלע קומט ליגן אויף דיינע פּלייצעס? וואָס איז ער? אַ ממזר ביי טאַטע־מאַמע, וואָס ווילן פון אים פּטור ווערן און זיי שיקן אים אַוועק אין דער וועלט אַריין אַן אַ גראָשן ביי דער נשמה?

האָט ער, אַ רויקער שוין, גענומען וואַרטן אויפן גאַסט. כאָטש לאַנג וואַרטן אויף אים האָט ער נישט געדאַרפט. באַלד אויף צומאָרגנס, קומענדיק פון דער אַרבעט, — דער גאַסט איז דאָ! פון ווייטנס נאָך

האָט ער אים דערזען, נתן חיים, ווי ער גייט דאָרט אַ געבויגענער הין און צוריק פאַר דער טיר פון זיין האָטעל. „זע נאָר דאָ", האָט ער גע־טראַכט נתן חיים, „אין דער היים, פלעגט ער גאָרנישט זען ווי קליינ־געוואַקסן משהלע איז. די שוועסטער, עלקעלע, איז אַזוי שלאַנק, אַזוי שיין און הויך און ער — בידעריק און פעטלעך".

— אוי, נתן חיים! האָט משהלע, דערזעענדיק דעם קוזין, געטאָן אַ שוועב צו אים מיט ברייט צעעפנטע אָרעמס פון קעגנאיבערדיקן טראָטואַר. — איך וואַרט שוין אויף דיר אַזוי לאַנג, כ'האָ'דאָך שוין ניש' קאַ כוח צו וואַרטן.

— ווען ביסטו געקומען?

— כ'ווייס? ס'איז שוין אַוודאי דראַאַ שעה.

— אַזוי ביסטו געקומען, אָן גאָרנישט? האָט נתן חיים אים געפרעגט און דערביי אַזוי אומרויק אים אַרומגעשניפּט מיט די אויגן טראַכטנדיק: „יאָ, דער יונג וועט ליגן אויף זיינע פּלייצעס".

— אַז מ'דאַרף שוואַרצן גרענעצן, מוז מען פאָרן לייכט, האָט משהלע ווי פאַרשעמט זיך פאַרענטפערט.

— אָבער אַזוי? אָן גאָרנישט?

— כ'האָב אַ קליין וואַליזקעלע מיט צוויי פּאָר וועש, מיט עטלעכע פּאָר שקאַרפּעטקעס, וואָס נאָך דאַרף אַ מענטש?

אָט דער, „וואָס נאָך דאַרף אַ מענטש" האָט געטאָן נתן חיימען אַ ברי אין זיינע טיפסטע טיפענישן. „אָט אַזוי זענען זיי, די שקאָלע־לייט. אומעטום — לייכט, גרינג, גלייך אויך דאָ, אין פּאַריז, האָט אים די מאַמעשי צוגעגרייט אַ הויז און הויף מיט אַלעם גוטן"! אַזוי האָט ער געטראַכט, נתן חיים. דעם קוזין אָבער האָט ער די זאָרג זיינע נישט אַרויסגעוויזן. פאַרקערט, רויק האָט ער אים געפרעגט:

— ווו האָסטו דאָס וואַליזקעלע?

— אין דיין האָטעל. ווען כ'האָב דאָרט געעפנט די טיר, איז אַקעגנ־געקומען אַ פרוי, זייער אַ שיינע, אַ הויכע מיט אַ קאָפּ גאָלדענע לאָקן, זי האָט גערעדט צו מיר פראַנצייזיש, נאָר אַז זי האָט געזען איך פאַרשטיי נישט, האָט זי מיר געזאָגט אויף דייטש: „דער הער פיינזילבער קומט נאָך זעקס פאַר נאַכט", דערביי האָט זי מיר געוויזן צום ווינקעלע ביי דער טיר, אַז איך קען דאָרט אַראָפּשטעלן ס'וואַליזקעלע און וואַרטן אויף דיר אין דרויסן.

— די פרוי איז די אייגנטימערין פון האָטעל, זי איז זייער אַ פיין מענטש.

— ׳על איך דעך אַוודאי קענען איבערנעכטיקן ביי דיר די נאַכט?

— נאָר די נאַכט? האָט נתן חיים אַ ברום געטאָן, ווי איינער רעדט, דאָס אַלץ וואָס דו דאַרפסט? דעם קוזין אָבער האָט ער אַ גלעט געטאָן אויפן אַקסל, — זאָרג בישט משה. פאַרן ערשטן חודש דירה געלט האָסטו דאָך, וועסטו זיך אַריינצ׳ען אין מיין צימערל, וואָס קאָסט בלויז פערציק פראַנק אַ חודש און איך וועל דינגען אַן אַנדערס, אויפן זעלבן שטאָק, וואָס שטייט גראָד ליידיק, נאָר דערווייל ביסטו דאָך אַוודאי הונגעריק, וואַרט זשע דאָ אַ רגע, און שוין האָט ער געטאָן אַ שוועב אין זייטיקן געסל אַריין, צו קויפן אין שפייז־געוועלבל נאָך עסן, כאָטש געטראַכט האָט ער, אַז ער וואָלט געדאַרפט נעמען דעם גאַסט אויפן פּלעצל און צוזאַמען מיט אים אָפּעסן אַ לייטיש מאָלצייט, איז אָבער די קעשענע געהרגעט, איז ער צוריקגעקומען מיט נאָך אַ פּאַפּיר־טאָרבעלע און אַ זאָג געטאָן צום גאַסט: — נו קום אַרויף צו מיר אין צימער. וואָס וועט זיין, וועט זיין, דערווייל דאַרף מען עסן.

אין צימער שוין, זיצנדיק מיטן קוזין אויפן ברעג־בעט, די פּאַפּיר־טאָרבעלעך — אויפגעריסענע און אויסגעשפּרייטע ווי טישטעכלעך אויף די קני, האָט נתן חיים גענומען אויסטיילן די וועטשערע: זיך אַ ברויטעלע — דעם גאַסט אַ ברויטעלע, זיך אַ קעזל, דעם קוזין אַ קעזל, זיך אַן עפּל, משהלען אַן עפּל. איצט, עסנדיק שוין, האָט ער, נתן חיים, גענומען אויספרעגן דעם גאַסט וואָס הערט זיך ביי זיי אין דער היים און בכלל אין פּוילן, דער עיקר, האָט מען אים מיטגעגעבן געלט, ער זאָל האָבן מיט וואָס צו לעבן ביז ער, נתן חיים, וועט אים אויפזוכן אַ פּאַטראָן, וואָס זאָל אים לאָזן זיך לערנען דאָס „קאַסקעטיער״־פאַך, ווייל די „מעטיע״ וועט אים זיין לייכטער זיך אויסצולערנען, און מ׳פאַרדינט אויך בעסער ווי אין אַנדערע פאַכן. די „קאַסקעטיערס״ האָבן פאָרט אַ סינדיקאַט, בעת די אַנדערע פאַכן האָבן אַזאַ פאַראיין אויך נישט!

האָט משהלע געקייַעט דאָס טרוקענע ברויט מיטן קעזל, צוגעביסן אַ שטיקל עפּל און געבראַכן זיך דעם קאָפּ ווי אַזוי ער זאָל דאָ דעם קוזין פאַרטרויען, אַז נישט בלויז האָט ער נישט קיין געלט, נאָר ער איז גאָרנישט זיכער צי ער האָט גענוג אויף צו באַצאָלן פאַרן ערשטן חודש דירה־געלט.

— כ׳על דיר זאָגן דעם אמת, האָט ער שטיל, מיט געפאַלנקייט אין קול, גענומען דערציילן נתן חיימען וואָס אין דער היים הערט זיך: — קענסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן וואָסער איבערקערעניש אין פּוילן איז פאָרגעקומען זינט דו ביסט אַוועק. ווען דו קומסט אַהיים, וואָלסטו נישט

געגלייבט דיינע אייגענע אויגן.ביים טאַטעשיס געוועלב, ווי ביי אַנדערע יידישע געוועלבער, שטייען גאַנצע טעג צו צוויי שקצים, ווי צוויי וויסטע רוצחים איןביידע זייטן טיר און לאָזן נישט קיין קונה אַריבער דער שוועל. ווייסט דאָך, דער פדיון אין אונדזער געוועלב איז שטענדיק פון גויִים, אין אָנהייב האָט דער טאַטעשי זיך געפּרוּווט קעגנשטעלן, מיט אַ דראַנג געוואָלט אַוועקטרייבן די שקאָצים. ני, ני, פרעג שוין גאָרנישט ווי די רוצחים האָבן דעם טאַטעשי צעהרגעט. וואָכן נאָך דעם איז ער אָפּ־געלעגן אין בעט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער, אַז מ'האָט אים נישט אַרויסגעזען קיין אויג. פון צרות איז ער געוואָרן אַזוי גרוי, אַז ס'שניידט ס'האַרץ צו קוקן אויף אים. צוליבן טאַטעשי איז אויך די מאַמעשי פאַרשלאָפּט געוואָרן. ווייסט דאָך, זי איז דאָך קיין מאָל נישט געווען קיין געזונטע, אַלע מאָל געפאָרן קיין וואַרשע צו דאָקטוירים.

— און עלקעלע? איז נתן חיים, מיט שרעק אין קול, אים אַריינגעפאַלן אין די רייד.

— עלקעלע? וואָס קען זי נעבעך טאָן? זי האָט אויפגעהערט צו גיין אין שקאָלע און גאָר זיך גענומען לערנען אַ פאַך, אַ הוטנפוצערקע, אָדער ווי זיי רופן עס: אַ „מאָדיסטקע".

כאָטש אַזוי דערשלאָגן, פאַרזאָרגט איבער דעם ביטערן גרוס און נישט ווייניקער איבער דעם ווי אַזוי ער וועט זיך דורכלעבן מיטן קוזין ביז ער וועט עפּעס אָנהייבן צו פאַרדינען צו קענען זיך אַליין שטעלן אויף די פיס, האָט אים דאָך, נתן חיימען, ערגעץ ווו הנאה געטאָן, וואָס דער קוזין אברמעשי מיט זיין פאַרצערטלט ווייב: שיינדלשי, זענען אַ ביסל אַראָפּ פון דער מדרגה. אַז ס'טייסטערל ווערט דינער, סוכאָטנער, האַלט מ'זיך נישט אַזוי דערונטער. בפרט האָט אים הנאה געטאָן, וואָס עלקעלע איז אויס „שקאָלע־טעכטערל". אַז זי וועט פאַרזוכן דעם טעם פון פאַרדינען אַ גילדן, וועט אויך זי נישט אַזוי זיך דרייען אויפן קאָרעק. איז, אַז אים איז געוואָרן אַ ביסל לייכטער אויפן געמיט, האָט ער אויך גענומען אויס־רעדן דעם גאַסט:

— אַוודאי, משה, איז נישט גוט, וואָס דו דערציילסט, אָבער אַוועק־ברענגען זיך דאַרף מען נישט. אַפילו מ'וועט נישט האָבן פאַר קיין חודש דירה־געלט, איז די מאַדאַם פון דעם האָטעל נישט ווי אַנדערע האָטעל־ניטשקעס, וואָס אַז האָסט נישט ס'דירה־געלט צו דער מינוט, קריגסטו שוין נישט דעם שליסל, כאָטש גיי נעכטיקן אויפן ברעג פון דער סען, צוזאַמען מיט די בראָדיאַגעס און אָפּגעפאָרענע פּראָסטיטוטקעס. זי, די מאַדאַם מיי־נע, געטרויט. אַלאַ עסן? שטאַרבן פון הונגער וועט מען נישט. וואָס איך

וועל עסן, וועסטו עסן. שלעכט איז נאָר, וואָס דו, משהלע, ביסט אַ ווייך געכאַליעט זינדעלע, אָבער וועסט זיך צוגעוויינען. אַ מענטש מוז קענען נישט בלויז לעבן אין שווילטיק, ער מוז אויך קענען בידעווען, הונגערן. אָט אַ שטייגער ער, נתן חיים, וויינינק האָט ער זיך שוין אָנגעהונגערט אין זיין לעבן? איז אויך דאָ, אין פּאַריז, לעקט ער נישט קיין האָניק. ני, לעבט ער נישט? גיט אים עמעצער? דערווייל אָבער, משה, מוז מען אַראָפּ־גיין אין ביוראָ דינגען דאָס ליידיקע צימער.

## קאַפּיטל צוועלף

וואָס לענגער ער איז אין פּאַריז, נתן חיים, אַלץ ווייניקער געפעלט אים דאָס לעבן דאָ און אַלץ מער גריזשעט אים דער וואָרעם פון ספק, צי וועט ער גאָר מעגן ברענגען עלקעלען אַהער. אוודאי, פּאַריז איז אַ הערלעכע שטאָט! ווו נאָך אין דער וועלט איז דאָ אַזאַ „פּלאַץ דע לאַ אָפּעראַ״, אַזאַ פּלאַץ „דע לאַ קאָנקאָרד״? אַזאַ „שאַן ז׳עליזיי״? אַזעלכע גערטנער ווי די „טיולעריס״, אַזעלכע פּרעכטיקע בולוואַרן? ערשט דער „לוווּר״? און די סטאַטועס און מאָנומענטן אין די גערטנער, אויף די פּלעצער און גאַס־ראָגן? איז דאָס אַלץ טאַקע הערלעך, גראַנדיעז! אָבער ווי אַזוי לעבן דאָ מענטשן אין די אַלטע, פאַרחושכטע הייזער אויפן „בעלוויל״, אויפן „פּלע־צל״? אין די שמאָלע, האַלב־פינצטערע געסלעך הינטערן „ל׳האָטעל דע וויל״? אויף יעדן טריט דאָרט — אַ קאַפע און אַ „פּיסואַר״, אַ האָטעל און אַ באָרדעל. און דאָס יידישע לעבן פינצטערט דאָך אין אָט די געסלעך!

אָט איז אין איין צייט מיט אים געקומען קיין פּאַריז אַ יונג פּאָרפאָלק פון אַ שטעטל אַרום פּלאָצק, הערשל און גיטל רייכלער, ער — אַ קאַמאַ־שנשטעפער און זי — אַ שניידערקע. שיינע עטלעכע חדשים האָט דאָס פּאָר־פאָלק זיך אָפּגעוואָלגערט אין אַ „האָטעל דע וואַנץ״ ביז גאָט האָט זיי געהאָלפן זיך צו דערשלאָגן צו אַ דירה אויף „רי דע רוא דע סיסיל״. אַז זייערע קרובים אין פּוילן האָבן אין בריוו איבערגעלייענט אַזאַ נאָמען פון אַ גאַס, זענען זיי דאָרט אַלע געווען זיכער אַז הערשל מיט גיטלען זענען אויפגערעכט געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך דאָרט אַריינגעצויגן אין אַ פּאַלאַץ. אוודאי, מיט פינף הונדערט, צי גאָר מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק, איז דאָס געבייַ מיט שטוקאַטורן אינווייניק און סקולפּטורן אויסנווייניק, גע־ווען פאַר יענע מענטשן אַ פּאַלאַץ! אָבער היינט? היינט זענען די שטשר־רעס דאָ, גרויס ווי קעץ! די טרעפּ אין דעם הויז, אַלטע, האָלצערנע טרעפּ, קרעכצן און שאָקלען זיך אַז ס׳איז אַ סכנה אַרויפצושטעלן אַ פוס אויף זיי. דער וואַסער־קלאָזעט דאָ, אַן איינציקער אין ווינקל פון יעדן האַלבן שטאָק־שטיגן, אַן אַריינגעבויטער אפשר מיט הונדערט יאָר צוריק, איז פאַר אַלע פיר צי פינף שכנים אויף דעם שטאָק — און דאָס איז נישט קיין קלאָזעט, אויף אַוועקצוזעצן זיך, ווי עס פּאַסט פאַר מענטשן אין אַ

שטאָט ווי פּאַריז, נאָר מ׳מוז טאָן דאָס באַדערפעניש הענגענדיק אין דער לופטן, איבער דער איינגעמויערטער שיסל. און אַז דו לאָזסט נאָך דאָס וואַסער, ווערן דיר אָפּגעגאָסן נישט בלויז די שיך, נאָר אויך די הויזן ביז די קני. ערשט די דירה אַליין? שטוקאַטורן אין אַלע פיר ווינקלען? אוודאי! אָבער קיין לייטיש פענצטער, דאָס נישט! איז די שטוב אַ האַלב־פינצטער לאָך מיט אַ צעבראָכענער פּליטע אין איין עק־צימער און דער וואַסער־קראַן איבער אַ שוואַרץ־אייזערנער שיסל — אין אַנדערן עק שטוב.

ערשט דאָס „מעבל״? מיט נויטשוויס איז דעם פּאָרפאָלק אָנגעקומען דאָס צונויפשלעפּן פון די „מאַרשאַנעס״ אויף די פּלעצער פון אַלטוואַרג: אַ פּאַרוואַנצט בעט, אַ וואַקלדיק טישל מיט צוויי שטולן, וואָס נאָך יעדן מאָל אויפשטעלן זיך פון דעם זיצן אויף זיי, דאַרף מען גומל בענטשן אַז זיי האָבן זיך נישט איינגעבראָכן און מ׳איז נישט אַראָפּגעפאַלן און נישט געבראָכן רוק און לענד.

מילא, ווי לאַנג מאַן און ווייב האָבן נאָך ביידע געאַרבעט, איז געווען ווייל און פיין. ס׳רעכטע־געדעכטע אָבער האָט זיך אָנגעהויבן ווען אַ קינד איז געקומען. קודם האָט נישט געקלעקט אויף דעם בידנעם ביסל פּרנסה דאָס פאַרדינסט פון בלויז הערשלס איין פּאָר הענט. צווייטנס ווו טוט מ׳זיך אַהין מיט דעם נפשל אין אַ שטוב אָן אַ ביסל טאָגליכט, פון זונשיין איז דאָך אָפּגערעדט, דערצו נאָך איז די שטוב ווילגאָטנע, פייכט און די לופט פאַרדומפּן. ערשט די שטשורעס! אויפן פּלעצל האָט שוין נישט איין מאָל געטראָפן אַז ראַצן האָבן צעביסן אַן עופעלע.

איז אין פּאַריז דאָ צו דעם אַן אויסוועג, כאָטש אין פּוילן וואָלט זיך קיינער צו די פּאַריזער פּירעכצער נישט דערטראַכט. אין פריידן צי אין ליידן וועלן עלטערן אין פּוילן זיך נישט שיידן מיט זייערס אַ קינד, בפרט נאָך אַ פּיצלס. דאָ אָבער, אין פּאַריז, באַלד נאָך די ערשטע וואָכן פון אָנט־בינדן ווערן, רייסט מען אָפּ דאָס עופעלע פון דער מוטערס בריסט און מ׳פירט עס אָוועק אויפן „קאָמפּאַן״, וואָס אין פּשוט־לשון מיינט עס אָוועק־געבן דאָס קינד צו אַ פּויערטע אין אַ דאָרף. גאָט אין הימל! וואָסער שטראָף דאָס איז פאַר יונגע עלטערן! שטאָט די מאַמע זאָל האָבן די פרייד פון איר קינדס אַ שמייכל, פון דעם גאָנערן צו איר, פון דערזען ביים קינד דאָס ערשטע ציינדל, ווי עס שניידט זיך אַרויס, אַזאַ ווייס־ליכטיקס פון דער צאַרט־ראָזלעכער יאַסלע, פינצטערט גאָר די מאַמע אין אַן אַטעליע, ביי אַ מאַשין און איר האַרץ ווערט צעריסן פון בענקשאַפט נאָך איר קינד, וואָס ליגט ערגעץ אין אַ פרעמד וויגל, רייסט זיך נאָך אַ גלעט, אַ צערטל, נאָך אַ סמאַטשקע פון דער מאַמען, פון טאַטן.

דאָס איז אַ גאַנצע וואָך און אַז מ׳דערלעבט שוין קוים דעם זונטיק, מ׳קומט אַרויס אין דאָרף מיט דער מתּנה פאַר דער פויערטע, אַ מאָל אויך פאַר וועלכן קינד זייערס און מ׳וויל זיך אַ ביסל פרייען מיטן אייגענעם בלוט און פלייש, ווערן ערשט די הערצער פון טאַטע־מאַמע אויף דאָס ניי צעריסן, ווייל דאָס קינד זעט אויס שלעכט, בלייך און קרענקלעך. פון נישט זיין צוגעוווינט צו קו־מילך פון דער מאַמקע, האָט דאָס עופעלע גע־קראָגן דייעריע אוןביידע, דער טאַטע ווי די מאַמע, טיף געקרענקט וואָס זיי האָבן געמוזט אָוועקגעבן דאָס קינד אין פרעמדע הענט, מיידן זיי אויס צו קוקן איינע דעם אַנדערן אין די אויגן, נאָר זייטיקלעך ווישט מען אויס אַ טרער און פאַר נאַכט, ביים איַילן צוריק אין שטאָט אַריין צו אַ פריי־שער וואָך אַרבעט, ווערט דאָס קינד ווידער צעריסן פון געוויין ביים צו־ריקגעבן עס אין דער פויערטעס פרעמדע אָרעמס. און שפּעטער, אַז די עלטערן האָבן שוין קוים דערלעבט — דאָס קינד האָט זיך שוין צוגעוווינט אי צו דער פויערטע, אי צו דער מילך פון דער מאַמקע און עס זעט שוין יאָ אויס גוט, די בעקעלעך — רויט, אַנגעזוניקט, האָבן ערשט טאַטע־מאַמע אויף ס׳ניי צער און יסורים — דאָס קינד דערקענט זיי נישט, וויל נישט גיין צו זיי, רופט די פויערטע — מאַמאַ און דעם פויער — פּאַפּאַ.

איז אים שוין מער נישט קיין וווּנדער, נתן חיימען, וואָס אסתּר, אַ שכנה זיינס, אַ מאַשין לעבן אַ מאַשין, אין דער אַטעליע, האָט זיך פאַרטאָן, זי זאָל קיין קינדער נישט האָבן. אמת, ווען ער האָט דאָס געהערט פון איר, האָט ער אַזוי אויפגעצאַרנט, אַז ער האָט געפילט צו טאָן אַ שפּיי אויף איר און נאָך מער אויף מאַריסן, איר מאַן. ער האָט בשום אופן נישט געקענט באַנעמען מענטשן זאָלן אַליין זיך באַרויבן פון קינדערפרייד? אַזוינס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן! איצט אָבער, נאָכן האָבן זיך בעסער באַקענט מיט פּאַריז, מיטן אַרבעטער־לעבן אין פּאַריז, האָט ער אויפגעהערט צו קוקן אויף דער אסתּרן מיט ווידערווילן, כאָטש קיין גע־רעכט האָט ער אויך איצט איר נישט געגעבן. ער וואָלט קיין מאָל אַזוינס נישט געלאָזט עלקעלען אָפּטאָן איבער זיך. כאָטש פאַרשטיין אסתּרן, פאַר־שטייט ער איצט יאָ. אַזאַ צער! ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט און עס איבערגעבן וועלכע פויערטע זי זאָל עס דערציִען, אָפּפרעמדן עס פון טאַ־טע־מאַמע, נייך, ער וועט אַזוינס נישט טאָן!

וואָס זשע זאָל ער יאָ טאָן, נתן חיים, לעבן ווי פּאָול, דער האָטעל־שכן זיינער? לכתּחילה האָט ער דעם פּאָולן נישט געקענט באַנעמען. אַ מאַן שוין אַריבער די דרייסיק, לאַנג שוין אין פּאַריז, דערצו פאַרדינט ער שיין ווי אַ זעצער אין אַ גרויסער פראַנצייזישער דרוקעריי, קליידט זיך שיין,

תּמיד פריש־געגאָלט, דאָס קופּער־רויטע וואָנסעלע פּינקטלעך צוגעשוירן, פאַר וואָס זאָל אַזאַ יונגערמאַן זיך וואַלגערן אין אַ האָטעל־צימער, אָן אַ ווייב, אָן אַ קינד, עסן תּמיד אין רעסטאָראַן, וואָסער לעבן איז דאָס? איז ווי וויל ער האָט שוין געזען דאָס לעבן ביי הערשל און גיטל רייכלער, האָט ער דאָך זיך נישט איינגעהאַלטן, נתן חיים, און דאָס געפרעגט פּאָולן.

ס'איז געווען אין אַ זונטיק נאָך מיטאָג, אין אַ קאַפע אויף סאַן־מישעל. האַרבסט. קאַלטלעך שוין, דיביימער, לענג־אויס דעם טראָטואַר — נאַקעט. די לופט רוישט מיטן געשאַרכל פון די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. די קאַ־פע־טעראַסן זענען שוין אַרומגעשטעלט מיט די ווינטערדיקע שויבנווענט־לעך. די וויקלדעכלעך איבער זיי — פול אַראָפּגעראָלט. די קוילן אין די אָנגעהייצטע אייוועלעך גליִען און ער זיצט מיט פּאָולן ביי איינס פון די רונדע טישלעך, טרינקען ביידע אַ ליקער, אַ טאָס קאַווע און ער, נתן חיים, פרעגט אַזוי פּשוט:

— פאַר וואָס, פּאָול?

פּאָול ענטפערט אים נישט באַלד. ערשט אין אַ ווייל אַרום, ווי ער וואָלט זיך דורך דער צייט איבערגעלייגט צי ער זאָל גאָר אים ענטפערן אויף אַזאַ פּערזענלעך נאָכפרעגן, האָט פּאָול, שוין נישט ביייזלעך, אַ זאָג געטאָן:

— איר זענט לאַנג געגוג אין פּאַריז דאָס אַליין צו וויסן.

— אָבער לעבן אַזוי, פּאָול, איז דאָך אויך נישט קיין תּכלית.

— ווער זאָגט דען אַז אַזאַ לעבן איז אַ תּכלית? און ווווינען מיט אַ פרוי אויפן פּלעצל, האָבן אַ קינד און עס האַלטן אויפן „קאַמפּאַן” איז יאָ אַ תּכלית?

— אַזוי אָבער טויג דאָך אויך נישט. לעבן אָן אַ פרוי איז אוממעג־לעך, מוז מען דאָך האָבן צו טאָן מיט אַלערליי ווייבער, אַפילו גיין אין אַ הייזל. איז חוץ וואָס עס איז נישט קיין לעבן, איז עס נאָך אָן איינשטע־לעניש, אַ סכּנה אָנגעשטעקט צו ווערן מיט אַ מיאוסער קרענק און בלייבן רויִנירט אויפן גאַנצן לעבן.

נישט אומזיסט איז ער, נתן חיים, דאָ אַרויס מיט די אַלע פרעגענישן. פּאָול האָט אים אינטערעסירט, האָט ער דורך אים, ווי דורך מאַריסן און אסתּרן, ווי דורך הערשלען און גיטלען, געוואָלט זען זיך אַליין. ווו האַלט ער אין דער וועלט? דער דראַנג צו אַ פרוי מאַכט פון אים אַ תּל. ער איז שוין אויס מענטש. מילא, אין די וואָכנטעג איז נאָך צו דערליידן, ער איז פאַרטאָן, פאַרהאָרעוועט, אָבער אין אָוונט, שבת און זונטיק קען ער זיך קיין אָרט נישט געפינען. נישט ער קען עפּעס לייענען, נישט ער קען

ווידער עפּעס אָנשרייבן פאַר דער וואַרשעווער „פּאָלקסצייטונג". ער גייט אַרויס אין גאַס, כּלומרשט שפּאַצירן, אין דער אמתן איז עס נישט דער שפּאַציר, אים ציט צו די מיידלעך אין די ראָגעס, זייער ווינקען צו אים, דער פאַרשייטער בליאַסק פון זייערע אויגן, דער צומאַליקער אַרומנעם פון וועלכער, ער זאָל גיין מיט איר. ער איבערוועלטיקט זיך טאַקע, וויקלט זיך אַרויס פון אירע אָרעמס, אָבער פאַר אַ רגע — כאָטש האָט ער גע־פילט דעם אַרומנעם פון אַ פרוי, איבערגעלעבט דעם גאַריקן ציטער פון אַ פרויס באַריר. איבערגעוואַלט רייסט ער זיך אַוועק פון די מיידלעך, קומט צוריק אין האָטעל־צימערל, לייגט זיך שלאָפן, ווערט ערשט די נאַכט פאַר אים אַ גיהנום. ער האָט דאָך אין וואַרשע, אין לובלין אויך געהאַט אומרוזיקע, קאָשמאַרנע נעכט, אָבער קיין מאָל נישט ווי דאָ. שוין דאָס זיין אַרומגערינגלט מיט פרויען, ווי דאָס האָט געוועקט דעם באַגער, האָט אָבער דער פלירט מיט זיי, דאָס צומאַליקע אַרומנעמען וועלכע און איר, כּלומרשט אומשולדיק אַ קוש טאָן געהאַמעוועט די תּאווה אין אים, איינגעשטילט אַ ביסל דעם ווילדן אומרו. דאָ אָבער איז ער עלנט, לעכצט נאָכן אָטעם פון אַ פרוי, נאָך אירס אַ גלעט, אַ צערטל, האָט ער דאָס איצט געוואָלט דערגיין פון דעם פּאָולן, ווי אַזוי לעבט ער אויס דעם אומרו, די תּאווה, ער איז דאָך אַליין, שטענדיק אַליין!

— ווער זאָגט עס אייך אַז מ'מוז זיך אָנשטעקן מיט אַ קרענק ביים קומען אין באַריר מיט אַ פרוי אין אַ הייזל? האָט אים פּאָול צוריקגע־פרעגט אַזוי שמייכלדיק רויק און דערביי הנאהדיק געטאָן ווידער אַ ציִ פון ציגאַרעט: — אַוודאי אַז איר וועט גיין אין די צוויי־פראַנק הייזלעך, אָדער גאָר זיך לאָזן נעמען פון יענע, וואָס מאַכן דעם טראָטואַר, זענט איר איינגעשטעלט. כאָטש אויך דאָרט איז דאָ אַן עצה: נוצט אַ קאָנדאָן. איך, ווי איר קוקט מיך אָן, האָט ער שטאָלץ געוויזן אויף זיך, — האָב מיט די פרויען פון אַזעלכע הייזלעך נישט צו טאָן, אַפילו די כּלומרשט „וויטישע" פרויען מייַד איך אויס. שוין יאָרן ווי איך קום יעדן שבת־אוונט אין „מעזאָן דע לא מור" (הויז פון ליבע) און, הלוואַי ווייטער. אמת, דאָס פאַרגעניגן דאָרט קאָסט פופצן־פראַנק, ס'איז אָבער ווערט. שוין דער „מע־זאָן" איז אַ פּאַלאַץ! ערשט די מיידלעך דאָרט, יונגע שיינהייטן איינע אין איינע און אַלע וואַרטן אויף אייך נאַקעטע ווי די מאַמע האָט זיי גע־האָט. טייל, פאַר מער אַנצי, פאַר מער רייץ, טראָגן זיי שוואַרצע, זיי־דענע זאָקן ביז אַרויף די פּאָלקעס און שוואַרצע, זיידענע האַנטשו ביז די עלנבויגנס.

— שוין ביים אַריינקומען אין דעם זאַל ווייסט איר נישט ווו די אויגן

אַהינצוטאָן. צי זאָלט איר קוקן אויף די טייערע קאַנאַפּעס, אויף די פּאָטעלן, וואָס אויף זיי זיצן די שיינהייטן, צי זאָלט איר קוקן אויף די זעלטענע טישלעך, צעשטעלטע צווישן די קאַנאַפּעס און פּאָטעלן, צי אויף די טייערע כינעזישע וואַזעס מיט בלומען אויף די טישלעך, צי גאָר קוקן אויף די מיידלעך, וואָס ווי נאָר איר זענט אריינגעקומען אין זאַל, האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט און זייערע בליקן געווענדט צו אייך מיט אונטערטעניקייט, מיט גרייטקייט אייך צו געבן פרייד, פאַרגעניגן. און איר מיינט אַז די פּופּצן צי אַכצן מיידלעך דאָרט, זענען אַלע פראַנצויזקעס? איר קענט זיך דאָרט אויסקלייבן אַן אַפריקאַנער נעגערין, וואָס איר לײַב גלאַנצט פון שוואַרצקייט, אָדער אַ ברוינע, אַלזשיריאַנער אַראַבקע, אָדער אַ יאַפּאַנקע, אַ כינעזערין מיט זייערע פאַרפירערישע מאַנדל־אויגן, אָדער אַ בלאָנדע דײַטשקע, אַ שיין פּויליש שיקסל אָדער גאָר אַן אייגענע, אַ יידישע טאָכטער פון רומעניע, פון פּוילן, צי גאַליציע.

אַז איר האָט שוין אַלע באַשוינט און איר טוט אַ ווינק צו יענער, וואָס זי באַגערט איר, קומט זי צו, פאַרנייגט זיך פּאָר אייך, נעמט אייך אונטערן אָרעם און פירט אייך אין איר בודואר, אַ סאַלאָן אַ גאַנצער פון לויטער שפּיגלען, די ווענט ווי דער סופיט. אַפילו די טיר, וואָס איר האָט פאַרמאַכט הינטער זיך, איז אויך איין לאַנגער, געשליפענער שפּיגל. איר ווערט צעמישט ביים דערזען זיך מיט אַ נאַקעטער פרוי אין צענדליקער אָפּשפּיגלונגען אין אַלע זייטן, רעכטס און לינקס, הינטער אייך און איבער אייך... און איר מיינט אַז מ׳אײַלט אייך דאָרט? פיף־פּאַף דערלאַנג די פּאָר פראַנק און טראָג־זיך אָפּ? איר קענט פריַער פאַרברענגען מיט אייער קאָמפּאַניאָנקע ווי מיט אַ געליבטער. איר ווילט אַ קאַווע, אַ ליקער? זי טוט אַ דריק אַ קנעפּל, ברענגט מען אייך אַריין, וואָס אײַער האַרץ גלוסט.

ער איז געווען פאַרכאַפּט, נתן חיים, דער מוח — פאַרגאָסן, ס׳האַרץ לויפט און ער אַליין איז מער נישטאָ אין דער קאָפּע ביי אַ טישל מיט פּאָולן קעגנאיבער אים. אויף אַ וויַיך קאַנאַפּקעלע אין „מעזאָן דע לא מור״ איז ער איצט געזעסן מיט איינער פון די שיינהייטן אויף זיין שויס.

דער גאַרסאָן איז צוגעקומען מיטן צווייטן באַשטעל. פּאָול האָט גענומען דאָס קעלישעקל ליקער צו די ליפּן: — לחיים לאַנדסמאַן, האָט ער אַ זאָג געטאָן, — נאָר נישט געזאָרגט, אַבי געזונט וועלן קיין צרות אין פּאַריז נישט פעלן.

נתן חיים, ווי אַרויסגעריסן פון אַ טראַנס, האָט אויך צוגעטראָגן דאָס קעלישעקל צום מויל און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו פּאָולן, אַ שאָקל ווי אַ צוריק־ווינטש, אין דער אמתן איז עס געווען אַ שאָקל מיטן קאָפּ

פון באַדויער און טרויער. באַדויער איבער דעם פּאָולן: „אַזוי צעטרעג־צלט אַ מענטש אין פּאַריז זיין יוגנט, זיינע כּוחות, זיין לעבן״! און טרויער איבער זיך אַליין: „וועט אויך ער, נתן חיים, אַזוי צעטרענצלען זיין לעבן? ווען אַפילו נישט ווי פּאָול, וועט עס זיין ווי הערשל רייכלערס לעבן? שיינדעלע און איר אַברמעשי, עלקעלעס טאַטעשי און מאַמעשי, וועלן דאָך אַוודאי לאָזן זייער אָפּגעציטערט טעכטערל פאָרן צו אים קיין פּאַריז דאָ צו פירן אַ לעבן מיט אים, ווי גיטעלע מיט הערשלען, ווי טויזנטער אַנדערע אַזעלכע פּאָרלעך לעבן דאָ״.

אַוודאי ווייסט ער, נתן חיים, אַז נישט אַלע מענטשן אין פּאַריז לעבן ווי הערשל מיט גיטלען, וווינען נישט אין אַזעלכע חושכדיקע דירות. אָט קומט ער צו מאָל אַרויף צו די גלעזערס, אַ פיינע וווינונג דאָרט, נישט אַזוי „ראָסקאָשנע״ ווי ביי די דאָקטערין רובינשטיין, אָבער ליכטיק איז און באַקוועם און פיין מעבל און זי, די מאַדאַם גלעזער, פינצטערט נישט אין קיין אַטעליע. אַ יונגע מאַמע, גיט זי זיך אָפּ מיט זייער קינד. אין שיינע טעג נעמט זי דאָס זונעלע אין אַ וויזיקל שפּאַצירן אין לוקסעמבורג־גאָרטן. דעס גלייכן די יאַקובאָוויטשעס. איז אָבער נישט קיין אַדוואָקאַט ווי לעאָ גלעזער און אויך נישט קיין שותּף צו אַ גרויסער, פראַנצייזישער דרוקעריי ווי יאַקובאָוויטש. וואָס זשע זאָל ער, נתן חיים, טאָן? די בענק־שאַפט נאָך עלקעלען פאַרצערט אים, נאָגט אויס דעם קליי פון זיין געביין, און פאַרטרינקען דעם עלנט, די באַגערן זיינע מיט ליקער אין די קאַפעען, אָדער אויסוואַלגערן די בענקשאַפט אין „מעזאָן דע לא מור״, ווי דאָס טוט פּאָול, ווי דאָס טוען אַזוי פיל יונגע מענטשן אין פּאַריז? נישט ער וויל דאָס און נישט ער קען עס. וואָס זשע דאָך זאָל ער טאָן?

# קאַפּיטל דרייצן

פּעליאַ, פּעלטשע, פּעליושאַ, פּעליושענקאַ — אַ נאָמען נאָר פּאַר אַ זר־ניקער בלאָנדינקע, אַ שטיפּערקע, וואָס וויקלט זיך אין דינע, דורכזיכטיקע וואָלן, טוליעט זיך אויף דער קאַנאַפּקע און וואַרט אויפן געליבטן. אָבער ווי קומט אַזאַ נאָמען צו אַ סטאַלנע מיידל, אַן ערנסטע, וואָס אַ בחור וואָגט גאָרנישט צו פּרווון איר אַ קוש טאָן. אַזאַ מיידל דאַרף הייסן: צוועטל לאה, געלע פייגע, הינדע רעכל, אַלץ יוסטע נעמען, ווי זי אַליין איז יוסט און געזעצט, אָבער פּעליאַ?

וואָס אַן אמת, זי איז נישט קיין מיאוסע, די פּעליאַ. פּאַרקערט, אַ חנעוודיקע, יידישע טאָכטער, נישט צו הויך געוואַקסן, אַ פול ביוסטל, ברייטלעכע היפּטן, פולע, סענסועלע ליפּן, אַ קאָפּ שוואַרצע האָר און גלייך־שוואַרצע אויגן, אַלץ סימנים אַז וואָס, וואָס — נאָר קיין קאַלטער פיש איז זי נישט. אָבער וואָס קומט אַרויס אַז זי איז אַזוי יידישלעך־שעמעוו־דיק, אַז זי הייבט קיין מאָל נישט אויף די וויִעס, די שיינע פּרענדזלעך איבער אירע גלייכע אויגן, אַ בחור זאָל קריגן לוסט צו שפּאַצירן מיט איר, צו פאַרשווינדן מיט איר הינטער אַ בוים.

באַקענט מיט איר האָט זיך נתן חיים אין פאַראיין פון איר שטאָט, אויפן ברעג פון דער ווייסל. נישט גראָד מיט איר. נאָך דער רעדע, וואָס ער האָט דאָרט געהאַלטן, ווי דער פאַרשטייער פון דער וואַרשעווער צענ־טראַלע, איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון די בחורים, די אָרטיקע פאַר־וואַלטער און טוער אין דעם פאַראיין, אָבער דער עיקר פון די מיידלעך, וואָס יעדע האָט זיך געחנדלט צו אים אויף איר באַזונדערן אופן. אַ קליי־ניקייט? דער סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער צענטראַלע!

איינע פון דעם קרענצל מיידלעך איז אים אַפילו נאָכגעפאָרן קיין וואַרשע. נישט באַלד. חלילה. אַזאַ נאָר וועט זי זיין? די גאַנצע שטאָט וואָלט דאָך דאָס באַלד געוווּסט! ערשט אויף דער צווייטער וואָך האָט דאָס סימעלע, אַ דין מיידעלע אפשר פון אַכצן, ניינצן יאָר, אַ קליינינקע, נאָר ווי קליין אַזוי גרויס פייער, געזאָגט טאַטע־מאַמע, אַז זי פאָרט קיין וואַר־שע זיך זוכן אַ פּאָסטן, וואָס וועט זי דאָ זיך אַרומדרייען ליידיק? צי זי האָט טאַקע געזוכט אַ פּאָסטן צי נישט, נאָר דעם זעלבן פאַרנאַכט, ווי

נאָר זי איז אָנגעקומען אין וואַרשע, האָט זי זיך אַריינגעשטעלט צו אים, נתן חיימען, אין ביוראָ פון נאַדל־פאַראיין. ער איז געוואָרן ווי צעטומלט ווען ער האָט זי דערזען:

— האָט זי ווען אין וואַרשע ?

— ווען דאַרף זי האָבן ?

— ביי וועמען וועט זי זיין ?

— זי פאָרט מאָרגן צוריק.

— און די נאַכט ?

שמייכלדיק האָט דאָס מיידעלע אים געטאָן אַ ברי, אַזוי זייטיקלעך, מיט אירע צוויי גרין־גרויע אויגן, אַז אים האָט פאַרפעלט אָטעם.

— ער ווינט נישט אַליין, האָט ער מער געשטאַמלט ווי גערעדט, — סיידן אין אַ האָטעל.

— האָטעלן זענען פאַר מענטשן, האָט דאָס סימעלע אַזוי דרייסט אַ זאָג געטאָן, אַז ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. הער נאָר דאָ! ער, אַ וואַרשעווער, אַזאַ דרייסטער און וואַגנדיקער, קומט אַזאַ סימעלע, אַ קליינשטעטלדיק מיידל און מאַכט אים זיך פילן ווי אַ חדר־יינגל, ווייסט ער נישט אַז האָטעלן זענען אויך פאַר יונגוואַרג ?...

אויך די פעליאַ איז נאָך דער רעדע דאָרט, געווען אַרום אים, אָבער קיין איין מאָל האָט ער נישט געזען זי זאָל אויפהייבן די וויִעס, ער זאָל קענען איר אַ קוק טאָן אין די אויגן אַריין, זיך ווי געהעריק באַקענען מיט איר, אויסרעדן מיט איר עטלעכע ווערטער, ווי מיט די אַנדערע מיידלעך. נאָר ערשט דאָ אין פּאַריז, אפשר אַ יאָר נאָך יענעם באַגעגענען זי, אַרויסקומענדיק פון לוווּר: „טיאָ״, פעליאַ! און מיט איר — אַ מאַן אין איין זייט און אַ פרוי אין איר אַנדערער זייט.

אַ היפשע ווייל זענען ביידע געשטאַנען איינע קעגן אַנדערן, ער אויף צוויי טרעפּ העכער און זיך אָנגעקוקט ווי דערשטוינט, ווי נישט געגלייבט זייערע אייגענע אויגן. און ווי זיי ביידע — דערשטוינט, אַזוי זענען אירע צוויי באַגלייטער געווען פאַרווירט, נישט געוווּסט וואָס איז דאָ געשען. ערשט אַז די פעליאַ האָט געטאָן אַ שוועב מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס אַרויף די צוויי טרעפּ און פריידיק אים אַרומגעכאַפּט:

— פיינזילבער, גוט וואָס מ׳זעט זיך ווידער, האָבן די באַגלייטער אירע פריי אָפּגעאָטעמט.

— באַקענט זיך, האָט פעליאַ אים גענומען ביים אָרעם און מיט אים צוריק אַראָפּ די צוויי טרעפּ, — דאָס איז מיין ברודער סימאָן פייערשטיין

און דאָס איז מיין שוועגערין זשאַנעט און באַלד ווייזנדיק אויף אים, נתן חיימען, און דאָס איז דער חבר פיינזילבער פון וואַרשע.

— איר זעט מיר אויס צו זיין באַקאַנט, האָט דער מ׳סיע פייערשטיין געזאָגט, געבנדיק אים די האַנט. — זענט איר נישט אַרויסגעטרעטן אויף דעם אָוונט צו ש. אַנסקיס שלושים? און, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענט־פער, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ווייב: „נעס פאַ, זשאַנעט״?

— „וואַי״, האָט דאָס ווייבל אַ שאָקל געטאָן מיטן בלאָנדן, הויך פאַר־קעמטן קאָפּ אירן אויף יאָ.

נתן חיים, דערלאַנגענדיק די האַנט די צוויי מענטשן, האָט נישט באַ־שטעטיקט און נישט אָפּגעלייקנט אַז דאָס איז טאַקע ער, נאָר ביטער אין מויל איז אים געווען סיי ווי, „זענען הייסט עס אויך די צוויי מענטשן בייגעווען ביי זיין פיינלעכן דורכפאַל״. כדי אַראָפּצופירן זיי און אויך זיך אַליין פון דער אומגעריכטער דערמאָנונג, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— וואָס שטייט מען אויף די טרעפּ? מ׳איז דאָך אין וועג די, וואָס גייען אין מוזיי, ווי יענע, וואָס קומען אַרויס פון דאָרט.

— טאַקע גערעכט, האָט דער יונגערמאַן אַ זאָג געטאָן. — אפשר גייט איר מיט? מיר גייען ווייזן פעליאַן דעם לוווּר.

— דעם גאַנצן לוווּר? האָט נתן חיים געשמייכלט.

— מאָלט אייך אַז נישט דעם גאַנצן לוווּר, האָט דער פעליאַס ברודער מיטגעשמייכלט, אַ מין אַנצוהער אַז ער איז נישט קיין גרינער — ער ווייסט אַז מ׳קען נישט זען דעם מוזיי אויף איין מאָל.

— אפשר גייט ער טאַקע מיט? האָט פעליאַ זיך געווענדט צו אים, נתן חיימען.

— ער קומט דאָך איצט אַרויס פון דאָרט. ער וועט בעסער וואַרטן אויף זיי דאָ, האָט ער געוויזן אויף דער ערשטער באַנק, ש׳איז נישט ביים איינגאַנג.

— גוט, האָט פעליאַ אים געשענקט אַ שמייכל, מיר וועלן זיך לאַנג נישט זוימען.

זיצנדיק שוין אויף דער באַנק, האָט נתן חיים גענומען איבערטראַכטן דעם פּאָרפאַל. „זע נאָר דאָ! אין מיטן פּאַריז — פעליאַ. ווען זי איז נאָר נישט אַזאַ באַבעצע! ווען שטאָט איר, וואָלט זיך אים דאָ געיאַוועט די סימעלע, אָ, וואָלט ער דאָ געלעבט אַ טאָג! נאָר אפשר איז אויך די פעליאַ נישט אַזאַ באַבעצע ווי אים דאַכט זיך? ער קען זי דאָך רעכט נישט. אַלע מיידלעך מוזן דען זיין ווי די סימעלע? וועט ער זיך טרעפן מיט איר, פעליאַ. ער האָט דען עמעצן אַנדערש? גראָד איז „מאָרט־סעזאָן״, ער גייט

מער ליידיק ווי ער אַרבעט", האָט ער גערן אַנגענומען דעם ווייבלס פּאַר־בעטן אים און טאַקע צומאָרגנס איז ער געקומען צו דער פעליאַ, אויף נומער 14 רי וויע דו טאַמפּל. ער האָט פאַרשטאַנען, נתן חיים, די שוועגערין מיינט רעכט ער זאָל אָוועקנעמען אַ ביסל „די מויד", דעם מאַנס שוועסטער, וואָס פּלאָנטערט זיך איר אונטער די פיס. מ'קען דאָך נישט לאָזן אַ מיידל אַליין אין שטוב, מוז מען זי מיטנעמען ווו נאָר מ'גייט. אַז ס'האָט זיך אונטערגערוקט אַ בחור, וועט די מויד נישט זיין מער אויף זייערע הענט און אפשר וועט עפּעס ווערן? דאָס פעלטשאַלע האָט שוין לאַנג געמעגט הערן שפּילן. מ'זאָגט איר טאַקע נישט, אָבער זי ווייסט אַליין. פעליאַ איז אויף דריי יאָר עלטער פון איר סימאָן און ער איז דאָך שוין 24 יאָר אַלט!

ס'איז געווען אין מיטן זומער, די היצן — גרויס, די „אַטעליע" מער פאַרמאַכט ווי אָפן, פלעגט ער גאַנצע טעג פאַרברענגען מיט פעליאַ אין גאָרטן לוקסעמבורג, אין די טיולעריס, צו מאָל אויך אין באדבולאָנער־וואַלד.

— וואָס זי טוט אין פּאַריז? ער זעט דאָך, — גאָרנישט. צי זי קלערט דאָ בלייבן? זי וואָלט אַוודאי געוואָלט, אָבער וואָס קען זי דאָ טאָן? אין דער היים איז זי געווען אַ פּרעבליסטקע. חוץ פּויליש, קען זי גוט רוסיש און נישט שלעכט דייטש, פלעגט זי האָבן פּאָסטנס אין די פּאָרנעמסטע הייזער, ביי איין קינד, זעלטן ביי צוויי. אַ דינסט איז אין די הייזער שטענ־דיק געווען, האָט זי זיך בלויז אָפּגעגעבן מיט דעם קינד, צי צוויי, גיין מיט זיי אין גאָרטן, זיך געשפּילט מיט זיי, געלערנט מיט זיי איין טאָג אויף פּויליש, דעם צווייטן אויף רוסיש, דעם דריטן אויף דייטש. וואָס האָט איר געפעלט? זענען אָבער די משפּחות פאַראָרעמט געוואָרן אין דעם נייעם, אומאָפּהענגיקן פּוילן. אָ, ווען זי וואָלט געקענט פראַנצייזיש, וואָלט זי דאָ אָנגענומען אַ פּאָסטן.

זיי זענען אַר־יין אין לוקסעמבורג־גאָרטן, זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק:
— וואָס זשע קלערט זי צו טאָן?

— זי וואַרט אויף פּאַפּירן פון איר עלטערער שוועסטער אין אַמעריקע, כאָטש פאָרן אַהין גלוסט זי גאָרנישט. עפּעס גיט איר די שוועסטער אָנצו־הערן וועגן אַ קוזין. ער איז אַן אַלטער בחור, זיכער שוין איבער פינף און דרייסיק יאָר, אַ שמויגער, אַ שמעגעגע. זאָל ער, פיינזילבער אַליין זאָגן, איז נישט אַ מאַן אַ שמעגעגע, אויב ער זיצט ביז איבער פינף און דריי־סיק אַ פריי־לײדיקער?

ער האָט געוואָגט, נתן חיים, גענומען איר האַנט אין זיינער:

— פאַר וואָס מיינט זי אַזוי? אפשר איז אים נישט אונטערגעקומען אַזאַ, וואָס זאָל אים געפעלן, ער זאָל זיך פאַרליבן אין איר?

— דאָס קען זיין, אָבער, געוויינלעך, אַ בחור, אַז ער האָט לעבן אין זיך, זיצט ער נישט. די מיידן לאָזן אים נישט! אָט אַ שטייגער ער, פיינ־זילבער, האָט זי שמייכלדיק געקוקט אים אין די אויגן אַריין, — וואָלט ער אַזוי לאַנג געוועזן אַליין?

ער האָט זי אַרומגענומען, נתן חיים, איז דאָס געוועזן אויס מיטלייד? אויס באַגער? און אפשר ביידע.

זי האָט אויפגעהויבן די פרענדזלעך פון איבער אירע אויגן, אַזעלכע גוטע, ווייכע מאַמע־אויגן, שטיל געקוקט אויף אים לאַנג, ווי זי וואָלט אים געפרעגט וואָס דער אַרומנעם זיינער מיינט, נאָר אַז ער האָט איר גאָרנישט געזאָגט, האָט זי צוריק אַראָפּגעלאָזט די וויִעס, פאַרהוילן צוריק די אויגן, שטום זיך געטוליעט אין אים און דערביי פאַרהויבן די ליפּן, פאַרטרוקנטע, פאַרחלשטע, ווי אַ פאַרשמאַכט בלימל צום שפּריי־רעגן, גרייט צום טרינקען כאָטש דער רעגן האָט נאָך נישט אָנגעהויבן פאַלן.

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, נתן חיים, און איר אַ קוש געטאָן אין די האַלב צעעפנטע ליפּן, הייסע, גאָרנדיקע, וואָס האָבן אַזוי צאַרט זיך נאָכגעגעבן, געלאָזט אים זיך איינבייסן אין זיי און דורשטיק טרינקען די תאַוהדיקע זאַפטן, ער — אירע, ווי זי — זיינע.

נאָך אַ ווייל זיצן און שווייגן, האָט פעליא פּלוצים אָנגעשטעלט אויף אים אירע ווייכע, צאַרטע אויגן און אים געפרעגט:

— פיינזילבער, טייערער, זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז טאַקע אמת אַז סימעלע איז געקומען צו אייך קיין וואַרשע און פאַרברענגט מיט אייך אַ נאַכט אין אַ האָטעל?

ער איז געבליבן פאַרטשמיעלעט, נתן חיים, פון וואַנעט ווייסט זי דאָס? האָט די סימעלע זיך באַרימט פאַר איר? פון דעסטוועגן האָט ער געפּרוווט מאַכן אַן אָנשטעל:

— וואָס פאַלט איר עפּעס איין?

— ס'פאַלט איר נישט איין, די גאַנצע שטאָט רעדט וועגן דעם.

— די גאַנצע שטאָט? פון וואַנעט ווייסט דאָס די שטאָט?

— סימעלע האָט טאַקע געמיינט אַז קיינער וועט נישט וויסן, אָבער די וועלט האָט זיך פאַרשווירן ס'זאָלן קיין סודות נישט זיין.

— פאַרשווירן היינט, פאַרשווירן מאָרגן, אָבער פון וואַנעט ווייסט עס די שטאָט?

— מ'וואָלט טאַקע נישט געוווּסט, איז אָבער דער שטאָטישער „שפּי־

ליטער״ דעם זעלבן טאָג געפאָרן אין דער זעלבער באַן קיין וואַרשע. צי סימעלע האָט געזען דעם „שפּיליטער״, דאָס ווייסט זי נישט, אָבער דער „שפּיליטער״ — זי, האָט גאַנץ גוט געזען. וואָס אַן אמת, ער האָט זיך נישט געמאַכט דערפון. מאַלע וואָס אַ מיידל פאָרט קיין וואַרשע? איז אָבער דער „שפּיליטער״, ווי אַלע מאָל געבליבן איבער נאַכט אין וואַרשע און, ווי שטענדיק איינגעשטאַנען אין דער זעלבער אַכסניה אויף די נאַ־לעווקעס נומער 28 און ווען ער האָט ער אין דער פרי געזען פון דאָרט אַרויסגיין? סימעלען מיט דעם חבר פיינזילבער. נאַטירלעך, ער האָט נישט געוווּסט דעם חבר פיינזילבערס נאָמען. ער האָט נאָר געזאָגט, אַז ער האָט זי געזען אַרויסגיין פון דער אַכסניה מיט דעם רעדנער, וואָס איז געווען אין פאַראיין מיט אַ וואָך צוריק.

ער, נתן חיים, האָט טאַקע געהויבן די אַקסלען, ווי ער וואָלט נישט געגלייבט אַ וואָרט, אָבער דער מוח זיינער האָט געפּיבערט: זאָל ער לייקענען? מאַכן די גאַנצע מעשׂה צו גאָרנישט? אָדער גאָר זאָגן ס׳איז אמת? סוף, סוף איז דאָך די פעליא נישט עלקעלע, וואָס ער וואָלט זיך געדאַרפט פאַרענטפערן פאַר אַ פאַרראַט קעגן איר, האָט ער זי דרייסט אָנגעקוקט, די פעליא, און זי צוריקגעפרעגט:

— וואָס אַ שטייגער, גייט עס איר אָזוי אין לעבן, צי ס׳איז יאָ אמת, אָדער נישט אמת?

— אין לעבן גייט עס איר טאַקע נישט, זי וויל נאָר ער זאָל איר זאָגן צי ס׳איז רעכט אַ מיידל זאָל אָזוי טאָן?

— פאַר וואָס זאָל אַזוינס זיין נישט רעכט? אַ מיידל איז אַ מענטש פונקט ווי אַ בחור און וואָס עס איז רעכט פאַר אַ בחור, דאַרף זיין רעכט אויך פאַר אַ מיידל.

— אַ מיידל? האָט זי איבערגעחזרט, ווי זי וואָלט זיך נישט געגלייבט פון אים דאָס צו הערן.

— וואָס וווּנדערט זי זיך אָזוי? אַ מיידל וויל ס׳אייגענע וואָס אַ יינגל, נאָר זי שעמט זיך, די סימעלע, זעט אויס צו זיין דרייסטער, שעמט זי זיך נישט.

„וויל איר״, האָט פעליא געטראַכט. די יינגלעך גייען טאַקע פאַר סימעלען די כפּרה. וואָס האָט זי, פעליא, פון איר שעמען זיך? אָזוי האָט זי געטראַכט, געזאָגט אָבער האָט זי:

— קומט, חבר פיינזילבער, וואָס וועט מען דאָ זיצן?

זיי זענען אויפגעשטאַנען פון דער באַנק און גענומען גיין אַרויס פון לוקסעמבורג־גאָרטן.ביידע האָבן געשוויגן, ביידע האָבן געטראַכט: זי,

„פאַר וואָס קען זי נישט האָבן אַ בחור ווי ער, פיינזילבער?" ער אָבער האָט געטראַכט: „וואָס האָט זי געמיינט מיטן ,קומט, לאָמיר גיין', וווהין גיין? איז זי זיך מתקנא אין סימעלען? און אפשר? פאַריז איז נישט פלאַצק. אין פאַריז וועט אַפילו אַזאַ ווי פעליא זיין אַנדערש. ער זעט עס דאָך שוין. וואָלט די פעליאַ אין פלאַצק אַזוי פריי זיך געקושט מיט אים, ווי זי האָט עס דאָ, איצט געטאָן אין לוקסעמבורג־גאָרטן?"

— אפשר גייען מיר אַריין אין אַ קאַפע עפּעס טרינקען?

— „אַזוישעם", (ביטע זייער) האָט זי, אַ צופרידן־שמייכלדיקע, אים גענומען אונטערן אָרעם.

זיי האָבן זיך אַװעקגעזעצט אויף אַ טעראַסע, אונטערן וויקלדעכל פון אַ קאַפע אויף סאַנט מישעל. דער גאַרסאָן מיט ווייסן האַנטעכל איבערן לינקן אָרעם, דער ווייסער פאַרנעם איבער די שוואַרצע הויזן, איז צוגע־קומען, זיך פאַרנייגט, — „מיסיע דאַם", נתן חיים האָט באַשטעלט צוויי ליקערן און דערביי זיך געווענדט צו איר: — איז זי אפשר הונגעריק? ניין? אָבער אַ קאַווע מיט אַ קראַסאָן?

— וואָס איז אַ קראַסאָן?

— די האַלבע ראָגעלעך.

— אַ, די זענען זייער גוט.

דער קעלנער איז אַוועק נאָכן באַשטעל און ער, נתן חיים, האָט זיי־טיקלעך באַטראַכט די פעליא, עפּעס איז זי נישט די אייגענע, וואָס אין פלאַצק, קוקט אַזוי פריי, דאָ אויף אים, באַלד אַרום זיך, אויף דעם יונג־וואַרג, וואָס פאַראַדירן איבער די ברייטע טראָטואַרן, זיצן אַרום די טיש־לעך אויף די טעראַסן פון די אומצאָליקע קאַפעען, טרינקען, אַמפּערן זיך און אַט קושן זיי זיך, עפּעס אַ יום־טוב אין דער וואָכן!

— ווו זענען זיי דאָ? האָט זי אים געפרעגט.

— דאָ איז דער לאַטייניִשער קוואַרטאַל. דאָ באַלד איז דער באַרימטער אוניווערסיטעט, די סאָרבאָן. דאָ איז דאָ יונגוואַרג אין די צענדליקער טויזנטער פון דער גאַנצער וועלט, וווינען דאָ, שטודירן דאָ, שיכורן, ליבן זיך, אַ כּלל, ס'איז אַ לעבעדיקע וועלט, ווייסט זי דאָס נישט?

— פון וואַנעט זאָל זי דאָס וויסן? ס'איז נאָך נישט קיין צוויי וואָכן אַז זי איז אין פאַריז. ער קען שוין אָוודאי די שטאָט גוט.

— דאָס קען ער נישט זאָגן. פאַריז איז ריזיק. דעם לאַטייניִשן קוואַר־טאַל קען ער אַ ביסל. ער וווינט דאָך דאָ.

— דאָ? האָט זי אויפגעריסן אַ פּאָר אויגן. זי האָט געמיינט אויפן פּלעצל. אַלע וווינען דאָך דאָ אויפן פּלעצל.

— נישט אַלע. ער האָט דאָרט געוווינט.

— ער האָט גוט געטאָן וואָס ער איז אַנטלאָפן פון דאָרט. דאָ איז דאָך ריינער, שענער. ווו וווינט ער? אין אַ האָטעל?

— אַלע וווינען דאָ אין האָטעלן, אַפילו פאַרפעלקער אויך.

— ס'איז עפּעס אַ שיינער האָטעל ווו ער וווינט?

— אַז זי וויל, קען זי אים זען. ס'איז בלויז אַ פּאָר טריט פון דאַנען.

— יאָ, זי וואָלט וועלן.

ער האָט באַצאָלט. דער גאַרסאָן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: „מערסי, מסיע־דאַם". זיי זענען אַרויס אין גאַס, פּאָר אַ ווייל ווי מיטגע־טראָגן געוואָרן מיטן געגיי, באַלד איז ער געבליבן שטיין מיט איר ביי אַ ראָג, געוויזן איר אויפן גאַסן שילדל:

— זי זעט? „רו דו סאָממעראַרד". דאָ, אויף דער גאַס, נומער 13, וווינט ער.

— וויל ער נישט מיט איר צוגיין צום האָטעל?

— זי וויל? ביטע זייער.

זיי זענען צוגעקומען, זי האָט געקוקט אויף דעם געביי, פאַרהויבן דעם קאָפּ, זעקס שטאָק? שיין, העל, ציכטיק, אַ ווייס־מאַרמאָרנע שוועל, גלאַנ־ציקע מאַהאָגאָני־טירן, צוויי לענגלעכדיקע שויבן פון דיקן, געשליפן גלאָז און דורך די שויבן ווי פאַרהאָנגען מיט פוירהענגלעך, זעט זי אינווייניק אין „פאָיע" אַ רויטן דיוואַן אויף דער פּאָדלאָגע און אַ רויטן כאָדניק אי־בער די טרעפּ, אַרויף צו די שטאָקן.

— שיין, זייער שיין, האָט זי געוויגט דעם קאָפּ אין אַנטציקונג. — איז אין די צימערן אויך אַזוי געראָם און שיין? ער האָט געשמייכלט, נתן חיים:

—ליידער, ליידער פעליא, אינווייניק איז קיין מאָל נישט אַזוי שיין ווי דרויסן.

— זי וואָלט וועלן זען זיין צימער, קען זי?

— מיט פאַרגעניגן, זי ועט אָבער מוזן טאָן אַ מיק פאַרביי די „פאָיע" און גלייך אַרויף אויף די טרעפּ. דער קאָנסיערזש אָדער די מאַדאַם, טאָרן נישט זען אַ מאַן אַרויפּנעמען אַ פרוי, אָדער אַ פרוי — אַ מאַן, צו זיך אין צימער, סיידן זיי זענען אַ פּאָרפּאָלק.

— אַזוי? אַזעלכע „צנאָטעס", (צניעות) זענען די פראַנצויזן. זי האָט געהערט גאָר עפּעס אַנדערש וועגן זיי.

נתן חיים האָט אַפילו געמיינט זי האָט געקראָגן „קאַלטע פיס", אָבער ניין, זי האָט זיך אַפילו נישט געשלאָגן מיט דער דעה, געעפנט די טיר

און פלינק, ווי אַ געניטע פּאַריזערין. געטאָן אַ צי פאַרביי די „פּאַיע" און שוין געהיפּערט איבער די טרעפּ. ער איז איר נאָך אַרויף, אַרויף ביז אויפן פינפטן שטאָק, געבליבן שטיין מיט איר און שטיל אויפגעשלאָסן די טיר, אויפגעדרייט די עלעקטריע און, שטייענדיק אין דער טירעפענונג, איר געוויזן:

— אָט דאָס איז עס!

— אוי, האָט זי זיך ווי אַ צי צוריק געטאָן, — מ'קען דאָך קוים דאָ אַריין! — יאָ, האָט ער באַדויערלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ, — אַזוי וווינט מען אין פּאַריז, דערביי האָט ער פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און זיך אַנטשולדיקט: — זי זעט? ער האָט אַפילו נישט קיין שטול צו בעטן זי זיצן, סיידן אויפן בעט.

— מ'קען זיצן אויף אַ בעט אויך, האָט זי שמייכלענדיק געזאָגט און ווי אים אַ גלעט געטאָן מיט אַ ווייכן בליק פון אירע גוטע מאַמע־אויגן. — זי האָט נאָר מורא זי וועט זיך צעקנייטשן ס'קלייד און די שוועגערין וועט זי גלייך נעמען אויפן פאַרהער: „פּעלטשאלע", ווו האָסטו זיך אַזוי שיין אויסגעוואַלגערט? ביסט דאָך ערשט קוים צוויי וואָכן אין פּאַריז?

— אַזאַ כּלי איז זי, די שוועגערין אירע?

— אוי, פרעגט שוין גאָרנישט, פיינזילבער, ווי די שוועגערין ברענט איר די טריט. ווען זי האָט די פּאַפּירן, טראָגט זי זיך שוין אָפּ קיין אַמע־ריקע, כאָטש איין גאָט ווייסט ווי זי וויל דאָס נישט, ווי זי שרעקט זיך פאַר דעם. נישט חלילה פאַר אַמעריקע, נאָר פאַר דעם שמעגעגע. ער וועט זיך באַלד אַריינוווייזן און די שוועסטער וועט צושטיין: „פּעליא, די צייט שטייט נישט. אַ מיידל איז ווי אַ רויז, זי בליט גיך אָפּ. פאָלג מיך, ער איז אַ פיינער בחור, נישט קיין פרעמדער, און ער פאַרדינט שטיקער געלט! „אוי פיינזילבער", האָט זי אים אַרומגענומען און זיך געטוליעט אין אים, „איך בעט אייך לאָזט מיך נישט פאַרן".

זי האָט אים געהאַלטן אין אירע אָרעמס און ער האָט איר געקוקט אין די אויגן אַריין מיט טרויער און באַדויער, דערביי האָט ער זיך געוווּנדערט: „וואָס איז דאָ מיט אים געשען? ער, דער געוואַגטער, דער דרייסטער, וואָס נעמט אַזוי לייכט מיידלעך, שטייט ער לעבן דער פעליאן, וואָס האַלט אים אין אירע אָרעמס, וואָס זי איז אַזוי גערן און אַזוי אייגנוויליק געקומען צו אים אין צימער און ער איז ווי געליימט, אויסגעלאָשן, אָן מינדסטן באַגער".

— איר באַטראַכט מיך אַזוי, פיינזילבער, איר מיינט איך בין אַ באַ־בעצע, וועל איך אייך ווייזן אַז איר האָט אַ טעות. איך ווייס דאָך, איר

ווילט מיך האָבן, נאָר איר וואָגט נישט. וועל איך יאָ וואָגן, נישט בלויז ווייל איך וויל אייך האָבן, מער נאָך ווי איר מיך, נאָר ווייל איך האָב אייך ליב. אוי, פיינזילבער, האָט זי אים געדריקט צו זיך, — ווען איר ווייסט ווי ליב איך האָב אייך, ווי איך האָב געהאָפט און געבעטן נאָך אַ מאָל זיך צו טרעפן מיט אייך!

דאָ האָט זי פּלוצים אָװעקגענומען אירע אָרעמס פון אַרום אים און גענומען אויסטאָן ס׳קלייד, אַרויסגעשיילט זיך פון אַלע מיידלשע שמאָכ־טעס און געבליבן שטיין פאַר אים אַ נאַקעטע ווי די מאַמע האָט זי געהאַט:

— נו, פיינזילבער? איר קוקט מיך נאָך אַלץ אָן, איר גלייבט נישט אייערע אויגן? זאָלט איר וויסן, אַ פרוי, אַז זי איז פאַרליבט און באַגערט שטאַרק דעם מאַן, וועט זי זיך נישט אָפּשטעלן פאַר גאָרנישט.

זי האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעט און אים גענומען ציִען צו זיך:

— טייערער, ליבער מיינער, איך בעט דיך, פאַרשעם מיך נישט, פאַר־שעם נישט מײַן לײַב.

ער איז געזעסן לעבן איר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אַלץ אין אים האָט געוויינט, געיאָמערט: „גאָט אין הימל, פאַר וואָס איז זיין מזל אַזוי פאַרשאָלטן? דער לייכטסטער פלירט, וואָס ער האָט מיט אַ פרוי, ווערט באַלד אַ טראַגעדיע. די סימעלע איז אים נאָכגעקומען קיין וואַרשע, אַ שפּילעוור־דיק קעצל, אַ לייכט פלירטשאַרקעלע, איז ווי נאָר ער איז געלעגן מיט איר, שטאָט האָבן פרייד, גענוס, האָט זי זיך גענומען הרגענען מיט אים: זי וויל נישט קיין פאַרהיטונג, זי איז נישט קיין הפקר־מויד בלויז זיך איבערצושלאָפן מיט אַ מאַן. זי האָט אים ליב! חתונה האָבן מיט איר, ווייסט זי, וועט ער נישט, וויל זי אַ קינד, זיין די מאַמע פון זיינס אַ קינד! איז אָט, האָט זיך געיאָוועט די פעליא. אַוודאי וואָלט ער וועלן זיין מיט איר, ער גייט דאָך אויס נאָך דער צערטלעכקייט פון אַ פרוי, איז אָט ליגט זי פאַר אים אַ נאַקעטע. איר לײַב פאַרלויכט די שטוב, די בריסט אָנגעד־קוואָלן מיט צאַרט־מיידלשן באַגער. נו, וועט ער זיך צורירן צו איר? זי מטמא זיין דורך בלויז צונעמען די כשר־אָפּגעהיטע מיידלשאַפט אירע? ער וואָלט דאָך נאָך דעם זיך געפילט דער זינדיקסטער אויסוווּרף אויף גאָטס ערד.

— ניין, פעליא, נישט פאַרשעמט, אַ הייליקע וועט זי פאַר אים זיין.

— איך וויל נישט זיין קיין הייליקע, איך וויל ליבע, מיין האַרץ גייט אויס נאָך ליבע!

— פעליא טייערע, ליבע אַליין איז נישט גענוג, ס׳דאַרף אויך זיין ליבשאַפט און דאָס, צו זיין גרויס ווייטיק, האָט ער נישט פאַר איר.

זי איז אַוועקגעפאַלן פון אים, פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין קישעלע. איר גאַנץ געביין האָט געציטערט, ווי זי וואָלט געווען אין קאָנוווּלסיע. העשבּ־דיק האָט זי געיאָמערט מיט אַ פאַרשטיקט קול פון אונטערן קישעלע אַפער:

— מאַמע, מאַמע, פינצטער איז איר מזל. אָט האָט זי געוואַגט צו זיין ווי סימעלע, וויל ער גאָר נישט איר לײַב און זי בלייבט פאַרשעמט, באַ־שפּיגן אויפן גאַנצן לעבן.

# קאַפּיטל פערצן

אין דער אַטעליע האָט יעדער איינער געוווּסט אַז זשענעוו איז די מעט־רעסע פון פּאַטראָן, מ׳סיע שאַרלס בוזשעי. אַ פראַנצייזישער ייִד זינט דור־רות, איז דער מ׳סיע בוזשעי געווען זיין אייגענער וואָיאַזשאָר, אַליין אַרומ־געפאָרן מיט מוסטערן איבער שטעט און שטעטלעך פון פראַנקרייך, אָפּצו־זעצן די אויסגעאַרבעטע, מענערשע היט און היטלען פון זיין פאַבריקל, וואָס אויפן פּלעצל אין פּאַריז.

אַ שלאַנקער מאַן אין די הויכע דרייסיקער מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, אַ נעט־צוגעשוירן וואָנסעלע, אַ פּאָר גלזיקע ציגיינער־אויגן, האָט דער מ׳סיע בוזשעי שטאַרק אויסגענומען ביי פרויען. אויך איר, זשענעוו, האָט ער זייער אימפּאָנירט.

די זשענעוו, אַ העלע שאַטינקע מיט גרינלעך גרויע אויגן און אַ לייכטן שמייכל אַרום אירע ווייכע מויל־ווינקלען, איז דעמאָלט געווען אין די אָנהייב־צוואַנציקער. אַ צאַרטע, אַ בלייכע, האָט די מלחמה זי נאָך מער אויסגעבלייכט. ווען איר מאַן, מ׳סיע זשאַן פּיערמאַנט אַ מעכאַניק אין אַ זיידוועבעריי, איז אַוועק אין דער מלחמה, איז זי געווען אין לעצטן חודש שוואַנגערשאַפט מיט זייער ערשטן קינד. זיי האָבן דאַן געוווינט אין ליאָן. איצט, אַן מיטלען צום לעבן, האָט זשענעוו, נאָכן האָבן דאָס קינד, עס גע־ברענגט צו אירע עלטערן אין דאָרף און אַליין איז זי צוריק קיין ליאָן זוכן אַרבעט. און אַרבעט איז דאַן געווען אַ סך. צוליבן אַרויסציִען מיל־יאָנען מענער צו די פראָנטן, האָבן פרויען געמוזט פאַרנעמען זייערע ער־טער אין די פאַבריקן, אויף די באַנען און אויטאָבוסן, אין די ביוראָען און מאַגאַזינען.

אַז דאָס זיין אַ קאָנדוקטאָרין אויף אַן אויטאָבוס איבער די ענגע גאַסן פון ליאָן איז איר געפאַלן שווער, האָט זי אָנגענומען אַ שטעלע אין אַ „שאַפּאָ״ און „קאַסקעטיער״־מאַגאַזין אַלס פאַרקויפערין פון מענער־היט און היטלען. דאָרט טאַקע, ביים איבערקוקן זיינע מוסטערן, אויסצושרייבן אַ באַשטעלונג פאַרן מאַגאַזין, האָט דאָס זשענעוו זיך באַקענט מיט דעם מ׳סיע בוזשעי.

ניין, נישט באַלד איז זי געוואָרן מ׳סיע בוזשעיס מעטרעסע. נישט איין

מאָל, נאָך זיין באַקענען זיך מיט איר, איז ער געקומען קיין ליאָן צו פאַר־ברענגען מיט איר אין קאַפעען, אין רעסטאָראַנען, אין טעאַטערן ביז, איין מאָל האָט זי איינגעוויליקט צו בלייבן מיט אים איבער נאַכט אין זיין האָ־טעל־צימער. פאַר אים, מ׳סיע בוזשעי, איז זשענעוו געווען בלויז נאָך אַ פרוי, זי אים אָבער, האָט ליב געהאַט.

ווייל ער האָט נישט געקענט בלייבן מיט איר אין ליאָן, איז זי גע־וואָרן זיין מעטרעסע, אויך אונטערוועגנס, מיטגעפאָרן מיט אים איבער פראַנקרייך, געווען מיט אים וואָכן־לאַנג אין פאַריז, בעתן גרייטן נייע מוסטערן צו לאָזן זיך ווידער אין וועג אַריין.

צי זיין ווייב, די מאַדאַם בוזשעי, האָט דאָס נישט געוווסט, צי זי האָט זיך געמאַכט נישט וויסן צוליב די קינדער, צוויי טעכטערלעך פון צוועלף און צען יאָר, סיי ווי, ער, מ׳סיע בוזשעי, האָט איינגעאָרדנט פאַר זשענעוון אַן עלעגאַנטע וווינונג אין פאַריז און, ווי אונטערוועגנס, אַזוי האָט ער אויך פאַרברענגט מיט איר דאָ, פראַנק און פריי, געגאַנגען מיט איר אין טעאַטערן, אין קאַבאַרעטן, זיך אַריינגעכאַפּט אין איר בודואַר אויף אַ שעה־צוויי, אָבער בלייבן נעכטיקן ביי איר, ווי זשענעוו האָט דאָס פאַרלאַנגט פון אים, דאָס האָט ער נישט געוואָלט. איז ער שטענדיק גע־ווען אומרויִק, פול מיט פאַרדאַכט צוליב דעם לאָזן זי אַליין. אין פאַריז איז ער גאַנצע טעג פאַרנומען אין דער אַטעליע. אונטערוועגנס מוז ער אין די טעג באַזוכן מאַגאַזינען, צו קריגן באַשטעלונגען, האָט דעריבער זיין מוח כסדר געפּיבערט: „וואָס טוט איצט זשענעוו?״ זי זאָגט אַז בעת זי איז אַליין, זיצט זי און לאַנגווייליקט זיך אין אַ גאָרטן, שפּייזט די טויבן, די פייגעלעך. ווען עס איז צו קאַלט, אָדער עס רעגנט, זיצט זי אונטער אַ וויקלדעכל אויף אַ טעראַסע פון אַ קאַפע, לייענט אַ צייטונג, קוקט אויף די פאַרבייגייער און וואַרט אויף אים. נאַר, איז עס טאַקע אַזוי?

אָט דער צווייפל האָט דעם מ׳סיע בוזשעי שטענדיק געעקבערט אין מוח, געגריבלט זיין רו. זשענעוו איז אַ שיינהייט, איר שמייכל דערמאָנט אים אָן דער מאָנאַ־ליזא און זי איז קוים דרייַ און צוואַנציק יאָר אַלט. איז ווער ווייסט, וואָס זי טוט אין די לאַנגע שעהען? אפשר פאַרברענגט זי מיט וועלכן פראַנט אין אַ קאַפע? אין אַ טעאַטער? און פאַר וואָס נאָר דאָרט? אפשר אויך אין אַ האָטעל? אַ פרוי איז דיר אַזוי לאַנג געטריי, ווי לאַנג זי האָט נישט קיין געלעגנהייט צו ווערן אומגעטריי, בפרט נאָך אַז די פרוי איז יונג און שיין און האָט נישט מיט זיך וואָס צו טאָן. וועט ער מוזן זען זשענעוו זאָל זיין פאַרנומען.

נישט לייכט איז דעם מ׳סיע בוזשעי געווען צו פועלן ביי זיך און נאָך

מער ביי זשענעוו. זי זאָל אַריין אין זיין אַטעליע. ער האָט איר איינגע־רעדט אַז זי וועט דאַרטן זיין די אויפזעערין, פאַרנעמען זיין אָרט בעת ער איז נישטאָ. זי וועט ווייטער פאָרן מיט אים איבערן לאַנד, אָבער ווען ער איז אין פּאַריז זענען אויך דאָ טעג ווען ער איז פאַרנומען און ער קען נישט אַריינקומען אין דער אַטעליע. טעלעכע צוואַנציק אַרבעטער זענען אָן אַן אויפזעער! ער פאַרלאָזט זיך אויפן צושניידער. איז אָבער יענער אַ מיטגליד אין סינדיקאַט צוגלייך מיט אַלע אַרבעטער. זי, זשענעוו, איז דאָך אַזוי פעיִק, האָט ער איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט און דערביי איר געטאָן אַ גלעט אונטער איר גאָמבעלע, אַזאַ חנעוודיקס מיט אַ גריבעלע אין מיטן. „און, — יאָ, האָט ער צוגעגעבן, זי האָט דאָך אַן אויסגעצייכנטן געשמאַק. און די „מעטיע" (פאַך) איז דאָך איר נישט פרעמד. זי איז דאָך אַ לענגערע צייט געווען אַ פאַרקויפערין אין אַ מאַגאַזין פון „שאפּאָ" און „קאַסקעטיער".

צום ערשט האָט זשענעוו נישט געוואָלט הערן וועגן דעם: „זי אין אַן אַטעליע? אויף דעם איז זי געוואָרן זיין מעטרעס? אויפגעגעבן איר היים אין ליאָן, זיך געשלעפּט מיט אים איבער פראַנקרייך, „זשאמע"! (קיין מאָל נישט). ביסלעכוויז אָבער האָט זי זיך אָנגעהויבן בייגן, נישט אַזוי צוליב זיין איינרעדן, ווי צוליב אירע אויסרעכענונגען. עס וועט אפשר זיין בעסער פאַר איר אַז זי וועט אַריין אין דער אַטעליע. זי וועט פאַר שאַרלען זיין נישט בלויז אַ מעטרעס, אַ בעט־קאָמפּאַניאָנקע. דעם מאַן אירן האָט זי דאָך שוין נישט, צעריסן געוואָרן פון אַ דייטשישן גראַנאַט ביי ליעזש. איז טאַקע גלייכער זי זאָל זיין מיט שאַרלען אויך אין דער אַטעליע. איצט, קען זיין, ווייסט די מאַדאַם בוזשעי גאָרנישט וועגן איר. אַז זי וועט אָבער זיין אין דער אַטעליע, וועט יענע דאָס גיך זיך דערוויסן און עס וועט קומען צו אַ פאַרמעסט. אַ פרוי וויל נישט איר מאַן זאָל האָבן אַ מעטרעסע און נאָך אַזוי פריי אַז אַלע אין דער אַטעליע זאָלן דאָס וויסן. וועט דאָך מוזן ווערן אָדער — אָדער און דאָ וועט זי, זשענעוו, זיין שטאַר־קער. ווי זי האָט נישט געזען די מאַדאַם בוזשעי, איז זי דאָך זיכער אַז יענע איז נישט אַזוי שיין ווי זי איז און עלטער איז דאָך יענע געוויס, זי האָט דאָך שוין אַ טאָכטער פון צוועלף, דרייצן יאָר. איז זשענעוו איינ־געגאַנגען און געוואָרן די אויפזעערין אין מ'סיע בוזשעיס אַטעליע.

געוויינלעך רוישט און הודזשעט די אַטעליע נישט בלויז מיטן געשטעט־פּעריי פון די ניימאַשינדלעך, מיטן געזעגריי פון דער שניידמאַשין, מיטן פּאַרעדיקן „זזזזזז" פון פּרעסערס הידראַליק־מאַשין, נאָר מער נאָך מיטן געזאַנג און געלעכטער, מיט געקיבעצעריי און גערייידעריי פון די טעלעכע־

צוואַנציק אירע, מענער און פֿרויען, וואָס אַרבעטן אין דעם פֿאַבריקל. אָבער ווי נאָר דער פּאַטראָן, מ׳סיע בוזשעי, שטעלט אַריין אַ פֿוס, אַפֿילו אין קאָרידאָר! האָט שוין דאָ, אין דער אַטעליע, אויפֿגעהערט דאָס מענטשלעכע מיט־זשומען, בלויז די ניימאַשינדלעך זענען שנעלער געלאָפֿן און די שניידמאַשין האָט העכער געהודזשעט. דאָס מענטשלעכע קול אָבער איז געוואָרן איבערגעהאַקט און דאָס נישט אַזוי צוליב דער מורא פֿאַרן פּאַט־ראָן, ווי צוליבן וועלן אים אויסמיידן, נישט האָבן מיט אים צו טאָן.

אַ געוואַגטער פֿאַרשוין, אַ זיכערער אין זיך, נישט בלויז צוליב זיין אייסנעמען ביי פֿרויען, נאָר אויך צוליבן קענען הייבן אַ האַנט. דערצו נאָך אַ גרויסהאַלטער, האָט דער מ׳סיע בוזשעי נישט געקוקט אין דער זייט פֿון זיינע אַרבעטער, קיינעם פֿון זיי נישט געזאָגט „באָן זשור״ (גוט מאָרגן), אָפּגערעדט שוין פֿון אַדרעסירן ווענדן פֿון זיי: מ׳סיע, מאַדאַם, מאַדמאַזעל. אַז ער האָט געדאַרפֿט ווענדן פֿון די אַרבעטער עפּעס זאָגן, פֿרעגן, האָט ער נישט געקוקט אויף דער פּערזאָן נאָר גערעדט אין דער לופֿט אַריין, אַזוי אויך איצט, ביים אַרויפֿקום מיט זשענעוון אין דער אַטעליע האָט ער צו קיינעם נישט גערעדט, נישט זי פֿאָרגעשטעלט, נאָר אין מיטן דעם גערויש און געזשום פֿון די מאַשינען, האָט ער אַנאָנסירט צו אַלע און צו קיינעם:

— פֿון היינט אָן ווערט די מאַדאַם פּיערמאַנט די אויפֿזעערין איבער דער אַטעליע, דערביי האָט ער געווענדט זיין בליק צו איר: „נעס פּאַ, מאַ־דאַם״? (אמת אַזוי?).

זשענעוו, אין אַ ווייסן שטרויהוט מיט אַ בינטל רויטע קאַרשן אויף דער לינקער זייט פֿון דעם ברייטן ראַנד, אין אַ ווייס זומער־קליידל מיט רויטע שיכלעך אויף די פֿיס, ווייסע האַנטשו און אַ רויטן האַנטטאַש אין איר רעכטער האַנט, זי איז געשטאַנען לעבן דעם מ׳סיע בוזשעי אַ פֿאַר־ווירטע, נישט געוווסט ווו די אויגן אַהינצוטאָן. אָן ערלעכע נאַטור, האָט זי נישט געקענט פֿראַוען קיין אָנשטעל, דערצו נאָך האָט זי זיך געשעמט, געווען זיכער אַז יעדער דאָ ווייסט אַז זי איז דעם פּאַטראָנס מעטרעסע, און אַפֿילו ווען זיי האָבן נאָך דאָס נישט געוווסט, זעען זיי עס איצט אין איר פֿאַרלוירנקייט, אין איר רויטלען זיך, האָט זי גאָרנישט געזאָגט, בלויז אַ שמייכל געטאָן אויף זיין פֿרעגן זי: „נעס פּאַ, מאַדאַם״?

און זי איז גאָרנישט לאַנג געווען קיין אויפֿזעערין אויך. נישט אין דער ענגער אַטעליע איז געווען אָרט אַוועקצושטעלן אַ טישל פֿאַרן אַמט פֿון אַן אויפֿזעער, סיידן דאָס אויפֿזעעריי זאָל אָנגיין פֿון דער ביוראָ אַרויס, איז אָבער קיינער נישט געקומען אין דער ביוראָ נאָך עפּעס, זי זאָל קע־

נעֶן זיין די אויפזעערין איבער דעם, אַלץ איז געגאַנגען ווי תּמיד. דער צושניידער האָט אַרויסגעגעבן די פּעקלעך אַרבעט, קומט אויס זי זאָל זיך פּלאָנטערן צווישן אים און די אַרבעטער, דערצו נאָך איז זי נישט קיין דרייסטע, קען זיך נישט שאַפן מיט קיינעם, עמעצן באַפעלן, איז זי גיך געוואָרן אַ מאַשינערין, אַן איינפאַכע מאַשינערין אין מ׳סיע בוזשעיס אַטעליע.

כאָטש די זשענעוו איז נישט געוואָרן קיין מיטגליד אין סינדיקאַט, איז דאָך קיינעם פֿון די אַרבעטער נישט איינגעפאַלן צו שטערן איר אין פֿאַר־נעמען אַן אַרבעטס־פּלאַץ לעבן זיי און דאָס נישט, ווייל זי איז דעם פּאַט־ראָנס מעטרעסע, וואָס אַלע האָבן דאָס גיך איינגעזען כאָטש קיינער האָט קיינעם נישט געזאָגט, נאָר ווייל זי איז אַזאַ פיינע, אַזאַ איידעלע, יונגע פרוי, די מוטער פון אַ קליין קינד, דערצו נאָך איז דער מאַן אירער גע־פאַלן אויפן פראָנט, איז נישט נאָר האָט דער סינדיקאַט נישט געשטערט איר צו פאַרנעמען אַ מאַשין, נאָר אַפילו אַ הלצהלע, פאַר איר האָבן צו טאָן מיטן מ׳סיע בוזשעי, האָט זיך קיינער נישט דערלויבט אויף איר חשבון. דערפאַר אָבער איז ביי אַלעמען געשטיגן די פיינטשאַפט, די פאַראַכטונג צו אים, דעם פּאַטראָן. אַ מאַן אויף גוטע פופצן יאָר עלטער פון איר, איז אים נישט גענוג, וואָס ער האָט די זשענעוו, אַזאַ איידעלע, אַזאַ פיינע אַריינגעצויגן אין זיין נעץ, געמאַכט זי פאַר נאָך איינער פון זיינע קעפּסווייבער, זעצט ער זי גאָר אַוועק צו ווערן אַ מאַשינערין, אַליין צו פאַרדינען אויף איר אויסקומעניש, כּדי וואָס? כּדי דאָס האָבן אַזאַ יונגע, שיינע מעטרעסע זאָל אים גאָרנישט קאָסטן אויך!

איז דאָס אָנגעגאַנגען אַזוי אין דער שטיל ביז איין מאָל, אין אַ פרײַ־מאָרגן. עפּעס גאָר אומגעריכט, איז דער מ׳סיע בוזשעי געקומען פון אַ רייזע איבערן לאַנד און גלייך איז געוואָרן אַן איבערקערעניש אין דער אַטעליע. אָט נאָר־וואָס איז די אַרבעטשטוב געווען פול מיט געזאַנג, מיט גערייד און געלעכטער און שוין, ווי נאָר דער פּאַטראָן האָט אַריבערגע־טרעטן די שוועל, איז אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט אַז עס ווערגט אין האַלדז. בלויז די מאַשינען זשומען און די שניידמאַשין זעגט, אָבער דאָס מענטש־לעכע קול איז איבערגעהאַקט, קיין פּיפּס פון אַ מענטשלעך מויל. קיינער וואַגט נישט אויפצוהייבן דעם קאָפּ פון שטעפּן און שניידן, פון נייען און פּרעסן, בלויז ער, נתן חיים, דער נישט לאַנג־צוריק געקומענער קיין פראַנק־רייך, נישט געוווינט צו אַזאַ אימה פאַר אַ באַלעבאָס, ער וואַגט צו וואַרפן אַ זייטיק בליקעלע אַהין, צום פּאַטראָן, דער האַר און געביטער איבער זיין גוט, די אַטעליע. אָט שטייט ער דאָרט, דער מ׳סיע בוזשעי אין דער אָפּע־

נער טיר, ווי אַ פּאָרטרעט אין אַ ראַם, דאָס גוט־געכאַליעטע, גרינלעך־בלייך געזיכט — פריש־ראַזירט. דער קאָפּ שוואַרצע האָר גלאַנצט נאָס־לעך פון דעם נאָר־וואָס באַשפּריצטן אָדעקאָלאָן. ס'טונקל־בלויע, גוט־געפּאַסטע אַנצוג איז פריש־געפּרעסט מיט שאַרפע קנייטשן אין די הויזן. די ברוינע שיך אויף די פיס גלאַנצן ווי שפּיגלען. ס'ווייסע העמד, דער ווייַנ־קאָליר־שניפּס מיט דער דימענט־שפּילקע, אַלץ אויף אים פעכלט, בלאַנקט, שמעקט מיט פרישקייט, מיט אויסגעכאַליעטקייט.

פון פּאַטראָן האָט נתן חיים אַריבערגעפירט זיין בליק אויף דער זשע־נעוו, ביי דער מאַשין, רעכטס פון אים. אַלעמען האָט די אַנגעשטאַנענע שטילקייט פון דעם פּאַטראָנס צאיען זיך געוואָרגן אין האַלדז, זי אָבער איז צו דער ווערגעניש נאָך איינגעשרומפּן, ווי זי וואָלט פאַרגעפילט וואָס דאָ וועט באַלד געשען.

זינט זי איז דאָ געוואָרן אַ מאַשינערין, קריגט וועכנטלעכע שכירות, ווי יעדער אַנדער אַרבעטער אין דער אַטעליע, שטייגט אין איר די פּיינט־שאַפט, דער דערווידער צום געליבטן, דעם געוואָרענעם פּאַטראָן אירן, אָבער נאָך מער איז אין איר דער דערווידער צו זיך אַליין, פאַר איר נאָך אַלץ האָבן צו טאָן מיט אים. נישט איין מאָל שוין, בעת זיין קומען צו איר אין „בודואַר", וואָס איז שוין אויס בודואַר, נאָר איר לעגיטימע וווינונג, אויסגעהאַלטן פון איר אַרבעט ביי דער מאַשין, האָט זי מיט אים איבעררײדן, קריגט זיך מיט אים, קריגערייען, וואָס האָבן שוין פאַרטריבן פון איר די מינדסטע האָפענונג אויף אַ פאַרמעסט מיט זיין ווייב, צו קע־נען אַ מאָל ווערן די געזעצלעכע מאַדאַם בוזשעי, פילט זי זיך כּסדר געקרענקט פון זיין קומען, ווען נאָר אים פאַרווילט זיך.

קוקנדיק אויף דער זשענעוו, ווי זי שרומפּט אַלץ מער איַין, וואָס לענ־גער זי פילט דעם פּאַטראָנס הונגעריקע אויגן אויף איר רוקן, אויף אירע היפּטן, האָט נתן חיים זיך דערמאָנט אין אַ הון, איינע פון אַ סך ביי זיי אויפן הויף אין מאַדזשיץ, וואָס אין מיטן זוכן מיטן שנאָבל אַ קריש־פרנסה, דערזעט זי דעם האָן מיט זיין רויט־אויפגעפּייערטן קאַם, ווי ער נעמט קרייזן אַרום איר, שאַרנדיק די ערד מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן פליגל, אַן אָנזאָג זי זאָל זיך אַראָפּזעצן, פאַרבייגן דעם עק אין גרייטקייט פאַר אים, אַזוי האָט איצט די זשענעוו אים אויסגעזען אַראָפּגעזעצט, דעם קאָפּ אַריינגעצויגן צווישן די אַקסלען, ווי איר גאַנץ געביין וואָלט געשרומפּן אונטער דעם „געליבטנס" בליק.

זי האָט געוווסט, זשענעוו, פון וואַנעט די אויפגעהיצטקייט ביי אים. לעצטע נאַכט, אין זייער קריגעריי ביי איר אין דער וווינונג, האָט זי אים

נישט צוגעלאָזט צו זיך און ער איז אַוועק אַ טיף־געקרענקטער. איז ער דאָס איצט געקומען נעמען זיינס קעגן איר ווילן. ער קען „זיין" זשענעוו. אַ שעמעוודיקע, וועט זי אין דער אַטעליע, צווישן אַלעמען אַרום, נישט וואַגן גאָר צו דערווידערן אים, צו זאָגן — ניין, ווי זי וואָגט דאָס, ווען זי איז מיט אים אַליין, אין איר בודואַר.

ער האָט געשטעלט אַ טראָט אַריבער דער שוועל, מ׳סיע בוזשעי, פול מיט רוגזה זיך דערנענטערט צו איר און מיט אַ פינגער אַ ריר געטאָן איר אַקסל:

— זשענעוו!

אָט אַזוי, פריי און פרעך, אין מיטן העלן טאָג, מיט איבער צוויי־צענדליק מענטשן אַרום, און זי, דערדריקט פון בושה, האָט אים נישט דער־ווידערט נאָר גלייך אויפגעשטאַנען פון מאַשין און, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ס׳בלאַסע, איידעלע געזיכט אויפגעפלאַמט, אים נאָכגעגאַנגען אין דעם שטענדיק פאַרשלאָסענעם צימער אַריין, ווו עס ליגן די באַלן שטאָף.

ערשט איצט האָבן אַלע אין דער אַטעליע אונטערגעהויבן די קעפּ, זיך איבערגעקוקט, געהויבן די אַקסלען אין שטוינונג. ווי זיי וואָלטן נישט גע־גלייבט די אייגענע אויגן. פאַר אַ ווייל איז ביי אַלעמען דאָס לשון געווען ווי אָפּגענומען. אַזאַ פרעכהייט? אַ טיפע באַליידיקונג איז אין יעדן אויפ־געגאַנגען, אַ צווייפאַכע באַליידיקונג: צוליב זיין פרעכקייט און איר גע־פאָלגנקייט. אויך אַ כעס, אַ האַס איז אין זיי אָנגעשטאַנען. צו אים — פאַר זיין ביטול צו אַלעמען, גלייך זיי וואָלטן גאָר קיין מענטשן נישט געווען. צו איר — פאַר איר אונטערטעניקייט, פאַר איר נישט קענען זיך קעגנ־שטעלן. אַלע האָבן דאָך געוווּסט איר קורטשען זיך, איר וועלן איינזינקען אין דער מאַשין אַריין און דאָך איז זי מיט אים געגאַנגען! ווי קען אַ פרוי זיך לאָזן אַזוי צעקוועטשן? און ווי קען דער מענטש אין דער פרוי זיין אַזוי אונטערטעניק?

אַ היפּשע ווייל האָט די פּאַראַליזירטע שטילקייט אין דער אַטעליע אַזוי אָנגעהאַלטן, נישט קיין פּיפּס פון אַ מענטש און נישט קיין ריר פון אַ מאַשין. ערשט אַז דער גליוּוער האָט נאָכגעלאָזט, דער שאָק האָט אַ ביסל אויסגעוועפּט, איז אָנגעשטאַנען אַ טומל, אַ גערעדעריי און אַ געשרייעריי:

— נישט בלויז זשענעוו, אַ מוטער פון אַ קינד, איז אַזוי שענדלעך דערנידעריקט געוואָרן. יעדן איינעם פון אונדז האָט דער פּאַטראָן אָנגע־שפּיגן אין פּנים.

דאָס האָט איזאַק, דער פּרעסער, אַזוי צאַרנדיק גענומען שרייען און

באַלד נאָך אים האָט זיך אויפגעכאַפּט „דער רויטער״, דער פּאַרזיצער פון סינדיקאַט:

— וואָס מיינט ער זיך? ווייל ער איז אַ פּאַטראָן איז אים אַלץ דער־לויבט? מיר וועלן זיין נידעריקער פון גראָז, געפאַלענער פון מיסט, אויב מיר וועלן דעם מ׳סיע בוזשעי דאָס פאַרשווייגן!

— ש ש ש! האָט דער צושניידער שטיל געשישעט און דערביי געוויזן מיטן בליק צו דער פאַרמאַכטער טיר פון צימער מיט די באַלן שטאָף: דער פּאַטראָן קען הערן!

— זאָל ער הערן! האָט איזאַק נישט אויפגעהערט צאַרנען, — איך וויל ער זאָל הערן! זאָל ער וויסן אַז מיר זענען מענטשן, נישט קיין הינט, מיט וועמען מ׳דאַרף זיך נישט רעכענען!

ער, נתן חיים, איז געזעסן ביי דער מאַשין שטום, געליימט, אָבער דער מוח ביי אים האָט געפיבערט: וואָלט דאָס מעגלעך געווען אין וואַרשע? און ווען יאָ, וואָס וואָלט דער פאַראיין דאַרט געטאָן צו אַזאַ באַלעבאָס פאַר זיין אַרויסווייזן אַזוי פיל ביטול, אַזאַ פאַראַכטונג צו אַרבעטער? האָט זיך גראָד איצט, אומגעריכט געעפנט „יענע״ טיר און אים צוריקגעברענגט פון וואַרשע אַהער, קיין פּאַריז, אויף ס׳ניי געמאַכט אים שטוינען, אים ווידער אָפּגענומען דאָס לשון; „דאָס זענען די פּאַריזער רעוואָלוציאָנערן?״ נאַר־וואָס האָבן זיי דאָך געשריגן, געצאַרנט און שוין? ווי נאָר דער מ׳סיע בוזשעי, אַ צעקנעפּלטער, אַ צעקנייטשטער, האָט זיך געוויזן אין דער גע־עפנטער טיר פון „יענעם צימער״, איז שוין געוואָרן אויס שרייען, אויס צאַרנען און, ווי פריער, רוישן ווידער די מאַשינען און קיינער וואַגט נישט אויפצוהייבן דעם קאָפּ, אַפילו נישט ווען זי, זשענעווו, איז אין אַ ווייל אַרום נאָכגעקומען פון יענעם צימער אַרויס און מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ זיך צוריקגעזעצט צו דער מאַשין, נאָך מער איינגעשרומפּן ווי פריער.

אַן אָוועקגעריסענער פון זיינע פאַרגלייכעניש מיט וואַרשע, האָט נתן חיים, אין מיטן שטעפּן די ראַנדן פון מענער־היט, גענומען זייטיקלעך אָבסערווירן דעם מ׳סיע בוזשעי, ווי ער גייט אַזוי פּאַוואָליע און, כלומרשט רויק, איבער דער אַטעליע. עפּעס האָט איצט דער פּאַריזער פּאַטראָן אים דערמאָנט אין מאַדזשיצער היצעל. ווי דער הינטשלעגער אויפן מאַדזשי־צער מאַרק צאַיעט זיך מיט דער פעטליע באַהאַלטן הינטער דער פּלייצע, גרייט צו פאַרוואַרפן דעם שלייף אַרום האַלדז פון אַ בלודנעם הונט, אַזוי צאַיעט זיך דאָ דער מ׳סיע בוזשעי, אַן אויפגערייצטער, די הענט פאַרלייגט אויפן הינטן, די אויגן רויט, זוכנדיק אויף וועמען דאָ פריער אָנצופאַלן.

פון פּאַטראָן האָט ער, נתן חיים, צוריקגעפירט דעם בליק צו די אַר־

בעסער אַרום. זע נאָר ווי שטיל, ווי איינגעבויגן זיי זיצן אַלע און יאָגן די מאַשינען און דער איזאַק, דער אַנאַרכיסט, שטענדיק אַזאַ רעוואָלוציאָנער, ווי ער האָוועט דאָס איצט אַרום פון אונטערגעהייצטן קעסל צום הידראַליק, טוט אַ דריק מיטן פוס אויפן טרעטער, אַנצוטרייבן וואָס מער פאַרע, וואָס מער געזשום. ווייל ער אַזוי אַרום פאַרהודזשען זיין פריִערדיקן אויפברויז?

— העי, דו שמוציקער אַנאַרכיסט! האָט דער פּאַטראָן אַ רעווע געטאָן טאַקע צו אים, איזאַקן, וואָס איז בכיוון געשטאַנען מיט דער פּלייצע צום באַלעבאָס. — וואָסי, עס געפעלט דיר נישט ווי איך פיר זיך אויף? קענסט זיך זוכן אַן אַנדער פּאַטראָן און טאַקע שוין טראָג זיך אָפּ, אַז נישט שפּאַלט איך דיר דעם קאָפּ! און אָט גלייך האָט ער געכאַפּט דאָס אָנגעגליטע פּרעסל גרייט אים צו דערלאַנגען, האָט זיך איזאַק אָבער נישט פאַרלוירן, זיך געטאָן אַ דריי אויס מיט אַ האַלבצערנעם פּאַרעם, פון אויוון אַרויס, דער פאַרעדיקער קאַפּעליוש נאָך אויף אים און זיך פאַרמאָסטן קעגן:

— באָן, (גוט) לאָמיר זען ווער — ווער — ווער וועמען וועט דאָ שפּאַלטן דעם קאָפּ?

דאָ איז דער רויטער אויפגעשפּרונגען פון מאַשין און אַריין צווישן זיי. אויך דאַוויד דער מוסטערן־מאַכער, אַ וואַגנדיקער יונג מיט אַ קאָפּ בלאָנדע, צעשויבערטע האָר איז צוגעלאָפן און מיטן ווייזפינגער געדראָט דעם פּאַטראָן גלייך אין פּנים:

— מ׳סיע בוזשעי, בעסער האַלט די הענט ביי זיך!

איצט, אַרומגערינגלט פון דריי, האָט דער פּאַטראָן צוריקגעשטעלט דאָס פּרעסל אויפן טיש, רוגזהדיק אַ לויף געטאָן אין אַנדערן עק אַטעליע, גיך אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר און אויף ס׳ניי גענומען רעוועון:

— אַרויס! שמוציקע אַנאַרכיסטן, דערביי האָט ער מיטן פינגער ווי געשטאָכן אין די פּנימער — דו, דו, דו, און אַזוי אַרום אַנגעוויזן אויף זיבן פון די עטלעכע און צוואַנציק אירע אין דער אַטעליע.

לכתחילה, אַז דער פּאַטראָן האָט אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר און געשריגן: „אַרויס, שמוציקע אַנאַרכיסטן", האָט ער, נתן חיים, געמיינט אַז מ׳סיע בוזשעי מאַכט אַ „לאָק־אויט", נאָר אַז דער פּאַטראָן האָט אויסגעקליבן זיבן און אים אין צווישן, איז ער געוואָרן געפּלעפט. מילא, איזאַקן, פאַרשטייט ער. דאָס האָט דאָך ער, איזאַק, אויסגעבראָכן אין דעם צאָרן, געזעצט מיט אַ האַלבצערנעם פּאַרעם אין טיש אַריין. דער רויטער? ער האָט אויך געליאַרעמט, דערצו איז ער דאָך פאַרזיצער פון סינדיקאַט. דעסגלייכן דאַווידן. ער האָט דאָך געדראָט דעם פּאַטראָן מיטן פינגער גלייך אין די אויגן אַריין. אָבער פאַר וואָס אים, נתן חיימען? סיידן עמעץ פון די „פאַר־

ריזער רעוואָלוציאָנערן" האָט דאָ אונטערגעטראָגן דעם פּאַטראָן אַ מסור־רהלע אַז ער, דער נייגעקומענער פון וואַרשע, האָט געהאַלטן אַ רעדע קעגן די פירעכצער פון סינדיקאַט.

— דו וועסט אונדז נישט דיקטירן ווער עס וועט דאָ אַרבעטן! האָט דער רויטער געוויגט מיט זיין ווייזפינגער אין דער ברייט פאַרן מ'סיע בוזשעיס געזיכט.

— אַרויס, איידער איך רוף פּאָליציי! האָט דער פּאַטראָן צוריק געדראָט דעם רויטן אין געזיכט.

כל זמן דער מ'סיע בוזשעי האָט געדראָט, געשריגן אַרויס, האָט עס קיינעם נישט געאַרט און קיינער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט, אָבער ווי נאָר ער איז אַריין אין ביוראָ צום טעלעפאָן, האָט איזאַק אָנגעטאָן ס'רעקל, געכאַפּט דעם בלויען בערעט אויף די שוואַרצע קודלעס אַרויף און גענומען שטעלן פיס. פאַר אים וועט זיין גלייכער נישט צו זיין דאָ, ווען די „בלויע פעלערינעס" וועלן זיך דאָ אַריינוויי:ן. נישט דער אַרעסט שרעקט אים. זיינע פּאַפּירן מיט דער דערלויבעניש צו זיין אין פּאַריז, זענען אַ ביסל לאָ־עליכמדיק.

דורך דער גאַנצער צייט פון דעם אויפברויז, האָט ער, נתן חיים, גע־האַלטן אויפן אויג די זשענעוו, ווי זי זיצט מיט אַ געזונקענעם קאָפּ איבער דער מאַשין, שעמט זיך צו ווייזן איר פאַרוויינט פנים, אויפצוהייבן אירע נאַסע אויגן. כאָטש זי קוקט נישט, זעט זי דאָך ווי אַלע טוען אַן די רעק־לעך, די פרויען מאַכן זיך גלייך די האָר, פודערן די נעז, גרייט צו גיין אין סינדיקאַט, נאָר זי זיצט. איז וואָס וועט זי דאָ טאָן? מיטגיין מיט אַלע אָדער בלייבן מיט אים, דעם געליבטן אירן, כדי נאָך זייער אָורעקגיין זיך צו פאַרהערן מיט אים? אָט זענען שוין אַלע ביי דער טיר און זי זיצט נאָך אַלץ! נאָר אָט, פּלוצים, ווי זי וואָלט זיך געשראָקן צו בלייבן אויג אויף אויג מיט דעם, וואָס האָט זי דאָ, אַזוי שענדלעך דערנידעריקט, איז זי געטאָן אַ שפּרונג אויף און געכאַפּט איר הוט און זשאַקעט:

— זשענעוו! האָט מ'סיע בוזשעי אַ געשריי געטאָן, אַ געשריי פון אי־בעררראַשונג, פון שרעק, פון פאַרלוירנקייט.

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים, געקוקט אים אין די אויגן אַריין מיט אַזוי פיל האָס, מיט אַזאַ שלאַנגישן גיפט! אוי וואָלט זי איצט געוואָלט אים אַ שליידער טאָן אין זיין געזיכט אַ „סאל יופא" (שמוציקער ייד)! אָבער ווי קען זי באַליידיקן שיִער נישט אַלע אין דער אַטעליע? האָט זי אַראָפּגעשלונגען דעם „סאל יופא", אים אַ שפּיי געטאָן גלייך אין זיין געזיכט און גענומען נאָכאײַלן אַלעמען אין סינדיקאַט אַריין.

# קאַפּיטל פופצן

דער דריטער טאָג שוין אַז נתן חיים ליגט אַזוי אין בעטל, גאַפּיעט צום סופיט, חלומט, טראַכט, פלאַנירט. ניין, ער איז נישט חלילה קראַנק. דאָס ליגן אין בעטל איז ביי אים אַ מיטל אַזאַ אויף איינצושטילן דעם הונגער. אַז ער דרייט זיך אַרום איבער די פּאַריזער גאַסן שלינג און שלאַנג, קען ער דעם הונגער נישט אַריבערטראָגן! אין פּוילן, בעת דער מלחמה, האָט ער דאָך גענוג געהונגערט, אַזוי אָבער ווי דאָ, אין פּאַריז, קיין מאָל נישט! וואָס אַן אמת, ווען ער וויל נאָר, דאַרף ער נישט הונגערן. מילא, דער חבר איזאַלט איז שוין אין רוסלאַנד, אָבער לעאָ גלעזער, יאַקו־באָוויטש, אַפּילו דער אָרעמער בראַדאַטי, ווען זיי וויסן, וואָלט גלייך גע־וואָרן אויס הונגער. איז ער אָבער יערמע דודס זון. ווי דער טאַטע זיינער, וועט ער אויסגיין פאַר אַ שטיקל ברויט און נישט לאָזן קיינעם זען זיין אָרעמקייט. ליגט ער זיך אין בעטל ווי אַ קיסר און דעם הונגער שטעקט ער אַרויס אַ צונג!

שיינע עטלעכע וואָכן שוין זינט דעם „לאָק־אוט" אין מ׳סיע בוזשעיס אַטעליע און די מעשה גייט אים, נתן חיימען, פון קאָפּ נישט אַרויס. אָ, דער „לאָק־אוט" האָט אים געבענדיקט, געמאַכט אוממעגלעך פאַר אים צו בלייבן אין פּאַריז. אַז גיין צוריק אַרבעטן ביי דעם מ׳סיע בוזשעי איז דאָך אָפּגערעדט. דער קעגנסטרייק פון סינדיקאַט אויף דער אַטעליע, איז דאָך פאַרשפּילט. קריגן אַן אַנדער אַרבעטפּלאַץ איז נישט מעגלעך. ער איז דאָך אויף דער שוואַרצער ליסטע ביי די פאַבריקאַנטן, וואָס זשע וועט זיין? וואָס זאָל ער טאָן?

ניין, דער איינפיר אין דעם „קאָסקעטיע"־סינדיקאַט געפעלט אים לח־לוטין נישט. אין וואַרשע, אַז דער פאַראיין האָט אַ סיכסוך מיט אַ פאַברי־קאַנט, פּרוּווט מען זיך פאַרגלייכן דורך אונטערהאַנדלונגען. ערשט אַז מ׳קען נישט קומען צו קיין אויסגלייך, רופט דער פאַראיין אַ סטרייק. דאָ וויל קיין פאַטראָן גאָרנישט אונטערהאַנדלען. און פאַר וואָס זאָל ער יאָ וועלן? ער ווייסט דאָך אין פאָרויס, אַז דער סינדיקאַט דערקלערט אַ סטרייק, איז ער לכתחילה שוין פאַרשפּילט. ביים שטימען פאַר אַ סטרייק, זענען טאַקע די אַרבעטער ענטוזיאַסטיש, פול מיט ברען, כאָטש פיר זיי

שוין אויף באַריקאַדן. ווייסט אָבער יעדער איינער אַז זייער אָנצינדן זיך איז ווי דער אויפפלאַם פון אַ שוועבעלע. אין אַ טאָג — צוויי, העכסטנס אַ וואָך, אַז אין זייערע קעשענעס הייבט אָן צו טאָגן, גייען זיי איינציקווייז צוריק צו דער אַרבעט און דער סטרייק איז געבראָכן. און דאָ האָט דער פּאַטראָן זיין געהאַפּטע געלעגנהייט. יענע, וואָס חנפענען אים, טראָגן אים אונטער אַ מסירהלע, זיי נעמט ער צוריק, די אָבער וואָס וואָגן אַ מאָל מיט אַ וואָרט, זיי קענען שוין אַרומגיין שלינג און שלאַנג. און דער סינדי־קאַט? אַט דאָס טאָקע פאַרשטייט ער נישט, נתן חיים. שטאָט דער סינ־דיקאַט זאָל אין אַזעלכע פאַלן פאַרשטאַרקן די פּיקעט־ליניע, מיט גוטן צי מיט בייזן אַראָפּנעמען די סטרייקברעכער, דערקלערט גאָר דער סינדי־קאַט אַ באָיקאָט אויף דער אַטעליע. זיי לייגן, הייסט עס, דעם פּאַטראָן אין אַ מין חרם. אַרט עס דעם פּאַטראָן ווי דעם פאַריאַריקן שניי. און פאַר וואָס זאָל עס אים אַרן? אין זיין אַטעליע אַרבעט מען דאָך אויף דער גאַנצער פּאַרע!

אמת, דער סינדיקאַט האָט אַ קאָאָפּעראַטיווע אַטעליע, כּדי די, וואָס זענען אויף דער שוואַרצער ליסטע זאָלן האָבן ווו צו כאַפּן אַ טאָג־אַרבעט. איז ערשטנס קלעקט נישט איין טאָג פאַרדינסט אויף דורכצוזשיוויען זיך אַ גאַנצע וואָך, צווייטנס, קלעקן נישט דעם קאָאָפּעראַטיוו קיין טעג פאַר אַלע, וואָס זענען אויף די שוואַרצע ליסטעס.

שוין אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג, ווי נאָר ער איז געהאַט גע־וואָרן אַ מיטגליד אין סינדיקאַט, האָט ער שוין געוואָגט, נתן חיים, שאַרף אַרויסצוטרעטן קעגן דעם סינדיקאַטס חרם־איינפיר.

— וואָס געווינען מיר מיט דעם חרם? האָט ער פרעגנדיק, אויסגעצ־שטרעקט די הענט צו די פאַרזאַמלטע. — דער סינדיקאַט האַלט אין איין דערקלערן באָיקאָטן אויף אַטעליעס און סטרייק־ברעכער אַרבעטן דאָרט פראַנק און פריי. אָבער פאַר אַן ערלעכן, סינדיקירטן אַרבעטער זענען שוין באַלד נישטאָ קיין אַטעליעס ווו צו אַרבעטן! און די פאַרוואַלטונג פון סינ־דיקאַט האָט נאָך ס'איינרעדעניש, אַז זי פירט די אָרגאַניזאַציע אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן. ער וואָלט נאָר וועלן וויסן צי אַלע סינדיקאַטן אין פראַנקרייך פירן אַזוי די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג? אויב יאָ, מעג ער פרעגן צי אויף דעם איז דאָס געווען די פראַנצייזישע רעוואָלוציע? מיט אַ קאָמונע, מיט יאַקאָבינער און צי אויף דעם האָט ראָבעספּיער געדאַרפט האַקן קעפּ און דאַנטאָן זאָל צוליב דעם לייגן זיין קאָפּ אונטער דער גי־ליאָטינע?

ווי אַ גוטע העלפט פון די פאַרזאַמלטע פראַנצויזן און פראַנצויזקעס,

קריסטלעכע ווי יידישע, האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער, דער נישט־לאַנג צוריקגעקומענער וויל, וואָס ער זאָגט, האָבן אָבער אַלע פון זיי פאַר־שטאַנען די ווערטער: „ראַבעספיער, דאַנטאָן, קאָמונע, יאַקאָבינער״ און דער עיקר, דעם פּאַטאָס פון רעדנער, וואָס האָט זיי מיטגעריסן אין זיין אויפברויז. האָט טאַקע זייער אַפּלאָז. זייער פּאַטשן מיט די הענט און זייער שרייען בראַוואָ געהויבן דעם סופיט, אָבער וואָס קומט אים אַרויס? אויס־געפירט האָט ער גאָרנישט! די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, ביים טיש אַרום אים, האָבן זיך גוט איינגעהערט בעת ער האָט גערעדט, זיי ווייסן אויך אַז ער איז אַ מענטש מיט סטאַזש אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין פוילן, אָבער פאַרגלייכן אים צו לאָזאָווסקין? אַבראַם לאָזאָווסקי, וואָס איז געוואָרן געהילף צום אויסערן־מיניסטער טשיטשערין אין סאָוועטן־פאַר־באַנד, אויך געהילף־סעקרעטאַר פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און דער לאָזאָווסקי איז דאָך פאַרן אויסבראָך פון דער רעוואָלוציע געווען דער סעקרעטאַר פון דעם סינדיקאַט פון „קאַסקעטיע״ און „שאַפּאַ״ (פאַראיין פון היטלען און קאַפּעליושן) איז, אויב דער לאָזאָווסקי האָט נישט קריטיקירט זייער טעטיקייט, וועלן זיי הערן אים, נתן חיימען?

זעט ער איצט איין אַז יענע רעדע האָט אים געבענדיקט! ווען ער טרעט נישט דעמאָלט אַרויס מיט אַזאַ פלאַמפייערדיקער רעדע, וואָלט מען אים נישט אויסגעוויילט אין דער פאַרוואַלטונג פון סינדיקאַט, די פּאַטראָנען וואָלטן נישט געוווּסט וועגן אים און מ׳סיע בוזשעי וואָלט אים נישט אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט צוזאַמען מיט די אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. כאָטש וואָס וואָלט אים דאָ געווען פאַר אַ חילוק? אַרבעטן דאַרט וואָלט ער דאָך סיי ווי נישט געקענט מער. וואָס איז ער, אַ סטרייק־ברעכער? ער וואָלט צוריקגעגאַנגען אין אַן אַטעליע, ווען זעקס אַרבעטער, צווישן זיי „דער רויטער״, איזאַק און דאַוויד, זענען אַזוי ברוטאַל אַרויס־געוואָרפן געוואָרן פון דער אַטעליע!

אָבער וואָס זאָל ער איצט טאָן? צוריקפאָרן קיין פוילן, צו גיין זיך שלאָגן מיט טראָצקיס אַרמיי, כּדי פּילסודסקי זאָל זיך צוריק אויפשטעלן אַ גרויס־פוילן, „אַד מאָרזשאַ, דאָ מאָרזשאַ״? (פון ים צו ים), אומזין! אָבער בלייבן אין פּאַריז קען ער דאָך אויך נישט: ווען אַפילו ער זאָל נישט זיין אויף דער שוואַרצער ליסטע און ער וואָלט יאָ געהאַט ווו צו אַרבעטן. וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָ? און די קאַסקעטיער זענען דאָס שיַינדל צווישן די אַרבעטער. אַנדערע פאַכן האָבן אַפילו אַזאַ סינדיקאַט אויך נישט. די מערסטע שניידער דאָ זענען „כאַלופּניקעס״, שלעפּן די פּעק אַרבעט פון די קאָנפעקציאָנערן צו זיך אין די חושכדיקע שטובן אויפן

פלעצל, אויפֿן בעלוויל, זיצן דאָרט מיטן ווייב, מיט אַן אונטערגעוואַקסן קינד און שטעפּן און דזשאַביען ביז שפּעט אין די נעכט אַריין. און נאָך אַזאַ האַרעוואַניע „זשיוויעט" מ'זיך קוים דורך. דאָס איז ווען אַרבעט איז דאָ. און אַז עס קומט דער „מאַרט־סעזאָן", (ווען קיין אַרבעט איז נישטאָ) איז כאַטש נעם און לייג די ציין אויף דער פּאָליצע.

ליגט ער אַזוי אין בעטל, נתן חיים, דער הונגער נאָגט, ציט פֿון אים אַרויס דעם קליי פֿון די ביינער, אָבער דער מוח טראַכט, זוכט אַן אויס־וועג פֿון דעם קלעם אַרויס, נאָר ווי ער זאָל נישט קלערן און ברעכן דעם קאָפּ, זעט ער אַלץ אַמעריקע ווי דעם איינציקן אויסוועג. ענטפֿערט מען אָבער נישט אויף זיינע ווענדונגען, אויף זיינע געבעט־בריוו. זענען טאָקע די אַמעריקאַנער אַזעלכע בלאָפֿערס? אַזעלכע באַרימער און ליגנער?

אין וואַרשע, בעתן גרייטן זיך צו דער רייזע קיין פּאַריז, איז אין פֿאַראיין אַריין געהאַט אַראָפּגעקומען אַ זייער געהויבענער גאַסט, בענ־דזשאַמין שלעזינגער, דער פּרעזידענט פֿון די דאַמענשניידער אין אַמעריקע. אים, נתן חיימען דער סעקרעטאַר פֿון נאָדל־פֿאַראיין, איז אויסגעקומען אויפֿצונעמען דעם גאַסט, פֿאַררופֿן, לכּבֿוד אים, אַ זיצונג פֿון דער פֿאַר־וואַלטונג, באַקענען אים מיט דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג אין פּוילן, דעם אינדוסטריעלן געבוי אירן, אין קעגנזאַץ צו די פֿאַך־יוניאָנס אין אַמעריקע.

אָט דער מיסטער שלעזינגער, אַ מאַן שוין אַוודאי אין די פֿופֿציקער, וואָס האָט געוויס עלטערע קינדער פֿון אים, נתן חיימען, האָט זיך אַזוי גוט אויפֿגעלעבט מיט אים, אַז איין מאָל הערנדיק ער גרייט זיך צו פֿאָרן קיין פּאַריז, האָט ער גוט־ברודעריש אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און אים געזאָגט:

— ברודער פֿיינזילבער, וואָס טויג אייך פּאַריז? פֿאָרט גלייכער קיין אַמעריקע, מיר נייטיקן זיך אין אַזעלכע יונגעלייט ווי איר. אויב איר ווילט, נעם איך אייך מיט.

ער איז געווען געפּלעפֿט, נתן חיים. הער נאָר וואָס די אַמעריקאַנער זענען! קומט צו פֿאָרן, באַקענט זיך מיט דיר און שוין, ער איז שוין גרייט דיך מיטצונעמען קיין אַמעריקע! נישט בחינם הייסט עס, האָט דער מר' שלעזינגער אים אַזוי אימפּאָנירט, ווי נאָר ער האָט זיך באַקענט מיט אים. ·עפּעס גאַרנישט ווי די· אַנדערע, אַראָפּגעקומענע אַמעריקאַנער וואָס מ'זעט זיי פּאַראַדירן איבער די וואַרשעווער גאַסן אין זייערע שרייַיִק געלע שיך מיט האַרטע נאַסקעס אויף די פּיס און נאָך האַרטערע קאַפּעליושן אויף די קעפּ. יענע האָבן פֿולע מיילער מיט גאָלדענע ציין, גראָבע סיגנעטן

אויף די פינגער און בלישטשענדיקע דימענט־שפּילקעס אין די קראַוואַטן. דער מר׳ שלעזינגער, ווי וויל ער טראָגט אויך אַ שפּילקע אין שניפּס, איז זי אָבער נישט מיט קיין בריליאַנט, נאָר מיט אַ קליין, בלייך פּערעלע און דאָס רינגל אויף זיין פינגער איז אויך אַ דינס, אַן איידלס, מיט אַ פּיצל בריליאַנטל נאָר. און די שיך זיינע זענען נישט שרײַיִק־געל, נאָר פון אַן איידעלן ברוין און ער האָט נישט קיין גראָבן בויך און נישט קיין גווידער אונטער דער מאָרדע. אַ „שטשופּלער״־מענטש מיט אַ צעקנייטשט, טיף אויסגעליטן געזיכט און לויזע טאָרבעלעך אונטער די אויגן, קלוגע, אומרויִקע אויגן, ווי אומרויִק ער אַליין איז אין זיין יעדן קער און ווענד.

ער האָט אים טיף באַדאַנקט, נתן חיים. — ניין, ער האַלט נישט איצט ביי פאָרן קיין אַמעריקע. ער האָט אָפּגעפּאַסט ביי זיך צו פאָרן קיין פּאַריז, פאָרט ער אַהין.

— וועל, האָט דער מיסטער שלעזינגער געשמייכלט, ווי איינער וואָלט געזאָגט, „מ׳וועט שוין שפּעטער זען״, געזאָגט אָבער האָט ער: — פון דעסטוועגן, אַז איר וועט בייטן אייער מיינונג, בלייב איך ביי מיין וואָרט און נעם אייך מיט פון פּאַריז, איך וועל דאָרט זיין אויף מיין וועג צוריק פון רוסלאַנד. טרעפן וועט איר מיך קענען ביי דעם פּאָרווערטס־קאָרעס־פּאָנדענט מר׳ לעאָ גלעזער.

האָט ער זיך טאַקע געטראָפן מיט אים, נתן חיים, ביי די גלעזערס אין הויז און דער מר׳ שלעזינגער האָט געהאַלטן וואָרט, איבערגעחזרט זיין אָנבאָט און ער, נתן חיים, האָט אים ווידער באַדאַנקט, נאָר איצט, אַז ער וויל שוין יאָ פאָרן, הערט ער נישט קיין וואָרט פון דעם מיסטער שלעזינגער. ער שעמט זיך שטאַרק, נתן חיים, פאַר זיין צודרינגלעכקייט, פאַר זיין מאָנען, פאַר זיין אָבער און ווידער דערמאָנען, כאָטש דער הער שלעזינגער איז אים דען עפּעס שולדיק? ער איז אָבער נישט געווינט צו אַזעלכעס. וואָס הייסט דאָס? צוזאָגן און נישט האַלטן קיין וואָרט? האָבן די אַמעריקאַנער פאַרגעסן דעם כלל ביי יידן: „כל היוצא מפיו יעשה״? (וואָס ס׳מויל זאָגט דאַרף מען טאָן) נאָר אפשר זענען טאַקע די אַמעריקאַנער ווי מ׳רופט זיי — בלאָפערס, באַרימער? ביי זיין אָוועקפאָרן פון פּאַריז, האָט דער מיסטער שלעזינגער בפירוש אים געזאָגט: „ברודער פיינזילבער, ווען נאָר איר וועט מיר שרייבן אַז איר ווילט קומען, וועלן מיר אייך ברענגען קיין אַמעריקע״. ווען ער שעמט זיך נישט, נתן חיים, וואָלט ער דעם מיסטער שלעזינגער אָפן געשריבן אַז ער גייט אויס פון הונגער, אַז ער איז שוין שולדיק פאַר דריי חדשים דירה־געלט. ווען די מאַדאַם פון זיין האָטעל, וואָלט זיין ווי אַנדערע האָטעלניטשקעס, וואָס

געטרויען נישט איין נאַכט איבערנעכטיקן, וואָלט ער זיך איצט געוואַל־גערט אויף די ברעגעס פון דער סען, צוגלייך מיט בראַדיאַגעס און אַלטע פראָסטיטוטקעס. אַוודאי קריגט ער פון מאָל צו מאָל אַ טאָג אַרבעט אין קאָאָפעראַטיוו, אָבער אויף וואָס קלעקט דאָס? אויב נישט אַמעריקע, וועט ער דאָ אויסגיין און קיינער וועט אַפילו נישט וויסן! פריִער, פאַרן „לאָק־אויט״, אַז ער האָט געהאַט אויף מיטאָג, האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט, ווען מ׳האָט אים פאַרבעטן צו אַ מאָלצייט ביי די גלעזערס, צי ביי די יאַקור־באָוויטשעס. איצט איז ער אַזוי געפאַלן ביי זיך, אַז ווער פון די פריינד פאַרבעט אים שוין יאָ צו מיטאָג, זאָגט ער אַז ר׳איז נישט הונגעריק, ר׳האָט נאָר־וואָס געגעסן. ווי לאַנג וועט ער דאָס קענען אויסהאַלטן?

ער האָט אויפגעדרייט די עלעקטריע, נתן חיים, געזשמורעט אַ ווייל מיט די אויגן און זיך גענומען אָנטאָן. ער מוז אַראָפּגיין. די פּאָסט איז שוין דאָ, טאָמער איז דאָ אַ ידיעה פון אַמעריקע? אפשר — אַ בריוו פון דער היים? פון עלקעלען? ער וועט אויך צוגיין אין לאָמבאַרד פאַרזעצן דאָס דימענטל. ביז איצט האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן דאָס צו טאָן, טאָמער וועט ער עס נישט קענען אויסלייזן? און ער האַלט דאָך דאָס שטיינדל פאַר עלקעלען! ס׳איז דאָך אָבער אומזין! ער הונגערט און היט דאָס שטיינדל, כאָטש ער ווייסט נישט צי עלקעלע וועט גאָר קומען. ווען זי זאָל אַפילו וועלן, וועלן שיינדעלע מיט איר אברמעשי, די עלטערן, זי לאָזן פאָרן? און ווען אַפילו זיי באַשטייען, וועט ער זי אַהערנעמען צו פירן אַ לעבן ווי הערשל מיט גיטעלען?

ער איז געשטאַנען פאַרן שפּיגעלע, זיך אויסגעבונדן דעם שניפּס און באַדויערלעך געקוקט אויף זיין אָפּבילד. „וויי, וויי, וואָס פון אים איז שוין געוואָרן אין דעם פּאַריז! אַ סוכאָטניק זעט דאָך בעסער אויס פון אים״.

ניין, ער האָט איצט נישט געהיפּערט איבער די שטיגן אַזוי פלינק און גרינג. ערשטנס, וואָס ס׳געאײַל? צווייטנס — נישטאָ מער קיין כוח. איז ער געקראָכן פּאַוואָליע, ווי אַן אַלטער מאַן, פון טרעפּל צו טרעפּל און, מיט שליאָבעריקע קני ענדלעך געגרייכט דעם קאָנסיערזשס פענצטער, איבערגעקוקט די אָנגעקומענע פּאָסט, ווידער גאָרנישט פאַר אים!

די וואָכן זענען דערווייל געלאָפן, האַרבסט האָט אָנגערוקט, אין קאַלטן וועטער נאָגט דער הונגער שאַרפער. וואָסער באַטרעף האָט ביי אים דאָס קליינע ברייטעלע מיט אַן עפּל אַ טאָג? און אַפילו אויף דעם וויניקן לויפן אויך די הונדערט פראַנק פון פאַרזעצטן שטיינדל גיך אויס. איז ער צוריק אַריינגעקראָכן אין בעטל. ס׳איז פאָרט גרינגער איבערצוטראָגן דאָס נאָגעניש אונטערן לעפעלע, ווען ער דראַלעוועט נישט איבער די

גאַסן און נוצט נישט אויס דאָס ביסל וואַרעמקייט, וואָס טליעט נאָך אין אים. אַוודאי וואָלט בעסער געווען ווען ער שלאָפט. אַז מ׳שלאָפט, לויפט די צייט גיך, נעמט אים אָבער נישט קיין שלאָף, און, וואָס נאָך ערגער, אַז ער שלאָפט שוין יאָ איין, באַפאַלן אים ווילדע קאָשמאַרן, דערנאָך, אַז ער כאַפּט זיך אויף, ליגט ער אַן אויסגעווייקטער אין שווייס, אָפּגעשוואַכט, אָן ווילן דעם קאָפּ אונטערצוהייבן.

נעכטן האָט זיך אים געחלומט ער איז אין וואַרשע, ס׳איז נאָך אַלץ די מלחמה, אַ הונגעריקער שלעפּט ער זיך איבער די גאַסן און אָט בלייבט ער שטיין פאַרן פענצטער פון באַר — מעטרעפּאָל. שטייט דאָרט אַ פּולמעסאָק מיט געפּילטע פיש, נאָר דער קאַרפּנקאָפּ, מיטן רעדל מעער אין פּיסק, שפּרינגט אויף אים, רייצט זיך מיט אים, ביז ער כאַפּט אַ שטיין און זעצט אויס די שויב, אָבער שטאָט ער זאָל כאַפּן דעם קאָפּ־פיש, האָבן גאָר אומ־געזעענע הענט אים געכאַפּט און גענומען אים שלעפּן, וווּהין? און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט אים שטאַרקער נאָך געגאָגט ביים האַרץ און דער שלוק־וואַסער שטילט אים שוין נישט איין.

אַן אַנדערש מאָל האָט ער געהאַט אַ גאָר אומגעווייגלעכן חלום. ער איז ביי די גלעזערס. ס׳איז גראַד מיטאָג־צייט. מ׳סיע גלעזער זיצט אויבן־אָן טיש, אַ ווייס־געדעקטער, געגרייט מיט צעשטעלטע טעלער און אויס־געלייגט געשיר, מיט פּרוכט און אַ פלאַש וויין אין מיטן. די מאַדאַם גלע־זער, מיט די שמייכלענדיקע חן־גריבעלעך אין די אַנגערויטיקטע באַקן, שטייט ביים טיש קעגנאיבער איר מאַן, אַ זייער פאַרטאָענע ביים שניידן ביפסטייק אין אַ גרויסן פּולמעסאָק. די שמעקעדיקע זוזע רינט איר איבער די פינגער, און זי ווענדט אויף ס׳ביי אירע שוואַרצע, לאַכעדיקע אויגן צו אים, נתן חיימען: „איז ער טאַקע נישט הונגעריק? אפשר אַ קליין שטי־קעלע ביפסטייק, בלויז צו פאַרזוכן?״ נאָר ער שמייכלט, וויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט: „באמת, ער איז נישט הונגעריק״. און אָט־גאָר זיצט ער ביי זיי אויף די קיך־טרעפּ, די הייסע פּאַטעלנע מיט שטיקלעך סטייק ברית אים די קני און די גלעזערס שטייען ביידע איבער אים, שאָקלען באַדויער־לעך די קעפּ, נאָר ער, נתן חיים, שלינגט די שטיקער ביפסטייק און קוקט זיך גאָרנישט אום אויף זיי.

נאָך דעם קאָשמאַר איז ער לאַנג געלעגן וואַך, האָט אָבער דאָס קלאַפּן פון פינגער־קנעכלעך אין דער שויבן־טיר אים אויפגעוועקט. ער האָט אומ־געדרייט דעם קאָפּ, לויטן שאָטן אין דער מילכשויב, האָט ער דערקענט דעם קאָנסיערזש. ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר. מער דורך זשעסטי־קולירן ווי מיט רייד האָט דאָס נידעריקע פראַנצויזל מיטן ווייסן פאַרטעך

איבערן היפשן בויך, אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז דער פּאָסטמאַן איז דאָ מיט אַ פּאַקעט, וואָס ער דאַרף אונטערשרייבן.

אָ, ביין! איצט האָבן זיך די קני אים נישט געזעצט. מיט זיין אַמאָ־ליקן אימפּעט האָט ער געהיפּערט איבער די טרעפּ, צו צוויי און דריי אויף אַ מאָל און באַלד, נישט אַפילו אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם איז ער שוין געלאָפן צוריק אַרויף מיט אַ ברוינעם קאָנווערט, אַ דיקלעך־אָנגעפּילטער מיט פּאַפּירן. מיט ציטער אין די הענט און אומרו אין די אויגן האָט ער געקוקט אויף דעם פּאַקעט: „יאָ, פון ניו־יאָרק. ער זעט אָבער נישט אויפן צוריק־אַדרעס דעם נאָמען שלעזינגער״! נאָר סיי ווי, ווען ער האָט אַ טבע פון חלשות, וואָלט ער איצט, ביים עפענען דעם קאָנווערט, אַוועקגעפאַלן און געחלשט. נישט בלויז אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן, אַפילו אַ בריוו אין אַ באַזונדערן קאָנווערט, אַדרעסירט צום אַמעריקאַנער קאָנסול אין פּאַריז איז דאָ געווען און חוץ דעם בריוו אויף יידיש צו אים, וואָס ער זאָל טאָן, ווי ער זאָל זיך אויפפירן, איז אויך געווען אַן אָנווייז אין אַ באַנק אַריין אויף דריי הונדערט מיט פופציק דאָלער.

טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן אַריין. נישט אַזוי פון פרייד ווי פון חרטה, טיפע חרטה. דעם טייערן מענטש האָט ער חושד געווען אין בלאָף, אין באַרימעריי, אַפילו אין זיין אַ ליגנער, אַ וואָס אין דער קאָרט! אָט שרייבט אים דער הער שלעזינגער, אַז די סיבה פון נישט ענטפערן באַלד אויף זיין ווענדונג איז געווען, „ווייל ער איז ווידער געווען פאַר־רייזט און די בריוו פון אים, זענען געלעגן אומגעעפנט!״

ער האָט זיך געשעמט, נתן חיים, טיף זיך געשעמט פאַר זיין אַזוי אומ־זיכט און אומנישט חושד זיין אַ מענטש. „ווו איז געווען זיין שׂכל? האָט ער נישט געקענט אַליין טראַכטן, אפשר איז דער מענטש נישט אין דער היים?״ יאָ, נתן חיימל, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, מוזסט זיך לערנען אַ ביסל דער מאַמעס מידות. געדענקסט ווי זי פלעגט איך דיר אַריינרעדן: „נתן חיים, אַ ייד מוז האָבן בטחון, מ׳מוז גלייבן אין מענטשן, אַז נישט איז שווער צו לעבן אויף דער וועלט״.

ב. דעמבלין

טאָפּלבאַנד פון ביכערציקל „ערב נאַכט“

# אין נייַעם לאַנד

ראָמאַן

בוך פינף

אויסער יענע אין דער יידישער יוניאָן־באַוועגונג, וואָס זענען שוין היינט היסטאָרישע געשטאַלטן, זענען אַלע כאַראַקטערן אין דעם בוך אויסגעטראַכטע פון מחבר און האָבן קיין שייכות צו וועמען אין אמתן לעבן.

With the exception of actual historical personages, the characters in this book are entirely the product of the author's imagination and have no relation to any person in real life.

י ז כ ו ר

דעם הייליקן אָנדענק אונדזער איינציקן זון

**ד״ר פרץ טייטלבוים**

אָװעק פון אונדז אַזוי יונג, אַזוי פרי

27 סעפּטעמבער, 1925 — 28 יוני, 1966

אין טרויער פאַרבליבענע טאַטע־מאַמע

**בנימין און צביה טייטלבוים (ב. דעמבלין)**

# קאַפּיטל איינס

רייך און זוניק איז דער חלום, אָרעם און גרוי — די וואָר.

האָט ער, נתן חיים, אַזוי זיך פאָרגעשטעלט זיין פאָרן קיין אַמעריקע? דער גוטהאַרציקער מר׳ שלעזינגער האָט אים טאַקע געשיקט גענוג אויף צו פאָרן צווייטן קלאַס, אָבער, נאָכן אָפּצאָלן חובות, איז אים קוים געבליבן — אויף דריטן. דאָ אָבער איז דאָך ערגער פון 10טן קלאַס! ס׳איז דען אַ שיף? אמת, שטייענדיק אויפן דעק פון שלעפּשיפל, וואָס האָט אים, ווי אַלע עמיג־ראַנטן, געפירט פון די פליטקע וואַסערן, וואָס אין שערבורגער פּאָרט, אַרויס אין ימיקער טיפעניש, צו דער שיף, געקומען פון סאַוט העמפּטאָן, זיי צו נעמען קיין אַמעריקע — אַז ער, נתן חיים, האָט פון דעם קליינעם שיפל פאַרהויבן דעם בליק, האָט אים די שיף אויסגעזען אַזוי הויך און ריזיק־גרויס, שיִער נישט ווי אַ גאַנצער „אָקרענט״! אָבער ווי נאָר דער מ׳שטיינסגעזאָגטער „אָקרענט״ האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן און שליידערן פון די אָנגעלאָפענע ים־כוואַליעס, איז אַלעמען קלאָר געוואָרן אַז דאָס איז נישט קיין „אָקרענט״, נאָר אַ קליינע, אַלטע מולטער.

אין אָט דער מולטער, סאַמע אונטן, אין איר פינצטערן בויך, לענג־אויס די קאַלטע, אייזערנע ווענט, פאַרזשאַווערטע פון אַלטקייט, זענען געווען צוגעפעסטיקט ברעטער, אַ ריי איבער אַ ריי, און אויף יעדער פון די רייען, ווי הערינג אין אַ פאַס, האָבן זיי אויסגעלייגט צו זעכציק אירע אויף יעדער ריי, אין פעדערשטן שיפטייל — מאַנצביל, אין הינטערשטן — ווייבער און שוין, ס׳פאָרט קיין אַמעריקע!

אָט אויף די פריטשעס, נידעריקע איינע איבער דער אַנדערער קוים דעם קאָפּ אונטערצוהייבן, ליגן די עמיגראַנטן גאַנצע טעג צעקוועטשטע און דערשלאָגענע, אָן ליכט, אָן אַ ביסל פרישע לופט, דערצו נאָך דול און פאַר־טויבט פון די שטענדיק רוישנדיקע מאָטאָרן. איז אַ וווּנדער וואָס די מענטשן גייען קיין מאָל נישט אַראָפּ פון די פריטשעס, אויסער אַוועקצולאָזן זיך איבער די שטאָלערנע, נאַסע, פון מייקעכץ־אָנגעבראָכענע דילן, אַהין צו די פריוועטן, אויף אַ מענטשלעך באַדערפעניש? אַרויפצודראַפּען זיך אויף דעם דרויסנדיקן דעק, זיך אַ ביסל איבערצולופטערן, אויף דעם האָבן שוין די מענטשן נישט קיין כוח.

פרייט ער זיך, נתן חיים, וואָס ער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיינע פאַריזער פריינד און ער האָט יאָ אַנגעטאָן די בעקעשע מיטן פוטערנעם אונטערשלאַק, איז אים איצט וואַרעם און ווי עס איז אָנהייב יאַנואַר און די ווינטן רייסן, די קעלטן נעמען דורך ס'געביין, מוז ער נישט זיך לייגן אויף דעם פריטשע־געלעגער, צווישן אַזוי פיל מענטשן, נאָר פּאַראַדירט אַרום גאַנצע טעג אויף דעם דרויסנדיקן שיפּדעק, הין און צוריק און אַפילו די נעכט פאַרברענגט ער דאָרט, שטייט אָפּ ווי לאַנג ביים צוים און גאַפּיעט אָט אַרויף צו די הימלען, שוואַרצע, פינצטערע, אָן איין שטערן, און אַז ער ווערט מיד פון דעם שטיין ביים צוים, פאַרטייעט ער זיך אינווייניק ביי דער אָפענער טיר, דרימלט איין, כאַפּט זיך אויף און קוקט צום ים, אַזאַ פינצטע־רער, צעפלאָסענער בליי, וואָס זידט און קאָכט, הייבט זיך אין בערג, לאָזט זיך צוריק אַראָפּ אין טאָלן און שלעפּט מיט זיך די שיף, שליידערט זי און בייגט זי, אַז אָט דאַכט זיך אים, נתן חיימען: ער שטעקט אַרויס די האַנט, רירט ער אָן דעם ים און אָט גאָר בייגט זיך די שיף אויס אויף דער אַנדע־רער זייט אַזוי טיף, אַז ער ווערט אַריבערגעגליטשט צו דער אַנדערער, אַנטקעגנדיקער זייט מיט אַזאַ קראַפט אַז ער צעשלאָגט זיך דעם קאָפּ, די קני, די זייטן.

און ווי דאָס געלעגער, אַזוי איז דאָס עסן אויף דער שיף. אין דער נאָז פון דער מולטער איז גראָד דאָ אָן אָפּגעטיילטער שטח מיט לאַנגע טישן און בענקלעך אַרום זיי, אַלע צוגעשרויפטע צום שטאָלערנעם דיל, אויך ליכטיקלעך איז דאָ. פון שטאָלערנעם סופיט אַראָפּ הענגען איבער די טישן עלעקטרישע לעמפלעך, נאַקעטע, פאַרסאַרגעטע פון פליגנמיסט. לויכטן אָבער די לעמפּלעך מיט אַזאַ רויטלעך, סומנע ליכט, אַז אים דאַכט זיך, נתן חיימען, ער קומט אַריין אין אַ שטוב פון שבעה־זיצער, אַנטלויפט ער פון דאָרט נאָך איידער ער זעצט זיך רעכט אַוועק ביי וועלכן פון די טישן. נאָר ווער ווייזט זיך דען אַריין דאָרט צום עסן ביי די טישן? אַז זינט מ'איז אַרויף אויף דער קליינער, אַלטער מולטער און זי האָט זיך גענומען וויגן און וואַרפן איבער די ים־כוואַליעס, ליגן אַלע חרוב־קראַנק און ברעכן מיט דער גרינער גאַל.

ער, נתן חיים, איז גראָד יאָ הונגעריק. צי מחמת די ים־קראַנקייט האָט נישט איבער אים קיין שליטה? צי ווייל ער טאָגט און נעכטיקט אין דרויסן, אויף דער פרישער לופט? סיי ווי, ער וויל עסן. איז ער אָבער יערמע דודס זון און ווי דער טאַטע זיינער, אַזוי וועט ער אָפּקומען מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט און זיך נישט צורירן צו קיין געקעכטס, וואָס ער ווייסט נישט וואָס דאָרט איז אַריינגעטאָן, מיט וואָסער געשמילץ

דאָס איז געקאָכט, דערצו נאָך, עסן ביי אַזאַ אומריינעם טיש, אָן אַ טישטעך?

גייט ער, נתן חיים, יעדן פרימאָרגן, נאָכן אָפּוואָלגערן זיך די נאַכט אין וועלכן ווינקעלע ביי אַן אָפענער טיר, אַראָפּ אין דעם מ׳שטיינס־געזאָגטן וואַשצימער, גאָלט זיך אָפּ, וואַשט זיך איין ס׳לייב ביזן גאַרטל מיט אייז־קאַלט וואַסער, נאָך דעם גייט ער אַריין אין דעם אויך מיר עסזאַל, טרינקט זיך אָן מיט הייסער טיי, בייסט צו אַ זעמעלע, נעמט עטלעכע אין קעשענע אויף בייטאָג און — היידאַ צוריק אויף דעם שיפּ־דעק, צו מאָל גנבעט ער זיך אַריין, נאָך אַזאַ פרישטיק, צו דער אַלטער פרוי, אין צווייטן קלאַס.

אין שערבורג, אין האָטעלכל, ווו ער איז איינגעשטאַנען פאַרן אויפ־זיצן אויף דער שיף, האָט ער, נתן חיים, אָנגעטראָפן צווישן די עמיגראַנטן, ניצול געוואָרענע פון די אוקראַינער פאָגראָמען, אַן עלטערע פרוי, אַ באָבע מיט דרײַ אייניקלעך, ס׳עלטסטע ייִנגעלע אַכט יאָר און ס׳ייִנגסטע מיידעלע — דרײַ. אַ צעשראָקענע נעבעך, האָט די ווייס־גרויע פרוי, אַן אויסגעבלייכטע, אָן אַ בלוטסטראָפן אין איר איידל געזיכט, געהויערט איבער די אָפּגעראַטעוועטע קינדער, וואָס זייער מאַמע, די טאָכטער אירע, האָבן די היידאַמאַקעס אין פראָסקוראָוו, אַרויסגעשלעפּט פון איר באַהעל־טעניש, זי געשענדט און געשאָכטן אויף דער גאַס, אין מיטן העלן טאָג. פירט דאָס איצט די ניצול געוואָרענע באָבע אירע דריי אָפּגעראַטעוועטע יתומים צו זייער טאַטן אין אַמעריקע. אין איר צעשראָקנקייט איז ער, נתן חיים, איר געוואָרן ווי אַן אייגענער זון. געהאָלפן איר זיך איינ־נאַדיען אין דעם האָטעלכל, געגאַנגען מיט איר אין מאַרק איינקויפן עסנוואַרגן, געהאָלפן איר מיט די פעקלעך און געפלאָכטענעם קויש צום שיפל און דערנאָך אַרויף אויף דער גרויסער שיף. האָט ער זיך דאָס איצט, פון מאָל צו מאָל, אַריינגעגנבעט צו דער באָבע מיט אירע דרײַ אייניקלעך אין דעם צווייטן קלאַס קאַיוטע, זיך דאָרט אַ ביסל אויס־געוואָרעמט ס׳געביין, אַ מאָל אויך איבערגענעכטיקט אויפן צעמענ־טענעם דיל, אָן איבערגעדעקטער מיט אַ גרין־געקעסטלטן פליושענעם דיוואַן. ער פלעגט זיך אויך דערכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ לייטישן ביסן, וואָס די איידעלע פרוי, אַזאַ שטילע, מיט אַזאַ אָנגעוויטיקטן טרויער אין אירע אויסגעווײנטע אויגן, פלעגט אים, ווי אַ מאַמע, ברענגען פון כשרן טיש, וואָס אין צווייטן קלאַס עסזאַל.

איז דאָך אָבער די וועלט פול מיט רישעות! וואָס האָט עס געאַרט דעם ענגלענדער, דעם אויסגעדאַרטן לאַנגאָץ, וואָס ברענגט איר אין

קאַיוטע אַריין די „פּייף אָ׳קלאָק טי״, אַז ער, נתן חיים, דערקוויקט זיך אויף ס׳האַרץ מיט אַ באַטעמט ביסקעטל און אַן אָפּגעצוקערט טעפּעלע הייסע טיי? באשר ער האָט אויסגעקויפט אַ שיפסקאַרט דריטן קלאַס, טאָר ער נישט קומען צו גאַסט צו דער אַ׳טער פרוי אין צווייטן קלאַס? אַי דער דריטער קלאַס איז אַזאַ וויסט הקדש, אַז מער ווי אַ זעמעלע צו דערהאַלטן די נשמה איז ער דאָרט גאָרנישט טועם, פון דעם וויל דער הויכער פלאָקן נישט וויסן, האָט ער, נתן חיים, האַנאַראַוועו, ווי דער טאַטע זיינער, מער שוין אין צווייטן קלאַס נישט אַריינגעשמעקט.

נאָר וואָלט כאָטש דאָס געווען אַ לייטישע שיף, וואָס אין זעקס צי אין זיבן טעג איז זי אין אַמעריקע, וואָלט ער איבערגעקומען די רייזע אַזוי אויך. שלעפּט זיך אָבער די מולטער ווי אין פּעך. אָט איז שוין אַרי־בער אַ וואָך אַז זי האָט פאַרלאָזט שערבורג און ס׳איז נישט קיין אָנהייב און נישט קיין סוף! לויט די שמועות זאָל די יאַזדע געדויערן אַכצן טעג און אפשר די גאַנצע דריַי וואָכן. אַז שטאָט גלייך קיין ניו־יאָרק, שווימט גאָר די מולטער קיין האליפאַקס און, ווער ווייסט, ווו נאָך זי וועט זיך אויף איר וועג אָפּשטעלן.

אָט, צוליב דעם לאַנגן שלעפּן זיך, האָט ער גאָר מורא, נתן חיים, צו כאַפּן אַ מאָל אַ דרימל אויף זיין געלעגער, אויף דער פּריטשע דאָרט. אַז די ביישלעפערס גייען גאָרנישט אַראָפּ פון דאָרט, לופטערן זיך נישט איבער אויף דעם שיפדעק, וואַשן זיך רעכט נישט אַרום, פון באָדן זיך איז דאָך אָפּגערעדט. אין דעם הקדש איז דען דאָ אַ וואַנע? קענען נאָך די לייז אַלעמען אַוועקטראָגן מיט דער פּריטשע, אַריינשווימען מיט זיי קיין ניו־יאָרק איידער נאָך די מולטער וועט אַהין אָנקומען.

מילא, די ערשטע עטלעכע נעכט איז ער ווי עס איז איבערגעקומען, אַ ביסל אין דרויסן ביים שיפצוים, אַ ביסל אין דרימלען אינוויייניק, אויפן דיל ביי דער אָפענער טיר. האָט ער אָבער איינמאָל געהאַט אַ שוידער־לעכע איבערלעבעניש. ער שטייט אַזוי ביים שיפצוים אַ פאַרטראַכטער, גלאָצט דורך דער פינצטערניש אין דעם מוראדיקן אַרום: נישט קיין גלימער פון אַ שטערן אויבן, נישט קיין לעבעדיק נפש אויפן דעק. דער־פילט ער פלוצים אַ פּאָר מעכטיקע אָרעמס אַרום אים און, איידער ער כאַפּט זיך וואָס דאָ געשעט, טוען די צוויי הענט אַ הייב אים אין דער הייך, ער טוט אַ פחדימדיקן קוויטש, צעלאַכט זיך גאָר דער אומגעזעענער, שטעלט אים צוריק אַראָפּ אויפן דיל און, אויסדרייענדיק אים דעם קאָפּ צו זיך, האָט דער אומבאַקאַנטער, וואָס בלויז זיינע ווייסע ציין און די ווייסלען פון זיינע אויגן האָבן זיך דורכגעלויכטן דורך דער חשכות, גע־

נומען אים זאָגן מוסר, וואָרענען אים קעגן דעם שטיין ביי נאַכט ביים שיפּצוים:

— ווידזשי פּאַן? האָט דער פרעמדער גערעדט צו אים אויף פּויליש, ווי ער וואָלט אים שוין געהאַס באַמערקט און, לויט דער פּויליש־פּריצישער בעקעשע, געוווּסט אַז ער, נתן חיים, איז אַ לאַנדסמאַן און ער פאַרשטייט דאָס פּוילישע לשון: — ווידזשי פּאַן? זעט ער כאָטש ווי לייכט ער האָט געקענט אַרײַנגעוואָרפן ווערן אין ים און עס וואָלט געווען „יאַק בי ניגדי ניץ״! ס׳הייסט קיין האָן וואָלט אַפילו אַ קריי נישט געטאָן!

אַ באַשלאָגענער פון טויטשווייס איז נתן חיים, נאָך דער פחדימדיקער איבערלעבעניש, געזעסן אויף דעם קאַלטן, אייזערנעם דיל, אין אַ באַלויכטן ווינקעלע, אינווייניק שוין, אין דער שיף, איבערגעטראַכט וואָס דאָ איז מיט אים געשען און זיך אָבער און ווידער געגריזשעט:

— ווו איז געווען זיין שׂכל? דער פּאַליאַק האָט דאָך טאַקע געקענט אים אַריבערוואַרפן איבערן צוים און קיינער וואָלט אַפילו נישט געוווּסט אַז ער פעלט. אַזעלכע פאַלן האָבן דאָך שוין געטראָפן! אַ מענטש איז פאַרלוירן געוואָרן פון שיף אַראָפּ. ווו איז ער אַהינגעקומען אויב נישט אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן פון אַזעלכע צוויי אומגעזעענע הענט אין ים אַריין? דערביי האָט ער שוין געטראַכט, נתן חיים, וועגן עלקעלען. וואָס וואָלט זי געזאָגט ווען זי דערוויסט זיך אַז ער איז פאַרלוירן געוואָרן פון שיף אַראָפּ? זי וואָלט אפשר קיין רעכטן וויין נישט געטאָן. אַוודאי, טאַטע, מאַמע וואָלטן דאָס, חלילה, נישט אויסגעהאַלטן.

איז ער שוין, נתן חיים, נאָך דעם אויסטערלישן פאַל, מער ביי נאַכט אויפן שיפדעק נישט אַרויס, נאָר אַרומגעדראַלעוועט אין דעם אינגעווייד פון דער שיף, פלעגט אָפּשטיין ווי לאַנג אַ פאַרגאַפיעטער אויף דעם וואַלץ. אַ געטריבענער פון די ריזיקע מאָטאָרן, דרייט ער זיך און, דרייענדיק זיך, באַוועגט ער דעם מעכטיקן עגבער, וואָס צעבויטעט, רודערט אויף די וואַסערן אין הינטערשטן שיפטייל און טרייבט אַזוי אַרום די שיף אַלץ ווייטער און ווייטער אויף איר לאַנגן וועג.

איינמאָל איז ער גאָר פאַרקראָכן צו דער קיך, נתן חיים. ס׳איצט דאָרט געווען האַלב טונקל. די קעסלען, קאַלטע, זענען געווען אָפּגעדעקט, די טעפּ און פאַנען — צעהאַנגען אויף אַ וואַנט. טעלער און טעלערלעך, אין גאַנצע שטויסן, זענען געווען צעשטעלט אויף אַ טיש אין אַזעלכע אַרומגעצוימטע רונדן, אַוודאי זיי צו באַשיצן קעגן אַראָפּפאַלן און צע־בראָכן ווערן ביי יעדן בייג און וואָרף פון דער שיף.

בלויז אין איין ווינקל פון דער קיך האָט אַן אָנגעצונדן לעמפּל אַראָפּ־

געהאָנגען איבער אַ טיש, וואָס אויף אים זענען זייטיקלעך מער געהאָנגען ווי געזעסן דריי אירע, מאַטראָסן צי גאָר קיכהענט, שטאַרק פאַרטוענע אין אַ קאָרטנשפּיל.

ער איז צוגעגאַנגען נענטער, נתן חיים. אין זייער פאַרטאָענקייט, האָט קיינער פון זיי גאָרנישט געוווּסט, אַז אַ מענטש שטייט לעבן זיי. ערשט אין אַ לענגערער ווײַלע אַרום האָט איינער אויסגעדרייט דעם קאָפּ:

— אָ, דאָס איז דער פּאַן שליאַכטשיץ אין דער בעקעשע, פּאַר וואָס גייט דער פּאַן נישט שלאָפן?

לויט דעם קול, האָט נתן חיים דערקענט אַז דאָס איז דער פּאַרשוין, וואָס האָט אים אַזאַ הייב געטאָן, ווי אים אַריבערצוּוואַרפן איבערן שיפּ־צוים אין ים אַריין. אינסטינקטיוו האָט ער זיך געטאָן אַ קורטשע איין, נתן חיים. עפּעס איז אים אין דמיון פּלוצים אָנגעלאָפן אַ דערמאָנונג פון יענער נאַכט אין מאָדזשיץ, ווען דער טאַטע האָט געהאַט אַריינגענומען אין שטוב אַ „קום" זיינעם פון באָברעניק, אויף איבערצונעכטיקן די נאַכט. ער האָט אים אויסגעבעט אַ ווייך געלעגער אויפן קופּערט, דער טאַטע, גע־זעסן מיט דעם באָברעניקער שכן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, גע־רעדט, באַדוי׳ערט דעם שכנס דאָליע, וואָס פון אַ „גאָספּאָדאַרזש", אַ שיינעם באַלעבאָס, איז ער געוואָרן אַ האָלצהעקער און שלעפּט זיך אַרום מיט דער האַק, אָט ווי איצט, כּדי צו פאַרדינען אַ גילדן אויף זיך דורכצוזשיווען. איז אָט דער דאָזיקער „קום" אַ פריינד דעם טאַטנס פון קינדווייז אויף, געלעגן ווי לאַנג וואָך און ווי׳ אַ הונט געשניפּט, זיך איינגעהערט צי אַלע שלאָפן שוין און, ווען אים האָט זיך געדאַכט אַז יאָ, אַלע כראָפּען שוין, איז ער אַראָפּ פון געלעגער, גענומען די האַק פון אונטער זיין צוקאָפּנס און שטיל זיך גענומען שלייכן אין דער אַנדערער שטוב אַריין צום טאַטנס בעט. איז אָבער דער טאַטע נישט געשלאָפן נאָך. דערזעענדיק דעם גוי מיט דער פאַרהויבענער האַק, וואָס דער שאָטן זייערער אי׳ז אין דעם קנאָפּן ביסל ליכט פון קליינעם קאַגאַניצל געפאַלן אויפן טאַטנס קאָפּ, נאָך איידער דער גוי איז צו אים צוגעקומען, האָט ער זיך געטאָן אַ זעץ אויף דער טאַטע און, עפּעס גאָרנישט מיט זיין קול אַ געשריי געטאָן:

— פּאַוועל, ווו גייסטו מיט דער האַק?!

צי די האַק איז דעם גוי אַרויסגעפאַלן פון דער „לאַפּע", צי ער האָט זי, אין דערשראָקנקייט, אַראָפּגעוואָרפן אויף דער פּאָדלאָגע, אַזוי צי אַזוי, פּאַוועל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און גענומען קושן דעם טאַטנס פיס:

— יערמאַ, זאָל מיך דאָ אַ דונער דערשלאָגן צי איך ווייס, וואָס

מיט מיר איז געשען. דער נישטגוטער איז אין מיר אַריין און מיר געגעבן די האַק אין האַנט אַריין דיך צו דערהרגענען.

נאָר צי דער נישטגוטער, צי פּאַוועל אַליין איז פּלוצים אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דער לוסט צו רציחה, סיי ווי האָבן אַלע אין שטוב איבער־געלעבט אַ נאַכט פון טויטשרעק, אָט ווי ער דאָ, נתן חיים, ביי דעם שיפּצוים. איז ער דאָס איצט געשטאַנען, געקוקט דעם „לאַנדסמאַן" אין די גרויע „שליפּיעס" אַריין, געטראַכט וועגן טאַטנס „שכן" פּאַוועל און כלומרשט געשמייכלט:

— שלאָפן גיין? עס שלאָפט זיך נישט.

# קאַפּיטל צוויי

אַנגעלענט מיט דער פּלייצע אָן שיפּצוים איז נתן חיים געשטאַנען און מיט אַ פאַרהויבענעם קאָפּ געקוקט אַרויף צו די אייבערשטע דעקן, ווו די צווייטע און ערשטע קלאַסניקעס אײַלן גיך צו זייערע שיפּצוימען כדי צו זען וואָס אונטן, אויפן שיפּדעק פון דריטן קלאַס טוט זיך אַלץ אָפּ.

ס'איז געווען דער ערשטער זוניקער טאָג זינט די שיף הוידלט זיך איבער דעם ווינטערדיק־צעשטורעמטן ים. אין דער פּלוצים אויפגעשיינטער זון האָבן די ווינטן זיך געהאַט איינגעשטילט, די הייזער־הויכע כוואַליעס זענען איינגעפאַלן, איז דער ים געוואָרן מילד, רויִק, כאָטש לאָז זיך איבער אים אין אַ קליין, פאַרגעניגן־שיפל אַוועק אין זיינע זוניקע ווייטקייטן.

די דריטע קלאַסניקעס, אַלע עמיגראַנטן, אַלע ניצול געוואָרענע פון די היידאַמאַקישע פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע, זיי, כאָטש אַזוי טיף פאַר־שטופּטע אין פינצטערן בויך פון דער שיף, אַריינגעקוועטשטע אויף די ווייסטע פּריטשעס, האָבן ווי פייגעלעך אין זייערע פאַרבאָרגענע נעסטן, גלייך דערפילט דעם אומבייט אין וועטער און שוין, אומרויִק געוואָרענע, גענומען זיך שיבערן, אויף גיך אַרויפציען אויף זיך אָנטועכץ, אַרומוויקלען זיך אין שאַלן און דערעס און פאַוואָליע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די נאַסע, שטאָלערנע, פון מייקעכץ אָנגעבראָכענע דילן, אַהין צו די אייזערנע טרעפּ, אַרויפצודראַפּען זיך וואָס גיכער אויף דעם זוניקן דעק.

אַרויפגעקומענע פון דער האַלבפינצטערניש האָבן די מענטשן גע־מרוזשעט מיט די בליקן, געפּרוווט מיט האַנטדעכעלעך איבער די שטערנס פאַרשטעלן דאָס זון־בלענדעניש פון די אויגן, וואָס האָבן דורשטיק גע־טרונקען די זונפאַרגאָסענע ים־ברייטקייטן פון אַרום און אַרום דער שיף.

באַלד, צוגעוווינט שוין אַ ביסל צו דער זון, צום אומענדלעכן דרויסן, האָבן די מענטשן זיך צעלאָזט איבערן שיפּדעק, אויסגלייכן ס'געביין, איינגעוויינען אויף ס'ניי די פיס צו שטעלן אַ טראָט. אַנדערע האָבן זיך גענומען קלייבן אין קרענצלעך, געשמועסט, געחלומט ביינאַנד וועגן זייער אַריינפאָר אין דעם אויסטערלישן „נעוויאָרעק", וועגן דעם אויפנעם, וואָס די אויסגעבענקטע קרובים גרייטן דאָרט פאַר זיי.

צווישן די עמיגראַנטן זענען אויך געווען צוויי יונגע לייט, זעט אויס

חברים, וואָס איינער, דער נידעריקער און ברייטפּלייציקער, איז געווען דער עלטערער, אַוודאי שוין פינף, צי זעקס און צוואָנציק יאָר, בעת דער אַנדערער, אויף אַ גוטן קאָפּ העכער פון אים, איז געווען אַ שלאַנק, יונג בחורל פון אַ יאָר אַכצן, צי ניינצן.

אָט די צוויי חברה האָבן גיך אָנגעיאָגט אַ גאַנצע מיחיה אויף דעם שיפדעק. דער עלטערער איז עפּעס גאָר אַ מזיק, אַן אמתער קונצנמאַכער. ער שטעקט אויס אַ האַנט, ווייזט אַלעמען די דלאָניע, אַן אָפענע, אַ ליי־דיקע, פאַרמאַכט זי, טוט אַ פּיר מיט דער פאַרמאַכטער פויסט אין דער לופט און אַז ער עפנט צוריק די האַנט, האָט ער אין איר אַ מעסערל, אַ ווייס איי, אַ פאַרביק טיכל. דערצו נאָך שפּילט ער מחיהדיק אויף אַ מויל־האַרמאָשקע און דער פריינד זיינער, דער הויכער בחור מיט די קינדיש רויטע בעקלעך, באַגלייט אים אויף זיין ווייך־לירישן טענאָר און אַזוי צוזאַמען שפּילן זיי און זינגען אויס האַרציקע, רוסישע און אוקראַיני־שע לידער און באַלאַדן.

די צוויי לוסטיק־פריילעכע יונגען האָבן גאָר אויפגעלעבט דעם אַרומ־שטייענדיקן עולם, וואָס כאָטש אַלע לויפן זיי פון די היידאַמאַקישע פּאָגראָ־מען, האָבן דאָך פיל פון זיי אויך זיך צעזונגען, פאַרגעסן, אַז זיי זענען אויף אַ שיף, אין מיטן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן, געמיינט זיי זענען נאָך אין דער היים, אין אוקראַינע, ווו די טעג שטייען זוניקע, די סעדער זענען צעבליט, די ווייץ־פעלדער ציִען זיך ווייט און ברייט, צערטלען ס'אויג, הייטערן ס'געמיט און טאַקע ווי דאָרט, אין די איינגעזעסענע היימען, האָבן זיי דאָ, אויף דער שיף, זיך צעלאָזט אין די אוקראַינישע קני־טענץ, אַז די ברעטער אונטער זייערע פיס האָבן גענומען סקריפּען, זיך בייגן און באַלד, פון דער אָנגעשטאַנענער פרייד, פון דער אויפגעוואַכטער ענער־גיע, האָבן טייל, די יִונגערע אין דעם עולם, גענומען זיך שפּילן אין וואַרפּעלעך, אין שפּרינגען איינער איבערן אַנדערן און אַז די שיף האָט זיך געטאָן אַ בייג, די שפּרינגער זענען געפאַלן אין אַ קופּע, איינער אויפן אַנדערן, האָט אויסגעבראָכן אַ הילכיק געלעכטער, אַ האַרציקע פרייד, נישט ווי ביי געיאָגטע עמיגראַנטן, ניצול געוואָרענע פון רוצחס האַק, נאָר ווי ביי אויפגעהייטערטע מחותנים, וואָס פאָרן אויף אַ חתונה.

אָט, צוליב דער פּלוצים אָנגעשטאַנענער פרייד דאָ, אונטן, זענען דאָס אויבן די ערשטע און צווייטע קלאַסניקעס זיך צונויפגעלאָפן און זיך גע־שטעלט לענג־אויס זייערע שיפצוימען מיטלאַכן און זיך מיטפרייען מיט דער אַזוי פּלוצים אָנגעשטאַנענער פרייד אין דריטן קלאַס. אַז ביי זיי אין הייטאָנעם ערשטן און אויך אין ווייניקער פאַרריסענעם צווייטן קלאַס איז

אַזוי נודנע, אַזוי לאַנגווייליק, כאָטש די שיפבאַאַמטע מיִען זיך צו פאַר־ווײַלן זייערע שמייליקע פּאַסאַזשירן. אָבער וואָס העלפט זייער מי, אַז זינט מ׳איז אַרויף אויף דער שיף איז דער ים אַזוי שטורמיש, אַז אַפילו יענע, וואָס זענען נישט געלעגן קראַנק, האָבן אויך נישט געוואַגט זיך אַרויסצו־ווייזן אויפן דעק. פון איבערגיין זיך, אָדער שפּילן אַ ביסל „שאַפלבאָאַרד״ איז שוין אָפּגערעדט. אַזוי אויך איז געווען אוממעגלעך אין די אָוונטן צו פאַרברענגען אַ ביסל אין טאַנצזאַל, כאָטש דער אָרקעסטער האָט דאָרט געשפּילט. די שיף האָט זיך אַזוי געוואָרפן, אַז אַפילו יענע פּאָרלעך, וואָס האָבן יאָ געוואַגט זיך אַװעקצולאָזן איבערן גלאַנציקן פּאַרקעט, זענען באַלד אומגעפאַלן איינע אויפן אַנדערן און געוואָרן צו לייטיש געלעכטער. שטייען זיי דאָס איצט ביי זייערע שיפצוימען, די געהויבענע הערן און דאַמען און קווענלן אָן פון דער מוזיק פון די צוויי יונגען, דער עיקר — פון די קונציקע שטוקעס, וואָס דער עלטערער פון די צוויי פראַוועט דאָרט מיט אַזוי פיל געשיקטקייט אַז זיי פאַרגעסן גאָר אָן זייער געהויבנקייט און פּאַטשן אַפילו בראַוואָ!

ווי די הערן און דאַמען פון אויבן אַראָפּ, אַזוי האָט ער, נתן חיים, געקוקט פון אונטן אַרויף. נישט אַזוי צוליבן חידוש פון אַנגעלויף דאָרטן. נתן חיימלס שאַרפער בליק האָט דאָרט, צווישן די ערשטע קלאַסניקעס, געהאַט דערזען אַ זייער שיינע, יונגע דאַמע, וואָס אַ פלעכט פון אירע גאָלדיק־רויטע האָר האָט זיך אָפּגערעקראַגן פון אונטער איר גרינעם בערעט און זיך אַזוי שיין געווינטלט איבער איר קאָפּ, אַז אים איז פאָרגעקומען — אַ גאָלדן רויכל, אַזוי זוניק־בלענדיק, קרויזלט זיך דאָרט איבער דער יונגער דאַמעס שטערן.

נתן חיימלס עקשנותדיקער בליק אַרויף איז אָבער נישט געווען בלויז צוליב דעם שיינעם ווינטלען זיך פון דעם גאָלדיק־דורכגעזוניקטן פלעכטל האָר, נאָר גאָר צוליב דער יונגער דאַמעס וואַרפן אויגן אַראָפּ צו אים. עפּעס האָבן זייערע ביידנס בליקן כסדר זיך פאַרהעקלט, פאַרהעקלט זיך און באַלד אָפּגעקערט די אויגן, אָפּגעקערט כדי זיי באַלד ווידער צו פאַר־העקלען און אַזוי עטלעכע מאָל ביז די יונגע דאַמע האָט זיך אַרויסגעוויקלט פון דעם געשטיי אַרום און איז אים פאַרשוואונדן פון אויג.

אַן אַדורכגענומענער מיט אַ באַנג־געפיל, ווי תמיד ווען מ׳פאַרלירט עפּעס, וואָס איז ליב און טייער, איז ער נאָך לאַנג געשטאַנען, נתן חיים, מיטן קאָפּ פאַרהויבן אַרויף און געזוכט מיט די אויגן, גענישטערט מיטן בליק, אָבער — אומזיסט, ווי זי וואָלט אין ים אַריין.

ער האָט גענומען שפּאַנען איבערן שיפדעק, נתן חיים. אַז דאָס דאַמעלע

איז פאַרשוווּנדן, איז אים גיך געוואָרן לאַנגווײַליק דער געטומל. ער האָט גאָר געטראַכט זיך אַרויפצוגנבֿענען צו איר אויף דעם ערשטן קלאַס. אַז זי האָט אַזוי עקשנותדיק געוואָרפן בליקן צו אים, איז אפֿשר? נאָר איידער ער האָט אָפּגעפּאַסט בײַ זיך אויף יאָ, „טיא״, זי איז דאָ! אויס־געוואַקסן אונטן, צווישן די געזעמלען און, כּלומרשט נישט זעענדיק אים, טריטלט זי אַזוי גראַציעז איבערן דריטן קלאַס שיפֿדעק הין און צוריק, הין און צוריק.

נישט בלויז ער, דאָס גאַנצע געזעמל איז געוואָרן ווי פֿאַרכאַפּט, גע־נומען איר נאָכפֿאָלגן מיט די אויגן. פֿון וואַנעט איז דאָ פּלוצים אַזאַ שיין פֿײגעלע אַנגעפֿלויגן אַהער, צווישן די אָפּגעלאָזטע, פֿאַרחושכטע עמי־גראַנטן?

ער, נתן חיים, האָט עפּעס פֿאַרלוירן דאָס גלײַכגעוויכט צוליב דעם דאַמעלעס אַראָפּיאַוועןן זיך אין דריטן קלאַס אַרײַן. איז זי אַראָפּגעקומען צוליב דער לעבעדיקייט דאָ? אָדער ווײַל זי זוכט אַן אָפּערעלע מיט וועמען פֿון דעם יונגוואַרג? און אפֿשר טאַקע מיט אים, נתן חיימען? נישט אומ־זיסט, זעט אויס, האָט זי אַזוי שיין געפֿלירטעוועט מיט אים, געוואָרפֿן אַ בליק און באַלד אָפּגעקערט די אויגן און אַזוי וויפֿל מאָל! נאָר וואָס די סיבה פֿון איר אַראָפּיאַוועןן זיך אַהער זאָל נישט זײַן, ער, נתן חיים, האָט שוין פֿון דעם שיקסל קײן אויג נישט אַראָפּגענומען און, ווי אים דאַכט זיך, וואַרפֿט זי אויך, אַזוי זײַטיקלעך, אַן אייגל צו אים. זאָל דאָס זײַן מחמת זײַן אויסטערלישן הילוך? אַן אָפּגעטראָגענע פּריצישע בעקעשע מיט אַ שוואַרץ קאַראַקולן קעלנערל, אַ בגד וואָס נאָך אַזאַ זעט מ׳דאָ נישט אויף קײנעם. נאָר אפֿשר איז זי פֿאַראינטערעסירט טאַקע אין אים אַליין? וואָסי? יונגע מענטשן ווערן צוגעצויגן אײנע צום אַנדערן צוליב קליידונג? בײַ יונגוואַרג איז גענוג אַ בליק מיט אַן אויג, אַ הייב פֿון אַ ברעם און — שוין.

איז ער געשטאַנען אַנגעלענט אַן שיפּצוים, נתן חיים, כּלומרשט גלײַכ־גילטיק געקוקט ווי זי טריטלט אים פֿאַרבײַ איין מאָל און נאָך אַ מאָל, דער קאָפּ אירער אַזוי אַריסטאָקראַטיש פֿאַרהויבן, פּונקט ווי אַ פּאַווע האַלט פֿאַרהויבן איר פֿרעכטיק, פֿאַרביקן עק. און ווי אַ פּאַווע אין איר שײַנעם פֿעדער־טראַכט, אַזוי איז דאָס דאַמעלע אויסגעצירט אין אַ הערלעכן קליידער־טראַכט. איר פּלאַשטש, אַ לויז־הענגענדיקער אויף איר יונג, בײַ־געוודיק פֿיגורל, איז פֿון אַ העל־גרינעם, טיף־האַריקן שטאָף, דין דורכ־געוועבט פֿון אַראַנזש־קאָלירטע קראַטן. אַרום האַלדז איז איר לויז פֿאַר־וואָרפֿן אַ ווײַסער, ווייך־וואָלענער שאַל מיט אויסגעהאָפּטענע קווייטן אַרום

די ברעגן. און ווי די עלעגאַנטע, גרינע שיכלעך אויף די פיס, אַזוי איז אויף איר קאָפּ, איבער די גאָלדיק־רויטע האָר, אַזוי חנעוודיק־זייטיקלעך געזעסן אַ בערעט פון דעם זעלבן גרין, וואָס דער פּלאַשטש, די שיכלעך, און ווי די צוויי עקן פון שאַל האָבן אין ווינט אַזוי ווייס געפּלאַטערט איבער אירע אַקסלען, אַזוי האָט איבער איר שיינעם קאָפּ גאָלדיק זיך געווינטלט דאָס שקאָציש־אַפּערגעוואַנדערטע פלעכטל פון אירע רויטע, ווייך־גלאַטיקע האָר.

נאָכן פאַרבייטריטלען אים אַזוי עטלעכע מאָל, אַ מין אַרויסרוף צו אים, האָט ער, נתן חיים, אויך גענומען כלומרשט שפּאַצירן איבערן דעק נאָר פּונקט איר אַנטקעגן, דערביי, פאַרבייגייענדיק איינע דעם אַנדערן, האָבן ביידע אַלץ דרייסטער געוואָרפן זייטיקלעכע בליקן, זי אויף אים און ער — אויף איר. ערשט נאָכן וויפלטן מאָל זיך אָנגעגענען, אַז ער האָט געזען אין אירע גרינלעך־גרויע אויגן אַ קוים, קוימיק שמייכעלע, האָט ער זיך אויסגעדרייט און גענומען גיין לעבן איר, אַקסל ביי אַקסל און זי געפרעגט:

— פּאַרלע ווו פראַנסע? (צי רעדט זי פראַנצייזיש?).

— סאָרי, — האָט זי שמייכלדיק געוויגט איר קאָפּ אין דער ברייט, — נאָ פרענטש, אָנלי אינגליש.

— פּאָלאָנעיז? — האָט ער ווייטער געפּרווט.

— סאָרי, נאָ פּאָליש אייטהער.

— פילייכט דויטש?

ערשט איצט האָט דאָס דאַמעלע באַווילקט אומצודרייען איר שיין פּנים צו אים און אַזוי קאָקעטיש אַ שאָקל געטאָן איר אַריסטאָקראַטיש קעפל אויף יאָ:

— איש שפּריכע עטוואָס דויטש.

נתן חיימען איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ווי ער קען נישט דאָס דייטשישע לשון, איז ער דאָך אויף דייטש אין דער היים מיט איר. שלעכט איז נאָר וואָס זי איז אַזאַ אַריסטאָקראַטיש אויסגעשטראָצלטע קאָקעטין. מיט אַזאַ איינער מוז מען גיין ווי אויף גלאָז. אים, דעם אַזוי זיכערן אין זיך ביים באַקענען זיך מיט פרויען, איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז פריִער נאָך ווי ער אויף איר, האָט די אַריסטאָקראַטקע געוואָרפן אויגן אויף אים און נישט ערשט היינט. טעג שוין ווי זי אָבסערווירט אים פון איר ערשטן קלאַס־דעק אַראָפּ.

אַליין אַן אַקטיווע ספּאָרטלערין אין שווימען ווי אין גליטשן, אין לויפן ווי אין שפּילן טעניס, אין רייטן אויף פערד ווי אויף יאַגד אין וואַלד,

האָט ער, נתן חיים, זי געלאָקט מיט זיין געוואַגטקייט שוין דעם ערשטן טאָג אויף דער שיף. די כוואַליעס האָבן פאַרגאָסן דעם דריטן קלאַס־דעק, געשליידערט די שיף, אַז עס איז געווען אַ געפאַר אַראָפּגעשווענקט צו ווערן אין ים אַריין, קיינער האָט זיך נישט אונטערגעשטעלט מיט אַ טריט אַרויס פון שיף, נאָר אים, דעם מאַן אין „פאָני"־מאַנטל, זעט זי אויפן דעק שפּאַנען הין און צוריק אין די געפערלעכסטע שטורעמס, אַפילו ווען מ׳מוז זיך אָנהאַלטן אָן די ספּעציעל פאַרצויגענע שטריק. ווי זי, אין אַזוינע טעג, איינע אַליין אויפן ערשטן קלאַס־דעק, אַזוי זעט זי אים איינעם אַליין אויפן דריטן קלאַס־דעק. אָן אַ הוט אויפן קאָפּ, די היפּשלעך לאַנגע האָר זיינע צעפלאַטערט אין ווינט, שפּאַנט ער ווי זי הין און צוריק, הין און צוריק אַקעגן דעם שטורעם, אַקעגן די מוראדיקע כוואַליעס, אַקעגן דער בייסנ־דיקער קעלט און אַקעגן דער כסדרדיקער געפאַר.

אַוודאי, איר, דער ווילגעכאַליעטער ענגלישער טאָכטער, אין איר באַקוועמען, ערשטן קלאַס קאַבינע, האָט גאָרנישט געקענט איינפאַלן, אַז נישט צוליב בראַווקייט שפּאַנט אַזוי דער מאַן אין דעם „פאָני"־מאַנטל שטענדיק אויפן דעק. און טאָקע, ווי האָט זי גאָר געקענט טראַכטן, אַז זיין כסדרדיק זיין אין דרויסן איז גאָר מחמת דעם עקל זיינעם צו דעם געלעגערל, וואָס אים איז צוגעטיילט געוואָרן צווישן זעכציק אירע אויף דער פריטשע אין פינצטערן בויך פון דער שיף און נישט בלויז צוליבן עקל נאָר אויך מחמת מורא ער זאָל נישט פאַראומרייניקט ווערן אין דעם אומפּלייט, וואָס אויף דער פריטשע. האָט דער אַריסטאָקראַטקע געקענט אַזוינס איינפאַלן? נאָר סיי ווי, ער איז איר געפעלן און זי האָט געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו פאַרהעקלען מיט אים.

איז אָט „שפּריכט" די אַריסטאָקראַטקע צו אים „דויטש", אָבער וואָס זאָל ער מיט איר רעדן? האָט ער זי געפרעגט עפּעס, וואָס ער האָט וויל געוווּסט:

— זי פאָהרען ערסטע קלאַסע, ניכט וואַהר?

— יאַ, — האָט זי אים געשענקט אַ שמייכל און געכאַפּט אַ קוק אויף איר געלענק־זייגערל.

צי דאָס זענען געווען די צענדליקער פּאָר אויגן, וואָס זי האָט זיי כסדר געפילט אויף זיך, צי דאָס איז געווען דער אָוונט, וואָס האָט גענומען צופאַלן אַזוי ווינטיק און שטורעמדיק, סיי ווי האָט זי שוין, זעט אויס, געוואָלט אַוועק פון דריטן קלאַס, האָט זי דאָס אַ קוק געטאָן אויפן זייגערל און באַלד אויף אים:

— די ווירדען זאָפאָרד די „פייף אָ׳קלאָק טי" סערווירן. וואָלט ער,

פיליכס, צו ערסטע קלאַסע זי באַגלייטן אונד איר גאַסט צו טיי ווערדן, יאַ?

דער חנעוודיקער „יאַ" האָט אים ממש איבערוועלטיקט, נתן חיימען. ווער איז דאָס שיקסל? אַז זי איז אַן ענגלענדערין, דאָס איז אים קלאָר פון איר ענטפער: „אָנלי אינגליש". איז אים אָבער קשה. אויף וויפל ער האָט געהערט, ווען ענגלענדער זיך נישט באַקענען מיט ווער, אָן פריער פאָרגעשטעלט צו ווערן, בפרט נאָך אַריסטאָקראַטישע ענגלענדער. און דאָ, אַן אַריסטאָקראַטיש ענגליש דאַמעלע, וואָס נישט זי קען אים און נישט זי ווייסט אים — שוין, זי פאַרבעט אים אויף טיי.

# קאַפּיטל דרײַ

עס טונקלט, דער ים ווערט אומרויִק, דער ווינט רײַסט, שטײַן און טראַכטן האָט נישט קיין זין, האָט ער אַ שמייכל געטאָן צו איר, נתן חיים:

— דאַנקע שעהן, טיי טרינקען מיט זאָ איין שאָנעס פרויליין איזט איין פאַרגעניגען. — און טאַקע שוין האָט ער געשטעלט אַ טריט נאָך איר אין שיף אַרײַן, גענומען ציִען טרעפּ אַרויף, זי פאָרויס און ער נאָך, און אַזוי, דורך פיל קאָרידאָרן, לאַנגע און שמאָלע, ווײַכגעדעקטע מיט געקעסטלטע, גרין־פּליושענע כאָדניקעס ביז, ענדלעך, זי האָט געגרײכט מיט אים צו איר אויפלייגשטול, אויפן ערשטן קלאַס שיפדעק.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, נתן חיים, געזען זײַ זענען אויף דעם הינטערשטן טייל פון דעק, אָפן, פרײַ צו די ווינטן, צום שטורעם, דערפאַר אָבער זענען די זײַטיקע מיטנטיילן פון שיף פאַרמאַכט מיט הויכע און ברייטע פענצטער אַרויס צום ים, אַזאַ פלוצים שוואַרצגעוואָרענער, ווי אַלע מאָל פאַר אַ גרויסן שטורעם.

אין די פאַרמאַכטע טיילן זעט ער מענטשן זיצן בײַ טישלעך, לענג־אויס די פענצטער, לייענען בלעטער, זשורנאַלן, שפּילן שאָך, אַנדערע ליגן אויף אויפלייגשטולן לענג־אויס דער וואַנט, בלויז איינע, דעם דאַמעלעס שטול, איז אין דרויסן, אונטער דעם שטיקל דעכל, וואָס איבער דער טיר צו איינער פון די צוויי שיפזײַטן.

זי האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר אים די דאַמע, געטאָן אַ שוועב צו דער צווייטער זײַט פון צוים און גענומען מיט אירע קליינע, גרינבאַהענטשקעטע הענטלעך אַרויסציִען פון אַ באַרג מיט שטולן, אַן אויפלייגשטול פאַר אים. שטאָט גלייך לויפן איר העלפן, האָט נתן חיימל פריער אויף גיך איבערגעלייענט איר נאָמען אויף דעם רעכטן אָרעמהאַלטער פון דער שטייענדיקער שטול: „מיס פראַנצים קאָניגהאַם״. איבערגעלייענט און שוין אַ שוועב געטאָן צו איר, אַרויסגענומען די שווערע שטול פון אירע איידעלע, מיידלשע הענטלעך.

זיצנדיק שוין אויף דער אויפגעעפנטער שטול, לענג־אויס אירער, האָט ער דורך דער שויבנטיר געזען צוויי שיפדינער מיט טאַצן אין די הענט אַרויסקומען פון שיף אין דעם פאַרמאַכטן טייל אַרײַן. גייענדיק פון

טישל צו טישל, פון שטול צו שטול, האָבן די דינער פייערלעך סערווירט די שמייליקע פּאַסאַזשירן טיי און מילך, ביסקוויטס און מאַרמעלאַד.

נתן חיים איז געוואָרן אומרויִק: „וועט ער דאָ נישט האָבן דעם זעלבן סוף, וואָס ער האָט געהאַט אין דער קאַיוטע פון צווייטן קלאַס, ביי דער אַלטער פרוי מיט אירע אייניקלעך?" דאָרט, ווי נאָר דער שיפדינער האָט זיך געכאַפּט אַז ער איז אַ דריטער־קלאַסניק, האָט ער זיך נישט געשעמט אַרויסצונעמען פון זיין האַנט דאָס טעפּעלע טיי מיטן ביסקוויטל און אים געוויזן די טיר. וועט ער, נתן חיים, נישט איצט, דאָ, אין ערשטן קלאַס, ווידער איבערלעבן יענע פאַרשעמונג? איז אָבער, זעט אויס, ביי די ענגלענדער אַ גאַסט ביי אַ דאַמע אין ערשטן קלאַס נישט דאָס אייגענע וואָס אַ גאַסט ביי אַן עמיגראַנטקע אין איר קאַבינע פון צווייטן קלאַס. דאָ האָבן זיי נישט געוואַגט אים צו ווייזן אַראָפּ אין דריטן קלאַס אַריין, כאָטש זיי האָבן אים שאַרף אָפּגעמאָסטן מיט זייערע שלויע קוקערס, אַ סימן, אַז זיי ווייסן ער איז אַ פרעמדער פויגל. צוגלייך מיט זיין גאַסטגעבערין, די דאַמע, האָבן זיי אים קנעכטיש באַדינט, און זענען פאַרשוווּנדן אין שיף אַריין.

די נאַכט איז גיך צוגעפאַלן און מיט דער נאַכט איז געקומען אַ שאַר־פער איבערקער אין וועטער. נעפּטון אין זיינע ים־טיפענישן האָט, זעט אויס, זיך געכאַפּט, אַז עראַס קלייבט זיך דאָ, אין סאַמע מיטן פון זיין, נעפּטונס, ים־קיניגרייך, פאַנאַנדערצופלאַקערן אַ ליבע, איז ער גיך אַרויס אויף דער אויבערפלאַך פון ים מיט זיין דריי־צייניקע ווידלע אין האַנט און זיך צעלאַכט מיט אַ ווילדן שטורעם, אַנגעיאָגט ווינטן, וואָס האָבן אויפ־געבורעט די ים־כוואַליעס צו אַזאַ מוראדיקער הייך, אַז די שיף האָט זיך גענומען וואַרפן אויף רעכטס און אויף לינקס און אָט גאָר געטאָן אַ שטעל זיך מיט דער נאָז אַראָפּ און דעם הינטערשטן טייל אַרויף אַזוי גלייך, אַזוי שאַרף, אַז נישט בלויז איז דער ים פאַרשוווּנדן אונטער זיי, נאָר די שטולן מיט די צוויי ליבהאָבער האָבן זיך געטאָן אַ גליטש אויף דער שיפוואַנט אַרויף מיט אַזאַ זעץ, אַז די צוויי לייט זענען פאַר אַ לאַנגער וויַיל געבליבן אָן אָטעם.

נתן חיים האָט זיך אַרומגעקוקט. פון איין זייט האָט אים דער פּלוצים אָנגעלאָפענער שטורעם געשראָקן, פון דער צווייטער זייט — געפרייט. צוליב דעם שטורעם זענען אַלע פון די צוויי פאַרמאַכטע זייטן אַריין אין שיף, זענען זיי ביידע געבליבן אַליין, אָן אַ זייטיק אויג. האָט ער, כלומרשט צוליב דעם קאַלטן ווינט, זיך איבערגעזעצט צו דער מיס קאָניגהאַם אויף איר שטול, אַ באַקוועמערע, מיט אַ ווייך מאַטראַצל אונטערגעבעט.

דאָס דאַמעלע, די גאַנצע צייט אַ וואַרטנדיקע אויף זיין דערנענטערן זיך צו איר, האָט זיך אַ רוק געטאָן, געמאַכט פלאַץ פאַר אים און, כּלומרשט צו שיצן אים קעגן דער קעלט, גיך אים אַריינגענומען צו זיך אין איר ברייטן פלאַשטש אַריין, גענומען זיין האַנט אין אירער און קוקנדיק אים אין די אויגן מיט אַזוי פיל גליזיקן באַגער, פאַרפלאַכטן אירע פינגער אין זיינע אַזוי הייס, אַזוי גאַרנדיק, אַזש ביז ווייטיק. דערביי האָט זי אים געגעבנט איר אָפן, פאַרחלשט מויל צו זיינע ליפן, צו זיין אָטעם און די הענט, זיינע ווי אירע, נישט געזעטיקט מער פון דער בלויזער פאַרפלעכטונג, האָבן הונגעריקע גענומען וואַנדערן הינטער די אַנטועכצער, זוכנדיק איינע ביים אַנדערן לײַב, נאַקעט, וואַרעם לײַב.

— זינדן זי אַליין אין אינעס קאַבינע? האָט ער, פרעגנדיק, הייס געפּליסטערט איר אין אויער.

— ליידער, ליידער, האָט זי, ציטערנדיק פון באַגער, אים צוריקגעשושקעט, בייסנדיק דערביי דאָס לעפּל פון זיין אויער, — ליידער איזט איינע אַלטע קראַנקע פראַו דערין אונד די נימאַלס די קאַבינע פערלאַזט.

אַז עראָס האָט די צוויי ליבהאָבער אַזוי אויפגעפייערט, האָט נעפּטון שטאַרקער נאָך צעהודזשעט דעם שטורעם, וואָס האָט גענומען וואַרפן די שיף מיט אַזאַ רוגזה אַז די אויפּלייג־שטול, מיט די צוויי ליבהאָבער אויף איר, האָט זיך אָנגעהויבן גליטשן איבערן שיפדעק הין און צוריק, פון איין זייט שיפצוים צו אַנדערער און אַז די שיף האָט זיך ווידער געטאָן אַ שטעל, דאָס מאָל מיט דער נאָז אַרויף און די שטול מיט די צוויי לייט געטאָן אַ יאָג אויף הינטערוויילעכטס, האָט ביי די צוויי געליבטע פאַרפעלט אָטעם און, איינגעשלאָסענע איינע אין אַנדערנס אָרעמס, האָבן זיי געפילט אַז איצט פליִען זיי אַריבערן שיפצוים גלייך אין די ים־טיפעניש אַריין.

דאָס דאַמעלע, ווי די תּאווה גליט אין איר, איז זי דאָך אַ פרוי. איר גאַנץ געביין פיבערט, אָבער דער מוח, דער ווייבערישער מוח שרעקט, וואָרנט: דאָ איז געפאַר! נישט בלויז וואָס די שטול מיט זיי ווערט אַזוי מוראָדיק געשליידערט הין און צוריק, נאָר מער נאָך צוליב אַ זייטיק אויג! זאָל אַ שיפדינער פאַרבייגיין איז זי קאָמפּראָמיטירט! האָט זי, אָן ווייטערדיק טראַכטן, זיך געטאָן אַ זעץ אויף, זיך אַרויסגעוויקלט פון זיינע אָרעמס און, צערטלענדיק זיין פּנים, אים באַרויִקט:

— ליבכען, איש קאָם זאָפאָרט צוריק.

אין איר אויפגעהיצטקייט, איז דער מיס קאָניגהאַם אַנגעלאָפן אַ געדאַנק: פאַר וואָס נישט אַ רעטונגשיפל? אין איינס פון די רעטונגשיפלעך, וואָס הענגען אויבן, איבערן שיפצוים, וואָלטן זיי דאָך געווען געשיצט אי

קעגן פאַרבייגייער, אי קעגן ווינט און קעלט און אויך קעגן דעם זאַלציק־עסנדיקן רעגן, וואָס די ווינטן טראָגן אָן פון ים און שלאָגן מיט אים זיי איבער די פּנימער, איבער זייער גאַנץ געביין. אין אַזאַ שיפּל זענען זיי דאָך איבערגעדעקט מיט אַ ברעזענט ווי מיט אַ דעכל און וואָרעם מוז דאָרט זיין ווי אין אַ קאַיוטע, איז זי דאָס גיך אויפגעשטאַנען פון שטול, פאַרשוווּנדן אין שיף אַריין, שוין צו נעמען דורכפירן איר פּלאַן.

דער דאַמעס פלוצימדיק זיך אַרויסהייבן פון זיינע אָרעמס האָט אים, נתן חיימען, שטאַרק צעטומלט. „וואָס איז דאָ געשען? פאַר וואָס איז די מיס קאַניגהאַם אַוועק?" עפּעס האָט ער זיך מיט אַ מאָל דערפילט ווי גאַ־קעט, נישט בלויז צוליב דעם ווערן אַזוי אומגעריכט אַרויסגעוויקלט פון דער וואָרעמקייט פון איר פלאַשטש, נאָר מער נאָך צוליבן האָבן פאַר־לוירן איר שוץ. ער איז דאָך אין ערשטן קלאַס! אָן איר, זאָל אַ שיפדינער פאַרבייגיין, טרייבט ער דאָך אים אַראָפּ ווי מ'פאַרטרייבט אַ הונט. זאָל ער זיך אפשר אַליין אָפּטראָגן?

נאָך אַ קורצער ווייל זיצן און שלאָגן זיך מיט דער דעה, איז די מיס קאַניגהאַם קריק אַרויסגעקומען פון שיף אַזוי פאַרענדערט אַז ער האָט זי קוים דערקענט. שטאָט אַ דאַמעלע אין גרין, איז געשטאַנען פאַר אים אַ ספּאָרטלערין אין אַ גרוי־האָריקן, ווינטערדיקן זשאַקעט. אַ גרויער, גע־שטריקטער הוט מיט אַ רויטן פּאָמפּאָניק איז איר געזעסן אויפן קאָפּ ביז איבער די אויערן. אויף די פיס — ספּאָרטשיך מיט דיקע, גרוי־וואָלענע זאָקן ביז די קני, נאַקעטע, צוליב דעם קורצן ספּודניטשקעלע, אַ ברייט־געפאַלבטס און, וואָס נאָך מער אים האָט געוווּנדערט איז געווען דער די־קער, וואָלענער קאָץ, אַ גרינער, מיט אָראַנזש געקעסטלטע שטרייפן.

— קאָמען זי, האָט זי אַ ריר געטאָן דעם איבערראַשטן קאַוואַליער אויף זיין אַקסל, — „וויר שטייגן הערויף, צו די רעטונגשיפלען".

— צו די רעטונגשיפלעך? האָט נתן חיים אָנגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר צעטומלטע אויגן. עפּעס האָט ער נישט גלייך געכאַפּט וואָס זי מיינט. באַלד אָבער האָט דער מוח זיינער אָנגעהויבן צונויפלייגן איינס מיט איינס און אים איז אַלץ קלאָר געוואָרן, קלאָר אויך צו וואָס זי האָט געברענגט די ווייכע, וואָרעמע קאָלדרע...

אַ היץ האָט אים אַרומגעכאַפּט, נתן חיימען. הער נאָר אָן איינפאַל פון אַ שיקסל! אין אַ רעטונגשיפל איבערן מיטן ים? די תּאווה זיינע, אָן אָפּגעקילטע שוין צוליב איר פלוצימדיק אַוועקגיין, האָט ווידער אָנגעהויבן שטייגן אין אים און, מיט דער תּאווה — דער דמיון: די שיקסע איז נישט אַזוי אויסנוועג. אין אַ רעטונגשיפל איז דאָך וואָרעם און געשיצט קעגן

אַ פּרעמד אויג איז מען אויך אָן דער ברעזענט איבערן קאָפּ לאָזט נישט דורך דעם רעגן, וואָס די ווינטן שמייסן מיט אים אין פּנים. אַט צו וואָס אַ שיקסל קען זיך דערטראַכטן! וואָלט אַ ייִדיש מיידל אַזוינס איינגעפאַלן? אָה, ווען יאָ, וואָלט זי אויף אַזעלכעס זיך אונטערגעשטעלט?

דער כּוח הדם, וואָס עראָס האָט אַזוי גיך צוריק אין אים אויפגעהיצט, האָט שוין אָנגעהויבן פיבערן: „ס'דאַרף גאַרנישט זיין אַזוי שווער זיך אַריינצוקריגן אין איינעם פון די הענגענדיקע שיפלעך. ער זעצט זיך אַראָפּ „טשיפּקע". שטעלט זי זיך אויף זיינע אַקסלען און אַז ער הייבט זיך אויף מיט איר, איז זי איין הייך מיט די שיפלעך. זי טשעפּעט דאָן אָפּ דעם שטריק פון צוויי צי דריי האַקעס, פאַרהייבט אַ שטיקל פון ברע־זענט, גליטשט זי זיך לייכט אַריין אין שיפל. פאַר אים איז דאָס שוין אַ שפּילכל. אַז ער שטעלט זיך אויפן שיפצוים, גרייכט ער דאָס שיפל און אַז ער טוט זיך נאָך אַ הייב איז ער איינס און צוויי אינווייניק, לעבן איר".

פון בלויזן טראַכטן האָט אים שוין די היץ גענומען שלאָגן אין פּנים אַריין, אים געטאָן אַ הייב פון דער שטול און שוין האָט ער געשפּאַנט מיט דער פאַרטנערין איבערן שמאָלן קאָרידאָר, צו די ווייס־געפאַרבטע טרעפּ, אַרויף צום העכסטן שיפדעק.

ווייל די שטיגן אַרויף צום העכסטן שיפדעק זענען אַזוינע שמאָלע, איז אים, נתן חיימען, אויסגעקומען צו גיין הינטער דער מיס קאָניגהאַם, האָט זי די ערשטע געגרייכט צום העכסטן טרעפּל, אונטערגעהויבן דעם פרענט און מיטן קערפּער געטאָן אַ שטופּ די טיר. האָט אָבער נעפּטון פריער געהאַט אויסגעקערעוועט דעם ווינט אויף דער טיר אַרויף אַזוי אַז די טיר האָט זיך געטאָן אַ יאָג צוריק צו דער ראָם מיט אַזאַ קראַפט אַז די דאַמע איז געטאָן אַ פאַל מיטן קאָפּ אַהינטער און, מיט זיך אַראָפּגעוואַל־גערט אויף אים, דעם קאַוואַליער אירן, פון אַלע טרעפּ אַראָפּ. איז אָבער עראָס נישט געוואָרן צוליב דעם געפאַלן ביי זיך. דו, נעפּטון, האָסט ווינטן, שטורעמס, ער אָבער, האָט תּאווה און זינט וועלט איז וועלט האָט די תּאווה געבראָכן יעדן שטער אויפן וועג צום איריקן. האָט ער, עראָס, שטאַרקער נאָך אויפגעהיצט דעם כּוח הדם אין דעם פּאָרל און די צוויי לייט האָבן ווידער זיך אַ לאָז געטאָן אַרויף די שטיגן און דאָס מאָל האָבן שוין ביידע געטאָן אַ שטופּ די טיר מיט אַלע זייערע כּוחות. האָט אָבער נעפּטון זיך ווידער געקליגט און פריער נאָך צוריק אויסגעקערעוועט דעם ווינט אַזוי אַז ווען די טיר האָט זיך געעפנט אויף אַ שפּעלטעלע, האָט ער, דער ווינט, זי געטאָן אַ ריס מיט אַזאַ רציחה, אַז די צוויי געליבטע זענען מיטגעשלעפּט

געוואָרן אַרויס און אַוועקגעפאַלן אויפן נאַסן דעק, ווייט פאַרוואָרפן איינע פון אַנדערן.

אין דער געדיכטער פינצטערניש און מער נאָך צוליב דער צעטומלונג פון דעם אומגעריכטן אַרויסגעשליידערט ווערן, האָבן זיי לאַנג נישט גע־וווּסט און אויך נישט געזען וואָס אַרום זיי טוט זיך. דערשראָקענע האָבן זייערע אויגן געניזשטערט אַרום זיך, אָבער מער ווי טראָפּנס זשאַווער, וואָס די אָנגעצונדענע לעמפּלעך אַרום דער וואַנט, האָבן געוואָרפן פון זיך, איז גאָרנישט געווען צו זען. דערביי האָט דער פייפער פון הויכן קוימען אַראָפּ געטרובעט מיט אַזאַ יאָמערלעך קול, מיט אַזאַ ווערגענדיקער יללה, אָבער נעפּטונס שטורעם האָט פאַרהודזשעט דאָס טרובען און די אָנגעיאָגטע כוואַל־יעס פּאַטשן די שיף מיט אַזאַ קראַפט, וואַרפן און שליידערן זי מיט אַזאַ רציחה אַז ביידן דאַכט זיך אָט, אָט און די מולטער קערט זיך איבער און ווערט פאַרשלונגען אין ים אַריין מיט זיי און מיט עראַסן אין זיי.

נאָך אַ ווייל פון דער פאַרלוירנקייט און צעטומלעניש, אַז זייערע אויגן, צוגעוווינטע שוין צו דער פינצטער, האָבן ערשט די צוויי לייט גע־זען איינע דעם אַנדערן, ביידע אויף די בייכער און ביידע גליטשן זיי זיך אויף דעם נאַסן שיפדעק הין און צוריק אין ריטעם מיט יעדן בייג און בייג פון דער שיף. אָט פליִען זיי פון וואַנט צום צוים און שוין צוריק צו דער וואַנט און מיט יעדן אָנשלאָגן זיך אָן דעם האַרטן שטאָל פון וואַנט און צוים קריגן זיי אַ זעץ אין קאָפּ, אין אַ זייט, אין אַ קני.

די מיס קאָניגהאם האָט אים געוואָלט רופן, שרייען, האָט זי זיך גע־כאַפּט אַז זי ווייסט גאָרנישט ווי דער קאַוואַליער אירער הייסט. ער ווידער, נתן חיים, האָט אַפילו אין דער איצטיקער לעבערלעבקייט זיינער, נישט פאַרלוירן זיין שטאָלצע אייגנשאַפט פון נישט קענען מודה זיין אַז ער איז אין אַ קלעם, אַז ער איז הילפלאָז, בפרט ווען דאָס שרייען און רופן זיינס וועט צו דער מיס קאָניגהאם נישט דערגיין. דאָס קול זיינס וועט דאָך דער־טרונקען ווערן אין דעם געהודזשעריי פון די ווינטן, ווי נאָר עס וועט אַרויס פון זיין מויל. צו דעם אַלעם איז ער נאָך פול מיט שרעק צוליב דער טיר. אַ פרייגעפענטע, איז זי געוואָרן אַ שפּיל פאַרן שטורעם, וואָס שליידערט זי הין און צוריק מיט אַזאַ רוגזה אַז נאָך יעדן זעץ אירן אין דער וואַנט און באַלד צוריק אָן דער ראַם, קען די מאַנשאַפט אַלאַרמירט ווערן פון דעם געקלאַפּעריי און אַ שיפדינער וועט אַרויפקומען זי פאַר־מאַכן צוריק אויפן פרעגט און, נישט וויסנדיק גאָר פון זיי, וועלן ביידע דאָ בלייבן אויף זיכערן אומקום!

דורכגענומען מיט דעם פחד האָט ער זיך גענומען קלאָמערן, נתן חיים,

מיט די נעגל אין די ברעטער־שפּאַרעס צו קריגן עפּעס אַן אָנהאַלט קעגן דעם געגליטשט ווערן הין און צוריק און אַזוי זיך גענומען ציִען פון ברעט צו ברעט, נענטער צו איר, דער פּאַרטנערין זײַנער. ערשט נאָך לאַנגע ראַנגלענישן, רוקנדיק זיך אויפן בויך צאָלווייז נענטער, נענטער האָט ער ענדלעך זיך צוגעגראַבעטשעט נאָענט געגנוג אַנצוכאַפּן די מיס קאָניגהאַם ביי אַ האַנט און זי גענומען ציִען נאָך זיך צו דער טיר, וואָס גיכער זי אָפּצושטעלן פון קלאַפּן און טראַסקען. האָט גאָר איצט די שיף זיך געטאָן אַ שטעל מיט דער נאָז אַרויף און די צוויי ליבהאָבער אַראָפּגעיאָגט, ווי פון אַ הויכן באַרג, איבער דעם גאַנצן דעק, צום הינטערטייל פון שיף. האָט אָבער ער, נתן חיים, זיך נישט פאַרלוירן און ווי שטאַרק דער קלאַפּ אין קאָפּ, וואָס ער האָט דאָ געקראָגן האָט אים ווײ געטאָן, האָט ער דאָך, האַלטנדיק די פּאַרטנערינס האַנט אין זײַנער, פאַרהויבן די אַנדערע האַנט און זיך אָנגעכאַפּט אַן דער האַלצערנער ראַם פון צוים. איצט, שוין מיט די לעצטע כּוחות, האָט ער זיך געטאָן אַ הייב און, מיטשלעפּנדיק די דאַמע, האָט ער זיך און אויך איר געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס.

— האַלטן זי פעסט די צוים! האָט ער איר געשריגן אין אויער אַרײַן, כּדי דאָס הודזשען פון שטורעם זאָל אים נישט פאַרגלושען ס׳קול. איצט, ווי נאָר די נאָז פון שיף האָט זיך גענומען בייגן צוריק, אויף אַראָפּ און דער הינטערשטער שיפטייל — זיך הייבן אויף אַרויף, האָט נתן חיים, נישט אָפּלאָזנדיק די פּאַרטנערינס האַנט, האַלטנדיק זיך מיט דער אַנדער האַנט אין צוים, גענומען זיך דראַפּען איבער דעם נאַס־גליטשיקן דעק, צוריק אַהין צו דער טיר. דאָ ערשט האָט זיך די דאַמע געכאַפּט אַז זי האָט נישט דעם וואַלענעם קאַפּ!

צי דעם שיקסל איז אַזאַ שאַד געווען די קאָלדרע, צי זי האָט נאָך אַלץ געהאָפט זיך אַרײַנצוקריגן מיט דעם קאַוואַליער אין וועלכן שיפל און זיי וועלן דעם צודעק דאַרפן, סיי ווי, די דאַמע האָט גאָר פאַרגעסן אַן דעם ווידערגעשליידערט ווערן הין און צוריק און, ווי נאָר זי האָט דערזען דעם קאַפּ זיך גליטשן איבערן דעק, האָט זי זיך געטאָן אַ צי נאָך אים, אָבער איידער זי האָט געגרייכט די קאָלדרע, האָט גאָר דער ווינט זיך פאַרגנבעט אונטער דעם קאַפּ, געטאָן אים אַ הייב און, ווי אַ געעפנטן שירעם, געטאָן אַ יאָג די דעקע אַריבער דעם צוים און — אַוועק אין דער נאַכטיקער חשכות אַרײַן.

אַן אָטעם שוין האָט נתן חיים צוגעקראָגן די פּאַרטנערין צו דער טיר, זי אַריבערגעהויבן איבער דער הויכער שטאָלערנער שוועל, אַרײַן צוריק

אין באַלויכטענעם קאָרידאָרל צו די ווייסע טרעפּ אויף אַראָפּ אין שיף אַריין.

ערשט דאָ, אין דער געזיכערטער ליכטיקייט, צוהאַלטנדיק די טיר, פאַרן פאַרלייגן אויף איר דעם פּרענט, האָט ער נאָך געוואָרפן אַ בליק, נתן חיים, אַרויס צו די הענגענדיקע שיפלעך. אים האָט גענומען שטיקן אין האַלדז — טרויער און באַדויער. ווײ, ווײ ווי שוואַך דער מענטש איז! דאַכט זיך — אָט, אָט און נישט געגרייכט.

ער האָט פאַרלייגט דעם פּרענט און ערשט איצט געפילט אַ דער־לייכטערונג. ווער ווייסט מיט וואָס אַזאַ אַוואַנטורע האָט זיך געקענט ענ־דיקן. ערשט איצט, אַז די תּאַווה אין אים איז איינגעשטילט, געלאָשן, זעט ער ערשט איַין נתן חיים, אַז דאָס לאָזן זיך, אין אַזאַ שטורעמדיקער נאַכט, אַריינצוקריגן זיך מיט אַ שיקסע אין אַ הענגענדיק שיפל איבערן מיטן ים, איז געווען אַ משוגענע אַוואַנטורע, וואָס נאָר אַ צערייצט, תּאַווהדיק אַריס־טאָקראַטקעלע, האָט זיך געקענט צו אַזאַ דערטראַכטן! האָט ער דאָס מיט אַזאַ דערלייכטערונג פאַרמאַכט די טיר, פאַרלייגט דעם פּרענט און, אויס מיט דער אַוואַנטורע.

פאַרן לאָזן זיך איבער די טרעפּ אַראָפּ, האָט ער ערשט רעכט געכאַפּט אַ קוק, נתן חיים, אויף דער דאַמע זיינער. מילא, ווי ער אַליין קוקט איצט אויס, האָט ער דאָך נישט געקענט זען, אויף איר אָבער, דער „יאַנג ליידי קאָניגהאַם״, איז אַ שרעק אַ קוק צו טאָן. אַרויף מיט אים צו די רעטונג־שיפלעך איז געווען אַ פּרעכטיק שיין מיידל און צוריק, אַראָפּ אין שיף אַריין, גייט מיט אים אַ פאַרזעעניש. די רויט־גאָלדיקע האָר, וואָס ביי טאָג האָבן זיי אַזוי שיין קרויזלדיק געפלאַטערט קעגן דער זון, די האָר זענען איצט שוואַרץ פון נעץ און אַזוי ווילד פאַרקאָלטנט. און דאָס פּנים אירס, אַזאַ זוניק שיינס, אַזאַ האָפערדיקס ביי טאָג, איז איר איצט אַזוי ווייטיקדיק צעקרומט אַז אָט אָט און עס ברעכט אויס אין געוויין, אַ געוויין פון פאַר־שעמונג, פון אַנטוישונג, פון ביטערניש און צאָרן. כאָטש אויף וועמען קען מען דאָ צאָרנען? אַ ראָטע זעלנער קענען נישט טאָן אַ מענטש אַ צענטל פון דעם, וואָס דער מענטש טוט זיך אַליין.

אַוודאי האָט ער מיטלייד מיט איר, נתן חיים, אויף פאַרדרוס ווי זי האָט ער, אויך אַנטוישונג, אָבער אַזוי ווי זי צעווייַנען, ווי זי האָט זיך דאָ צעווייַנט אויף זיין אַקסל? פאַרקערט, לאַכן גאָר און פרייען זיך גלוסט זיך אים. פרייען זיך איבער דעם גליקלעכן סוף פון דער אַוואַנטורע און לאַכן איבער דער מענטשלעכער נישטיקייט, וואָס אַז די תּאַווה שטייט אין אים אָן, מיינט ער, דער מענטש, ער וועט שלעסער אין די לופטן בויען,

קומט גאָר אַ ווינט און וואַרפט אַלץ אײַן, די שלעסער פאַרפלויגן און ער אַליין, דער מענטש, פרייט זיך גאָר אַז ער איז נישט פאַרטראָגן, נישט פאַרזונקען געוואָרן אין די ים־טיפענישן.

האָט ער זיך טאַקע צעלאַכט, נתן חיים, צעלאַכט זיך אין אַזאַ הילכיק געלעכטער, אַז איִם איז פאָרגעקומען: נישט ער לאַכט דאָ, נאָר נעפּטון האָט זיך אַזוי צעלאַכט. אָט שטייט ער דאָרט, נעפּטון, אין מיטן די ים־טיפענישן, די דרײַ־צייניקע ווידלע אין האַנט, די קודלעס פון קאָפּ צעוויכערט אין די ווינטן, שטייט ער דאָרט און לאַכט מיט דעם אָנגעיאָגטן שטורעם אויס אים, נתן חיימען, אויס דער מיס קאָניגהאַם, די איידל־געבאָליעטע, ענגלישע אַריסטאָקראַטקע, אָבער נאָך מער לאַכט ער, נעפּטון, אויס דעם עראָס, וואָס מיט דעם נישטיקן ביסל מענטשלעכע תּאווה, האָט ער זיך געוואָלט פאַרמעסטן קעגן זיינע, נעפּטונס שטורעמס און ווינטן, קעגן זיינע ריזיקע כוואַליעס, וואָס פּאַטשן די שיף מיט אַזאַ רוגזה, שליי־דערן זי מיט אַזאַ אָפּהילך: כאַ, כאַ, כאַ און כאַ, כאַ, כאַ! הערט זי דאָס גאָרנישט, די מיס קאָניגהאַם?

# קאַפּיטל פיר

יעדעס מאָל וואָס ער, נתן חיים, באַקענט זיך מיט אַ מיידל, זעט ער אַלץ מער איין ווי אַנדערש איין פרוי איז פון דער אַנדערער אין איר ווירקן אויפן מאַן. איינע רופט גלייך אַרויס אין אים די תּאווה, די אַנדערע — באַרויִקט, זעצט אין איר נישט בלויז די פרוי, נאָר אויך דעם מענטש צו שפּאַצירן מיט איר, ראָמאַנסירן, האַלטן איר האַנט און חלומען, בענקען.

אַז ער האָט דאָ אויף דער שיף, דערזען דאָס ענגלישע דאַמעלע, האָט זי גלייך אין אים אַרויסגערופן די מאַנצבילשע דראַנגען. זיין באַגער איז באַלד געוועזן צו זיין מיט איר אַליין, צו האָבן זי צווישן פיר ווענט. גאָר אַנדערש האָט דאָ געווירקט אויף אים אַן אַנדער מיידל, אין גאַנצן דער היפּוך פון דעם שיקסל, אויך אין איר אויסזען.

ווי ביי דער מיס קאַניגהאַם זענען אירע גרוי־גרינע אויגן אָפן, פריי, פול מיט ליכט און לוסט, אַזוי זענען די ווייך־שוואַרצע אויגן ביי דעם ייִדישן מיידל — שעמעוודיקע, אַנגעהויכטע מיט אַ דורותדיק־אַלטן טרויער. און נישט קיין לוסט צו זיך וועקט זי, נאָר אַ צוריקגעהאַלטנקייט, אַ צני־עותדיקע צוריקגעהאַלטנקייט, אַ באַהויכטע מיט בושה.

און אַרויפגעוויזן זיך אויף דעם שיפדעק האָט דאָס ייִדישע מיידל נישט קיין אויסגעשטראַצלטע ווי דאָס ענגלישע שיקסל און נישט אַליין, ווי יענע, נאָר מיט אַ פריינדין אירס.ביידע זענען זיי אַרויפגעקומען איינגע־באַבעטע אין קאָלדרעס און שאַלן, ווי צוויי אַלטע, קראַנקע ווייבער. נאָר דאָס דורכדרינגענדיקע אויג פון אַזאַ ווי ער, נתן חיימל, האָט געקענט, טראָץ זייער אַנגעבאַבעטקייט, זען אַז דאָס זענען נישט קיין אַלטע, קראַנקע ווײַ־בער, נאָר יונגע מיידלעך איינע — זייער אַ שיינע, ביידע — אויסגעלי־טענע אין אַ לאַנגער מלחמה מיט יאָרן פון הונגער און היימלאָזיקייט און איצט נאָך, אויף דער מולטער, אויסגעמאָרעט פון אַ שווערער ים־קראַנ־קייט.

עטלעכע מאָל איז ער, נתן חיים, פאַרבייגעגאַנגען די צוויי מיידלעך, ווי זיי שטייען אָנגעשפּאַרט מיט די אַקסלען אָן דער שיפוואַנט און מיט פאַרזשמורעטע אויגן שמייכלען זיי אַרויף צו דער זון, וואָס ערשט היינט, נאָך אַזוי פיל טעג פון שטורעם, פון קעלט און ווינט, האָט זי זיך דורכ־

גריסן דורך די שווערע, פֿאַרכמאַרעטע הימלען און זיך באַוויזן אַזאַ בלענ־דיק־שײַנענדיקע איבער דער שווימענדיקער שיף.

לויט זייער הילוך, אונטער די קאָלדרעס, לויט זייערע אויסגעבלייכטע פּנימער און פֿאַרטרוקנטע ליפּן האָט ער געזען, נתן חיים, אַז דאָס זענען ייִדישע טעכטער, עמיגראַנטקעס פֿון פּוילן, צי פֿון ליטע וואָס, צוגלייך מיט אַלע הונדערטער עמיגראַנטן אויף דער שיף, אײַלן זיי קיין אַמעריקע איי־דער די קוואָטע־גזירה ווערט דאָרט אַ געזעץ.

— איר זענט ערשט היינט ס׳ערשטע מאָל אויף דעם שיפדעק? האָט נתן חיים זיי געפֿרעגט און געבליבן שטיין אַ ווײַל לעבן די צוויי פּאַסאַ־זשירקעס.

די מיידלעך, אַרויסגענומענע פֿון אַ זיסער פֿאַרטראָגנקייט, האָבן זיך איבערגעקוקט און איינע פֿון זיי, זעט אויס אַ קלוגעטשקע, האָט אָפּגע־מאָסטן דעם אומגעריכטן פֿאַרשוין, אים אַרומגעפּאַרשט מיט אירע פֿלינקע אייגעלעך, שוואַרצע ווי דראָבנע קערשלעך:

— ווער זענט איר?

— איך הייס פֿיינזילבער, נתן חיים פֿיינזילבער, איך פֿאָר פֿון פּאַריז און איר פֿון וואַנעט?

די מיידלעך, צעווייפֿעטוליעטע ווי הינער אין אַ רעגן, האָבן זיך ווי־דער איבערגעקוקט, עפּעס ווי אַ מין שטומער איבעררעדן זיך: „מ׳קען נישט לייקענען, דער בחור אימפּאָנירט אָבער זיין דרייסטקייט שרעקט. מיידלעך אונטערוועגנס, ווער ווייסט? ווייניק אַזעלכע פֿלינק צינגלדיקע חברה לויערן אויף יונגע פּרויען"?

— ס׳גייט אייך אַזוי אין לעבן צו וויסן? האָט די קלוגעטשקע מיט אירע דינע, פֿאַרשנורעוועטע ליפּעלעך אַזוי קריגעריש אים צוריקגעפֿרעגט.

— אין לעבן? ס׳גייט אים נישט, חלילה, אין לעבן. ער חידושט זיך נאָר. אין שערבורג צווישן די עמיגראַנטן האָט ער זיי נישט באַמערקט, אויפֿזיצן אויף דער שיף — אויך נישט, איז אים קשה.

— מיר זענען נישט אַרויף אויף דער שיף אין שערבורג, האָט שוין די אַנדערע, די מיט די ווייכע, פֿאַרטרויערטע אויגן, זיך אַרײַנגעמישט. אַליין אַ געלאַסענע, האָט זי זייטיקלעך געוואָרפֿן אַ פֿאַרדריסלעכן בליק אויף דער פֿריינדינע, וואָס נאָר זי איז קריגעריש און זי, די איינגעהאַל־טענע, דאַרף אַלע מאָל פֿאַרריכטן וואָס יענע מאַכט קאַליע. — מיר זענען געווען אין קאַראַנטין אין לאָנדאָן און אַרויף אויף דער שיף זענען מיר אין סאוט העמפּטאָן.

— אַזוי, אָבער ווי קומען מיידלעך, וואָס פאָרן אוודאי פון פוילן קיין אַמעריקע, אַנצושפּאַרן אין לאָנדאָן?

— וואָס ווייסן מיר? די שיף פון דאַנציק האָט אונדז געבּרענגט קיין לאָנדאָן. דאָרט האָט מען אונדז אָפּגעהאַלטן אין קאַראַנטין דריי וואָכן צייט.

— אַזוי, איצט פאַרשטייט ער פאַר וואָס ער האָט זיי נישט באַמערקט אין שערבורג, אָבער מעג ער וויסן מיט וועמען ער האָט די ערע צו רעדן?

— פאַר וואָס נישט? זי הייסט בתיה, בתיה אונגערמאַן, נאָר מ׳רופט זי פּראָסט: באַשע.

— און ער וועט זי בעסער רופן בתיה, דאָס איז זייער אַ שיינער נאָמען, האָט ער, נתן חיים, איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, בת־יה, די טאָכ־טער פון גאָט.

— און זי האָט אַלע מאָל געמיינט אַז איר נאָמען איז נישט קיין שיינ־ער און זי האָט אויך נישט געוווּסט אַז זי.איז אַזוי דערהויבן, די טאָכטער פון גאָט, האָט זיך דאָס מיידל גערויטלט פון זיין קאָמפּלימענט און שמייכ־לענדיק געהויבן די אַקסלען.

— און איך הייס תּירצה, תּירצה ווייספעלד, איז די אַנדערע, מורא האָבנדיק זי זאָל נישט פאַרזען ווערן, זיי אַריינגעפאַלן אין די רייד, שוין נישט שטעכיק ווי פריִער, נאָר פאַרקערט, שעמעוודיק און צוריקגעהאַלטן, כּדי אויך צו מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף דעם יונגנמאַן, ווי באַשעלע האָט שוין געמאַכט אויף אים, אַזאַ סימפּאַטישער, אַזאַ אַנגענעמער בחור.

— תּירצה? האָט נתן חיים אויף אַ רגע אָפּגעווענדט זיין בליק פון דער בתיהן און אים אַנגעשטעלט אויפן צווייטן מיידל, — תּירצה אויף העברעיִש מיינט באַגער, לוסט. אייך פּאַסט טאַקע אַזאַ נאָמען.

די תּירצה האָט זיך שטאַרק פאַררויטלט, זיך פאַרשעמט איבער דעם טייטש פון איר נאָמען: „באַגער״, „לוסט?״ און נאָך מער האָט זי זיך דערפילט ענג פון זיין צווידייטיקן בליק ביים אַרויסזאָגן דאָס וואָרט „לוסט״, האָט זי גיך, אָן צו ענטפערן אים אַ וואָרט, זיך געטאָן אַ דריי אויס און גענומען איילן צום אַראָפּגאַנג, אַנטרינען צו ווערן אויף איר געלעגער אַרויף, אויף דער פינצטערער פּריטשע, זיך דאָרט אויסצווויינען אויף איר ביטער מזל, וואָס אַלץ קומט ביי איר אַרויס פאַרקערט ווי זי וויל. ווייל זי באַגערט צו זיין „פּושיעמנע״, פאַרצוקומען פריינדלעך צו מענטשן, קומען שטענדיק אירע רייד אַרויס פאַרקערט. באַשעלע איז מזלדיק, זי מאַכט שטענדיק אַ גוטן איינדרוק. וואָס זי זאָל נישט זאָגן, געפעלט און אַלע יינגלעך גייען פאַר איר די כּפּרה. אָט אַפילו דער בחור, אויף דער שיף דאָ, איז שוין אויך אַן אָפּגעקאָכטער.

דעם מיידלס אַזוי אומגעריכט זיך אָפּקערן פון זיי און איר אַזוי גיך פאַרשווינדן אין שיף אַריין, האָט אים, נתן חיימען, גאָר היפּש צעטומלט. אמת, ער האָט טאַקע מיט כּיוון געזאָגט אַז איר נאָמען, תּירצה, „לוסט", קליידט איר, ער האָט אָבער זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז די פּראָווינצערין זאָל זיין אַזוי פיינפילנדיק, אַז זי וועט זיך גאָר כאַפּן אויף דעם מיין, זיינעם.

— איך האָב אייער פריינדינע „אָבראַזשעט"? האָט נתן חיים, נאָכ־קוקנדיק מיט חרטה דער תּירצהן, זייטיקלעך געפרעגט בתיהן.

— ס'איז אַ רחמנות אויף איר, האָט די בתיה גענומען פאַרענטפערן די פריינדינע פאַר איר אַזוי נישט שיין פאַרקומען דעם פרעמדן מענטש. — ער פאַרשטייט? תּירצה איז אַ פיין מיידל, נאָר זי איז זייער האַנאַראָווע. אַ ליאַדע וואָס באַליידיקט זי זיך און עס קומען איר טרערן אין די אויגן. כּדי מ'זאָל נישט זען ווי זי צעוויינט זיך, אַנטלויפט זי גלייך אין ווינקעלע. ער וועט איר דאַרפן אַנטשולדיקן, זי מוז אַראָפּגיין צו תּירצהן, זי איינעמען אַ ביסל, זי באַרויקן.

— אפשר זאָל ער מיטגיין זי איבערבעטן? זיך אַנטשולדיקן פאַר איר?

— ניין, בעסער נישט.

— אַז זי, בתיה גייט אַראָפּ, וועט ער זי נאָך זען צוריק?

— פאַר וואָס נישט? זי וועט באַלד צוריק אַרויפקומען אויפן דעק.

— קומט אפשר אַרויף אַליין, אָן אייער פריינדינע.

דער זאָג, „קומט אפשר אַרויף אַליין", האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט, נישט טראַכטנדיק. אַזאַ טבע האָט ער, פאַרטראַגט נישט קיין סטאַדעס. דאָס גיין אין דריַיען איז אים תּמיד דערווידער, בפרט ווען איינע פון די צוויי מיידלעך איז אַזאַ קלוגעטשקע ווי די תּירצה. נאָר צו וואָס לייקענען? ער וויל זיך איבערגיין איבערן שיפדעק אַליין מיט איר, בתיהן.

— אַליין? האָט די בתיה איבערגעחזרט דאָס וואָרט און אַזוי שעמעוו־דיק אַראָפּגעלאָזט אירע שיינע, טרויעריקע אויגן. — ליידער קען זי דאָס נישט. מיינט ער נישט אַז עס וואָלט זיין נישט רעכט זי זאָל אַרומשפּאַצירן מיט אַ יונגנמאַן אויף דעם זוניקן שיפדעק און לאָזן איר פריינדינע אַ געקרענקטע אַליין אויף דער פינצטערער פּריטשע?

נאָך דער בתיהס אַוועקגיין איז ער נאָך, נתן חיים, געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אָן דער שיפוואַנט פול מיט פּאַרדרוס אויף זיך אַליין. „פאַר וואָס האָט ער דער תּירצהן אַזוי וויי געטאָן? באַשר, ער וויל זיך פילן באַקוועם מיט בתיהן, האָט ער געוואָלט זי זאָל זיך אָפּטשעפּען. ער האָט אָבער נישט געדאַרפט איר אַזוי שאַרף פאַרקומען. אַז זי איז שטעכיק,

האָט אויך ער געדאַרפט ווערן שטעכיק? ער פאַרטראַגט טאַקע נישט קיין קלוגעטשקע, בפרט ווייבער. אָבער וואָס זאָלן אַזעלכע מענטשן טאָן? זיי קענען דען ווערן אַנדערש ווי זיי זענען? ניין, ער וועט די בתיהן נישט הערן און יאָ אַראָפּגיין זיך אַנטשולדיקן פאַר דער תּירצהן".

גיך האָט ער גענומען היפּערן איבער די שמאָלע אייזערנע שטיגן אַראָפּ אין דעם ווייבערישן אָפּטייל. ווי טונקל דאָ איז נישט געווען, בפרט נאָכן אַראָפּקומען פון דעם זוניק־בלענדנדיקן דרויסן, האָט ער דאָך געזען אַז אין דעם פּרויען אָפּטייל איז נאָך ווייניקער ריין ווי ביי די מאַנצביל. דער שטאָלערנער דיל דאָ איז פייכטער און גליטשיקער פון דעם נישט אַוועקגערי־מטן מייקעכץ און, ווי ווייל ס'איז אַזוי זוניק אויף דעם שיפ־דעק און די ווינטן האָבן זיך איינגעשטילט, דער ים איז מילד, אַן דער מינדסטער כוואַליע, ליגן נאָך אַלץ אַזוי פיל ווייבער אויף די פינצטערע פּריטשעס, פיל פון זיי מיט נאַסע טיכער אַרום די קעפּ און אַלע קרעכצן, אָכצן און ברעכן.

אַראָפּקומענדיק אין דער טונקלקייט אַריין האָט ער, נתן חיים, נישט געקענט זען וואָס אויף די פּריטשעס טוט זיך, אים אָבער, אין דעם לענג־לעכדיקן ביסל ליכט, וואָס אין דעם אָפענעם אַראָפּגאַנג, האָט יעדער אויף די פּריטשעס געקענט זען. האָט אים טאַקע די תּירצה גלייך באַמערקט און אים אָקעגן געגאַנגען אַ גרייטע צו פאַרגלעטן דעם שלעכטן איינדרוק, וואָס זי האָט אויף אים געמאַכט.

— אָ, איר האָט זיך נישט געדאַרפט מטריח זיין אַראָפּ אַהער, אין דעם הקדש אַריין.

— איך בין אַראָפּגעקומען זיך אַנטשולדיקן פאַר אייך. איך האָב נישט געמיינט, חלילה, אייך צו „אָבראַזשען".

— איר האָט מיך נישט „אָבראַזשעט". וואָס האָט איר דען געזאָגט? אַז מיר פּאַסט דער נאָמען תּירצה. לוסט. אַז מ'וויל איז עס נאָר אַ קאָמפּליי־מענט. וואָס איז דען לוסט? לעבן. וואָס דען איז גוט? אַז מ'איז פאַרשלאָפן?

— אַזוי טאַקע האָט ער עס געמיינט, האָט ער, נתן חיים, זיך אָנגע־כאַפּט אין איר אויסטייטש פון זיין „קאָמפּלימענט", כּדי אויך צו פאַר־גלעטן זיין פריערדיקע שאַרפקייט. — פאָלגט מיך, פרייליין ווייספעלד, קומט צוריק אַרויס אויפן דעק. די זון שײַנט, וואָס וועט איר ליגן אין דער פינצטערער פאַרשטיקטקייט?

— אַוודאי וועט זי צוריק אַרויפגיין אויפן דעק, אָבער וואָס עפּעס רופט ער זי ,פרייליין ווייספעלד?' פשוט תּירצה הייסט זי, דערביי, צו פאַרהיטן אים, אַ פרעמדער אין דעם אָפּטייל, ער זאָל נישט חלילה פאַלן,

אָדער זיך אָנשלאָגן אָן עפּעס, אין דער פינצטערניש, האָט זי אים גענומען אונטערן אָרעם און מיט אים צוגעגאַנגען צו בתיהן, וואָס איז בכיוון גע־בליבן זיצן אויף דער פינצטערער פריטשע, צו לאָזן די פריינדינע פאַרריכטן איר מערכה ביי דעם סימפּאַטישן בחור. צוקומענדיק מיט אים צו דער פריינדינע, האָט זיך תירצה גענומען עדותן מיט איר. — אמת, באַשע, אַז מיר האָבן געזאָלט צוריק אַרויפקומען אויפן דעק?

— דאַרפסט זיך עדותן מיט מיר? דער מענטש גלייבט דיר אַליין.

# קאַפּיטל פינף

אויפן צוואַנציקסטן טאָג האָט די שיף אָנגעהויבן קומען נאָענט צום ניו־יאָרקער ברעג. דעם גאַנצן טאָג איז דאָס מולטערל געשוווּמען רויק, לייכט זיך געוויגט איבער די קליינע, קוים זיך בערגלדיקע כוואַליעלעך. די זון האָט געשײַנט און דער שיפדעק איז געווען פול מיט מענטשן, פריי־דיקע כאָטש פול מיט זאָרג. מ׳האָט זיך געפרייט וואָס דערווייל איז נאָך נישטאָ קיין קוואָטע און שוין געדאגהט, וואָס מען וועט טאָן אַז די קוואָטע וועט ווערן געזעצט? ווי אַזוי וועט מען קענען ברענגען די נאָענטע? אַלע וואַרטן דאָך מ׳זאָל זיי אַרויסראַטעווען פון די אונטערדריקונגען, פון דער נויט און עלנט. צו דעם נאָך קלערט מען צי די קרובים, די אַראָפּברענגער וועלן געדענקען צו זיין ביי דער שיף, אָפּוואַרטן די געקומענע? נאָר דער־ווייל, אין מיטן דער פאַרזאָרגטקייט, איז ס׳יונגוואַרג פאַרטאָן אין ראָמאַנ־סירן, פאַרפירן ליבעס, זיך קלייבן אין אָפּגעזונדערטע ווינקעלעך און איינע פון די עמיגראַנטקעס, אַ שיין יידיש טעכטערל אין אַ שיקאָווּנע, ליכטיק־בלוי מאַנטעלע אויף איר גראַציעז פיגורל, אין אַ גראַנאַטענעם בערעט אויף איר שיין־פאַרקעמט קעפל, איז גאָר אין מיטן העלן טאָג, פאַר אַלע־מען אין די אויגן, אַריין מיט איינעם פון די שיפאָפיצירן אין זיין קאַבינע...

— מעווּעס, מעווּעס!

ווער האָט זיך דאָס אַזוי צעשריגן? וואָסער חילוק? אַבי די פרייד איז גרויס ביים דערזען די ערשטע אָנזאָגער פון נאָענטער יבשה, די ווייס־גרויע ים־פייגל מיט זייערע ברייט־צעשפּרייטע פליגל אַזוי שיין קרייזן אַרום דער שיף. איז שוין דער עולם נישט אָפּגעטרעטן פון די שיפצוימען. אויס־געבענקטע נאָך ערד, האָט מען געשטרעקט די בליקן איינער איבער דעם אַנדערנס אַקסלען, וואָס פריִער צו זען לאַנד, אַ הויז, אַ בוים!

— ניו־יאָרק, ניו־יאָרק! האָט עמעץ געגומען שרייען. דער עולם האָט גענומען לויפן צו דער נאָז פון שיף און, טאַקע! פון די כמורנע ווייטקייטן אַרויס, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסשיילן די ריזיקע וואָלקנקראַצער, טייל פון זיי ווי איבערגעהאַקטע, די אייבערשטע טיילן מיט זייערע קעפּשפּיצן — פאַרהוילן אין די פאַרנעפּלטע הויכקייטן. נאָר אין מיטן דער איבערראַשט־

קײט, דער פּאַרווירונג בײַם דערזען אַזעלכע אויסטערליש־הויכע הײַזער, מיט כמאַרעס פענצטער, האָט ווידער עמעצער זיך צעשריגן:

— די פרײַהײט־סטאַטוע!

האָט דער עולם ווידער גענומען לויפן, דאָס מאָל אין דער אַנדער זײַט פון שיף. ווו די מעכטיקע דאַמע מיטן פאַרהויבענעם אָרעם און דעם ליכטפאַקל אין איר האַנט, איז ווי געשווומען פאַרבײַ דער שיף. אויף איר אַרומגעקראַנצטן קאָפּ איז אַזוי חנעוודיק געזעסן אַ שנײ־היטעלע, אַ פינקלדיקס קעגן דער זון. אויך אויף אירע אַקסלען, אויפן ליכט־פאַקל, אויפן פיעדעסטאַל אַרום איר ברײט, צעפאַלדעוועט קלייד, פון אומעטום האָט אַקעגנגעבלאַנקט די אומבאַרירטע ווײַסקײט פון שנײ.

ראַפּטאָם, האָט די שיף זיך אָפּגעשטעלט. אונטן, אין די רויק, כמעט שטײענדיקע וואַסערן, איז געהאַט צוגעשוווּמען אַ קלײן שיפל. באַלד האָט מען געזען עטלעכע לײט אין אוניפאָרמען קריכן איבער אַ שטריקלײטער אַרויף אין ערשטן קלאַס אַרײַן, מסתּמא סטעמפּלען פּעסער, רעווידירן באַ־גאַזש פון די ערשטע און צווייטע קלאַסניקעס, זײ, די שמײליקע לײט, זאָלן קענען אַראָפּ פון שיף, ווי נאָר מ׳גרײכט דעם פּאָרט. אָבער זײ, די עמיגראַנטן? ווען וועלן זײ שוין אַראָפּגעלאָזט ווערן? עליס־אײַלאַנד, דאָס טרערנאינדזל, זאָגט מען, איז איבערגעפּולט מיט פריִערדיקע אָנגעפּאַרענע, ווו זשע וועט מען זײ אַהינטאָן? ווי לאַנג נאָך וועט מען זײ האַלטן אויף די פינצטערע, פאַרלײַזיקטע פּריטשעס?

אַ פאַרזאָרגטער איז ער געשטאַנען בײַם דעקצוים, נתן חיים. ווי שטענ־דיק ווען עפּעס קומט צו אַ סוף, איז אים אויך איצט געוועזן באַנג, וואָס די נסיעה קומט צו אַן ענד. כאָטש אַזאַ שפּלדיקע רײַזע, האָט ער אויך בעת דעם שלעפן זיך אויף דער מולטער געהאַט פרייד, ווען אַפילו געשטערטע פרייד. אָט די מיס קאַניגהאַם, וועט ער זי נאָך ווען אָנגעגענען? פאַר־ברענגט מיט איר שיִער נישט אַ גאַנצע נאַכט און — פאַרשוווּנדן, מער זיך פאַר אים נישט געוויזן, איז דאָס צוליב דעם אומגעשטילטן באַגער אירן? אַ דראַנג, וואָס איז איר אויף אַזאַ אומגעריכטן אופן געשטערט געוואָרן? אָבער זיך נישט ווײַזן מער? און אים איז איצט אַזוי באַנג, איז אויך איר באַנג? וויל זי אים מער נישט זען? מ׳זאָגט דאָך, אַ פרוי גיט זיך נישט, סײַדן זי האָט ליב. האָט זי דאָך אים ליב געקראָגן, זאָל זײַן אויף אַ ווײַל, אָבער דאָך — ליב.

איז ער דאָס געשטאַנען, נתן חיים, אַ פאַרבענקטער, אַ פאַרטרויערטער. איז נאָר ער אַזוי? אויך אין וואַרשע איז דאָך אַזוי געווען. פאַרברענגט נעכט מיט אײנער, ראָמאַנסירט מיט אַ צווייטער און געבענקט נאָך אַ

דריטער, עלקעלע. און אויף דער שיף — ס׳אייגענע. זיך געוואַלגערט אַ נאַכט מיט דעם שיקסל, פּירט זיך אַרום מיט דער בתיהן און בענקט נאָך עלקעלען.

און אפשר גאָר איז דאָס באַנג זיין אים, נישט צוליב דעם? אפשר איז עס ווייל ער ווייסט נישט צו וועמען ער פאָרט? יעדער איינער דאָ פאָרט צו אַ קרוב אַן אייגענעם. די בתיה פאָרט צו אַ ברודער, צו אַ פעטער, אויך אַזוי די תּירצה ווייספעלד, די קרובים זייערע וואַרטן שוין אַוודאי אַראָפּצונעמען די געקומענע, זיי ברענגען אין אַ שטוב, העלפן זיי זיך שטעלן אויף די פיס. אָבער צו וועמען פאָרט ער? די עלצטע שוועסטער זיינע איז ווייט פון ניו־יאָרק און זי ווייסט אַפילו נישט אַז ער קומט אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַריין. דער הער שלעזינגער, וואָס ברענגט אים קיין אַמעריקע? ער איז דאָך אַ פאַרנומענער מענטש, ווי וועט אים דאַרט ליגן אין קאָפּ צו קומען אָפּוואַרטן אַ שיף כּדי אים אַראָפּצונעמען? ס׳איז גאָר מעגלעך ער זאָל נישט זיין אין ניו־יאָרק אויך.

ווי אויסטערליש, עמעצענס אַ בליק זאָל דיר אַזוי אַ ברי טאָן אין פלייצע! ער איז דאָך געווען פאַרגאַפט, נתן חיים, פאַרגאַפט און פאַרכאַפּט פון דעם הערלעכן אויסבליק אויף דעם ניו־יאָרקער ברעג, דערצו נאָך פאַר־טראַכט און פאַרזאָרגט וואָס מיט אים וועט דאָ זיין, דאָך האָט ער אַזוי שאַרף דערפילט דעם ברי אין רוקן פון דעם אייבערשטן דעק אַראָפּ. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ — גאָט אין הימל, ס׳איז זי, דאָך די מיס קאַ־ניגהאַם! אָט שטייט זי אויפן ערשטן קלאַס־דעק, שמייכלט, פאָכעט צו אים מיט דער האַנט, אַ וואַרעם־באַשיצטע אין אַ גרינער הענטשקע, אַ האַריקע ווי איר פלאַשטש, ווי דער בערעט אויף איר קאָפּ, די עקן פון ווייסן שאַל פלאַטערן אַריבער אירע אַקסלען און, ווי ביים ערשטן מאָל זי דערזען האָט אויך איצט אַ פלעכט פון אירע גאָלד־רויטע האָר, אַזוי בלענדנדיק־זוניק זיך געקרויזט איבער איר קאָפּ.

ער איז געווען צעטומלט, נתן חיים, אַזוי אומגעריכט! ער האָט זי געוואָלט פרעגן, האָבן טענות: „פאַר וואָס? פאַר וואָס?“ איז אָבער זיין דייטש אַזוי שלעכט אַז ער שעמט זיך צו לאָזן הערן זיין קול. האָט ער בלויז זשעסטיקולירט צו איר מיט די הענט, מיט די אויגן, זי אויסגעפרעגט אָן רייד: „פאַר וואָס האָט זי זיך מער נישט געוויזן? וועט ער זי נאָך זען פאַרן אַראָפּגיין פון שיף?“

זי האָט געהויבן די אַקסלען. זי ווייסט נישט, דערביי האָט זי מיט די הענט אים געוויזן אויף דעם גאַנצן שיפדעק אירן און באַלד אויף אַראָפּ, ס׳הייסט, אָט באַלד לאָזט מען אַראָפּ אַלעמען פון דעם ערשטן

קלאַס. און טאַקע שוין, אויף גיך, האָט זי אים געשיקט אַ לופט־קוש, אַ פּאַך מיט דער גרינבאַהענטשקעטער האַנט און, פאַרשווונדן אים פון אויג.

אַ טרויער, אַ נאַגעניש און אַ בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען, נתן חיימען. ווי אויסטערליש, זיך געטראָפן מיט אַ יונגער אַריסטאָקראַטקע, נישט געקענט רעכט מיט איר זיך צונויפרעדן און דאָך איז צווישן זיי אָנגעשטאַנען אַזאַ גאַרעניש, אַזאַ דראַנג פון איינער צום אַנדערן, איז אַלץ אַזוי אומזיניק צערונען און איצט איז זי אַוועק, פאַרשווונדן. נאָר איז זי טאַקע פאַרשווונדן? זי וועט דאָך נעסטן אין זיין האַרץ, אין זיין געמיט, ווי עס נעסטן דאָרט די געשטאַלטן פון אַלע מיידלעך, וואָס ער האָט זיי אין זיין יונג לעבן אָנגעגעגנט, מיט זיי פאַרברענגט. זענען אַלע בחורים אַזוי? קענען אויך אַנדערע יינגלעך נישט פאַרגעסן זייערע ליבעס, זייערע פאַרוויקלעניש, כאָטש אַזעלכע קורצע, אַזעלכע גרינג־פלאַטערנדיקע?

— ווער איז די פאַנפאַראַנקע? איז די תירצה געטאָן אַ פאַר אַרויס מיט אַ פראַגעלע און אים אַרויסגעריסן פון זיין פאַרטראַכטקייט, פון דער נאַגנדיקער בענקעניש.

ער האָט זיך אומגעקוקט, נתן חיים. עפּעס האָט ער געהאַט פאַרגעסן אַז ער איז נישט אַליין, אַז בתיה מיט איר פריינדינע תירצה שטייען לעבן אים און ווי ער, אַזוי האָבן אויך זיי געהאַט פאַרהויבן די קעפּ אַרויף צום ערשטן קלאַס און צוגעזען ווי ער טענהט זיך אויס אין שטום־לשון מיט עפּעס אַ יונגער דאַמע אין אַזאַ רייכפאַרביקן שטאַט.

— דו מוזסט דאָס וויסן? ס'איז דיין עסק? האָט די בתיה גיך אויס־געשייגעצט די פריינדינע אירע פאַר איר מישן זיך ווו זי דאַרף נישט.

— ס'איז טאַקע נישט מיין עסק, האָט די תירצה שולדיקלעך זיך פאַרענטפערט, אָבער האַק מיך און בראָק מיך פאַרשטיי איך נישט און קען אַזעלכעס נישט סובל זיין. אַ בחור פירט זיך אַרום אויף דער שיף מיט צוויי מיידלעך, אין דער זעלבער צייט הערט ער נישט אויף צו רעדן ווי פאַרליבט ער איז אין אַ קוזינקע זיינס, אין ראַדעם. און טאָמער איז אים דאָס ווייניק, האָט ער נאָך עפּעס אַ פאַנפאַראַנקע אין ערשטן קלאַס פאַר אַ צולאָג. נישט אַנדערש נאָר דער מענטש האָט אַ האַרץ גרויס ווי אַ סטויג היי! אַלץ קען דאָרט אַריין!

ווי אים, נתן חיימען, האָט פאַרדראָסן דער תירצהס מישן זיך אין זיינע פירעכצער, האָט ער דאָך געשוויגן, נישט אָנגעשטאַנען אים צו נעמען זיך פאַרענטפערן פאַר עפּעס אַ מיידל מיט אַזאַ פּיסקל. פאַר דער בתיהן וואָלט זיין עפּעס אַנדערש. מיט איר וואָלט ער גערן געשמועסט וועגן דער טבע זיינער, וואָס ער אַליין פאַרשטייט זי אויך נישט. ער אַליין וווּנדערט זיך

דאָך פּאַר וואָס ער איז אַזאַ? ער ווייסט דאָך ווייל אַז לויט ווי ס׳איז אנגענומען, דאַרף אַ פאַרליבטער, אָדער אַ פאַרליבטע זיין פאַרשלאָסן, נישט באַגערן און נישט האָבן קיין לוסט צו אַן אַנדער מיידל אָדער צו אַן אַנ־דער בחור. ווייסט ער אָבער אויך אַז עס איז נישט אַזוי, אַפילו ווען די צוויי פאַרליבטע זענען צוזאַמען, כאַפּט אויך ווער פון זיי אַ פלירט און צו מאָל מער ווי אַ פלירט מיט אַ צווייטן צי מיט אַ צווייטער. בפרט ווען מ׳איז ווי ער, טויזנטער מיילן ווייט איינע פון אַנדערן. אָט טאַקע ער. איז דען פאַראַן נאָך אַ מיידל ער זאָל זי אַזוי ליב האָבן ווי ער האָט ליב עלקעלען? און דאָך ווערט ער אַלע מאָל פאַרוויקלט אין אַן אַנדער אָפּע־רעלע, אין אַן אַנדער פאַרליבעניש, איז גיי דערקלער דאָס ווען, אַז ער אַליין פאַרשטייט נישט פאַר וואָס דאָס איז אַזוי.

די נאַכט איז דערווייל געהאַט צוגעפאַלן. ווי יעדער איינער אויפן דעק, אַזוי איז אויך ער. נתן חיים, געשטאַנען ווי צוגעשמידט צום צוים. ער איז געווען פאַרגאַפט און פאַרכאַפּט פון דעם כישוף־בלענד אין די מיל־יאָנען אויפגעליכטיקטע פענצטער, וואָס אין די אַנצאָליקע וואָלקנקראַצער אויפן ברעג.

— פיינזילבער, האָט אים די בתיה אַ ריר געטאָן אין אַקסל. — זעט נאָר דאָס געדרענג צו די טירן, נישט אַנדערש נאָר מ׳האָט שוין אָנגע־הויבן אַראָפּלאָזן פון דריטן קלאַס אויך.

קומט, לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען.

— יאָ, אַוודאי, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טראַנס, כ׳על אייך העלפן מיטן באַגאַזש, אייך אויך, האָט ער גיך אַ זאָג געטאָן צו דער תירצהן, דאָס מיידל זאָל זיך נישט פילן באַליידיקט און נישט ווידער אַוועק־לויפן זיך אויסוויינען אין ועלכן ווינקל.

ס׳איז שוין געווען באַלד האַלבע נאַכט ווען די איבער טויזנט אירע פון דריטן קלאַס האָבן אָנגעהויבן אַראָפּגעלאָזט צו ווערן פון דער שיף אין אַ ריזיקן באַראַק אַריין, אַ לאַנג געביי אויפגעשטעלט איבערן וואַסער, אויף סלופּעס, אַריינגעשלאָגענע טיף אין דער שליימיקער ערד אַריין.

דאָס געגיי פון די עמיגראַנטן, באַלאָדענע מיט זייערע פּעקלעך און וואַליזעס, איבער די שמאָלע בריקלעך פון דער שיף אַרויס, האָט אויס־געזען ווי עס וועט זיך קיין מאָל נישט ענדיקן און מיט יעדער כוואַליע פון דעם געגיי, איז דער באַראַק געוואָרן אַלץ מער געפּאַקט מיט מענטשן און דער צעמענטענער דיל — מיט קופערטן און קוישן, מיט וואַליזעס און פּעק און דער בייזנאַכטיקער ווינט האָט דאָ געריסן דורך די ווענטשפּאַלטן, דורך דער אויפגערוקטער טיר, ערגער נאָך ווי אויף דעם שיפדעק אין מיטן

ים און דאָס געשריי און געטומל דאָ — נאָר פאַרטויבט צו ווערן. און דאָך, אין מיטן דעם געליאַרעם און דער ענגשאַפט, האָבן שוין מענטשן געשלעפּט בערג מיט אויפלייג־בעטלעך, וואָלענע קאָלדרעס און קישעלעך, ווייס איבערגעצויגענע. אין אַנדערן עק פון באַראַק האָבן אַנדערע לייט געהאַט אויפגעשטעלט טישן און — אויף זיי, קערב מיט זעמל, ווייסע, ווייצענע זעמל, אויך דראָטגעפלאָכטענע קערבלעך מיט קעזעלעך, אַזעלכע שיין גע־פּאַקטע אין פאַרביקע פּאַפּירלעך צו דעם נאָך הייסע, נאָר־וואָס אויסגעצ־זאָטענע אייער. דערביי, אויף אַ צווייטן טיש — גרויסע, ניקלענע קעסלען, וואָס האָבן געזעצט מיט פאַרע און דער ריח פון פריש־פאַרבריטער קאַווע האָט זיך געשפּרייט אַרום און גערייצט די נאָזפליגלען, געמאַכט וואַסערן דעם גומען.

איז אָבער די דערוואַרטע הנאה גיך צעשטערט געוואָרן. שטאָט פּאָלגן די פאַראָרדענונג און שטעלן זיך אין רייען און, פאַרבייגייענדיק די טישן איינער הינטער דעם אַנדערן, זאָל יעדער קריגן אויסגעטיילט זיין נאַכט־עסן, האָט גאָר דער עולם זיך גענומען שטופּן ווי אַ באַרג אויף די טישן אַרויף אַז אָט, אָט קערן זיי איבער די טישן מיט די קערב עסנוואַרג, מיט די זודיקע קעסלען קאַווע און מענטשן וועלן דאָ ווערן צעדריקט און אָפּגע־קרעלט פון דער קאָכיקער פליסיקייט. צו פאַרמיידן דאָס אומגליק, האָבן די באַאַמטע גיך גענומען וואַרפן אין דעם געשטופּ אַריין די זעמל, די קעזע־לעך, די אויסגעזאָטענע אייער, אָט אַ שטייגער ווי מען וואַרפט ביינער צו אַ טשאַטע צעיושעטע, הונגעריקע הינט.

איז טאַקע דער עולם איצט געוואָרן ווי אַ טשאַטע צעיושעטע חיות. אין געיעג נאָך אַ זעמל, אַ קעזעלע, אַ צעקוועטשט איי, איז מען געקראָכן איינער איבערן אַנדערן, געטרעטן איבער פרויען, איבער קינדער, וואָס זייערע געשרייען, זייערע געוואַלדן און ספּאַזמעס האָבן געהויבן דעם שטאָלערנעם סופיט פון דעם באַראַק. אין דער אָנגעשטאָפּענער בהלה האָבן דערווייל ווייבער פאַרלוירן האַנטבייטלען, שאַלן פון די אַקסלען אַראָפּ, שנירלעך קרעלן זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן פון אַרום העלדזער און די צעשאָטענע קרעלן האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס, אַז מענטשן זע־נען איבער זיי געפאַלן און שיער נישט געניזוקט געוואָרן, און אַז די בהלה האָט זיך שוין אָנגעהויבן איינשטילן, האָבן ערשט אויסגעבראָכן נייע גע־וויינען, נייע ספּאַזמעס:

— געוואַלד מיין פּאַס! מענטשן, דערבאַרעמט זיך, מ׳עט מיך נישט אַריינלאָזן קיין אַמעריקע, און באַלד פון אַן אַנדער ווינקל:

— כ׳גיי מיך טרענקען! מ׳אָט מיר ציגעגנב׳עט ס׳געלט, פיפציק טולער!

אָס, אין מיטן די געקוויטשעריי̆ען האָט ער, נתן חיים, גאָר דערהערט רופן זיין נאָמען:

— נאַטאַן פיינזילבער! מר׳ נאַטאַן פיינזילבער!

ער האָט אַנגעשפּיצט דאָס געהער, נתן חיים, געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, זיך געשטעלט אויף די שפּיצפינגער פון זיינע פיס און קוים דערזען אַ פאַרהויבענע האַנט פאַכען מיט אַ ווייס קאַרטל איבער די קעפּ פון די געזעמלען אַרויס. גיך און מיט אַלע כוחות האָט נתן חיים זיך גע־נומען שטופּן אַהין, צו דער האַנט מיטן ווייסן קאַרטל:

— איר זענט פיינזילבער? נאַטאַן פיינזילבער?

— יאָ, דאָס בין איך. פרעגן ווער דער מאַן איז, האָט שוין נתן חיים פאַרשפּאָרט. דער נאָמען „היאַס״ איינגערעמט אין אַ רעמעלע אויף דעם מאַנס לאַץ, האָט אים שוין אַלץ געזאָגט.

— איר האָט דאָך געדאַרפט קומען אויפן צווייטן קלאַס, האָט דער מאַן געהאַט אַ טענה צו אים. — דאָרט האָב איך אייך געזוכט אַראָפּ־צונעמען פון שיף.

— יאָ, טאַקע געדאַרפט, אָבער נישט געקענט פאָרן מיט צווייטן קלאַס.

— אַ שאָד, איר וואָלט שוין איצט געווען אין אַ האָטעל. מר׳ שלע־זינגער האָט אונדז טעלעפאָנירט, מיר זאָלן אייך אַראָפּנעמען פון שיף און אייך ברענגען אין אייער האָטעל־רום, וואָס זיי האָבן פאַר אייך געדענגט. פון דאַנען אָבער ווייס איך נישט ווען איך וועל אייך קענען אַרויסקריגן.

— טאַקע אַ שאָד, האָט נתן חיים באַדויערט זיין דאַרפן זיך נאָך וואַל־גערן אין דעם באַראַק ווער ווייסט ווי לאַנג.

— פון דעסטוועגן, פריינד פיינזילבער, דאַרפט איר נישט זאָרגן, אַ טאָג פריִער, צי אַ טאָג שפּעטער, דער „היאַס״ וועט אייך אַרויסקריגן פון דאַנען. אָפּגעזאָגט, האָט דער מאַן אים דערלאַנגט די האַנט, אַ פעטע, מיט קורצע, גראָבע פינגער: — גוד באַי, איך וועל אייך זען מאָרגן.

אַ היפּשע ווייל איז ער נאָך אַזוי געשטאַנען, נתן חיים, און נאָכגע־קוקט דעם מענטש, אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער, אין אַ שוואַרצן, באַראַנ־קאָווע מאַנטל מיט אַ סאַמעטן קעלנערל, ווי ער שטופּט זיך פאָרויס מיט דעם אויסגעלאָשענעם ציגאַר צווישן זיינע צוויי פאָרפינגער, זיך אַרויס־צוקריגן פון צווישן דעם געדרענג, וואָס אַרום זיי איז אָנגעשטאַנען. מאָדנע, וואָס נענטער דאָס מענטשל קומט צו די הויכע און ברייטע, שטאָלערנע רוק־טירן, אַלץ טרויעריקער ווערט אים, נתן חיימען. איז דאָס צוליב די צוויי וואַכלייט אין גראַנאַטענע אוניפאָרמען, מיט בלעכלעך אויף די

היטלען, ווי זיי שטייען, די צוויי געזעץ־היטער, מיט רעוואָלווערן ביי די זייטן, שפּילן זיך מיט גראָבע שטעקנס, אָנגעהאָנגענע אויף רימענדלעך אַרום זייערע געלענקען און הערן נישט אויף צו קײַען, פּונקט ווי בהמות הערן נישט אויף צו מעלה גרהן. און אפשר איז ער אַזוי טרויעריק געוואָרן צוליבן דאַרפן זיך דאָ נאָך וואַלגערן, ווער ווייסט ווי לאַנג? און אפשר גאָר איז דאָס צוליבן נישט פֿאַרשטיין אַזוי פיל ווערטער, כאָטש דער מענטש האָט גערעדט צו אים אויף יידיש? אָט איז שוין אַוועק אַ היפּשע ווייל אַז דאָס מענטשל איז אַוועק און אים עקבערט נאָך אַלץ אין מוח: „וואָס מיינט ,רום׳? וואָס מיינט ,גוד באַי׳? און וואָס מיינט ,גערענדט׳?”.

„אָ, דאָס אַמעריקע איז גאָר אַן אַנדער וועלט! וואָס וועט אין דעם אַמעריקע ווערן פון אים? וועט ער זיך דאָ קענען געפינען? זיך אַליין געפינען?

# קאַפּיטל זעקס

יערמע דוד, נתן חיימס טאַטע, האָט געהאַט אַ תורה זיינס: „אַ מענטש דאַרף זיין אָפּגעהיט מיט דעם, וואָס ער האָט, אָבער צען מאָל מער דאַרף ער זיין געהיט מיט דעם, וואָס מ׳געטרויט אים אָן״. איז אים, נתן חיימען, באַשערט געווען, שוין אויף דער שוועל פון אַמעריקע, זיך צו באַהעלפן מיטן טאַטנס תורה.

ווי אַ געוועזענעם אָנפירער אין אַרבעטער פאַראיינען, דערצו נאָך האָט מר׳ שלעזינגער, דער פרעזידענט פון דער „לייד׳עס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן״, אַ האַנט אין זיין קומען קיין אַמעריקע, האָט דער „היאס״־מאַן, אויף מאָרגן, בעת זיין צווייטן וויזיט אין באַראַק, באַשטימט אים, נתן חיימען, דורכצופירן פאַרן „היאס״ עפּעס גאָר אַ וויכטיקע מיסיע צווישן די עמיגראַנטן אין באַראַק דאָ. מענטשן האָבן זיך געשלעפּט דריי וואָכן צייט אויף דער שיף, אין באַראַק דאָ וועלן זיי נאָך דאַרפן זיך וואַלגערן ווער ווייסט ווי לאַנג, ווילן זיי דאָך צו וויסן געבן זייערע קרובים אַז זיי זענען ברוך השם אָנגעקומען אין גאָלדענעם לאַנד געזונט און שטאַרק. האָט דאָס איצט דער ,היאס׳מאַן געברענגט מיט זיך אַ היפּשן פּאַקעט מיט קאָנווערטן, בלאָקלעך־פּאַפּיר, פאַרשניצטע בלייפעדערס, אַ צאָל פּאָסטמאַרקן, 1־סענ־טיקע, אויך טייערערע, ביז 5־סענטיקע און דאָס געוואָלט איבערגעבן נתן חיימען, ער זאָל, לויט זיין איינזען, דאָס צעטיילן צווישן די געקומענע, וואָס ווילן שרייבן צו נאָענטע, סײַ דאָ, אין נייעם לאַנד און סײַ אַהין, אין דער אַלטער היים, אין „יוראָפּ״.

פאַרן „היאס״־מאַן, צו פאַרוואַלטן מיט אַזאַ פּאַקעט, איז געוויס גע־ווען אַ קלייניקייט, פאַר אים אָבער, נתן חיימען, אַ נאַר־וואָס געקומענער פון דער חרובער און פאַראָרעמטער אייראָפּע, איז דער פּאַקעט מיט אַזוי פיל שרייב־מאַטעריאַלן, בפרט נאָך מיט אַזוי פיל פּאָסט־מאַרקעס, וואָס יע־דער איינע איז דאָך קאָסע־געלט, פאַר אים איז דער פּאַקעט געווען אַן אוצר, און אַוודאי אַזוי צווישן די עמיגראַנטן, אַלע דורכגעגאַנגענע כלערליי גיהנומס, מענטשן פול מיט חשד און צווישן זיי אויך אַן אָנגעלאָפענער ערב רב, וואָס האָט שיער נישט געמאַכט אַ פּאָגראָם צוליב אַ זעמעלע, אַ קעזעלע, אָדער אַ צעקוועטשט איי, וויל ער נישט, נתן חיים, צווישן די

לײט זײן קײן אױסדערװײלטער, כאָטש ער איז זיכער אַז ער װעט זײן אָפּגעהיט מיט דעם, װאָס דער „היאָס" װיל אים דאָ אָנגעטרױען, װעלן דאָך פֿיל פֿון די לײט שרײַען אַז ער באַהאַלט פֿאַר זיך מער װי ער צעטײלט, בפֿרט נאָך פּאָסט־מאַרקעס, װאָס איז קאָסע־ממש! נײן, בעסער נישט.

האָט אים דער „היאָס"־מאַן אױסגעהערט און געשמײכלט אַ שמײכעלע, װאָס האָט לגמרי מבטל געמאַכט דעם גאַנצן טראַקטאַט זײַנעם:

— מר. פֿײַנזילבער, איר זענט דאָך אין אַמעריקע. אַ סטעמפּ איז דאָ נישט אַזאַ װיכטיקע ביזנעס. נעמט דעם פּעקערזש, איר װעט זען, ס'עט זײן אַלרײט.

אַן אַנטװאָפּנטער, האָט נתן חיים גענומען דעם פּאַקעט און געטראַכט, װי נאָר דער „היאָס"־מאַן גײט אַװעק, פֿאַרקלײַבט ער זיך אין װינקל, בײ זײן װאַליזע, עפֿנט דאָס פּעקעלע צו זען װאָס און װיפֿל, דערנאָך װעט ער פּאַװאָליע, מיט אַ טאַלק אָנהײבן די חלוקה. אים איז גאָרנישט אײַנגעפֿאַלן אַז װער פֿון דעם עולם אַרום זאָל זיך כאַפּן װעגן װאָס ער האָט אַזױ שטיל און אַזױ אָפּגערוקט פֿון אַלעמען, גערעדט מיטן „היאָס"־מאַן און אַװדאי װײסט קײנער נישט אַז אין דעם פּאַקעט איז דאָ עפּעס, װאָס דאַרף פֿאַנאַנ־דערגעטײלט װערן. זענען דאָך אָבער די עמיגראַנטן שװערגעפּרװוטע מענ־טשן, צוגעװױנטע צו הערן, נישט הערנדיק, צו זען, נישט זעענדיק, בפֿרט נאָך אַז דער „היאָס"־מאַן קומט שױן דאָ צום צװײטן מאָל און דער זעלבער פֿױגל, אַ געקומענער גלײַך מיט זײ, שושקעט זיך מיט אים, אַמפּערט זיך און לסוף נעמט ער דאָך אַן דעם פּאַקעט, װאָס דער „היאָס"־מאַן שטופּט אים פּשוט אין דער האַנט אַרײן. האָבן זײ נישט געװאַרט אויף קײן כבוד, אים גלײך אַרײַנגענומען װי אין אַ קלעם, נתן חיימען:

— װאָס האָט אים דאָ דער „היאָס"־מאַן איבערגעגעבן? שױן זאָל ער עפֿענען דאָס פּעקל! ער װעט זיך זיך נישט אַװעקדרײען צו מאַכן „קונקל־מונקל"־געשעפֿטן מיט געזעלשאַפֿטלעך אײגנטום!

איז ער געשטאַנען, נתן חיים, מיטן פּאַקעט אונטערן אָרעם, געקוקט אויף דעם גיריקן עולם אַרום אים און — געשמײכלט. פֿון די מלחמה־יאָרן אין װאַרשע, װען אויף זײן גורל איז געהאַט אױסגעפֿאַלן צו זײן דער טײ־לער פֿון קװיטלעך צו הונגעריקע מענטשן אויף אַ שיסעלע זופּ אין װעל־כער פֿון די אַרבעטער־קיכן, װײסט ער אַז מ'קען נישט באַרויִקן הונגעריקע, צי סתם נויטבאַדערפֿטיקע מענטשן, מיט געבײזער און געשרײ, צי גאָר פּרװון זײ גענאַרן. דאָס דערצערנט נאָך מער זײערע געמיטער. נאָר מיט גוטן און געלאַסן קען מען פּרװון אײַנבעמען אַזאַ עולם, אויפֿװײזן אים אַז ער צאָרנט אומזיסט, אַז ער איז בחינם חושד. איז ער דאָס געשטאַנען

רוזיק, נתן חיים, געשמייכלט, כאָטש אים איז געווען ביטער אויפן געמיט: „צו וואָס האָט ער שוין געלאָזט זיך צורעדן צו ווערן אַ ראָש, אַן אָנ־פירער״!

— באַרויקט זיך, נישט קיין גאָלדענע אימפּעריאַלן האָט אים דאָ דער „היאָס״מאַן אָנגעטרויט. אַלע ווילן מיר דאָך לאָזן וויסן אונדזערע קרובים אַז מיר זענען בשלום אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָט דער „היאָס״מאַן געבראַנגט שרייבפּאַפּיר, קאָנווערטן, יעדער זאָל קענען אָנשרייבן אַ בריוול.

— און שראַאַבפּענדלעך? האָט אים עמעץ געטאָן אַ היק גלייך אין אויער אַריין. — וואָס? איר מאַכט זיך שוין פאַרגעסן אַן די שראַאָב־פּענדלעך?

— און מאַרקעס? האָט אַן אַנדערער געגומען שרייען. — איר זעט כאָטש? האָט דער שרייער זיך געווענדט צום עולם אַרום, — דער פאַר־זאָרגער וויל שוין אַראָפּשלינגען די פּאָסטמאַרקעס!

פול מיט ביטול האָט נתן חיים געקוקט דאָ אויף איין שרייער, דאָ אויפן אַנדערן און רוזיק זיך געווענדט צום עולם, אַ גערייצטער כאָטש שוין אַרויסצורייסן ביי אים דעם פּאַקעט און אַליין מאַכן די חלוקה:

— קיינער וויל דאָ גאַרנישט אַראָפּשלינגען. מ׳קען דאָך נישט אין מיטן דעם געשטיי עפענען דאָס פּעקל, אַלץ זאָל זיך צעשיטן, ס׳זאָל ווערן אַ געכאַפּעריי, ווי נעכטן ביי די זעמל, ביי די צעקוועטשטע אייער. ער וועט זיך אַוועקזעצן אויף זיין וואַליזקע, אַלץ אויסזאָרטירן, אַלע וועלן זיך שטעלן אין אַ ריי, וועט ער נעמען טיילן: אַ בייגעלע פּאַפּיר, אַ קאָנווערט, אַ בלייער און אַז מ׳וועט אים קריקברענגען דעם בלייער, וועט ער געבן אַ מאַרקע לויטן אַדרעס, וווהין דער בריוו דאַרף גיין. ס׳מוז דאָך זיין אַ טאָלק, נישט אַזוי?

— זע נאָר דעם טאָלק־מאַכער! האָט זיך ווידער איינער פון די אַרומ־שטייער צעשריגן. — אים אָנגעטרויען דעם גאַנצן פּאַקעט, דאָס איז כשר וישר. נאָר ער — געטרויען אונדז אַ מאַרקע — דאָס נישט. מ׳דאַרף אים פריִער צוריקברענגען דעם בלייער מיט דעם אָנגעשריבענעם אַדרעס, וועט ער דאַן געבן מאַרקעס. איר האָט שוין אַזוינס געהערט? האָט ער געפרעגט דעם עולם און באַלד צוריק צו נתן חיימען: — ווער זענט איר דאָס צו ווערן אַזאַ מאַכער?

— וואָס צערעמאָניעט מ׳זיך מיט אים? האָט אַ צעיאַכמערטער יונג, מיט אַ רויט, אָנגעהיצט פּרצוף פון אַ רוצח זיך געטאָן אַ רוק פאָרויס, גרייט שוין אַרויסצורייסן דאָס פּעקל פון אונטער זיין אָרעם.

נתן חיים האָט געקריצט מיט די ציין און אין דער זעלבער צייט גע־

האַמעוועט די געבליטן, זיך געשלאָגן מיט דער דעה צי ער זאָל נישט אַ שלײדער טאָן דעם פּאַקעט אין די שרײַערס קעפּ אַרײַן: נאַט אײַך און ווערגט זיך! האָט גאָר אומגעריכט דער גלאָק זיך צעקלונגען און דאָס צערײַצטע געזעמל האָט אים איבערגעלאָזט מיט די בלײַערס, מיט די מאַר־קעס און געטומען לויפן אין אַנדערן עק באַראַק, צו שטעלן זיך אין דער רײ, לענג־אויס די טישן צו קריגן וואָס פריִער דאָס מאַלצײַט, וואָס איז שוין געשטאַנען אויסגעטײלט אויף טאַצן.

בלײַבנדיק אַזוי אומגעריכט אַלײן מיטן פּאַקעט אונטערן אָרעם, האָט נתן חיים זיך באַרויִקט, אַוועק צו זײַן וואַליזע, געעפנט ס'פּעקל, גענומען אַ צאָל פּאַפּיר־בלאַקלעך אין אײן בוזעמקעשענע, אַ פּעקל קאָנווערטן אין דער צווײטער, אויך אַזוי בלײַערס און מאַרקעס, פאַרבונדן צוריק דאָס איבע־ריקע און עס אָפּגעשלאָסן אין דער וואַליזקע. איצט איז ער גרײט, ווי נאָר דער עולם וועט האָבן אַרײַנגעשלונגען די סענדוויטשן, די שיסלען רײַז מיט מילך וועט ער נעמען טײלן, דער עיקר: זיך נישט לאָזן אַרײַנצײַען אין אַ גערעדערײ. „אָט איז אַ בײגעלע פּאַפּיר מיט אַ קאָנווערט, איר ווילט נאָך פּאַפּיר? נאָך אַ קאָנווערט? נאַט אײַך! אַז איר וועט צוריקבערענגען דאָס שרײַבפּענדל, קריגט איר מאַרקעס לויט די אַדרעסן: קײן אויסלאַנד אַ 5־סענטיקע, אין אַמעריקע אַ 2־סענטיקע און זאָל נישט זײַן קײן קרי־געריי״!

טײל האָבן טאַקע גענומען דאָס געגעבענע אָן טענות, אַוועק צו זײערע וואַליזעס זיך זעצן שרײַבן, אַנדערע אָבער האָבן ווידער אָנגעהויבן סקאַנ־דאַלעווען, אַפילו דראָען מיט די פויסטן:

— וואָס מײנט ער דאָס מיט זיך? ווער האָט אים געמאַכט פאַר אַ ראָש? אַז ער וועט שײן רעדן — קען מען אים צעהאַקן די מאָרדע אויך. געהערט אַ מעשׂה? ער האָט באַשטימט: אײן בריוול צו אַ קרוב אין אַמע־ריקע און אײנס פאַר דער הײם אין אײראָפּע. ווי אָבער איז דער דין אַז אײנער וויל שרײַבן צו צווײ קרובים אין אַמעריקע און צו צווײ, אָדער גאָר צו דרײַ אין אויסלאַנד?

אַ סך דאַרפן טאַקע, האָט נתן חיים מסכּים געווען. — ער קען אָבער נישט געבן וויפל אײנער וויל. ער מוז זען ס'זאָל קלעקן פאַר אַלעמען.

— מ'ווײסט שוין, איז דער רוצח־יונג אונטערגעשפּרונגען און גע־סיקעט נתן חיימען גלײַך אין פּנים אַרײַן: — קלעקן פאַר אַלע! און וואָס וועט זײַן מיט די בלײַפעדערס, וואָס יעדער דאַרף קריקבערענגען? בײ ווע־מען וועלן זײ בלײַבן? נישט בײ אײַך? און וויפל פון די פּאָסטמאַרקעס וועט ער אַרונטערשלינגען?

— אַוודאי, האָט זיך אונטערגערוקט אַ ווייבל מיט רויטע בעקעלעך און דינע, פאַרשנורעוועטע ליפּעלעך, — שטענדיק אַזוי, ווער ס'האַלט די פעדער שרייבט זיך אַן צום לעבן.

נתן חיים האָט זיך געמאַכט נישט הערן די שרייער און געטיילט יעדן, וואָס האָט אויסגעשטרעקט די האַנט. דער מוח אָבער האָט איבערגעטראַכט יענעמס פראַגעלע: „וואָס טאַקע וועט זיין מיט די צוריקגעברענגטע שרייבּ־פּענדלעך?" און באַלד זיך אַליין געענטפערט: „וואָס הייסט וואָס עס וועט זיין? זיי געהערן דאָך צום „היאס", ס'איז דאָך געזעלשאַפטלעך אייגנטום!" פאַרענטפערט די פראַגע, איז באַלד אין מוח אים אויפגעקומען אַן אַנדערע: „ווי אַזוי פאַרהיט ער זיך קעגן די קלוגעטשקע? זיי קענען ווידער זיך שטעלן אין ריי און נאָך אַ מאָל נעמען פּאַפּיר מיט קאָנווערטן און בלייערס. אמת, ער קוקט זיך שאַרף איין אין יעדנס פּנים, צו געדענקען נישט צו געבן יענעם נאָך אַ מאָל. ס'איז דאָך אָבער מעגלעך ער זאָל מאַכן אַ טעות, חושד זיין אַ מענטש אומזיסט און אומנישט?"

— וואָס עס וועט זיין מיט די צוריקגעברענגטע בלייערס? האָט ער זיך דערמאָנט, נתן חיים, צו ענטפערן יענעם יונג, וואָס דערגייט אים כּסדר די יאָרן. — וואָס הייסט וואָס עס וועט זיין מיט זיי? זיי געהערן דאָך צום „היאס", וועט ער זיי אַהין אומקערן.

— אַזוי זאָגט איר, אָבער ווער וועט דאָס אייך קאָנטראָלירן? ער וועט דען עפענען די וואַליזקע מ'זאָל קענען זען אַז ס'איז טאַקע אַזוי?

— ווער עס וועט נאָך וועלן וועט קענען אים קאָנטראָלירן. ער וועט עפענען די וואַליזקע און לאָזן יעדן זען אַז ער באַהאַלט גאָרנישט פאַר זיך.

— אַזאַ יאָר אויף איר ווי מ'קען געגנוג באַהאַלטן אין די קעשענעס, בפרט פּאָסטמאַרקעס.

דאָס קנייטעלע צום פּייער האָט ווידער אַזוי צניעותדיק צוגעלייגט דאָס פריערדיקע ווייבל מיט די רויטע בעקעלעך און דינע, אין האַניק־געטונקענע ליפּעלעך. נתן חיים האָט געקוקט אויף איר פול מיט פאַראַכ־טונג און באַלד געווענדט דעם בליק צו אַן אַנדער פרוי אין דער ריי, וואָס פריער האָט ער געטראַכט אַז אַזאַ קען זיין מעגלעך און אָט איצט שטייט טאַקע אַזאַ איינע מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

— איר האָט דאָך פריער געקראָגן אויף צוויי בריוו, האָט נתן חיים שאַרף געקוקט איר אין די אויגן אַריין.

— ווער, זי? חלילה, ער מאַכט אַ טעות.

ער מאַכט שוין גאָרנישט קיין טעות, האָט נתן חיים איר פאַרזיכערט. — נישט בלויז געדענקט ער איר פּנים, ער געדענקט אַפילו די אַדרעסן אויף

די קאָנווערטן, וואָס זי האָט אונטערגעטראָגן צו קריגן מאַרקעס פאַר זיי. דער בריוו אירער קיין פוילן, איז געגאַנגען קיין קינסק, דער אין אַמעריקע — קיין מילוואָקי. נו, וואָס זאָגט זי איצט?

וואָס זי זאָגט? האָט זיך דאָס ווייבל געררויטלט. — זי זאָגט אַז ער איז אַ ליגנער, אַ ליגנער און אַ שאַרלאַטאַן. ער מיינט קיינער האָט נישט געזען ווי ער האָט זיך אויף דער שיף אַרומגעפּירט מיט סטאַדעס מיידן? מ׳האָט געזען, אוי האָט מען געזען!

די פאַרביטערונג צוליב די אָנפאַלן און אַלערליי באַליידיקונגען, איז אין אים, נתן חיימען, כסדר געשטיגן. נישט איין מאָל האָט ער געזען פאַר זיך דאָס בילד ווי ער טוט אַ שליידער דעם עולם אין די קעפּ אַריין דאָס פּאַפּיר מיט די קאָנווערטן, די מאַרקעס מיט די בלייערס, אָט ווי מ׳האָט זיי אין יענעם אָוונט אַ שליידער געטאָן אין די קעפּ אַריין די זעמל מיט די קעזעלעך און די הייסע אייער. האָט ער אָבער כסדר געדענקט דעם טאַטנס תּורה: „היט יענעמס צען מאָל מער ווי דיין אייגנס״, צו דעם איז אויף די ריי מענטשן, וואָס ווילן שרייבן צו קרובים געווען אַ לאַנגע, האָט ער אַראָפּגעשלונגען דעם „ליגנער״, דעם „שאַרלאַטאַן״ און אַלע אַנדערע באַליידיקונגען און חשדים און ווייטער געטיילט מיט יושר, קיינעם נישט מער און קיינעם נישט ווייניקער און נאָך דעם האָט ער נישט פאַנאַנדער־געוואָרפן, וואָס אים איז געבליבן, עס זאָל ווערן אַ געכאַפּעריי, נאָר אַלץ באַהאַלטן אויף אומצוקערן עס צום „היאס״מאַן. האָט גאָר יענער, ביים קומען אַרויסנעמען אים פון באַראַק, אויס אים געלאַכט פאַר זיין ווען אים אומקערן דאָס געבליבענע:

— פאַר וואָס האָט ער עס נישט צעטיילט?

— ער האָט אַלעמען געגעבן אויף צוויי בריוו, האָט זיך נתן חיים פאַר־ענטפערט.

— האָט ער זיי געדאַרפט געבן אויף מער. וואָס שפּילט אַ ראָלע אַ „פּענסיל״ אַ „סטעמפּ״?

— ווער דאַרף דען מער? אַ בריוו צו קרובים דאָ און אַ בריוו אַהיים. חוץ דעם, ער האָט מורא געהאַט צו געבן מער, טאָמער קלעקט נישט פאַר אַלעמען? טאָמער וואָלט אַזוינס געשען, וואָלט מען דאָך אים צעטראָגן. מ׳האָט אים אַזוי אויך געדראָט מיט די פויסטן. איצט, וואָס עס איז גע־בליבן, קערט ער אים צום „היאס״, ווי דען פירט זיך די וועלט?

דער „היאס״מאַן האָט געשמייכלט: „דאָס איז יוראָפּ״ האָט ער גע־טראַכט: נאָר אים האָט ער געזאָגט, — זייט נישט קיין גרינער, פיינזילבער.

— ס'איז דאָך נישט זיינס, האָט נתן חיים געטענהט און געשטופּט דעם פּאַקעט אין דעם מאַנס האַנט אַריין. — וואָס וועט ער טאָן מיט דעם?

— איר וועט עס „אויסיוזען".

נתן חיים איז געווען צעווייטיקט, „געהערט אַ מעשה? שטאָט אָנקומען אין אַמעריקע אַ פּריידיקער, איז ער גאָר געקרענקט. זיך געאַמפּערט און געקריגט מיט מענטשן איבער אַן עקסטרע מאַרקע, איבער אַ בלייער וואָס עמעץ האָט זיך געמאַכט פאַרגעסן אומצוקערן אים, אַלץ ווייל עס איז נישט זיינס, ווייל עס איז געזעלשאַפטלעך אייגנטום, ווייל יענעמס דאַרף מען היטן צען מאָל ווי אייגנס, וויל עס גאָר יענער נישט צוריקנעמען! וואָס איז דאָ? אַ פאַרקערטע וועלט? האָט דאָ גאָרנישט קיין ווערט? וואָלט ער נישט געהיט זיך זיין גאַנץ לעבן פון ווערן אַן עובר בעל תשחית, וואָלט ער פאַרברענט דאָס גאַנצע פּעקעלע און אַ סוף אַן עק. נאָר ווער וואָלט דאָס געהאַט אַ האַרץ צו פאַרברענען אַזאַ פיין שרייבפּאַפּיר, אַזעלכע טייערע קאָנווערטן און בלייערס, ערשט פּאָסט־מאַרקן? דאָס איז דאָך באַרעס געלט! נאָר פאַר וואָס זאָל דער „היאס" דאָס נישט וועלן צוריקנעמען? באשר ס'איז שוין פאַרשריבן אין די ביכער ווי אַרויסגעגעבן? קען מען עס דאָך קריק אַריינשרייבן. נאָר וואָס וועט אים העלפן זיין יאַדן זיך? זעט אויס, דאָ האָט טאַקע גאָרנישט קיין ווערט! אַז מ'שמועסט אַ לאַנד ווו עס וואַלגערט זיך געלט אין די גאַסן איז דאָך נישט שייך"!

# קאַפּיטל זיבן

אוי, לעבן זאָל אַמעריקע. אַזאַ האָטעל! ווי דער סעקרעטאַר פון לאַנד־פּאַראײַן פון די נאָדל־אַרבעטער אין פּוילן, אַז ער איז אַמאָל געפאָרן אין אַ שטאָט צום אַרטיקן אַפּטייל, פלעגט ער אײַנשטיין אין אַן אכסניה, אַ צימער מיט נאָך עטלעכע בײַשלעפער, וואָס תּמיד האָט ווער פון זיי געשנאָרכט, אַן אַנדערער פלעגט זיך ווילד צעשרײַען אין שלאָף פון עפּעס אַ חלום, אַ האַלוצינאַציע. ווידער די האָטעלן אין פּאַריז? זאָל ער שוין בעסער נישט טראַכטן וועגן זיי. דאָ האָט דער „היאָס"מאַן אים אַרײַנגעפירט אין אַ צימער מיט צוויי גרויסע פענצטער פאַר אים אַליין! ערשט וואָס אין דעם צימער איז אַלץ געווען. אַ רויטער טעפּעך אויף דער פּאָדלאָגע. אַן עלעקטריש לעמפּל איבערן צוקאָפּנס פון בעט. צווישן די צוויי פענצטער — אַ ביוראָ מיט אַ טינטער און אַ פּען, אַ טעלעפאָן ביי דער האַנט און אַ באַקוועמע שטול. דערצו נאָך, אין ווינקל — אַ ווייכגעבעטער פאָטעל מיט אַ שטיי־לאָמפּ דערנעבן, צו קענען זיצן און לייענען און, צו דעם אַלעם — אַ פּריוואַט באַדצימער מיט אַ „דוש" איבער דער וואַנע און, וווּנדער איבער וווּנדער! אַ ניקלען ראָד מיט אַ פאַרצויגן ליילעך אַרום דוש, דאָס וואַסער זאָל זיך נישט צעשפּריצן אין אַ קאַלוזשע.

ער האָט געגאַפט, נתן חיים. מילא, אַ דוש איז שוין, אין טייל רײַכע הײַזער אין וואַרשע אויך דאָ. אָבער ווען אין פּוילן וואָלט אײַנגעפאַלן צו צוטראַכטן אַזאַ קונציק ראָד אַרום דוש, אויפצוהענגען אַרום דעם אַ ליילעך, ס'וואַסער, שטאָט זיך צעשפּריצן, זאָל עס רינען גלײַך אַראָפּ אין דער וואַנע אַרײַן?

ס'איז שוין געווען גוט טונקל ווען דער „היאָס"מאַן איז מיט אים פאַרפאָרן אין דעם האָטעל אַרײַן.

— מר' פײַנזילבער, האָט דער מאַן בײַם געזעגענען, אים גענומען דערקלערן: — דאָס צימער מיט באַשפּײַזונג איז באַצאָלט פאַר אײַך אויף אַ וואָך צײַט. עסן וועט איר אונטן, אין האָטעל־רעסטאָראַן דרײַ מאָל אַ טאָג. מאָרגן אין דער פרי וועט קומען אַ „באָי" און אײַך נעמען צו מיסטער שלעזינגער אין אָפיס און איצט, האָט ער אויסגעשטרעקט צו אים אַ ווייכע, פאַרשוויצטע האַנט: „גוד באַי און גוד לאַק".

נתן חיים איז נאָך געשטאַנען אַ ווייל אין מיטן צימער, נאָכגעקוקט דעם מענטשל, ווי ער פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און געטראַכט וואָס ער זאָל דאָ פריִער נעמען טאָן? כאָטש נעם און טו אַלץ אויף אַ מאָל! געגלוסט האָט זיך אים אויסצוציִען זיך אויף דעם ברייט־רחבותדיקן בעט, אויסגלייכן די מידע ביינער נאָך אַזאַ לאַנג וואַלגערן זיך אויף די שטאָל־ערנע דילן אויף דער שיף, אויף דעם האַרטן, זעלנערישן בעטל אין באַ־ראַק. אין דער זעלבער צייט האָט ער געוואָלט זיך אָוועקזעצן ביי דער באַקוועמער ביורקע און נעמען אָנשרייבן אַ בריוול צו עלקעלען, צו די עלטערן אַהיים, נאָר פון דעם אַלעם האָט ער גאָר געגומען זיך אויסבאָדן, זיצן אין דער וואַנע און הנאה האָבן פון וואַרעם וואַסער איבערן אויסגע־פרוירענעם לײַב און טאַקע קענען, אַן אַרומגעוואַשענער, אַן איבערגע־טאָענער, אַראָפּגיין אין דעם האָטעל־רעסטאָראַן עפּעס עסן. וויפל וואָכן שוין אַז ער האָט נישט פאַרזוכט קיין לעפל געקעכטס?

עס רעדט זיך נאָר אַזוי: „אַ לעפל געקעכטס". גאָט אין הימל! אין וואָס פאַר אַ שפע דער פריינד שלעזינגער האָט אים דאָ אַריינגעזעצט! אַ גאַנץ קיישעלע מיט זעמל האָט דער שוואַרצער קעלנער פאַר אים אָוועק־געשטעלט אויף אַזאַ ווייסן, אַזאַ ציכטיק־געגרייטן טיש. און דער קעלנער? אַ גענעראַל מיט שליפּעס, מיט גאָלד־בלישטשענדיקע בענדלעך אַרום די מאַנקעטן פון די מונדיר־אַרבל. אַ שאָד נאָר, וואָס דער שיפלות־שמייכל פון דעם נעגערישן קעלנער האָט אים, נתן חיימען, פאַרשטערט די ערשטע סעודה זיינע, אין דעם רייכן אַמעריקע.

נאָך דעם נאַכטעסן איז נתן חיים אַרויס פאַר דער טיר, אָנקוקן אַ ביסל ניו־יאָרק. איז ער אָבער געבליבן שטיין אויף דער שוועל, עפּעס ווי גע־שראָקן זיך אַראָפּצושטעלן אַ טריט אויפן טראָטואַר. „דאָס זאָל זיין ניו־יאָרק?" ווי אינווייניק, האָט דער האָטעל געבלענדט מיט ליכט, אַזוי איז דער דרויסן געווען טונקל, סומנע. איין עלעקטרישער לאָמפּ אויף איין ראָג גאָס און דער צווייטער לאָמפּ אויפן אַנדערן ראָג. די הייזער איןביידע זייטן גאַס — אויסגעלאָשן, אַן איין ליכטיק פענצטער אין זיי, אַן איין אָפן, צעליכטיקט געוועלב. איז טאָמער איז דאָס ווייניק, האָט נאָך דאָס סומנע, רויטלעך ליכט פון דער ווערטיקאַל־אויפגעהאַנגענער שילד אין ראָג פון דעם האָטעל, אַזוי טרויעריק געגלימערט, כאָטש נעם שוין און אַנטלויף קריק אין צימער אַריין.

אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט מסתמא אַזוי געטאָן, אָבער נישט ער, נתן חיימל. ניו־יאָרק איז דאָך נישט קיין בית־עולם. אַז דאָ איז טויט, מיינט דאָך נישט אַז אין דער גאַנצער שטאָט איז אַזוי. האָט ער געשטעלט

אַ טראַט אַראָפּ פון בריקל, געגומען גיין פון איין גאַס אין דער צווייטער, אין דער דריטער ביז ניו־יאָרק האָט צו אים אַ ווינק געטאָן מיט ליכט אין אַ ברייטן סקווער, מיט פּאַרשנייטע ביימער אין פּאַרק, וואָס אין מיטן דעם סקווער. אמת, די טראַטואַרן אַרום דעם סקווער זענען געווען שוואַרץ, בלאָטיק, קיין סימן פון שניי, אָבער דאָס געגיי אויף די טראַטואַרן, דאָס געפּאָרעריי פון אויטאָס און טאַקסיס, דאָס געקלונגעריי פון טראַמווייען איז דאָ פּונקט ווי אויף די פּאַריזער בולוואַרן, מיט אַ צוגאָב נאָך, וואָס די קאָמעניצעס דאָ זענען העכער, טייל פון זיי אפשר פון פופצן שטאָק!

ער האָט פאַרהויבן דעם בליק צו די גאַסן־שילדלעך, נתן חיים. אויף איין שילדל האָט ער איבערגעלייענט: „אוניווערסיטי פּלאַסע״, אויפן צווייטן, איבער דעם: „יוניאָן סקוואַרע״. ער האָט זיך געטאָן אַ כאַפּ: „אוי, דאָ ערגעץ דאַרף דאָך זיין דעם מר׳ שלעזינגערס יוניאָן״. אַ געפיל פון פּאַר־איבל, שיער נישט פאַרדרוס, איז אין אים אויפגעגאַנגען. „שוין אַריבער דריי מעת לעת אַז ער איז אַראָפּ פון שיף און קיינער, אויסער דעם „היאַס״מאַן איז נאָך נישט געקומען אים באַגעגענען. וואָלט אַזוינס מעג־לעך געווען אין וואַרשע? אַ דעלעגאַציע פון פּאַראיין וואָלט שוין געווען, צו באַגריסן אים צו זיין אָנקומען״.

ערשט צומאָרגנס אין דער פרי, בעתן פרישטיק אין האָטעל־רעסטאָראַן, האָט מען פון ביוראָ אים גערופן: „מר׳ פיינזילבער! טעלעפאָן״!

ער איז גיך אַריין אין ביוראָ, אַ כאַפּ געטאָן דאָס טרייבל:

— האַלאָ, פריינד שלעזינגער? כ׳האָב אָבער גלייך דערקענט אייער קול. ווי מיר גייט אין אַמעריקע? ווי גאָט אין אַדעס. צי איך בין גרייט צו קומען צו אייך אין אָפיס? אַפילו שוין. וואָס? מ׳עט קומען נאָך מיר? צו וואָס? כ׳קען טרעפן צו אייך אַליין. אין דער פרי האָב איך אויפגע־זוכט די קאָמעניצע נומער 31 יוניאָן סקוואַרע. וואָס? מ׳דאַרף עס לייענען יוניאָן סקווער? אַ דאַנק אייך פאַרן קאָרעגירן מיר. גוט, אין אַ האַלבער שעה אַרום וועל איך זיין ביי אייך.

ווי ער האָט זיך געאײַלט, האָט דאָך נתן חיימלס נייגער אים פאַר־האַלטן ביי אַ פענצטער פון אַ רעסטאָראַנדל. צווישן די געבעקסן און אַלערליי פרוכטן אין דעם פענצטער, האָט איין פרי פאַרכאַפּט זיין אויג. וואָס קען דאָס זיין? קיין פּאָמעראַנץ — נישט. ס׳איז נישט די קאָליר און נישט די גרייס. אַנטקעגן אַ פּאָמעראַנץ איז דאָס — אַ באַלעם. קיין ציט־רין איז עס אויך נישט. כאָטש דעם קאָליר פון אַ ציטרין האָט די פרי יאָ, איז אָבער אַ ציטרין קליין, לענגלעכדיק און די פרי איז גרויס און רונד. אַפילו אין פּאַריז האָט ער אַזאַ פרוכט נישט געזען!

ביי דעם געבײַ, נומער 31 יוניאָן סקוועד, איז ער ווידער געבליבן פאַרגאַפּט, נתן חיים, זע נאַר, אַ דרייטיר? ס׳ײַנגל אין אים האָט זיך דאָ פּלוצים אויפגעכאַפּט און ער האָט זיך געטאָן אַ דריי אַריין אין קאָרידאָר און באַלד אַ דריי אַרויס, ווידער אַ דריי אַריין און ווידער אַ דריי אַרויס. ער וואָלט זיך אַזוי געוועזן געדרייט אַריין און אַרויס ווער ווייסט ווי לאַנג, ווען נישט אַ נעגער אין אַ פּלאַשטש פון אַ פּולקאָווניק, אַוודאי דער „וואָזש־ני״ דאָ, איז צוגעקומען און געטאָן אים אַ מעסט אָפּ מיט זיינע גרויסע בלאַנקענדיקע ווייסלען פון די אויגן, אַז ער, נתן חיים, האָט זיך טיף פאַר־שעמט און גיך אַריין אין איינער פון די דריי הייב־ווינדעס, וואָס זענען דאָ געלאָפן אַרויף און אַראָפּ.

אויפן ניינטן, צי גאָר אויפן עלפטן שטאָק איז ער אַרויס אין אַ לאַנגן קאָרידאָר, געעפנט דאָרט איינע פון די פיל טירן מיט גערונצלטע מילכ־שויבן. פיר מיידלעך זענען געזעסן אין דער גרויסער ביוראָ און געקלאַפּט אויף שרייבמאַשינקעס, איינע פון די מיידלעך האָט אים עפּעס געפרעגט. ער האָט שולדיקלעך געוויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט:

— איך פאַרשטיי נישט קיין ענגליש.

— דייוויד! האָט דאָס מיידל אַ רוף געטאָן אין לאַנגן קאָרידאָר אַריין. אַ יונג בחורל איז אָנגעלאָפן און אים אַ פרעג געטאָן, ווי ער וואָלט געווען זיינס גלייכן:

— דו ביסט מר׳ פיינזילבער? גוט, קום, מר׳ שלעזינגער וואַרט אויף דיר.

ער איז נאָכגעגאַנגען דעם בחורל, נתן חיים, ביזן ענד פון קאָרידאָר. דאָרט, אין אַ גרויס. זוניק צימער, הינטער אַ גרויסן שרייבטיש איז גע־זעסן דער הער שלעזינגער. איבער אים איז געהאַנגען אַ פּאָרטרעט, וואָס ער האָט גלייך דערקענט: „יודזשין, וויקטאָר דעבס״. ביים דערזען דעם פריינד שלעזינגער, האָט ער דערפילט אַ ריס אין האַרץ, נתן חיים: „קוים זעקס חדשים אַז זיי האָבן זיך געזען אין פּאַריז, ביי די גלעזערס אין הויז און זע נאַר, ווי געעלטערט, ווי אָפּגעצערט דער מאַן איז געוואָרן אין דער קורצער צייט! דער קאָפּ שאַטינע האָר איז אים נאָך געדיכט, אָבער שוין היפּשלעך גרוי און זיין געזיכט, ווי אויסגעליטן, ווי צעווייטיקט, און די רינגען אַרום זיינע אויגן זענען גרעסער געוואָרן, שוואַרצער און די טרערנזעקלעך — וויכער, נאָכהענגענדיקער״.

— העלאָ פיינזילבער, האָט דער הער שלעזינגער אים באַגריסט מיט זיין קרענקלעך, הייזעריק קול און אויסגעשטרעקט צו אים די האַנט אַרי־

בערן שרייבטיש, אַ לענגלעכדיקע, ביינעריקע האַנט ווי ביי אַ חולה מסוכּן, — וואָס מאַכט איר? איר זענט שוין אין אַמעריקע!

— יאָ, אייך צו פֿאַרדאַנקען, האָט אים נתן חיים געדריקט די האַנט.

— נישט אונדז אַליין. די מענערשניידער האָבן אויך צושטייער געגעבן און אייער יוניאָן, די העט און קעפּמייקערס אויך. דייוויד וועט אייך שפּעטער אַרויפֿנעמען אין דער אמאלגאמייטעד צו הילמאַנען און שלאָסבערגן און דערנאָך — צו זאַריצקין און צוקערמאַנען, איר מוזט זיך מיט זיי באַקענען, זיי זענען די פּרעזידענטן און סעקרעטאַרן פֿון זייערע יוניאָנס, נאָר פֿריִער דאַרף מען אייך פֿאָרשטעלן פֿאַר אונדזער סעקרעטערי־טרעזשורער.

— באַראָף! האָט ער אַ רוף געטאָן אין צווייטן צימער אַריין.

אין דער אָפֿענער טיר האָט זיך אַריינגעוויזן אַ נידעריקער מאַן, אַ דיקלעכער מיט אַ קאָפּ געדיכטע, גרויע האָר, לענגערע ווי געוויינלעך מען טראָגט.

נתן חיים איז דעם מאַן אַקעגנגעגאַנגען צו דער טיר, אים דערלאַנגט די האַנט און, צוריקקומענדיק מיט דעם מר׳ באַראָף צו שלעזינגערס שרייבטיש, געפֿרעגט ביידן שוין:

— וואָס מיינט טרעזשורער?

— איר זעט, באַראָף, האָט דער הער שלעזינגער זיך אַ ווײַצל געטאָן, — דער גרינער ווייסט אויף וועמען זיך צו פֿרעגן.

— טרעזשורער, מיינט קאַסירער, האָט דער הער באַראָף, שמייכלדיקגוטמוטיק, דערקלערט דעם נייגעקומענעם.

— ביי אייך מעג דער סעקרעטאַר זיין אויך קאַסירער? האָט ער, נתן חיים, זיך געחידושט. — אין די פֿאַראיינען אין פּוילן, טאָר נישט איין מענטש פֿאַרנעמען די צוויי אַמטן.

ביי אייך אין פּוילן זענען די יוניאָנס רייך, געטרויט איר נישט דעם סעקרעטערי די קאַסע. אונדזערע יוניאָן־טרעזשורים זענען ליידיק, מעג מען זיי אָנגעטרויען דעם סעקרעטערי, נישט אַזוי, באַראָף?

דער הער באַראָף, זעט אויס אַ גוטמוטיקער מענטש, האָט געפּרוווט אָפּשוואַכן דעם פּרעזידענטס חוזקן איבער דער יוניאָן־קאַסע, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו נתן חיימען:

— פֿון דעסטוועגן, ברודער פּיינזילבער, איז נאָך נישט אַזוי שלעכט מיט אונדזערע קאַסעס. אָט איז נאָך ביי אונדז אין קאַסע דאָ אַ ביסל געלט פֿאַר אייך.

— געלט פֿאַר מיר? האָט נתן חיים אָנגעשטעלט אַ פּאָר פֿרעגנדיקע־

פאַרחידושטע אויגן, דאָ אויפֿן הער באַראַף און באַלד אויף פּרעזידענט שלעזינגער.

— יאָ, געלט פאַר אייך, האָט דער מיסטער שלעזינגער געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ און באַלד געווענדט דעם בליק צום סעקרעטאַר: — וויפל האָט איר נאָך פאַר דעם וואַרשעווער, באַראַף?

— איבער אַכציק דאָלער.

— גיט זיי אים אַוועק, וואָס וועט מען זיי האַלטן?

נתן חיים האָט זיך גערויטלט: — ווען וועל איך דאָס אייך קענען קריקצאָלן?

— דאָס איז נישט אויף צוריקצאָלן. האָט דער הער שלעזינגער שוין ערנסט אים געזאָגט. און דער הער באַראַף האָט צוגעגעבן: — ווי אַ יוני־יאָן־טוער אין פּוילן, האָבן אונדזערע יוניאָנס אייך געברענגט קיין אַמעריקע, דערביי האָט ער אים אַזוי פּאַטערלעך אַ קלעפּל געטאָן אויף אַן אַקסל און געגאַנגען צו זיך אין ביוראָ־צימער אַריינברענגען די געבליבענע סומע, וואָס ער האַלט נאָך פאַר אים.

בעת דער סעקרעטאַר איז אַרויס, האָט דער הער שלעזינגער זיך צו־געבויגן צו אים:

— איר דאַרפט וויסן, פיינזילבער, אַז אַכציק דאָלער איז אַ סך געלט אַפילו אין אַמעריקע. אַ קלאָוקמאַכער פאַרדינט דאָס נישט אין צוויי וואָכן. דערווייל איז דער האָטעל באַצאָלט פאַר אייך מיט מאָלצייטן אויף אַ גאַנ־צער וואָך. נאָך דער וואָך וועט איר דאַרפן מיט די אַכציק דאָלער אויס־קומען ביז איר וועט אָנהייבן עפּעס פאַרדינען.

דער הער באַראַף איז אַריינגעקומען און גענומען אים אויסציילן די דאָלאַרן, נאָר ער, נתן חיים, האָט נישט אויפגעהויבן דעם בליק. ווען ער קען, וואָלט ער פון בושה אַנטלאָפן ווו די אויגן וועלן אים טראָגן. קריגן פון אַמעריקע אויף אַ שיפקאַרט איז שוין נישט אַ געוויינלעכע זאַך, ווער האָט נישט געקראָגן אויף אַ שיפקאַרט פון אַמעריקע? גאָר עפּעס אַנדערש איז אָבער צו נעמען געלט אָט ווי דער הער באַראַף ציילט עס דאָ פאַר אים אויס.

— נעמט צו דאָס געלט, פיינזילבער, און פילט זיך נישט געפאַלן, האָט דער הער שלעזינגער געפרוווט אים אַרויסנעמען פון דער פאַרלעגנהייט. יעדער פון אונדז האָט געקראָגן הילף ביים קומען קיין אַמעריקע, דערביי האָט ער אַרויסגענומען פון וועסטל קעשענע דאָס זייגערל, אַ קוק געטאָן: — נו, פיינזילבער, מירן באַלד גיין עסן „לאָנטש“.

— איר ווייסט וואָס „לאָנטש“ מיינט? האָט דער הער באַראַף אַזוי גוט־

מוטיק אים געפּרעגט. לאַנטש אין אַמעריקע איז ווי מיטאָג בײַ אײַך אין
יוראָפּ, ריכטיקער ווי וואַרעמעס, ווײַל מיטאָג, וואָס הייסט בײַ אונדז „סאַ־
פּער”, עסט מען אין אַמעריקע פֿאַר נאַכט, נאָך דער אַרבעט.

— די תּורות, פֿײַנזילבער, וועט איר זיך אויסלערנען שפּעטער, דער־
ווײַל קוקט זיך אַ ביסל אַרום ווי אַ יוניאָן אָפּיס אין אַמעריקע זעט אויס.
שפּעטער וועל איך אײַך נעמען אויף לאַנטש.

# קאַפּיטל אַכט

— קומט, פּיינזילבער, איר גייט? האָט אים דער מיסטער שלעזינגער גענומען פֿאַרן אָרעם, — איידער מיר׳ן גיין אויף „לאַנטש״, וויל איך אייך אַריינפירן צו יאַנאָווסקין. איר האָט געהערט פון יאַנאָווסקי?

— ער איז דאַכט זיך אַ שרייבער ביי די אַנאַרכיסטן?

— ער איז דער רעדאַקטאָר פון אונדזער „גערעכטיקייט״. איר האָט שוין געזען דאָס וואָכנבלאַט, וואָס אונדזער „אינטערנעישאַנאַל״ גיט אַרויס?

אָט אַזוי גייענדיק מיט אים איבערן לאַנגן קאָרידאָר האָט דער מיס־טער שלעזינגער אים אַריינגעפירט אין אַ קליין צימער. אַ דראָבנע מענטשל מיט אַ גרוי בערדל און געל־פאַרטאָבעקטע וואָנסעס איז דאָ געזעסן ביי אַ פאַרשטויבטער שרייבמאַשין און מיט די צוויי ווייזפינגער, ווי די שנובן ביי צוויי פייגל, האָט ער „געדזשאָביעט״ די שליסלען פון דער מאַשינקע אַזוי גיך, גיך.

— יאַנאָווסקי, האָט דער הער שלעזינגער אַרויסגעריסן דאָס ייִדעלע פון זיין פאַרטאָענקייט, — אָט איז דער וואַרשעווער און צו אים, נתן חיימען: — פאַרברענגט דאָ ביז איך וועל אַריינקומען, וועט מען גיין עסן „לאַנטש״.

דאָס ייִדעלע האָט אַ זשמורע געטאָן מיט זיינע קליינע, גרוי־וואַסער־דיקע אייגעלעך אַריבער די אייגענע שפּאַקולן, גענומען נתן חיימס אויסגע־שטרעקטע האַנט אין זיין ביינעריק־קאַלט הענטל אַריין:

— אָ, דאָס זענט איר? נו, זיצט, האָט ער אים געוויזן אויף אַ געדראָ־טעוועטער טאַבורעטקע לעבן זיך, — דערציילט עפּעס, וואָס הערט זיך אין פּאַריז, אין וואַרשע?

— וואָס זאָל זיך הערן? האָט ער, נתן חיים, ווי זיין טבע אים צוריק־געפרעגט. — דער פראַנצייזישער אַרבעטער איז שטענדיק גרייט צו גיין אויף באַריקאַדן, נאָר אַ פּשוטן סטרייק, וואָס זיי רופן אין דער אייגענער „אַטעליע״, ברעכן זיי גלייך אויף צומאָרגנס. ווידער די פּאָליאַקן? ווער קען זיי בישט? פול מיט האָנאָר און נאָך פולער מיט אַנטיסעמיטיזם. דער „דזשאַדעק״ זייערער, פּילסודסקי, טוט אַ פאַרשפּיץ זיינע צוויי שליאַ־כעצקע וואָנסעס, מיינט ער שוין, ער האָט צוריק זיין אַמאָליק פּוילן, „אָד

מאַרזשאַ, דאָ מאַרזשאַ״, פון שוואַרצן ים ביזן באַלטישן. וועגן דעם ייִדישן מצב אין פוילן? פרעגט בעסער נישט. ס׳איז ביטער, וואָס ביטערער קען נישט זיין. די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אוודאי שיין אַנט־וויקלט, די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פירן אַ גרויסע טעטיקייט, מ׳איז „חבר־לאַוועער״ מיטן פוילישן פּראָלעטאַריאַט. נאָר די פוילישע חברים וועלן אַרויס אין אַ סטרייק אויב אַ ייִדישער פאַבריקאַנט וועט פּרוּוון אַריינ־נעמען אַ ייִדישן אַרבעטער אין זיין מעכאַניזירטער פאַבריק. וואָס דאַרפט איר מער? אַפילו ווערן אַ סטרוזש, צו רייניקן די אָפּטריטן ביי אַ ייִדישן ווירט אין זיין הויז, לאָזן זיי אויך נישט קיין ייִד.

ער האָט געמיינט, נתן חיים, אַז דעם ייִדעלעס זיצן אַזוי שטיל און צושאָקלען מיטן פליכעוואַטן קעפּל בעת זיין דערציילן, מיינט אַז ער איז גערירט, דער אַלטער, אַז דער טרויעריקער גרוס האָט אים צענומען. צום סוף גאָר האָט דאָס ייִדעלע אויף ס׳ניי אַנגעשטעלט אויף אים זיינע צוויי גרוי־וואַסעריקע אייגעלעך און אַזוי שלוי־חוזקדיק אים געפרעגט:

— ווי אַלט זענט איר?

— ווער איך? האָט נתן חיים, אַ צעטומלטער, אים קריק־געפרעגט, ער איז שוין געוואָרן צוויי און צוואַנציק יאָר.

— אַזוי? שוין צוויי און צוואַנציק יאָר! האָט דאָס ייִדעלע אָפּלאַ־כעריש איבערגעחזרט זיין עלטער. פאָלגט מיך, פיינזילבער, אַזוי דאַכט זיך הייסט איר? גייט שפּילן באַל. אַ בחורל אין אַמעריקע פון אייער על־טער, פאַרנעמט זיך נאָך נישט מיט סטרייקס, פּאָליטיק, רעוואָלוציעס.

ער איז געבליבן ווי אָפּגעגאָסן מיט אַ צעבער קאַלט וואַסער, נתן חיים. „הער נאָר דאָ! דער רעדאַקטאָר פון אַ פּראָלעטאַרישער צייטונג זאָל זיין אַזאַ ציניק״? ער איז גיך אויפגעשטאַנען פון טאַבורעט, נתן חיים, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — אַ גוטן, און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— וואָס לויפט איר? האָט דאָס ייִדעלע אים אָנגעכאַפּט ביים אָרעם, — איך האָב נישט געמיינט אייך צו באַליידיקן.

— קומט, פיינזילבער, האָט דער הער שלעזינגער, גראָד אין דער מינוט זיך אַריינגעוויזן אין דער טיר, אָן אָנגעטאָענער שוין אין מאַנטל, אַ ברוינ־לעכער מיט אַ ברוינעם קאַפּעליוש אין האַנט.

נתן חיים האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר און דאָס ייִדעלע האָט אים נאָכגערופן:

— פון דעסטוועגן, קומט אַריין, מירן נאָך שמועסן.

אין דרויסן איז ווידער געהאַט אָנגעפאַלן אַ שניי, אַ נאַסער, וואָס איז צעגאַנגען אונטער די פיס, איז דער טראָטואַר, דער מיטנוועג, געווען איין

בלאָטיקע מיירע און דאָס געגיי און געפּאָר איצט, אין האַלבן טאָג, איז געוועזן געדיכטער, שווערער נאָך ווי אין דער פרי. ביים אַריבערגיין די גאַס האָט נתן חיים דערזען אין ראָג פון דעם סקווער אַ מאָדנע קאַפּעליע פון דריַ מוזיקאַנטן אין מיליטערישע פלאַשטשעס מיט שליפעס אויף די אַקסלען און היטלען מיט אַמאַראַנט־רויטע לאַמפּאַסן אויף די קעפּ. די צוויי מענער אין דער קאַפּעליע, האָבן געבלאָזן אין צוויי גלאַנציק־מעשענע טראָמפּייטערס און די פרוי, די דריטע מוזיקאַנטקע, אויך אין אַזאַ פלאַשטש, נאָר אין אַ היטעלע. ווי אַ שיפל אויף איר קאָפּ, האָט געהאַט צוויי אַמאַ־ראַנט רויטע אַטלאַס־בענדער אַראָפּהענגגען איבער איר פּלייצע. זי האָט פון אַ סידורל אַרויס צוגעזונגען עפּעס ווי קירכלעך געזאַנג. דער פּאַר־ביישטראָמיקער עולם האָט געוואָרפן מטבעות אין אַ רויט־עמאַלירטער־שיסל, אַן איבערגעצויגענע מיט אַ דראַטענער שאַטקע, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ דרייפוסיקן געשטעל. אויך דער מיסטער שלעזינגער האָט אַריינגע־וואָרפן אַ זילבערשטיקל אין דער פאַרדראַטעוועטער שיסל.

נתן חיים, גייענדיק לעבן אים, האָט געקוקט און געשטוינט, נישט גע־גלייבט זיינע אויגן. דער הער שלעזינגער איז דאָך אַ סאָציאַליסט, ווי זשע קומט ער צו געבן קאַפּיטאַליסטישע צדקה?

— איך זע, פיינזילבער, איר ווונדערט זיך, האָט דער הער שלעזינגער גענומען דעם גאַסט אונטערן אָרעם, ביים אַריבערגיין צום צווייטן טראָ־טואַר. — איר מיינט איך האָב שוין פאַרגעסן אַז אין יוראָפּ זענען די סאָציאַליסטן קעגן קאַפּיטאַליסטישער צדקה? אין מיינע יונגע יאָרן אין יוראָפּ, האָב איך אויך געמיינט אַז צוליב דער קאַפּיטאַליסטישער צדקה, קומט נישט די רעוואָלוציע. היינט בין איך עלטער, ווייס איך אַז דאָס איז אַ נאַרישקייט. ביז דער סאָציאַליזם וועט קומען, דאַרפן דערווייל די אָרעמע לייט עסן.

זיי זענען אַריין אין אַ רעסטאָראַן. ווי וויל ס'איז דאָ געווען פול אַרום אַלע טישלעך און מענטשן זענען געשטאַנען און געוואַרט פאַר אַן אָרט, איז דאָך דער הויפּטקעלנער, ווי נאָר ער האָט זיי געזען אַריינקומען, אַקעגנגעגאַנגען דעם הער שלעזינגער, צוגעפירט זיי ביידע צו אַ ווייס געגרייט טישל פאַר צוויי און נאָך געהאָלפן זיי אויסטאָן, דעם הער שלע־זינגער זיין מאַנטל, אים די בעקעשע און זייערע ביידנס היט, און אַלץ אָוועקגעהאָנגען אויף אַ הענגער.

— איר מיינט ער באַדינט אַזוי מיך? האָט דער הער שלעזינגער שעל־מיש אַ קוק געטאָן אויף אים, נתן חיימען. — דאָס באַדינט ער אַזוי זיין „טיפּ״.

— וואָס מיינט „טיפּ״?

— בײַ אײַך אין פּוילן רופט מען דאָס „טרינקגעלט״.

— וואָס? האָט נתן חיים אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן, — אין אַמעריקע גיט מ׳נאָך טרינקגעלט? אין פּוילן האָבן די פּאַר־איינען שוין לאַנג אָפּגעשאַפט דעם קאַפּיטאַליסטישן איינפיר. דער רעסטאָ־ראַטאָר שטעלט צו צום רעכענונג צען פּראָצענט פאַר באַדינונג, פילט זיך דער קעלנער נישט געפאַלן, ער דאַרף נישט, ווי אַ בעטלער, קוקן דעם גאַסט אין האַנט אַרײַן.

— דערפאַר האָט איר דאָרט אַזאַ קלאָגעדיקע „סערוויס״, באַדינונג מיין איך. אַז דער „ווייטער״, דער קעלנער מיין איך, האָט נישט וואָס צו דער־וואַרטן פון גאַסט, האָט ער אים אין דער ערד.

— אין אָנהייב איז טאַקע אַזוי געווען, האָט נתן חיים מודה געווען. די קעלנער איז געווען שווער זיך צוגעוווינען נישט צו קוקן דעם גאַסט אין האַנט אַרײַן. הײַנט איז בעסער, זיי דערוואַרטן נישט, ווי איר רופט דאָס, אַ „טיפּ״, זענען בײַ זיי אַלע געסט גלײַכע מיוחסים, דער אָרעמער ווי דער רײַכער.

— מיוחסים צי נישט מיוחסים, קומט זיך וואַשן די הענט.

גייענדיק מיט דעם הער שלעזינגער צום וואַש־צימער, האָט ער גע־טראַכט, נתן חיים: „זיי זענען עפּעס גאָר „לאָפּקע״ סאָציאַליסטן, די אַמע־ריקאַנער. קאַפּיטאַליסטישע צדקה איז בײַ זיי רעכט, אָפּשאַפן טרינקגעלט — דאָס נישט, באשר דער רײַכער וועט נישט קענען זיין מער יחסן פון אָרעמאַן״.

ביים צוריקזעצן זיך צום טיש איז צוגעקומען אַ קעלנערין אין אַ גרינעם, שטײַף געפּרעסטן אוניפאָרם. אויף איר שוואַרצן קאָפּ האָר איז איר געזעסן אַ ווייס טשיפּיקל און די בענדער פון אַ ווייס פאַרטעכל האָבן אַרומגענומען איר טאַליע, אַ דינע, אַ „זגראַבנע״ און זיך פאַרבונדן הינטן אין אַ ברייטן שיינעם שלייף. זי האָט אַוועקגעשטעלט פאַר יעדן פון זיי אַ גלאָז וואַסער, אין מיטן טיש — אַ געפלאָכטן קיישל מיט געבעקס און שוין געשטאַנענע גרייס מיט אַ בלייער אין דער רעכטער האַנט און אַ בלאָקל פּאַפּיר אין דער לינקער.

קוקנדיק אין דער שפּייזקאַרט, די „מעניו״, האָט דער הער שלע־זינגער אים געפרעגט:

— וואָס באַשטעלן פאַר אײַך, פּיינזילבער?

— איך ווייס? האָט נתן חיים, ווי זיין טבע, געהויבן די אַקסלען. — וואָס איר וועט באַשטעלן יועט זיין גוט.

דער הער שלעזינגער האָט עפּעס געזאָגט דער קעלנערין, יענע איז אַוועק ברענגען דעם באַשטעל, האָט ער זיך צוריק אומגעקערט צו אים, נתן חיימען:

— נו, אַט זענט איר שוין אין אַמעריקע, וואָס ווייטער? כ׳מיין צו וואָס רעכנט איר זיך דאָ צו נעמען?

— צו וואָס? האָט נתן חיים איבערגעחזרט דאָס וואָרט. — ער קען גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק, ער קען זיך נוצלעך מאַכן אין אַ פאַראיין.

— נוצלעך זיין אין אַ יוניאָן, דאָס קענט איר געוויס, אָבער נישט באַלד, מ׳דאַרף קענען ענגליש, דערצו איז דאָס ווערן אַ יוניאָן־טוער ביי אונדז נישט אַזוי איינפאַך ווי ביי אייך, אין פּוילן. דאָרט, ווי כ׳האָב געהערט, אַז ס׳רוקט זיך אַרויס אַ פּעזיקער יונגערמאַן, זעצט אים גענאָסע יוזעף, אָדער ווי מיר רופן אים, נח, אַריין אַלס סעקרעטאַר אין אַ פאַראיין צי אין אַ קאָאָפּעראַטיוו. ביי אונדז אין די אַמעריקאַנער יוניאָנס, קען קיינער קיינעם אין ערגעץ נישט אַריינזעצן, דאָ מוז יעדער יוניאָן־באַאַמטער אויס־געוויילט ווערן און דאָס גייט נישט איינס און צוויי. צום ערשט מוזט איר ווערן אַ מעמבער, אַ מיטגליד הייסט עס ביי אייך, אין וועלכער יוניאָן, איר מוזט אַריין אין שאַפּ אַרבעטן, קומען צו די לאָקאַל־מיטינגען, אויסגעוויילט ווערן אַלס שאַפּ־טשערמאַן, דאָס מיינט ווערן פאָרזיצער פון די בעל־מלאָכות אין אייער שאַפּ, דערנאָך „לויפט״ איר אַלס מעמבער צום לאָקאַל עקזעקוטיוו־באָרד. נאָך דעם אַז איר וועט זיין אויסגעגרינט, איר וועט שוין קענען נישט־קשה ענגליש, לויפט איר אַלס „מענעדזשער״ און, ווער ווייסט? אפשר אויך פאַר פּרעזידענט.

— ס׳האַלט נאָך נישט דערביי, האָט נתן חיים געשמייכלט.

— פיינזילבער, אין אַמעריקע איז אַלץ מעגלעך, און געוויס פאַר אַ פּעזיקן יונגנמאַן ווי איר. די יוניאָנס האָבן דאָך אייך אַראָפּגעבראַכט, וועט איר קריגן אַ „פּוש״ אין וועלכער יוניאָן איר וועט נאָר אַריין.

נתן חיים האָט סיי געהערט און סיי זיך געשפּילט מיטן געשיר, גע־מאַכט אַ „בענקעלע״ פון גאָפּל מיטן גרויסן און קליינעם לעפעלע. ער האָט געוואָלט איבערפרעגן וואָס עס מיינט „לויפן״ פאַר אַן אַמט. וואָס איז ער אַ פערד, וואָס לאָזט זיך אין אַ געלויף? ער ווייסט אויך נישט וואָס עס מיינט „וואָקינג דעלעגאַט״, אַ „פּוש״, וויל ער אָבער נישט אַזוי פיל באַ־לעסטיקן דעם הער שלעזינגער. זיין געזיכט איז אַזוי ווייטיקדיק צעקרימט, אַזוי נערוועז־מיד. דער מענטש זעט אים אויס צו זיין זייער קראַנק, איז ווי קען ער אים מאַטערן מיט אַזוי פיל פראַגן? נאָר אַפילו אָן פאַרשטיין

די אַלע מאָדנע ווערטער, זעט ער אויך איין, נתן חיים, אַז אין דעם אַמע־ריקע איז גאָרנישט אַזוי לײַכט צו עפּעס זיך צו דערשלאָגן.

די קעלנערין האָט צוגעברענגט דעם באַשטעל: צוויי פּולמעסאָקלעך מיט מילכיקס. ער, נתן חיים, האָט נישט געגלייבט זײַנע אויגן. סוף יאַנואַר, אין דרויסן פּאַלט אַ שניי און דאָ, אויף די פּולמעסאָקלעך, לעבן דעם בערגעלע צוואָרעך, לעבן דער אויסגעשפּרייטער סמעטענע, ליגן אַזוי שיין אויסגעלייגט בלעטלעך שאַלאַטן, רעפּטעלעך פרישע אוגערקע, רינגען גרינע פעפער, רויטע, פריש פון דער בייט אַרויס, ראש־חודש רעטעכלעך און, לענג־אויס דעם אַלעם — יונגע ציבעלקעס מיטן גרינעם טשיפּיאָרעק, גלײַך אין דרויסן וואָלט איצט געווען אין מיטן מײַ!

ביים טרינקען די קאַווע און צועסן אַזאַ וווּנדערלעכן קוכן מיט זיסער, געשלאָגענער סמעטענע און געהאַלבטע פרישע, רויטע טרוסקאַווקעס אויף דעם קוכן, האָט דער הער שלעזינגער ווידער אַ קוק געטאָן אויפן זייגערל:

— פּיינזילבער, מ׳דאַרף גיין. מיר האָבן באַלד אַ גענעראַל־עקזעקו־טיוו מיטינג. איר׳ט זיך דאָרט באַקענען מיט אונדזערע וויִס־פּרעזידענטן. אין אָוונט, באַלד נאָך דער אַרבעט, וועט דייוויד קומען צו אײַך אין האָטעל און אײַך נעמען צו אַ לאָקאַל־מיטינג פון די „ווייסטמייקערס״, איר דאַרפט זיך באַקענען מיט אונדזערע יוניאָנס. וועט דאָס אויף הייַנט זײַן פאַר אײַך גענוג. מאָרגן וועט אײַך דייוויד נעמען צו דער „אמאלגאמייטעד״ און אויך אין אייער קעפּ און העט יוניאָן.

מילא, דאָס געבן שלום עליכם די וויִס־פּרעזידענטן, איינס נאָכן אַנ־דערן, האָט אים, נתן חיימען, נישט אַזוי שטאַרק אינטערעסירט. בטבע נישט קיין אונטערהאַלטער, אויך נישט קיין פּלייצע־קלאַפּער, שליסט ער נישט אַזוי גיך קיין קאָנטשאַפּט, בפּרט אַז די מענטשן זענען גלײַך געוואָרן אַרײַנגעטאָן אין פּאַרשידענע פּראָבלעמען פון זייער אַרגאַניזאַציע, אַ קלייניקייט? אַ פּראָפעסיאָנעלער פּאַראיין פון איבער הונדערט טויזנט מיט־גלידער, מיט לאָקאַלן צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. דערפאַר אָבער איז ער אויף דער פאַרזאַמלונג פון די בלוזקע־מאַכערינס אין אָוונט, גלײַך אַרײַנגעצויגן געוואָרן, אַז ער האָט ממש געשטוינט אַזוינס זאָל מעגלעך זײַן אין אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. דאָ טאַקע, אויף דער פאַרזאַמלונג האָט ער, נתן חיים, אײַנגעזען וואָסער פאַלשע מיינונג מען האָט אין פּוילן וועגן די אַמעריקאַנער, ייִדישע יוניאָן־באַאַמטע. „ניין, האָט ער געטראַכט, זיי זענען נישט קיין קאַלט־ציניִשע יוניאָן־ביוראָקראַטן״.

דער זאַל איז געווען פול מיט די בלוזקע־מאַכערינס. קיין איין מאַן איז נישט געווען צו זען צווישן די פיל רייען. חוץ דעם פאַרוואַלטער, אָדער

ווי זיי רופן אים: דער „מענעדזשער", זענען אַלע אויף דער עסטראַדע, ווי אויף אַלע בענק אין זאַל — פרויען און שוין נישט קיין יונגע.

ער איז געזעסן, נתן חיים, אין דער ערשטער ריי, לעבן פּרעזידענט שלעזינגער, וואָס איז דאָ געקומען בלויז צוליב אים, דעם גאַסט, ער זאָל זען ווי אַזאַ פאַרזאַמלונג גייט צו. האָט ער זיך צוגעהערט ווי איין רעד־נערין נאָך דער אַנדערער פייערט נישט בלויז קעגן דעם מענעדזשער, קעגן דער עקזעקוטיווע, וואָס ראָטן זיי צו שטימען פאַר אַ קאָנטראַקט מיט די „באָסעס", נאָר אויך קעגן דעם יוניאָן־פּרעזידענט, דעם הער שלעזינגער. שליידערן אים אין פּנים עפּיטעטן, וואָס אין אַ וואַרשעווער פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וואָלט אַזוינס נישט מעגלעך געווען. ווען אַ מיטגליד דאָרט וואָלט געוואָגט אַזוינס צו זאָגן, וואָלט דער פאָרזיצער נישט בלויז צוגענומען ביים רעדנער דאָס וואָרט, נאָר ער וואָלט נאָך באַשטראָפט געוואָרן פאַר עפנטלעך פאַלש באַשולדיקן און באַליידיקן פאַראיין־באַאַמטע. און דאָ לאָזט דער פאָרזיצער זיי רעדן און דער הער שלעזינגער זיצט שטיל, מ'זאָל דאָס הערן פון אים אַ פּיפּס! כאָטש לויט די גרימאַסן אין זיין פּנים, זעט ער, נתן חיים, ווי דער מענטש קורטשעט זיך אונטער דעם האָגל זידלערייען, ווערט גרין און געל און די שוואַרצע רינגען אַרום זיינע מידע אויגן, ווערן נאָך שוואַרצער, נאָך טיפער.

אין טראַמוויי, ביים אָפּפירן אים אין האָטעל אַריין, האָט דער מיסטער שלעזינגער אים געפרעגט:

— נו, פיינזילבער, וואָס זאָגט איר? פאַראַן ביי אונדז רעדע פריי־הייט? צי נישט.

— וואָס איך זאָג? איך בין דערשטוינט! אין פּוילן וואָלט אַזוינס נישט מעגלעך געווען. מיטגלידער פון אונדזערע פאַראיינען וואָלטן זיך קיין מאָל נישט דערלויבט אַזוי צו זידלען פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. קריטיקירן? אַוודאי! אָבער וואַרפן אַ באַאַמטן אין זיין פּנים: „פאַררעטער", „פאַר־קויפטע נשמה", דאָס וואָלטן מיר נישט טאָלערירט.

— ווען איר, פיינזילבער, וואָלט אַזוי געקענט די רעדנערינס, ווי איך קען זיי, וואָלט איר זיי אויך טאָלערירט. איר האָט געזען די רעד־נערינס? איך קען יעדע איינע פון זיי. געוויס טוט וויי אַזוי געזידלט צו ווערן פון מעמבערס ביי אַ לאָקאַל־מיטינג פון אַ יוניאָן, וואָס פאַר איר, ווי פאַר דער גאַנצער „אינטערנייישאָנאַל", האָב איך מיין לעבן מיין כּוח און געזונט אַוועקגעגעבן. איר קענט אָבער נישט האָבן קיין טענות צו זיי. איר מוזט זיי מיטפילן. איר האָט זיי דאָך געזען, די אַלע, וואָס האָבן גע־רעדט. קיין איינע פון זיי איז נישט פאַרהייראָט. אַלע זענען זיי עלטערע,

פּאַרזעסענע מיידלעך. איז זיי נעבעך אָנגעזאָליעט אויף די הערצער. איז, אויף וועמען זאָלן זיי שרייען, זיך בייזערן, זידלען, אויף די מענער, וואָס זיי האָבן נישט? זייט זיכער, פּיינזילבער, ווען זיי וואָלטן געהאַט אייגענע פֿאַמיליעס, אַ מאַן, קינדער, וואָלטן זיי נישט געווען אַזוי פֿאַרביטערט קעגן אַלץ און אַלעמען, אַפּילו אַ שטיקל אייגענע היים האָבן זיי דאָך נישט, נאָר וואַלגערן זיך ווי באַרדערקעס ביי בייזע, אָנגעכמורעטע מיסעסעס. ווילט איר זיי זאָלן זיין געלאַסן, האָבן איינזען? אַז ס׳לעבן האָט נישט קיין איינזען מיט זיי!

יענע נאַכט איר ער, נתן חיים, לאַנג געלעגן וואַך, געקוקט דורך די גרויסע פֿענצטער אין דעם טריבן. רויטן ליכט פֿון דער האָטעל־שילד און אין מוח ביי אים האָט געראַיעט, געזשמײַעט: „אָ, ווי אַנדערש ער זעט איצט דעם הער ע׳לעזינגער! אין וואַרשע, אויך אין פּאַריז, ווען ער האָט זיך געטראָפֿן מיט דעם שלאַנקן, יונגטלעך־רירעוודיקן מאַן מיט קלוג דורכנעמענדיקע אויגן, אַזאַ עלעגאַנט־אָנגעטאָענער, דער קאַפּעליוש אַזוי פֿאַצעטיש־זייטיקלעך אויפֿן קאָפּ, האָט ער, נתן חיים, ווי אַלע אַנדערע אין דער פֿאַרוואַלטונג, געמיינט מ׳האָט דאָ צו טאָן מיט אַ קאַלטן, כיטרען ליטוואַק, אַ ציניִשער יוניאָן־ביוראָקראַט. האָט ער היינט ביי טאָג און אויף דער פֿאַרזאַמלונג איין אָונט, געזען פֿאַר זיך אַ גאַנץ אַנדער מיסטער שלע־זינגער, אַ טיף מיטפֿילנדיקער מענטש, אַן אויסגעליטענער בויער און פֿירער פֿון אַ יוניאָן. אָ, ווי ריכטיק עס איז דער ייִדישער געבאָט: „זאָלסט נישט דן זיין קיינעם לכּף חוב, נאָר שטענדיק לכּף זכות“.

# קאַפּיטל ניין

ער איז געווען באַרוישט, נתן חיים, אויף דעם האָט ער זיך גאָרנישט געריכט. אַזוי פּיל אָנזען!

אויף דעם גענעראַל עקזעקוטיוו־מיטינג פון דער אינטערנייישאָנאַל, האָט איינער פון די וויספּרעזידענטן, יאַנקעלע האַלפּערין, אַ פּרעכטיקער יונג מיט אַ קאָפּ בלאָנדע, געלאָקטע האָר און צוויי בלויע, לאַכעדיק־שטיפעריש אויגן זיך געווענדט צו אים:

— ברודער פיינזילבער, ווי אונדזער פּרעזידענט שלעזינגער דערציילט, זענט איר גאָר אַ וואַזשנער רעדנער, איז אפשר וואָלט איר ביי אונדז אויפגעטרעטן אויף אַ סטרייק־מיטינג? אונדזער לאָקאַל איז פאַרוויקלט אין אַ שווערן קאַמף מיט די באָסעס, וואָלט גוט געווען ווען איר, אַ פרישגע־קומענער פון יוראָפּ, זאָלט אַ ביסל אויפלעבן די בעל־מלאָכות, זיי אַ ביסל אָנוואָרעמען.

— האַלטן אַ רעדע פאַר די סטרייקער? האָט נתן חיים, ווי זיין טבע, צוריקגעפרעגט, — פאַר וואָס נישט? כ'האָב נאָר מורא איר זאָלט נישט זיין אַנטוישט. כ'בין גאָרנישט אַזאַ „וואַזשנער" רעדנער, ווי דער פּרעזידענט שלעזינגער האָט מיר געמאַכט אַ שם.

— צי איר זענט אַ גוטער רעדנער, דאָס וועלן מיר זען. „די מיין טינג", כ'מיין די הויפּט־זאַך איז, צי איר זענט גרייט אויף מאָרגן, צען אין דער פרי.

נאָך דעם מיטינג האָט ער, נתן חיים, אַפילו געמיינט אַז דאָס איז געווען איינע פון זיינע שוואַכע רעדעס, נישט חלילה, קיין דורכפאַל, ווי ער האָט געהאַט אין פּאַריז, אויפן טרויער־אָוונט צו די שלושים נאָך ש. אַנסקי. אַזאַ אויפטריט ווי דאָרט האָט ער קיין מאָל פריִער נישט געהאַט און ער האָט זיך דאָך געבעטן מ'זאָל דעם כבוד אָנפאַרטרויען אַן אַנדערן, אַ מענטש, וואָס איז מער ראוי פאַר אַזאַ הספד. אָבער אַ רעדע פאַר אַר־בעטער, בפרט נאָך ווען זיי זענען אין אַ סטרייק? אַזאַ רעדע קען ער האַלטן צו יעדער צייט, אַפילו ווען מ'וועקט אים אויף פון שלאָף. און די סטרייקער אין „וועבסטער האָל", איבער טויזנט אירע, זיי האָבן אים גע־שענקט זייער צוטרוי נאָך איידער ער האָט געעפנט ס'מויל. שוין ביים

פאַרשטעלן אים אַלס סעקרעטאַר פון וואַרשעווער נאָדל־פּאַראײַן, האָבן אים די אַרבעטער אַפּלאָדירט און נאָך זײַן רעדע האָבן זײ אים געמאַכט אַזאַ אָוואַציע, אַז ר׳האָט זיך געוויטלט פון פאַרשעמטקייט. וועמען פון די פּראָפעסיאָנעלע טוער אין וואַרשע האָבן די אַרבעטער געמאַכט אָוואַציעס? דער עיקר, אויך דער יאַנקעלע האַלפּערין, דער „מענעדזשער״ זייערער, איז געווען שטאַרק צופרידן פון זײַן אויפטריט, אים געקלאַפּט אין פּלייצע:

— ברודער פײַנזילבער, איר וועט זײַן „אַלרײַט אין אַמעריקע״! דערבײַ האָט ער אים זײַטיקלעך עפּעס געשטופּט אין האַנט אַרײַן.

— וואָאָס? האָט נתן חיים צוריקגעכאַפּט די האַנט, — איר גייט מיר באַצאָלן פאַר רעדן צו סטרײַקנדיקע אַרבעטער? חלילה! איך בין אַזוי אויך געוווּנט בעל־חוב צו די יוניאָנס פאַר ברענגען מיך קיין אַמעריקע.

— ברודער פײַנזילבער, זײַט נישט קיין גרינער. אין אַמעריקע גייט די סדרה: „לעולם תיקח, אַז מ׳גיט פיק׳עך״ און מיט כּוח אים אַרײַנגע־שטופּט אין האַנט אַ פינפער דאָלער, נישט קיין פּאַפּירל, נאָר אַ גאָלדענעם אימפּעריאַל.

גאָר באַזונדער איז געווען זײַן אָנזען בײַ די מענער־שנײַדער, וואָס זייער גענעראַל־סעקרעטאַר, דעם הער יוסף שלאָסבערג, אַן אײדעלער מענטש, אַ גרויער שוין, וואָס האָט געטראָגן אײראָפּעיִש־עלעגאַנטע ברילן מיט זילבער־גלאַנציקע האָלאָבליעס אַריבער די אויערן, מיט אים האָט ער, נתן חיים, זיך נאָך באַקענט אין פּאַריז, בײַ די גלעזערס אין הויז. איצט, אַז דער דײַוויד, דאָס בחורל פון דער אינטערנײשאָנאַל, איז מיט אים אַרויפגעקומען אין דער אמאלגאמייטעד יוניאָן, איז דער הער שלאָסבערג אים אַקעגנגעגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, זיך געגריסט מיט אים, ווי מיט אַ לאַנגיאָריקן פרײַנד און, ווי אַזאַ, אים אַרײַנגעפירט צום הער הילמאַן אין זײַן קאַבינעט.

וואָס אַן אמת, דער פּרעזידענט פון דער מענערשנײַדערס יוניאָן, דער הער סידנעי הילמאַן, האָט אים אויפגענומען אַ ביסל קאַלטלעך. אַ יונגער־מאַן נאָך, זעט אויס אַן אומגעדולדיקער, די געקרויזטע, טונקלברוינע האָר פאַרקעמט אין אַ זײַטיק שרונטל מיט אַ גזשיבקעלע איבערן שטערן, ער האָט אים, נתן חיימען, דערלאַנגט די האַנט אַריבערן שרײַבטיש, געבעטן אים זיצן און, מער אויס העפלעכקייט איידער אמתע פאַראינטערעסירונג, אים געפרעגט וועגן דעם, וועגן יענעם און שוין אָפּגעווענדט פון אים דעם בליק, אַזאַ קלוג־דורכדרינגענדיקער און זיך געווענדט צום סעקרעטאַר.

— שלאָסבערג, מ׳דאַרף דעם גאַסט פאַרבעטן צום מעדיסאָן סקווער גאַרדן מיטינג. פאַר אַן אַריבערגעקומענעם וועט זיכער זײַן אינטערעסאַנט

צו זען אַ מאַסנדעמאָנסטראַציע פון איבער צוואַנציק טויזנט שניידער אונ־
טער איין דאַך.

— צוואַנציק טויזנט אַרבעטער אין איין זאַל? האָט ער, נתן חיים,
אויפגעריסן אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן. אַבי ער האָט געמיינט אַז דער
„טראָקאַדעראָ" אין פּאַריז איז דער גרעסטער זאַל אין דער וועלט. ווען
ער איז דאָרט געווען אויף דעם מאַסנמיטינג, וואָס די ליגע פאַר מענטשן־
רעכט האָט גערופן צו פּראָטעסטירן קעגן די אוקראַאינישע פּאָגראָמען אויף
ייִדן, איז ער געוואָרן פאַרבליפט, זעענדיק זעקס טויזנט מענטשן אונ־
טער איין דאַך און דאָ גאָר שמועסט מען וועגן אַ זאַל, וואָס נעמט אַריין
איבער צוואַנציק טויזנט אירע! ווי אַזוי קען דער עולם אין אַזאַ ריזיקן זאַל
הערן דעם רעדנער? ווי ווייט גרייכט דען אַ מענטשנס קול?

איז ער דאָס איצט געזעסן אויף דער ריזיקער עסטראַדע, נתן חיים,
געקוקט, געגאַפט, זינט ער לעבט! אַ ריזיקע שיסל מיט טויזנטער צע־
שטעלטע שטולן אונטן און רייען איבער רייען מיט שטולן אַרום און אַרום,
ווי טרעפּ אונטן ביז אַרויף אונטערן סופיט, אפשר צען שטאָק הויך און
אויף די אַלע טויזנטער און טויזנטער שטולן זיצן מענטשן, ממש אַ מוראַוו־
ניק מיט מענטשן!

ער איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט, נתן חיים, פון דער מענטשן־פּאַנאָראַמע,
אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט ווי ביים פּרעזידיום־טיש, ביי זיין רעכ־
טער האַנט, זיצט יאָסעלע ראָזנבלאַט, דאָס קליינע ייִדעלע מיט דער לאַנ־
גער, רויטער באָרד. וואָס נאָך אין פוילן האָט ער, נתן חיים, געהערט אַז
אָט, דאָס קליינע ייִדעלע, איז אפשר אַ גרעסערער חזן פון דעם גרויסן
גרשון סיראָטע פון דער טלאָמאַצקע שול אין וואַרשע.

וואָס ער האָט דאָ נישט באַנומען, נתן חיים, איז געווען דער איינפאַל,
צו האָבן אַ חזן צו אַ סטרייק־מיטינג. קענען טאָקע די ייִדישע שניידער־
אַרבעטער אין אַמעריקע אַזוי זיך נישט באַגיין אָן אונטערהאַלטונג, אַז
אַפילו בעתן געראַנגל מיט זייערע באַלעבאַטים אין אַזאַ לאַנגן, פאַרבי־
טערטן סטרייק, מוזן זיי האָבן אַ חזן זיי אונטערצוהאַלטן? צו פאַרווילן
זיי? אַוודאי ווייסט ער אַז ייִדן האָבן ליב נגינה. אַפילו ער אַליין, נתן
חיים, וואָלט געגאַנגען ווי ווייט צו הערן אַ גוטן חזן. אָבער לכל זמן, אויף
אַלץ איז דאָ אַ צייט! אַז אַ ייִד זיצט ביי דער מאַשין, צי ביים שוסטער־
וואַרשטאַט, אַרבעט ער גאָר אַנדערש ווען ער צעלאָזט זיך אין אַ גע־
ציקלטן כבקרת רועה עדרו, אָדער אין אַ געהייטערטן מכלכל חיים בחסד,
אָבער אויף אַן אַגיטאַציע־מיטינג? דאָ רעדט מ'דאָך קלאַסנקאַמף, העכע־
רונג אין שכירות, איז ווי קומט דאָ אַהער אַ חזן? ניין, ער האָט דאָס

נישט געקענט סובל זײַן. האָט ער אָבער אײַנגעזען, נתן חיים, אַז אים אַלײן האָבן אויך די רעדעס דאָ װײניקער צענומען װי יאָסעלע ראָזנבלאַטס „שטיקלעך". װער שמועסט נאָך שפּעטער, נאָך דעם מיטינג, אויף דער צוגעגרײטער ליאַמע, אין אַ רעסטאָראַן ערגעץ, אין דער מסיבה פון װאָ־סערע פּופּציק אָפּגעקליבענע געסט, װען יאָסעלע ראָזנבלאַט, איבנאַן טיש, אין זײַן חזניש הויכער און רונדיקער יאַרמלקע אויפן קאָפּ, האָט געסאַן אַ זינג אויף „מאי קאַ משמע לן דער זײגער, װאָס זשע לאָזט ער מיך צו הערן"? איז נישט בלויז ער, נתן חיים, װאָס איז נישט אַזױ לאַנג נאָך אַװעק פון בית־המדרש, נאָר אַפילו דער קאַלטלעך, קלוג־דורכנעמענדיקער סידנעי הילמאַן, װאָס איז פיל לענגער פון אים אַװעק פון דער גמרא, אַפילו ער איז געזעסן אַ פאַרטראַגענער, אַן אויפגעלײזטער אין מתיקות.

אמת, אויף דעם מעדיסאָן סקװער גאַרדען מיטינג האָט מען אים, נתן חיימען, נישט פאַרבעטן צום װאָרט, נאָר װען מ'פאַרבעט אים יאָ, װאָלט ער זיך געװען אונטערגעשטעלט אַרויסצוטרעטן פאַר אַזאַ ריזן־עולם? דער־פאַר אָבער איז ער אין זײַן יוניאָן, די „קעפּ און העט אָרגאַניזאַציע" יאָ פאַרבעטן געװאָרן צו אַדרעסירן די פײערלעכע עפענונג־סעסיע פון דער יוניאָנס צוזאַמענפאָר, אָדער װי זײ רופן עס דאָ: „קאָנװענשאָן". אַװדאי אַ קאָנװענשאָן איז נישט קײן מאַסנמיטינג אין מעדיסאָן סקװער גאַרדען. װיפל דעלעגאַטן קומען דען צו אַ קאָנװענשאָן פון אַזאַ קלײנער יוניאָן? הונדערט און צװאָנציק? הונדערט און פופציק? פון דעסטװעגן איז בײ דער עפענונג־סעסיע דער „בעטהאָװען האָל" געװען איבערגעפּאַקט אונטן און אויף די גאַלעריעס אויבן מיט איבער טויזנט אירע פון ניו־יאָרק און אַנגעפאָרענע פון פיל שטעט פון גאַנצן לאַנד.

דער זאַל איז געװען יום־טובדיק דעקאָרירט מיט טראַנספּאַראַנטן און פענער, פלאַטערנדיקע אין אַלע זײטן פון זאַל. קשה איז אָבער אים, נתן חיימען, געװען װאָס נישט רויטע, רעװאָלוציאָנערע פענער פלאַטערן דאָ, װי ס'איז דער אײנשטעל אויף אַרבעטער־צוזאַמענפאָרן אין אײראָפּע, נאָר נאַציאָנאַלע, אַמעריקאַנער פענער מיט די שטרײפן און שטערן. זאָל דאָס מײנען אַז דער אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט איז לגמרי נישט רעװאָ־לוציאָנער? אַז ער װיל גאָרנישט אַראָפּװאַרפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדע־נונג און אײנפירן סאָציאַליזם?

אויך דאָ, װי אויף דעם מיטינג אין מעדיסאָן סקװער גאַרדען, איז ער, נתן חיים, געזעסן אויף דער עסטראַדע, בײם פּרעזידיום־טיש, מיט דעם אײנעם חילוק, װאָס דאָרט איז ער געזעסן לעבן יאָסעלע ראָזנבלאַט און דאָ, לעבן „אים" אַלײן, מר' סאַמיועל גאָמפּערס, דער פּרעזידענט פון דער

„אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אַרבעט", וואָס צוליב אים איז די קאָנווענ־שאָן אַזאַ פייערלעכע און דאָס פאַרבעטן אים, נתן חיימען, נישט בלויז צו זיצן לעבן דעם גרויסן פירער, נאָר אויך אַרויסצוטרעטן מיט אים אויף איין פּלאַטפאָרם געווען אַזאַ גרויסע זכיה.

געאַרט האָט אים אָבער, נתן חיימען, וואָס מר׳ מאַקס זאַריצקי, דער יוגנטלעכער, זשוואַווער און קלוגער פּרעזידענט פון דעם „העט און קעפּ" יוניאָן און מיט אים — מאַקס צוקערמאַן, דער עלטערער, ערנסטערער און אויך העכער־געוואַקסענער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע, ביידע אַזוי יום־טובדיק אויפגעלייגט, האָבן גאַרנישט אויפגעהערט אים צו פרעגן צי ער ווייסט כאָטש וואָסער גרויסער כבוד אים איז דאָ צוגעטיילט געוואָרן, כאָטש ער, נתן חיים, האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ קנאַפּן כבוד. פאַרקערט, ער האָט זיך גאָר געחידושט, נישט געקענט באַנעמען די שפּאַנונג, די דער־וואַרטונג, סיי דאָ, ביים פּרעזידיום־טיש, ווי צווישן די דעלעגאַטן און געסט אונטן און אויבן, אויף די גאַלעריעס. דאָס שאַרכלענדיק גערויש און שטיל געשושקעריי האָט אים דערמאָנט די ערשטע נאַכט ראש השנה, נאָך מעריב, ביים מאַדזשיצער רבין. ווי דאָ, אַזוי זענען דאָרט אויפן הויף, צווישן בית המדרש און דעם רבינס רעזידענץ, געשטאַנען הונדערטער און הונדערטער ייִדן, געשפּאַנטע, דערוואַרטנדיקע, זיך געשושקעט: „ש, ש, ש, אָט באַלד קומט „ער" זאָל לעבן, אָט באַלד וועט מען הערן פון זיינע היי־ליקע לעפּצן: „גוט יום־טוב ייִדן, לשנה טובה תכתבו, לאלתר לחיים טובים ולשלום"! גענוי אַזוי, מיט אַזאַ הייליקן ציטער, האָט דער עולם דאָ גע־וואַרט און זיך געשושקעט, „באַלד קומט ער, דער גרויסער סאַמיועל גאָמפּערס"!

נאָר די אמתע געשפּאַנטקייט איז ערשט אָנגעשטאַנען ווען דער ספּע־ציעלער שטאַפעט, וואָס האָט געוואַרט דרויסן, איז אָנגעלאָפן צום פּרעזידיום־טיש מיט דער לאַנג דערוואַרטער בשורה: „שוין, דער שוואַרצער קאַ־דילאַק איז שוין אַריינגעפאָרן אין דער פינפטער סטריט"! אָט איצט איז די געשפּאַנטקייט דערגאַנגען צו אַזאַ שטילקייט, צו אַזאַ ערנפאָרכט, אַז מ׳וואָלט געקענט הערן אַ שפּילקע פאַלן צום דיל. און אָט, אין דער שטיל־קייט, האָט דאָס די אויפנעם־דעלעגאַציע מיטן פּרעזידענט זאַריצקי און סעקרעטאַר צוקערמאַן בראָש, געטאָן אַ שוועב פון דער עסטראַדע, אַדורך דעם זאַל מיט דער סוויטע וויצע־פּרעזידענטן צו דער טיר און נאָך אַ קור־צער ווייל צוריקגעקומען מיטן פּרעזידענט פון דער „אַמעריקען פעדערעי־שאָן אָף לייבאָר" בראָש. ערשט איצט האָט דער עולם, ווי איין מאַן, זיך געטאָן אַ שטעל אויף און דער אַפּלאָז, די לאַנג־געגרייטע אָוואַציע האָט

אויסגעבראָכן אין אַזאַ עקסטאַז, גלײַך משיח אַליין וואָלט דאָ אַרײַנגעריטן אויף זײַן ווײַס אײזעלע.

דורך דער גאַנצער צײַט, וואָס די פײַערלעכע פּראָצעסיע איז אַזוי פּאַמעלעך געגאַנגען דורך דער מיטלסטער אַלײע פֿון זאַל, דער הער גאָמ־פּערס מיט פּרעזידענט זאַריצקי אין זײַן רעכטער זײַט און סעקרעטאַר צוקערמאַן בײַ זײַן לינקער און הינטער זײ די סוויטע פֿון ווײַס־פּרעזי־דענטן, מיטן הער גאָמפּערס צווײ אַדיוטאַנטן, איז דער גאַנצער עולם גע־שטאַנען און נישט אויפֿגעהערט צו אַפּלאָדירן ביז די פּראָצעסיע איז אַרויף אויף דער בינע און, ערשט נאָך דעם ווי פּרעזידענט זאַריצקי האָט פֿאָר־געשטעלט פֿאַרן הער גאָמפּערס אַלע געהויבענע געסט וואָס אויף דער עסטראַדע, יעדן מיט זײַן פֿולן טיטל, און יעדער אײנער פֿון זײ איז שוין געזעסן אַרום טיש אויף זײַן אָנגעוויזן אָרט, האָט דער הער זאַריצקי געטאָן אַ הייב דעם האַלצערנעם האַמער, פֿײַערלעך אַ קלאַפּ געטאָן מיט אים אין דער מאַרמאָר־פּלאַטע אויפֿן טיש, האָט דער עולם אויפֿגעהערט אַפּלאָדירן, זיך צוריק געזעצט אויף זײערע ערטער און די עפֿענונג־סעסיע האָט זיך אָנגעהויבן.

בעת דער פֿײַערלעכער צערעמאָניע איז נתן חיים געשטאַנען אויף דער עסטראַדע, געקוקט, וואָס דאָ טוט זיך און נישט אויפֿגעהערט טראַכטן: „ווער איז דאָ געערכט? לויט ווי ער ווייסט פֿון וואַרשע, איז דער הער גאָמפּערס גאָרנישט אַזאַ מורה מורנו. פֿאַרקערט, ער איז דער הויפּט פֿאַר־פֿירער פֿון אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס. דאָס האָט ער דאָך מיט זײַן אָפּאָרטוניזם, נישט דערלאָזט די אַמעריקאַנער יוניאָנס זאָלן באַהויכט ווערן מיטן אידעאַל פֿון סאָציאַליזם און צוליב אים זענען דאָך די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראײנען אין אַמעריקע פֿאַך־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זײער שטרעבן איז נישט אָפּצושאַפֿן דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר צו קריגן פֿאַרן אַרבעטער אַ גרע־סער שטיקל ברויט מיט פּוטער. ווער זשע איז דאָ געערכט? נאָר ווער עס זאָל דאָ נישט זײַן געערכט אין דער פּלוגתּא, האָט עס אים, נתן חיימען, פֿאַרדראָסן, וואָס ער האָט דאָ אויס העפֿלעכקייט געדאַרפֿט מיטמאַכן אַזאַ הכנעה־שפּיל, וואָס אויך ער האָט געדאַרפֿט שטיין דורך דער גאַנצער צײַט פֿון דער כּבֿוד־אָוואַציע פֿאַר אָט דעם קלײנגעוויקסיקן, פּעטן מענטשל אין דעם שוואַרצן, געהאַקטן סורדוט מיט דעם ברייט־ראַנדיקן, שוואַרצן קאַ־פּעליוש אין האַנט, ווי ער גייט זיך אַזוי פּאַוואָליע, מיט אַזאַ פֿאַרריסענער זעלבסטזיכערקייט, פּונקט ווי אַ לוטעראַנישער גלח גייט אין קירכע צו זײַן שטענדער, אַ זיכערער אין דעם, וואָס ער וועט דאָ באַלד דרשענען. ער האָט אויך נישט געקענט סובֿל זײַן, נתן חיים, דאָס צאַפּלעניש, פֿון אַלע

אַרום דעם פּרעזידיום־טיש, טאָמער, חלילה, וועט פּרעזידענט זאַריצקי פאַר־זען וועמען פון זיי ביים פאָרשטעלן פאַרן הער גאָמפּערס און ער, דער פאַרזעענער וועט נישט האָבן די זכיה צו געבן שלום דעם רבין, נישט פילן דעם ציטער ביים באַרירן דאָס נאַסלעך, פעטע הענטל פון דעם ראָש ורא־שון אין דער אַמעריקאַנער יוניאָן באַוועגונג.

ערשט דער פינפטער נאָכן הער גאָמפּערס איז ער אויפגערופן געוואָרן, נתן חיים, צו באַגריסן דעם צוזאַמענפאָר, אַ רעדע, וואָס ער האָט שפּעטער געהאַט חרטה אויף איר. אַלס גאַסט, בפרט נאָך ביי אַזאַ יום־טובדיקן צו־זאַמענקום, האָט נישט געפּאַסט ער זאָל האַלטן אַ רעדע פול מיט קריטיק אויף דעם פאַך־יוניאַניזם, זייער ברויט מיט פּוטער אידעאַל, בפרט ווען דער פאָטער און אידעאָלאָג פון דעם אידעאַל זיצט אים ביי זיין רעכטער האַנט.

ווי קיינער האָט עס אים נישט אויסגערעדט, האָט ער דאָך, נתן חיים, גלייך דערפילט די אָנגעשטאַנענע קאַלטקייט צו אים און דאָס האָט אים פאַרדראָסן, ווייל נישט זאַריצקי און נישט צוקערמאַן זענען געווען קעגן דעם, וואָס ער האָט דאָ געזאָגט. אין זיינע פּריוואַטע שמועסן מיט זיי האָבן ביידע מסכים געווען אַז אַן אינדוסטריעלע יוניאָן פון אַלע נאָדל־פאַכן, וואָלט זיין שטאַרק געווונטשן אין אַמעריקע. עס וואָלט פאַרשפּאָרט די אַרומרייסעניש צווישן לאָקאַלע יוניאָנס איבער פאַך יוריסדיקציע, איבער מסיג גבול זיין איינע דער אַנדערער צוליב אַרבעטן, וואָס אַ באָס פירט איין אין זיין שאַפּ און די אַרבעטן געהערן צו אַן אַנדער פאַך־לאָקאַל. זייער דערווידער צו אים איז נאָר געווען צוליב זיין זאָגן עפנטלעך, וואָס זיי שטימען איין מיט אים פּריוואַט, דער עיקר וואָס ער האָט געוואַגט דאָס זאָגן אין דער אָנוועזנהייט פון „אים", וואָרעם ער, דער הער גאָמפּערס האָט זיך גוט איינגעהערט אין דער רעדע זיינער, בפרט ווען דער פּרעזי־דענט זאַריצקי האָט אים איבערגעזעצט וואָרט ביי וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט. סיי ווי, דער מיסטער גאָמפּערס האָט אים שוין מער נישט געזען כאָטש פריער האָט ער אים אַזוי וואַרעם און פריינדלעך געדריקט די האַנט.

# קאַפּיטל צען

יום־טובים האָבן אַ טבע — זיי לאָזן זיך אויס. אַזוי אויך זײַן, נתן חיימס יום־טוב אין דעם באַצאַלטן האָטעל. די וואָך איז אים גיך אַנטלאָפן און ער האָט געדאַרפט אַ צימער צום וווינען, אַ פּלאַץ צו דער אַרבעט און אַן אָרט וווּ צו עסן. מילא, אַ פּלאַץ צו דער אַרבעט האָט אים זײַן, די היטל און היט־מאַכער יוניאָן באַזאָרגט, אים אַרײַנגעזעצט אין אײנעם פון די בעסטע שעפּער אין פאַך. וווּ צו עסן? פאַראַן גענוג רעסטאָראַנען אין ניו־יאָרק, אַ צימער צום וווינען? דאָס פאַר אים צו קריגן האָט דער הער שלעזינגער אים איבערגעענטפערט צו זײַנס אַן אַדיוטאַנט, אַ מיסטער דזשאפּע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און יענער, אַן אײדעלער מענטש מיט אַ שטיל כריפּעדיק קול, ווי ביי אַ שווינדזיכטיקן, האָט אים אַרײַנגע־זעצט אין אַלקערל ביי זיך אין דער דירה, ווי אַ „סוב־לאָקאַטאָר" אַ „באָר־דער" הייסט דאָס.

אין חשבון איז דאָס געווען פאַררעכנט אַז ער וווינט לעבן בראָנקס פּאַרק, נאָר שטאָט אין אַ גאָרטן אַרײַן איז דאָס אײנציקע פענצטער פון דעם צימערל אַרויס אין אַ „שטשאָנקע", אַזאַ שמאָלער „צווישן" צווײ הויכע קאַמעניצעס, וואָס שטאָט ליכט, זון, האָבן אין דעם פענצטער זיך געזען סלופּעס מיט פאַרצויגענע שטריק און צעהאָנגענע וועש אויף די שטריק.

ווײַל אַזוי שמאָל האָבן אין דעם „שטשאָנקעלע" שטענדיק אַרײַנפאַר־בלאָנדזשעט ווינטן, דאָ אַרומגעפּאַנעוועט, זיך אַרומגעשפּילט מיט די שטיק־לעך אַרויסגעהאָנגענע וועש, אָפּגעטאָן קונדײסערײַען מיט די מאַנצבילשע אונטערהויזן אַרום די אויפגעבלאָזענע, ווײַבערישע, שלאָפּהעמדער. מחמת דער שמאָלקייט פון דעם שטשאָנקעלע איז דאָ געווען נישט בלויז טונקל נאָר אויך קאַלט, האָט די מרס׳ דזשאפּע, אַ ברייטלעכע יידענע, וואָס שטענדיק איז זי אַרומגעגאַנגען אין שלאָפּהעמד, מיט בלויז אַן אַרויפ־געכאַפּטע האַלקע איבער די לענדן און אויבן זענען אירע דיקע אָרעמס און אַ העלפט פון אירע גרויסע, צעיוירענע בריסט געווען אָפּגעדעקט. זי, די מרס׳ דזשאפּע, אײנצוברעגנגען זיך אייז אין קאַסטן אַרײַן, האָט גע־האָט צוגעפּעסטיקט אַ בלעכן קעסטל אויפן טראַפּאַרעט, דרויסן פון זײַן,

נתן חיימס, פענצטער און געהאַלטן דאָ איר ביסל עסנוואַרג. האָט ער דאָ געהאַט אין זיין אויסבליק, נישט בלויז די שטריק מיט צעהאָנגענע וועש, נאָר אויך אַן אויסשטעלונג אין סאַמע פענצטער, אַ מין שטיל לעבן, אימ־פרעסיאָניסטיש געמאָלן. רעכטס אין דעם קעסטל — אַ פלעשל מילך! לינקס — אַ גרין עמאַלירט טעפּל מיטן ביסל „נעכטיקס". אין מיטן — אַ טעלער מיט אייער. אין איין זייט, לעבן די אייער איז געלעגן אַזאַ בלאַס־גרין בעזעמל „סעלערי". אין דער צווייטער זייט פון די אייער — אַ שוואַר־צער רעטעך מיט אַ לאַנג דין עקל, ווי דאָס וויידעלע פון אַ מויז.

אויפן וועג אַהער, אין דער דירה אַריין, האָט ער, נתן חיים, גאָרנישט באַמערקט ווי ווייט דער מיסטער דזשאָפּע איז מיט אים פאַרפאָרן. גע־נומען אים פון האָטעל מיט דער וואַליזע, אַראָפּ אין „מעטראָ", אין סאָבוויי, ווי עס הייסט דאָ, געפאָרן מיט אים ווי לאַנג אין פינצטערע טונעלן, דער־נאָך איז ערשט די באַן אַרויס אין דרויסן און דאָ ווייטער געלאָפן אויף אַן אויפגעשטעלטן וועג, הויך איבער דער גאַס, מיט רייען הייזער איןביידע זייטן און געיאָגט האָט די באַן אַזוי גיך אַז ער האָט נישט באַוויזן גע־העריק אַריינצוקוקן אין די פאַרביילויפנדיקע פענצטער.

לויט דער צייט פון פאָרן אין דער סאָבוויי, האָט ער איינגעזען, נתן חיים, אַז אין פאַרגלייך מיט ניו־יאָרק, איז פּאַריז אַ קליינע שטאָט. אין פּאַריז איז ער צו, אָדער פון, דער אַרבעט נישט געפאָרן. שפּאַצירן, אַז ער האָט געוואָלט, איז ער פון סאַן מישעל געגאַנגען צופוס אַרויס אויף די גרויסע בולוואַרן, צום פּלאַץ דע ל'אָפּערא, צום פּלאַץ דע לא רעפּובליק און ווו נישט? דאָ, פון זיין צימער, וואָס אויף דער 178סטער גאַס אין די בראָנקס, אַראָפּ „דאַון טאַון", ווי זיי רופן דאָס, אין זיין שאָפּ אַריין אויף גרין סטריט, איז פּאָלג מיך אַ גאַנג!

מילא, באַגין, צו דער אַרבעט, מחמת די סטאַציע, וואָס אויף איר זיצט ער אויף, איז די צווייטע פון דער אָנהייב ליניע, האָט ער שטענדיק אַ פּלאַץ זיך אָוועקצוזעצן, אַרט אים נישט וואָס אויף יעדער ווייטערדיקער סטאַציע, ווערט אַלץ ענגער אין וואַגאָן אַז מ'רייסט אים אָפּ די קני, מ'טרעט אים ממש אויף די פיס. איז כּל זמן די באַן לויפט נאָך אין דרויסן, אויף דעם הויכן־געשטעל, זיצט ער און קוקט איבערן אייגענעם אַקסל אַרויס דורכן באַן־פענצטער, אַ לאַנג שוין נישט געוואַשנס און טראַכט: „אויב אַזוי זעט אויס אַמעריקע, ווי ער זעט זי דורך דעם שמוציקן באַן־פענצטער, איז אַ קלאָג צו קאָלאָמבוסעס מדינה".

אין פּאַריז, די הייזער אויפן פלעצל און אַרום דעם פלעצל, זענען טאַקע אַלט, שוואַרץ פון אַלטקייט, אָבער יעדעס הויז דאָרט האָט אַן אייגן

פּנים, אַ באַזונדער אויסזען און אַלע זענען דאָך געטינקעװעט, טײל פון זײ אויך באַצירט מיט שטוקאַטורן איבער די געזימסן פון די פענצטער, אַנ־דערע — אַפילו מיט סטאַטועטקעס אין די טויערװוינקלען. דאָ שטײען רויט־ציגלנע קאַסטנס אויף מײלן און מײלן װײט, אַלע פון אײן הײך, פינף צי פיר שטאָקיקע קאַזאַרמעס און אַלע זענען זײ אַזוי מוראדיק נאַקעט אַז אַ ביסל טינק צו פאַרדעקן די בושה און װי אין דעם „צװישן", דרויסן פון זײן פענצטער, אַזוי זעט ער אויך צװישן די קאַזאַרמע הײזער, די הויכע, שװאַרצע סלופּעס מיט פאַרצװײגענע שטריק און צעהאַנגענע װעש, װאָס ציען זיך צו די כמאַרעס מיט פענצטער, שטאָק איבער שטאָק, קאַזאַרמע צו קאַזאַרמע און װאָס נאָך מער אים דערדריקט אויף די סאָבװײ־נסיעות איז דאָס געקלאַפּ און געבראַזג פון די אײזערנע רעדער איבער די שטאָלערנע רעלסן. װי אַזוי לעבן מענטשן אין די הײזער? װי אַזוי קענען זײ שלאָפן אין אַזאַ געבראַזג און געקלאַפּ? אין פּאַריז שטעלט זיך די „מעטראָ" אָפּ אײנס נאָך האַלבער נאַכט, דאָ לויפט דאָך די סאָבװײ שטענדיק! די מענטשן פון אַזעלכע הײזער דאַרפן זײן נישט בלויז דול, נאָר צעמישט, צערודערט און טאַקע פאַרריקט, האַלבע משוגעים!

ערשט דאָ, אויף גרין סטריט, אַרום זײן שאַפּ, האָט ער אײנגעזען, נתן חיים, פאַר װאָס די הײזער און גאַסן אַרום דעם האָטעל װוּ ער איז אײנגע־שטאַנען נאַכן אַראָפּגײן פון שיף, זענען בײ נאַכט אַזוי פינצטער, אַזוי טויט־פאַרלאָשן. אַז דאָס איז דאָך אַ געגנט בלויז פאַר „ביזנעס" פאַר שעפּער און סקלאַדעס. אַז קײנער װוינט נישט אין די הײזער, צו װאָס זאָל בײ נאַכט זײן ליכטיק אין זײ? אין פּאַריז װי אין װאַרשע, איז דאָס לעבן אויסגע־מישט, צוזאַמען. אין אײן טיר איז אַ דירה װוּ מענטשן װױנען. קינדער גײען פון דאָרט אין שולע, װײבער װאַשן גרעט, קאָכן, מוטלען, און, אין דער צװײטער טיר, אויפן זעלבן שטאָק, איז אַן אַטעליע, אַ װאַרשטאַט, װוּ אַרבעטער זיצן בײ מאַשינען און שטעפּן, שטריקן, זעגן און האַמערן און אַז דער אָװנט פאַלט צו, די אַטעליעס פאַרמאַכן זיך, װערט נישט דאָס גאַנצע הויז פינצטער און די גאַס װערט נישט װי אויסגעשטאָרבן.

דאָ, אין ניו־יאָרק, זעט ער, לעבט ערשט דער שאַפּ־געגנט אויף באַגין, װען דער טאָג שטעלט זיך. פון די סאָבװײ־אַרויסגענג כװאַליען דאַן מענ־טשן אין די גאַסן אַרײן װי אַן אָנפלײץ פון אַ געװיטער. אײַלנדיקע, צע־שיטן זיך די מענטשן־כװאַליעס איבער די אַרומיקע גאַסן און געסלעך, װערן פאַרלוירן אין די צעעפנטע הײזער אַרײן און עס שטײט אַן אַ גע־פּאָרעריי פון טראַמװײען און טאַקסיס, פון פּריװאַטע אויטאָס און טראָקס, ריזיקע טראָקס װאָס װאַרפן אָפּ און לאָדעװען אויף ימים מיט סחורות,

אויסגעאַרבעטע און צום אויסאַרבעטען און דאָס אַלץ איז געפּאַקט אין ברוינע קאַרטאָנען, אין ווייסע האָלץ־קאַסטנס, אין אַרומגעניייטע ראָגאָ־זשעס און אין שווערע זאַק־שטאָפן.

אין האַלבן טאָג ווערן ווידער די גאַסן פאַרפלייצט מיט מענטשן, דאָס מאָל פון די שעפער אַרויס. צעכראַסטעטע, מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל, די פרויען — אין ביליקע אַרבעט־קליידלעך, מיט טיכלעך אַרום די האָר, צע־לויפן זיי זיך אין די רעסטאָראַנדלעך אַריין. אין אַמעריקע, ווי ער הערט, נתן חיים, גייט מען נישט אויף צוויי שעה מיטאָג און מ׳זעצט זיך נישט דאָ, ווי אין פּאַריז, צו ווייסגעדעקטע טישן, מיט סערוועטן צו אַ מאָלצייט פון פינף צי זעקס פּאַטראָוועס, מיט וויין און פרוכט און אַלערליי קעזן. דאָ, זעט ער, שלינגט מען אין דעם „לאָנטש״ שטייענדיק אַרום נישט צו ריינע לאַדנטישן, אין רעסטאָראַנען, ווי ריזיקע שטאַלן, אָפט גאָר אין הינטערשטן איינגאַנג פון דער געביידע, וווּ מען אַרבעט און ווי דער „לאָנטש״ איז כאַפּעדיק, אַזוי איז דאָס אָרט אַרום אומריין און צו וואָס דאַרף מען דען אַנדערש? אַז דער גאַנצער „לאָנטש״ באַשטייט פון צוויי פּענעצן ברויט מיט עפּעס אַ קעז־שמירעכץ, אָדער אַן אַנדער „מאַזשגע״ און דאָס ווערט אָנגעלייגט הויך, צווישן די צוויי ברויט־פּענעצן. אַ „סענד־וויטש״ רופן זיי דאָס. און דיק זענען די „סענדוויטשעס״, אַז נישט אַ מענטשלעך מויל, נאָר אַ קאַזאַצקן פּיסק דאַרף מען צו קענען דאָס איינ־בייסן און די אַריינגעכאַפּטע ביסנס שווענקט מען אַרונטער מיט אַ זשליאָק־קאַווע פון אַ טעפּל אַזוי שווער אַז מ׳קען מיט דעם אַ קאָפּ צעשפּאַלטן.

נאָך דעם „לאָנטש״ אײַלט מען אַרויס „אויפן קאָרנער״, די פּאַכביר־זשע, הערן וואָס אין „טרייד״ טוט זיך און שוין — קריק אַרויף אין די שעפער! אַרום און אַרום אַ שעה, אין טייל אַפילו אַ האַלבע שעה — געגעסן, געכאַפּט דעם אָטעם און ווידער צו דער אַרבעט. אָט אַזוי רוישט דער געגנט אַ גאַנצן טאָג און אַז דער פאַרנאַכט פאַלט צו, צערינען זיך די מענטשן־כוואַליעס צוריק אין די סאַבוויס אַריין, די טראַקס און אויטאָס פאַרשווינדן, דער געגנט שלאָפט ווידער איין און ווידער ווערט שטיל און טונקל — אַ בית עולם.

נאָר ער, נתן חיים, אײַלט נישט באַלד נאָך דער אַרבעט אַוועק. נישט ער האָט וווהין צו אײַלן און נישט צו וואָס. קומט ער פּאַוואָליע אַרויס פון גרין סטריט, גייט אַריין אין פערטער, פון דאַנעט אין בראָדוויי, שטייט אַ וויַיל, קוקט אין איין זייט, אין דער צווייטער, הייבט די אַקסלען, אַן אַנדער וועלט, נישט ווי פּאַריז, נישט ווי וואַרשע. וועט ער זיך דאָ קענען אײַנלעבן? וואָס וועט דאָ פון אים ווערן?

אין שאָפּ, וואָס אַן אמת, איז ער אַ גאַנצער יחסן, נתן חיים, כאָטש וואָסער מציאה איז דאָס אים? יענע, וואָס בלאָזן פון זיך, האַלטן זיך דער־רינטער, זיי האָבן ליב צו זײַן יחסנים, אָבער ער? אים איז דאָס יחסנות אַ לאַסט. אַוודאי, אין וואַרשע, אין לובלין, האָט ער געמוזט מאַכן דעם אָנשטעל, נישט חלילה צוליב זיך, נאָר צוליב דער פּאָזיציע אין פּאַראַיין. דורך דעם אָפּשײַ פאַר אים, דורך דעם אָנזען ביי די פּאַראַיין־מיטגלידער, האָבן די פאַבריקאַנטן געמוזט אַרויסווייזן דרך־ארץ צו דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איר פאָרשטייער איז ער. אין פּאַריז אָבער איז שוין דאָס יחסנות פון האָבן „געוועזן" אים „אויסגעפּאַלן באָקעם". און דאָ, אין אַמעריקע, ווערט אים גאָר דאָס יחסנות פון זײַן אַ „געוועזענער" אַ גרויסע לאַסט. יחסנים הנפּגט מען, אָבער נישט אומזיסט! פאַר חניפה דערוואַרט דער חונף אַ צוריקצאָל. און ער, נתן חיים, נישט ער פאַרטראָגט די חניפה און נישט ער האָט מאַכט צו קענען מיט עפּעס צוריקצאָלן די חונפים.

כאָטש ס'איז אים קשה: פון וואַנעט האָבן די באַלמעלאָכעס אין שאָפּ אַזוי גיך זיך דערוווסט אַז ער איז נישט גלאַט אַן אַרבעטער, נאָר עפּעס אַ גאַנצע „שישקע", אַ סימן — די יוניאָנס האָבן דאָך אים געבערענגט קיין אַמעריקע! אַז אַרויפגעקומען אין דעם שאָפּ איז ער דאָך פריִער, פאַר זײַן אַרויסטריט אויף דער קאָנווענשאָן. אמת, שוין דערמיט אַליין, וואָס ער, אַ גרינער, האָט געהאַט די זכיה אַרויפגעשיקט צו ווערן אין בעסטן שאָפּ, וואָס איז דאָ אין פּאַך, דאָס אַליין האָט שוין געמיינט אַז ער איז נישט ליאָדע ווער. גלאַט אַן אַרבעטער שיקט נישט די יוניאָן אַרויף אין אַ פּלאַץ, וואָס ווייסט נישט פון קיין „סלעק". אין דעם שאָפּ, אַז איינער קריגט זיך אַרויף איז — אַבי געזונט. צוויי און פופציק וואָכן אין יאָר איז אין דעם שאָפּ דאָ „פּיידע" און אַז גאָט העלפט איז נאָך מיט „אָווערטיים", ס'הייסט מיט איבערשעהען! וואָס נאָך קען זיך אַ באַלמעלאָכע אין אַמעריקע ווינ־טשן? ווי ער הערט, נתן חיים, איז אין אַמעריקע, אַז איינער ברענגט אַהיים יעדער וואָך „פּיידע", איז ער אַ „סאָמבאָדי" ווען, הלילה, נישט, איז ער אַ „נאָבאָדי", אַפילו ביים אייגענעם ווייב און קינדער! איז אויב די יוניאָן האָט דעם „גרינעם טאָכעס" אַרויפגעשיקט אַרבעטן אין דעם שאָפּ איז ער אַ „סאָמבאָדי" פון דער אַלטער היים נאָך און אַזאַ איינעם דאַרף מען אונטערטראָגן אַ חניפהלע, טאָמער דאַרף מען פון אים אַ טובה?

אויסגעפונען אַז ער, נתן חיים, איז אַ „סאָמבאָדי", האָט דער געלער אייזיק, אייגנטלעך וואָלט ער געדאַרפט הייסן „דאָס קליינע אייזיקל". ווייל געווען איז דאָס ליטוואַקל אַ קליינס, אַ דראָבנעס, אָבער פלינק און זשוואַ־ווע — פאַר צען ריזן. ווי דער שאָפּ דאָ איז אַ גרויסער, מיט עטלעכע

דרייסיק אָפּערייטאָרס, פיר „קאַטערס" (ס'הייסט צושניידער), פיר בלאָק־קערס, (פּרעסער), חוץ עטלעכע האַנטנייערינס, איז ער, אַט דאָס גאַנצע אייזיקל, דער סאַמע פּופּיק פון אַלץ וואָס אין דעם שאַפּ גייט אָן.

געוויינלעך אָפּערייטאָרס, בפרט יענע, וואָס אַרבעטן אויף דער וואָך, אַז זיי קריגן די „באַנדלעך", (פּעקלעך אַרבעט) הערט מען נישט זייער „דוך". זיי זיצן ביי די מאַשינען און רייבן. מער ווי אַ וואָרט אַ מאָל צום אָפּערייטאָר פון רעכטס אָדער צו דעם פון לינקס, דערלויבט מען זיך נישט. אויף אַ מענטשלעך באַדערפעניש וואַרט מען ביז מ'גייט אויף „לאַנטש" אָדער אויף פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט. ער אָבער, דאָס קליינע אייזיקל איז אַן אויסנעם. ווייל ער אַרבעט אויף עטלעכע סאָרט מאַשינען: — אויף דער צוויי נאָדלדיקער „טייפּט" ער די נעט, פון די היטלען און „העטס", אויף דער פיר־נאָדלדיקער שטעפּט ער די זייטלעך און דענקעלעך פון קאַפּעליושן, אויף דער איבערוואַרפמאַשין נייט ער איין די שווייסלעדער־לעך, ווידער אויף אַן אַנדערער נייט ער איין די פירמע־עטיקעטן און די אַלע אַרבעטן ברענגט אים קיינער נישט צו. ער נעמט אַליין די באַנדלעך פון אָפּערייטאָרס און ברענגט זיי צוריק, איז ער דער איינציקער, וואָס שוועבט אַרום איבערן שאַפּ, פון איין אָפּערייטאָר צום אַנדערן און אַז ער קומט צו ווערען צו, רוימט ער, פאַר איין ווערגס, איין דעם אַ סוד, יענעם אַ פאַרלויפעניש, דעם דריטן — אַ פּליאָטקעלע, דער עיקר — ס'זאָל זיך רודערן! ער, דאָס ליטוואַקל, האָט האָלט ס'זאָל זיין לעבעדיק אין שאַפּ, דער טויבער, ביים פאַרעדיקן קעסל, זאָל קוקן מיט חשד אַרום זיך און מיינען אַז ער, אייזיקל, באַרעדט אים. דער בראָנזווילער, צו פאַרטרייבן אַ ביסל די נודאָטע פון כסדר שטעפּן ראַנדן, ער זוכט ביי אייזיקלען עפּעס אויף צו קענען מיט דעם שטעכעלירן דעם גאַליציאַנער, אים אַריינזאָגן „די מיין טינג" (דער עיקר) ס'זאָל זיין פריילעך, „ווי נאָט"? (פאַר וואָס נישט?).

אַט דאָס גאַנצע אייזיקל האָט דאָס אָנגעטראָפן די „פּאָטשט" און אַלע־מען קלאָר געמאַכט דאָס רעטעניש, וואָס פּלוצים, כאָטש דער שאַפּ האָט נישט געדאַרפט קיין אָפּערייטאָר, האָט דער פאָרמאַן געהייסן אָפּרייניקן אַ מאַשין פאַר דעם „גרינעם טאַכעס". פאַר וואָס? ווייל ער איז אַ „שאַמבאַדי" פון דער „אָלד קאַנטרי". איז אויב אַ „סאַמבאַדי", דאַרף מען זיך צו אים חנפענען, זיך „רייבן" לעבן אים. אַזאַ איינער קען אַ מאָל אַריינוואַרפן פאַר דיר אַ גוט וואָרט ביי געללערן אין דער יוניאָן, ביים פאָרמאַן אין שאַפּ, „הו נאָוז"? (ווער ווייסט?).

ער אַליין, דאָס גאַנצע ליטוואַקל, צוליבן זיין אַן „אָל אַראַונד מאַן" (ביי

אַלע מאַשינען) ער האָט פון אים, נתן חיימען, דעם „סאַמבאַדי", נישט געדאַרפט קיין טובות. זיין פּאָזיציע אין שאָפּ איז סאָליד. פאַרקערט ער האָט גאָר געפּרוווט אים, דעם גרינעם, נעמען אין זיין שוץ. ווארעם אַ גרינער, האָט ער אַפילו אין דער „אָלד קאַונטרי", געמעגט זיין אַ גאַנצער מאַכער, איז ער אַלץ אין אַמעריקע אַ גרינער און אַ גרינעם דאַרף מען אַ מאָל העלפן מיט אַ גוט וואָרט, אַן עצה און ווער נאָך האָט דאָ, אין אַמעריקע, געהאַט אַזוי פיל „עקספּיריענס" ווי ער, דאָס געלע אייזיקל? פלעגט ער פון מאָל צו מאָל אַנלויפן צו זיין, נתן חיימס מאַשין:

— לאַנדסמאַן, ש'גרייטן זשיך עלעקסאַנס אין לאָקאַל. קריגט זשיך אַרויף אויפן „באַלאָט" איר מיינט עס וואָלט אייך געווען סווער צשו באַזשיגן דעם גראָבן בויך? איינש און טשויי, זשענט איר עלעקטעד (אויסגעוויילט „אָרגאַניזשער").

אַן אַנדערס מאָל, אַז ער האָט געזען ביי אים, נתן חיימען, אַ יידישע צייטונג, אַ זשורנאַל צי גאָר אַ יידיש בוך, האָט ער באַדויערלעך געשאָקלט מיטן קעפּל, אַ נאַקעטס, מיט אַ רעדעלע שיטערע, געלע האָר אַרום:

— אַ גרינער בלייבט אַ גרינער. אַזש איר לעזשט אַ פּייפּער, אַ מעגעזשין, לעזשט אין ענגליש! אַזש איר וועט לעזשן יידיש בלייבט איר אַ „נאָבאָדי"! וואַרפט אַוועק דאָס יידיש, פאַרסרייבט זשיך אין אַ פּרעפּערעטאָרי שקול, איר וועט ווערן אַ לאָיער, אַ דענטיסט, אַ „שאָמבאָדי".

צומאָרגנס, נאָכן האָבן געהערט נתן חיימען ביי דער קאָנווענשאַן, איז דאָס קליינע אייזיקל אויסגעוואַקסן ביי זיין מאַשין:

— לאַנדסמאַן, איך האָב פאַר אייך אַ טייערע „איידיע". אַ רעדנער זשענט איר זשיך אַ גוטער, אין די קליינע אוישיעשלעך קענט איר זשיך אויש, דינגט זשיך אַ האָלכל און ווערט זשיך אַ רעוורענד. איר לאַכט? איר מיינט ש'איזש אַזשא גרוישע זשאַך דורכטשופירן אַ חשונה? אַ בריש? אַ „קייטערער" (אונטערנעמער) וועט פאַר אייך טשוגרייטן די שעודה און איר וועט געבן חופה וקידושין, האַלטן אַ שפּיטש (אַ רעדע) איר וועט מאַכן אַ פּאַרטסון אַ פּאַרמעג, איר מיינט מ'דאַרף קענען לערנען טשו זשיין אַ רעווערענד אין אַמעריקע? טשו ווערן אַ רביי?"

מילא, דעם געלן אייזיקלס עצות, זיין וועלן אים נעמען אונטער זיינע פליגל, ווי דאָס איז אים געווען איבערדריסיק, האָט ער כאָטש געלאַכט, נתן חיים, זיך אַמוזירט איבער דעם ליטוואַקלס זאָרגן וועגן אים. ערגער איז אים געווען מיט יענע אין שאָפּ, וואָס האָבן דערוואַרט טובות פון אים. אַ שטייגער סעם דער תּם. פאַר וואָס עפּעס תּם? ווי דען רופט מען אַ שטילן, דערשלאָגענעם מענטש? אויף דעם סעמען האָט דער פאַרמאַן

כסדר געדופעט, נאָר געזוכט אַרויסצופּטרן אים פון שאַפּ. כאָטש ער האָט געקראָגן די נידעריקסטע שׂכירות איז אַלץ פאַרן פאָרמאַן געווען צו פיל פאַר דעם דערשלאָגענעם מענטש. איז ווי נאָר דער סעם האָט געהערט אַז דער נייגעקומענער איז אַ „סאָמבאָדי”, איז ער הכנעהדיק געקומען צו אים, נתן חיימען: — מיט אייך וועט זיך דער פאָרמאַן רעכענען, רעדט מיט אים, איך בעט אייך, וואַרפט אַריין אַ גוט וואָרט פאַר מיר.

וואָס האָט ער געקענט זאָגן דעם אומגליקלעכן מענטש? אָדער אַ צווייטער, אַ דיקלעך מענטשל מיט אַ פּאָר בייזע, אויסגעבאָלטע אויגן און צוויי גראָבע, שטענדיק פייכטע ליפּן. אויך צו אים טשעפּעט זיך דער פאָרמאַן, כאָטש ער, דער בעני האָראָוויץ, איז שוין גאָרנישט קיין תּם. פאַרקערט: אַ געריבן יידל, כיטרע און מיט אַ פּיסק וואָס יעדער מיידט אים אויס. און טאָקע צוליב דעם וואָס קיינער וויל זיך מיט אים נישט אָנהייבן, האָט זיך דער בענעלע אַריינגערוקט אין דער פּרייז־קאָמיטע, און ביים רעגולירן די שׂכירות, האָט ער זיך אַריינגעקראָגן אין דער העכסטער קאַטעגאָריע, כאָטש לויטן פאָרמאַן דאַרף ער זיין צוויי סקאַלעס נידעריקער. דערגייט אים דער פאָרמאַן די יאָרן. מיטן שאַפּ טשערמאַן איז דאָס יידעלע צעקריגט, ווייל יענער האָט אים געראָטן זיך אַראָפּצורוקן כאָטש אויף איין סקאַלע. איצט, אַז נתן חיים, אַזאַ „סאָמבאָדי”, איז אַרויפגעקומען אַרבעטן אין דעם שאַפּ, איז דער בען האָראָוויץ געקומען צו אים, ער זאָל זיך פאַר אים איינשטעלן פאַרן פאָרמאַן.

מילא, דער סעם, אַז ער, נתן חיים, האָט אים געזאָגט ער האָט נישט קיין השפּעה אויפן פאָרמאַן, איז ער אַוועק פונקט אַזוי שטיל און דערשלאָגן, ווי ער איז געקומען. בענעלע האָראָוויץ אָבער האָט אויף אים אָנגעשטעלט די צוויי אַרויסגעבאָלטע אויגאַפּעס.

— אַזוי? אַזאַ סאָציאַליסט זענט איר? איר זענט נאָך אַן ערגערער פּאָליטישן פון די אַמעריקאַנער! אַ גרינער טאָכעס נאָך און האָט שוין געכאַפּט דעם שניט פון אַמעריקע! איר האָט מורא צו זאָגן אַ וואָרט צוליבן גוטן דזשאַב, מיט וואָס די יוניאָן פּאָליטישנס האָבן אייך אָפּגעחורשט, האַ? אַזאַ גרינער זאַדעק!

אומזיסט האָט ער, נתן חיים, פאַרזיכערט דעם יידן, אַז אויך אים זעט דער פאָרמאַן נישט גערן, ווּעלכער פאָרמאַן האָט דאָס גערן ביי זיך אין שאַפּ אַן אויסדערוויילטן איינעם, וואָס די יוניאָן האָט אַרויפגעזעצט? ער זאָגט אים טאָקע: „גוד מאָרנינג מיסטער פיינזילבער”, אָבער ליב האָט ער אים ווי אַ מכּה אונטערן אָרעם. האָט עס דען געהאָלפן? בען האָראָוויץ האָט אים געזידלט ווייל ער איז אַ יחסן, אַ „סאָמבאָדי”.

# קאַפּיטל עלף

וואָס איז געוואָרן מיט דער בתיהן? ביים געזעגענען זיך מיט איר, ווען דער „היאַס"־מאַן האָט אים אַרויסגענומען פון באַראַק, אַ טאָג צי צוויי פאַר אַלע אַנדערע עמיגראַנטן, האָט זי אויף גיך אַראָפּגעשריבן פאַר אים איר פעטערס אַדרעס און מער האָט ער שוין די שיפשוועסטער נישט געזען. קוקט ער אַלע מאָל, נתן חיים, אויף דעם שטיקל פּאַפּיר און פרוווט כאַפּן צי די צוויי ווערטער „יערזעי־ציטי" איז דער נאָמען פון אַ שטעטל אוי־סער ניו־יאָרק, צי בלויז אַ געגנט אין דעם גרויסן כּרך. האָט ער איין מאָל געוויזן דאָס צעטעלע דעם געלן אייזיקל:

— זעט נאָר מר׳ בלום, וואָס מיינט דאָס „יערזעי־ציטי"? דער עיקר, ווו געפינט זיך עס?

דאָס געלע אייזיקל, פלינק און רירעוודיק ווי ער איז, האָט אַ כאַפּ גע־טאָן דאָס שטיקל פּאַפּיר פון זיין האַנט, געטאָן אַ בליק דערויף מיט זיינע גיכלויפנדיקע אייגעלעך און זיך צעלאַכט:

— גרינהאָרן! ניט „יערזשעי־טשיטי". דאָש לעזשט זשיך „דזשוירזשעי־טשיטי"!

— זאָל זיין „דזשוירזשעי־טשיטי" אָבער ווו געפינט זיך דאָס.

— און אַזש כ׳וועל אייך זשאָגן, וועט איר דען אַליין טרעפן אַהינטשו טשו? אַהין דאַרף מען פאָרן מיט די טובס.

— וואָס איז דאָס אַזוינס טובס?

— דאָס איז אַ שאָבוויי אונטערן האַדשאָן. איר האָט שוין געזשען דעם האַדשאָן?

— ווו האָב איך געזען אַ האַדשאָן?

— גרינהאָרן, איך זשאָג האַדשאָן, ווייל איך בין זשיך אַ ליטוואַק. איר, אַ פּיילישע דריבקע, דאַרפט זשאָגן מיט אַ שאמעך, „האַדשאָן"!

— פיינזילבער, האָט דער מאַשין־שכן זיינער, דער גאַליציאַנער זיך צעלאַכט, איר וועט פון דעם ליטוואַק נישט אַרויסקריכן. דאָס איז דער טייך האַדסאָן.

נתן חיים האָט צוריקגענומען פון ליטוואַקל דאָס שניצל פּאַפּיר, „ער זעט שוין, דאָ, אין שאַפּ, וועט ער קליגער נישט ווערן". ער האָט אָבער

פון די דזשאָפּעס, וואָס ביי זיי ווינט ער, זיך אויך גאָרנישט דערוווּסט. מילא, דער הויכער, סוכאָטנער מיסטער, ער האָט כאָטש געקנייטשט דעם שטערן: „דזשוירזעי־סיטי?" אַהין מוז מען פאָרן מיט די טובס. אָבער ווי אַזוי קומט מען צו די טובס? דאָס פרעגט אים בחרם. זי אָבער, די מיסיס, האָט אַפילו אַ קוק אין צעטעלע נישט געטאָן. אַ שלויע, כיטרע יידענע, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט!

—„אָלבעטשע" דער גרינער האָט דאָרט אַ מיידל. שעמט זיך נישט, לאַנדסמאַן, ס'איז אַ כלה?

ער האָט זיך געררויטלט, נתן חיים, „נאַ דיר גאָר אַ כלה". ווען עס וואָלט נישט געווען ווינטער, קורצע טעג, וואָלט ער נאָך דער אַרבעט אַליין זיך דערפרעגט אַהין. ווערט אָבער אַזוי פרי נאַכט! די אָוונטן זענען לאַנגע, אָבער וואָס טוט ער אויף אין די אָוונטן? נאָך דער אַרבעט, גייט ער פון שאַפּ, וואָס אין גרין סטריט, דורך בראָדוויי צו יוניאָן סקווער, פון דאָרט, מיט פערצנטער סטריט, צום יידישן רעסטאָראַנדל, וואָס לעבן דער דריטער עוועניו. דאָ, אין אַמעריקע, דאַרף ער זיך מער נישט קאַרגן דעם ביסן, ווי ער האָט עס געמוזט טאָן אין פּאַריז. די אַמעריקאַנער יוניאָנס ברענען טאָקע נישט מיט רעוואָלוציע, ווי די פראַנצייזישע סינדיקאַטן, אָבער זיי האָבן איינגעשטעלט אָנשטענדיקע שכירות פאַר די אַרבעטער און דער עיקר, זיי האָבן אָפּגעשאַפט דאָס מוזן אַליין זיך ברענגען אַ קעפּל פון אַ מאַשין אויף וואָס צו אַרבעטן, דאַרף ער נישט צאָלן קיין וועכנטלעכע ראַטעס פאַר דער מאַשין, קען ער זיך פאַרגינען יעדן אָוונט אַ מאָלצייט מיט אַ פאָרשפּייז, אַ זופּ, אַ שטיקל פליייש, אויך קאָמפּאָט. מער נישט, שטאָט ווייַן, וואָס אין אַמעריקע איז פאַרבאָטן צו טרינקען, סערווירט מען טיי מיט ציטרין, קיכעלעך אָדער אַ שטיקל שטרודל, אַרום און אַרום — אַ סעודה, הלוואי אין דער היים אויף אַ יום־טוב געזאָגט געוואָרן.

אָבער וואָס זאָל ער טאָן נאָך דער סעודה? אין די אַמעריקאַנער רעסטאָראַציעס, אַז דו האָסט אָפּגעגעסן, זיי מוחל און פאַרלאָז ס'בענקל פאַר אַן אַנדער גאַסט. קענסט דאָ נישט זיצן און פאַרברענגען מיט אַ פריינד, ווי אין פּאַריז און קיין קאַפעען צו זיצן אונטער אַ וויקלדעכל, טרינקען אַ קאַווע, אַ קאָניאַק און געמיטלעך פאַרברענגען זיך אַן אָוונט, אַזעלכע קאַפעען זעט ער דאָ גאָרנישט. ער וואָלט אָודאי געגאַנגען צו זיך אין צימער, לייענען אַ צייטונג, אַ ביכל, איז אָבער אַזוי ווייט אַהין. פאָרסטו אַרויף צום בראָנקס פּאַרק, קענסטו שוין נישט, דעם זעלבן אָוונט, פאָרן צוריק „דאָוון טאָוון". דערצו נאָך דאָס אָנשיקעניש מיט דער מיסעס. ווי נאָר זי זעט אים אַריינגיין אין זיין צימער, קומט זי גלייך נאָך. זי קלאַפּט

אַפילו נישט אַן אין דער טיר און תּמיד באַצט זי אַריין מיטן זעלבן פּזמון:

— זאָל ער, מיסטער פיינזילבער, אַליין זאָגן: איז עס רעכט אַזוי? אַ מאַן זאָל אַלע נאַכט זיין פאַרטאָן אין מיטינגען? יוניאָן מיטינגען, אַר־בעטער רינג מיטינגען, סאָסייעטי מיטינגען, שטענדיק אַ מיטינג! אַפילו שבת, כאָטש ער אַרבעט נאָר אַ האַלבן טאָג, קומט ער אויך אַהיים שפּעט אין אָוונט. נישט ער עסט אין דער היים, נישט ער זעט די קינדער. ר׳האָט שוין באַלד די „פּראַלעטאַרישע־קרענק״ פון זיצן אין די אַנגערויכערטע „מיטינג־רומס״, פון נישט עסן קיין לייטיש ביסל עסן. און וואָס זאָל זי טאָן אין אַזעלכע לאַנגע אָוונטן? זי גיט די קינדער „סאַפּער״, לייגט זיי שלאָפן, האָט זי מער נישט וואָס צו טאָן, כאָטש שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַנט.

וואָס זי וויל פון אים, די מיסעס, ווייסט ער נישט, נתן חיים, איבער־לאָזן זי אין זיין צימער און אַליין אַוועקגיין, קען ער דאָך אויך נישט. כאָטש ווו וועט ער גיין? פאַרט ער נישט, באַלד נאָכן עסן צו זיך אין צימערל, נאָר שלעפּט זיך אַרום איבער דער פערצנטער סטריט. מ׳קען נישט זאָגן, ס׳איז דאָ רוישיק — שיער נישט ווי אויף די גרויסע בולוואַרן אין פּאַריז. קינאָ־הייזער זעגען דאָ אויך דאָ גרויסע און אויף דער צווייטער עוועניו איז דאָך ארץ־ישׂראל! אַזוי פיל יידישע טעאַטערן! און די עלעק־טרישע שילדן איבער זיי, בלענדן און בלינצלען מיט יידישע אותיות, אַז ס׳איז אַ חיות צו קוקן. פאַרלעך שפּאַצירן ווי אין וואַרשע אויף דער ביע־לאַנסקע, אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע. ווען ער וואָלט געהאַט מיט וועמען, וואָלט ער זיך אויך איבערגעגאַנגען אַ ביסל. דאָס גיין אַליין איז אַן אָפּקומעניש. אויף יעדן ראָג — נאַכטפּייגעלעך און זיי רייסן ממש ביי די פּאָלעס.

שבת איז אים בעסער. נאָך דער אַרבעט גייט ער אין געסט. איין שבת — אין דער אינטערנעישאַנאַל, דעם צווייטן — אין דער אמאַלגאַמייי־טעד, דעם דריטן — אין זיין אייגענער „קעפּ און העטערס יוניאָן״. באַלד נאָך זיין קומען אין אַמעריקע, האָט ער דאָס גיין „גוט שבת ביטן״ אין די אָפיסעס געהאַלטן פאַר אַ חוב. ער האָט געמיינט, נתן חיים, ער וועט חלילה עמעצן מעיז פנים זיין, אויב ער וועט נישט קומען אָפּט זיך זען מיט די פּרעזידענטן און גענעראַל־סעקרעטאַרן, וואָס זיי האָבן דאָך אים אַראָפּגעבראַנגט אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַריין. ער האָט אָבער גיך איינ־געזען, נתן חיים, אַז פאַר די הויכע יוניאָן־באַאַמטע, וואָלט געווען רעכט ווען ער קומט נישט אַזוי אָפט. איז ער אָבער אַזוי עלנט און די סטענאָ־גראַפּיסטקעס דאָרט רעדן אַלע יידיש. אמת, זיי מישן אַריין אַ סך ענגלישע ווערטער, אָבער ער רעדט זיך גאַנץ ווויל אויף מיט זיי. כאָטש אַמליבסטן

איז אים צו קומען אין דער אינטערניישאַנאַל. אַהין קומט ער צוליב איין מיידל, ביטריס הייסט זי, מיס ביטריס גרין. שעמט ער זיך אָבער צו קומען אַהין צו אַפּט.

זי איז אַ דראָבנע מיידעלע, די ביטריס, אַ ברוינע ווי אַן אַראַבקע און אַזאַ שעמעוודיקע! עפּעס גאָרנישט ווי די אַמעריקאַנער פלעפּערקעס, אויך אין איר אָנטאָן זיך איז זי באַשיידן, אַזוי נישט ראַשיק. אַ שוואַרץ קליידל מיט אַ ווייס קעלנערל און די אַרבל — פאַרקנעפּלט ביי די געלענקען און ווי וויל די מאָדע איז — קורצגעשוירענע האָר, מיט פּאהלעך ווי ביי יינגלעך, טראָגט זי אירע לאַנגע האָר, שוואַרצע, אַזש בלוי פון שוואַרצ־קייט, פאַרקעמט אין אַ מיטלסטן שרונט, מיט אַ לויזן גרעק, אַ קאָקס אַזאַ, פון הינטן.

די אַנדערע מיידלעך אין דעם אָפיס קיבעצן אים, נתן חיימען, און נאָך מער זי, די מיס ביטריס. מילא, וואָס זיי זאָגן איר אויף ענגליש, פאַר־שטייט ער דאָך נישט. ער זעט אָבער אַז זי רויטלט זיך שטאַרק, פילט ער זיך אויך אומבאַקוועם, פון דעסטוועגן זיצט ער נאָר לעבן דער מיט ביט־רעסעס „דעסק״, איז פאַרגאַפט ווי גיך אירע דינע פינגער לויפן איבער די שליסלען פון דער שרייבמאַשין. וואָס האָט ער, אַזוי זיצנדיק, איר שוין נישט אויסדערציילט? אַפילו אַז ער שרייבט, אַז אָט אין אַ וואָך אָדער צוויי אַרום, וועט ער האָבן אין דער „גערעכטיקייט״ אַ סקיצע פון יידישן לעבן אין פּאַריז.

— יו מין איט? (ער מיינט עס אויף אַן אמת?) האָט זי, אַן איבער־ראַשטע, אַ בליאַסק געטאָן אויף אים מיט די ווייסלען פון אירע שיינע, שוואַרצע אויגן. — וועט ער איר ווייזן די סקיצע?

— צו וואָס? זי לייענט דען יידיש?

— ליידער, ליידער נישט, האָט זי ווי פאַרשולדיקט זיך גערויטלט. זי וועט עס ווייזן איר פאָטער, וועט ער עס פאַר איר איבערלייענען.

איר, דער מיס ביטריס, האָט ער שוין עטלעכע מאָל געוואָלט ווייזן בתיהס אַדרעס. זי, אַן אַמעריקאַנערין, וועט אים זיכער אויסמשלען ווי אַזוי ער קען אַהינקומען אין דעם דזשוירזי סיטי. שעמט ער זיך אָבער. וואָס וועט די צאַרטע, די איידעלע מיס ביטריס טראַכטן? זי ווייסט אַז ער איז זייער באַזאָרגט, וואָס ער הערט אַזוי ווייניק פון עלקעלען: ווען נאָר ער קומט אַרויף, געדענקט זי אים צו פרעגן, צי ער האָט שוין דערהאַלטן אַ בריוו פון איר. וועט זי, די ביטריס, נישט טראַכטן אַז ער איז וואָס אין דער קאָרט? אין דער היים — אַ געליבטע, צו איר קומט ער, און אין דעם דזשוירזי סיטי — נאָך אַ געליבטע? קען ער זיך אָבער נישט העלפן,

נתן חיים, בפרט איצט, ווען ער קלייבט זיך אַוועקצופֿאָרן פֿון ניו־יאָרק אויף ווער ווייסט ווי לאַנג! די בתיה וועט דאָך נישט וויסן וואָס מיט אים איז געשען? האָט ער איין מאָל זיך אונטערגעשטעלט און איר געוויזן דאָס פּאַפּירל. זי האָט אַ קוק געטאָן:

— בתיה אונגערמאַן? האָט זי הויך, אויפֿן קול איבערגעלייענט דעם נאָמען און זײַטיקלעך געוואָרפֿן אַ בליק אויף אים. נישט בלויז זײַן פּנים, אויך איר געזיכט האָט זיך אָנגעהויבן מיניען, געוואָרן רויט און באַלד בלאַס און שוין, כּלומרשט גלייכגילטיק, ווי גאָרנישט וואָלט זי דאָ אָנגע־גאַנגען, האָט זי אים איבערגעפֿרעגט:

— ווי אַזוי ער קען קומען אויף דעם אַדרעס — זייער גרינג. ער וועט גיין מיט פּערצנטע סטריט צו זעקסטע אַוועניו, דאָרט וועט ער נע־מען די טובס צו דזשוירנאַל סקווער און, פּאָר ווייטער, וועט זי אים געבן אַ צעטעלע, צו ווײַזן ווען עס איז, וועט יענער אים אָנצייגן די „טראָלי״ צו דער סטריט, וווּ זי וווינט. נאָר ווייסט ער גאָר וואָס? זאָל ער צוּוואַרטן, אין צען מינוט אַרום, צוויי אַזייגער, ענדיקט זי די אַרבעט, וועט זי אים צופֿירן צו די טובס.

די מיידלעך אַרום האָבן זיך איבערגעוווּנקען, געוואָרפֿן אַן אויג דאָ אויף אים, דאָ אויף דער ביטריס, נאָר זי האָט זיך געמאַכט נישט זען און פּינקטלעך צוויי אַזייגער איז זי פֿריִער פֿון אַלע, אַרויספֿאַרשווּנדן אויף אַ וויַיל און באַלד קריקגעקומען אַ פּריש־פּאַרקעמטע, אַרויפֿגעזעצט אויפֿן קאָפּ דאָס גרוי־קאַראַקולן היטעלע, אַזוי זײַטיקלעך־חנעוודיק צום רעכטן אויג צו. איצט האָט זי אָנגעטאָן דעם מאַנטל, אַ שוואַרצער, מיט אַ קעל־נערל פֿון זעלבן, גרויען קאַראַקול ווי דאָס היטל, אַרויפֿגעצויגן אַ פּאָר שוואַרצע לעדער־הענטשקעלעך אויף אירע דראָבנע הענטלעך, גענומען דעם האַנט־טאַש און זיך געווענדט צו אים:

— קומט מר׳ פֿיינזילבער.

דורך דער גאַנצער צײַט פֿון איר אָנטאָן זיך האָט ער, נתן חיים, נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פֿון איר. עפּעס גאָרנישט קיין אַמעריקאַנערין. אַזוי קליידט זיך אַ רוסיש, צי אַ פּויליש, פּריציש טעכטערל און, וואָס נאָך מער אים האָט דאָ געהייטערט, איז דער קליאָשאָווער מאַנטל אירער, גענוי ווי זײַן בעקעשע, אויבן אַרום די בריסט — ענג אויסגעפּאַסט און אונטן, פֿון גאַרטל ביז די קנעכלען פֿון די פֿיס — ברייטע קליאָשן.

יענעם שבת אין דער פֿרי, איז געהאַט אויסגעפֿאַלן אַ שניי. זענען נאָך איצט, נאָך האַלבן טאָג, די ביימער אויף יוניאָן־סקווער, ווי דאָס גראָז און די בענק אַרום זיי, געווען ווייס, אַ חיות פֿאַרן אויג, די גאַסן אָבער, ווי

די טראָטואַרן — שוואַרץ, נאַס און בלאָטיק. האָט ער, נתן חיים, דער אייביקער קאַוואַליער, ביים אַריבערגיין די גאַס, נישט דרייסט זי געפרעגט:

— מעג ער זי נעמען אונטערן אָרעם?

— פליעז, האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט און דערביי אים געשענקט אַ פריידיקן בליק פון הינטער אירע שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזטע וויעס. אַ בליק, וואָס האָט אים געלאַשטשעט ס׳געמיט, געהייטערט די מאַנצבילשע אייטלקייטן זיינע, אַז ער האָט שוין נישט אָפּגעלאָזט איר אָרעם אויך נאָכן האָבן אַריבערגעגאַנגען מיט איר דעם וועג. צו וואָס אָפּלאָזן אַז אָט, באַלד, גייט ער דאָך מיט איר אַריבער נאָך אַ גאַס און אַ צווייטע, אַ דריטע און אפשר נאָך אַ פערטע, איידער זיי וועלן זיין ביים ראָג פון זעקסטע אוועניו און פערצנטע סטריט.

גייענדיק מיט איר אַזוי געאָרעמט האָט אים דערווייל די מיס ביט־ריס דערציילט אַז איר אַרבעט איז צייטווייליק, אָנצוקלייבן אַ ביסל געלט, זי זאָל קענען צוריק אָנהייבן לערנען ביי טאָג, שטאָט ווי איצט, אין די אָוונטן. — ער ווייסט אפשר נישט, מר׳ פיינזילבער, אַז איר ציל איז צו זיין אַ קינדער־דאָקטערין און פּראַקטיצירן אויף דער איסט סאיד, וווּ זי איז געבוירן און וווינט נאָך דאָרט מיט אירע עלטערן, דערביי האָט זי שווער אָפּגעזיפצט:

— אוי פיינזילבער, ווי די קינדערלעך אויף דער איסט סאיד זענען אָפּגעצערט! און אַזוי בלאַס און פאַרשמוצט. אָט זענען מיר ביי די טובס, האָט זי אים געוויזן צום אַראָפּגאַנג, ווי אין אַ געוויינלעכער סאָבוויי אַריין. זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט: — האָט אַ גוד טיים.

— וואָס מיינט דאָס? האָט ער האַלטנדיק איר האַנט שעמעוודיק גע־פרעגט.

— ס׳מיינט „אַ גוטע צייט״.

ער האָט געשמייכלט, זי מיינט אַוודאי, „ער זאָל זיך גוט ווײלן״.

— יאָ, האָט זי צופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אויף ווידערזען, האָט ער לייכט אַ דריק געטאָן איר האַנט.

— אויף ווידערזען, פיינזילבער, האָט זי אים געענטפערט, זיך שטאַרק פאַרדרייטלט און געכומען גיין צוריק צו יוניאָן סקווער.

# קאַפּיטל צוועלף

מיט וואָס זענען די „האַדסאָן־טובס״ אַנדערש פון דער אַנדערער סאָב־וויי, וואָס מיט יענער פאָרט ער צו דער אַרבעט „דאַון־טאַון״ און צוריק אין די בראָנקס? ער זעט נישט מיט וואָס, נתן חיים. ביידע באַנען לויפן אין פינצטערע טונעלן, די וואַגאָנען זענען נישט ריינער פון יענע, אפשר שמעלער, נאָר דאָס, קען זיין, דאַכט זיך אים. נאָר וואָס איז דער חילוק? אַ באַן.

ער האָט בכיוון געוואָלט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, נתן חיים, אָבער דער געדאַנק איז אים כסדר צוריקגעלאָפן צו דער מיס ביטריס גרין: „ווי אַזוי האָט אין דעם האַרטן, שטייניקן ניו־יאָרק געקענט אויס־וואַקסן אַזאַ צאַרט בלימל, אַזאַ פיין, אַזאַ איידל וועזן? אינטערעסאַנט, ווער זענען אירע עלטערן? וואָלט ער זיך וועלן מיט זיי באַקענען? און ווי, אַ שטייגער, ווען די מיס גרין וואָלט זיין וויליק זיך צו טרעפן מיט אים? צו גיין מיט אים שפּאַצירן, פאַרברענגען מיט אים אין אַ טעאַטער, אין אַ מוזיי, וואָלט ער געוועזן גרייט אויף דעם? און ווי וואָלט ער זיך געפילט אין איר געזעלשאַפט? זי — אַזאַ הויך געבילדעטע און ער — אַן אַרבע־טער אין שאַפּ״.

— העי! האָט דער טראַמוויי־קאָנדוקטאָר אים אַרויסגענומען פון זיינע טראַכטענישן און געוויזן אים צו דער טיר.

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון טרעפּל, נתן חיים, געשטאַנען אַ ווייל אויפן טראָטואַר און זיך אַרומגעקוקט. ווען ער ווייסט נישט אַז דאָ איז אַמעריקע, וואָלט ער געמיינט ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ קליין שטעטל אין פּוילן ווי ריקע, מאַדזשיץ, גניעוועשאָוו. די זעלבע נידעריקע, האָלצערנע הייזקעס, טייל האָבן לעבן זיך אַלטע, פאַרגרינטע, האָלצערנע פּלויטן, אַריינגעזונקענע אין דער ווייס, פּוכקע־פאַרשנייטער ערד.

— פיינזילבער, פיינזילבער!

ער האָט זיך אומגעדרייט, נתן חיים. אויף אַ האָלצערן בריקל, אַ צוויי טרעפּ־הויך, דער אַריינגאַנג אין אַ געוועלבל מיט אַ שויבן־טיר, איז גע־שטאַנען בתיה, אַן איינגעהילטע אין אַ ווינטער־פּאַטשיילע, ווי אַ קליין־

שטעטלדיקע קרעמערקע, לעבן איר איז געשטאַנען אַ רויטלעך־געלער מאַן אפשר פון אַ יאָר פערציק. אַוודאי דער פעטער אירער.

— וואָס מאַכט איר? פיינזילבער! איז די בתיה, אַ פריידיקע אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

— איר פילעוועט ס'פענצטער? האָט נתן חיים גענומען איר האַנט אין זיינער און געגאַנגען מיט איר צוריק צום בריקל, ווו דער מאַן איז געשטאַנען און געוואַרט אויף זיי.

— ס'איז דען דאָ פאַראַן עפּעס אַנדערש צו טאָן אום שבת? אוי פיינ־זילבער, פאַר וואָס זענט איר אַזוי פאַרשוווּנדן? ווי אין וואַסער אַריין! אַזוי לאַנג זיך נישט געוויזן! נאָר וואָס עפּעס האָב איך טענות צו אייך? און, צוקומענדיק צום בריקל, האָט זי אים אָנגעוויזן אויף דעם מאַן: — באַקענט זיך, דאָס איז מיין אָנקל, אָשר מייזל און, ווייזנדיק באַלד אויף אים, נתן חיימען: — דאָס איז נאָטאָן פיינזילבער, אַ שיפּברודער.

די צוויי מענער האָבן זיך דערלאַנגט די הענט, זיך באַגריסט:

— קומט אַריין אין שטוב, וואָס שטייט מען אין דרויסן? האָט דער מאַן געעפנט פאַר זיי די טיר אין אַן „אינווייניק" אַריין, וואָס איז געווען חצי געוועלב און חצי שטוב.

נאָכן ערשטן בליק אַרום זיך, האָט ער, נתן חיים, געטראַכט, אַז נישט בלויז דער דרויסן, אויך דער „אינווייניק" איז ווי אַ מאָדזשיצער דירה. די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע האָבן געקרעכצט, זיך געבויגן אונ־טער די טריט. אין מיטן דער שטוב, וואָס זעט אים אויס צו זיין „דער אַלץ מיט אַנאַנד", שטייט אַ רונדער אייזערנער אויוון, אַ „שבתדיק־קאַלטער", אַן אויסגעגאַנגענער נאָך נעכטן, אין דעם לאַנגן פרייטיקצונאַכטס. אויף די ווענט אַרום — פּאָליצעס מיט פאַרמאַכטע שאַכטלען, אַוודאי פול מיט די ווייבערישע מייטקעס, זאָקן און שלאָפּהעמדער, וואָס זייערע מוסטערן זעט ער אויסגעשפּרייט אין דעם „שויפענצטער" ווי געוויינלעך אין אַ קראָם. ביי איין וואַנט, אונטער די פּאָליצעס, זעט ער אַ שלאָפבאַנק. ביים הינטערשטן פענצטער, וואָס אַרויס אין אַ פאַרשנייט הייפל, איז אונטער דער בלעכענער רער פון דעם אויסגעלאָשענעם אויוון געשטאַנען אַ טישל, שבתדיק פאַרדעקט מיט אַ נישט צו ווייס טישטעך, אויף דעם — פיר מעשענע לייכטער, פאַרטריפטע פון די נאָך נעכטן אויסגעברענטע שבת־ליכט. אַרום די לייכטער — די נישט אַראָפּגעשאַרטע חלה־קרישקעס פון די שבתדיקע סעודות.

אין מיטן זיין, נתן חיימס, אַרומקוקן זיך אין דער געוועלב־שטוב מיט דעם מ'שטיינס־געזאָגטן מעבל, איז פון אַ זייטיקער טיר אַריינגעקומען אַ

װײבל, זעט אויס די מומע, אַן אויסגעדאַרטע ייִדענע, מיט בלויע, דינע ליפּעלעך, מיט כּעסדיק אויפגעפּלאָמטע בעקלעך, אין אַ בלאָנד שייטעלע אויף אירע אייגענע, בלאָנדע האָר. זייטיק, מיט איין אייגל ווי אַ הון, האָט זי אָפּגעמאָסטן דעם גאַסט.

— גאָלדע, האָט די בתיה זיך אַ קער געטאָן צו דעם װײבל, — באַקען זיך, דאָס איז אַ שיפּברודער און באַלד צו אים: — פייגזילבער, באַקענט זיך, דאָס איז מײַן טאַנטע.

דאָס װײבל האָט אומווויליק געגומען נתן חיימס אויסגעשטרעקטע האַנט און, שטאָט צו אים, האָט זי געשפּיזלט אירע אייגעלעך צו בתיהן:

— אַזוי? אַ שיפּברודער? וויפל נאָך אַזעלכע שיפּברידער האָסטו זיך אָפּגעשפּאָרט, באַשעלע? און, נישט וואַרטנדיק אויף קיין וואָרט פון דער בתיהן, האָט זי שוין דורכגעשפּיזט אים, נתן חיימען. — וואָס האָט אײַך אַזוי אָנגעברענט? נישט געקענט וואַרטן אויף מאָרגן, נישט מחלל שבת צו זײַן!

ביי נתן חיימען איז געוואָרן אָפּגענומען ס׳לשון. ווי האָט ער זיך געקענט פאַרשטעלן אַז ער וועט אַרײַנפאַלן אין אַזאַ שבתדיקער שטוב? נאָר ווען אַפילו, באַפאַלט מען אַזוי אַ מענטש? אָ, ווען ער ווייסט אַז ער וועט דער בתיהן נישט ווײ טאָן, וואָלט ער דער ייִדענע געגעבן אַ גאָב און זיך אָפּגעטראָגן פון איר שטוב. אַזוי אָבער איז ער געשטאַנען און נישט געעפנט ס׳מויל.

ווי ער, נתן חיים, זענען אויך בתיה און דער אָנקל געוואָרן פאַרשטומט און פאַרשעמט, נישט געוווּסט ווו די אויגן אַהינצוטאָן פון בושה, וואָס די ייִדענע, זײַן ווייב און איר „טאַנטע" האָט אויף זיי אומגעריכט אָנגעיאָגט. נאָך גוט וואָס באַלד נאָך דעם מומעלע זענען פון דער זעלבער טיר נאָכגעקומען די צוויי קינדער זייערע, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר זעקס און אַ מיידעלע פון פיר, ביידע בלאָנד, ביידע מיט געלאָקטע קעפּלעך, האָט דאָס די קינדישע פרייד, דאָס געפילדער זייערס, גיך פאַרטריבן דעם אָנגעשטאַנענעם קלעם און דריקעניש.

די טאַטע־מאַמע זענען גיך געוואָרן פאַרנומען אַרום די קינדער, זי — ביים געבן זיי עסן, ער, דער טאַטע ביים אַרײַנברענגען אַ וואַנעלע, אויף אויסצובאָדן זיי, ווי נאָר מ׳וועט מעגן מאַכן פייער אָנצוּוואַרעמען די טעפּ מיט וואַסער.

אָט די אָנגעשטאַנענע ענדערונג אין שטוב האָט בתיה גיך אויסגענוצט אויף אַוועקנעמען אים, נתן חיימען, צו דער שלאָפבאַנק, אים אויסצופרעגן און זיך אַ ביסל אויסרעדן פאַר אים.

— איר האָט שוין איין מאָל אַ מומעלע, האָט ער, נתן חיים, שטיל אַ זאָג געטאָן און דערביי געהאַלטן דעם בליק אַהין, צו דער ייִדענע, צי זי הערט נישט אַ מאָל, וואָס ער רעדט דאָ.

— אוי, פיינזילבער, פרעגט שוין גאָרנישט וואָס איך שטיי זיך דאָ אויס.

— צו וואָס ווינט איר דאָ?

— ווּ זאָל איך זיך צי׳ען? אַז איך ווייס נישט ווּ מ׳שטעלט אַ טריט.

— איר אַרבעט שוין כאָטש?

— צי איך אַרבעט שוין? האָט די בתיה אים צוריקגעפרעגט. — אַ שיינע פראַגע, זי פּאַרדינט שוין צו דרייסיק דאָלער אַ וואָך, אָבער וואָס קומט אַרויס? דאָס פּלאַץ, ווּ זי אַרבעט, איז אַזש אין די בראָנקס. פרעגט שוין נישט, פיינזילבער, ווי זי פּאַרט זיך אָן יעדן טאָג. אַז צו זיין ביי דער אַרבעט האַלב נײַן, מוז זי אַרויספאָרן פאַר זעקס באַגין, ווען ס׳איז נאָך שטאָק־פינצטער און פאָרן מוז זי צום ערשט מיטן טראַמוויי, דערנאָך מיט די טובס און נאָך דעם ערשט מוז זי פאָרן מיט דער סאַבוויי, דעם „בראָנקס־עקספרעס״. אין אָוונט, שטאָט אַכט אַזייגער, ווען מענטשן קומען אַהיים פון דער אַרבעט, קומט זי נאָך צען ביי נאַכט.

— יאָ, ס׳איז טאַקע שווער, ווינט זי כאָטש ביי אייגענע, דאַרף נישט עסן אין רעסטאָראַציעס.

די בתיה האָט זיך צו אים צוגעבויגן נאָענט:

— כ׳וועל ליבערשט הונגערן, אַבי אַרויס פון דאַנעט. פיינזילבער, איך בעט אייך, העלפט מיר אויסזוכן אַ צימער אין ניו־יאָרק. דערביי, דער מומען זאָל נישט ווערן אויפפאַלנד זייער שושקען זיך, האָט זי אים אַ פרעג געטאָן אויפן קול:

— נו, פיינזילבער, ווי גייט עס אייך עפעס אין דעם אַמעריטשקע?

— ווי אים גייט דאָ? אַלץ וואָלט געווען גוט, האָט מען אים אָבער פאַרשלעפּט אַזש לעבן בראָנקס־פּאַרק. זאָל ער ווען נאָך דער אַרבעט פאָרן צו זיך אין צימער, זיך אַרומוואַשן, איבערטאָן, וואָלט ער שוין גע־מוזט דאָרט בלייבן אומגעגעסן. אויף צוריקפאָרן „דאַון טאַון״, איז דער אָוונט צו קורץ. שליאָנדערט ער זיך אַרום, נאָכן עסן, אויף פערצנטער סטריט, אויף סעקאָנד אַוועניו און, אויף אָנצוואַרעמען זיך אַ ביסל, גייט ער אַריין אין אויטאָמאַט טרינקען אַ טעפּעלע קאַווע. זי איז שוין אַ מאָל געווען אין אויטאָמאַט? ניין? ער וועט זי מוזן דאָרט אַ מאָל אַריינגעמען. אוי איז דאָס אַ טייער אויסטראַכטעניש! דער מענטש, וואָס האָט זיך דער־טראַכט צו אַזאַ איינפאַל, מוז זיין אַ געביפטער חברהמאַן! קען זי זיך

אַזױנס פאַרשטעלן? מ׳שיבט אַרײַן אַ ניקל, אַ פּינפּער־סענט, אין אַ שפּעל־טל, גיסט זיך די קאַװע, צוזאַמען מיט דעם, װי רופן זײ דאָס? די „קרימ״ גלײַך אין אַ טעפּעלע אַרײַן! נאָר אין אַמעריקע האָט מ׳זיך געקענט צו אַזױנס דערטראַכטן.

— ער פאַרדינט כאָטש גוט?

— ער איז אין דער ערשטער קאַטעגאָריע, פערציק דאָלער אַ װאָך.

— נו, און דאָס צימער זײַנס איז כאָטש לײַטיש?

— לײַטיש צי נישט לײַטיש, אַז ר׳האָט נישט דאָרט װען צו זײַן. קומט אַהײם עלף בײַ נאַכט און גײט אַװעק פאַר זיבן אין דער פרי. אַז דאָס צימער איז אָן עסן, מוז ער דאָך, אײדער ער זעצט זיך צו דער אַרבעט אָפּטרעטן אין „אױטאָמאַט״ צו עסן פרישטיק.

— ס׳איז אים כאָטש נישט געװען שװער דאָס טרעפן אַהער, אין דעם העק?

— אַז ר׳האָט געטראָפן קײן אַמעריקע, קען ער טרעפן קײן „דזשױר־זי־סיטי״.

— אַװדאי, אױף אים, פײַנזילבערן קען מ׳זיך פאַרלאָזן. זי, צו װאָס לײקענען? זי איז נישט אַזױ פלינק. אַז ער װעט נישט לאַכן װעט זי אים דערצײלן װאָס מיט איר האָט געטראָפן. אַז רעדן צום קאָנדוקטאָר קען זי דאָך נישט. האָט זי זיך געמאַכט אַ סימן. אין פענצטער פון אַ געװעלבל איז געשטאַנען אַרױסגעשטעלט אַ בעזעם. האָט זי געװוּסט אַז אין דעם ראָג גײט זי אַראָפּ פון טראַמװײ. האָט געטראָפן אַז די קרעמער האָבן אַרױסגענומען דעם בעזעם פון פענצטער, איז זאָל ער שױן בעסער נישט פרעגן װוּהין זי איז פאַרפאָרן! געקומען אַהײם איז זי נאָך האַלבער נאַכט.

— פאַר װאָס זאָל ער לאַכן? אין אַ פרעמד לאַנד, אָן אַ שפּראַך, קען אַלץ טרעפן.

— און װאָס קלערט ער אױף װײַטער?

— װאָס ער קלערט? װען נישט דאָס משוגעת װאָלט ער קודם זיך אַרױסגעצױגן פון די בראָנקס, ערגעץ אין אַ צימער „דאָון־טאָון״.

— מעג זי פרעגן װעגן װאָסער משוגעת ער רעדט? האָט די בתיה פאַרשנדיק געקוקט אױף אים מיט אומרו אין אירע אױגן.

— זי װעט געװיס לאַכן אױס אים. ער גײט אַװעקפאָרן זײער װײַט, אַזש קײן קאַנזאַס־סיטי. זי װײסט װוּ דאָס איז? אַזױ װײסט ער. מ׳זאָגט אַז ס׳איז מער װי פערצן הונדערט מײל פון ניו־יאָרק.

— וואָס עפּעס פּלוצים? האָט די בתיה, כּלומרשט רויִק אים איבער־געפּרעגט, כאָטש די אָנגעשטאָנענע אומרו האָט געשריגן פון אירע דער־שראָקענע אויגן.

— אָט דאָס איז דאָך דאָס משוגעת! ער וויל דען פאָרן? ער דערהאַלט בריוו פון דער היים, איז אין יעדן בריוו, ווײַנט אים די מאַמע אָן אַ קאָפּ: „נתן חיים קרויך, האָב גאָט אין האַרץ פאָר קיין קאַנזאַס־סיטי און ווער געוויר וואָס עס הערט זיך ביי מילכּה ברײַנדלען מיטן מאַן און די קינדער. לעבן זיי כאָטש? זענען זיי געזונט?"

— פיינזילבער, וועגן וועמען רעדט ער?

— וועגן וועמען ער רעדט? וועגן דער עלצטער שוועסטער זיינער. זענען שוין שיינע יאָרן אין אַמעריקע. נישט מ'האָט געהערט פון זיי און נישט זיי האָבן געשיקט אַ גראָשן שטיצע דורך דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה. פאַר אים זענען זיי אויס. ער האָט זיי נישט געלאָזט אַפילו וויסן אַז ער איז אין אַמעריקע. שלאָגט ער זיך מיט דער דעה: פאָרן? נישט פאָרן? שניידט אים אָבער ס'האַרץ אויף דער מאַמע. און, צו וואָס זאָל ער לייקענען? אויך אין אים איז אָנגעשטאָנען אַ באַגער, מ'קען אַפילו זאָגן — אַ בענקעניש. פאָרט אַ שוועסטער, אַ שוואָגער, קינדער. אַ כּלל ער האָט אָפּגעפּאַסט ביי זיך צו פאָרן קיין קאַנזאַס־סיטי, זען וואָס דאָרט הערט זיך. אַזאַ צייט! ווער ווייסט?

— זאָגן אייך דעם אמת? האָט די בתיה, אַ שטאַרק געריגטע, זיך מודה געווען. — זי וואָלט זייער נישט וועלן ער זאָל אָוועקפאָרן און נאָך אַזוי ווייט דערצו. זי פילט זיך דאָ אַזוי עלנט. דער עלטערער ברודער אירער איז אַזוי ווייט, קען אַפילו נישט קומען זיך זען מיט איר און ער, פיינזילבער, אַ שיפברודער, זיך אַזוי גוט אויפגעלעבט אויף דער שיף, גייט ער אָוועקפאָרן. ער קען נאָך דאָרט בלייבן, זיך באַזעצן לעבן דער שוועסטער און דאָרט אפשר חתונה האָבן אויך. אַזאַ ווי ער? האָט זי כּלו־מרשט געמאַכט אים אַ קאָמפּלימענט, כאָטש אין דער אמתן איז עס געווען אַ מין אָנצוהער. — אַזאַ ווי ער וועט לאַנג זיצן? סטאַדעס מיידן הענגען דאָך שטענדיק אַרום אייך, פיינזילבער! נאָר ווער איז זי צו פּרוּוון אים צוריקהאַלטן? ס'איז דאָך פאָרט אַ שוועסטער, אייגן בלוט און פלייש און בלוט, זאָגט מען דאָך, איז נישט קיין וואַסער. אייגנס בעט זי אים, זאָל ער פאַר איר קריגן אַ צימער אין ניו־יאָרק איידער ער פאָרט אַוועק. ער וועט כאָטש האָבן איר אַדרעס, אפשר? ווער ווייסט?...

## קאַפּיטל דרייצן

ער קוקט דורך דער טאַקסישויב, נתן חיים, אַ בערגלדיקע שטאָט, דאָס קאַנזאַס־סיטי. די טאַקסי לויפט און זיין דמיון לויפט נאָך גיכער. „זיי וועלן אים גאַרנישט דערקענען, די שוועסטער, דער שוואָגער. אַוועק קיין אַמעריקע ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, אַ סמאַרקל. איצט ווערט ער שוין באַלד צוויי און צוואַנציק יאָר און זיי ווייסן דאָך אַפילו נישט אַז ער איז אין אַמעריקע, אַז ער פאָרט דאָס איצט צו זיי. ווען נישט דאָס בעטעניש פון דער מאַמען, ער זאָל למען השם פאָרן זען וואָס זיי מאַכן, וואָס די קינדער זייערע טוען, וואָלט ער זיך אַרויסגעלאָזט פון ניו־יאָרק אויף אַזאַ ווייטער רייזע? ביי לייטן — קינדער אין אַמעריקע, האָבן געשיקט הילף צו עלטערן אין דער אַלטער היים. דאָ, דורך אַזאַ צייט — אַפילו נישט קיין סענט! אמת, מ׳איז געווען אָפּגעריסן איינע פון די אַנדערע צוליב דער מלחמה, פון דעסטוועגן?״

די טאַקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט, ער האָט באַצאָלט דעם שאָפער, די מאַשין איז אַוועק און ער איז געבליבן שטיין אויפן טראָטואַר מיט דער וואַליזע לעבן זיינע פיס.

ס׳איז פרימאָרגן, אָנהייב מיי, די זון שיינט, עס שמעקט דאָ מיט יונגען בעז, מיט אַקאַציעס, מיט עפּלבליִעכץ. די הייזקעס דאָ שטייען אויף אַ גוטן שטאָק העכער פון טראָטואַר. אין פראָנט פון דער שוועסטערס הייזקע שטייט אַ כאַטקעלע מיט אַ טיר צום טראָטואַר. ער האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער — אַ שוסטער־וואַרשטאַט מיט כאַדיקעס אויפן דיל, בלעכלעך שטיפטן אויפן פענצטער, אַ שוסטער־מאַשין ביי דער וואַנט. „אָט דאָס איז עס! איצט פאַרשטייט ער שוין. אַ געגריוועטער שוסטער אין וואַרשע, איז דער שוואָגער געוואָרן אַ לאַטוטניק אין אַמעריקע. איז שוין נישט קיין ווונדער, וואָס דורך דער גאַנצער צייט פון זייער זיין אין דער גאָלדענער מדינה האָט די היים פון זיי קיין סענט שטיצע נישט געזען. ווער ווייסט צי זיי אַליין האָבן אויף זייער ביסל אויסקומעניש״?

ער האָט גענומען די וואַליזע, נתן חיים, און געשטעלט אַ טראָט אַרויף אַ טרעפּ, האָט גראָד אויבן זיך געעפנט די טיר און אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן איז פון דער שטוב אַרויסגעקומען אויף דער וועראַנדע. לויט דעם

ווייסן בלוזקעלע, די ביכלעך און העפטן אין אירע אָרעמס, האָט ער פּאַר־שטאַנען אַז דער שוועסטערס עלצטע טאָכטער איז אַרויס אויף איר וועג אין שולע, נאָר דערזעענדיק אים, אַ יונגער מענטש מיט אַ וואַליזקע, איז זי געבליבן ווי צעטומלט און, שטאָט מאַכן אַ טראָט ווייטער, האָט זי אומ־געקערט דעם קאָפּ און, דורך דער געעפנטער טיר, גערופן אין שטוב אַריין:

— מאַמעליו, סאָם באַדי קיים! (עמעץ איז געקומען!).

ער האָט געשמייכלט, נתן חיים. פּונקט אַזוי, „מאַמעליו" און נישט „מאַמעשי" האָט דאָס, דעמאָלט, קליינע מיידעלע גערופן די מוטער, איידער זי איז מיט דעם קינד אַוועק קיין אַמעריקע. באַלד נאָך דעם מיידל זענען אויף דער וועראַנדע אַרויס נאָכגעקומען די צוויי יינגערע שוועסטערלעך, ביידע אין די זעלבע ווייסע בלוזקעלעך מיט מאַטראָסן־קעלנער איבער די פּלייצקעס און ביידע מיט ביכלעך און שולהעפטן אין די אָרעמס. די יינגס־טע פון די דריי, מיט אַ קאָפּ רויטע, צעלאָזטע האָר. אין נתן חיימס האַלדז איז אָנגעלאָפן אַ פלוס פון טרערן. אָט אַזוי, פייערדיק רויט, איז דאָך גע־ווען דעם טאַטנס באָרד. וואָס מאַכט ער דאָרט, דער טאַטע? אין וואַרשע איז דאָך איצט אויך מיי. קען ער נאָך אַרויסדראַפּען זיך, אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן, זיך וואַרעמען אין דרויסן, אין דער מיי־זון?

נאָך די צוויי יינגערע מיידלעך איז ערשט נאָכגעקומען די מוטער, אַ פרוי אין די מיטעלע דרייסיקער, אַ נידעריקע, אַ ברייטלעכע אין די היפטן, מיט אַ היפּשן בוזעם הינטער אַ וויין־קאָלירטער בלוזקע. די האָר אירע, טונקל־ברוינע, זענען איר געווען פרימאָרגנדיק צעפּלאָשעט, אויך אַזוי דער לויזער גרעק פון הינטן. זי האָט געטאָן אַ בליק אויף אים, ווי ער אויף איר. ער — זי האָט גלייך דערקענט. די אייגענע מילכה ברײַנדל, בלויז אַ ביסל געעלטערט, געוואָרן אַ ביסל ברייטער, צעפּאָרענער. זי — אים, האָט זעט אויס נישט דערקענט. ווי אַזוי האָט זי אים יאָ געזאָלט דערקענען? איבערגעלאָזט אַ קליין ברודערל, איז דאָס אויסגעוואַקסענע ברודערל, אָן איר וויסן, אָן איר הילף, געקומען נישט בלויז קיין אַמע־ריקע נאָר איצט, נאָך אַזוי פריצישמעסיק, אין אַ טאַקסי, פאַרפאָרן צו איר הויז!

— דערקענסט מיך נישט? מילכה ברײַנדל, דאָס בין איך, נתן חיים.

זי האָט געטאָן אַ פּאַטש מיט די הענט, געוואָרן בלאַס און די קני האָבן זיך איר גענומען זעצן, אָט, אָט, ווען ער כאַפּט זי נישט אונטער, וואָלט זי געפאַלן אין חלשות ביי זיינע טריט. זי האָט ספּאַזמירט געדריקט אים צו זיך, געקושט און געהאַלדזט אים, באַגאָסן זיין פּנים מיט אירע הייסע טרערן:

— נתן חיימל, דאָס ביזטי? פין וואַנעט קימסטי אַהער? האָסט דאָך גאַרנישט געשריבן אַז די גייסט קימען.

— יעך בין שוין אין אַמעריקע באַלד פיר חדשים, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט ייִנגלשער פּאַרריסנקייט, אַ מין אַרויסשטעלן זיך אַז אָן איר הילף האָט ער געטראָפן קיין אַמעריקע, כאָטש אין האַלדז האָט אים געוואָרגן אַן אַנגעלאָפענער שטראָם מיט טרערן.

די שוועסטער, האַלטנדיק אים אין אירע אָרעמס, האָט געוואָרפן, איבערן אייגענעם אַקסל. אין דער אָפענער שטוב אַריין:

— שמואל אַהרון! זע נאָר ווער ס'איז דאָ! נתן חיימל איז דאָך געקומען! און, נישט וואַרטנדיק אויפן מאַנס אַרויסקומען, האָט זי אַ זאָג געטאָן צום ברודער, — אוי, כ'האָ' דאָך גאָר פאַרגעסן און שוין איז זי געלאָפן צוריק אין שטוב אַריין. באַלד איז זי צוריקגעקומען מיט צוויי קינדער, אַ מיידעלע אפשר פון אַ יאָר אין אירע אָרעמס, און אַ ייִנגל פון אַ יאָר זיבן, אין די אונטערוועש נאָך, האָט זי געפירט ביי דער האַנט:

— זע נאָר מאַנע אַמעריקאַנצעס. דאָס איז אסתרל, נאָך דער באָבען, אַ לעכטיק גן עדן זאָל זי דאָרט האָבן און ער, האָט זי צוגענענט דאָס ייִנגעלע צום ברודער, — ער הייסט משה, נאָכן זיידע, עליו השלום, נאָר מ'ריפט עים מאָריסל.

— האָסט זע איך געגעבן דיינע קינדער די אייגענע נעמען, וואָס מ'האָט אונדז געגעבן.

— ווי דען? ס'איז דאָך די אייגענע באָבע־זיידע, די אייגענע פּעטערס אין מימעס.

דער שוועסטערס מאַן, אויסגערוסט ווי אַ קוימענקערער, די העמד־אַרבל פאַרשאַרצט איבער די עלנבויגנס, איז אָן אָטעם געקומען אַנצרלויפן פון קעלער. אויך ער האָט געקוקט אַ צעטומלטער אויף דעם אומגעריכטן גאַסט. זיינע ברוינע ביר־אויגן זענען אים געלאָפן הין און צוריק, פון אים, נתן חיימען, צו מילכּה ברריינדלען און באַלד קריק צום גאַסט. עפּעס האָט ער זיך נישט געגלייבט, דער אַמעריקאַנער שוואָגער, אַז דאָס זאָל זיין אמת. הער נאָר אַ מעשה! אָן זיין הילף, אָן זיינס אַן אפידייוויט, נעמט דאָס נתן חיימל און שטעלט זיך אַריין צו דער שוועסטער און שוואָגער, גלייך אין זייער שטוב אַריין!

אויך אים, דעם שוואָגער, האָט ער, נתן חיים, באַלד דערקענט. דער זעלבער שמואל אהרון. די אייגענע האַרט־שטייענדיקע, טונקל־ברוינע האָר אויף זיין קאָפּ און די אייגענע צוויי איינגעפאַלענע באַקן, וואָס נאָר צוויי

עפל איןביידע זייטן מויל, וואָלטן אים געקענט אויספילן די צוויי גריב־לעך אין דאָרן פּנים.

— אַזוי, האָט דער שוואָגער, האַלטנדיק דעם גאַסטס האַנט אין זיי־נער, געשאָקלט מיטן קאָפּ ווי ער וואָלט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט צו־גלייבן: — דאָס ביסטו, יענער קליינער נתן חיימל?

די וועראַנדע איז דערווייל פול געוואָרן מיט שכנים, קריסטן און ייִדן. אַלע האָבן גערעדט, אַלע האָבן געלאַכט, נאָר ער, דער גאַסט, האָט נאָ־רישעוואַטע געשמייכלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף די באַגריסונגען, גע־דריקט אַלעמענס אויסגעשטרעקטע הענט און נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט. בלויז איין ווייבל, אַ יונגע נאָך, מיט רויטע בעקעלעך און אַ רויט פאַר־שפּיצט גאָמבעלע, זי האָט ער פאַרשטאַנען:

— מרס׳ ריטשמאַן, האָט דאָס ווייבל ווי פאַרגוואָרפן דער שוועס־טער, — וואָסי? זי האָבן מורא געהאַט פאַר אַ נעהאָרע? ווען גאָט העלפט מיר און איך ברענג אַריבער אַ ברודער פון „יוראָפּ״, וואָלט איך נישט מורא געהאַט. דער גאַנצער בלאָק וואָלט דאָס ביי מיר געוווּסט.

מילכה בריינדל איז געוואָרן בלאַס און באַלד רויט. דעם ווייבלס פאַר־וווּרף, האָט זעט אויס, אויפגעראָיעט אין איר די ווייטיקן, די פאַרדראָסן אויף איר בידנע מזל. יעדערער האָט עפּעס געטאָן פאַר דער אַלטער היים, נאָר זי האָט גאָרנישט געטאָן. אַזוי פיל יאָרן אין אַמעריקע און נאָר זי בידעוועט, מאָרדעוועט זיך צו פאַרלויפן אַלע וועגן, צו פאַרשטאָפּן אַלע לעכער און זי האָט קיין מאָל נישט קיין סענט ביי דער נשמה.

— איך האָב אים געברענגט? האָט זי, אין אייגענער פאַרשעמטקייט, געהויבן די אַקסלען. — ער איז נעבעך אַליין געקומען. און, ווי צו פאַר־שרייען איר שולדגעפיל, האָט זי זיך צעשריגן אויף די מיידלעך, וואָס זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען, געוואָלט און נישט געוואַגט צו צוגיין צום „אַנקל״, וואָס זיי האָבן געהערט וועגן אים רעדן, נאָר האָבן אים נישט געדענקט. איז אָט שטייט ער, אַזאַ יונגער אַזאַ שיינער און די מאַ־מעליו באַקענט זיי גאָרנישט מיט אים.

— וואָס שטייט עץ נאָך? וואָס גייט עץ נישט אין סקול אַראָן?

— דאָס זענען די דריי מיידעלעך, וואָס האָסט מיטגענומען קיין אַמע־ריקע? האָט נתן חיים, מער איינצושטילן די שוועסטער, איידער זיך עפּעס דערוויסן, וואָס ער ווייסט סיי ווי, געפרעגט מילכה בריינדלען, — אָן עין הרע, כּלה־מיידלעך שוין.

— די ווינדערסט זעך אויף זיי? טי נאָר אַ קיק אויף דיר? די ביזט נישט אויסגעוואַקסן אַ פאַרשוין, קיין איינע האָרע! דערביי, נישט צו

געבן אים קײן „גוט אויג”, האָט זי פּונקט װי די מאַמע, אים אָפּגעבלאָזן:
„פּו, פּו, פּו”.

— װאָס שטעלסטו זיי נישט פֿאָר פֿאַר מיר? זיי זענען שוין אונטער־
געוואָקסענע מיידלעך.

— די מאַמעליו האָלט אינז נאָך פֿאַר בייביס, האָט די מיטלסטע, די
פּופּצן יאָריקע פּעני, אַ טונקל־שאַטינקע, מיט אַ שאַרף פּיסקל אויפֿגע־
וואָרפֿן דער מוטער איר פֿאַרזען זיי.

— ביזט טאַקע געוואַקסן, מאַן ברידע', געדענקסט זיי כאָטש? אָט די
איז פּוירל. געדענקסט דאָך אַוודאי דאָס קליינע פּערעלע און דאָס איז פּעני,
דאָס פּיצעלע פּרומעטל און דאָס איז רוט, רחלע, דאָס גאָלדענע קעפּעלע,
רויט װי דעם טאַטנס באָרד.

נתן חיים האָט אַלעמען געגעבן די האַנט, זיך באַגריסט, געמאַכט זיי
קאָמפּלימענטן, װי ס'פּירט זיך ביים באַקענען זיך מיט מיידלעך.

— ני, איצט קענט עץ שוין גיין אין סקול, האָט די מוטער זיי גע־
נומען טרייבן, — דער אָנקל פֿאָרט נאָך נישט אַוועק, עץ 'עט האָבן גע־
ניג צאַאט זיך אָנצופּרייען מיט אים.

אויך שמואל אהרון, דער שוואָגער האָט גענומען גיין מיט די מייד־
לעך אַראָפּ די טרעפּ:

— 'עסט מיר מוזן „עקסקיוזן”, האָט ער זיך אַנטשולדיקט פֿאַרן גאַסט. —
דער טאָג שטייט נישט. יעך מיז עפֿענען דעם שאַפּ.

נתן חיים האָט געהערט און געשטוינט. אַזוי פֿיל יאָרן אין אַמעריקע,
רעדט נאָך אַלץ מילכּה ברײַנדל װי אין דער היים. אויך דער שוואָגער,
אַפֿילו די קינדער, אַלע זאָגן זיי נאָך „יעך”, „עץ”, „ענק” און נישט נאָר
זייער רעדן, ס'גאַנצע פּירעכץ זייערס, זעט ער, איז װי אין דער היים.

— װאָס װוּנדערסטי זעך אַזוי? האָט מילכּה בריינדל נישט געקענט
פֿאַרשטיין זיין חידושן זיך. — יעך פֿיר מעך טאַקע װי אין דער היים.
זעסט? האָט זי אים צוגעפֿירט אין װינקל, ביים אַראָפּגאַנג אין קעלער, —
אָט האָב יעך שטיין אַ זעקל מעל, אַ זעקל צוקער, רייז, פּערל־גרויפּן. יעך
קויף אַלץ „האָלסייל” װי די מאַמע אַמאָל, אַזוי באַק יעך מיר יעדן דאָ־
נערשטיק ביי נאַכט אַ געבעקל ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך, חלות אויף
שבת, קיכלעך, בילקעלעך. שיין װאָלט יעך אויסגעזען װען יעך גיי אין
גראָסעריי נאָך אַ פּינטעלע מעל, אַ פּינטעלע צוקער, אָדער אין דער בע־
קעריי נאָך געבעקס. אין די מיינסט נאָר דאָס אַליין? קים על יעך דיר
װײַזן עפּעס שיינס. און אַזוי רעדנדיק האָט זי אים גענומען ביים אָרעם,
דורכגעפֿירט אים דורך דער קיך, דורכן פּעדערהויז, אַרויס אויפֿן פּאָדווירל.

ער האָט געגאַפּט, נתן חיים, נישט געגלייבט זיינע אויגן. נישט בלויז אַ גערטל, אַ גאַנץ פּאַלוואַרקל האָט זי דאָ. וואָס האָט די מילכה ברײַנדל דאָ נישט פאַרזייט? פון דער ווייך אויפגעקאָפּעטער ערד שפּראָצן שוין אַרויס גרינע ציבלקעס. בלעטלעך אויף פּורפּור רויטע שטענגלעך פון בור־ראַקעס, גרינע, דינע געוועבן פון מייערן־בלעטלעך, פון אוגערקעס און הינטערן קיך־פענצטער — אַ באַזונדער אָפּגעצוימט גערטל מיט בלימלעך און קווייטן, וואָס ער ווייסט גאָרנישט זייערע נעמען. דאָס אַלץ פון איין זייט, לענג־אויס דעם הייפל. אויף דער אַנדערער זייט — האָט זי בייטן מיט בעבלעך, טאָמאַטן, וואָס די שטעקלעך שטייען שוין אין דער ערד, גרייט די אַרויסגעשפּראָצטע געוויקסן זאָלן זיך נעמען ציִען און וויקלען אַרום זיי, העכער, העכער צו דער זון. און ווי אין דער זייט גערטל, לעבן הויז, האָט זי אַן אָפּגעצוימט ערטל פאַר בלומען, אַזוי האָט זי אין דער צווייטער זייט, אין אַנדערן עק, ביים סאַמע פאַרקאַן, אַן אַרומגעצוימט פּאַדווירל פאַר עופות. צוזאַמען מיט אַ רויטן האָן, וואָס קיניגט דאָרט איבער אַ צען, צי צוועלף הינער, געלע, ווייסע, סיצענע, דרייען זיך אויך דאָרט אַרום עטלעכע קאַטשקעס מיט אַ קאַטשער, וואָס פּליעסקען זיך דאָרט אין אַן אייגן אָנגעאַרבעט בלאָטקעלע, עלעהיי אין אַן אמתן טייך.

— ער איז געווען אָן לשון, נתן חיים, געקוקט אויף דער שוועסטער, וואָס שטייט לעבן אים מיט אַ פּיצל קינד אין די אָרעמס, אַ ייִנגל ביי דער האַנט און דריַ אונטערגעוואַקסענע אין שקאָלע. ווי קען זי, מיט בלויזע צוויי הענט דאָס אַלץ פאַראַרבעטן? גלייך די מילכה ברײַנדל וואָלט זיך אָנגעשטויסן וואָס דער ברודער טראַכט, האָט זי זיך גענומען פאַר־טרויען פאַר אים:

— אין די מיינסט אַוודאי עמעץ העלפט מיר? שמואל אהרון ברענגט מיר די טריט, וואָס יעדן האָדעווע עופות. זיי פאַרשטינקען אים, זאָגט ער, די ליפּט. די מיידלעך? זיי שטייט נישט אָן זיך איינצורעכטן די הענטלעך. אַ קלייניקייט? זיי גייען דעך עפּעס אין שקאָלעס!

— אין די ברידערל מיינסט נאָר דאָס? געדענקסט ווי די מאַמע פלעגט גאַנצע נעכט זיצן אין נייען, דזשאָביען, איבערמאַכן און איבערניצעווען, וואָס נאָר זי האָט געקענט, כּדי די קינדער זאָלן האָבן מיט וואָס ס׳לאָאַב צי צידעקן. אַזוי מיז יעך, אין אַמעריקע, אָאַך טיען. נאָר ס׳איז דעך פאַרט אַמעריקע, דאַרף יעך נישט חלילה דזשאָבען פון אַלטוואַרג, נאָר יעך מאַך אַלץ פון רעשטלעך. האָסט געזען אויף די מיידלעך די ווייסע, מאַטראָסן־בלוזקעלעך? די ספּודניטשקעלעך? אין די הייזעלעך? האָט זי אים געוויזן

אויף דעם קלײנעם משהלעס הויזקעס, מיט קעשענקעס אין בײדע זײַטן און שעלקעס איבער דעם ייִנגלס אַקסעלעך, דאָס אַלץ בײַ יעדן אָף. יאָ, יאָ, מאַן ברידער, האָט זי געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ. — אין דער הײם מײנט מען אַז אין אַמעריקע גײט יעדערער אין גאָלד.

## קאַפּיטל פערצן

דער טאָג איז דערווייל נישט געשטאַנען. די זון שווימט אַלץ העכער און העכער אין מיטן הימל אַריין, איז געוואָרן הייס, האָט ער, נתן חיים, אַרויסגענומען אַ פריש טיכל פון דער וואַליזקע, זיך געווישט דעם שוויס פון שטערן, פון פּנים, נאָר די שוועסטער, מילכּה ברײַנדל איז נאָך נישט געווען פאַרטיק מיטן ווייזן אים איר „אימעניע".

— זעסט דאָס כאַטקעלע? האָט זי אים געוויזן אויף אַ קליין ביידל, אין פאַדווירל פון די עופות, — מיינסט דאָס איז בלויז פאַר אַ „גזשענדע"? די הינער זאָלן האָבן ווו אַרויפצופליען נעכטיקן? קים, 'עסטי זעיען עפּעס שיינס.

מיטן קינד אויף דער האַנט און דאָס קליינע משהלע פאַר אירע פיס, האָט זי געפירט דעם ברודער איבערן סטעזשקעלע, אין מיטן פון דעם אַזוי שיין צעוואַקסענעם גאָרטן, אַהין צום עופות־פאַדווירל און אויפגעלענט פאַר אים די טיר פון ביידל אויף אַ שמאָל שפּעלטל. אַ געלע הון מיט אַ רויטלעך קעפּל און אַ צעפּעכערט העלדזל, איז דאָרט אין אַ ווינקל געזעסן, ביין, געהויערט אין די לופּטן און מיט איר לײַב, מיט די ברייט אויפגעשויבערטע פעדערן, האָט זי געוואָרעמט אַ צאָל אונטערגעלייגטע אייער.

— קאָ, קאָ, קאָ! האָט די הון אַ וואָרטשע געטאָן און זייטיקלעך, מיט איין אייגל, אָפּגעמאָסטן בייז די לייט, וואָס שטערן איר אין דער עובדה פון גרייטן זיך צו מאַמעשאַפט.

— זעסט מאַאַן ברידער, האָט מילכּה ברײַנדל זיך געווענדט צום גאַסט, — די הין זיצט שוין באַלד צוויי וואָכן. אַז זאַאַן ליבער נאָמען 'עט מיר העלפן, 'עט זי אין גיכן זיך אַרויסשפּאַצירן מיט צען אין אפשר, אַז כ'על ווערט זיין ביים רבונו של עולם, מיט אַלע פּיפּצן הינדעלעך. גע־דענקסט ווי שיין די יינגע נאָר־וואָס אויסגעבריטע הינדעלעך זענען, ווי זיי פּישטשען ווי די פייגעלעך?

— הערסטו מיין שוועסטער? כ'על דיר זאָגן דעם אמת, קיינער וואָלט זיך דאָס נישט געגלייבט. אין אַמעריקע זיצסטו אַליין איבער הינער?

— וואָס דען? יעך קען מיר פאַרגינען צו קויפן אייער אין גראָסערי?

אָדער ביים „בוטשער״ אַן עוף אויף שבת? אַוודאי, אַז די רעדסט מיט שמואל אהרונען, איז ער אַ גאַנצער צעלייגער. כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד: ווען נישט מאַאַן אַלצדינג פאַרהאַרעווען, וואָלט יעדן געקענט האָבן אָפן ביסל אַאָסקימעניש? עפּעס אַ קלייניקייט זיבן מאַאַלער „קאַ נע־האָרע״ צי געבן עסן, קליידן זיי, באַשוכן.

אַ טיף שולד־געפיל איז אויפגעגאַנגען אין נתן חיימען. אוי ווי גע־רעכט די מאַמע איז געווען! ווי ביטער עס איז געווען אין שטוב דורך דער לאַנגער צייט פון מלחמה, האָט זי קיינעם נישט געלאָזט עפּענען ס׳מויל מיט אַ טענה, אַ תּרעומה אויף מילכה ברײַנדלען:

— אוי קינדער, מ׳טאָר נישט קיינעם דן זיין לכף חוב. אפשר האָבן זיי אַליין נישט ס׳ביסל אויסקומעניש?

אַ פאַרשולדיקטער, האָט ער אויסגעשטרעקט די הענט, נתן חיים, צו נעמען דאָס קינד פון דער שוועסטערס אָרעמס, כאַטש מיט דעם איר אַ ביסל פאַרלייכטערן איר ביטער מזל, אָבער נישט דאָס קליינע אסתּרל און נישט דער גרעסערער, משהלע, אַ ייִנגעלע מיט פולע, אַנגערויטיקטע בעקעלעך און גרויסע, ברוינע אויגן, ווי ביי אַ יונגער סאַרנע, האָבן זיך נישט גע־לאָזט דערנענטערן צו אים, אַפילו נישט ער זאָל ווערלכעס אַ גלעט טאָן. ער האָט געהאָט קרענקונג, נתן חיים: ווי איז אים נישט איינגעפאַלן? ער גייט פאָרן צו אַ שוועסטער, עפּעס מיטצוברענגען פאַר די קינדער? כאָטש ווי האָט ער געקענט טראַכטן פון עפּעס מיטברענגען? אַז געפאָרן איז ער גאָר זיך פאַרהערן מיט דער שוועסטער, מיטן שוואָגער, זיך קריגן מיט זיי, פאַר זייער נישט געדענקען אַן דער היים אין אַזעלכע ביטערע מלחמה־יאָרן. חוץ דעם, ער האָט דאָך גאָרנישט געוווּסט אַז דער שוועסטער איז, אַן עין הרע, צוגעקומען אַן אסתּרל, אַ משהלע.

— קים מאַאַן ברידער, האָט מילכה ברײַנדל אים גענומען ביים אָרעם,— כ׳על דיר וואַאַזן דאַאַן צימער, ׳עסט זעך אָאָספּאַקן, ׳עסט זעך אַרומוואַשן, זעך איבערטיען, ביסט דאָך מיד פון וועג, איז די שוועסטער געגאַנגען פאָרויס אַרויף די טרעפּ און ער, מיט דער וואַליזקע, הינטער איר. זי האָט אים אַרייַנגעפירט אין אַ גרויסער שטוב מיט צוויי פענצטער צום גערטל, דערצו נאָך אַ שויבנטיר אַרויס צום גאַניק.

נתן חיים, ווי זיין טבע, האָט זיך אַרומגעקוקט, געשניפּט מיט דער נאָז און דערשמעקט, לויט די גערוכן, אַז דאָס איז די מיידלעכס שלאָף־שטוב:

— דו גיסט מיר אַוועק דיינע טעכטערס צימער?

— האָב נאָר נישט מורא, זיי וועלן נישט שלאָפן אינדראָאָסן. האָסט

געזען די קאַנאַפּע אינטן, אין פראַנטשטיב? אַז די עפּנסט די קאַנאַפּע, האָסטי אַ ברייט בעט. ווייסט גאָר וואָס, מאַאַן ברידער? האָט זי אַרויס־גענומען די וואַליזע פון זיין האַנט און זי אַראָפּגעשטעלט אויף דער פּאָד־לאָגע, — גיי אַראָפּ אַ ביסל צו שמואל אהרונען. ער זיצט דאָרט אין שאַפּ ווי אָף שפּילקעס. יעך 'על נאָר ציגרייטן אַנבאַאַסן, קים יעך גלאַאַך נאָך.

כאַטש אָן חשק, האָט ער דאָך צוליב געטאָן דער שוועסטער און איז אַראָפּגעגאַנגען אין דעם שאַפּ אַריין. דער שוואָגער איז געשטאַנען ביים פענצטער איבער אַ שוך אויף דער אייזערנער קאָפּיטע, געכאַפּט פון מויל שטאָלערנע שטיפטלעך און גיך געשלאָגן איינס נאָכן אַנדערן אין אָפּצאַס אַריין.

— ועלל, ווי גלאַאַכסטי עפּעס אַמעריקע? האָט אים דער שוואָגער מיט אַ פול מויל מיט שטיפטן, אַ פרעג געטאָן, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אויף דער שאַפּ־שוועל.

— ווי יעך גלאַאַך אַמעריקע? האָט ער אים צוריקגעפרעגט, נתן חיים. — וואָס איז דאָ צו גלאַאַכן? כ'זע מ'ווערט דאָ אויך גאַנץ שיין פאַרשוואַרצט.

— אַפּקאָרס, (אָוודאי) ווען ס'איז באַשערט זיך צו מוטשען, ליגט ער אין דער ערד אין אַמעריקע ווי אין „יוראָפּ", דערביי האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אַ ביסל שטיפטן אין מויל אַריין און צוגעגעבן: „באָט", (אָבער) לאַנדסלייט האָבן זיך דאָ אַראָפּגעאַרבעט ווער מיר גיטס גינט, „אָפּקאָרס" נישט באַ לאַטען שיך! אין אַמעריקע, מאַאַן טאַיערער שוואָגער, אַז ווילסט צו עפּעס ציקימען איז נאָר אין ביזנעס, באַדיי אַ גראָסערי, אַ סאָדע־סטענד, אַבי ביזנעס!

אַ מאַן איז אַריינגעקומען, זיך באַגריסט: „העלאָ", „העלאָ סער", האָט אים דער שוואָגער געענטפערט און אים דערלאַנגט פון דער פּאָליצע אַראָפּ אַ פּאָר אָפּגעגלאַנצטע שיך מיט פריש־געלייגטע זוילן. דער מאַן האָט באַ־צאָלט, נאָר שטאָט אַוועקגיין, האָט ער זיך גאָר אַוועקגעזעצט קעגנאיבער דעם שוואָגער און צווישן די צוויי לייט איז געוואָרן אַ שמועס אַז ער, נתן חיים, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט מיטן אַקסל אָן דער וואַנט, האָט גע־שטוינט, נישט געגלייבט זיינע אויערן. הער נאָר דאָ, האָט ער געטראַכט, דער שוואָגער ווי די שוועסטער, האָבן אָפּגעלעבט אין פוילן שיער נישט אַ העלפט פון זייער לעבן און נישט געקענט רעכט אַ פּויליש וואָרט אַרויס־רעדן. דאָ רעדן זיי ביידע ענגליש ווי אַ וואַסער. אים איז נאָר קשה אין זייער ענגליש דאָס וואָרט „בעטשען". וואָס „בעטשען" זיי אַזוי פיל? אין דער היים מיינט ,בעטשען' — וויינען מיט אַ ברייט־צעעפנטער „יאַפּע". דאָ

זעט ער נישט עמעץ זאָל ווײנען און דאָך הערט ער כסדר „בעטשע״. יו „בעטשע״ אל „בעטשע״ אָדער גאָר „בעטשע בוטס״. וואָס בעטשען זײ אַזוי פיל?

ווי נאָר דער מאַן מיט די אויסגעלייזטע שיך אונטערן אָרעם איז אַוועק, האָט זיך מילכּה ברײנדל אַרײנגעשטעלט אין דער אָפענער שאַפּ־טיר:

— קימסט עסן און צום ברודער: — דיר איז שוין נעבעך ס׳האַרץ גיט פאַרחלשט. אַ גאַנצן מעת לעת אין דער באַן, מיט וואָס ביסטו נעבעך אָפּגעקומען?

— כ׳האָ׳ נישט געפאַסט.

אין שטוב ביים זעצן זיך צום טיש, איז ער, נתן חיים, געווען אין פאַרלעגנהייט. „וואָס זאָל ער דאָ טאָן? שמואל אהרון האָט אַרויפגעלייגט אַ היטל אויפן קאָפּ, זיך געוואַשן, נישט אונטערן קראַן, נאָר ווי ייִדן — אָפּגעגאָסן מיט אַ פולער שעפּ וואַסער פריִער איין האַנט דערנאָך די אַנ־דערע, געזאָגט אויפן קול: „שאו ידיכם״, כאָטש זייטיקלעך האָט ער אַ ווינק געטאָן מיט אַן אויג צו אים, נתן חיימען, ווי איינער רעדט: „זיך קריגן מיט מילכּה ברײנדלען איבערן וואַשן זיך צום עסן? צוליב אַ „שאו ידיכם״, זי וויל אַזוי, זאָל זיין אַזוי״.

ער האָט זיך אויך געוואַשן די הענט, נתן חיים, ווי ער טוט עס שטענ־דיק פאַרן עסן, אָבער אונטערן קראַן און מיט זייף און קיין „שאו ידיכם״, מילכּה ברײנדלען צוליב, האָט ער אויך נישט געזאָגט. געהערט אַ מעשׂה! אַ לעבן לאַנג זיך אַרומגעקריגט מיטן טאַטן צוליב פרומקייט, וועט ער פּלוצים דאָ ווערן פרום דער שוועסטער צוליב?

זע יעך דאָך שוין ווי יעך האַלט מיט דיר, האָט מילכּה ברײנדל אין גרויס צער אים באַדויערט. — האָסט אַוועקגעוואָרפן ס׳ייִדישקייט נאָך איידער ביסט געקימען קאַן אַמעריקע!

— מילכּה בראַנדל, האָט דער שוואָגער מיט אַ פול מויל מיט עסן אַ זאָג געטאָן צום ווייב, — מיינסט יעדער איז ווי יעך, וואָס גיב דיר נאָך?

— מאַאַנסטאַלבן, האָט זי אַ הייב געטאָן די אַקסלען אין רעזיגנאַציע, — יעך האָב געמיינט אינדערהיים איז נאָך ווי אַ מאָל און צום ברודער: ווי אין פאַרענטפער, האָט זי צוגעגעבן: — יעך פיר מיך ווי אין דער היים. זעסט דאָך.

יאָ, ער האָט געזען נתן חיים. אין דער שוועסטערס פירונג דאָ, אין אַמעריקע, איז נישט קיין האַרעלע אָפּוועגד פון דער אַמאָליקער פירונג אין דער היים. נאָכן אַרײנשטעלן ס׳קינד אין אַזאַ אַרומגעצוימט שטעלכל, האָט זי זיך געוואַשן צו „שאו ידיכם״, געמאַכט המוציא אויפן קול, איי־

געטונקט דעם כזית ברויט אין זאַלצמעסטל און זיך געזעצט צום טיש עסן ס׳אָנבייסן ווי גאָט האָט געבאָטן:

— ני, געלויבט דער אייבערשטער, האָט זי אַ זאָג געטאָן ביים נעמען ס׳לעפעלע צוואָרעך מיט קעז צום מויל, אָבי מ׳זעט זעך. טאָ דערצייל זשע, וואָס הערט מען אין דער היים? וואָס מאַכט עפעס דער טאַטע? די מאַמע? די קינדער?

ווי וויל, נאָכן האָבן געזען דער שוועסטערס גבירישאַפט, האָט ער געהאַט אָפּגעפּאַסט ביי זיך, נתן חיים, נישט צו דערציילן וועגן מעמד אין דער היים און אַוודאי נישט ווי טאָן זיי מיט תרעומות איבער זייער שוויגן, זייער נישט העלפן דער היים דורך די אַלע יאָרן פון דער מלחמה, האָט דאָך די טבע זיינע פון נישט קענען זאָגן קיין ליגן, גובר געווען דעם שכל און דאָס מויל האָט געטאָן אַ מאָל אָפּ:

— וואָס ס׳הערט זיך אין דער היים? וווּ איז דאָ אַ היים? אַז באַלד ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט מען אַרויסגעטריבן פון מאָדזשיץ און אַז מ׳האָט זיך שוין מיט מזל אַריינגעכאַפּט קיין פּילעוו, האָט מען אין מיטן סוכות אַרויסגעטריבן פון פּילעוו, איז מען נאַקעט און כמעט באָרוועס געלאָפן קיין קאָרעוו, פון דאָרט ווידער קיין וואַרשע, ליגט דער טאַטע, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, איבעראַנאַנד און די מאַמע שלעפּט קוים די פיס.

— וויי צי מיער, האָט די שוועסטער אַ זיפץ געטאָן און אָפּגערוקט דאָס שיסעלע מיט צוואָרעך. זי האָט זיך דאָ געגרייט צו נעמען אויפ־זינגען, צו ספּאַזמירן, איז שמואל אהרון איר אַריינגעפאָרן אין מיטן און גאָר אַראָפּגעפירט דעם שמועס פון דער אַלטער היים אויף דאָ, אין אַמע־ריקע:

— וועגן דער אַלטער היים ׳עט מ׳דאָך צאַאַט האָבן צו רעדן, זאָג מע׳בעסער, מאַאַן ליבער שוואָגער, וואָס דענקסטי צי טיען דאָ, אין דער גאָלדענער מדינה?

כ׳קלער נישט, איך טו שוין! כ׳האָב אין ניו־יאָרק געאַרבעט ביי מיין פאַך און ס׳אייגענע וועל איך טאָן דאָ. ווי לאַנג מיינט עץ וועל איך דאָ אין גאַנצן זיין?

— אַלע גרינע אַזוי! האָט מילכה בריינדל, אין מיטן דער גאַנצער פאַרצאָגטקייט, זיך געטאָן ראַפּטאָם אַ ווענד צום ברודער, — נאָר שאַפּ און נאָר ניו־יאָרק! וואָס ציט דיך אַזוי קיין ניו־יאָרק? ווען די פאָלגסט מיך, מאַאַן ברידער, באַזעצסטי זיך אין קאַנזאַס־סיטי, די עפנסט זיך אַ „קליי־נינג־שאַפּ״, דאָס איז אַ ברויט מיט אַ מעסער! דאָ, אַ קלענערע שטאָט,

וועסטי מיט מזל חתונה האָבן מיט אַ באַלבאַטיש מײדל, מ׳עט דיר אַאָס־זיכן אַ קלינינג־סטאָר אין אַ „ביזי לאָקײשאָן״ און די לאָכסט אָס דער וועלט. מײנסט די דאַרפסט אַלײן „קלינען״ די מלבושים? נישט אין אַמעריקע. דאָ קומט אַ טראָק, נעמט ס׳פּעקל און אין צװײ טעג אַרום ברענגט ער עס דיר צוריק אױסגערײניקט װי גאָלד. פּרעסן די מלבושים דאַרפסטי אויך נישט אַלײן. אין אַמעריקע זענען ברוך השם דאָ „פּלענטי״ נעגערס. זעסטי, אַנגײען אַ קנעפּל, אַרײנטערגעבן אַ „לײנינג״, דאָס איז גיט אַז מ׳טיט אַלײן. דאָס קענסטי דעך! נײען אויף דער האַנט קענסטי, אויף אַ מאַשין אַאַך, אין קײנער שטײט דיר נישט חלילה איבערן קאַרק. טיסט אַ פּאָר שטעך אין גײסט אַראָאָס פאַר דער טיר, שמיעסן אַ ביסל מיטן שכן פון „נעקסט דאָר״.

נתן חיים האָט געגעסן און געשמײכלט. זע נאָר װי גיך מ׳האָט אים דאָ געמאַכט פאַר אַ לײט! חתונה געמאַכט אים און נאָך פאַר אַ צולאָג אים אַרײנגעשטעלט אין ביזנעס אויך!

— וואָס שמײכלסטי אַזוי? האָט אים די שוועסטער געפרעגט, — וואָסי, יעך רעד חלילה אויסן וועג?

— אַזאַ יאָר צי מיר, װי דאַאַן שוועסטער איז גערעכט, האָט זיך דער שוואָגער אַרײנגעמישט צו העלפן דעם װײב מאַכן אים, נתן חײמען, פאַר אַ לײט.

— אַוודאי איז זי גערעכט, האָט ער נישט אויפגעהערט צו שמײכלען, נתן חיים. — ערשטנס האָב איך שוין אַ כּלה, צווייטנס, װי קים יעך צי ביזנעס?

— ד׳אָסט שוין אַ כּלה? האָט מילכּה ברײנדל אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר נײגעריקע אויגן. — ני, זאָל זאַאַן מיט מזל. װער איז זי? יעך קען זי?

— וואָס איז דער חילוק װער? אַז איך האָלט נישט בײ קײן חתונה און איך קלער נישט וועגן קאַ ביזנעס. מאַנטיק, מ׳זאָל דערלעבן מיט אַ גוט געזונט, גײ איך מיר דאָ זען „אַ דזשאָב״.

— אָף דערווײל — אַוודאי, האָט זיך אַרײנגעמישט דער שוואָגער, — אָבער קײן תּכלית איז דער שאָפּ נישט.

# קאַפּיטל פופצן

„אוי, גאָט פון אברהם, פין יצחק און פין יעקב, באַהיט דאָאַן ליב פאָלק ישׂראל, דער ליבער שבת קודש גייט אַוועק, אַ נייע וואָך זאָל קימען צי מזל, צי ברכה, צי עושר, צי כּבוד און צי פּרנסה טובה, בזכית אברהם, בזכית יצחק, און בזכית יעקב״: „שמואל אהרון״! אוי ר׳איז שוין ווידער אין „בייסמענט״ (קעלער). ער קען זעך גאָרנישט דערוואַרטן ביז נאָך הבדלה! נתן חיים, האָט זי אומגעדרייט דעם קאָפּ צום ברודער, — גיב אַ קיק, יעך בעט דיך, צי ס׳איז שוין דאָ אַ שטערן.

— איינער? ס׳איז דאָ מילי מיליאָסן שטערן.

— גיי, די לאַבּסט פין מיר. יעך ווייס אַז ס׳זענען דאָ אַ סך שטערן. יעך מיין צי מ׳זעט שוין אַ שטערן .

זי האָט ווידער גענומען רופן דעם מאַן:

— שמואל אהרון! זעסט כאָטש? אים שבת מאָנדרעוועט ער ביי די „פאָנעס״! (די מאַשין פאַר באַהייצונג).

אָט זיצט ער, נתן חיים, ביי דער שוועסטער אין אַמעריקע און אים קומט פאָר, ער איז נאָך אַ קליין ייִנגעלע אין מאָדזשיץ. ווי איצט מילכּה ברײַנדל דאָ, אַזוי זיצט די מאַמע דאָרט. ס׳איז שבת נאָך שלוש סעודות. עס טונקלט אין דרויסן. שווערע שאָטנס הויערן אין שטוב. זיי שלינגען איַין דעם שבת און יאָגן אָן אַ האַרטע וואָך מיט גויים אין מאַרק, מיטן רבין אין חדר און ער טוליעט זיך פון מורא אין דער מאַמעס שויס, אָט ווי משהלע איצט אין מילכּה ברײַנדלס שויס און ווי זי האַלט איצט אסתּרלען, אַזוי האָט די מאַמע געהאַלטן איר אסתּר פערעלען און געזאָגט דעם אייגענעם „גאָט פון אברהם״ מיט דעם זעלבן טרויער און דעם איי־גענעם פאַרזאָרגטן ניגון.

דעם גאַנצן שבת איז ער נישט אַוועק פון הויז, נתן חיים, געגאַנגען מיטן שוואָגער אַ היפּש שטיק וועג אין שול אַריין, זיך געוואַשן צו „שאו ידיכם״, געזונגען מיטן שוואָגער זמירות, נישט, חלילה, דער שוועסטער צוליב. אָ, ניין! עפּעס האָט אים ס׳האַרץ נישט געלאָזט ער זאָל דאָ פאַר־שווערכן דעם שבת. אין ראַדעם, אין לובלין, צי אין וואַרשע, צווישן אַ סך ייִדן האָט ער געקענט טאָן מיט זיין שבת, וואָס ער האָט געוואָלט. דאָ,

אָבער אין דעם קאַנזאַס־סיטי, האָט ער נישט ס׳האַרץ צו זאָגן: — ער גייט נישט אין שול אַריין. די שטאָט איז אַזוי גרויס און ייִדן זענען דאָ אַזוי ווייניק און די ווייניקע ווינען אויך נישט צוזאַמען, נאָר דאָ אַ משפּחה און דאָרט אַ משפּחה, איז דער גאַנצער אַרום גויִיש, קאַלט. זאָל אַ שטייגער די שוועסטער נישט היטן שבת, וואָס וועט ווערן פֿון די קינדער? האָט ער דאָס געוואַרט, נתן חיים, ביז די שוועסטער האָט אָפּגעזאָגט „גאָט פֿון אברהם״ און איצט ערשט איז ער אויפֿגעשטאַנען פֿון דער קאַנאַפּע: — נו, איך גיי שוין.

— ווי גייסטי דאָס? וואַרט, מ׳עט אָנצינדן אַ לעכט, שמואל אהרון ׳עט מאַכן הבדלה, מ׳עט טרינקען אַ פֿריש גלעזל טיי, מ׳עט שפּילן אויפֿן פּיאַנע „פּלייער״, (אַן אויטאָמאַטישע פּיאַנאָ) ווי ׳עסטי איצט לויפֿן?

— כ׳גיי אין ייִדישן צענטער, זיך פֿאַרשרייבן אויף די אָוונט־קורסן, צו לערנען זיך ענגליש.

— ציליב דעם דאַרפֿסטי פֿאָרן „דאָוון טאָוון״? פֿעני חלשט דעך צו לערנען דיך ענגאַליש. זאָג נאָר די ווילסט, גיט זי דיר גלאַאַך אַ „לעסאָן״ (לעקציע).

— אין אַ קלאַס, צוזאַמען מיט אַנדערע, לערנט זיך בעסער.

— זאָל זאַאַן אַזוי. דיך קען דען ווער איבערשפּאַרן?

ער איז אַרויס פֿון שטוב, אַראָפּ פֿון דער וועראַנדע צום טראָטואַר. געוואַלט! ווי די מאַמעס זענען געגאַרט אין זייערע טעכטער! זעען זיי נישט? צי זיי מאַכן זיך נישט זען? די עלטערע, פּוירל, וואַגט נישט צו צוקומען צו אים, צי ווייל זי איז שוין אַ גאַנצע פֿריילין, שוין באַלד זי־בעצן יאָר, וואַרט זי ער זאָל שפּילן דעם קאַוואַליער? צי ווייל זי איז ביי זיך געפֿאַלן, וואָס זי איז נישט קיין שיינע? און זי איז עס טאַקע נישט! גראָבע, שיִער נישט נעגערישע ליפּן, אַ ברייטע נאָז, אַ שמאָל שטערנדל און צו דעם — נישט קיין איבערגעשפּיצטע אויך. נישט אַזוי אָבער איז די ייִנגערע, דאָס פֿרומעטל. אָ, זי איז פֿלאַם פֿייער! ווי נאָר זי קומט פֿון שקאָלע, איז זי שוין ביי אים אין צימער. צי ווייל „די מאַמעליו״ האָט זי און פֿערעלען „געמאַכט צי מופֿן״ פֿון זייער צימער, קומט זי כּלומרשט נעמען עפּעס פֿון איר שענקל, צי פֿון זייער „קלאָזעט״ (די קליידער־שאַנק) איז, פֿאַר איין וועגס, קומט זי אויך צו צו אים:

— האַו איז מאַי דיר אַנקל? (וואָס מאַכט עפּעס מיין טייערער פֿעטער?) דערביי זעצט זי זיך אויף זיין שויס. זי איז דאָך כּלומרשט אַ קינד נאָך, אַפֿילו נישט קיין פֿופֿצן יאָר! איז אָבער דאָס „נאָך נישט פֿופֿצן יע־ריקע מיידעלע״, אַ פֿאָלנע פֿרוי. נישט בלויז איז זי שוין באַשאַנקען מיט

אַלע ווייבערישע געגעלעך און חנדלעך, נאָר זי איז שוין אַנטוויקלט ווי אַ פּאַלנע, רייצנדיקע פּרוי, מיט פולע היפּטן און צוויי אָנגעקוואָלענע בריסטלעך, אַז אַט, אַט פּלאַצט דאָס בלוזקעלע. אמת, זי האָט איין אויג אַ ביסעלע קאָסאָקע, איז דערפאַר די צערע אויף איר פּנים לויטער און די הויט ווייך און גלאַט ווי דאָס בלעטעלע פון אַ רויז. ווער, מיינט ער, זיין גלייכער אַז דאָס פּעניעלע וועט נישט ווערן זיין לערערין.

ער איז גיך אַריבער די גאַס, נתן חיים. אַ טראַמוויי איז אָנגעלאָפן, אַ שפּרונג אויפן טרעפּל און שוין איז ער אינווייניק. שבת אָוונט, איז גע־ווען ליידיקלעך אין דעם טראַמוויי, אפשר אַ צען ווייסע פּאַסאַזשירן און דריי שוואַרצע, אויף די הינטערשטע בענק. דעמאָנסטראַטיוו האָט ער גע־וואָלט אַהינגיין זיך זעצן לעבן די נעגער. דער פּאַרדרוס אויף דער שוועס־טער יערט נאָך אַלץ אין אים. הער נאָר אַ מעשה! דאָנערשטיק האָט זי געזען אין דער ענגלישער צייטונג עפּעס אַ „סייל" (אַן אויספאַרקויף) אין אַ קראָם „דאָון טאָוון" האָט זי גיך געכאַפּט זיך אָנגעטאָן און אים מיט־גערופן:

— קים, נתן חיים, כ'על דאָרט עפּעס קויפן, פאַר איין וועג, 'על יעך דיר ווייזן אַ ביסל די שטאָט. דאָ איז דאָך גאָרנישט, „דאָון־טאָוון" 'עסטי זען קאַנזאַס־סיטי!

בעת זייער פאָרן אַראָפּ אין שטאָט, איז דער טראַמוויי געווען ליידיק, איז אים נישט געווען אויפפאַלנדיק דאָס זיצן פון די ווייסע באַזונדער און די שוואַרצע באַזונדער. קריק אָבער איז דער טראַמוויי געווען געפּאַקט, מענטשן זענען געווען צונויפגעדריקט, געווען גליקלעך צו האָבן אַ שטיקל רימען אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן, האָט ער, נתן חיים, אַרומקוקנדיק זיך אַרי־בער די צונויפגעדריקטע מענטשנס אַקסלען, געזען לערע פּלעצער אין הינטערשטן טייל פון טראַמוויי, צווישן די נעגער.

— קים זיך זעצן, האָט ער אַ צי געטאָן די שוועסטער.

— אַי, אַי, האָט זי אַ ברום געטאָן און געוויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט, אויף ניין.

נתן חיים האָט געקוקט אויף איר מיט ברייט־אויפגעריסענע, פרעגנדיקע אויגן:

— פאַר וואָס נישט?

— דאָ זיצט מ'נישט לעבן קיין שוואַרצע. ס'פילט זיך פון זיי.

ווען נישט די מענטשן אַרום וואָלט ער גענומען שרייען, רייסן זיך די האָר פון קאָפּ!

— מילכה בריינדל! ווי לאַנג איז דען אַז די פּאַליאַקן האָבן געזאָגט

אויף דיר אַז דו שטינקסט פון קנאָבל, פון ציבעלע, האָסטו שוין דאָס פּאַר־געסן, און דו זאָגסט שוין דאָס אייגענע אויף אַנדערע מענטשן! ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון איר, זיך אַרויסגעוויקלט פון דער ווייסער, פאַר־שוויצטער ענגשאַפט און זיך אַוועקגעזעצט לעבן די נעגער. אמת, ס׳איז נישט געווען ווי מילכה ברײַנדל האָט אים געסטראַשעט. די ווייסע אין טראַמוויי האָבן אים נישט צעריסן ווי אַ הערינג, ער האָט בלויז געפילט אויף זיך זייערע בליקן. אָבער מער ווי זייער שפּיזיקע פאַראַכטונג, האָט אים ווײי געטאָן דער שוועסטערס גיך אָפּטראָגן זיך פון טראַמוויי אַרויס. זי האָט נעבעך נישט געקענט איבערטראָגן די חרפּה, וואָס ער, דער ברוד־דער האָט דאָ איר אָנגעטאָן. איז זי איינגעזעסן אין אַ צווייטן טראַמוויי און געפאָרן אַהיים אַליין, אָן אים. האָט ער דאָס איצט חשק געהאַט, נתן חיים, נאָך אַ מאָל אָפּצושפּילן מילכה ברײַנדעלען אַזאַ חתונקה. איז זי אָבער דאָ נישטאָ און דער טראַמוויי פאַרט כּמעט ליידיק. צוגיין אין אַזאַ ליידיקן טראַמוויי זיך אַוועקזעצן לעבן די נעגער, וואָלט געמיינט בכּיוון פּראָוואָצירן די ווייסע. אין אַזאַ פאַל איז טאַקע מעגלעך וועלכער פון די ווייסע זאָל אים אָנברעכן די ביינער און ער קען זיך אַפילו נישט אויס־טענהן מיט אַזאַ אָנפאַלער.

דער קאָנדוקטאָר האָט אַ רוף געטאָן: „טוועלף ענד מיין״! ער איז גיך אַראָפּ, נתן חיים, אַריבער די גאַס און, אויפן צווייטן ראָג זיך איבער־געזעצט אין אַן אַנדער טראַמוויי און, נאָך עטלעכע מינוט איז ער געווען אין „דזשואיש־סענטער״, אַ ריזיק געביי פול מיט ליכט, גערויש און גע־זשום ווי אין אַ בינשטאָק.

זיצנדיק ביי דער שוועסטער, אַרויף שטאָט דאָרט, האָט ער געמיינט ער איז דער איינציקער גרינער אין קאַנזאַס־סיטי. דאָ, אין יידישן צענטער, זעט ער אַז עס זענען דאָ הונדערטער נייגעקומענע. די קאָרידאָרן, דער זאַל פאַר גימנאַסטיק, די באַזונדערע קלאַסצימערן, אומעטום ווימלט מיט יונגוואַרג. זיי טומלען אויף פּויליש, אויף רוסיש, אויף יידיש און נאָך שפּראַכן, וואָס ער פאַרשטייט זיי נישט. אַפילו אַ טעאַטערשטיק, זעט ער, רעפּעטירט מען אין איינעם פון די פיל צימערן. לויט עטלעכע אויפגע־כאַפּטע רעפּליקעס, דאַרף דאָס זיין „גאַס, מענטש און טיוול״.

ער איז אַריין אין ביוראָצימער, נתן חיים, אין האַלב ענגליש, האַלב דייטשמעריש האָט די דאַמע, אַ מיטליעריקע פרוי, אַ גרוילעכע שוין, זי־צנדיק אין דער אַנדערער זייט פון גרויסן שרייבטיש, אים אויסגעפרעגט, וואָס ער קען, צי ער איז אַ מאָל געגאַנגען אין אַ שולע, געבעטן ביי אים

אַ ניקל, געגעבן אים אַ העפט, אַ פֿאַרשניצטן בלײַער און אים אַרײַנגע־
וויזן אין קלאַס א.

אַ שוואַרצער טאַוול איז דאָרט געהאַנגען צווישן די צוויי פענצטער
אויבן אָן און אַ דרײַ צענדליק שטולן מיט ברעטל־טישלעך ביי די רעכטע
אָרעמהאַלטערס זענען דאָרט געווען אויסגעשטעלט אין פינף רייען, מיט
אַ מיטלסטן דורכגאַנג צווישן זיי.

ער האָט זיך געזעצט אויף איינער פון די שטולן, נתן חיים. חוץ אים
זענען אין דעם קלאַס געווען נאָך צען, צי צוועלף יונגע מענטשן, בחורים
און מיידלעך. זיי האָבן זיך דאָ אַלע געפילט פריי, געשטיפט, געלאַכט,
אַ סימן אַז דאָס איז נישט זייער ערשטער אָוונט דאָ.

איינע פון די מיידלעך איז געווען זיין שכנה ביי זיין רעכטער האַנט.
ער האָט זייטיקלעך זי אָפּגעמאָסטן, נתן חיים. אַ רויט, לייכט, פרילינג־
מאַנטעלע איז איר געהאַנגען אויף די אַקסלען. הינטער דעם אַרויפגע־
כאַפּטן מאַנטל האָט זי געטראָגן אַ שוואַרץ, סאַמעטענע פּרינצעסקע, מיט
אַ ווייסער בלוזקע, וואָס בלויז דאָס קעלנערל און די אַרבל, פאַרקנעפּלטע
ביי די געלענקען, האָבן זיך איר אַרויסגעזען. איבער דעם שוואַרצן סאַמעט,
אויף איר לינקער בריסט, האָט ביי איר ווי געהויערט אַ רויט פלאַטערל
מיט שוואַרצע פינטעלעך אויף די צעשפּרייטע פליגעלעך. אויף דער רעכ־
טער באַק, היפשלעך אָנגעפּודערט און אָנגערויטיקט, האָט דאָס מיידל גע־
האַט אַ שוואַרץ הון־פינטעלע, וואָס אין אירע שפּעטערע יאָרן וועט עס
אַוודאי זיך צעוואַקסן אין אַ מיאוסן, שוואַרצן, האָרבאַוואַקסענעם וואָרצל.

עס איז נישט אין זיין, נתן חיימס, טבע לאַנג צו זיצן לעבן אַ מיידל
שטום, ווי ער וואָלט געווען אַ גרויסהאַלטער, בפרט לעבן אַ שוואַרץ
חנעוודיק מיידל, מיט אַזעלכע פּרעכטיק ווייסע ציין און גרויסע, גלײַיק־
שוואַרצע אויגן. האָט ער אומגעדרייט דעם קאָפּ צו איר:

— איר זענט שוין פון לאַנג אין דעם קלאַס?

— אין דעם קלאַס? האָט זי זייטיקלעך געוואָרפן אַ צוריק־בליק
אויף אים, — פון פאַר פּורים אָן. — קייגן וואָס פרעגן זי?

אָט פון דעם „קייגן וואָס פרעגן זי" האָט ער שוין געוווּסט, נתן
חיים, אַז זי איז פון פּוילן, אַז צו קיין היינטוועלטישע קרייזן האָט זי
נישט זיך אָנגעקערט. ווען יאָ, וואָלט זי נישט גערעדט אַלטמאָדיש, מיט
דעם „הערן זי נאָר און זענן זי נאַר".

— קייגן וואָס ער פרעגט? גלאַט אַזוי. ער איז דאָ היינט צום ערשטן
מאָל, וויל ער וויסן צי ער איז דער איינציקער גרינער אין דעם קלאַס.

— דער איינציקער גרינער? האָט זי שוין באַוויליקט זיך אויסצו־

דרייען צו אים און געשענקט אים אַ שמייכל, — אַלע זענען דאָ גרינע. ווי לאַנג זענען זי שוין אין אַמעריקע?

— ער? שוין באַלד פינף חדשים.

— און די גאַנצע צייט אין קאַנזאַס־סיטי?

— ניין, די גאַנצע צייט איז ער געווען אין ניו־יאָרק. אין קאַנזאַס־סיטי איז ער בלויז עטלעכע טעג. און זי?

— איך האָב דאָך איהן געזאָגט, פון פאַר פורים אָן. ווי נאָר איך בין געקומען האָב איך אָנגעהויבן גיין אין דעם קלאַס. זי האָבן ווֶעמען אין קאַנזאַס־סיטי?

— ער? אַ שוועסטער מיט אַ שוואָגער, מיט קינדער.

— קען איך וויסן זייער נאָמען?

— איר קענט דען ווֶעמען איך קאַנזאַס־סיטי?

— צי איך קען דאָ ווֶעמען? אַ שיינע פראַגע! קאַנזאַס־סיטי איז ווי אַ קליין שטעטל אין פּוילן. ייִדן דאָ, קענען איינער דעם אַנדערן, מ׳גייט אויף „פּאַרטיס״ ווער שמיעסט נאָך לאַנדסלייט? אָט איז מאָרגן אַ „פּיק־ניק״ פון אונדזער „סאָסייעטי״. זי וואָלטן אפשר געוואָלט קומען צו אונ־דזער פּיקניק?

— וואָס מיינט אַ פּיקניק?

— דאָס איז אַ „פּאַרטי״, נאָר אַנשטאָט אין אַ הויז ביי ווֶעמען, איז עס אין אַ פּאַרק, אויף אַ לאָנקע. קומען זי אויך. ס׳איז זייער פריילעך, מ׳עסט, מ׳טרינקט, טייל שמיעסן, זינגען לידער און ס׳ייִנגוואַרג מאַכט זיך נאַריש.

— אויף אַ צוזאַמענקום פון לאַנדסלייט, ווי קומט ער אַהין? ער קען דאָך דאָרט קיינעם נישט.

— ס׳שאַדט נישט, איך פאַרבעט איהן. אפשר גאָר קען איך איהנעס שוועסטער? ווי איז זייער נאָמען.

— ווי זיי הייסן? זייער פאַמיליע־נאָמען איז ריטשמאַן.

— ריטשמאַן פון הילסאיד אווענױ? אינדז זענען פריינד מיט זיי. אינדז קימען צי זיי און זיי קימען צי אינדז.

— טאָקע אַ קליין שטעטל דאָס קאַנזאַס־סיטי, האָט נתן חיים גע־הויבן די אַקסלען אין גרויס איבעראַשונג.

## קאַפּיטל זעכצן

אומגעריכט פאַר אים, נתן חיימען, האָט זיך ערגעץ אין לאַנגגן קאָ־רידאָר צעקלונגען אַ גלאָק, איז געוואָרן שטיל, אַ שטילקייט אַז מ׳האָט אין איר געהערט ווי איינע נאָך דער אַנדערער פאַרמאַכן זיך די טירן פון די קלאַסצימערן. ער האָט זיך אומגעקוקט, אויף דער שוועל, נאָך מיט דער קליאַמקע אין איר האַנט, איז געשטאַנען אַ מיטליעריקע פרוי, אַ שווערלייביקע, מיט ברייטע באַקעס. די גרויליכע האָר, גלאַט אָפּגעצויגן פון ביידע זייטן מיטלסטן שרונט, זענען איר געווען פאַרפלאָכטן און פאַרלייגט אין אַ צעפּלדיק־גרעקל פון הינטן. לויט דער פרויס „גוד איוו־נינג״, לויט איר שטיין אויף דער שוועל באַטראַכטן אַלעמען און בלייבן מיט איר בליק אויף אים, האָט ער געוווסט, נתן חיים, אַז דאָס איז זי, די לערערין.

די פרוי איז צו צום טישל, וואָס פאַרן טאָוול, זיך אַוועקגעזעצט און אַרויסגערופן דעם ערשטן טאַקע אים. ווי די פרוי אין ביוראָ, אַזוי האָט אויך זי גערעדט צו אים דייטשמעריש, אויסגעפרעגט אים וועגן זיינע קענטעניש. און אַז ער האָט זיך קריקגעזעצט אויף זיין אָרט, האָט זי אָנגעהויבן די לעקציע.

ווי וויל ביים אויספרעגן האָבן סיי די פרוי אין ביוראָ און סיי די לערערין זיך אַרויסגעהאָלפן מיט דייטש, איז אָבער ביים לערנען נישט גענוצט געוואָרן קיין אַנדער וואָרט אויסער ענגליש. דער סטודענט, אָדער סטודענטקע, האָט געמעגט שטיין ווי לאַנג און קוקן ווי די גולמס אויף דער לערערין, ווי זי מאַכט כּלערליי מימיק, איז זי געבליבן אין איר עקשנות: נאָר ענגליש!

ער האָט געטראַכט, נתן חיים, וואָלט די לערערין נישט מער דער־גרייכט, ווען זי העלפט זיך אויך, בעת דער לעקציע, אַרויס מיט דייטש? און אפשר גאָר מיט אַ יידיש וואָרט? נאָר ווער איז ער צו פרעגן פראַ־געס, צו געבן עצות?

נאָכן קלאַס איז שוין נתן חיים אַרויס מיט דער שכנה ווי לאַנגאַניקע באַקאַנטע, שפּאַצירט מיט איר איבער די צעליכטיקטע גאַסן פון קאָנזאָס־סיטער „דאַון טאַון״, דערנאָך ביי אַ טאַס קאַווע מיט קוכן אין אַ קאַפע־

טעריע, האָט זי אים געזאָגט אַז זי הייסט רעגינע, אייגנטלעך — רבקה, נאָר דאָ קען מ׳דאָך נישט זאָגן „רעגינע, ווייל די „ג״ ווערט אַ „דזשעי״ און פון דער „י״ ווערט „איי״, הייסט זי דאָ רעדזשיינאַ, רעדזשיינאַ ליכ־טנפעלד. און ער, ווי הייסט ?

— ער ? פראָסט ייִדיש: נתן חיים. דער פאַמיליע־נאָמען איז פיינ־זילבער, אָבער ווער אין דער היים, האָט אים גערופן: פיינזילבער ? בלויז אין פאַריז און איצט אין ניו־יאָרק, רופט מען אים ביים פאַמיליע־נאָמען.

— אָ, זי קימען פין פאַריז ? איך בין איהן זייער מקנא. מ׳זאָגט פאַריז איז די שענסטע שטאָט אין דער וועלט אין אויך אַ גרויסע שטאָט, איז דאָס אמת ?

— אַז פאַריז איז אַ גרויסע שטאָט, דאָס ווייסט ער איז אמת, צי זי איז די שענסטע שטאָט דאָס ווייסט ער נישט, ער וואָלט פריִער באַדאַרפט זיין אין אַלע אַנדערע שיינע שטעט פון דער וועלט צו וויסן צי פאַריז איז די שענסטע.

— אָבער אַז פאַריז איז אַ גרויסע שטאָט גיבן זי דאָך אַליין צו, פאַר וואָס זשע שעמען זי זיך צי קימען צי אינזער פיקניק ? מ׳זאָגט דאָך אַז גרויסשטאָטישע זענען נישט שעמעוודיק.

— ווער זאָגט דען ער שעמט זיך ? ער האָט נישט קיין חשק צו קו־מען ווייל ער איז דאָרט אַ פרעמדער, חוץ דעם, ער ווייסט דען ווי אַזוי מ׳קומט דאָרט ?

— אָ, דאָס איז גאָרנישט, אינדז ׳עט מ׳ קימען נאָך איהן.

ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט ווען נתן חיים איז אַראָפּ פון טראַמוויי, לעבן מילכה ברײַנדלס הויז, אָבער די שוועסטער מיטן שוואָגער זענען נאָך געזעסן אויף דער ווערענדע און זיך געהוידלט הין און צוריק אויף דעם אַראָפּהענגענדיקן קאַנאַפּקעלע. דאָס קרעכצן און סקריפּען פון דער אייזערנער קייט, וואָס אויף איר איז דאָס קאַנאַפּקעלע געהאָנגען פון סופיט אַראָפּ, האָט פון זייער וויגן און וואַזשלען זיך, אויפגעריסן די נאַכטיקע שטילקייט אויף ווי ווייט אַרום.

— גוט וואָך, האָט ער צו זיי אַרויפגעזאָגט נאָך פון טראָטואַר, איי־דער ער האָט געשטעלט אַ פוס אויף די טרעפּלעך צום אַרויפגיין.

— גיט וואָך, גיט יאָר, האָבן ביידע צוזאַמען אים געענטפערט אין דער פינצטער אַריין. — ווי ביזטי דאָס געווען ביז אַזוי שפּעט ? האָט די שוועסטער שוין געוואָלט וויסן פאַר וואָס ער האָט זיך אַזוי פאַרזוימט.

— ווו איך בין געווען ? איך בין געווען, אבי כ׳בין דאָ צוריק.

— ס׳גייט מיר נישט חלילה אין לעבן צו וויסן, האָט שוין די שוועס־

טער גענומען זיך פאַרענטפערן פאַר איר נייגער. — כ'פרעג זעך, ווייל מ'האָט איבערגעקלערט.

— נישט יעך, האָט דער שוואָגער, כלומרשט אין אַ געלעכטערל, זיך אַריינגעמישט. — יעך קלער נישט איבער. אַז אַ מענטש האָט געטראָפן אַליין צי קימען קיין אַמעריקע, 'עט ער טרעפן צי קימען שלאָפן, נישט אַזוי? נתן חיים.

— די ווייסט? האָט די שוועסטער מער געפרעגט ווי אים געזאָגט,— לכבוד דיר האָט מ'אינדז אויך פאַרבעטן צו אַ פּיקניק. זי פאַרשטייט בלויז נישט, מילכה ברײנדל, ווי אַזוי די מענטשן האָבן זיך שוין דערוויסט ווער ער איז און אַז זי איז זיין שוועסטער?

— צו אַ פּיקניק? לכבוד מיר? האָט ער, נתן חיים, גענומען פאָרשן דורך דער טונקל, דאָ די שוועסטער, באַלד דעם שוואָגער. — ווער זענען די איינלאַדענער?

— אין אַז מ'עט דיר זאָגן ווער, 'עסטי דען וויסן?

— אפשר יאָ? אין קלאַס האָט אַ מיידל מיך געפרעגט צי איך וויל מאָרגן קומען אויף אַ פּיקניק.

— אַ מיידל אין קלאַס? האָט די שוועסטער מיט איין מאָל אָפּגעשטעלט דאָס וויגן זיך אויף דעם געמיטלעכן קאָנאַפּקעלע און אָנגעבויגן זיך צום ברודער: — ווי הייסט דאָס מיידל?

— אַלבעטשע, ס'איז דעם האָקסטערס מיידל, די רעדזשיינא, האָט דער שוואָגער געפּרווט טרעפן און דערביי פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, כלומרשט ווייל ער וויל רייכערן, אין דער אמתן — כדי צו האָבן אַ ביסל ליכט צו קענען אָפּפאָרשן דאָס שוואָגערל.

— „האָקסטער"? וואָס מיינט האָקסטער?

— איינער וואָס פירט אַרום אויף אַ פערד און וועגעלע צו פאַרקויפן גרינס, אויבסט, האָט מילכה ברײנדל דעם ברודער געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס אַ האָקסטער איז און דערביי געוואָלט מאַכן זיכער: — דאָס מיידל הייסט טאָקע רעדזשיינע?

— יאָ, זי הייסט טאָקע רעדזשיינע, רעדזשיינע ליכטנפעלד.

— אוי, יעך נעם מיר ס'לעבן! האָט די שוועסטער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט. — טאָקע זיי, די ליכטנפעלדס, האָבן אינדז געריפן אויפן טעלעפאָן, נישט אַנדערש, אינדז מיזן מאָרגן קימען צים פּיקניק. אין די, נתן חיימל, מאַך נישט האַנט ווידער קאָ וואַכאַנאַכט. מיינסט יעך זע נישט אַז די „לעקטרע" ברענט באַ דיע ביז צוויי דרא פאַרטאָג. זיצסט אין שראַאַבסט, וואָס שראַבסטי אַזוי פיל?

אַרום צען אין דער פרי, אײדער מ׳האָט נאָך רעכט אָפּגעגעסן ס׳אָנ־בײסן, איז שוין פֿאַרן הויז פֿאַרפֿאָרן אַ רויטלעך־ברוין פֿערד, געשפּאַנט צו אַ פּלאַטפֿאָרם־וואָגן. מ׳זאָל נישט אַראָפּפֿאַלן פֿון דעם „טיש אויף רעדער״, האָט דער האָקסטער אַרײַנגעפּאַסט ברעטער אין בײדע זײַטן וואָגן, אָנגעשפּאַרט זיי אָן די קלאָניצעס, ווי װענט, אָוועקגעשטעלט צוויי לאַנגע בענק, וואָס אײנע בלויז איז געווען באַזעצט מיט דער מיסעס ליכטנפֿעלד און זײַערע צוויי מײדלעך, די רעדזשײנע בײַ דער מוטערס רעכטער זײַט און די ייִנגערע — בײַ איר לינקער. די אַנדערע באַנק — אין גאַנצן ליידיק, זעט אויס פֿאַר זיי, די ריטשמאַנס. ער, אַליין, דער האָקסטער, מיטן בײַטשל אין אײן האַנט און די לײַצעס אין דער צוויי־טער, איז געזעסן אויף אַ פּרוכט־קעסטל אויבנאָן דעם וואָגן, מיט דעם פֿערדס ווײדל, שיִער נישט אויף זײַן נאָז.

דערזעענדיק דעם וואָגן, מיט דער רעדזשײנא אויף אים, איז אים, נתן חײמען, אײַנגעפֿאַלן צו פֿאַרשווינדן אַרויף, צו זיך אין צימער און גלײַך אַרײַן אין בעט. ער פֿילט כּלומרשט נישט גוט, האָט אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק, איז אָבער אײדער וואָס און ווען, דאָס קרענצל איז שוין אויף דער װעראַנדע און מילכּה ברײַנדל האָט שוין אַ ווײַז געטאָן דורכן פֿענצ־טער אין פֿראָנטשטוב אַרײַן:

— אָט איז ער, דער גאַסט! עץ האָט שוין געזען אַזוינס? ניע האַצאַ, ניע פּלאַצאַ, דאָס ברידערל שטעלט זעך אַראָאַן.

— ווער מיר גיטס גינט אַזעלכע געסט, האָט די מרס׳ ליכטנפֿעלד, אַ שוואַרץ חנעוודיקע ייִדענע מיט אַ היפּשן גוידער און אַ ברײט געשטעל געוויגט איר קאָפּ אין דער ברייט, אַ סימן ער געפֿעלט איר דער גאַסט, דערבײַ האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט, אַ ווײך, פֿעט, ווײַבעריש הענטל:

— ס׳פֿרייט מיך איהן צי קענען.

— ענק פֿאַרשפּאָר יעך דעך צי באַקענען. האָט מילכּה ברײַנדל מיט אַזאַ ווײַבעריש אָנצוהערעניש׳ל, געשמייכלט צו דער רעדזשײנען, — עץ האָט דעך נישט געוואָרט אָף מיר, יעך זאָל ענק פֿאַרשטעלן.

נתן חײם, אַ פֿאַרשלאָפֿענער נאָך, האָט זיך געגריסט מיט דער רע־דזשײנען, מיט דער ייִנגערער שוועסטער אירע, אַ דין ציגאַנקעלע פֿון אַ יאָר זיבעצן, מיט דער מוטער זײַערער, וואָס אַלע דרײַ, די מאַמע מיט די טעכטער, זענען געווען אָנגעטאָן אין לײַכטע, העלע קלײדלעך, אָפֿענע סאַנדאַלן אויף די באָרוועסע פֿיס, און פֿאַרביקע טיכלעך, ווי פּויערישע „כוסטקעס״ אַרום זײַערע קעפּ. ערשט נאָכן האָבן זיך געוויטעט מיט די ווײַבער, איז אַרויפֿגעקומען דער האָקסטער, אַ הויכער, פּליכוואַטער ייִד,

מיט ברייטע, האַרטע דלאָניעס און אַ קינדיש, שמייכלדיק פּנים, אַ פּאָר־ברוינטס, מיט טיפע, איינגעהאַרטעוועטע קנייטשן פון זון און רעגן, פון פראָסט אוןווינט. ווי אַ פאַרשולדיקט ייִנגל, האָט דער הויכער ייִד זיך פאַרענטפערט פאַר זיין נישט באַלד אַרויפקומען זיך באַגריסן:

— יו נאָו, אַ פערד, אַ לעבעדיק באַשעפעניש, ׳ס׳ט נישט איינשטיין. מ׳דאַרף עס אָנהענגען די טאָרבע מיט „אָבראָק״.

— נתן חיים האָט פריינדלעך געדריקט דעם ייִדס האַנט:

— אָ, ער ווייסט דאָס. קליינערהייט האָט ער זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט פערד.

אויפן וואָגן שוין, ווי ווייל ער האָט געזען, נתן חיים, ווי די רע־דזשיינע ווינקט צו אים ער זאָל זיך זעצן לעבן איר, האָט ער זיך גע־זעצט אויפן קעסטל, לעבן איר פאָטער.

— וויאָ! האָט דער ייִד אַ צי געטאָן די לייצעס און אַז די „קאָבעלע״ איז נישט געלאָפן גיך גענוג, האָט ער, ווי די מאָדזשיצער באַלעגאָלעס, זי געמינטערט אויף ייִדיש: — גיב זיך א ריר, אַ ניכפּה דיר אין זאָדיק!

דער פאַרק, מיט אַ סך וואַלד, מיט ריזיקע לאָנקעס, בערגיק און טאָ־ליק, מיט ווייכע ערדשטעגלעך צום רייטן אויף פערד און אַספאַלטירטע סטעזשקעס צו פאָרן אויף ראָווערן, אויף שפּאַצירן צו פוס, אָט דער פאַרק האָט איצט, אין דעם זונטיקדיקן פרימאָרגן, געראַיעט מיט פרויען און מענער, אַלט און יונג און דער וועג אַרום פאַרק, איז געווען פאַרלייגט מיט שטייענדיקע קאַרס, מיט פערד און וועגן, שווערע און אויך לייכטע געשפּאַנען, פריצישע בריטשקעס אויף הויכע רעסאָרן. און ווי די וועגן אַרום, אַזוי זענען די לאָנקעס געווען פול מיט מענטשן, זיצנדיקע אין קרענצלעך אַרום אויסגעשפּרייטע טישטעכער, פולע מיט עסנוואַרג, מיט אָנגעשטעלטע פלעשער און קרוגן מיט געטראַנקען. און אַרום די זיצנ־דיקע קרענצלעך, האָבן אַרומגעשטיפּט יונגוואַרג, קינדער האָבן זיך גע־שפּילט, זיך געקאָלערט ווי לאַשיקלעך איבער די יונג־אויפגעגרינטע בערגלעך און טאָלן. צווישן טייל קרענצלעך האָט ווער געזונגען, גע־שפּילט אויף אַ מאַנדאָלינע און איבער אַלעמען האָבן קאָלירטע באַלאָנד־לעך זיך געטראָגן אין דער לויטערער, זוניקער לופט, זיך געריסן פון די פעדעם, וואָס קינדער האָבן געהאַלטן אין זייערע הענטלעך.

ווען דער מר׳ ליכטנפעלד איז אָנגעפאָרן מיט די צוויי געזינדן, איז שוין די „וואָלאָשטשעווער סאָסייעטע״ געווען אויסגעזעצט משפּחה־ווייז אויף אַ היפּש שטיק לאָנקע. לכּבוד דעם גאַסט האָבן מילכּה ברײַנדל און די מר׳ס ליכטנפעלד אויסגעשפּרייט זייערע טישטעכער צוזאַמען, ווי פּאָר

איין געזינד און די מיידלעך פוןביידע משפחות האָבן גענומען טאַסקען פון וואָגן אַראָפּ די קײשלעך מיט עסנוואַרגן, דאָס בלעכענע וואַנעלע מיט די פלעשלעך ביר, פלעשלעך סאָדע, וואָס אַלע האָבן זיי זיך געהוידלט אין וואַסער פון צעגאַנגענעם אײז.

אים, נתן חיימען, איז גיך נימאס געוואָרן דאָס זײַן דער צענטער פון אַ געזעמל ייִדן און ווײַבער, דאָס וויטען זיך מיט פרעמדע מענטשן, וואָס מיט די שלום עליכמס, פרעגט אים יעדער: „האַו דו יו דו״? (וואָס מאַכט ער) און יעדער וווּנדערט זיך: טאַקע? אַליין געקומען קיין אַמעריקע? „יו דאָנט סיי״? (עפּעס גלייבט עס זיך גאָרנישט) האָט ער, נתן חיים, ביסלעכווײַז זיך גענומען רוקן אַרויס פון צענטער אין קרענצל, בענטער אין עק אַרײַן.

די רעגינע, וואָס האָט כסדר געטשאַטעוועט צו זײַן לעבן אים, האָט זייטיקלעך געטאָן אַ ווינק און ביידע האָבן זיי זיך, אומבאַמערקט, אַרויס־געגליטשט פון דעם האַרמידער, ער פון איין זייט און זי פון דער צווייטער און זענען צוזאַמען אַוועק איבער די לאָנקעס, דורכן וועלדל, אַהין צום „לונאַ פּאַרק״.

ווי אויף די לאָנקעס, צווישן די פּיקניקערס, איז געווען משפחה־מעסיק פריילעך, אַזוי איז דער „לונאַ פּאַרק״ געווען איין שטיק געליאַרעם, איין הפקרדיק געלעכטער. קאַרוסעלעס האָבן זיך געדרייט און שפּילקאַסטנס האָבן פאַרהילכט די לופט. אַלערליי ווענעלעך און באַנעלעך זענען דאָ געלאָפן אין משונהדיקע, קרומע רונדן, וואַרפנדיק און שלײַדערנדיק די פאָרער איינע אין אַנדערנס אָרעמס. אַנדערע, קאָליעס גאַנצע פון צונויפגעטשעפּעטע וואַגאָנעלעך האָבן זיך געיאָגט אויף רעלסן, אײַבער שטאָלערנע געשטעלן, אָט באַרג אַרויף, אפשר צען שטאָק הויך און שוין אַ יאָג אַראָפּ זיך אין טיפן טאָל אַרײַן און דאָס יונגוואַרג, פאָרלעך אין יעדן וועגעלע, פילנדיק ווי זיי פאַרלירן די אינגעווײדן, האָבן גע־קוויטשעט, געלאַכט און באַלד, ווי באַר די „קאָליע״ איז אַרײַן אין די צעשטעלטע, פינצטערע טונעלן, זענען די קוויטשערייען אויסגעגאַנגען אין דער צונויפגעקנוילטקייט פון די אויפגעהיצטע לײַבער, דערטרונקען געוואָרן אין דער זיסקייט פון די הייסע באַגערן.

— אפשר זעצן מיר זיך אַרײַן אין אַזאַ וועגעלע?

— פאַר וואָס נישט? האָט די רעגינע שמייכלענדיק זיך געריוויטלט און שוין האָט זי אַרויסגענומען די „כוסטקע״ פון האַנטבייטל, אַרומגע־נומען אַרום קאָפּ, די האָר זאָלן איר נישט, בעת דעם ווילדן געיאָג פון וואַגאָנדל, פליִען אין די אויגן אַרײַן.

כל זמן די „קאליע" האט זיך געצויגן בארג ארויף, זענען די צוויי פריש באקאנט־געווארענע לייט, געזעסן גלייך, סטאטעטשנע, ווי צוויי לייטישע פאסאזשירן אין א צוג. ווי נאר אבער דאס באנדל איז זיך צעפארן, די געקוויטשערייען האבן זיך אנגעהויבן און מ'האט זיך געטאן א לאז אראפ אין טאל, האבן ביידע פארגעסן אן דער סטאטעטשנעקייט און זיך גענומען טוליען איינע אין אנדערן און ווי נאר דאס וועגעלע זייערס איז אריין אין א טונעל, אזוי געהיימנישפול־פינצטער, האבן זייערע ליפן אפגעזוכט איינע דעם אנדערנס, זיך באהעפט מויל אין מויל, אטעם אין אטעם ביז פארגעסן זיך, זיס־ווייטיקדיק פארגעסן זיך.

פאר נאכט, אז די ליכטנפעלדס האבן צוגעבערענגט די ריטשמאן־משפחה צו זייער הויז און אליין געפארן צו זיך אהיים, האט מילכה ברײנדל אזוי ווייבעריש שלוי אים געקוקט אין די אויגן אריין:

— א זיס מיידל די רבקה, הא, נתן חיים? אין נישט קאן ארעמע אאך. דער האקסטער האט אין דער מלחמה געמאכט א פארטשון.

— וואס מיינט א פארטשון?

— וואס א פארטשון מיינט פרעגסטו? א פארמעגן מיינט דאס, גע־ווארן שטיין רייך!

— וואס גייט דאס מיך אן?

מילכה ברײנדל איז געבליבן שטיין קעגנאיבער דעם ברודער מיט פארלייגטע ארעמס איבערן בוזעם, געקוקט אויף אים, ווי אויף א תם:

— וואס דיך גייט דאס אן? נאראל, דער האקסטער וויל געבן רבקה־לען פינף הינדערט טולער נדן אין אז מ'עט אים א קוועטש טיען, 'עט ער געבן נאך דראא הינדערט, דערצי איז רעגינע א שניידערקע, וועט זיך אויסטויגן אין א „קלינינג סטאר". פאלג מיך ברידער, עסט האבן א ברויט מיט א מעסער.

— מילכה ברײנדל, כ'בעט דיך, הער מיר אויף צו דרייען א ספאדיק. מארגן אין דער פרי גיי איך מיר אויסזוכן א פלאץ צו דער ארבעט.

# קאַפּיטל זיבעצן

דער שאַפּ איז געווען אויפן זעקסטן שטאָק. ווי אין ניו־יאָרק, אַזוי אויך דאָ האָבן די אַרבעטער נישט געטאָרט אַרויפפאָרן אין שאַפּ דורכן פראָנט, נאָר מיטן פראַכט־עלעוויטאָר, הינטן אַרום. ביים אַריינקום האָט אים אַ מיידל דורכן אָפּיס־פענצטערל אַרויסגעפרעגט: יעס?

— ער זוכט אַרבעט, האָט איר נתן חיים צוריקגעענטפערט אויף יידיש.

דאָס מיידל האָט אומגעדרייט דעם קאָפּ, עפּעס געפרעגט ביי עמעצן אַריבער איר אַקסל, אַ מענער־שטים האָט דאָרט געזאָגט: „אָל־רייט", האָט זי אַ דריק געטאָן אויף אַ קנעפּל און די אָפּיסטיר האָט זיך פאַר אים גע־עפנט מיט אַ געזשום ווי פון אַ מחנה אַנגעפלויגענע בינען.

— קאָם אין, פליז, האָט אַן עלטערער מאַן מיט צוויקער־ברילן איבער דער נאָז, אים אַריינגערופן אין אָפּיס. — זינד זי „קעפּמייקער ביי טרייד"?

— וואָס דען זאָל איך זיין? האָט נתן חיים צוריקגעפרעגט.

— פון ווו קאָמען זי?

— פון וואַנען זאָל מען קומען? פון ניו־יאָרק.

— אַך זאָ? אַוס ניו־יאָרק? האבען זי געאַרבייט אין ניו־יאָרק?

— וואָס דען האָב איך דאָרט געטאָן? די גאַנצע איבער פיר חדשים, וואָס איך בין אין אַמעריקע, האָב איך געאַרבעט אין ניו־יאָרק, ביי „מי־טשעל ענד סאָנס" אויף גרין־סטריט.

— זאָ? ביי מיטשעל ענד סאָנס? האָט דער דייטשישער יהודי איבער־געחזרט פול מיט קינאה דעם באַרימטסטן נאָמען אין דעם פאַך. — עי פיין האוז, מיטשעל ענד סאָנס, וועריפיין האוז. מר׳ בלאט! האָט ער דורך אַ טרייבל גערופן אין שאַפּ אַריין.

אין דער אָפּיסטיר האָט זיך אַריינגעוויזן אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און פערציק, אַ מיטלוווקסיקער, אַ ברייטלעכער, די שוואַרצע האָר גרוי שוין אַרום די שלייפן, די ווייסע העמד־אַרבל פאַרשאַרצט אַריבער די עלנבויגנס. אַרום נידעריקן האַלדז, אַ פעטלעכער, אַ פאַרשוויצטער, איז אים געווען אַרומגענומען אַ ווייס שניפּטיכל מיטן דרייעק אויף דער פּלייצע און דער קנופּ אונטער דער גאָמבע, אַ סקווערע, מיט אַ חן־גריבל אין מיטן.

— קומט מיט מיר, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו נתן חיימען און אים

אַריינגעפירט אין שאַפּ, אַ ריזיקער זאַל מיט אַ צעמענטענעם דיל, מיט הויכע פענצטער, די שויבן, דורכגעוועבטע מיט דראָטענע קעסטעלעך, זע־נען געווען שטאַרק פאַרשטויבט, טייל פון די פענצטער ברייט צעעפנט.

מיט איין בליק, האָט ער, נתן חיים, געזען אַז ווי ווייל אין שטח איז דער זאַל גרויס, איז עס אָבער אַ קליינע שעפּקע מיט בלויז פערצן צי פופצן אירע. אין איין זייט — אַ ריי מאַשינען, וואָס בלויז צען פון זיי זענען „געגאַנגען". אין דער אַנדערער זייט — אַ לאַנגער טיש מיט אויס־געלייגטע שטאָפן אויף אים, נישט קיין הויכע דיק און אַ מאַן, איבער־געבויגן איבער דעם טיש, האָט פּאַוואָליע געפירט די עלעקטרישע שניידמאַשין לענג־אויס און רונד אַרום די אָנגעצייכנטע קרייטלעך. אין אַ באַ־זונדער ווינקל, לעבן אַ ברייט, צעעפנט פענצטער איז געשטאַנען דער בלאָקער מיטן פאַרעדיקן קעסל, מיטן „היידראָליק"־מאַשין און אַ טיש פול מיט האָלצערנע פאָרמען, גאַנצע און צענומענע אין טיילן, פאָרמען פון אַלערליי היטלען און קאַפּעליושן.

דער פאָרמאַן האָט אים, נתן חיימען, צוגעפירט צו אַ מאַשין, צוגע־ברענגט אַ „באַנדל" און זיך געשטעלט הינטער אים, זען ווי דער נייער אָפּערייטאָר וועט זיך דאָ אַן עצה טאָן מיט דער אַרבעט.

— מיסטער, האָט נתן חיים אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום פאָרמאַן: — איר האָט מיר געגעבן דאָס פּעקל אַרבעט? גייט אייך געזונטערהייט. אַז כ'וועל עפּעס נישט וויסן, וועל איך אייך צורופן און אייך פרעגן.

— אָ, אַן „אינדעפּענדענט גאַי", (אַ האָנאָראָווער פאַרשוין) האָט דער פאָרמאַן אַ ברום געטאָן און, כאָטש ער האָט זיך אָפּגעקערט פון דעם נייעם „אָפּערייטאָר" האָט ער דאָך זייטיקלעך געהאַלטן אַן אויג אויף אים.

ער, נתן חיים, האָט סיי גענייט און סיי געוואָרפן בליקן אַרום זיך. פון די צען אָפּערייטאָרס זענען אַכט פרויען און צוויי מענער. איינער פון די צוויי, דער וואָס ביי זיין, נתן חיימס, רעכטער האַנט, איז אַן עלטערער מענטש, אַוודאי שוין אַריבער די פופציק, נאָר אַ פּנים האָט דער מאַן — אַ קינדיש לויטערס, מיט רויטע בעקלעך און בלויע, שמייכלענדיקע אויגן. דער אַנדערער מאַן, קעגנאיבער דעם, כאָטש פיל יינגער, מסתמא אין די אָנהייב דרייסיקער, זעט ער אָבער אויס צו זיין אַ ביסטרער פאַרשוין, אַן אָנגעכמורעטער. צווישן די אַכט פרויען מאַשינערינס, זעט ער איינע שוין אַ היפּשלעך אַלטע, אַ הויכע, אויסגעדאַרטע פרוי, גראָ ווי אַ טויב, נאָר זשוואַווע און וואַך ווי אַ יונג מיידל. די נאָדל פון דער מאַשין לויפט ביי איר שנעלער ווי ביי די אַנדערע, פיל יינגערע פרויען און די פינגער אירע, ביינעריקע, בלווילעך־רויטע פון אַלטקייט לויפן נאָך דער נאָדל שיער

נישט אַזוי גיך ווי דאָס רעדל פון איר מאַשין. וואָס אים אָבער, נתן חיימען, האָט דאָ מערסטנס געחידושט איז די שטילקייט, דאָס שווייגעניש פון די באַלמעלאָכעס. וואָס זענען זיי אַזוי קאַרג אויף אַ וואָרט? ער האָט גע־פרעגט ביי דעם עלטערן מאַן, וואָס ביי זיין רעכטער האַנט:

— ווי אַזוי אַרבעט מען דאָ? פון וואָך? פון שטיק?

— פון שטיק, האָט דער אַלטער אַ ברום געטאָן און זיך אַפילו נישט אומגעקוקט.

— וואָס צאָלט מען?

— מיסטער, האָט שוין דער יינגערער פון קעגנאיבער, אים געענט־פערט מיט געבייזער, — יעצט אַרבעט מען! נאָך דער אַרבעט וועט איר זיך אַלץ דערוויסן.

ער האָט געהויבן די אַקסלען, נתן חיים. ווילן זיי נישט רעדן מחמת מורא פאַרן פאָרמאַן? אָדער זיי איז אַ שאָד אַ רגע? און ער, נתן חיים, נישט בלויז גאָרט ער עפּעס זיך צו דערוויסן, נאָר ער איז היפּש געקרענקט אויך. הער נאָר אַן איינפיר אין אַ שאָפּ! מ׳זעצט אַוועק אַן אַרבעטער צו אַ מאַשין און נישט מ׳פרעגט ביי אים, וואָס ער פאַרלאַנגט פאַר זיין אַר־בעט און נישט מ׳זאָגט אים וואָס מ׳וועט אים צאָלן, גלייך ער וואָלט אין דעם עסק גאָרנישט געהאַט צו זאָגן! פון אויפרעגונג האָט ער געיאָגט דאָס מאַשינדל, אַז ס׳איז שיִער אַראָפּגעפלויגן פון געשטעל. און דער אַרבעטס־טאָג דאָ איז אַזאַ לאַנגער! נישט קיין אַכט שעה ווי אין ניו־יאָרק, ווי אין פּאַריז, ווי אין וואַרשע, נאָר צען שעה אַ טאָג איז מען דאָ צוגעקאָוועט צום מאַשינדל. אַפילו אויף „לאַנטש" פאַרגינען זיך די מענטשן נישט צו גיין, נאָר ברענגען זיך פון דער היים, אין אַזאַ קליין, האַלב־רונדיק, בלעכן וואַליזקעלע אַ „סענדוויטש", אַ טאָמאַטע, אַן עפּל און, צו דעם, אין אַ „טער מאָפּלאַש", אַ גלאָז אָדער אַנדערהאַלבן גלעזער טיי, קאַווע, צי גאָר קאַקאַאָ.

ער האָט זיך קוים דערוואַרט, נתן חיים, דער פאָרמאַן זאָל שוין אָפּ־שטעלן דעם מאָטאָר, מ׳זאָל שוין ענדלעך אַראָפּ פון שאָפּ. ערשט אויף דער גאַס, גייענדיק מיט די צוויי מענער אָפּרייטאָרס צום טראַמוויי, האָט ער זיך ענדלעך דערוווּסט, וואָס מען צאָלט דאָ פאַר אויפנייען אַ טוץ „קאַפּן" (היטלען), אַ טוץ קאַפּעליושן און וואָס מער ער האָט געהערט, אַלץ שטאַר־קער איז אין אים געוואַקסן דער כעס, דאָס שטוינען. הער נאָר דאָ! פאַר מאַכן אַ טוץ אַכטקאַנטיקע קאַפּן צאָלט מען בלויז פינף און אַכציק סענט? און וויפל צאָלט מען פאַר געפּאַסטע?

— איר מיינט „געמעטשטע"? נאָך צען סענט אויפן טוץ, האָט אים דער אַלטער אינפאָרמירט.

— און וואָס צאָלט מען דאָ פאַר אַ טוץ קאַפּעליושן?

— העטס מיינט איר? אַ דאָלער מיט צען, ביז אַ דאָלער מיט פּערציק.

— גאָט אין הימל! איר אַרבעט דאָך אומזיסט. וואָס אַרבעט איר אויס אין אַ וואָך?

— ס׳געווענדט זיך ווער. מר׳ אַבראַמאָוויץ, האָט דער יינגערער געווייזן אויפן עלטערן, ער מאַכט אויס צווישן פופצן און אַכצן דאָלער אַ וואָך. איך — מיט צוויי אָדער דריי דאָלער מער. די פרויען — צווישן צוועלף און פופצן דאָלער אַ וואָך.

— פאַר פינף און אַ האַלב טעג? פינף און פופציק שעה אַ וואָך? האָט נתן חיים געשטוינט אַזוינס צו הערן. — ער, פאַר בלויז פיר און פערציק שעה אַ וואָך, האָט דאָך געקראָגן פערציק דאָלער און דאָס וואָכנאַרבעט!

— איז עס דאָך עפּעס ניו־יאָרק! דאָרט איז דאָך דאָ „אַ יוניע״.

— און ווי איז דאָ אין אַנדערן שאַפּ? האָט נתן חיים געוואָלט וויסן.

— אין אַנדערן שאַפּ? „די סיים״, (דאָס זעלבע) איר דאַרפט וויסן, מיסטער, די קאַפּן און העט מאַכער אין קאַנזאַס־סיטי, האָבן נישט קיין „יוניע״, אָבער די צוויי באָסעס האָבן יאָ אַ „יוניע״. פּרוווט אַראַפּגיין פון דעם שאַפּ וועט אייך דער באָס פון צווייטן שאַפּ נישט צונעמען, ווען אַפילו איר זאָלט גרייט זיין דאָרטן צו אַרבעטן „פאַר נאַטינג״, (אומזיסט) און פאַרקערט „די סיים״, (אויך אַזוי).

אַן אַנדערער אויף זיין, נתן חיימס אָרט, וואָלט גלייך אַ רעד געטאָן מיט די באַלמעלאָכעס וועגן סטרייקן, ער אָבער, אַ דערפאַרענער טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, ווייסט אַז וועגן אַזעלכע זאַכן רעדט מען מיט אַרבעטער ערשט ווען מ׳קען זיי, ווען מ׳ווייסט אַז וואָס מ׳רעדט מיט זיי, וועט נישט דערגיין צום באָס, צום פאָרמאַן, בפרט נאָך ווען אין דעם שאַפּ זענען אויף די צוויי מענער פאַראַן אַכט פרויען אָפּערייטאָרינס, קריסטלעכע פרויען, וואָס אַ יוניאָן איז געוויס פאַר זיי פּרעמד, אָפּשרעקנדיק. אמת, ער קאָן טאָן אַ מאַך מיט דער האַנט: זאָלן זיי אַליין זיך דרייען זייערע קעפּ. ווי לאַנג וועט ער דען אין גאַנצן זיין אין דעם קאַנזאַס־סיטי? איז ער דאָך אָבער נתן חיים! וואָסי, אין פוילן בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, האָט ער וויינינקער איינגעשטעלט ביים אָנפירן סטרייקס, ביים אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען? וועט ער, גראָד אין פרייען אַמעריקע, אַריינבציען ס׳קעפּעלע צווישן די אַקסלען, ס׳איז, הייסט עס, נישט זיין עסק און זיך אָפּטראָגן פון קאַנזאַס־סיטי? דאָס וועט ער דאָך נישט טאָן. בלייבט פאַר אים זיך צו באַראָטן מיט וועלכן פון די אַרבעטער. אָיז

אים אָבער שווער אָפּצופּאַסן בײַ זיך מיט װעלכן פֿון די צװײ מענער ער זאָל פֿרײַער װעגן דעם איבעררעדן.

איז דערווײַל אַװעק אַ װאָך און באַלד — נאָך אײנע. ער האָט זיך שױן געפֿילט הײמיש אין שאַפּ, געוווּסט שוין אַז דער מר׳ אַבראַמאָוויץ, דער עלטערער פֿון די צוויי מענער, איז דאָ אָן זײַן פֿאַמיליע, אַז זײַן פֿרוי און דרײַ אונטערגעוואַקסענע קינדער, האָבן פּעטליורעס הײדאַמאַקעס דערהרגעט אין פּראָסקוראָוו, אַז בלויז אײן מײדל זײַנס פֿון פֿערצן יאָר האָט זיך געראַטעוועט און ער, דער טאַטע, קלײַבט אַ סענט צו אַ סענט, צו קענען ברענגען װאָס גיכער דאָס טעכטערל צו זיך אין אַמעריקע. ער האָט אויך שוין געוווּסט אַז דער אַנדערער מאַן, דער מר׳ ליבערמאַן, האָט יאָ דאָ זײַן פֿרוי מיט צוויי קלײנע קינדער. אויך מיט די פּרויען אָפּערײטאָרינס האָט ער זיך שױן באַקענט, נתן חיים, און שוין געוווּסט אַז אַלע, אויסער דער אַלטער מיס גרין, אַ פֿרײלײן נאָך, זענען זײ אַלע װײַבער פֿון מענער און מאַמעס פֿון קינדער און מיטן פֿאָרמאַן האָט ער שוין אַפֿילו געהאַט אַ צונויפֿשטויס, אים באַלײדיקט, כאָטש ער האָט באַלד געהאַט חרטה, שטאַרק חרטה געהאַט.

נישט קענענדיק נאָך די שפּראַך האָט ער נישט געוווּסט, נתן חיים, אַז אויף ענגליש איז דאָס װאָרט „יו״ סײַ „דו״ און סײַ „איר״. האָט גע־טראָפֿן אַז דער פֿאָרמאַן, אַלײן אַ װאַרשעװער, האָט זיך דערוווּסט אַז ער, נתן חיים, קומט פֿון װאַרשע, איז ער אין גרויס פֿרײד אָנגעלאָפֿן צו אים:

— לאַנדסמאַן, דו ביסט אַ װאַרשעװער?

נתן חיים איז געוואָרן בלאַס פֿון כּעס, פֿון באַלײדיקונג. דאָס פּױלישע האָנערל האָט זיך אין אים מיט אײן מאָל געטאָן אַ צינד אָן, האָט ער רוגזהדיק צוריקגעפֿרעגט דעם פֿאָרמאַן:

— מיסטער, איר האָט צוזאַמען מיט מיר חזירים געפּאַשעט, װאָס איר װאָגט מיר צו זאָגן דו?

נישט בלויז דער פֿאָרמאַן, אויך די צוויי ייִדישע אָפּערײטאָרס, זענען געבליבן אָן לשון. איז אָנגעשטאַנען אַ טויטע שטילקייט, אַ שווײַגעניש, װאָס האָט געשטיקט אין האַלדז, געלײמט די הענט, ביז דער מר׳ בלאַט, אַ פֿאַרשעמטער, האָט זיך גענומען אָפּרוקן פֿון די מאַשינען און מיט זײַן אָפּרוקן זיך — אָנגעיאָגט אין אים, נתן חײמען, די חרטה, דעם זשאַװער־דיקן פֿאַרדרוס אויף זיך אַלײן, בפֿרט נאָך װען די צוויי אַרבעט־שכנים האָבן אים אויפֿגעקלערט אַז די פֿאַרגװיִשטע ייִדן, װי די היגעבוירענע רעדן אַזוי, אַז ער, דער פֿאָרמאַן, װאָס איז געקומען קײן אַמעריקע מיט זײַנע

עלטערן ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, רעדט ער אויך אַזוי, אַז אין דער אמתן האָט ער נישט געמיינט אים צו באַליידיקן.

שפּעטער נאָך דעם פֿאַל האָט ער, נתן חיים, זיך געביסן די ליפּן פֿון קרענקעניש, פֿון חרטה, ביז ער איז אויפגעשטאַנען פֿון דער מאַשין, צו־געגאַנגען צום פֿאָרמאַן און אויסגעשטרעקט צו אים די האַנט:

— אַנטשולדיקט מיר, מר׳ בלאַט, איר ווייסט דאָך, איך קען נאָך נישט קיין ענגליש, האָב איך נישט געוווסט אַז דאָ רעדט מען אַזוי, אַז „יו" קען מיינען „דו" און עס קען אויך מיינען „איר".

אַ היפּשע ווייל האָט דער פֿאָרמאַן געקוקט אויף דעם גרינעם, וואָס שטייט פֿאַר אים פֿול מיט חרטה, מיט באַדויער, ביז ער האָט ענדלעך גע־נומען די אויסגעשטרעקטע האַנט אין זיינער:

— אָ, לאַנדסמאַן, דו „עקסקיוז מי" כ׳מיין: איר האָט מיך דערמאָנט אין פּוילישן ווי רופט איר דאָס? האָנאָר, דאַכט זיך. אַ יאָ? זאָלט איר וויסן, די אַמעריקאַנער זענען נישט אַזוי, זיי זענען „פֿליינע", „לייטע", (פּשוטע מענטשן) זיי האָבן נישט מורא פֿאַר „האָנאָר" לאַנדסמאַן, איך ראָט אייך: „געט ריד", ווערט פּטור פֿון דעם פּוילישן האָנאָר.

דער אומגעריכטער צוזאַמפּשטויס מיטן פֿאָרמאַן, שטאָט אַראָפּפּלאַטשן אים, האָט אים גאָר געשטאַרקט, אויפגעמונטערט אים, נתן חיימען. „ער וועט יאָ עפּעס דערגרייכן. נישט בלויז דער פֿאָרמאַן, אויך דער באָס, מר׳ פֿרי־דענטהאַל איז אַן איידעלער און פֿיינער מענטש, כאָטש אַ דייטשישער יהודי. זאָל ער נאָר ווי געהעריק צוגרייטן די אַרבעטער, וועט מען דאָ דורכפֿירן אַ פֿיין סטרייקל. אפשר דעם ערשטן סטרייק אין קאַנזאַס־סיטי"?

# קאַפּיטל אַכצן

ס׳איז שבת נאָך האַלבן טאָג, אין דרויסן איז אַ חמימה און דאָ, אין דער קאַפעטעריע איז קיל און שטיל. ס׳איז איצט נאָך לאַנטש איז אויך ליידיקלעך אין דעם גרויסן עסזאַל, בלויז אין די ווינקלען, דאָ און דאָרט, זיצט נאָך ביי אַ טישל אַן איינזאַמער מענטש, וואָס נישט ער האָט ווו זיך צו איילן און נישט די קאַפעטעריע דאַרף זיין אָרט מ׳זאָל אים איַילן.

אָט דאָ, אין דער קאַפעטעריע, ביי אַ טישל מיט אַ גלאָז קאַלטע סאָדע, זיצט ער, נתן חיים, און טאַפּט דעם דופק ביי דעם מר׳ אַבראַמאָוויץ. אַן אַ פאַמיליע, יאָגט ער זיך נישט, דערצו איז ער אויך מער צוגעלאָזן, דער מר׳ אַבראַמאָוויץ, געלאַסענער פון דעם יונגן מר׳ ליבערמאַן, לייגט ער פאָר אים אַרויס זיינע טראַכטענישן, נתן חיים:

— וואָס זאָגט ער, מר׳ אַבראַמאָוויץ, מ׳קען טאַקע גאָרנישט טאָן צו פאַרבעסערן די אַרבעט־באַדינגונגען, ס׳איז דאָך אַ בושה פאַר זיך אַליין. צען שעה אַ טאָג און וואָס פאַרדינט מען?

דער ייִד האַלט אין האַנט דאָס גלאָז מיטן נישט אויסגעטרונקענעם סאָדע־וואַסער, קוקט, שווייגט. ער האָט זיך, זעט אויס גאָרנישט געריכט אַז צוליב דעם האָט אים דאָס דער גרינער פאַרבעטן אויף אַ גלאָז סאָדע. ענד־לעך האָט ער זיך ווי דערמאָנט אַז דער ניו־יאָרקער זיצט קעגנאיבער און וואַרט אויף אַ וואָרט פון אים. האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצווינגען פון זיך רייד:

— איך ווייס? קירצן דעם אַרבעטס־טאָג, אויב נישט אויף אַכט, איז אויף נײַן שעה, וועט אפשר מר׳ פרידענטהאַל נאָכגעבן. ס׳איז דען זיין צייט? מיר אַרבעטן דאָך פון שטיק. „באָס״ א „רייז״? „נעווער״! (אָבער העכערן די פרייזן — קיין מאָל נישט) — וואָס זשע וועלן מיר דאָ אויפ־טאָן? מ׳מאַכט אַזוי אויס ווייניק, וועט מען אין אַ קירצערן אַרבעטס־טאָג אויסמאַכן נאָך ווייניקער.

— געוויס, מיט גוטן וועט אייך קיין באָס גאָרנישט נאָכגעבן.

— אָל רייט, וואָס זשע זאָגט איר דאַרף מען טאָן? איר קומט דאָך עפּעס פון ניו־יאָרק!

— וואָס מ׳זאָל טאָן? האָט ער, נתן חיים, ווי געציילט זיינע ווערטער.

קודם דאַרף מען זיך פאַרשטענדיקן מיט דעם מר׳ ליבערמאַן. נאָך דעם וועט מען דאַרפן האָבן אַ זיצונג מיט די פרויען, אַז אַלע וועלן צושטימען, וועט מען אויסקלייבן אַ דעלעגאַציע צו רעדן מיטן באָס.

— און וואָס זאָל מען טאָן מיטן צווייטן שאַפּ?

— דעם צווייטן שאַפּ דאַרף מען דערווייל נישט טשעפּען. איר פאַר־שטייט, מר׳ אַבראַמאָוויץ? אַז אונדזער באָס וועט זען אַז ביי אים האַלט ביי אַ סטרייק און דאָרטן אַרבעט מען, וועט ער גלייך נאָכגעבן. באָסעס האָבן פיינט צו זען אַ קאָנקורענט ליפערן באַשטעלונגען בעת זיין שאַפּ איז פאַרמאַכט.

— אויב איר דענקט אַזוי? מר׳ פיינזילבער, „איטס אָ, קעי וויט מיי״ (איז ער מסכּים).

ביי דעם צונויפקום אין מר׳ ליבערמאַנס וווינונג, האָט ער, נתן חיים, איינגעזען אַז די טבע פון מענטש איז אומעטום די אייגענע. פונקט ווי אין מ׳סיע בוזשעיס אַטעליע אין פאַריז, אַזוי האָבן די ווייבער דאָ, ווי נאָר דער מר׳ ליבערמאַן, וואָס קען בעסער ענגליש פון דעם מר׳ אַבראַמאָוויץ, האָט זיי אויפגעקלערט אין וואָס דאָ גייט, זענען אַלע גלייך גרייט געווען, נישט בלויז צו סטרייקן, נאָר אַפילו שוין גיין האַקן שויבן אין שאַפּ און אויך צום מר׳ פרידענטהאַל אַהיים, אין זיין רייך הויז אויף מיזורי־דרייוו.

בלויז איינע פון די פרויען, די הויכע, אַלטע, מיס סלאָוסאָן, וואָס קומט צו דער אַרבעט אָנגעטאָן ווי אַ דאַמע אין אַ טונקל־בלוי קאָסטיומל, אין אַ שטרוי־הוט מיט אַ ברייטן ראַנד, באַפּוצט מיט אַ גרויער שטרויספעדער, זי, אָן צו האָבן אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן, אָנגעוויזן פאַר איר ביסל אויסקומעניש בלויז אויף דעם, וואָס זי פאַרדינט אין שאַפּ, זי האָט זיך נישט געטומלט, נישט געווען גרייט שוין צו גיין האַקן שויבן, זי האָט געשוויגן, פאַרטראַכט געשוויגן. ערשט נאָך דעם ווי אַלע האָבן זיך אויס־געטומלט, אויסגעהיצט זיך, האָט זי שטיל געפרעגט:

— און אַז מר׳ פרידענטהאַל וועט נישט נאָכגעבן, וואָס דאַן?

— וועט מען סטרייקן! האָבן אַלע ווייבער, ווי אין איין קול איר גע־ענטפערט.

— און אַז מר׳ פרידענטהאַל וועט אייך לאָזן סטרייקן, ווי לאַנג וועט איר אויסהאַלטן?

ער, נתן חיים, ווי ער האָט נישט פאַרשטאַנען דאָס גערייד, וואָס דאָ איז אָנגעגאַנגען, האָט ער דאָך מער אינטויִטיוו ווי פאַקטיש, באַנומען וואָס די אַלטע פרעגט און וואָס די ווייבער ענטפערן איר. „יאָ, האָט ער גע־טראַכט, נתן חיים, אויף דער מיס סלאָוסאָן קען מ׳זיך פאַרלאָזן, בעת די

ווייבערס היציקייט געפעלט אים נישט. זייער ברענען איז אַ פייער פון שטרוי: אויפגעפלאַמט און שוין איז עס אויסגעברענט. זיי, ווי די פראַנ־צויזקעס אין שאַרל בוזשעיס אַטעליע, וועלן נאָך עטלעכע טעג סטרייקן, צוריקגיין איינע נאָך איינע צו דער אַרבעט. כאָטש מיט די צוויי מאַנצביל דאָ, איז ער אויך גאָרנישט אַזוי זיכער". ביידע פלאַטערן זיי פון שרעק. אַלע ווילע פרעגט איינער דעם אַנדערן און באַלד אים, נתן חיימען:

— וואָט דו יו סיי? (ווי מיינט ער?) זאָל מען טאַקע סטרייקן?

וואָס זאָל ער זיי ענטפערן? נתן חיים. פריִער, פאַרן צונויפרופן די ווייבער, אַז ער האָט גערעדט מיט די צוויי מאַנצביל, זיי געוואָרנט אַז עס קען קומען צו אַ סטרייק, זענען ביידע געווען גרייט, אַפילו זיך געדונגען מיט אים: — וואָס דען? פראַצעווען פינף און פופציק שטונדן אַ וואָך און „אויסמאַכן נעקסט טו נאָטין?" (פאַרדינען כמעט גאָרנישט?) גראָד איצט ווען די ווייבער גליִען מיט אומגעדולד: „אַ קלייניקייט? אַהיימקומען מיט צוויי שעה פריִער צו די קינדער, קענען מאַכן „סאַפּער" איידער דער מאַן קומט פון דער אַרבעט", איז איצט קווענקלען זיי זיך, די מענער. ווי אָבער קען ער איצט, נתן חיים, אויסדרייען דעם דישעל? ווי וועט ער אויסזען ביי די פרויען און אויך ביי זיי, די צוויי מאַנצביל? אמת, ער האָפט אַז ס'וועט צו קיין סטרייק נישט קומען. אָבער צו פיל שטעלן אויף דער פיינ־קייט פון אַ באָס, טאָר מען נישט און אַוודאי ווייסט ער, נתן חיים, אַז מ'טאָר נישט אַרויסשטעלן קיין פאָדערונג, סיידן מ'איז גרייט זיך איינצו־שטעלן פאַר דעם וואָס מ'פאָדערט, האָט ער געשוויגן, געלאָזט דער מיס סלאָוסאָן פרעגן, ענטפערן, זיך אויסטענהן מיט די ווייבער און אויך מיט די צוויי מאַנצביל. ערשט נאָך דעם ווי אַלע האָבן איינגעשטימט צו שיקן „אַ קאָמיטע" מאָרגן אין דער פרי צום הער פרידענטהאַל, פאָדערן אַ הע־כערונג אין די פרייזן אויף פינף און צוואַנציק פראָצענט און פאַרקלענערן דעם אַרבעטס־טאָג אויף אַכט שעה, האָט ער, נתן חיים, איינגעשטימט צו זיין אין דער דעלעגאַציע, אָבער מיט איין באַדינג: די אַנדערע צוויי מוזן זיין: מיס סלאָוסאָן און מר' ליבערמאַן.

צומאָרגנס, מאַנטיק אין דער פרי, פּינקטלעך צען אַזייגער, די אָפּ־גערעדטע שעה, האָט ער, נתן חיים, געטאָן אַ ווינק צו דער מיס סלאָוסאָן און באַלד צו דעם מר' ליבערמאַן. די אַלטע פרוי האָט זעט אויס געוואָרט אויף זיין ווינק, דער מר' ליבערמאַן אָבער, האָט זיך געמאַכט נישט זען. ערשט אַז ער, נתן חיים, האָט געטאָן אַ רוק אָפּ די שטול און די מיס סלאָוסאָן גלייך נאָך אים, האָט זיך דער מר' ליבערמאַן אויך אויפגעשטעלט פון דער מאַשין.

— ווהאט'ס די מאטער? (וואָס איז געשען?) איז דער פאָרמאַן, אַ צעשראָקענער גיך אָנגעלאָפן.

— נאָטהינג איז די מאטער, (גאָרנישט איז געשען). האָט די מיס סלאָ־סאָן אים באַרויִקט. — מיר גייען אין אָפיס איבעררעדן עפּעס מיטן מר' פרידענטהאַל, „דו יו מיינד"? (האָט ער קעגן דעם?).

ער איז געשטאַנען צעטומלט, דער פאָרמאַן, פאַרלוירן געקוקט ווי דרײַ זײַנע „לייטע" האָבן פּלוצים אָוועקגעלייגט די אַרבעט, גייען אין אָפיס אַריין, און ער איז מאַכטלאָז, קען נישט זאָגן „ניין" און קען זיי נישט פאַרשטעלן דעם וועג.

דער הער פרידענטהאַל, אין זיין ווייך־באַקוועמער שטול, הינטערן גרויסן ביוראָטיש, דערזעענדיק די דרײַ לייט, האָט ער אַראָפּגענומען די צוויקער־ברילן פון איבער דער נאָז און מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף דער מיס סלאָוסאָן, באַלד אויף דעם מר' ליבערמאַן, נאָר געבליבן מיט זיין דורכדרינגענדיקן בליק איז ער אויף אים, נתן חיימען: „דיזער פאָלנישער קערל"! באַלד האָט ער צוריקגעפירט זיין בליק, אַ ווייכער שוין, אָבער אַלץ נאָך מיט איבערראַשונג אויף איר, דער מיס סלאָוסאָן און שטיל געברומט צו זיך: „זאָ איין פיינע פראַו".

— דו יו וואָנט טו סי מי? (וויל זי אים זען?) האָט ער געפרעגט, דער עיקר זי, די מיס סלאָוסאָן.

וואָלט אים, נתן חיימען, די צונג נישט געווען געבונדן, וואָלט ער זיך נישט אין גאַנצן פאַרלאָזט אויף דער פרוי, בפרט אַז דער באָס מיידט אַזוי בכיוון אויס אים, מוז ער שווייגן, און זיך פאַרלאָזן אויף דער מיס סלאָוסאָן.

— יעס מר' פרידענטהאַל, האָט די פרוי אים געענטפערט שטיל, אָבער דרייסט. — מיר זענען געקומען רעדן וועגן אונדזערע אַרבעט־באַדינגונגען. ס'איז צייט מיר זאָלן אַרבעטן ווי אין אַנדערע ציוויליזירטע לענדער, אַכט שעה אַ טאָג און מיר ווילן אויך אַ 'רייז" אויף פינף און צוואָנציק פּראָצענט אין די פרייזן.

דער הער פרידענטהאַל האָט איר גאָרנישט געענטפערט, בלויז געברומט צו זיך „יעס, איי סי" (יאָ, ער פאַרשטייט) דערביי האָט ער געפּויקט מיט די צוויקער־ברילן אין טיש און, פּלוצים, אַריבערגעפירט זיין בליק, אַ בייזער, אַ שאַרף דורכדרינגענדיקער בליק אויף אים, נתן חיימען, „יעס, ער פאַרשטייט, ער פאַרשטייט שוין גאָר"!

— אונד זי וואָס זאָגען? האָט ער פּלוצים אַ פרעג געטאָן אים, נתן חיימען. — זי האָבן פערלאַנגט אַרבייט, ניכט וואַהר? אָבער זי וואָלען ניכט

אַרבייטען, זי וואָלטן טראָבעל מאַכען, פערלאָסען זי דיזען שאַפּ זאָפאָרט! זי קענען היער ניכט אַרבייטען.

די מיס סלאָוסאָן, נישט פאַרשטייענדיק וואָס דער הער פרידענטהאַל רעדט צו דעם מר׳ פיינזילבער, אָבער לויט דעם ווייזן אים צו דער טיר, האָט זי זיך געכאַפּט אַז דער באָס הייסט דעם ניו־יאָרקער פאַרלאָזן דעם שאַפּ, האָט זי אַ זאָג געטאָן צום באָס:

— מר׳ פרידענטהאַל, אויב מר׳ פיינזילבער איז „לאָקט־אוט״ (אויסגעשלאָסן) פון דער אַרבעט, פאַרסטרייקט דער גאַנצער שאַפּ.

— ס־אַ־אַ־אַ? — האָט דער הער פרידענטהאַל מיט אַזאַ חוזק־שמייכעלע געצויגן דאָס וואָרט, ווי איינער רעדט: „מ׳ווועט שוין זען ווי לאַנג איר וועט דאָ סטרייקן״, נאָר געזאָגט האָט ער: — אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד, איר קענט סטרייקן וויפל איר ווילט.

— איז דאָס אייער לעצט וואָרט, מר׳ פרידענטהאַל? האָט די פרוי אים געפרעגט.

— אויב אייער דעציזיע איז צו סטרייקן, קענט איר סטרייקן, אויב איר ווילט אַרבעטן, קענט איר זיך זעצן צוריק צו דער אַרבעט, „באָט״ (אָבער) דער מאַן, האָט ער געוויזן מיט די צוויקער־ברילן אויף נתן חיימען, — ער קען דאָ מער קיין איין מאָמענט נישט פאַרבלייבן!

— לאָמיר גיין, האָט די פרוי זיך געווענדט צו די צוויי מיטדעלעגאַטן און אַלע זענען זיי אַרויס פון אָפיס.

אין שאַפּ, ווי ווויל די מאַשינען האָבן געררוישט, די פּאַרע פון קעסל, לעבן בלאַקער, האָט געזעצט, געסיקעט, האָט דאָך די שטילע, איינגעהאַלטענע געשפּאַנטקייט אַלץ אַריבערגעשריגן. דער בלאָקער (פּרעסער) האָט געוואָרפן פרעגנדיקע בליקן צום קאַטער (צושניידער) דער קאַטער צום פּאַר־מאַן, און אַלע צוזאַמען — צו דער אַריינגעקומענער דעלעגאַציע. וואָרעם אויב די אָפּערייטאָרס פאַרסטרייקן, האָבן זיי דריי נישט וואָס צו טאָן. מילא, דער פאַרמאַן, ער וועט קריגן זיינע ווידזשעס (שכירות) אַזוי אויך, אָבער זיי ביידע?

די גאַנצע צייט האָט ער, נתן חיים, נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דער מיס סלאָוסאָן, נישט אין אָפיס, בעת איר רעדן מיטן באָס און נישט איצט, אין שאַפּ, ביים באַפעלן די ווייבער, דעם מר׳ אַבראַמאָוויץ, זיי זאָלן וואַרפן די אַרבעט און ער האָט געטראַכט: „אָט איז אַן אַלטפרענקישע דאַמע, זיכער אַ פרומע, וואָס גייט יעדן זונטיק אין קירך, איז כל זמן מ׳האָט דיסקוטירט, איז זי געווען קעגן רופן אַ סטרייק, נאָר אַזוי גיך ווי דאָס איז באַשלאָסן, זע ווי זי איז דעצידירט, אַנטשלאָסן אויף אַלעם. אומרויק, צאַפּ־

לענדיק זיך זענען די אַנדערע ווייבער, גראָד זיי, וואָס האָבן אַזוי געבערענט, שוין סטרייקן! נישט אַנטשלאָסן, זעט ער, נתן חיים, זענען אויך די צוויי מאַנצביל, טראַכט ער דאָס וועלן זיי אויסהאַלטן? אויב אַפילו יאָ? ווי לאַנג? מילא, ער אַליין, אַז ער איז אַרויסגעוואָרפן פון שאַפּ, קען ער קריקפּאָרן קיין ניו־יאָרק. די צוויי מאַנצלייט און די זיבן ווייבער, זיי וועלן באַלד צוריקגיין צו דער אַרבעט. אָבער די מיס סלאָוסאָן? אַן עלטערע פרוי, איינע אַליין, טאָמער פאַרלירט זי דעם דזשאַב, ווו וועט זי גיין? זי איז אַוודאי דאָ גע־בוירן, דאָ דערצויגן, נאָר צו וואָס דאָס טראַכטן? אַז קיין צוריק איז איצט נישטאָ!״

ווי דאָס גרייטן זיך צו פאַרסטרייקן איז געווען פול מיט ציטער און צאַפּל, איז עס דאָך נישט געווען אַזוי שווער ווי דאָס אָנהאַלטן דעם סטרייק. מילא, די ערשטע טעג זענען נאָך געווען צו דערליידן. די ווייבער, אויסגע־הונגערטע נאָך זייערע היימען, פול מיט דערוואַרטונג צו דערליידיקן אַזוי פיל זאַכן פאַר די קינדער, פאַר דער שטוב, זיי האָבן זיך איין די ערשטע עט־לעכע טעג אַפילו נישט געוויזן פאַרן שאַפּ, אַפילו נישט צו טאָן זייער חלק אין פּיקעטן, די וועלט זאָל וויסן אַז ביים הער פרידענטהאַל סטרייקט מען. נאָר אַז זיי זענען אַלע יאָ געקומען, האָט ער זיך נישט מיט זיי ווו אַהינצו־טאָן, נתן חיים. אין וואַרשע, אין פּאַריז, אין ניו־יאָרק, זענען דאָ יוניאָנס און די יוניאָנס האָבן לאָקאַלן, קומען די סטרייקער הערן אַן אויפמונטערנדיק וואָרט, זיך טרעפן איינע מיט די אַנדערע. דאָ, אָבער, נאָך דער איינער זי־צונג ביי די ליבערמאַנס, איז נישטאָ מער ווו זיך צו טרעפן. די ליבערמאַנס ווילן דאָס נישט מער. דער באָס ווייסט דאָך אַלץ, וואָס ביי זיי, די סטריי־קער טוט זיך, קען ער נאָך אים, ליבערמאַנען, אויך אַרויסוואַרפן פון שאַפּ, ווו וועט ער גיין? אַזוי אויך די ווייבער האָבן מורא פאַר אַ צוזאַמענקומען זיך ביי זיי אין די היימען. די איינציקע, וואָס וואָלט נישט מורא געהאַט, די מיס סלאָוסאָן, האָט זי אָבער נישט קיין היים, נאָר וווינט אין אַ צימער ביי יענעם, ווי דער מר׳ אַבראַמאָוויץ, ווי ער, נתן חיים, וואָס וווינט ביי דער שוועסטער.

זענען גאָר גיך אָנגעשטאַנען ברומענישן: „מ׳האָט נישט געדאַרפט סטרייקן. זיי האָבן „געדענקט״, די ווייבער, אַז מ׳גייט בלויז צום הער פרידענ־טהאַל בעטן. אַז ר׳האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן האָט מ׳געדאַרפט שווייגן און פאַרגעסן״. אויך די צוויי מאַנצביל זענען אַרומגעגאַנגען פאַרפינצטערט, פול מיט טענות צו אים, נתן חיימען. כאָטש אַז ער טראַכט זיך אַריין אין זייער מצב קען ער זיי גאָרנישט פאַרדענקען. אָט דער ליבערמאַן האָט אַ ווייב מיט צוויי קליינע קינדער און אָפּגעשפּאָרט האָט ער מסתם זייער

ווייניק און אפשר טאַקע גאָרנישט. ס'איז דען מעגלעך ביי אַזאַ נישטיק פֿאַר־דינסט עפּעס אָפּצושפּאָרן? דעסטגלייכן דער מר׳ אַבראַמאָוויץ, כאָטש ער, אַ מענטש אַליין, האָט ער אַוודאי יאָ עפּעס אָפּגעשפּאָרט, צאָלט ער אָבער איין יעדן סענט אויף דער שיפֿקאַרט פֿאַרן טעכטערל. די איינציקע, וואָס האָט נישט געברומט, פֿאַרקערט, נאָך אים, נתן חיימען, געהייטערט, מער מיט אַ שמייכל, מיט אַ גלעט אים איבערן אַקסל ווי מיט ווערטער, וואָס ער האָט זיי סיי ווי נישט פֿאַרשטאַנען, איז געווען די ציכטיק אָנגעטאָענע מיס סלאָוסאָן.

— דאָנט וואָרי, מר׳ פּיינזילבער, (זאָל ער נישט זאָרגן) ס'וועט אַלץ זיין אַלרייט.

עס איז אָבער נישט געווען „אַלרײַט״. אויף דער דריטער וואָך פֿון סטרייק איז צוריק געגאַנגען צו דער אַרבעט, ווער? נישט קיין איינע פֿון די פֿרויען, ווי ער האָט געמיינט, נתן חיים, נאָר גאָר דער מר׳ ליבערמאַן! זענען שוין אויף צומאָרגנס נאָכגעקומען די ווייבער און אַ טאָג שפּעטער, מיט פֿאַרשעמטקייט — אויך דער מר׳ אַבראַמאָוויץ. נישט געוואָלט צוריק־גיין אָן אים האָט בלויז איין מיס סלאָוסאָן. האָט שוין דאָס פּיקעטן דעם שאַפּ נישט געהאַט קיין זין, פֿלעגן זיי ביידע זיצן אין דער קאַפֿעטעריע, זופּן קאַלטע „קאָקאַ־קאָלאַ״ און, מער אויף שטום לשון ווי מיט רייד, האָט ער, נתן חיים, זי צוגערעדט זי זאָל אויך צוריקגיין צו דער אַרבעט. מילא, אים האָט דער באָס אַרויסגעוואָרפֿן, אָבער זי, אַ שטילע און גוטע אָפּערייטאָרין, וועט ער דאָך זי צוריקנעמען מיט אָפֿענע אָרעמס. האָט זי אים ענדלעך גע־פֿאָלגט און איז צוריקגעגאַנגען.

איצט, אַז ער איז געבליבן בלויז איינער אויסערן שאַפּ, נתן חיים, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן וואָס ווייטער? די שוועסטער, מילכּה ברײַנדל, זי קוועלט אָן. איצט וועט ער איינזען, דער עקשן, אַז זי איז גערעכט. רבקהלע, דעם האָקסטערס מיידל חלשט דאָך און אַכט הונדערט טאָלער נדן איז גרייט. זאָל ער נאָר זאָגן איין וואָרט, איז שבת נאָך שבועות מיט מזל די חתונה, מ'שטעלט אים אַריין אין אַ קלינינג־סטאָר און ער האָט אַ ברויט מיט אַ מע־סער! האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, דער עקשן: נאָר שאַפּ, האָט ער שוין איצט אַ שאַפּ!

נאָר מילא, וואָס אַלץ מילכּה ברײַנדל זאָגט, אָבער ווו נעמט ער אויף הוצאות קריק קיין ניו־יאָרק? מילכּה ברײַנדל? אפשר האָבן זיי עטלעכע דאָ־לער אין „בענק״, שטייט אים אָבער נישט אָן ביי זיי צו באָרגן. זיצן אין קאַנזאַס־סיטי און גאָרנישט טאָן, קען ער דאָך אויך נישט. האָט ער זיך דע־צידירט. דער הער פֿרידענטהאַל האָט אים טאַקע אַרויסגעוואָרפֿן פֿון שאַפּ,

ער האָט אָבער צוליב דעם נישט אויפגעהערט צו זיין אַ פיינער מענטש. יעדער באָס וואָלט געטאָן ס׳אייגענע. אַ מענטש נעמט אים אַריין צו דער אַרבעט, קומט ער, נאָך צוויי וואָכן דאַרט אַרבעטן און אָרגאַניזירט אַ סטרייק! האָט ער אים געזאָלט פאַר דעם געבן אַ קוש אין קעפל?

האָט ער זיך אונטערגעשטעלט נתן חיים און איז אַרויף פרווון. וואָס קען ער דאָ איינשטעלן? מיט אָפּזאָגן אים, וועט בלויז דער הער פרידענטהאָל פאַרלירן. שטאָט אַ פיינער מענטש, וועט ער זיך אַרויסווייזן צו זיין אַ פשוטער געלט־גיריקער באָס.

— וואָס זאָגען די הערשאַפטן? האָט מיסטער פרידענטהאָל, דערזעענדיק ווידער ביי זיך אין אָפיס, „דיזען פּאָלנישען קערל״, אויסגעטאָן די צוויקער־ברילן און אים אָנגעקוקט שאַרף אין די אויגן אַריין. דער פּאָלנישער קערל האָט אים פאַראינטערעסירט. „וואָס? האָט ער געטראַכט, די אָסט יודען האָבען קיינע שאַנדע?״

— הער פרידענטהאָל, האָט נתן חיים זיך געווענדט צו אים פּראָסט און פשוט, — איך האָב פאַרשפּילט, נישט ווייל איך בין אומגערעכט, נאָר ווייל אייערע אַרבעטער זענען שוואַכער פון אייך. זיי פאַרדינען ביי אייך אַזוי ווייניק, קענען זיי לאַנג קיין סטרייק ביי אייך נישט אויסהאַלטן, דערצו נאָך אָן אַ יוניאָן, וואָס זאָל זיי שטיצן. נו, בין איך דער אַרויסגעוואָרפענער. וואָס בלייבט מיר איצט צו טאָן? אין צווייטן שאָפּ וועט מען שוין מיר קיין אַרבעט נישט געבן, איר האָט דאָך אַ שוואַרצע ליסטע, מוז איך אַוועקפאָרן, האָב איך נישט אויף קיין באַן־בילעט.

— סאָ? וואָס וואָלען זי?

— איך פאַרלאַנג איר זאָלט מיך לאָזן אַרבעטן דריי אָדער פיר וואָכן. אַנדערש קען איך פון קאַנזאַס־סיטי נישט אַוועקפאָרן.

ער האָט געשוויגן דער הער פרידענטהאָל, געפּויקט מיט די צוויקער־ברילן אין טיש און געשוויגן, ערשט נאָך אַ היפּשער ווייל אַזוי שווייגן האָט ער אַ דריק געטאָן דאָס קנעפּל אין שאָפּ אַריין. דער פאָרמאַן איז אַריינגעקומען, דערזעענדיק נתן חיימען האָט ער אויפגעריסן אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן צום באַלעבאָס.

— הער בלאָט, לאָסען זי דיזען מאַן אַרבייטען איין מאָנאַט, געגעבן דעם באַפעל צום פאָרמאַן, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צו נתן חיימען, — יאָ, הער פיינזילבער, זי זינדען איין בראַווער מאַן.

# קאַפּיטל נײַנצן

איז ער שוין צוריק אין ניו־יאָרק, נתן חיים, און ווידער דאַרף ער אַ צימער צום וווינען, ווידער — אַ פּלאַץ צו דער אַרבעט. מילא, אַ צימער האָט ער זיך געפונען דורך אַ ייִדישער צייטונג, ערגעץ אויף דער פערטער סטריט, אין סאַמע ייִדישן „דאַון טאַון". אמת, אויך אין דעם אַלקערל איז אים נישט געווען צו ליכטיק און אויך דאָ איז אים אין פענצטער געשטאַנען אַ סלופּ פאַרצויגן מיט שטריק פול מיט צעהאַנגענע וועש צום טרי־קענען. פון דאַנעט אָבער איז אים נאָענט צו דער אַרבעט, צו די ייִדישע רעסטאָראַנען און פאַר נאַכט, נאָכן עסן, דאַרף ער זיך נישט אַנפאָרן אין די סאָבווייס אַרויף, ערגעץ אין די בראָנקס, נאָר שפּאַצירט זיך אויף און אָפּ איבער די ברייטע טראָטואַרן פון „סעקאָנד עוועניו", פאַרבײַ די ייִדי־שע טעאַטערן מיט זייערע ריזיקע שילדן, וואָס אַלע בליצן זיי און בלענדן מיט טויזנטער צעצונדענע עלעקטרישע לעמפּלעך, לײַכטן מיט די נעמען פון ייִדישע שוישפּילער, ייִדישע טעאַטער־שטיק.

דערפאַר אָבער איז אים געווען שווערלעך, נתן חיימען, דאָס צוריק אַרויפקריגן זיך אין זײַן פריִערדיקן שאַפּ פון „מיטשל ענד סאַנס", ווו דער פאָרמאַן איז דער גאַנצער באַלעבאָס דאָרט און ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט: „ניין און ניין, ער וויל נישט קיין יחסנים! מיט אַ באַלמעלאָכע וויל ער קענען רעדן ,פליין טאָק', אַ מאָל אים אויך אַריבערפאָרן ווי ס'געהער צו זײַן. מיט דעם וואָרשעווער גייט ער ווי אויף גלאָז, מוז זיך היטן מיט אַ וואָרט. „אַ קלייניקייט? אַ פרײַנד פון אַלע יוניאָן פּרעזידענטן!" האָט עס אים אָבער נישט געהאָלפן, דעם פאָרמאַן. פּונקט ווי ער האָט געזאָגט: „נאָ סער"! אַזוי האָט געללער פון דער יוניאָן געזאָגט: „יעס סער"! און ער איז צוריק אַרויף אין שאַפּ פון מיטשעל ענד סאַנס".

אַז ער האָט זיך שוין געהאַט צוריק אײַנגעהיימישט מיט די „שאַפּ ברידער", נתן חיים, האָט ער אויף ס'נײַ גענומען אָנקניפּן די פריִערדיקע קאָנטשאַפּטן זײַנע. ווידער איז ער שבת אין האַלבן טאָג, באַלד נאָך דער אַר־בעט, געגאַנגען „גוט שבת" ביטן, אַ מאָל אין אָפיס פון איין יוניאָן, אַ מאָל אין אַ צווייטער. זאָגן אַז מ'האָט אים דאָרט אויפגעהערט גערן צו זען, וואָלט זײַן נישט אמת. מ'האָט אים ווידער דאָרט אויפגענומען ווי אַן אייגענעם,

אָט ווי פריִער, פאַר זיין אַוועקפאָרן און אַלע האָבן זיי אים אויסגעפרעגט ווי עס איז אים דאָרט דערגאַנגען אין דעם קאַנזאַס־סיטי, אים געמאַכט קאָמפּלימענטן פאַר זיין פּרוּוון דאָרט גרינדן אַ יוניאָן און דאָך האָבן זיי אים געפרעגט: „פאַר וואָס אַזאַ גיך קריק קומען?"

אָט דער „פאַר וואָס אַזאַ גיך קריק קומען?" האָט אין נתן חיימען גע־וועקט אַ פאַרדאַכט אַז די נאָענטקייט צווישן אים און די יוניאָן־הויפּטן, ווערט היפּשלעך אָפּגעקילט, כאָטש אַז מען וויל, האָט עס אים גאָרנישט געאַרט אויך. זיין אַרויפקומען אין די אָפיסעס, איז שוין פון פריִער נישט געווען מער צוליב די באַאַמטע דאָרט נאָר גאָר צוליב די מיידלעך, בפרט אין דער אינטערנייִשאַנאַל, ווו ער איז דער עיקר געקומען צוליב דער מיס גרין.

די ביטריס גרין האָט אים פאַראינטריגירט נישט בלויז מיט איר אָרי־גינעלער שיינקייט, נאָר אויך מיט איר קענען רעדן מיט אים אַזאַ שיינעם ייִדיש און נאָך מיט אַזאַ סאַמעט־ווייך קול. ערשט איר געלערנטקייט! און נישט נאָר זי אים, אויך ער — איר האָט שטאַרק אימפּאָנירט. אַ שטאָלט־נער בחור אין די פריִע צוואַנציקער, מיט אַ קאָפּ צעכוואַליעטע, טונקל־ברוינע האָר, וואָס צוויי לאָקן פון זיי פאַלן אים שטענדיק איבערן שטערן און, ווי זי הערט, דערוואַרט מען ער זאָל גאָר הויך שטייגן אין דער יונ־יאָן־באַוועגונג אין אַמעריקע.

האָט זי זיך דאָס אַזוי פאַראינטערעסירט אין אים, בפרט איצט, נאָך זיין צוריק קומען פון אַזוי ווייט ווועסט! און זי האָט אים נישט געפרעגט פאַר וואָס אַזאַ גיך צוריק קומען נאָר פאַרקערט, פאַר וואָס איז ער דאָרט אַזוי לאַנג געזעסן? „שיִער צוויי מאָנאַט", האָט זי שעמעוודיק געמאַכט אים אַ פאַרוואורף.

איר חנעוודיק שטילער פאַרוואורף האָט אים שטאַרק געהייטערט, נתן חיימען, אָבער גיי דערקלער איר די סיבה, אַז די מיידלעך אַרום זענען הויל געהער. האָט ער זייטיקלעך געטאָן איר אַ גלעט אין הענטל און שטיל איר איינגערוימט: קומענדיקן שבת וועט ער וואַרטן אויף איר ביים איינ־גאַנג אין „טשיילדס־רעסטאָראַן", דאָרט וועט ער איר אַלץ אויפקלערן.

שטייט ער דאָס, נתן חיים, אויפן בריקל פון דעם רעסטאָראַן, וואָס אויף פערצנטע גאַס און יוניאָן־סקווער. ס'איז אָנהייב יולי, אַ זוניק־בלענ־דנדיקער שבת אין האַלבן טאָג. קעגנאיבער, אין פאַרקל, שטייט עפּעס אַ מענטשל אַרויסגעהויבן איבער אַן עולם און רעדט און מאַכט מיט די הענט און דאָס קרענצל אַרום אים פאַטשט בראַוואָ און אָט גאָר ברעכן זיי אויס אין אַ געלעכטער און דאָס — אין מיטן דעם גערויש און געפּאָר פון

„טראַליס" און קאַרס, טראַקלעך און מילכװעגעלעך געשפּאַנט צו פערד, דערצו — אַזאַ געװימל פון מענטשן איבער די טראָטואַרן און אַלע אײַלן זיי, שטופּן זיך קװילנװײַז אין די זומערדיק־צעעפנטע טירן פון קראָמען, רעסטאָראַנען און כװאַליעסװײַז — אַרײַן אין די דעפּאַרטאַמענט־סטאָרס פון קלײנס און אױערבאַכס.

אַן אומגעדולדיקער איז נתן חיים געשטאַנען אױף דער טרעפּ, געקוקט צום זײגער, װאָס הױך דאָרט איבער דער „עדיסאָן־בילדינג" און באַלד װי־דער גענישטערט מיט די אױגן אַריבער דעם מענטשן־געװימל, אַהין צום אָפּיס פון דער אינטערנײשאַנאַל, װאָס אין הױכן געבײ, אױף ראָג זעכצנטע און יוניאָן סקװער. איז גײ רעכט זיך אַז די ערנסטע, שעמעװדיקע מיס גרין, װעט זיך גאָר זײטיקלעך דורכשלײכן דעם מענטשן־געװימל, אַרױפֿ־קומען אױף דער טרעפּ, קוקן אױף אים און, װען ער האָט זי דערזען, זיך צעלאַכט איבער זײַן אומרו, װאָס ער זעט זי נישט אַזױ גיך.

— עקסיוז מי, (זאָל ער איר אַנטשולדיקן) האָבן אירע שװאַרצע, תּמימותדיקע אױגן אַזױ שולדיק געשמײכלט, — זי איז פאַרהאַלטן גע־װאָרן אין פּרעזידענטס אָפּיס בײם נעמען „דיקטײשאַן". האָט ער שױן געגעסן „לאַנטש"?

„אַ זיס, חנעװדיק קינד", האָט ער געטראַכט, נתן חיים. „גײ, זײ בײז אױף אַזאַ װוּנדערלעך מײדל", האָט ער מיטגעשמײכלט און האַלב ערנסט זי צוריקגעפרעגט:

— װאָלט זי געגעסן אַלײן, װען זי װײסט אַז ער האָט זיך פאַרשפּע־טיקט?

— אָ, ער איז אַזאַ גוטער, האָט זי אַזױ קעציש אַװעקגעלײגט דעם קאָפּ אױף זײַן ברוסט, געקוקט אַרױף צו אים און, אַז איר בליק האָט זיך באַגעגנט מיט זײַנעם, האָט זי נאָך צוגעגעבן: — און אַ דזשענטעלמען אױך.

זײ האָבן זיך דורכגעדרײט די דרײטיר אַרײַן צו „טשײלדס". דער הױפּטקעלנער האָט זיך פאַרנײגט, זײ צוגעפירט צו אַ געגרײט טישל. אַ קעלנערין אין גרינעם אוניפאָרם מיט אַ װײַס טשיפּיקל אױפן קאָפּ און אַ װײַס פאַרטעכל אַרום דער טאַליע, האָט אַװעקגעלײגט צװײ שפּײַזקאַרטן און מיט אַ בלײַפעדער אין דער רעכטער האַנט, אַ נאָטיץ ביכל אין דער לינקער איז זי געבליבן שטײן גרײט צו פאַרשרײַבן זײער באַשטעל.

די מיס גרין, לױפנדיק מיטן בליק איבער דער „מעניו", האָט אים שטיל געפרעגט:

— װאָס װיל ער עסן?

— וואָס זי וועט באַשטעלן.

די ביטריס האָט אַוועקגענומען דעם בליק פון דער שפייזקאַרט און, אַ פאַרחידושטע, אַ קוק געטאָן צו אים, אַריבערן טישל:

— ער עסט אַלץ? אויך קראַבס? אויך אויסטערס?

— חלילה, האָט זיך נתן חיים אָפּגעשאָקלט: „שרצים״?

— וואָס מיינט שרצים?

דאָס טאַקע, וואָס זי האָט אויסגערעכנט, די גליטשיקע ים־באַשע־פענישלעך.

— און וואָס וועגן בייקאָן נ׳עגס?

— וואָס? חזיר? חלילה!

זי האָט געשמייכלט, אים אַ פּעטשל געטאָן אין האַנט, וואָס אויפן טישל:

— געננוי ווי איר „דאַד״, אָבער אַ ספּרינג־סאַלאַד?

— זי מיינט דעם ווייסן קעז מיט גרינסן? דאָס, אַוודאי.

אַז די קעלנערין איז אַוועק ברענגען דעם באַשטעל, האָט די מיס גרין, קוקנדיק אויף אים מיט אירע ווייכע, תמימותדיקע אויגן, אַרויפגעלייגט איר קליין מיידלש הענטל אויף זיין מענערהאַנט:

— פיינזילבער, איך האָב פאַר אייך אַ סורפּריז.

— פאַר מיר אַ סורפּריז? האָט ער פאַרחידושט געהויבן די אַקסלען. — וואָס אַזוינס?

— מיין פאָטער גלייכט אייער סקיצע. ער וויל זיך באַקענען מיט אייך. וויל ער פיליכט היינט אָונט קומען מיט איר צו זיי אַהיים?

— וואָס? זי האָט געגעבן איר פאָטער צו לייענען זיין דערציילונג? האָט ער, נתן חיים, אַנגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן.

— ער האָט דען דאָס נישט געוואָלט? האָט די ביטריס מיטן ביסן אין מויל, אַ דערשראָקענע אים צוריקגעפרעגט.

ער האָט געשוויגן, נתן חיים. אויך ער איז געבליבן מיטן ביסן אין מויל. ווי אים האָט געשמייכלט צו הערן אַז זיין ערשטע דערציילונג אין אַמעריקע, וואָס יאַנאָווסקי האָט זי געלאָזט אָפּדרוקן אין דער „געדעכטי־קייט״, נעמט אויס, איז אים דאָך עפּעס נישט געווען צום האַרץ, וואָס איר פאָטער האָט זי געלייענט, כאָטש זי האָט דאָך אים געזאָגט אַז ליידער קען זי אַליין נישט לייענען קיין יידיש. אַ קעפּל אין אַ צייטונג קען זי נאָך איבערלייענען, אָבער אַ דערציילונג? ליידער נישט.

ווען די דערציילונג איז דערשינען, האָט ער געחלשט זי איר צו ווייזן, געוואָלט זי זאָל עמעצן געבן די זאַך זי פאַר איר איבערצולייענען

און דאָך זי איר נישט באַלד געגעבן צוליב דער מורא, טאָמער כאַפּט זי זיך אַז ער האָט דאָ זי געשילדערט, כאָטש ער האָט פאַרביטן דעם נאָמען, שטאָט ביטריס גרין, הייסט גאָר די העלדין: בעטי גאָלד. איז אָבער דער דראַנג ביי אים מיט עפּעס זיך אַרויסצוהייבן פאַר דער מיס גרין געווען שטאַרקער און ער האָט די דערציילונג איר יאָ געוויזן. זי האָט געקוקט אויף דעם בלאַט און נישט געכאַפּט זיך וואָס ער ווייזט איר דאָ. ערשט אַז זי האָט דערזען זיין נאָמען, האָבן אירע אויגן אויפגעשײַנט און די גרויסע שוואַרצאַפּלען אין זיי האָבן געטאָן אַ בליאַסק אויף אים מיט קינדישער פרייד:

— פיינזילבער! איר שרייבט טאַקע?

ער איז געווען אין די הימלען, נתן חיים, געווען גליקלעך, וואָס זי ליינט צונויף דאָס בלאַט און באַהאַלט עס אין איר האַנטבייטל. זאָל אים געווען איינפאַלן אַז זי וועט דאָס געבן איר פאָטער צו לייענען? פאַרשטייט ער דאָס איצט פאַר וואָס מען וויל ער זאָל אַהינקומען, מ׳וויל אים, הייסט עס, באַשויען. און דאָס איז אים נישט צום האַרץ, נתן חיימען. אַז עלטערן ווילן זייער טאָכטער זאָל פאַרבעטן אַהיים דעם בחור, וואָס מיט אים טרעפט זי זיך, ווערט דאָס אַן ערנסטער ענין און אויף דעם איז ער נישט גרייט. אמת, עס שמייכלט אים זייער שטאַרק דאָס טרעפן זיך מיט דער מיס גרין, אָבער אים פאַלט אַפילו נישט איין אַז פון דעם טרעפן זיך זאָל עפּעס ווערן. ווי קומט ער צו איר? אמת, אין וואַרשע, צווישן זיינע באַקאַנטע זענען געווען געלערנטע מיידלעך, טייל פון זיי — גימנאַזיסטקעס און, צו וואָס לייקענען? מ׳האַלט אים נישט פאַר קיין פּראָסטן, אָבער אין קיין שקאָלעס איז ער דאָך נישט געגאַנגען, איז ווי קומט ער צו איר? אַ סטודענט־מעדיצין! אַפילו איצט, נאָך איידער וואָס און ווען, איז ער שוין נישט ער. מיט אַנדערע מיידלעך איז ער באַרעדעוודיק, פלירטעוועט מיט זיי, קען וועלכע אַרומנעמען און, אַזוי שפּילעוודיק, איר אַ קוש טאָן אויף די ליפּן. מיט איר אָבער, דער מיס גרין, איז ער געהאַמעוועט, ווערט און מעסט יעדערס וואָרט זיינס און נאָר עס דאַכט זיך אים אַז זיינע רייד זענען באַנאַל, גאָרנישט מיינענדיק פאַר אַ סטודענט־מעדיצין״.

„נתן חיימל״, איז אים, אין מיטן די טראַכטענישן, אַנגעלאָפן אַ געדאַנק: „נאָר דיין נישט־געלערנטקייט איז די סיבה? און ווו איז עלקעלע?״

אין דער אַנגעשטאַנענער שטילקייט, אין מיטן עסן, האָט די מיס גרין אַזוי זייטיקלעך אָפּגעפרעגט דעם קאַוואַליער אירן. זי זעט אַז איר פאַרלייגן אים, ער זאָל אין אָוונט קומען מיט איר צו זיי אַהיים, זיך באַקענען מיט אירע עלטערן, האָט אים געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט, האָט

זי, אַזוי ווייבעריש־קלוג, גיך גענומען אים אַראָפּפירן פון זיינע טראַכ־טענישן:

— ער גייט ערגעץ נאָך „לאָנטש״?

— ער? קעגן וואָס פרעגט זי? האָט ער מיטן ביסן אין מויל זי צו־ריקגעפרעגט.

— זי טראַכט, אין אַזאַ הערלעכן טאָג, וואָלט גוט געווען ווען ער פאָרט מיט איר אין פּראָספּעקט פּאַרק שפּילן טעניס.

— טעניס? האָט ער געהויבן די אַקסלען, נתן חיים. — ווי קומט ער צו טעניס? ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז ער נאָך געווען אַ יונג ייִנגל. טאָג און נאַכט איז ער אַרומגעלאָפן איבער וואַרשע זוכן אַ קאַר־טאָפל, אַ שטיקל ברויט פאַר די ייִנגערע שוועסטערלעך, פאַר דער קראַנ־קער מאַמע, פאַרן פון הונגער געשוואָלענעם טאַטן, איז אים געלעגן אין קאָפּ טעניס?

נתן חיימס אַמאָליקע דאָליע האָט זי, די מיס גרין, גאָר צערודערט. אירע פּייכט געוואָרענע אויגן האָבן מיט באַדויער געקוקט אויף אים, די ליפּן זענען איר געווען איינגעשוויגן, פאַרשלאָסן, נאָך דער דמיון אירער האָט געפיבערט: „ווי דום זי איז! מר׳ פיינזילבער קומט פון פּוילן. אַמע־ריקאַנער באַיעס זענען דאָך געפאָרן קיין יוראָפּ „פייטן״ די דייטשן, ווי האָט זי דאָס געקענט פאַרגעסן״?״ זי האָט אַרויסגעלייגט גאָפּל־מעסער פון די הענט, אָפּגערוקט פון זיך דעם טעלער און, ווי פריִער — פון דעם פאַרלייגן אים צו קומען צו זיי, אַזוי האָט זי איצט גענומען אים אַראָפּ־פירן פון דעם געדאַנק צו שפּילן טעניס.

— אָבער פאָרן אויף אַ שיפל, פיינזילבער? האָט זי פרעגנדיק, אים אַ גלעט געטאָן איבער דער האַנט, — ער קען דאָך זיכער פירן אַ שיפל?

— צי ער קען פירן אַ שיפל? האָט נתן חיים גאָר אויפגעלעבט. — ער פלעגט פירן אַ שיפל אַפילו אויף דער ווייסל.

— איז גוט, פאָרן זיי אין פּראָספּעקט פּאַרק זיך שיפלען אויפן „לייק״.

# קאַפּיטל צוואַנציק

די „סאַבוויי" קיין ברוקלין איז אַנגעלאָפן פון „אַפּטאון" צו דער פער־צנטער סטריט אַ פול־געפּאַקטע מיט מענער און פרויען אַז קיין שטרויעלע האָט שוין, דאַכט זיך, נישט געקענט מער אַריין. אָבער ווי נאָר די טירן פון די וואַגאָנעס האָבן זיך געעפנט, איז דער מענטשן־געקנויל פון דער סטאַציע דאָ, באַפאַלן די פאַנאַנדערגערוקטע טירן מיט אַזאַ ווילד געשטור־פּעריי אַז כאָטש ער, נתן חיים, מיט דער מיס גרין האָבן זיך געריסן צוריק אַרויס פון דעם געדראַנג, זענען זיי דאָך, קעגן זייער ווילן, מיט־געטראָגן געוואָרן אין וואַגאָן אַריין ווי שפּענדלעך ווערן מיטגעשלעפּט אין אַן אַנגעלאָפן געוויטער.

אָפּגעמאַטערט, סאָפּענדיק זענען זיי ביידע געשטאַנען אַרייַנגעקוועטשט צווישן אַ געזעמל מענטשן, פאַרשוויצטע, פרייכענדיקע ווי זיי און, ווי וויל איבער די קעפּ האָבן, פון סופיט אַראָפּ, זיך געדרייט קילפעכערס, האָט דאָך פון יעדן גערונען דער שוויס פון די שטערנס, פון די פּנימער און נישט נתן חיים און נישט די ביטריס גרין האָבן נישט געקענט אַרויסהייבן אַ האַנט פון דער צונויפגעדריקטקייט, צו קענען אָוועקווישן דעם זאַלציקן שוויס, וואָס איז זיי גערונען אַראָפּ אויף די העלדזער, אַריין דורכן אויסגעווייקטן אַנטועכץ, אויף די שוין פון פריער נאַסע לייבער אַרויף. ערשט נאָכן האָבן אָפּגעפאָרן עטלעכע סטאַציעס, אַז עס איז געוואָרן אַ ביסל גרוימער אין וואַגאָן, האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פרייגע־וואָרן בענקל, אָפּגעאָטעמט און ער, נתן חיים, האָט געפרייכט:

— פּ־פּ־פּ אוי, ס'אַ שווער לאַנד דאָס אַמעריקע. ס'איז ערשט אָנהייב יולי און היצן שטייען שוין דאָ ערגער ווי אין פּוילן תשעה באָב צייט.

— תשעה באָב? האָט די מיס גרין געוועגדט צו אים איר אָנגעהיצט, נאַס געזיכט, — וואָסער יום־טוב איז תשעה באָב?

נתן חיים האָט געקוקט חידושדיק אין אירע גרויסע, תמימותדיק־פּרע־גנדיקע אויגן. ער האָט געשטוינט, וואָלט אַזוינס מעגלעך געווען אין פּוילן? אין ליטע, אין גאַליציע? אַ טאַטע אַ געוועזענער ישיבה־בחור, די טאָכטער רעדט אַזוי גוט יידיש, וווינען וווינט מען אין אַזאַ ייִדישן געגנט און דאָס מיידל ווייסט נישט וואָס תשעה באָב איז!

— דאָס איז נישט קיין יום־טוב, מיס גרין. דאָס איז אַ טרויער־טאָג. ייִדן קלאָגן דעם טאָג אויף חורבן בית המקדש.

— אָ, ער מיינט ווען דזשערוזאלעם איז געפאַלן און דער טעמפּל איז צעשטערט געוואָרן? „שור, אָפקאָרז", זי האָט געלייענט וועגן דעם אין „היסטאָרי בוקס".

— יאָ, מיס גרין, צוליבן פאַלן פון ירושלים און חרוב ווערן פון בית המקדש זענען די ייִדן פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד און ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ טרויער־טאָג, תשעה באָב. דאָס מיינט דער ניינטער טאָג אין ייִדישן חודש אָב, וואָס פאַלט אויס צווישן סוף יולי און אָנהייב אויגוסט. שוין פאַר נאַכט, ערב דעם טאָג, גייען ייִדן אין די שולן, קערן איבער די בענק, נעמען אַראָפּ דאָס פּרוכת, דעם פורהאַנג, הייסט עס, פון אָרון קודש, דאָרט וווּ עס שטייט די תּורה, דאַן טוען זיי אויס די שיך פון די פיס און, אין די בלויזע זאָקן זעצן זיך אַלע אויף די איבערגעקערטע בענק און מיט טרויער אין קול הייבט מען אָן זאָגן קינות, דאָס מיינט קלאָג־לידער אויף דעם גרויסן חורבן און דורך דעם גאַנצן מעת לעת, פון דעם פאַרנאַכט, ביז צומאָרגנס אין אָוונט, פאַסט מען. ווייסט זי גאָרנישט וועגן דעם?

דורך דער גאַנצער צייט פון זיין דערקלערן איר, האָט זי געקוקט אויף אים מיט קינדיש אויפגעריסענע אויגן, פייכט געוואָרענע פון טיפער איבערלעבעניש און אַז ער האָט געענדיקט, האָט זי מיט ליבשאַפט אים גענומען גלעטן די האַנט:

— אָ, פיינזילבער, „יו אר גרעיט" (ער איז וווּנדערלעך) ער ווייסט אַזוי פיל, זי וועט קענען לערנען פון אים זייער אַ סך!

אַ גערירטער פון איר קינדישער תּמימות, האָט ער זי לייכט אַרומגענומען, צוגעצויגן זי נענטער צו זיך:

— לערנען פון אים? האָט ער שמייכלענדיק געהויבן די אַקסלען. וואָס אומשטיינסגעזאָגט ווייסט ער? ער — פון איר, קען לערנען פיל, פיל מער ווי זי פון אים.

— לערנען פון איר? האָבן אירע אויגן אויפגעלויכטן מיט פרייד, — אַפילו שוין היינט אָוונט. זי וועט אים לערנען ענגליש, מאַט, וואָס נאָר ער וועט וועלן.

די באַן איז געהאַט אַרויס פון טונעל. סנאַפּעס זונליכט האָבן געפלייצט דורך די האַלבגעעפנטע וואַגאָנפענצטער. ביטריס האָט זיך אויפגעשטעלט, גענומען זיין האַנט:

— פיינזילבער, דאָ שטייגן מיר אויס.

זײ זענען אַראָפּ די שטיגן, אַרויס אויף דער גאַס. אַ קיל ווינטל האָט דאָ געבלאָזן, אַנגעטראָגן דעם ריח פֿון בעז, פֿון עפּלבליִעכץ. די מײפּל־ביימער אין בײדע זײטן וועג האָבן געשפּרייט קילע שאָטנס איבער די טראָטואַרן, ברײטע, ציכטיק־רײנע, איבער די פּיל קאָלירטע דעכלעך פֿון אַנצאָליקע קאַרס, וואָס זענען דאָ געפּאַרן פּאַוואָליע, נישט געאײַלט, ווי מ׳פֿאָרט אויף אַ נאָכמיטאָג־שפּאַציר.

— אָ, דאָ איז הערלעך, האָט נתן חיים אַ זאָג געטאָן און אַרײַנגעזאַפּט מיט די נאָזלעכער די רײנע, שמעקנדיקע לופֿט, דערבײַ האָט ער מיט אַנטציקונג געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זײַטן: — יאָ, דאָ איז הערלעך און אַזוי שמעקנדיק־קיל.

אין פּאַרק, בײַם לײַק, איז איצט נאָך קילער, האָט אים די מיס גרין פֿאַרזיכערט און, אַזוי נישט דרייסט אים געפֿרעגט: — וועט ער נישט האָבן קעגן, אויב זי וועט פֿאַרן שפּילן זיך מיט אים, אַרײַנכאַפּן אַ שטונדע טעניס? בלויז איין שטונדע. ער פֿאַרשטייט, אַ גאַנצע וואָך — אין אָפּיס. די אָוונטן — אין אוניווערסיטעט, בלײַבט איר נאָר איין שבת און זונטיק אויף אַ ביסל „עקסערסײַז".

ער איז געוואָרן געווירט, נתן חיים. זי פֿרעגט אים צי זי מעג שפּילן אַ ביסל טעניס!

— מיט פֿאַרגעניגן! פֿאַר וואָס זאָל ער האָבן קעגן דעם? ער פֿאַרשטייט בלויז נישט, ווי קען זי שפּילן טעניס אַז זי האָט נישט קיין ראַקעט, קיין באַלעמלעך און, האָט ער נישט דרייסט צוגעגעבן: — אויך נישט קיין פּאַרטנער. זי ווייסט דאָך שוין אַז ער קען, לײדער, נישט שפּילן.

זי האָט געשמייכלט די מיס גרין: „ער איז אַזאַ גרינער"! — מ׳מוז נישט ברענגען מיט זיך קיין ראַקעט, קיין „באַלס". יעדער „מעמבער" פֿון טעניס־קלוב האָט דאָ אַן אָפּגעשלאָסן שענקעלע צו האַלטן דאָס ספּאָרט־אָנטועכץ און אַלץ וואָס מען דאַרף צום שפּילן. און, אַ פּאַרטנער? האָט זי פֿאַרשולדיקט געשמייכלט, — זי מוז צוגעבן אַז זי איז נאַריש. זי האָט געמיינט אַז די „באָיס" אין „יוראָפּ" שפּילן טעניס ווי די „באָיס" אין אַמעריקע. אָבער אַ פּאַרטנער איז נישט קיין פּראָבלעם. זי האָט דאָ פֿרײַנד, באַקאַנטע, זי וועט שוין געפֿינען אַ פּאַרטנער.

זײ זענען אַרײַן אין פּאַרק, צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, הויך אַרומגעצוימט מיט דראָט־געפֿלאָכטענע ווענט. אינווייניק איז דער פּלאַץ געווען צעטיילט אין שמאָלע פּאַסן, אָפּגעצייכנטע מיט ווייסע ליניעס און פּאַרלעך, יונגע און נישט אַזעלכע יונגע, אַלע פּאַרטאָענע, פּאַרהאָוועטע, זענען געשטאַנען איינע קעגן אַנדערן און מיט שיין־געפֿלאָכטענע לאָפּעטקעלעך

געקלאַפּט באַלעמלעך הין און צוריק איבער די פּאַרצויגענע שאַטקע־באַר־יערן, הויך נאָר ביזן גאַרטל און צעשטעלט פונקט אין מיטן פון די צוויי שפּילער.

נאָך פאַרן צוקומען נאָענט צו דעם הויך־אַרומגעצוימטן „טעניס־קאָורט״, איז ער, נתן חיים, שוין געווען פאַרגאַפט און פאַרכאַפּט פון די שפּילערס געשיקטקייט, פון זייער פלינקן לויף און שפּרונג דעם באַלעמל אַנטקעגן, נישט צום לאָזן עס אַראָפּפאַלן אין זיין זייט, נאָר שוין עס צוריק־קלאַפּן אין פּאַרטנערס זייט אַריין. און נישט בלויז זייער פלינקייט, אויך דאָס ריטמישע געקלאַפּ פון צענדליקער לאָפּעטקעס אין די פליִענדיקע באַ־לעמלעך האָט אַזוי זיס געלאַשטשעט זיין געהער, אַזוי פריידיק געהייטערט זיין געמיט.

— אָט דאָ איז עס, האָט די ביטריס אים אַרויסגענומען פון זיין גאַפן, פון זיין לויפן מיט די אויגן הין און צוריק מיט די באַלעמלעכס געפלי. — נאָר איין שטונדע, פיינזילבער, האָט זי אַזוי קינדיש־פאַרשולדיקט אַרויפ־געלייגט איר שיין הענטל אויף זיין אַקסל, — נאָר איין שטונדע, קומט זי גלייך אַרויס און זיי גייען זיך שפּילען. גוט, פיינזילבער?

זי דאַרף זיך נישט פילן שולדיק, האָט ער זי באַרויִקט, גלעטנדיק איר צאַרט הענטל. זי קען שפּילן אַפילו צוויי שעה, ער וועט דאָ וואַרטן אויף איר.

— „טהענקס, פיינזילבער, יו׳ר עי דאַרלינג״ און שוין, ווי אַ פריי־געלאָזענער פויגל האָט זי געטאָן אַ שוועב אַריין אין דעם „טעניס־קאָורט״, אַהין צום אָפּיס געביי.

מיט ליבשאַפט און מיט קינאה, האָט נתן חיימס בליק זי באַגלייט אין דעם אָפּיס אַריין. ערשט דאַן האָט ער אויסגעטאָן דאָס רעקל, זיך אַוועקגע־זעצט אויף אַ באַנק, צוגלייך מיט די פיל מענטשן אַרום און שוין האָט ער צוריק אָנגעהאָנגען דעם בליק, דורך דער דראָט־געפלאָכטענער וואַנט, אויף די יונגע, פאַרהאַוועטע שפּילער, אַלע אַזוי לייכט־ספּאָרטיק, אַלע אַזוי זאָרגלאָז־פאַרטאָן אין דעם שפּיל. נאָר אָנשטאָט ווי פריִער — געהייטערט, איז איצט זיין געמיט געוואָרן טריב און די קינאה — רוגזהדיק: „מיט וואָס איז ער, נתן חיים, ערגער פון די בחורים, פון די מיידלעך, אַפילו פון דער מיס גרין? פאַר וואָס האָבן זיי געהאַט די זכיה צו גיין אין שקאָלעס, טייל פון זיי אַפילו אין הויכשולן, אין אוניווערסיטעטן און ער? אַזאַ וויסטע דאָליע, אַזוי פיל פאַרשעמונג און יסורים דורך זיין גאַנץ, יונג לעבן״.

אין מיטן דער פאַרטראַכטקייט, האָט זיין בליק אַוועקגעוואַנדערט פון די שפּילער און איז צוריק צום בריקל פון אָפּיס־געביי. ער האָט נישט גע־

גלייבט די אייגענע אויגן, נתן חיים, דאָס איז דאָך זי, די מיס גרין! זע נאָר ווי פאַרענדערט! אַריינגעגאַנגען אַזאַ באַשיידן־אַנגעטאָן מיידל, אין אַ שוואַרצער ספּודניצע שיִער נישט ביז די קנעכלען, דאָס ווייסע בלוז־קעלע — פאַרקנעפּלט ביזן האַלדז, ביז די געלענקען פון די הענט און אַרויסגעקומען איז אַ האַלב אַנטבלויזטע ספּאָרטלערין. דער בינט שוואַרצע האָר אירע — פאַרשטעקט אונטער אַ ווייס היטעלע מיט אַ שוואַרץ גלאַנ־ציקן דאַשיק. די אָרעמס נאַקעט, דאָס ווייסע ספּאָרט בלוזקעלע — טיף דעקאָלטירט און דאָס ווייסע, געפּעלבלטע ספּודניטשקעלע איז אַזוי קורץ אַז עס פאַרדעקט נישט אַפילו די פּאַלקעס אירע, שיין־געפאַרעמטע, טונקלהויטיקע.

איז אַט שטייט זי דאָרט אויפן בריקל אין ווייכע, לייוונטענע לעטש־לעך, ווייסע וואָל־שקאַרפּעטן איבער די קנעכלען און אַ שיין געפלאָכטן לאָפּעטקעלע אין האַנט. באַלד איז איר נאָכגעקומען אַ הויכער, שטאַרק באַוואָקסענער, בלאָנדער יונג אין קורצע ספּאָרט־הייזלעך, מיט אויך אַזאַ ראַקעט אין איין האַנט און עטלעכע באַלעמלעך אין דער אַנדערער.

ביים אַראָפּגיין די צוויי טרעפּלעך צו שטעלן זיך מיט דעם פּאַרטנער איינע קעגן אַנדערן אויף דעם אַנגעצייכנטן שטח זייערן, האָט די מיס גרין אַ קוק געטאָן דורך דער דראָט־געפלאָכטענער וואַנט צו אים, נתן חיימען, — היי פּיינזילבער! האָט זי געטאָן אַ פאָך צו אים מיט דעם פאַרהויבענעם ראַקעט און שוין איז זי געוואָרן פאַרטאָן אין קלאַפּן באַלעמלעך צום בלאָנדן יונג, הין און צוריק, זי צו אים און ער צו איר.

אין אים, נתן חיימען, האָט דאָס האַרץ זיך געקוועטשעט. ביי יעדן קלאַפּ, דעם יונגס צו איר און אירן צו אים, האָט ער געפילט ווי מעסערס שניידן אים אין זיין סאָמע געביין. „אָ, נתן חיימל", האָט דער דמיון זיינער גע־נומען רעדן צו אים, „האָסט זיך געוואָלט אָפּנאַרן, נתן חיימל. זיך איינרעדן אַז זי מיינט גאָרנישט פאַר דיר, די ביטריס גרין. אַפילו איצט האָסטו גע־וואָלט מיינען אַז דאָס איז בלויז קינאה צו דעם יונג, וואָס ער קען יאָ דעם שפּיל און דו קענסט נישט. נו, איז דאָס קינאה, נתן חיימל? דאָס איז דאָך אייפערזוכט, גיפטיקע אייפערזוכט פול מיט האַס צו דעם יונגנמאַן דאָרט, פאַר זיין אַוועקנעמען פון דיר די ביטריס גרין. אָ, ווי דו האָסט זיך געוואָלט גענאַרן, זיך איינרעדן אַז דיין קומען צו דער מיס גרין איז גאָר־נישט, אַז דאָס טרייבט דיך אַהין דער עלנט דיינער אין דעם נייעם לאַנד, אַז ווי נאָר דו וועסט זיך דאָ איינבעסטן, ווערן אַרומגערינגלט מיט פריינד, מיט באַקאַנטע, וועסטו אויפהערן זיך זען מיט איר, איז אַט גאָר, יעדער לאָך אירער צו דעם יונג דאָרט — אַ שניט דיר אין דיין האַרץ. וואָלט

אפשר געווען אַ פּלאַן, נתן חיימל, זאָלסט זיך אויפהייבן און אַוועק פון איר שוין איצט, אָן אַ „גוד־באַי אַפילו?״

די שעה איז דערווייל געהאַט אַריבער און איידער ער האָט זיך אַרומ־געקוקט איז די ביטריס שוין צוריקגעווען לעבן אים. דער בינט שוואַרצע האָר אירע — ווידער פאַרלייגט אין אַ קאָקס, ווי אַ לויזער גרעק פון היינטן. דאָס ווייסע בלוזקעלע האָט מער נישט דעם טיפן דעקאָלט, נישט די נאַ־קעטע אָרעמס, וואָס האָבן אים פריִער אַזאַ רייצנדיקן בלענד געטאָן אין די אויגן און די געטאָקטע, טונקלהויטיקע ליטקעס אירע זענען ווידער פאַר־הוילן הינטער דער לאַנגער, שוואַרצער ספּודניצע.

— ווי גלייכט ער איר שפּילן? האָט זי אַזוי קאָקעטיש־שמייכלענדיק אים געפרעגט.

ווי זיין געמיט איז איצט נישט געווען צו פּראָווען אָנשטעלן, צו מאַכן איר גאָרנישט מיינענדיקע קאָמפּלימענטן, נאָר וואָס גיכער צו דערוויסן זיך עפּעס וועגן דעם בלאָנדן יונג, איז ער אַ באַקאַנטער אירס? טרעפט זי זיך אָפט מיט אים? האָט ער דאָך געשמייכלט, נתן חיים, און זי קאָמפּלימענ־טירט:

— אָ, זי שפּילט הערלעך, אַזוי געשיקט, אַזוי פלינק און גראַציעז.

— קאָם, קאָם, פיינזילבער, האָט זי זיך געחנדלט און זיך צוגעזעצט לעבן אים זייער נאָענט, — וואָס? ער וויל זי מאַכן גוט פילן? האָט ער נישט געזען וויפל באָלס זי האָט „געמיסד״? אָ, פיינזילבער, „איטס עי וואָנדערפול געים״ (ס׳איז אַ ווונדערלעך שפּיל), ער וועט זיך מוזן אויס־לערנען שפּילן טעניס און אירע אויגן, שטענדיק בליציקע, האָבן איצט גע־לויכטן מיט אַזאַ גליקפּייערל פון די שוואַרצאַפּלען אַז זי האָט נישט גע־קענט איינזיצן נאָר געטאָן זיך אַ שטעל אויף: — איצט גייט מ׳זיך שיפלען.

נתן חיים האָט איר גאָרנישט געענטפערט. ער האָט אָנגעטאָן ס׳רעקל, גענומען גיין לעבן איר אַ שטילער, אָן איינגעשוויגענער. דער דמיון זיי־נער האָט אָבער נישט געשוויגן: „וועט ער קענען ווערן אַזוי זאָרגלאָז, אַזוי גרינג אין געמיט ווי זי, ווי דאָס גאַנצע יונגוואַרג דאָ״?

— וואָס איז געשען, פיינזילבער? האָט זי אומגעדרייט דעם קאָפּ צו אים און אירע גרויסע אויגן האָבן געקוקט אויף אים אַזוי דערשראָקן — פרעגנדיק: „ווײַ סאָ מודי״? (פאַר וואָס אַזוי דערשלאָגן?).

— גאָרנישט, אַזאַ טבע האָט ער, פּלוצים פאַלט ער אַריין אין אַ שלעכ־טער שטימונג. ער מיינט זיי זאָלן אָפּלייגן דאָס שיפלען זיך אויף אַ צווייט מאָל.

די ביטריס, אַן אומרויִק געוואָרענע, האָט אים אויסגעהערט און דערבײַ, זײַטיקלעך געפּאָרשט אים מיט אירע בליקן: „איז דאָס בלויז שלעכטע שטימונג? צי גאָר אײַפערזוכט״? דאָס לעצטע האָט איר גראָד געשמייכלט און טאָקע דערפאַר וואָלט זי זייער נישט וועלן רעזיגנירן פון שפּילן זיך מיט אים, דאָך האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— אויב ער וויל אַזוי? „איטס אַ קעי וויטה הער״. (האָט זי גאָרנישט קענגן).

זיי זענען אַרויס פון פּאַרק, צוריק אַרויף אויף דער סאַבוויי־סטאַציע, אַרײַן אין דער באַן, געזעסן נאָענט איינע לעבן אַנדערן, אָבער די גאַנצע צײַט — שטילע, אײַנגעשוויגענע, צווײַ באַזונדערע וועלטן. זי, די מיס גרין, האָט זיך כּסדר געבראָכן דעם קאָפּ, געוואָלט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז אַזוי פּלוצים געשען? איז עס טאָקע אײַפערזוכט? ווי דאָס איז איר ליב, אַ סימן זי איז אים נאָענט, ער האָט זי ליב און זי וויל דאָך דאָס, האָט זי אָבער נישט געקענט פאַרשטיין — פאַר וואָס אײַפערזיכטיק? האָט זי זיך גע־האַלטן נישט קאָרעקט צו דעם יונגנמאַן, בעת זייער שפּילן טעניס?

ער אָבער, נתן חיים, האָט זיך נישט געדאַרפט ברעכן דעם קאָפּ. אים איז אַלץ געווען קלאָר. אויב שוין איצט, נאָך איידער וואָס און ווען, איז ער שוין אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַזאַ אומרו, בלויז זען זי שפּילן טעניס מיט אַ בחור, וואָס וועט זײַן שפּעטער אויב עפּעס זאָל צווישן זיי ביידע ווערן? ס׳וועט דאָך נישט העלפן, ס׳וועט דאָך זי ציִען צו די שפּילן. ס׳איז דאָך איר אײַנגעוווינט לעבן. ער — מיטהאַלטן וועט דאָך נישט קענען. וועט זי מוזן הינטער זײַנע פּלייצעס זיך טרעפן מיט אַנדערע פּאַרטנערן. איר גרייטקייט אים צו לערנען, אים אַרײַנצופירן אין איר וועלט, דאָס וועט זיך דאָך נישט אײַנגעבן. קען דען אַ מענטש זיך ענדערן? ווערן עפּעס וואָס ער איז נישט!

ווען זיי זענען אַרויס פון סאַבוויי אויף דעלענסי סטריט, איז שוין געווען אָונט. אַריבער דעם דריטן עווענױ עלעווייטעד, אויף יענער זײַט האָדסאָן, האָט נאָך דער הימלראַנד געגליט מיט רויט, געל און פּיאָלעט פּייער. דער טאָג האָט זיך נאָך דאָרט געראַנגלט, נישט געוואָלט שטאַרבן. דאָ אָבער, אויף דער זײַט דעלענסי, איז געווען אָונט, טונקל. די גאַסן־לאָמפּן האָבן געברענט און די שויפענצטער האָבן געבלענדט מיט ליכט. דאָס געפּאָר פון טראָקס און „טראַליס״, פון קאַרס און פערד און וועגן איבער דער ברייטער דעלענסי סטריט, צו און פון דער וויליאַמסבורג־בריק האָט געפּלייצט ווי כוואַליעס איבער אַ ברייטן, מעכטיקן טײַך. דאָך איז דאָס שבת־צונאַכטסטיקע געגיי פון שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך איבער די ברייטע,

ליכטיק־באַלויכטענע טראָטואַרן, געווען פּאַוואָליע, פול נאָך מיט דער שבתדיקער מנוחה.

זיי זענען אַריין אין סאָפּאָלק סטריט און געבליבן שטיין, עפּעס ווי נישט ער און נישט זי, וואָלטן נישט געהאַט דעם כּוח און אויך נישט דעם ווילן זיך צו שיידן, אָפּצורייסן זיך איינע פון אַנדערן, ביז זי האָט געטאָן אַ שטרעק אויס די האַנט:

— גוד באַי מר׳ פיינזילבער. נעקסטן שבת זעען מיר זיך דאָך אין אונדזער אָפּיס, יאָ?

נתן חיים האָט איר גאָרנישט געענטפערט, געהאַלטן איר האַנט און גע־קוקט אַרום זיך. סאָפּאָלק סטריט איז אַזוי פינצטער ווי פינצטער עס איז זיין געמיט. ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, אָבער טיף אין זיך ווייסט ער אַז — ניין, זען זיך מיט איר אין אָפּיס וועט ער שוין נישט. דאָס לעצטע מאָל איצט אַז ער האַלט איר האַנט, אַז ער זעט זי, נאָר זעט ער זי נאָך? סאָפּאָלק סטריט איז איצט איין געדיכטער שאָטן און אַ שאָטן איז שוין זי פאַר אים, ביטריס גרין.

די מיס גרין האָט גענומען גיין, נאָר ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען, געשטאַנען און געקוקט אין דער טונקל: אַ שאָטן שוועבט אַוועק פון אים, אַ שאָטן — אין דער שאָטנדיקער נאַכט אַריין.

## קאַפּיטל איינאונצוואַנציק

ווי פּאַר זיין פאָרן זען די שוועסטער, מילכּה בריינדל, אין דעם קאַנ־זאַס־סיטי, אַזוי פאַרוואָרפט אים די מאַמע איצט ווידער מיט בריוו ער זאָל, למען השם, זיך נעמען אויפזוכן דעם פעטער מאירל, וואָס האָט נעבעך פאַראומגליקט די מומע פייגע, דעם טאַטנס ייִנגסטע שוועסטער, זי איבער־געלאָזט אַן אייביקע עגונה מיט פיר לעבעדיקע יתומים.

„וואָס מיינט ער זיך דאָרט, דער באַראַנאָווער טשואיש! די וועלט איז, חלילה, הפקר? אַזאַ גאזלעוואָיע וועט אים געשענקט ווערן? ווער דען אויב נישט דו, נתן חיימשי, מיט דיין כּוח הדיבור, קען מיט מאירל באַראַנאָווער לערנען בלק?"

האָט ער געשמייכלט, נתן חיים, פון דער מאַמעס חנעוודיקע בריוולעך. אַליין קען זי נעבעך נישט חתמנען איר נאָמען, די מאַמע. דאָס דיקטירט זי דעם עלצטן זון ער זאָל פאַר איר שרייבן די דאָזיקע אייגנאַרטיקע ברי־וועלעך אירע.

וואָס אַן אמת, ס'האָט זיך אים נישט געגלוסט צו מישן אין דעם עסק. וואָס איז ער, נתן חיים, דער מומעס „שאלאטן־שמש"? ווען ער האָלט כאָטש אַז די מומע איז גערעכט, וואָלט ער געהאַט אויף וואָס צו דופען. איז אָבער די מעשה פאַרקערט. לויט אים איז די מומע בפרוש אומגערעכט! די תורה האָט געבאָטן: „אַ מאַן זאָל פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע און זיך באַהעפטן מיט זיין ווייב צו ווערן איין לײַב". האָט זי געמיינט, די מומע פייגע, אַז דער געבאָט איז נאָר פאַרן מאַן? אַ ווייב איז פּטור פון דעם? געהערט אַ מעשה? אַוועקגעשיקט דעם מאַן קיין אַמעריקע זיך וואַלגערן דאָרט אַ באָרדער ביי אַ מיסעס, אָן אַ ווייב, אָן אַן אייגן ווינקל דעם קאָפּ אַוועק־צולייגן, שוויצן אין ניו־יאָרקער שעפּער, עסן אין רעסטאָראַציעס און שיקן איר די דאָלאַרן כּדי וואָס? כּדי זי, דאָס ווייב זיינס, זאָל זיך זיצן אין פּילעוו, זיין דאָרט אַ פּאַני־שושו! באשר זי האָט זיך גענומען אַ מאַניע אין קאָפּ אַריין, אַז אין אַמעריקע האַלט מען נישט קיין ייִדישקייט און זי, די פרומע נשמה, וועט חלילה ווערן אַ מחלל שבתניצע.

ער, דער מאַן, האָט דאָך איר איין מאָל צוליב געטאָן. נאָך דריי יאָר זיין אין אַמעריקע איז ער דאָך קריקגעפאָרן צו איר קיין פּילעוו, האָט ער

זיך אויף ס'נײַ דאָרט אַרומגעדרייט שלינג און שלאַנג, נישט געהאַט וואָס צו טאָן און ווידער געדאַרפט צוזען ווי זײַנע קינדער האָבן נעבעך נישט קיין שטיקל ברויט אין מויל אַרײַן! האָט דער טאַטע ווידער צונויפגעקלאַפּט בײַ דער משפּחה אויף אַ שיפקאַרט און אים אויף ס'נײַ „אָדפּראַוועט" קיין אַמעריקע! איז וואָס האָט זי געוואָלט, די מומע פּייגע? ער זאָל פאָרן הין און צוריק? ווי דאָס וואָלט זײַן אַ יאַזדעלע פון מאָדזשיץ קיין פּילעוו? אַי ער האָט זיך נעבעך דאָ פאַרפּלאָנטערט, דער פעטער מאירל אין אַן אַנדער יִדענע? איז עס דאָך איר שולד! וואָסי, זי האָט נישט פאַרשטאַנען, די מומע פּייגע, אַז אַ מאַן קען נישט אייביק זײַן אָן אַ ווײַב? און ווען ער זאָל יאָ קענען, וועלן די ווײַבער אים לאָזן? ווייסט זי נישט אַז ווען ווײַבער דערשמעקן אַ מאַן, וואָס איז דאָ אַליין, רוקט זיך באַלד איינע אונטער און איידער ער כאַפּט זיך איז ער בײַ איר אין דער נעץ!

האָט ער זיך געקווענקלט, נתן חיים, כּסדר אָפּגעלייגט, זאָל ער זיך פריִער אויסגרינגען, אָפּשפּאָרן עטלעכע ווערטער ענגליש. ווער ווייסט וואָס פון דעם מאירל באַראַנאָוועטער איז אין דעם אַמעריטשקע געוואָרן? אַזאַ איינער, נאָך צען — צוועלף יאָר אָפּזײַן דאָ, בפרט נאָך אַליין, ווערט ער דאָך איבערגעקערט, ווי מ'קערט איבער אַ טאָפּ! נישט ער זעט שוין אויס ווי אין דער אַלטער היים, נישט ער רעדט שוין מער ס'לשון פון דאָרט. אין פּילעוו איז טאַקע דער פעטער מאירל געווען צו גאָט און צו לײַט. ווען נישט די פאַסקודנע טבע צו שפּילן אין קאָרטן, איז ער דאָך געווען אַ דירעקטע, אַ „באַריליאַנט", אַפילו דער טאַטע האָט אַזוי געזאָגט, אָבער דאָ, אין אַמעריקע? פון אַ טויב קען דאָך דאָ ווערן אַ שפּאַרבער!

אין פּילעוו האָט שוין די מומע פּייגע געזען ער זאָל נישט האָבן מיט וואָס צו שפּילן. אַז גאָט האָט געהאָלפן, ר'האָט געהאַט אַ מייסטער בײַ וועמען צו אַרבעטן, האָט זי פּרייטיק פאַר דער „ווײַפּלאַטע" (אויסצאָלן) שוין געוואָרט בײַם ווערקשטעל און צוגענומען פון אים יעדן גראָשן, זי האָט אויך אויסבאַהאַלטן פון אים דעם גאָלדענעם זייגער מיט דער קייט, די חתן־מתנה, וואָס ער האָט פון איר געקראָגן צו די תּנאָים. אַפילו דאָס שטעקעלע זײַנס מיט דער זילבערנער גאָלקע, האָט ער פאַר די אויגן נישט אָנגעזען. און אויסער די צוויי חפצים, וואָס נאָך האָט אַ שניידער־געזעלן אין רוסיש־פּוילן פאַרמאָגט צו קענען פאַרשפּילן בײַם קאָרטן־טיש?

איז דאָס געווען אין פּילעוו. אָבער דאָ, אין ניו־יאָרק, איז דאָך נישטאָ די מומע פּייגע, איז ווער ווייסט וואָס פון אים איז דאָ געוואָרן? אויב ער האָט זיך דאָ אַרײַנגעלאָזט אין קאָרטן, האָט פון אים געקענט ווערן אַן

אונטערוועלטניק, און אַזאַ איינער קען צײַען אַ מעסער אויך! האָט ער כסדר אָפּגעלייגט, נתן חיים, דער מאָמעס שליחות, בפרט אַז ער ווייסט אַפילו נישט ווו אים צו זוכן. און דאָס ניו־יאָרק איז אַזאַ כּרך, אַז אַפילו נאָכן אָפּזיין דאָ שיִער נישט אַ גאַנץ יאָר, איז ער נאָך אַלץ נשתּומם פון דעם געגייערײַ און געפּאַרעריי און אויסער אין דעם מאַנהעטן, ווייסט ער רעכט נישט ווו אַ פוס צו שטעלן!

אָבער ווי לאַנג קען ער אַזוי אָפּלייגן דאָס שליחות? בפרט אַז אויך די מומע פייגע האָגלט שוין אויף אים מיט בריוו: „נתן חיים, דו אויך? פרעגט זי אים, מילא, אַז מאירל באַראַנאָוועד האָט זיך געקענט אָפּוואַשן די הענט און פאַרגעסן ווייב און קינדער, זײַנע לייבלעכע פיר קינדער! איז ער דאָך אויף דעם מאירל קאַרטאָווניק, אָבער ער? עפּעס איז ער דאָך „אַ ציציליסט", זיך אָנגענומען די קריוודע פון אָרעמע בעל מלאכות, פון געקוועלטע דינסטמיידלעך. איז ער אויך שוין געוואָרן אַזוי איבערגעקערט? האָט ער אויך שוין פאַרגעסן אייגן בלוט און פלייש? האָב גאָט אין האַרץ, נתן חיים! נעם זיך דאָרט צו דעם רוצח, צו דעם „זבראַדניאַרזש" (אויס־ווורף), ער האָט דאָך געמאַכט פון זיין ווייב אַן אייביקע אַלמנה! די פיר קינדער, לעכטיקע, זיסע קינדער, האָט ער דאָך געמאַכט פאַר לעבעדיקע יתומים, ווײַ מאַאַן האַרץ!"

האָט ער זיך גענומען נאָכפרעגן, נתן חיים, צווישן פּילעוועד לאַנדס־לייט, געמיינט אַז אין זיין אַנטלויפן פון ווייב און קינדער, האָט זיך דער מאירל באַראַנאָוועד פאַרצויגן אין עק וועלט. ווייזט זיך גאָר אַרויס אַז זיי זענען שכנים, ער, נתן חיים, אַ באָרדער ביי אַן אַלט פּאָרפאָלק אויף דער פערטער סטריט און דער פעטער מאירל, שוין מיט אַן אַנדער ווייב, אויף דער זעקסטער סטריט, צווישן די זעלבע עוועניוס — עי און בי — אַפילו די שטאָקן כמעט די אייגענע, ער אויפן זעקסטן שטאָק און דער פעטער — אויפן פינפטן.

דאָס אַלץ האָט ער אַזוי שלוי אויסשפּיאָנירט, נתן חיימל, אין אַ מיטנ־וואָכיקן פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, נאָר פאַרנומען זיך אַהין האָט ער ערשט שבת אין האַלבן טאָג. שוין ביים אַריינקום פון לאַנגן קאָרידאָר אין דער מ׳שטיינסגעזאָגטער „פּראָנטשטוב", האָט אים פאַרנומען ביים האַרץ: אַזאַ ביטערע אָרעמקייט, אַזאַ אָפּגעלאָזנקייט, און אַזאַ מיטנוואָכעדיקער „שמאָדער" (אומריינקייט)! ווי ער איז שוין לאַנג נישט פרום, נתן חיים, האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט שבת, ביים אַריבערטרעטן אַ יידישע שוועל, אויב נישט צו זען אַ ווייסגעדעקטן שבת־טיש מיט פאַרטריפטע

לייכטער פון פרייטיקצונאַכטסטיקן ליכטבענטשן, איז כאָטש אַ ביסל שבת־דיקע ריינקייט. דאָ אָבער, זאָל ער נישט זינדיקן מיט די רייד!

נאָכן אַרויפקריכן די פינף שטאָק שטיגן, פינצטערע, איז ער אַריינגעקומען אין אַ שטוב מיט איין פענצטער אויף אַ בלינדער וואַנט אַרויף און ווי אין דער שטוב איז געווען טונקל, האָט אים דאָך דער „סאַרג", די אומריינקייט געטאָן אַ שלאָג אין די אויגן און נאָך מער דער וואַכעדיק־נאַקעטער טיש, וואָס אויף אים איז געשטאַנען אַ טעלערל מיט אַ ווייִדעלע הערינג און אַרום דעם — ברויטקרישקעס מיט ראַיענדיקע פליגן אויף זיי. אונטער דעם טיש האָבן אַרומגעבראַיעט דריי קליינע קינדער, וואָס ס׳עלצטע, אַ ייִנגעלע פון זעקס צי זיבן יאָר, ס׳מיטלסטע — אַ מיידעלע פון אַ יאָר פיר און ס׳ייִנגסטע, וואָס איז אים געווען שווער צו וויסן צי איז עס אַ ייִנגעלע אָדער אַ מיידעלע, האָט געמוזט זיין אַנדערהאַלבן און אפשר די גאַנצע צוויי יאָר. די קינדער, האַלבנאַקעטע נאָך, אַלע מיט פאַרראָצטע נעזלעך, האָבן זיך געוואַלגערט איינס אויפן אַנדערן און געלאַכט מיט אַזוי פיל קינדישער פרייד, אַז אויך ער, נתן חיים, האָט זיך צעשמייכלט ווי אָט, אָט צעלאַכט ער זיך מיט די קינדער.

ווי זיין טבע, ווען ער קומט אַריין אין אַ פרעמדער שטוב, האָט ער זיך אויך דאָ גענומען אַרומקוקן, נתן חיים, געזען דורך אַ האַלב־אָפענער טיר נאָך אַ שטוב מיט אַ ברייט בעט, די קישנס צעוואָרפן און, דורך אַן עפענונג אָן אַ טיר — אַ קיך, פינצטערער נאָך פון דער „פראָנטשטוב".

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ באַדויערלעך: „אָט דאָ, אין דעם „בוזשניק" וווינט ער, דער מאירל? און ער האָט שוין מיט אַן אַנדער ייִדענע נאָך דריי קינדער? איז זי דאָך גערעכט, די מומע פייגע, ער איז דאָך טאַקע אַ „זבראָדניאַרזש", אַ וואָס אין דער קאָרט! אָבער ווו איז ער, דער מאירל באַראַנאָווער? און ווו איז די נייע יפהפיה זיינע, וואָס שבת אין האַלבן טאָג איז נאָך ביי איר די שטוב אין אַזאַ מעמד, די קינדער נישט אָנגעטאָן און ווי וויל אין דרויסן איז זומער, די זון שײַנט, וואַלגערט זיך ס׳קליינוואַרג אין דער פינצטער! אפשר זיצט זי אויך איצט אין וועלכער „מלינע", ביי אַ קאָרטנטיש צוזאַמען מיטן געמאַהל אירן?

עפנט זיך פלוצים די טיר און עס שטעלט זיך אַריין אַ ווייבל — הויט און ביין. די בריסט אירע — צוויי לויז־אַראָפּהענגענדיקע זעקלעך הינטער אַ בלוזקע — גרוי ווי איר דאַר, יונג־פאַרוועלקט געזיכט, אַן אויסגעווייטיקטס, מיט צוויי מאַטע, אויסגעלאָשענע אויגן, שוואַרצע ווי די צוויי טרערן־זעקלעך אונטער זיי.

מיט דער קליאַמקע פון דער נאָך נישט פאַרמאַכטער טיר אין האַנט, איז

די פּרוי געבליבן שטיין מער דערשראָקן ווי איבערראַשט, דערזעענדיק דעם אומבאַקאַנטן, אומדערוואַרטן און דאָך שטענדיק דערוואַרטן פּאַרשוין, וואָס זינט זי האָט „געהייראַט" דעם איצטיקן מאַן, ריכט זי זיך אָט אויף דעם גאַסט!

ווי זי — אים, אַזוי האָט ער, נתן חיים, זי אָנגעקוקט. אים איז אײַנגעפאַלן: „אָט אַזוי דערשראָקן בלײַבן אומדערפאַרענע „פּאַסערס", די חברה, וואָס באַהאַלטן געגנבעטע סחורה, ווען זיי דערזעען וועמען, וואָס זעט זיי אויס צו זײַן דער „שטומפּ" (אייגנטימער), וואָס איז געקומען זוכן די גנבה.

— הו אַר יו? (ווער איז ער?) האָט די פּרוי אין איר אויפצאַפּל אים אַ פרעג געטאָן אין אַ רציחה, ווי אָט שוין נעמט זי אים אָן ביים קאַרק און שלײַדערט אים אַרויס פון איר שטוב.

— ווער? ער? האָט נתן חיים זי צוריקגעפרעגט. ער איז אַ קרוב פון איינעם, מאיר טייגמאַן, וואָס מ'רופט אים מאירל באַראַנאָווער. מ'האָט אים געזאָגט אַז דאָ דאַרף ער ווױנען?

— ווער האָט אים דאָס געזאָגט? האָט זי אים געפרעגט אין געמאַכטער רויִקייט, כאָטש ס'האַרץ איז איר געזונקען אין די קני, אַז אָט, אָט פאַלט זי אין חלשות.

— ווער? האָט ער, ווי זײַן טבע, זי איבערגעפרעגט, — לאַנדסלײַט האָבן אים געגעבן דעם אַדרעס אַהער.

„לאַנדסלײַט, האָט זי געטראַכט, אַז ברענען זאָלן זיי, די לאַנדסלײַט!" געזאָגט אָבער האָט זי:

— מיסטער, געט אוט אָף היער! (טראָגט זיך פון דאַנעט!) דאָ ווױנט נישט קיינער מיט אַזאַ נאָמען!

ער האָט אַ ווײַל געקוקט אויף איר, נתן חיים, מיט רחמנות געקוקט אויף איר: „אָרעמע, זי קען אַפילו נישט מאַכן דעם אָנשטעל. זי פאַרשטייט אַפילו נישט אַז טאַקע מיט איר בײַזערן זיך אויף אים, אַ מענטש, וואָס נישט זי קען אים, נישט זי האָט אים ווען געזען, וואַרפט זי אים פּשוט אַרויס פון שטוב, אַז אָט מיט דעם האָט זי זיך דאָך אַרויסגעגעבן, אַז איצט איז אים אַלץ קלאָר! דאָ ווױנט ער, מאירל באַראַנאָווער!"

## קאַפּיטל צווייאונצוואַנציק

אַ פּאַרטראַכטער האָט ער פּאַוואָליע געטריטלט אַראָפּ די טרעפּ. נתן חיים. אין מוח האָט געעקבערט דער: „וואָס ווייטער״? „גוט. ער האָט שוין דעם פויגל, אָבער וואָס זאָל ער טאָן מיט אים? מעלדן דער פּאָליציי אַז זיין פּעטער, מאיר טייגמאַן, אויף דעם און דעם אַדרעס, איז אַ ביגאַמיסט? נישט זיין טאַטע און נישט קיינער אין זיין משפּחה, זענען קיין מוסרים, וועט ער ווערן אַ מסור? מ׳זאָגט כאָטש ס׳וועט עפּעס העלפן. צי די בייזע ייִדענע, אין דעם מ׳שטיינסגעזאָגטן „אַפּאַרטמענט״, איז דעם פּעטער מאירלס געזעצלעך ווייב, צי זי איז בלויז אַ קאַכאַנקע זיינס, אָבער דריי ווערעם זיינע קריכן ביי זיי אַרום, איז וואָס וועט ער דאָ, נתן חיים, אויפראַיען אַ בלאָטער, וואָס נישט מ׳קען אים שוין פאַרהיילן און נישט מ׳קען אים אויסשניידן! ער׳ט זיך גאָר אָפּשאָקלען פון דעם גאַנצן עסק!״

איז אָט נאַדיר! אונטן שוין,ביים אַריבערטרעטן די שוועל אויף אַרויס, קומט אים אָקעגן אַ מאַן, וואָס זעט אים אויס צו זיין דער פּעטער מאירל, כאָטש דער מענטש האָט נישט דעם פּעטערס גאָלדן זאַראָסטל, נישט זיינע געדיכטע, גאָלדיקע וואָנסעס, נאָר איז אָפּגעגאָלט גלאַטיק, ווי אַ „זאָאָטס מע מוחל״. אָבער די אויגן! דאָס זענען דאָך דעם פּעטער מאירלס גוטמוטיקע, גרויסע, ברוינע אויגן!

ווי אויסטערליש אויך דער מאַן האָט אים, זעט אויס, דערקענט. אָט נאָר־וואָס זענען דעם מאַנס אויגן געווען גוטמוטיק, שמייכלענדיק, אָבער ווי נאָר ער האָט אים, נתן חיימען, דערזען, איז אין זיי אָנגעלאָפן אַ שרעק, אַ פּחד, די ברייטע פּלייצעס זענען אים ווי איינגעשרומפּן. אינסטינקטיוו האָט ער געשטעלט אַ טראָט אים פאַרביי צו גיין, פאַרשווינדן וואָס גיכער אין טונקלען קאָרידאָר אַריין, איז אָבער געבליבן שטיין, ווי די פיס וואָלטן אים געליימט געוואָרן ביים אַזוי אומגעריכט דערזען אים, פייגעס פּלימעניק, וואָס האָט אויף ס׳ניי אָנגעיאָגט אין אים דעם פּאַרדרוס, די חרטה אויף דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן צו זיינע קינדער, צו זיין ווייב, וואָס ער האָט זי אַזוי ליב געהאַט, אַזוי געבענקט נאָך איר, אַז נישט איין מאָל האָט ער געפילט אַ מעשה אָנצוטאָן דעם „פּאָדלע־שטיק״, די אויסגעלאַ־

סענע נקבה, וואָס האָט אַזוי כיטרע אויסגענוצט זיין בענקשאַפט, זיין הונ־גער נאָך אַ ווייב, נאָך אַ וואַרעמער שטוב און זי האָט אים אַזוי צוגעלאָש־טשעט צו זיך, ווי מען לאַשטשעט צו אַ בלודנעם הונט, געשענקט אים אַ לאַסקע, אַ וואַרעמען בליק און, דערנאָך, אויך איר ציכטיק, היימיש בעט.

אַזוי האָט זי דאָך געטאָן, די „איצטיקע״! אַ האַנט־נייערין אין קלאָוק־שאַפּ, ווו ער איז געווען אַן אָפּערייטאָר, האָט זי דאָך אים גוט געקענט, געוווסט אַז ער האָט אין „יוראָפּ״ אַ ווייב מיט פיר קינדער און דאָס האָט זי נישט אָפּגעהאַלטן פון אַריינצינען אים אין איר נעץ! פאַרבעטן אים איין מאָל און נאָך אַ מאָל אויף פרייטיקצונאַכטסטיקע מאַלצייטן מיט קידוש, געפילטע פיש, דערביי געטאָן אים אַ גלעט, אַ קוש אויף די ליפּן, דער־נאָך, כלומרשט, מיד, איז זי אַריין אין שלאָפצימער, אויסגעטאָן די „קורע־טשענישן״ די „דריקענישן״, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ לייכט, דורכזיכ־טיק שטוב־קליידל און צוריק אַריינגעקומען אין פראָנט־שטוב זיך צוזעצן לעבן אים אויף דער קאַנאַפּע און... דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אומגליק.

אמת, אַ יונגע אַלמנה, איז זי געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ מאַן ווי ער נאָך אַ ווייב, פון דעסטוועגן, טוט אַן אַנשטענדיקע פרוי אַזעלכעס? זי האָט דאָך געוווסט אַז ער איז אַ באַווייבטער, אַ טאַטע פון פיר קינדער, איז לא די וואָס זי האָט זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון פאַרבעטן אים צו זיך אַהיים, נעמט זי נאָך און פאַרשוואַנגערט כדי צו האָבן אים אין נעץ, צו קענען זיך אַרומוויקלען ווי אַ כיטרע שלאַנג אַרום זיין האַלדז!

און דאָ איז נאָך אַמעריקע אַריין אין דער מלחמה, אַזאַ וועלט־פייער! נישט בלויז זיינע בריוו צו פייגען, ווי אירע — צו אים, אַפילו די פופצן טאָלער, וואָס ער פלעגט איר שיקן אַלע צוויי וואָכן, זענען אויך מער נישט דערגאַנגען צו איר. איז וואָס האָט די „ווענטש״, די אויסגעלאַסענע נקבה געטאָן? אים אויסגערעדט? הייבט זיך נישט אָן! זי האָט גאָר גענומען פּראַווען ווייבערישע שטיק, אַנגעווויינט אים אַ פולן קאָפּ:

— „זי מיינט גאַרנישט פאַר אים! זי אווירט אים ווי אַ קיסר און ער טראַכט נאָר פון ,יענער דאָרט׳. מאַכט זיך נישט וויסן וואָס די „פּייפּערס״ שרייבן. מ׳האָט דאָך דאָרט אַלע יידן פאַרטריבן פון זייערע היימען, זיי וואַלגערן זיך ווי מיסט אין שטאַלן, שטאַרבן אויס פון טיפוס, פון דיזענ־טעריע און ער מיינט אַלץ אַז זיין פייגע, זיינע קינדער, זענען אויסגעהיט געוואָרן!״

אָט אַזוי האָט אים די „ווענטש״ געהאַלטן אין איין איינרעדן, אַז קיי־נער פון זיינע זענען שוין נישטאָ און דערוויי־ל אים פאַרוועבט אין איר

נעץ, ווי אַ שפּין פאַרוועבט אַ פליג אין איר שפּינגעוועב, אַריינגעלאָקט אים אין „סיטי־האָל" נאָך „לייסנס" און וואָלט נישט דער רב אין ברוקלין געווען אַזאַ ערלעכער, פרומער ייִד, און נישט געפאָדערט עדות, וואָס זאָלן באַשטעטיקן אַז זיין פריִערדיק ווייב לעבט נישט מער, וואָלט זי נאָך גע־ווען געשטאַנען מיט אים אונטער אַ חופּה אויך!

— ביסט געווען ביי מיר אין הויז? האָט דער מאַן פלוצים אים גע־פרעגט, ווי דאָס טראַכטעניש זיינס וואָלט געווען אַ מדובר אויפן קול מיט אים, נתן חיימען, און איצט וויל ער אויך וויסן צי ער איז געווען אויבן, אין שטוב און געזען דאָס אומגליק, די „וועגטש" זיינע.

ווער? איך? האָט נתן חיים, ווי אַן אויפגעוועקטער, אים צוריקגע־פרעגט.

— יאָ, יאָ, דיך! כ'האָב דיך גלייך דערקענט. זעסט דאָך אויס אַקוראַט ווי די מאַמע דיינע. ביסט שוין, זע איך, אַ פאָלנער מאַנצפּאַרשוין. יאָ, די צייט שטייט נישט. דאַכט זיך נאָר־וואָס ביסטו געווען דאָס קליינע נתן חיימל, אַ ייִנגעלע פון זיבן, צי אַכט יאָר און אָט — אַ מאַן! קים, וואָס עמע, (ווען מיר) שטיין?

זיי האָבן גענומען גיין פון זעקסטער סטריט אַריין אין עווענױ בי, אַריין אין פּאַרקל וואָס ציט זיך דאָרט פון זיבעטער ביז צענטער גאַס. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, דער פעטער מאיר, געקוקט אויף דעם אומגעריכטן און דאָך שטענדיק דערוואַרטן גאַסט וואָס שטייט דאָ לעבן אים, דאָס געוויסן זיינס, וואָס האָט אויף ס'ניי אָנגעיאָגט איך אים דאָס גריזשעניש, וואָס פרעסט אים אַ לעבעדיקן, האָט שוין געמאַכט אַ תּל פון דעם ווייבל, כאָטש צייטנווייז האָט ער רחמנות אויף איר, אַן אומגליק־לעך מענטש נעבעך. וואָס האָט זי דען געוואָלט? אַ מאַן, ווערן אַ מאַמע, איז איר באַשערט געווען צו נעמען בויען איר גליק אויף אַן אַנדערערס אומגליק, האָט זי שוין נעבעך באַצאָלט און צאָלט נאָך אַלץ פאַר דעם מיט איר לייַב און לעבן. געווען אַזאַ שיין פרויקעלע, איצט? אַ וויעכיטש און אַלץ צוליב זיין שטענדיק יאָדען זיך און נאָך מער — זי. איז זי געוואָרן אָפּגעלאָזן, „אַטענדט" (טוט נישט אַכטונג) נישט די קינדער, לאָזט זיי גאַנ־צע טעג נישט אָנגעטאָענע, פאַרשמאָדערטע, ווי זיי וואָלטן שוין, חלילה, געווען לעבעדיקע יתומים.

— נו, וואָס שטייסטו? האָט ער אַ מינטער געטאָן דעם גאַסט. — שטייסט און קוקסט מיך אָן, קענסט זיך גאָרנישט צוגלייבן אַז דיין פעטער מאירל האָט געקענט אַזוינס אָפּטאָן?

— טאָקע? האָט נתן חיים זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פעטערס פרעגע־

ניש, — ווי האָט טאַקע דער פעטער געקענט אַזוי זיך אָפּוואַשן די הענט פון אייגן בלוט און פלייש? אַזעלכע פיר ליכטיקע, גאָלדהאָריקע קינדער. אַלע זעען זיי דאָך אויס ווי דער פעטער מאיר, דער טאַטע זייערער, אויסן אויג! און די מומע פייגע? אַזאַ שײנהייט! אַ ציגײַנערין, דערצו נאָך אַן „אַסאָבע" מיט אַ פּאָר באַקעס, וואָס נאָך היינט קוקן איר מענער נאָך און פּאַר וועמען האָט דער פעטער זי אויסגעביטן? ער וויל נישט חלילה רעדן קיין שלעכטס אויף קיינעם, נתן חיים, אָבער וואָס פּאַר אַ פּאַרגלייך!

ווי ער וואָלט וועלן, דער פעטער מאיר, נישט בלויז הייבן אַ ביסל דעם ווייבלס אָנזען, נאָר אויך זיין געשמאַק, האָט ער ווידער אַ פרעג געטאָן:

— ביסט געווען ביי מיר אין הויז? האָסט „זי" געזען? דענקסט אַזוי האָט זי אויסגעזען? זי איז געווען אַ שיינע פּרויקע, מיט אַ פיגור, אַ גע־שטעל! דאָס האָט ער דאָך געמאַכט פון איר אַזאַ תּל! זיינע יאַדעונישן, זיין שטענדיק זוכן זיך צו איר, האָבן דאָך זי נעבעך געמאַכט אויס מענטש!

— און דאָך, האָט ער ענדלעך זיך אָוועקגעזעצט לעבן פעטער, נתן חיים, — דאָך קען ער נישט פאַרשטיין ווי אַזוינס איז מעגלעך! ווי האָט דער פעטער, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט די מומע פייגע, די קינדער, וואָס דער פעטער איז גרייט געווען זיך אָוועקצוברענגען פּאַר זיי, אַזוי זיך אָפּגעוואַשן פון זיי, אַז אַפילו אַ דאָלער אויף צום לעבן פּאַר זיי נישט גע־שיקט, און דאָס אין אַזאַ שווידערלעכער מלחמה! מענטשן זענען דאָך גע־שוואָלן געוואָרן פון הונגער! געפאַלן אין די גאַסן צוליב אַ שטיקל ברויט! אין אַזאַ צייט האָט דער פעטער געקענט פאַרגעסן זיינע קינדער, זיין ווייב זיך נעמען אַן אַנדערע און מיט איר האָבן נאָך קינדער! ווי קען אַ מענטש אַזוינס טאָן? נישט בלויז איז דאָס אַכזריות, דאָס איז קרימינעלער פּאַר־ברעך! דער פעטער קען דאָך פּאַר דעם פאַרפוילט ווערן אין תּפיסה!

דאָס פּאַרקל האָט איצט, זומער פּאַר נאַכט, געראַשט מיט לעבן, מיט געדערעדעריי און געלעכטער. מענער האָבן פון די פלעשלעך געטרונקען „קאָקאַ קאָלאַ", ווייבער האָבן געמוטלט, קינדער האָבן אַרומגעשטיפּט, גע־וואָרפן באַלעמס, זיך געקייקלט אין גראָז, נאָר ער, דער פעטער מאירל, איז געזעסן שטום, די הענט פאַרבראָכן, דער קאָפּ געזונקען צווישן די קני. „וואָס זאָל ער זאָגן? וואָס זאָל ער טאָן? נישט ער קען עפּעס ענטפערן און נישט ער וויל זיך פאַרענטפערן. פון זיינעטוועגן קען דער פלימעניק שוין רופן פּאָליס אים אַרעסטירן, פאַרשיקן אים אין פּריזאָן. ס'עט אים ווײַלער זיין הינטער קראַטעס ווי אויף דער פריי. ער איז סיי ווי נישט פריי. דער חרטה־וואָרעם פרעסט זיין האַרץ, זיינע געהירן טאָג און נאַכט, אָן אויפהער, אָן אָפּשטעל".

— וואָלט כאַטש דער פעטער געווען געשיקט אויף צו דערהאַלטן אין זיי די נשמה, האָט דער פלימעניק, זעענדיק אַז זיין מוסר האָט אַ פעולה, ווידער גענומען שטראָפן דעם פעטער. — מילא, בעת דער מלחמה האָט מען אפשר נישט געקענט. אָבער איידער אַמעריקע איז אַריין אין דער מל־חמה? און איצט, נאָך דער מלחמה? דער פעטער האָט געדאַרפט זען, ווי נאָר דער קריג האָט אויפגעהערט, וואָסער שטראָם מיט געלט ס׳האָט אָנ־געהויבן פליסן פון מענער אין אַמעריקע, צו זייערע אויסגעהונגערטע, קראַנקע משפחות אויף יענער זייט ים. און ווער, ווער, די מומע פייגע האָט פאַרדינט אַז איר מאַן אין אַמעריקע זאָל איילן צו איר מיט הילף!

ער איז פלוצים געבליבן שטיל, נתן חיים, עפעס האָט זיך אים געדאַכט ער הערט אַ שלוכץ. ער האָט אומגעדרייט דעם בליק, יאָ, ער וויינט דער פעטער! ס׳האָט אים פאַרקלעמט ס׳האַרץ, נתן חיימען: „וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף דעם דערשלאָגענעם, צעבראָכענעם מענטש״?

— וואָס זאָל איך טאָן? האָט ער געהערט, נתן חיים, ווי דער פעטער, נאָך אַלץ אַ געזונקענער מיטן קאָפּ צווישן די קני, פרעגט זיך אַליין און שטאָט אַליין זיך ענטפערן, קוקט ער אַרויף מיט צווי פאַרוויינטע אויגן צו אים: — אַדרבה, זאָג דו מיר, וואָס צו טאָן? שיקן אַהין? ער פאַרדינט דאָך קוים פאַר די קינדער, סיידן ער זאָל אַנטלויפן קיין פוילן. ווער זשע וועט זאָרגן פאַר די קינדער דאָ?

ער האָט געשוויגן, נתן חיים: „אָרעמער פעטער מאיר, וואָסער עצה קען ער אים געבן?״

ס׳האָט אָנגעהויבן טונקלען. פון „איסטריווער״ האָט געבלאָזן אַ קיל ווינטל. די בענק אַרום זענען געשטאַנען ליידיק, איז ער אויפגעשטאַנען, נתן חיים, און אויך גענומען גיין צום אַרויסגאַנג פון גאָרטן. נישט ער איז דער מענטש צו רופן פּאָליציי און נישט ער איז גרייט דעם פעטער צו לאָזן אַרעסטירן. דער מומע פייגע מיט אירע קינדער וועט דען ווערן בע־סער אַז דער פעטער מאיר וועט פוילן אין תּפיסה? אמת, די מומע וויל דאָס! אין איר פאַרביטערונג, וויל זי כאָטש מיט דעם זיך קילן איר צע־ווייטיקט האַרץ. אָבער פאַר אים, נתן חיימען, איז דאָס אַן ענטפער? גורם זיין אויך די קינדער דאָ, זאָלן בלייבן אָן אַ טאַטן? ניין! ער וועט דאָס נישט טאָן! איר, דער מומע פייגען וועט ער טאָקע נישט ענטפערן. דער מאַמען אָבער, וועט ער נאָך היינט אַלץ אַרויסשרייבן. זי ווייסט דאָך דאָס ווערטל: „ווי איינער בעט זיך אַזוי שלאָפט ער״. די מומע פייגע האָט זיך אַליין אויסגעבעט איר געלעגערל, זאָל זי דערין שלאָפן געזונטערהייט.

## קאַפּיטל דרייאונצוואַנציק

וואָס לענגער ער איז דאָ אין לאַנד, נתן חיים, אַלץ מער זעט ער אײַן ס'אַ פרייע מדינה דאָס אַמעריקע איז. ווו נאָך אין דער וועלט שלאָפן מענטשן אויף די דעכער? און ווו נאָך זענען די דעכער פון די הייזער פלאַך ווי טישן?

מילא, אַז יונגוואַרג אין דעם ניו־יאָרק בראָיען (שטיפן) אַרום אויף די דעכער, „פייטן" זיך איינס ס'אַנדערע מיט די פויסטלעך, יאָגן זיך פון דאַך צו דאַך, שפּרינגען אונטער ווי קעץ ביים כאַפּן אַ מייזל, אַריינצוקריגן וועלכעס מיידל, צו טאָן איר אַ קוש, בעת זי, כּלומרשט, לאָזט זיך נישט, זענען זיי דאָך אויף דעם יונגוואַרג, קינדער נאָך. ער פאַרשטייט אויך, נתן חיים, די דערוואַקסענע יונגען, „די קידס" ווי מען רופט זיי דאָ, כאָטש זיי זענען שוין יונגע לייט פון אַכצן און אַפילו צוואַנציק יאָר, וואָס זיי האָדעווען טויבן אויף די דעכער, שטעלן דאָרט אויף „קליאַטקעס", שטיבלעך גאַנצע, וואָס די ווענט זענען פון געפלאָכטן דראָט און די דעכלעך — פלאַך, ווי אַלע דעכער דאָ, און אין די קליאַטקעס האַלטן זיי טשאַטעס טויבן אין די הונדערטער און ביי טאָג, ווען אַזאַ יונג לאָזט אַרויס די טויבן פון דער קליאַטקע „זיך איבערפליען", טוט אַ סווישטש מיט דער בייטש אין דער לופט און די טויבן צעפליען זיך ווייט און ברייט אונטער דעם בלויען, זומערדיקן הימל, פאַרגעסט מען אַז מ'איז אין דעם אָנגעהיצטן, פאַרנעם ניו־יאָרק פֿון שטיין און שטאָל און ס'דאַכט זיך אַז מ'געפינט זיך ערגעץ אויפן דאָרף מיט אומצייליק, פליענדיק־געפליגל איבערן קאָפּ.

ער פאַרשטייט אָבער נישט, נתן חיים, די פאַמיליע־לייט, סטאַטעטשנע, באַיאָרטע מענטשן, וואָס, ווי נאָר דער אָוונט פאַלט צו, נעמען זיי ס'בעטגעוואַנט, די קינדער און, משפּחותווייז, צעלייגט מ'זיך אויף די דעכער, ווי ביי די טאַטעס אין די ווײַנגערטנער. אַזוינס האָט ער, ביז זיין קומען אין דעם אַמעריטשקע, אין ערגעץ נישט געזען.

כאָטש אַז מ'וויל, דאַרף עס גאָרנישט וווּנדערן. ווו נאָך אין דער וועלט זענען די נעכט אַזוי שטיקנדיק־פאַרנע ווי אין די „טענעמענט" הייזער אויף דער ניו־יאָרקער „איסט־סאיד"? אין וואַרשע, זומער אויף דער וואָלינסקע, ציי אַנדערע אַזעלכע אָרעמע גאַסן, פלעגן אויך גאַנצע משפּחות אַרויס פון

די בעטן און זיך אָפּוואַלגערן גאַנצע נעכט אויף די שטיגן, דאָרט אָבער איז עס נישט געווען אַזוי צוליב דער שטיקעניש, ווי צוליב די וואַנצן, דאָ מוז מען עוקר זיין פון יידע!

אַז ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין דעם צימערל, נתן חיים, אויף דער פערטער גאַס און ער האָט איינגעזען ווי פרייער עס שלאָפט זיך די מענ־טשן אויף די דעכער, האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה: „זאָל ער אויך אַרויף אויפן דאַך? ער וואַלגערט זיך דאָך גאַנצע נעכט אויפן בעטל און טוט נישט צו קיין אויג! האָט ער איין מאָל, נאָך האַלבער נאַכט שוין, גע־נומען ס׳קישעלע, אַראָפּגעצויגן די ציך פון דער קאָלדרע, אַ זעלנערישע, גרוי־וואָלענע דעק, וואָס ער מעג גאַנץ פריי זי ניצן פאַר אַן אויסשפרייט און איז אויך אַרויף שלאָפן אויפן דאַך.

ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי — שלאָפן. ער, נתן חיימל, וואָס די אויגן זיינע, זענען שטענדיק הונגעריק צו זען, רק זען, ער וועט אַזוי, דיר נישט, מיר נישט, איינשלאָפן אין אַ דרויסן, ווו אַרום אים ליגן מענטשן און אַלע ווייל הייבט ווער אונטער אַ קאָפּ, שטרעקט אויס אַן אָרעם, צו מאָל איז דאָס אַ מאַן, אָבער אָפט אויך אַ פרוי, אַ יונגע פרוי! די האָר צעשויבערט, דער אַנטבלויזטער האַלדז און נאַקן, טוט אים אַ בליאַסק אין די אויגן. ליגט ער אַ וואַכער און דער בליק וואַנדערט פון איין קופּקעלע מענטשן צו אַן אַנ־דערס, פון דעם דאַך, צום צווייטן, אָפּגעטיילט מיט אַ נידעריק שטיקל וואַנט, ביז ער ווערט מיד, לייגט צוריק דעם קאָפּ אויפן קישעלע, נאָר שטאָט שליסן די לעדנדלעך, וואַנדערט דער בליק אַרויף צום הימל, אַ ריין אויסגעוואַשענער, אַ טונקל־בלויער, מיט אַזוי פיל שטערן, איינגעפּאַסטע ווי דימענטן, פינקלען זיי, בלינצלען און לײַכטן ווי קינדערשע אייגעלעך און אַזוי אַ גאַנצע נאַכט ביז ס׳הייבט אָן ברייזשניען אויף טאָג און זיי הייבן אָן בלאַסן, די שטערן, בלאַסן און פאַרשווינדן אין אויפגעגאַנגענעם טאָג אַריין.

שטייט ער אויף, נתן חיים, וואָס וועט ער נאָך ליגן? די אברים — פאַרשטאַרט פון האַרטן געלעגער, די פיס, פון די ליטקעס ביז די קנעכ־לען — איינגעשלאָפן, שטעלט ער אַ טריט און נעמט וואַנדערן, בלאָנקען צווישן די קופּקעלעך שלאָפנדיקע מענטשן, ביז ער קומט צו צום צוים, וואָס אין פראָנט פון הויז. ער קוקט אַראָפּ פון דער זעקס־שטאָקיקער הויכ־קייט, שטיל, די גאַס — לער, נישט קיין מענטש, נישט קיין פערד און וואָגן. ניו־יאָרק שלאָפט! בלויז אין מזרח־זייט, איבערן איסטריווער שורימט אַ שלעפשיפל, וואָס מ׳זעט עס קוים צוליבן פאַרטאָגיקן נעפּל. פון מאָל

צו מאָל טוט עס אַ טרובע, דאָס שיפל, אַ מין באַגריסן אַ צווייטס, וואָס קומט עס אַקעגן.

מיד פון דעם קוקן אין דער איינגעשלאָפנקייט אַריין, נעמט ער צו־ריקגיין, נתן חיים, לענג־אויס דער נידעריק־אַרויסגעהויבענער וואַנט, וואָס טיילט אָפּ דעם דאַך פון צווייטן, דאָס צווילינג־הויז, וואָס אויך דאָ איז דער דאַך פול מיט צונויפגעטוליעטע משפחות, שלאָפנדיק דעם זיסטן שלאָף, וואָס נאָר דער פאַרטאָג קען געבן דעם אויסגעמידיקטן מענטש.

ווי געווײַנלעך ביי מענטשן, זענען אויך נתן חיימס בליקן געלאָפן אי־בער די שלאָפנדיקע מענטשן, וואָס אויף די ווייטערע טיילן פון דאַך און אַפילו נישט אַ קוק געטאָן לעבן זיך, אויף דער צווייטער זייט פון דער אַרויסגעהויבענער וואַנט. ערשט נאָך אַ ווייל אַזוי גאַפּיען אין דער ווייט, האָט ער עפּעס דערפילט ווי אַ ברי אויף זיך. ער טוט אַ קוק אַראָפּ: געניע! אַ מיטגליד אין וואַרשעווער נאָדל־פּאַראיין, וואָס שטענדיק, ווען נאָר ער האָט זי געזען, האָט ער געטראַכט: „אַזוי האָבן אַוודאי אויסגעזען די בנות ירושלים, די טעכטער פון ציון. שלאַנק, דין און בויגיק, אַ ברוינע הויט און ווייס־בלאַנקענדיקע ציין, ווייך־געכוואַליעטע, שוואַרצע האָר און ברייִקע אויגן, וואָס אַז זיי האָבן אויף דיר געוואָרפן אַ בליק, האָסטו דער־פילט אַ ברען אָט אַזאַ, ווי ער האָט איצט אַזוי פּלוצים דערפילט! געניע! ווי קומט זי דאָ אַהער?”

שטיל, נישט אויפצוועקן וועמען פון די שלאָפנדיקע, האָבן די אויגן זייערע גענומען זיך „דורכרעדן, אויספרעגן”, ביז ער האָט זיך געטאָן אַ הייב אַריבער דער וואַנט און שוין איז ער געווען לעבן איר, אויפן גע־לעגערל. זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, אָבער ווי שטיל זייער שושקעניש, האָבן זיך דאָך אַלע ווייל אונטערגעהויבן קעפּ, געוואָרפן שטוינענדיקע בליקן אויף זיי, געהויבן די אַקסלען אין חידוש: „דאָס מיידל איז דאָך געלעגן אַליין, פון וואַנעט האָט זיך פּלוצים צו איר געלעגערל געיאַוועט אַ מאַן?”

— מ׳מוז שוין אַוועק פון דאַנע! האָט די געניע אים שטיל געשושקעט אין אויער.

— אפשר אין זיין צימער? האָט ער נישט דרייסט געפרעגט. — דאָ באַלד, אויפן זעקסטן שטאָק.

— און זיין מיסעס?

— זיי זענען אַלטע לייט, די מיסעס ווי דער מיסטער, ביידע טויב ווי די וואַנט. דערצו טיילט אים אָפּ פון זיי אַ לאַנגער קאָרידאָר. איז נישט זיי הערן און נישט זיי ווייסן ווען ער קומט, ווען ער גייט.

צי דאָס איז געווען דער נייגער ביי דער גענייען זיך צו דערוויסן ווי ער קומט דאָ אַהער? ער איז דאָך געפאָרן קיין פּאַריז! צי דאָס איז גע־ווען איר לאַנגאָניקע שוואַכקייט צו אים אין וואַרשע, וואָס האָט זיך דאָ, ביים אַזוי אומגעריכט דערזען אים, אַזוי צעלאָקט אין איר, סיי ווי, זי האָט אָ נעם געטאָן ס׳קישעלע מיטן אויסשפּרייט, אַרומגעוויקלט זיך אין צודעק, און איז אַריבער מיט אים „אויף זיין דאַך״, ווו אויך ער האָט גע־כאַפּט זיין „בעטגעוואַנט״ און ביידע זענען זיי פאַרשוווּנדן אין דער טיר צו די אַראָפּגאַנג־טרעפּ. ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן ביי זיי דאָס פריי־עניש, דאָס אויספרעגעניש:

— ווי לאַנג איז זי שוין אין אַמעריקע?

— שוין איבער אַ האַלב יאָר. ער ווייסט דאָך — די „קוואָקע״! האָט זי געאײַלט זיך אַריינצוקריגן איידער זי ווערט אַ געזעץ.

— און איר מאַן?

— וואָס? ער ווייסט גאָרנישט? זי איז זיך דאָך צעגאַנגען מיט אים איידער נאָך ער, פיינזילבער, האָט פאַרלאָזט וואַרשע.

פון איבערראַשונג, האָט ער פאַרהאַלטן זיין טראָט, נתן חיים, גע־בליבן אויף אַ טרעפּ העכער, געהויבן די אַקסלען:

— זיך געגט?

— ז׳האָט זיך נישט געדאַרפט גטן, זיי האָבן קיין מאָל נישט חתונה געהאַט, נאָר דאָס איז אַ לאַנגע געשיכטע, נישט אויף איצט זיך אַריינצור־לאָזן אין איר.

„אַזוי״, האָט ער אַ ברום געטאָן, נתן חיים, מער צו זיך ווי צו איר. ס׳איז געווען אַ מין כאַפּן זיך, אַ פּלוצימדיק פאַרשטיין דער גענייעס אַזוי גיך מרוצה ווערן צו גיין מיט אים אין זיין צימער. אַוודאי, אַ מיידל, וואָס האָט זיך נישט גערעכנט מיט עלטערן, מיט משפּחה און געגאַנגען לעבן מיט אַ מאַן „נאַ וויאַרע״ (אויפן וואָרט), אויף אַזאַ איינער איז נישט שייך צו פרעגן קשיות, בפרט אַז אין וואַרשע נאָך האָט זי געהאַט פאַר אים אַ „שוואַכן פּונקט״.

אין צימער ערשט האָט ער איינגעזען, נתן חיים, ווי אַנדערש „אַזאַ איינע״ איז פון די אַנדערע מיידלעך, וואָס מיט זיי פלעגט ער אַמאָל האָבן „אַפערעלעך״. יענע, אַז זיי האָבן זיך שוין יאָ געהאַט דעצידירט צו זיין מיט אים צווישן פיר ווענט, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ביי זיי אַ „שעמע־ניש״: „זאָל ער זיך אויסדרייען״, „זאָל ער נישט קוקן״, כאָטש זי האָט אַליין געהאַט פאַרדרייט די עלעקטריע און ער קען אין דער פינצטער אַפילו איר שאָטן נישט זען! זי אָבער, גענייע, ווי נאָר זיי זענען אַריינ־

געקומען אין צימער און ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, איז ווי ווײל ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג, האָט זי, נאָך אַ ווײַל אַרומקוקן זיך, אַ פרווו געטאָן ס'בעטל זײַנס, געזען אַז ס'וואָזשלט זיך, אַז ס'סקריפּעט, מ'קען נאָך הערן איבער דער וואַנט אָ קרעכץ, אַ שאָרך, האָט זי, ווי אַ גענײטע פרוי, אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע די קאָלדרעס, זײַנע און אירע, אַוועקגעלייגט די קישעלעך, אויסגעטאָן די „פּיזשאַמע" און אָנטבלויזט ווי די מאַמע האָט זי געהאַט, געקוקט אויף אים פאַרחידושט, ווי פאַרלוירן ער איז, ווי ס'גאַנץ געביין זײַנס ציטערט:

חבר פײַנזילבער, האָט זי, שמייכלדיק צו אים שעלמיש, אונטערגעהויבן אים די גאָמבע: — אַ פלירטשאַרזש ווי ער איז אַזוי שעמעוודיק? און, נישט וואַרטנדיק אויף קיין וואָרט פון אים, האָט זי, שטײיענדיק נאָך, אַרומגענומען אים, אײַנגעביסן זיך אין זײַנע ליפּן און אַזוי, אין אויפגעגליטער תּאווה, זיך אַראָפּגעלאָזט און אים מיטגעצויגן אויפן געלעגער...

ערשט דערנאָך, אַז דאָס אויפגעפלאַמטע פײַער איז געווען אײַנגעלאָשן, זי איז געלעגן לעבן אים אַן אײַנגעשטילטע, אַ באַרויִקטע, ווי אַן עופעלע נאָך דער מאַמעס אָנזייגן עס, האָט ער זי צוגעצויגן צו זיך און איר אַ קוש געטאָן אויף די ליפּן.

— באַרעשטשע"? (ענדלעך)?

— יאָ, ענדלעך! האָט ער געצויגן דאָס וואָרט. — אַזאַ דערפאַרענע פרוי ווי זי, ווייסט נישט? אַז אַ מאַן, געוווינט שטענדיק צו זײַן דער אָנגרייפער, דער דרייסטער, ווערט פאַרפלעפט, אַפילו אָפּהענטיק, ווען ער טרעפט זיך אָן אויף אַזאַ דרייסטקייט ביי אַ פרוי, ווי זי האָט דאָ אַרויסגעוויזן צו אים!

— און זי האָט געמיינט אַז דאָס איז בלויז געווען ביי אים שעמעוודיקייט. אָט זעט זי דאָך, אַפילו איצט איז ער אויך נישט פריי מיט איר, נאָר טראַכט, וואָס טראַכט ער אַזוי פיל? און, כּדי ווידער אָנצוצינדן די תּאווה אין אים, האָט זי אויף ס'נײַ זיך אַרײַנגעביסן אין זײַנע ליפּן, געקושט אים, געצערטלט אים:

— ער האָט געגאַפט, נתן חיים, זיך נאָכגעגעבן און דערביי געטראַכט: „זי קען דאָך פאַרגיין אין טראָגן"!

## קאַפּיטל פּיראונצוואַנציק

אַ שווערע שטאָט דאָס ניו־יאָרק! אין וואַרשע איז אויך הייס אין יולי, אין אויגוסט, אַזוי אויך — אין פּאַריז, אין ניו־יאָרק אָבער זענען די היצן נישט איבערצוטראָגן. מ'גייט אָפּ אין שווייס! מילא, אַ גאַנ־צע וואָך אין שאַפּ, יאָגט ער נאָך די מאַשין, נישט אָפּצושטיין פון די אַנ־דערע אָפּערייטאָרס, האָט ער נישט קיין צייט צו פילן די היץ. ביטער אָבער איז אים אין די סוף וואָכן, די האַלבע טעג שבת און דער גאַנצער טאָג זונטיק.

ער איז שוין באַלד דריי פערטל יאָר אין אַמעריקע, נתן חיים, און האָט נאָך אַלץ נישט אָפּגעשפּאָרט זיך קיין איין באַקאַנטן, קיין איין פריינד, וואָס מיט אים זאָל ער וועלן זיך טרעפן, שמועסן, גיין מיט אים ערגעץ פאַרברענגען אַ ביסל. די שאַפּ־ברידער? ווילע מענטשן, נישטאָ וואָס צו רעדן. זענען זיי אָבער אַלע עלטער פון אים, דערצו נאָך — באַווייבטע. נאָר ווען אַפילו נישט באַווייבט און יאָ אין זיין עלטער, וואָס האָט ער אין שותּפות מיט זיי? אַלע זענען זיי פּראָסטע לייט און ווייסן נעבעך נישט אַז זיי זענען דאָס. כאָטש פון וואַנעט זאָלן זיי וויסן אַז זיי ווייסן נישט? אַז אויסער דעם „פּייפּער" לייענען זיי גאָרנישט. אויסער צו אַ יוניאָן־מיטינג, קומען זיי אין ערגעץ נישט. אַ מאָל — אין יידישן טעאַטער — איז עס אָבער צום „פינטעלע ייד", צו „כינקע פינקע". אפשר, דאָ און דאָרט, געפינט זיך ווער צווישן זיי וואָס קוקט נאָך אַריין אין אַ ספר, לייענט אַ בוך, קען ער אָבער נישט קיינעם פון די מענטשן.

אַוודאי, מיט די יוניאָן פּרעזידענטן, מיט די גענעראַל־סעקרעטאַרן, אַפילו מיט וועמען פון די נידעריקערע באַאַמטע, האָט ער גענוג אין שיי־כות, שטייט אָבער אַן אומגעזעענע וואַנט צווישן זיי און אים. אמת, באַלד נאָך זיין קומען אין אַמעריקע, האָבן אַלע אים גערן געזען — אַ גאַסט! איצט אָבער, נאָך אַכט, ניין חדשים זיין אין אַמעריקע — איז אויס גאַסט! ס'קען זיין, ווען ער וואָלט זיך נישט אַזוי דערווייטערט, ווען ער וואָלט אַרויסגעוויזן מער אינטערעס צו די יוניאָנס, געהאַט חשק צו ווערן אַ טוער אין זיי, ווי די אַריבערברענגער זיינע האָבן געמיינט ער וועט עס דאָ ווערן, וואָלט מען אים דאָרט נאָך איצט געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם און נאָך איצט

אים אַרויסגעוויזן פריינדשאַפט, נאָענטקייט. ציט אים אָבער נישט צו קיין טעטיקייטן אין די יוניאָנס. עפּעס איז דאָ גאָרנישט ווי אין פּוילן! אין וואַרשע, אַז מ׳סטרייקט, — פּיקעט מען די ווערקשטעלן און מ׳האַנדלט אונטער מיט די באַלעבאַטים, מ׳אַמפּערט זיך, מ׳דינגט זיך ביז מ׳קומט צו אַן אויסגלייך. דאָ — אַ סטרייק איז שווידערלעכער קלאַסנקאַמף, מלחמה! גענגסטערס מצד די באָסעס, שטאַרקע מצד דער יוניאָן און מ׳ממיתט זיך, מ׳שטעכט איינס ס׳אַנדערע מיט מעסערס, אַפּילו רעוואָלווערן לאָזט מען אין גאַנג! איז ער אַוודאי נישט קיין פּחדן, נתן חיים, אָבער הריגות זענען אים נישט צום האַרץ.

דער אַרבעטער־רינג? ער איז דאָרט געוואָרן אַ מיטגליד, געקומען צו איין זיצונג, צו אַ צווייטער, מ׳קען נישט זאָגן — זייער אַ וויכטיקע אָרגאַניזאַציע! אַז אַ כּרך ווי ניו־יאָרק, מיט מיליאָנען ייִדן, אָן עין הרע, האָט נישט קיין קהילה, וואָס זאָל זאָרגן פאַר ייִדישע נויטן, מוז דער אַרבעטער־רינג דאָס טאָן פאַר זיינע מיטגלידער, אויך זיי פאַרזאָרגן מיט קרקע! איז עס אַוודאי זייער נייטיק, אינטערעסירט אים אָבער נישט, נתן חיימען, צו זיינע דרײַ און צוואָנציק יאָר, צו פאַרנעמען זיך מיט בית־עולם. דעסטגלייכן דאָס אונטערשטיצן אַ קראַנקן מיטגליד, אָדער אַרויסהעלפן מיט עטלעכע טאָלער אַ פריינדלעכע אָרגאַניזאַציע, אַלץ וויכטיקע טעטי־קייטן, אָבער וואָס האָט ער ביי דעם צו טאָן? צאָלט ער זיין „דיוס" (שטייער) און לאָזט די טעטיקייטן צו אַנדערע „מעמבערס" (מיטגלידער) פון „ברענטש" (אָפּטייל).

אַוודאי, פריינדינעס, מיידלעך, פעלן אים נישט, נתן חיימען. אַ שטיי־גער די ביטריס גרין. ער קומט טאַקע נישט מער אַרויף אין אָפיס זיך זען מיט איר, אָבער ער ווייסט אַז זי איז נאָך אַלץ זייער גערן זיך צו טרעפן מיט אים אין אַ פּאַרק, ביי אַ בילדער־אויסשטעלונג. דעסגלייכן די שיפ־שוועסטער זיינע, בתיה, זי וויל אַוודאי זיך טרעפן מיט אים און וואָס אָפ־טער, ווייסט ער אָבער אַז דאָס זען זיך מיט זיי, טוט נישט די מיידלעך קיין גוטס. אַז אַ בחור פירט זיך אַרום מיט אַ מיידל, קען קיין אַנדער יונ־גערמאַן זיך נישט האַלטן אַרום איר און מיידלעך האָבן אַ טבע — זיי ווילן חתונה האָבן און ער קען נישט זיין קיין חתן נישט פאַר דער און נישט פאַר קיין אַנדערער, ער האָט זיין עלקעלען אין ראָדעם!

שליאָנדערט ער זיך אַרום אין די שבתים, אין די זונטיקס, איינער אַליין איבער די ניו־יאָרקער פּאַרנע, הייס־אַנגעגליטע גאַסן און גאָרנישט גלוסט זיך אים, נתן חיימען, אַפּילו נישט גיין זיך אויסזוכן אַ קיל ווינקל אין וועלכן גערטל, אין אַ פּאַרק, נאָר זיצט אויף אַ בריקל, אין דער שאָטנזייט

פון אַ גאַס און קוקט אַריין אין „פאָרווערטס", אין „טאָג", האָט איין מאָל זיין אויג דערזען אַ נאָטיץ, אַז מאָריס שוואַרץ גרייט זיך אויף מוצאי יום כּיפּור צו עפענען זיין קונסט־טעאַטער מיט אַנסקיס דיבוק, אַז פאַר די מאַסנסצענעס אין דעם שטיק, גרינדעט ער אַ „דראַמאַטישע סטודיאַ", פירט אונטערהאַנדלונגען מיט עפּעס אַ „קונסט־רינג" און ער זוכט אויך פעיקע יונגע לייט און מיידלעך פאַר זיין „סטודיאַ" מחוץ דעם קונסט־רינג.

ער האָט נישט געגלייבט זיינע אויגן, נתן חיים! טעאַטער? עפּעס איז ער דאָך אין וואַרשע געווען אַ מיטגליד אין דער „דראַמאַטישער־סעקציע" ביים „גראָסער־קלוב", אויפגעטרעטן דאָרט אין דעקלאַמאַציעס, אין איינ־אַקטערס און שידלאָ, דער רעזשיסער, פלעגט נאָך יעדן אויפטריט אים לויבן, קלאַפּן אים אין פּלייצע: „ער וועט זיין אַ גרויסער שוישפּילער". מילא, יאָ אַ גרויסער, צי נישט קיין גרויסער, דאָס אינטערעסירט אים איצט נישט. ער האָט דען בדעה צו ווערן אַן אַקטיאָר? אָבער אַריינטרעטן אין דעם „קונסט־רינג" צי אין דער „דראַמאַטישער־סטודיאָ", דאָס קען ער דאָך. אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע וועט ער זיך טרעפן מיט זיינס גלייכן, יונגע לייט, וואָס וועלן אים אינטערעסירן און אפשר ער — זיי אויך?

איז ער גלייך צומאָרגנס נאָך דער אַרבעט אַוועק אויף דער זיבנאונ־צוואַנציקסטער גאַס אין מעדיסאָן עוועניו צו מאָריס שוואַרצס „קונסט־טעאַטער". ווי ס'איז נאָך געווען פרי אין אָוונט, זענען שוין דאָרט געווען פיל יונגע לייט און מיידלעך פאַר אים. איינע נאָך איינעם זענען די יונגע מענטשן אַריינגעבעטן געוואָרן אין אַ זייטיק צימער „אויף פּרובע". אויך אים, נתן חיימען, האָט מען לויט דער ריי אַריינגערופן און, ווי תּמיד פאַר אַן אויפטריט, איז ער אויך איצט, כאָטש בלויז פאַר דריי מענטשן, געווען אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, אַ קליינקייט: מאָריס שוואַרץ!

— איר זענט שוין אַ מאָל געווען אויף אַ בינע? האָט דער מאָריס שוואַרץ, אַ טונקלהויטיקער פאַרשוין, מיט נאַסלעך שוואַרצע האָר און ביסטרע, גליזיקע אויגן אים אַ פרעג געטאָן אין אַזאַ זעלבסט־זיכערער באַ־ריטאָן שטים.

— נישט אין קיין טעאַטער, בלויז אויף דער בינע אין „גראָסער־קלוב", אין וואַרשע, איז ער פיל מאָל אויפגעטרעטן אין איינאַקטערס, אין רעציטאַציעס, אונטער שידלאָס רעזשי, האָט ער, נתן חיים, געענטפערט אַזוי שטיל און נישט זיכער, אַז דער מאָריס שוואַרץ האָט אים איבערגע־פרעגט:

— אונטער וועמענס רעזשי?

— אונטער שידלאָס.

— איר האָט געהערט פון אַזאַ רעזשיסאָר? האָט ער געפרעגט בײַ זײַנע צװײ מיטזיצערס און, נישט װאַרטנדיק אויף קײן ענטפער, זיך צו־ריקגעקערט צו אים, נתן חײמען: — פֿאַרלײענען עפּעס קענט איר?

— פֿאַר װאָס נישט? איז שוין נתן חײם געװאָרן זיכערער בײַ זיך. ער קען אַפילו דעקלאַמירן פֿון אויסנװײניק!

— פֿון אויסנװײניק? װאָס אַ שטײגער?

— ער רעכנט צו דעקלאַמירן „באָנטשע שװײַג" פֿון י. ל. פּרץ.

— באָנטשע שװײַג? גוט, לאָמיר הערן.

מאָלט אײַך אַז גאַנץ „באָנטשע שװײַג" האָט דער מאָריס שװאַרץ אים נישט געלאָזט דעקלאַמירן. גרױסע לײַט האָבן דען געדולד צו הערן עמעצן? נאָר זײ דאַרף מען הערן! סײ װי אַרױסגעקומען פֿון דער „פּרובע" איז ער גאָר צעיאָכמערט, נתן חײם. װי װײַל ער האָט נאָך נישט געװוּסט צי ער האָט יאָ „אויסגעהאַלטן" צי נישט „אויסגעהאַלטן", איז אַלץ אײנס אַ צופֿרידנקײט אויפֿגעגאַנגען אין אים. ס'ערשטע מאָל זינט ער איז אין אַמעריקע אַז ער האָט זיך געטראָפֿן מיט יונגע מענטשן פֿון זײַן גלײַכן און, בײַ די רעפּעטיציעס, אויף דער בינע שױן, אַ גרימירטער װי אַן אַלטער ייִד מיט אַ גרױער באָרד, דראָטענע שפּאַקולען איבער דער נאָז, אַ שטרײַמל אויפֿן קאָפּ און אַ גאַרטל אַרום די לענדן, האָט ער זיך ערשט געפֿילט אַן אויפֿגעלעבטער, געװאָרן נאָענט מיט אַנדערע יונגע לײַט, גרימירטע װי ער, דער עיקר מיט אײנעם, אבנר פֿריד, מיט אים האָט ער זיך געטראָפֿן אויך אויסערן טעאַטער, װי זײ װאָלטן זיך געקענט שױן פֿון אַ סך יאָרן.

אַװדאי האָט ער װײַל געװוּסט די סיבה פֿון זײער נאָענטקײט, נתן חײם. װי ער חלומט זײַן גאַנץ לעבן צו זײַן אַ שרײַבער, אַזױ גרײט זיך דער אבנר פֿריד צו װערן אַ מאָלער, װי ער, נתן חײם, אַזױ שװיצט אויך דער אבנר אין אַ שאָפּ צו פֿאַרדינען אויף זײַן אָרעם ביסל אױסקומעניש און װי ער אַזױ „דרײט" זיך אבנר אַרום טעאַטער בלױז אויף דערװײַל, מיט דעם אײנעם חילוק װאָס ער, נתן חײם, האָט געהאַט װײניקער אױס־דױער, װײניקער געדולד נאַכט אײַן און נאַכט אױס זיך צו צוקלעפּן די זעלבע גרױע באָרד, אָנטאָן איבער דער נאָז די זעלבע דראָטענע שפּאַ־קולן, אָנציִען די זעלבע לאַנגע, שװאַרצע קאַפּאָטע, מיטן זעלבן האָריקן קאַלפּאַק אויפֿן קאָפּ און צעדריװעלטע גאַרטל אַרום די לענדן, כּדי װאָס? כּדי צו זײַן כּלומרשט אַ בטלן אין בית המדרש, מורמלען קאַפּיטלעך תּהילים אויף אַ רפֿואה שלמה פֿאַר אַ כּלומרשטן חולה? איז אים גיך, נתן חײמען, נימאס געװאָרן דאָס נודנע שפּיל, בעת דער אבנר פֿריד, האָט צו דער מאָלערײַ זײַנער, אויך געװאָלט שפּילן טעאַטער. קען זײַן אַז אין

דעם אבנרן איז דער אַקטיאָר שטאַרקער פון מאָלער, בעת ביי אים זעט אויס איז דער שרייבער שטאַרקער פון אַקטיאָר.

אין וואַרשע נאָך, בעת זען אַ פאָרשטעלונג אין אַ טעאַטער, פלעגט ער זיך וווּנדערן, נתן חיים, נישט קענען פאַרשטיין ווי די אַקטיאָרן ווערט נישט נימאס איבערצוחזרן די זעלבע ראָל דורך אַ גאַנצן סעזאָן, צו מאָל אַפילו עטלעכע סעזאָנען שפּילן דעם כּלומרשטן געליבטן, אַרומנעמען די „געליבטע" און איבערחזרן צום הונדערטסטן מאָל דעם זעלבן כּלומרשט טיף דורכגעפילטן ליבעס־„דיאַלאָג". דעמאָלט האָט ער דאָס בלויז נישט געקענט באַנעמען, נתן חיים, איצט אָבער אַז ער האָט אַליין געדאַרפט עפּעס ענלעכעס טאָן נאָכט נאָך נאָכט, האָט אים די נודאַטע גענומען קריכן פון האַלדז און ער האָט דאָס שפּיל איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע.

אַוודאי איז אים געוואָרן קלאָר, נתן חיימען, די סיבה פון זיין אומגעדולד צום טעאַטער. דאָס האָט אין אים דער יונגער, נאָך רעכט נישט זיך אַנטוויקלטער שרייבער אַזוי רעוואָלטירט קעגן דעם אַוועקנעמען פון אים, דעם דיכטער, זיין קאַרג ביסל צייט און עס אָפּגעבן אויף וואָס? אויף נאָכרעדן עמעצנס רייד? אויף פאָרשטעלן וועמענס אַ בילד, אַ כאַראַקטער? ער אַליין, דער שרייבער וואָס אין אים, איז דאָך פול מיט אייגענע כאַראַקטערן, מיט אייגענע בילדער, סצענעס און געשעענישן, פול מיט רייד פון ליבשאַפט, פון תּרעומות, וואָס וועלן אים גענוגן אויף צו שאַפן אַ גאַנץ לעבן לאַנג!

איז ער אַוועק פון שווישפּילעריי, נתן חיים, אָבער וואָס ווייטער? וואָס זאָל ער טאָן כּדי איינצוגעדולדן זיין אומגעדולד? איינצורויִקן זיין אומרו? אַוודאי ווייסט ער וואָס! ער מוז זיך נעמען שרייבן אויף אַן אמת, נישט אַ קאָרעספּאָנדענץ, אַפילו נישט אַ סקיצע! ער מוז זיך זעצן שרייבן דעם ראָמאַן, וואָס אַ גאַנץ לעבן חלומט ער דאָס אָנצושרייבן. אָבער ווו נעמט ער די רו, די צייט און די מנוחה, וואָס ער מוז האָבן צו קענען זיצן און אַרבעטן איבער אַזאַ ווערק? נאָר ווי קען ער האָבן די מנוחה צום שאַפן, אַז די תּאווה פּרעסט אים אויף, טרייבט אים פון איין אָפּערע אין דער אַנדערער, כאָטש ער זעט אַז די אָפּערעס ברעכן אונטער זיין געזונט, ער ווערט אַלץ בלייכער, מאָגערער. אין פּאַריז האָט ער כאָטש געהאַט אַן אויסרייד: ער הונגערט! דאָ אָבער, אין אַמעריקע, דאָס לאַנד פון זעט און שפע, האָט ער דאָך נישט דעם תּירוץ! ער עסט דאָך דאָ אין דער וואָכן בעסער, מער, ווי ער האָט אין דער היים געגעסן אין אַ יום־טוב. ווייסט ער טאַקע די סיבה, נתן חיים, אָבער ווי אַזוי נעמט ער זיך אין די הענט גובר צו זיין די סיבה?

## קאַפּיטל פינפאונצוואַנציק

אַבער און ווידער טראַכט ער, נתן חיים: „וואָס וועט פאַרט זיין דער סוף? ער זעט דאָך, שיינדעלע, עלקעלעס מאַמעשי, פירט אים ביי דער נאָז! אויף די מערסטע בריוו זיינע צו עלקעלען, ענטפערט אים שיינ־דעלע און אין אַלע — דער אייגענער פּזמון: „עלקעלע ,עט ניש׳ פורן צי עים אין עק וועלט! זאָל ער אַהיימקימע׳ ׳עט מ׳זעיען".

מילא, שיינדעלע איז אַ מאַמע. זיין מאַמע האָט דען געוואָלט ער זאָל אַוועק „הינטער די הרי חושך"? אַבער זי? עלקעלע? זי איז דאָך נישט מער קיין קינד! אַ מיידל פון ניינצן, צוואַנציק יאָר מעג שוין אַליין וויסן וואָס זי וויל, נישט לאָזן זיך פירן ביי דער נאָז פון דער מאַמעשי, ווי מ׳פירט אַ קאָזע (ציג) אויף אַ שטריקל. נאָר פאַר וואָס לאָזט ער זיך פירן פון שיינדעלען? אַז עלקעלע שטרעבט נישט צו קומען צו אים, איז דאָך אַ סימן אַז זי האָט אים נישט ליב. ווען יאָ, וואָלט זי דאָך מויערן דורכגעבראָכן און געקומען צו אים, צי איר טאַטעשי און מאַמעשי ווילן יאָ, צי זיי ווילן נישט! אויף וואָס זשע וואַרט ער? אויף וואָס צעטרענצלט ער זיינע יונגע יאָרן? אויף אַרומוואַלגערן זיך מיט מיידן? היינט מיט דער, מאָרגן מיט יענער, כּדי וואָס? כּדי צו בלייבן אַן אויסגעשעפּטער פון די כּוחות און נאָך מער צערייצט ווערן פון דער תּאווה? פון די גלוס־טעניש צו אַלץ מער און מער ווייבער?

ווי איז דאָס געהערט געוואָרן אַ יונג זאָל אין דער זעלבער צייט זיך אַרומשלעפּן מיט פיר מיידן? מיט איינער פירן ראָמאַנסן, איידעלע, אומ־שולדיקע ראָמאַנסן, מיט דער צווייטער זיך וואַלגערן אין אַ פּאַרק, זיך קושן און דריקן מיט איר, מיט דער דריטער גיין כּלומרשט זען אַ פילם, נאָר, אין דער אמתן, כּדי צו זיצן אין אַ פינצטער ווינקל אַרומגענומענע, צו־נויפגעדריקטע אַז ס׳פאַרפעלט אַזש אָטעם און ערשט מיט דער פערטער שלאָפן, וואַלגערן זיך מיט איר אויף דער פאָדלאָגע ווי אַ זעלנער מיט אַ דינסטמויד!

די איינציקע, וואָס ער רירט נישט אָן, איז די ביטריס גרין. זי איז דאָך אַזוי צאַרט, אַזוי צניעותדיק, אַז פונקט ווי עלקעלען, וואַגט ער קוים צו באַרירן איר קליין, איידל געפאַרעמט הענטל. אַ צאַרטע רויז,

ווער האָט דאָס האַרץ זי צו צעטרעטן? אָבער נישט אַזאַ איז ער מיט די אַנדערע מיידלעך.

אַ שטייגער די רעליאַ סאַמעט. אַ האַנט־נייעריין ביי קלאָוקס דאָ, ווי זי איז דאָס געווען אין וואַרשע. געוויס, זי בויט זיך שלעסער וועגן אים, האָפט אים אַרויפצוקריגן אין שטוב צו אירע עלטערן אים „צו באַ־שויען". נאָר ווי זי פרעגט אים נישט אַזוי זאָגט ער איר נישט אַז דאָס זענען „לופט שלעסער", וואָס זי בויט זיך. אָבער זי איז אַ שיין, רייצנדיק מיידל מיט אַ קאָפּ צעכוואַליעטע, שאַטינע האָר, פולע בריסט און ברייט־לעכע, שיינע היפטן, טרעפט ער זי גערן צו פאַרברענגען אַ מאָל אַן אָוונט מיט איר. אַזוי טרעפט ער זיך מיט דער מאַרושא קליינבוים, אויך אַ גע־וועזענע מיטגליד אין וואַרשעווער נאָדל־פאַראיין, אָבער נישט קיין מאַגאַ־זין־שניידערין, נאָר אַ הוטנפוצערין.

וואָס אַן אמת, אין וואַרשע איז ער נישט געווען גערן צו טרעפן זיך מיט איר. לויט אירע העל־בלאָנדע האָר, קונציק־פאַרוויקלטע אין לאָקן, לויט אירע קעציש גרינע אויגן און אַרויפגעשאַרצט, שיקסיש נעזל און די רעשיק־קאָלירענע קליידלעך, ענג אויסגעפּאַסט אַרום די בריסט, אַרום די פולע היפטן, האָט מען זי אָנגענומען פאַר אַ פרעך, אויסגעלאַסענער גאַסנמויד. כאָטש אין דער אמתן איז זי אַ פיינע יידישע טאָכטער, נאָר ווייל זי האָט אַן „אינטעליגענט־פאַך", איז איר נישט אָנגעשטאַנען צו רעדן יידיש, נאָר שטענדיק — פויליש און דאָ, כאָטש זי קען נאָך נישט דאָס אַמעריקאַנער לשון, רעדט זי אויך נאָר ענגליש!

אַרט עס אים נישט דאָ, נתן חיימען, זיך צו טרעפן מיט איר, אַפילו אויסצוהערן די פאַרוואורפן אירע, אַז „זי איז שטאַרק אַנטוישט אין אים, וואָס ער, דער ‚פאַן סעקרעטאַרזש זוויאַנזקו׳ (דער הער סעקרעטאַר פון פאַראיין) זאָל געווען זיין אַזוי בלינד, נישט צו זען ווי פאַרליבט זי איז אין אים! וואָס האָט דער פאַן סעקרעטאַרזש געוואָלט? זי זאָל אים פאַלן צו די פיס? דערקלערן זיך אים אין ליבע? נישט זי! אַזוי טיף איז זי נאָך נישט געפאַלן. ער איז טאַקע ‚אַ פּזשיסטוינע כלאָפּיעץ׳ (אַ שיין יינגל) דערביי טוט זי אים אַ ריס איינע פון די צוויי לאָקן איבער זיין שטערן און, כלומרשט בייזלעך גיט זי צו: „אַליע", (אָבער) אַ קאַוואַליער איז דער ‚פאַן סעקרעטאַרזש׳ נישט געווען"! פון דעסטוועגן, נאָך די אַלע טענות און אויפוואָרפענישן, פרעגט זי אים, נאָך יעדן מאָל פאַרברענגען מיט אים, „ווען טרעפן זיי זיך ווידער"?

איז צו זיי, אומגעריכט אין יענעם פרימאָרגן, אונטערגעקומען אים אויפן דאַך די גענינע, געניע זיידמאַן. אָבער ווו איז זי אים אַהינגעקומען?

ווייזט זיך נישט מער אויפן דאַך און, ווי ער מיט זיך צו טרעפן זי אין דער פרי ביים גיין צו, און פאַר נאַכט — פון דער אַרבעט, האָט ער זי מער נישט געזען! ער שטויסט זיך אַפילו אָן, נתן חיים, פאַר וואָס זי ווייזט זיך נישט מער.

אַ דערפאַרענע, אַ פרוי וואָס האָט שוין עטלעכע יאָר געלעבט מיט אַ מאַן, דערצו אויך נישט קיין צוציקל מער, שוין אַוודאי אַ יאָר פינף און צוואַנציק, האָט זי יענעם פרימאַרגן גענומען אים אויף אַ פאַרהער: „ווי איז אים דערגאַנגען אין פאַריז? ווי האָלט ער מיט עלקעלען״? זי, ווי יעדע אין פאַראיין האָט ווויל געוווסט אַז ער האָט אַן עלקעלע אין ראַ־דעם און אַז די עלקעלע שטייט פאַר אים ווי אַ טורעם, וואָס לאָזט נישט קיינע פון די מיידלעך דאָרט האָבן דעם מינדסטן קלער וועגן אים, דעם פאַראיין־סעקרעטאַר.

איז ער דאָך אָבער אַ טיפּש! יאָ, יאָ, ער, נתן חיים, — אַ וויסטער נאַר! האָט ער זיך געעפנט פאַר דער געניען, זיך פאַרטרויט אַז מיט עלקעלען ווייסט ער גאָרנישט ווי ער האַלט, אַז „צווישן אַנדערע״, טרעפט ער זיך כּמעט יעדן זונטיק מיט אַ שיפשוועסטער, זייער אַ שיין, שטיל מיידל און ער איז צעטומלט, ווייסט נישט וואָס צו טאָן. ס'האַרץ זאָגט אים אַז ער דאַרף זיך „אַפּלאָנטשען״ (אָפּטשעפּען) פון דער שיפשוועס־טער. צוליב אים האַלט זיך דאָך נישט קיין אַנדער בחור אַרום איר. איז עס אַוודאי נישט פיין פון אים. דאָס מיידל, ווי בכלל מיידלעך, וויל נישט צעטרענצלען אירע יוגנט אויף טאָמער? אפשר? זי זוכט תּכלית! ער אָבער שווייגט. צו זיין אויפריכטיק מיט איר, געניען? ער איז זייער איינ־געהאַלטן מיט איר, דער שיפשוועסטער. ער קושט זיך נישט מיט איר, ליגט נישט מיט איר אין פאַרק אויפן גראָז, ווי ער דערלויבט זיך דאָס מיט אַנדערע מיידלעך.

— וואָס דען טוט ער מיט איר? האָט די געניע אַזוי ציניש־שלוי גע־שמייכלט אים אין די אויגן אַריין. — עפּעס גלייבט זי זיך נישט אַז ער, פיינזילבער, אַזאַ „פלירט״, אַזאַ „קאַביעטשאַרזש״ (ווייבערניק) זאָל גראָד מיט דער שיפשוועסטער זיין אַ צדיקל, אַזאַ צניעותדיקער יונגערמאַנ־טשיק.

— ער מוז צוגעבן, האָט ער, נתן חיים, זיך מודה געווען, — אַ ביסל איז זי גערעכט, געניע. ס'איז אים טאַקע שווער, זייער שווער צו זיין מיט דער שיפשוועסטער איינגעהאַלטן. אין פאַרק דערלויבט ער זיך טאַקע נישט מיט איר דאָס מינדסטע, אַפילו נישט אַרומנעמען זי אַרום דער טאַליע, ווי עס איז זיין טבע, ווען ער גייט מיט אַ מיידל. ער שפּאַצירט

מיט איר סטאַטעטשנע, שמועסן וועגן אַן אויסשטעלונג, וואָס זיי זעען אַ מאָל צוזאַמען אין אַ קונסט־גאַלעריע, אַ מאָל אויך וועגן אַ בוך, וואָס ער רעקאָמענדירט איר צו לייענען.

— זייער ראַמאַנטיש! האָט די גענייע אַזוי ציניש געצויגן דאָס וואָרט, דערביי האָט זי גיך אַרויסגעוויקלט זיך פון זיינע אָרעמס און, אַרויפּצינדיק שנעל אויף זיך די „פּיזשאַמע", האָט זי אים שטעכיק צוגעוואָרפן אַ זאָגעלע: „פיינזילבער, אין גיכן וועט זי הערן אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט דער שיפשוועסטער"! אָפּגעזאָגט, האָט זי געכאַפּט איר קישעלע מיט דער קאָלדרע און, ווי אַ ווינט אַרויס פון זיין צימער.

איז ווי ווייל אים האָט נישט געשמעקט דער גענייעס אַנטלויפן און נאָך מער איר נישט ווייזן זיך, טראַכט ער דאָך וועגן איר דעמאָלטיקן זאָגעלע, נתן חיים, און קלערט „אפשר איז איר זאָגעלע גאַרנישט אַזוי קרום"? לענגער זיך אַזוי אַרומפירן מיט דער בתיהן איז נישט רעכט! אמת, ער ניצט זי, חלילה, נישט אויס. אָבער צוליב אים האַלט זיך נישט קיין אַנדער בחור אַרום איר. אָט איז איר איין מאָל אונטער־געקומען גאָר אַ פיינער יונגערמאַן. אַפילו אים, נתן חיימען, איז דער בחור געפעלן פאַר בתיהן. וואָלט אַלץ געווען ווויל און פיין, ווען ער ווערט אַ האָז און לאָזט די צוויי לייט זיך נענטער באַקענען, זיך אָנ־וואַרעמען איינע צום אַנדערן. איז ער אָבער נישט פאַרשווונדן, געוואָלט זיין כלומרשט אַ ברודער בתיהס, וואָס היט די געליבטע שוועסטער קעגן אַ פאַלשן שריט, קעגן אַ נישט באַרעכנטקייט. האָט זיך דער יונגערמאַן גיך אָפּגעטראָגן!

ווייסט ער, נתן חיים, אַז אַזוי איז נישט רעכט און דאָך קומט ער ווייטער צו איר יעדן זונטיק אין דער פרי און כאַטש זי וואַרפט אים כלומרשט אויף: — אַזוי פרי קומט אַ קאַוואַליער צו אַ דאַמע? לאָזט זי יעדערס מאָל אָפן פאַר אים די טיר, בעת זי ליגט נאָך אין בעט, כלומרשט פאַרשלאָפן און די נאַקעטע אָרעמס אירע, אַרום קאָפּ מיט ווייכע, שוואַרץ־זיידיקע צעכוואַליעטע האָר בלאַנקען אים אַזוי רייצנדיק אַנטקעגן. לייגט ער זיך צו לעבן איר אין אַנטועכץ, שטאָט אַ קוש, אָטעמט ער אַריין דעם ריח פון איר אָפּגעדעקטן, נאַקעט־רייצנדיקן האַלדז, פון איר שיינעם, יונג־מיידלשן אַקסל.

אַוודאי ווייסט ער אַז דער נסיון איז גרויס. און דער מוח זיינער פּי־בערט: „לאָזט נישט בתיה אָפן פאַר אים די טיר בכיוון? טוט זי דאָס נישט טאַקע כדי ער זאָל זיך פאַרלירן? נישט קענען ביישטיין דעם נסיון און אַזוי אַרום מער נאָך צובינדן אים צו איר, פון זיין ליבע מיט דער

עלקעלען זאָל גאַרנישט ווערן און ער וועט חתונה האָבן מיט איר״?

גייט ער אַרום אַ דערשלאָגענער, נתן חיים, „וואָס זאָל ער טאָן? פֿאַרשווינדן? זיך מער נישט ווייזן פֿאַר בתיהן? ווי קען ער אַזוינס טאָן? גלאַט אַזוי, אָן אַ וואָרט, פֿאַרלוירן ווערן? ניין! בתיה האָט זיך דאָס ביי אים נישט פֿאַרדינט! איז אפשר גאָר צושרייבן איר אַ בריוול, אַזוי און אַזוי, וואָרעם רעדן מיט איר וועגן איבערררייסן זייער זען זיך און דערביי איר קוקן אין די אויגן אַריין? אין בתיהס גוטע, פֿאַרטרויערטע אויגן? דאָס וועט אים זיין אוממעגלעך!״

האָט ער דעם זעלבן זונטיקדיקן אָוונט, ווי נאָר ער איז געקומען צו זיך אין צימער, נאָכן אָפּפירן זי, אַוועקגעזעצט זיך ביי זיין שטענדיק גרייטן בלאָקל פּאַפּיר און גענומען שרייבן:

„טייערע בתיה, עטלעכע מאָל שוין האָט זי אים געפֿרעגט פֿאַר וואָס ער איז לעצטנס אַזוי דערשלאָגן, אַזוי פֿאַרטרויערט? שטעלט זי זיך גאָר נישט פֿאָר ווי ער ווערט צעריסן? ער זעט לעצטנס אַלץ מער און מער איַין אַז צווישן עלקעלען און אים ווערט גאַרנישט! ווידער זיין אַרומגיין מיט איר, בתיהן, איז אים אַ באַזונדער ווייטיק אין האַרץ. ער ווייסט אַז ס׳איז נישט רעכט אַזוי זיך אַרומצופֿירן מיט איר און קיין מאָל איר נישט געבן אַפֿילו אָנצוהערן אַז ער האָט זי ליב, אַז ער וואָלט וועלן פֿאַרבינדן זיין לעבן מיט אירס. אָבער ווי קען ער דאָס איר זאָגן, אַז ער אַליין ווייסט עס נישט. און אפשר איז זי גאַרנישט גרייט פֿאַר דעם? איז ער דען זיכער אַז זי האָט אים ליב? מיינט ער אַז זיי דאַרפֿן זיך אויס־פּרווון. זיי דאַרפֿן אויפֿהערן זיך זען אויף אַ שטיקל צייט. אַ חודש, רעכנט ער, איז גענוג דאָס איינצוזען. וועט אים, אין דעם חודש צייט, ציִען זי צו זען, וועט דאָס זיין אַ סימן אַז זי איז אַריינגעוואַקסן אין זיין האַרץ, אַז ער האָט זי ליב. דעסטגלייכן זי. אַז זי וועט אים נישט האָבן פֿאַר עטלעכע וואָכן אַרום זיך, וועט אויך זי האָבן אַ געלעגנהייט זיך צו צוהערן צו איר האַרץ, צו זען צי זי בענקט נאָך אים, אָדער ס׳איז בלויז אַ געוווינהייט ביי זיי צו זען איינע דעם אַנדערן.

אַלזאָ, אַדיע בתיה טייערע אויף אַ חודש! אויב דורך דער צייט וועט ער פֿילן אים ציט צו איר, וועט ער אויפֿן פֿערטן זונטיק, צען אין דער פֿרי, זיין אין סענטראַל־פּאַרק און זי זוכן אויף די סטעזשקעלעך, וווּ זיי שפּאַצירן אַלע מאָל. וועט ער דאָן זי דאָרט נישט געפֿינען, וועט עס פֿאַר אים זיין קלאָר אַז ער מיינט גאַרנישט פֿאַר איר. דאָס זעלבע — זי. אויב זי וועט דורך דער צייט פֿון נישט זען זיך פֿילן אַז איר האַרץ באַגערט אים, וועט זי אין יענעם זונטיק קומען דאָרט אים טרעפֿן. אויב

ער וועט דאַרט נישט זיין, וועט עס מיינען: אַדיע צו זייער ראָמאַנסירן, אַדיע צו זייער טרעפן זיך.

און דערווייל, ביז דאַן, בעט ער זי: בתיה טייערע, זאָל זי אים נישט נעמען פאַר אומגוט זיין נישט באַראָטן זיך מיט איר וועגן דעם פּלאַן, נאָר אַליין אַזוי דעצידירן. אַזאַ איז ער, וועגן אַלץ וואָס שייך זיין לעבן, דע־צידירט ער אַליין".

## קאַפּיטל זעקסאונצוואַנציק

נאָכן האָבן באַלייגט דאָס בריוול צו בתיהן, איז אים געווען טרויע־ריק אויפֿן געמיט, נתן חיימען. אָט איז אַוועק די וואָך און ס'איז זונטיק אין דער פֿרי, ווּ זאָל ער גיין? וואָס זאָל ער מיט זיך טאָן? שרייבן? ער קען נישט איינזיצן ביים טישל. אַ גאַנצע וואָך ביי דער אַרבעט איז ער געזעסן ווי אַ דערופּענער. ס'עסן באַקומט אים נישט. ביי נאַכט קען ער קיין אויג נישט צוטאָן. זאָל ער שרייבן צו עלקעלען אַז אַלץ איז אויס צווישן אים און איר? און זי, די בתיה, האָט ער זי ליב? וואָס מיינט ליבע? באַגער? ער באַגערט די רעליאַ סאַמעט מער ווי בתיהן. מיט בתיהן קען ער לאַנגע שעהען שפּאַצירן, חלומען, שמועסן, בעת די רעליאַ, די מאַרושאַ קליינבוים, צינדן אים אָן, ווי נאָר ער קומט אין באַריר מיט זיי. אָט טאַקע די רעליאַ, די מאַרושאַ, איידער ער האָט געשריבן דאָס בריוול צו בתיהן, האָט אים געצויגן צו זיי, אַ מאָל צו דער, אַ מאָל צו דער אַנדערער, איצט האָט ער נישט קיין אינטערעס זיי צו זען. אַפֿילו עלקעלע ווערט אים אַלץ מער און מער פֿאַרבלאָסט אין זכּרון. ווי לאַנג שוין אַז ער האָט צו איר קיין וואָרט נישט געשריבן!

נאָר צו וואָס האָט ער באַדאַרפֿט פֿיר וואָכן? צוויי זעגען נישט לאַנג גענוג איינצוזען אַז אים ציט צו בתיהן? אָט איז קוים די ערשטע וואָך אַוועק און ער וויל שוין לויפֿן אין סענטראַל פּאַרק, אפשר וואַרט זי דאָרט אויף אים? ער וועט זיך אָבער מוזן אָנטאָן אַ כּוח! ס'קען דאָך זיין אַז דאָס זען זיך יעדן זונטיק מיט בתיהן איז בלויז אַ געוווינהייט, אָט ווי פֿריִער דאָס זען זיך יעדן שבת מיט דער מיס גרין, איז ווי ער האָט זיך אָפּגעוווינט פֿון די טרעפֿעניש מיט דער ביטריס, אַזוי וועט ער זיך מוזן אָפּגעוווינען פֿון די זונטיק־טרעפֿענישן מיט בתיהן.

איז אַוועק נאָך אַ וואָך און ווידער איז זונטיק. ווידער האָט זיך אין אים אָנגעהויבן דאָס ראַנגלעניש מִיט זיך אַליין. דער מזיק אין אים האָט געלאַכט: „נתן חיימל, וואָס מאַכסטו זיך צו נאַר? צו וואָס די אויס־פּרוּווענישן? זעסט דאָך, בתיה האָט דיך אויף איר ווענטקע פֿון דער ערשטער מינוט וואָס האָסט זי געטראָפֿן אויף דער שיף. אַז זי איז אַ שיינע, האָסטו דאָך געזען נאָך דאַן, ווען זי איז געווען איינגעהילט אין

לאַכעס. אַז זי איז אַן איידעלע, אַ פיינע, האָסטו איינגעזען דורך דער גאַנצער צייט, וואָס איר קענט זיך. צו וואָס זשע די פּראָבעניש? טו זיך אָן און פאָר צו בתיהן!" ער האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט, נתן חיים, און צו בתיהן נישט געפאָרן.

אַזוי איז אַוועק דער צווייטער זונטיק. עס רעדט זיך נאָר אַזוי: „אַוועק". קיין זונטיק פריער איז ער נישט געווען אַזוי דערשלאָגן און דער טאָג אים נישט אַזוי לאַנג! וואָס האָט ער נישט געטאָן דער זונטיק זאָל אַריבער! געלעגן אין בעטל ביז נאָך וואַרעמעס. דערנאָך איז ער אַראָפּ נאָך צייטונגען און מיט דעם פּאַק בלעטער — אַריין אין אויטאָ־מאַט. ער האָט טאַקע נישט קיין אַפּעטיט צום עסן, אָבער אַ טעפּעלע קאַווע? דער עיקר— איבערלייענען די צייטונגען! נאָך דעם איז ער אַריין אין קינאָ אַנטקעגן דעם אויטאָמאַט. די בילדער אויפן עקראַן לאַנג־ווייליקן, דאָך איז ער דאָרט אָפּגעזעסן ביזן אָוונט.

נאָר ווי לאַנג די ערשטע און צווייטע וואָך זענען אים געווען, האָט די דריטע זיך אים געצויגן נאָך לענגער, נאָך פּיינלעכער! צו מאָל, „לאַנטש־טיים", שטאָט אַריינשטופּן זיך אין דער קאַפעטעריע איינצושלינגען אַ „סענדוויטש" מיט אַ טעפּעלע קאַווע, האָט ער גאָר חשק געהאַט, נתן חיים, זיך אַריינצוכאַפּן אין אַ טעלעפאָן ביידל און „אָפּרופן" זי, בתיהן, אין פלאַץ אַריין, פרעגן זי צי זי איז נישט בייז אויף אים, צי זי וויל אים נאָך אַלץ זען? איז אָבער דער „לאַנטש־טיים" אַזוי קורץ און דאָס דערשלאָגן זיך אין דער צייט צו אַ טעלעפאָן געדויערט אַזוי לאַנג, אַז איידער ער האָט זיך דעצידירט, איז די שעה געווען אַריבער און ער האָט געמוזט צוריק אַרויף אין שאַפּ צו דער מאַשין. ערשט דאָ האָט ער איבער־געטראַכט ווי נאַריש עס וואָלט געווען צו קלינגען. וואָסער פּנים וואָלט ער געהאַט ביי בתיהן? דער עיקר מיט אַזאַ נאַרישער קשיה! זי וואָלט דאָך אים געהאַלטן פאַר אַ שמאַטע, פאַר אַ „ווייכעמירל".

איז אַוועק אויך די וואָך און ווידער איז זונטיק. ער ליגט אין בעטל, קוקט אויפן זייגערל, די ניקלנע „ציבעלע", וואָס אויף דער שטול. דאָס גרויסע ווייזערל לויפט און דער דמיון זיינער לויפט מיט: „צו וואָס דאָס פּרווועניש, נתן חיים? ביסט געווען זעקס וואָכן אין קאַנזאַס־סיטי, מיט ווּעמען האָסטו געפירט קאָרעספּאָנדענץ? האָסט דאָך געשריבן צו בתיהן מער ווי צו עלקעלען. מיינט דאָס גאָרנישט? נאָר ווער זאָגט עס אַז ער מוז היינט פאָרן פערטן זונטיק, זיך זען מיט איר? ער קען דאָך בלויז צופאָרן צום סענטראַל פּאַרק, נישט אַריין אינווייניק, בלויז דורכשלייכן זיך אין דרויסן, לענג־אויס דעם צוים און אַזוי כאַפּן אַ קוק אַריבער די

קזשאַקעס. קאָן זײַן זי גײט דאָרט, בתיה, אויף די שמאָלע שטעגעלעך, וואָס אויף זיי האָבן זיי שפּאַצירט, אַזוי שײן ראָמאַנטירט. נאָר ווער זאָגט עס אַז זי וועט דאָרט זײַן? וואָסי, בתיה איז ווייניקער האַנאָראָווע פֿון אים? ס׳איז גאָר מעגלעך זי זאָל דעם פֿערטן זונטיק אויך נישט קומען, נישט וועלן זיך מער ווײַזן פֿאַר אים!

„אָט, דאָס טאָקע וויל ער זען״! און שוין, פֿול מיט אַמביציע, איז ער געטאָן אַ שפּרינג אַרויס פֿון בעטל און ווי ס׳איז ערשט קוים אַכט אַזייגער און טרעפֿן זיך דאָרט מיט בתיהן פֿלעגט ער נישט פֿריִער ווי צען אין דער פֿרי, האָט שוין דער אומרו געבערענט אין אים, געטריבן אים וואָס גיכער זיך אָנצוטאָן און, בײַם היפּערן אַראָפּ די זעקס שטאָק שטיגן האָט ער זיך אונטערגעפּייפֿט, ווי ייִנגלווייז אין מאַדזשיץ, בײַם אַרומפּאַנעווען אויף די הינטערשטאַטישע לאַנקעס.

ערשט אויף דער גאַס, אין שטיל־זונטיקדיקן פֿרימאָרגן, האָט ער זיך געהאַמעוועט, נתן חיים, צוריק אַרויפֿגעלאָזט אויף זיך דעם דערוואַקסע־נעם יונגנמאַן, אָפּגעגעסן אָנבײַסן אין אויטאָמאַט, אַרײַן אין אַ פֿינפֿטע עוועניו באַס, זיך אַוועקגעזעצט אויבן, אויף דער אָפֿענער דעק און אַ פֿריידיקער אַוועק צום סענטראַל פּאַרק. בײַ דער זעקס און נײַנציקסטער גאַס איז ער אַראָפּ פֿון באַס, דורכגעשניטן דעם פּאַרק אין דער ברייט, נאָר שטאָט אַרויס פֿון גאָרטן אויף דער מערב־זײַט, ווי ער האָט געהאַט אָפּגעפּאַסט בײַ זיך, איז ער גאָר אַרויס אויף די, אים אַזוי ליבע, שמאָל־געדרייטע שטעגעלעך, אפֿשר גייט זי דאָ, בתיה, אַזוי אומגעדולדיק ווי ער? ס׳האַרץ אין אים האָט געצאַפּלט, די אויגן זענען געלאָפֿן אין אַלע זײַטן נאָר דער מוח האָט געהאַמעוועט: „נתן חיים, ס׳איז ערשט דער דריטער זונטיק, בתיה איז נישט קיין פֿלאַטערקאָפּ! זי וועט נישט קומען דיך זוכן פֿאַרן פֿערטן זונטיק, אויב זי וועט בכלל קומען!״

אָט, פֿאַר דעם „אויב זי וועט בכלל קומען״, האָט אַזוי ס׳האַרץ זײַנס זיך געצאַפּלט. „זי האָט גאָרנישט אַרויסגעוויזן אים אַזוי פֿיל ליבע צו באַרעכטיקן זײַן קלערן אַז זי וועט יאָ קומען״. „וואָס זאָגט ער, ליבע? זי האָט נישט אַרויסגעוויזן צו אים קיין געפֿיל, עלעהיי זי גייט מיט אַ ברודער. ער דערמאָנט זיך איצט, נתן חיים, אַז זי האָט אים קיין מאָל קיין קוש געטאָן. נישט אויף די שפּאַצירן און נישט אויפֿן בעטל, ווען ער האָט זיך צוגעלייגט לעבן איר. זי האָט זיך אַפֿילו נישט אומגעדרייט צו אים. אויף די שפּאַצירן פֿלעגט זי שווייגן, בלויז דאָרשטיק הערן אים, ווי זי וואָלט נישט געוואָגט אַרײַנצושטעלן אירס אַ וואָרט. אַוודאי ווייסט ער ווי גרויס איר שיפֿלות־געפֿיל איז, ווי מקנא זי איז תּירצהן, די חברטע

אירע, וואָס איז „געגאַנגען אין גימנאַזיע״ און ווי ער האָט זיך באַמיט איר צו פאַרזיכערן אַז זי, בתיה, אַן שקאָלעס, האָט מער שׂכל, מער איב־טעליגענץ אין קנעכל פון אירס אַ פוס, ווי די „גימנאַזיסטקע״ אין איר קאָפּ און לײַב און לעבן, האָט עס אַלץ נישט געהאָלפן צו באַפרייען בתיהן פון איר שיפלות״.

איז אָט, אין מיטן דעם גיין איבער די שטעגלעך אַ פאַרטראַכטער, האָט ער פּלוצים דערפילט אַ זעץ אין האַרץ. ער טוט אַ קוק; איבער דעם גרויסן שטיין, אַן אַרויסגעשטעקטער ביי דער זייט פון געדרייטן שטעגל, הייבט זיך אַרויס בתיהס קאָפּ מיט די שוואַרצע, ווייך געכוואַליעטע האָר, און אָט זעען זיך שוין אירע אַקסלען אין ווײַן־קאָלירענעם קליידל, וואָס ער האָט אַזוי ליב זי צו זען אין דעם. אָבער צו וואָס אַ ביכל אונטער אָרעם?

ווי אויסטערליש! אַ רגע פריִער האָט דער מוח זיינער אַזוי רויִק, אַזוי ניכטער געזעדט צו אים, געהאַמעוועט אים און אָט, ביים בלויזן דערזען זי, ווו איז ער, דער מוח? אַרויסגעפלויגן אים פון קאָפּ? געלאָזט אים צום אויפגעצאַפּלטן האַרץ? וואָס האָט אים געטאָן אַ ציִ צו איר, וואָס גיכער זי אַרומכאַפּן, וואָס שנעלער זי האָבן צוריק אין זיינע אָרעמס!

ביידע האָבן זיי ווי פאַרלוירן ס׳לשון, אָנגעקוקט זיך, זי אים און ער — זי. ביידע האָבן אין צער געזען דעם אַנדערנס בלאַסקייט, דעם טרויער אין צווייטנס אויגן, ביז ער האָט מער נישט אויסגעהאַלטן, נתן חיים, געכאַפּט זי אין די אָרעמס: „בתיה, בתיה״, נאָר זי, אָן אַ וואָרט, האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף זיין אַקסל און שטיל, אין זיך, געהעשעט:

— צו וואָס? צו וואָס האָט ער דאָס געדאַרפט?

ערשט נאָכן באַרויִקן זי און אויך זיך, האָט ער זיך ווי געדרייצט מיט איר:

— ווי קומט זי היינט אין פּאַרק? ס׳איז דאָך ערשט דער דריטער זונטיק!

זי האָט געקוקט אויף אים, געהויבן די אַקסלען אין שטוינונג: „אַזוי ווייניק קען ער זי!״

— זי איז לעצטן זונטיק און דעם זונטיק פריִער דאָ אויך געווען. זי האָט געמיינט ער שפּאַסט, „אויספּרוּוון״? ווידער האָט זי זיך צעהעשעט: — צו וואָס האָט ער דאָס געדאַרפט, צו וואָס?

ער האָט זי ווי צוגעטראָגן צו דער נאָענטסטער באַנק, נתן חיים, אַוועקגעזעצט זי לעבן זיך, זי געצערטלט, אַראָפּגעקושט איר די טרערן פון די אויגן:

— בתיה טייערע, פּאַרשטיי, האָט ער געגומען רעדן צו איר ס'ערשטע מאָל אויף דו. — ווייסטו כאָטש וואָס איך בין דורכגעגאַנגען ביז איך האָב געקענט קומען צו דעם איבערבראָך אין זיך? באַנעמסטו, בתיה טייערע, וואָס עס מיינט פאַר מיר דאָס איבעררייסן מיט עלקעלען? עלקעלע! האָט ער אָפּגעזיפצט, אַ האַלב לעבן וויינס זיך געליבט אין איר. קיין דרייצן יאָר איז ער נאָך נישט אַלט געווען און זי — נאָך מישט קיין צען! און איצט?

— דו מיינסט — געווען אַ ליבע? האָט אויך זי, בתיה, אָנגעהויבן אים דוצן און, אַ באַוועלטיקטע פון דער פרייד וואָס זי איז די שטאַרקערע אין איר פאַרמעסט מיט עלקעלען, האָט זי אים אַזאַ ווייבעריש שטעכעלע געטאָן:

— נו? זעסט כאָטש וואָס איר מענער זענט? ווי מ'קען אייך געטרויען? אַ ליבע נאָך פון די קינדער־יאָרן, נעמסטו און פאַרבייטסט זי? און אויף וועמען? אויף אַ מיידלטשינע, אַ פאַרטרויערטע, אַ פאַרזויערטע.

ער האָט גיך אַרויפגעלייגט זיין האַנטפלאַך אויף איר מויל:

— ניין טייערע, נישט פאַרזויערט! פאַרטרויערט — יאָ, אָבער דאָס איז דאָך דיין חן — דער צווייִ טויזנט־יאָריקער, יידישער טרויער קוקט דאָך אַרויס פון דיינע שיינע, שוואַרצע אויגן און דאָס איז דאָך דיין כּוח, וואָס האָט מיך אַזוי געפאַנגען.

— טייערער, — דו רעדסט אַזוי שיין, דערביי האָט זי אים אַרומגענומען און אים געטאָן אַ קוש, דער ערשטער קוש אירער, וואָס ער געדענקט, נתן חיים.

## קאַפּיטל זיבנאונצוואַנציק

ווי אים איז געפאַלן שווער דער זומער דאָ, אַזוי איז ער געווען באַ־רוישט, נתן חיים, פון דעם אַמעריקאַנער האַרבסט. נישט פוילן מיט אירע פּריִע ווינטן, מיט די טרויעריק־כמורנע טעג און נישט פראַנקרייך מיט אירע נודנע, קאַלט־דורכנעמענדיקע רעגנדלעך, קענען זיך נישט באַרימען מיט אַזאַ גאָלדענעם האַרבסט, דער „אינדיען־זומער", מיט אַזעלכע ליב־וואַרעמע טעג, ווי עס האָבן זיך דאָ געשטעלט אין דעם ניו־יאָרק.

פאַרשיכורטע פון דער זיס־שמעקנדיקער לופט, גייען זיי אַרום אין די זונטיקס, נתן חיים און בתיה, אין די ניו־יאָרקער פאַרקן און גערטנער און קענען נישט גענוג אָנזעטיקן די אויגן מיט דער פאַרבנפּראַכט, וואָס דער האַרבסט האָט דאָ אויסגעשפּילט אין די גערטנער אין די בראָנקס, אין ברוקלין און טאַקע דאָ, אונטער דער נאָז, אין סענטראַל פּאַרק, ווו יעדער בוים און יעדער קוסט שטייט אָנגעטאָן אין אַן אַנדער קאָליר, אין אַ באַ־זונדער פאַרב און איצט, אין מיטן טאָג, דורכגעגילדיקטע פון דער פול־בלענדנדיקער זון, מיניען זיך די פאַרבן און, ביים קלענסטן ווינטל, צע־פּעכערן זיך די פּיל־קאָליריקע בלעטער, דאָס גאָלד מיטן ברוין, דער פּור־פּור מיטן געל און, אין מיטן פון דעם פּרעכטיקן בוקעט, שטייט זיך די יאָדלע, די סאָסנע אין זייער אייביקן גרין, גלייך עס וואָלט גאָר קיין האַרבסט אויף דער וועלט נישט געווען. און זיי, דאָס פאַרליבטע פּאָרל, אין זייער אייגענעם, אויפגעבליטן פּרילינג, קאָלערן זיך אין די גראָזן, באַ־וואַרפן איינע דעם אַנדערן מיט הויפנס אַראָפּגעפאַלענע בלעטער, ברוינ־גאָלדיקע, געלע, שטייפע, שאַרכלענדיקע בלעטער, ווי עס וואָלט איצט געווען נאָך זייער חופה און זיי באַוואַרפן זיך אַליין מיט גרינעם, פּריש־שמעקנדיקן האָפּן.

אָט די, דערווייל נאָך נישט רעאַלע חופה, נאָר בלויז אין זייער דמיון אַן אַרומגעטראַכטע, האָט שוין בייצייטנס אָנגעיאָגט אַ קאַלט ווינטל, אַ טי־פע זאָרג אין זייערע אַזוי וואַרעם־אויפגעהייטערטע געמיטער. זינט זי האָט זיך באַקאַנט מיט אים, בתיה, איצט שוין איר געליבטער, פילט זי זיך כסדר געפאַלן קעגן אים, קוקט נאָר אַרויף צו אים. „ער רעדט אַזוי אינ־טערעסאַנט, אַזוי שיין און טאַקע דאָס שיינע רעדן זיינס, שרעקט זי. זי

האָט טאַקע ליב צו זינגען דאָס לידל: „איך האָב ליב אַ דרייסטן בחור, ביסטו דרייסט טאָ קום... דאָך האָט זי מורא פאַר זיין דרייסטקייט".

שוין אויף דער שיף, ער האָט זי נאָך רעכט נישט געקענט, בפרט נאָך ווען תירצה, די חברטע אירע איז געווען דערביי, נעמט ער זי אַרום און טוט איר אַ קוש אויף די ליפּן! זי קען אַזוינס נישט פאַרשטיין! אַ בחור זאָגט ער איז אַזוי פאַרליבט אין אַ קוזינקע, עפּעס אַן עלקעלע אין ראַדעם, קושט ער אַן אומבאַקאַנט מיידל? און וואָס נאָך מער ווי שרעקט איז זיין רעדן וועגן פרייער ליבע. „אַז צוויי יונגע מענטשן", פרעגט ער זי, „האָבן זיך ליב און ווילן זיך צונויפגיין ווי מאַן און ווייב, דאַרפן זיי צו דעם אַ חופה מיט עפּעס אַ ייִד אין אַ פאַרדריפּעטער קאַפּאָטע זאָל אַ שאָקל טאָן מיטן ספּאָדיק אַז זיי מעגן?"

נישט בלויז זי, בתיה, אויך די מענטשן, ביי וועמען זי וווינט, שטוינען, הייבן די פּלייצעס ווען זיי הערן אים אַזוי רעדן און דערנאָך, ווען זי איז אַליין, וואָרנט מען זי: „בתיה, היט זיך פאַר דעם פויגל! אַזאַ איינער קען זי אומגליקלעך מאַכן, צושטעלן איר אַ בייכל און ווערן אַ האַז".

פריִער האָט עס זי געשמייכלט. וואָס אַרט איר זיינע מיינונגען? ער איז אַן אינטערעסאַנטער בחור, אַ באַלעזענער, טרעפט זי זיך מיט אים, פאַרברענגט מיט אים אַ מאָל דאַ, אַ מאָל דאָרט. אַז אַ מענטש איז אַזוי פאַרליבט אין זיין עלקעלע, בפרט אַז זיינע באַציִונגען צו איר זענען קאָרעקט, צוריקגעהאַלטן, וואָס זשע האָט זי זיך דאַ געדאַרפט שרעקן? פאַרקערט, טייל מאָל גייט זי פשוט אויס ער זאָל זי אַרומנעמען, רעדן צו איר ליבע רייד, אָבער ער טוט דאָס נישט, כאָטש זי זעט אַז ער ראַנגלט זיך נישט צו ווערן צו נאָענט מיט איר. האָט זי אָנגעהאַלטן מיט אים פריינדשאַפט. איצט אָבער איז זי באַזאָרגט. זאָגן אים אַז זי האַלט נישט פון פרייער ליבע? זי וואָלט דאָס טאַקע געדאַרפט אים זאָגן, שעמט זי זיך. ער וועט זי האַלטן פאַר אַ צוריקגעשטאַנענער, פאַר אַן אַלט־פרענקישע. און ער גראָד, ווי ער איז פריִער געווען איינגעהאַלטן, רעדט ער איצט אָפן: „צו וואָס זיך נאָך פייניקן? איידער ער האָט געהאַט אָפּגעפּאַסט צונויפצוגיין זיך מיט איר ווי מאַן און ווייב, האָט ער זיך געהיט פון ווערן נאָענט מיט איר, אָבער איצט? פאַר וואָס זאָל ער נאָך איצט זיך מאַרדעווען?" האָט זי זיך אונטערגעשטעלט, בתיה און כאָטש אַזוי שעמעוודיק, האָט זי אים דאָך געפרעגט:

— מיינט ער נישט אַז זייער צונויפגיין זיך צו ווערן מאַן און ווייב אָן חופה וקידושין וועט פאַרשאַפן גרויס צער די עלטערן, אירע ווי זיינע?

— ווו שטייט עס געשריבן, האָט ער זי קריקגעפרעגט, — אַז עלטערן

מוזן וויסן אַלץ, וואָס זייערע זין און טעכטער טוען? ווי זיי פירן זיך?

— פאַר וואָס זאָלן זיי נישט וויסן? זיי זענען דאָך טאַטע־מאַמע. ווייניק שטייען עלטערן אויס איידער זיי דערלעבן שוין אויפצוציִען אַ קינד, צו קענען עס פירן צו דער חופה? אונדזערע עלטערן, האָט זי געזאָגט אין אַ געבראָכן קול, קוים איינהאַלטנדיק די טרערן, וועלן דאָך אַפילו די פרייד נישט האָבן, זאָלן זיי כאָטש הערן דאָס נחת פון ווייטנס.

— אַז מ׳וויל נישט עלטערן זאָלן וויסן, ווייסן זיי נישט, האָט ער, נתן חיים, זיך געהאַלטן ביי זיינס.

— אפשר זיינע עלטערן וועלן זיך דאָס נישט דערוויסן, כאָטש ער האָט דאָך דאָ אַ שוועסטער. אמת, ווייט פון ניו־יאָרק. זי אָבער, בתיה, האָט משפחה דאָ באַלד, אין דזשוירזי סיטי, ער קען דאָך די מומע, ער איז דאָך געווען ביי איר. ווייסט ער ווי די מומע מאָרדעוועט דעם „אַנקל״, פאַר וואָס ער לאָזט זי, די שוועסטערס טאָכטער, זאָל זיך אַרומשלעפן מיט עפעס „אַ ציציליסט״, וואָס וועט איר צושטעלן אַ בייכל און דערנאָך וועט ער זיך אָפטראָגן אַז מ׳וועט אַפילו נישט וויסן ווו ער איז אַהינגעקומען. און נאָר וועגן אַ חופה, מיינט ער, פיינזילבער, ברענט זי אַזוי דעם „אַנקלס״ טריט? זי האָט זיך נישט געפוילט, די מומעטשקע, צו קומען קיין ניו־יאָרק צו איר אין צימער און מיט איר שטעכיקן ווייזפינגער זי געדראָט, שיִער נישט אין די אויגן אַריין: „געדענק, באַשעלע! וועסט פאַרפוילט ווערן אין גיהנום! וועסט נישט האָבן קיין תקומה נישט אויף דער וועלט און נישט אויף יענער וועלט! מיינסט, באַשעלע, אַז דאָ גייט בלויז וועגן חופה וקידושין? און ווו איז טבילה? ווייסט נישט אַז אויב אַ מיידל, פאַרן גיין לעבן מיט אַ מאַן, גייט נישט אין וואַסער, האָט זי פראַנצעוואַטע קינדער! מאַכסט זיך דאָס נישט וויסן, באַשעלע?״

די גאַנצע צייט פון איר, בתיהס, אַזוי רירנדיק איינטענהען מיט אים, איז ער געזעסן אויף דער באַנק לעבן איר, נתן חיים, די אָרעמס פאַרלייגט איבער דער ברוסט, גלייך עס וואָלט אים גאָרנישט געאַרט וואָס זי רעדט דאָרט. אין דער אמתן איז ער געווען שטאַרק גערירט פון איר נעמען זיך צום האַרץ עפעס, וואָס, לויט אים, דאַרף עס זי גאָרנישט אַרן. אין מוח ביי אים איז אָנגעגאַנגען אַ ווירוואַר פון טראַכטענישן, פון פאַרגלייכענישן, פון בילדער, וואָס לויפן אים פאַר די אויגן, ווי ער וואָלט געזעסן פאַר אַן עקראַן. ער זיצט דאָכט זיך מיט בתיהן אין סענטראַל פּאַרק און אָט גאָר איז ער ביי זיך אין צימער מיט געניען, אַ נאַקעטע אויף דעם אויסגעבעטן געלעגער אויפן דיל. צוויי יונגע פרויען, צוויי כשר־אויפגעצויגענע טעכטער, גייט זיך איינע צונויף מיט אַ מאַן אָן חופה וקידושין און דאָס —

מיט טאַטע־מאַמע אין דער אייגענער שטאָט און אָט — די בתיה! ווי זי ווערט נעבעך געפּייניקט פון בלויזן געדאַנק! עלטערן, משפחה!

„משפּחה! וואָס פאַר אַ קנופּ דאָס איז. אַזוי דאַכט זיך איז מען דאָך אַ פרייער מענטש, פריי צו פגרן פון הונגער, אַ שטייגער ווי ער — אין פּאַריז. פריי אַפילו זיך אויפצוהענגען, אויב נאָר ער זאָל דאָס ווען טאָן. און דאָך אַזוי געבונדן! מילא, עלטערן. אָבער צו אַזאַ נישטיקער „מר־מעטשקע" אויך?" און ווי די געזינדלען האַלטן אים דאָס אויפן אויג! ווי מ'איז אים בודק די ציצית! אין ראָדעם: אברמעשי און שײַנדלשי. אַז ער, נתן חיים, שטעלט זיך אײַן פאַרן אָרעמען בעל־מלאכה, פאַרן געקוועלטן דינסטמיידל, איז ער נישט ראוי צו זיין זייער איידעם, עלקעלעס מאַן. און דאָ, נאַדיר ווידער אַן אַנדער מקח וממכּר יִדעגע, נעמט בודק זיין בתיהן. וועט זי גיין אין מיקווה? וועט זי שטעלן אַ חופּה? נאָר אַממערסטן ברענט ער, נתן חיים, אויף בתיהס ברודער, ערגעץ אין דער וועסט, אַ הענדלער פון שמאַטעס און אַלט אייזן. קומען קיין ניו־יאָרק צו דער אַריבערגע־ברענגטער שוועסטער, וואָס זי האָט ער נישט געזען פון זינט זי איז געווען אַ קינד, צו דעם האָט ער נישט קיין צייט! אָבער זאָגן איר דעות פון ווייטנס, צו דעם איז ער דאָ!

אין אַ בריוו האָט בתיה געלאָזט וויסן דעם ברודער אַז זי טרעפט זיך מיט אַ שיפברודער, עפּעס אַזוינער און אַ זעלכער, אַ באַלעזענער, אַ סאָ־ציאַליסט. איז ווי וויל ער אַליין, דער „זשאַוועד־קרעמער", איז אין זיינע ישיבה־יאָרן געווען אַ „טשיטשיליסט", שיִער נישט — אַ רעוואָלוציאָנער! האָט ער זיך דערשראָקן פאַר דעם וואָרט „סאָציאַליסט" און גיך געשריבן דעם אָנקל „ער זאָל זיך פאַראינטערעסירן אין דעם „שיפברודער", ווייל ער געטרויט נישט „די דאָזיקע פייגל"! זאָל ער, דער „אָנקל", זען בתיה זאָל זיך נישט גלאַט אַרומפירן מיט דעם חברה־מאַן, ער קען זי אומגליק־לעך מאַכן! „שוין זאָלן זיי שטעלן אַ חופּה!"

האָט ער געלאַכט, נתן חיים: „אָט איז קרעמערישע לאָגיק. אויב ער ציטערט אַזוי „פאַר דעם פויגל?" פאַר וואָס זשע הייסט ער דעם אָנקל זען בתיה זאָל וואָס גיכער שטעלן מיט אים אַ חופּה? וועט דען די חופּה מאַכן אים אויס „פויגל"?

איז מילא, די קרעמער אין ראָדעם, די קרעמער דאָ, גייען אים נישט אָן, אָבער זי, בתיה, גייט אים שוין גאָר אָן! אָט זיצט זי לעבן אים אַזאַ פאַרטרויערטע, אַזאַ צעריסענע אין איר צער. פון איין זייט וויל זי נישט אָנטאָן די עלטערן קיין בושה, פון דער אַנדערער זייט, וויל זי נישט ווײ טאָן אים, נתן חיימען, אַרויפצווינגען אויף אים אַ צערעמאָניע, וואָס גייט

קעגן זיין ווילן, קעגן זיין געוויסן. נאָר גייט עס טאַקע אַזוי שטאַרק קעגן זיין געוויסן אַז זי, בתיה זאָל צוליב דעם אַזוי פיל ליידן? זיין צוליב דעם אַזוי אומגליקלעך? האָט ער זיך צוגעבויגן צו איר, נתן חיים, זי אַרומגענומען, אויסגעקושט די טרערן פון אירע פאַרטרויערטע אויגן:

— בתיה טייערע, נעם זיך נישט צום האַרץ. ער פאַרשטייט זי, אַ מיידל וויל האָבן דעם מאַן וואָס אים גייט זי ווערן אַ ווייב, זיין די מאַמע פון זיינע קינדער, וויל זי דער מאַן זאָל צו איר זיין געזעצלעך פאַרבונדן. און זי איז גערעכט. אַז מ׳טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין מאַן, ווייב, קינדער, דאַרף דער מאַן אויך דאָס וועלן! אויך דער מאַן דאַרף זיך פילן געבונדן. אַז נישט איז טאַקע לייכט פאַר אים צו טאָן אַ זאָג: ישקנו מנשיקות! אויס מיטן שפיל! איז, זאָל זי שרייבן אירע עלטערן, אויך ער וועט שרייבן צו זיינע און די חופה? אַז זי וויל קען מ׳שטעלן חופה אַפילו קומענדיקן שבת צו נאַכטס.

זי האָט אַ ווייל געקוקט אויף אים, בתיה, ווי זי וואָלט נישט געגלייבט אירע אויערן און באַלד אַרויפגעפאַלן אים אויפן האַלדז:

— ליבער מיינער, האָט זי פריידיק זיך צעוויינט: — איך בין דאָך דיך גאָרנישט ווערט.

ער האָט זי געהאַלטן אין זיינע אָרעמס, געטוליעט זי, ווי אַ צעהעשעט קינד:

— בתיה טייערע, זיי נישט אַזוי געפאַלן ביי זיך.

דער אָוונט אַ האַרבסטיק קילער, איז געהאַט גיך צוגעפאַלן, אַרומגענומען זיי אין אַ ווייכער, לאַשטשענדיקער טונקלקייט. די ביימער אַרום, עדות צו זייערע ראַנגלעניש, צו זייער שטיל, פאַרבאַרגן בענקען איינע צום אַנדערן, האָבן זיך געבויגן איבער זיי, זיך געוויגט אין קילן ווינטל, געשאָטן אויף די פאַרליבטעס קעפּ דאָס זומערדיקע גאָלד זייערס, די האַרבסטיקע בלעטער, שאַרכלענדיקע שוין.

ער איז אויפגעשטאַנען, נתן חיים, גענומען זי אונטערן אָרעם:

— קום, בתיה טייערע, ס׳ווערט שפעט.

## קאַפּיטל אַכטאונצוואַנציק

פון וואַנעט האָט דאָס קלײנע אײַזיקל אַזוי שנעל זיך דערוווּסט אַז ער, נתן חיים, האָט חתונה געהאַט? חוץ דעם מיסטער און די מיסעס, וואָס בײַ זײ אין אַלקערל וווינט זי, בתיה, און צו זײ אַ „נעקסט־דאָריקער" (אַ שכן) מיט זײַן מיסעס, איז דאָך קײנער בײַ זײער חופה נישט געווען. און די מענטשן קענען נישט קײנעם פון זײַן שאָפּ, פון וואַנעט זשע האָט דאָס געלע, זשוואַווע ליטוואַקל געקענט דאָס געוווּיער ווערן? סײַדן פון פאַר־מאַן, וואָס אים האָט ער געמוזט דאָס זאָגן, ער זאָל אים דערלויבן צו פאָרן אויף „האָני־מון". גלײבט זיך אים אָבער דאָס נישט, נתן חײמען. אויסער אַ ברום, אַ מרוק, אַ היק, רעדט נישט דער פאָרמאַן צו קײנעם אַ גלײַך וואָרט.

נאָך יענעם זונטיק, ווען ער, נתן חיים, האָט זיך אַזוי אומגעריכט דער־קלערט בתיהן אין ליבע און איר געגעבן אַ כּלה־מתּנה דאָס טײערסטע, וואָס ער פאַרמאָגט, דאָס רינגל מיטן בריליאַנטל, וואָס ער האָט געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ פּאָר עלקעלען, האָט זי, בתיה, גלײַך אין אָוונט, ווען ער האָט זי אָפּגעפירט אַהײם צו די מענטשן, וואָס בײַ זײ וווינט זי, אַ ווײַז געטאָן דעם פינגער מיטן רינגל צו דער מיסעס און, ווי זי וואָלט געווען די מאַמע, אַרויפגעפאַלן איר אויפן האַלדז און, פון גרויס פרײד זיך צעוויינט:

— ער איז אַזאַ טײערער, אַזאַ אײדעלער בחור, ס׳איז נישט אמת אַז ער וויל זי אויסנוצן! זאָל זי זען, די מיסעס גאַרפינקל, וואָסער מתּנה ער האָט איר געגעבן און, און, האָט זי קוים זיך געקענט באַהערשן פון דעם פרײדיקן געוויין, פון דעם העשען — און שאַבײסצענאַכטס ווען זײ „מער־טשעם" (אם ירצה השם) שטעלן אַ חופּה.

— זאָל זײַן מיט מזל, האָט די מיסעס גאַרפינקל, אַ שטאַרק געריוטע, אַרומגענומען די „באָרדערקע", אַן עלנט מײדל נעבעך, איר אַ קוש געטאָן און אַרײַנגערופן די „נעקסט־דאָריקע", די מיסעס רימער, וואָס אויך זי האָלט זיך פּאַר דעם מײדלס אַ באַשיצערקע און די צוויי ווײַבער, אַלײן מאַמעס פון טעכטער, האָבן זיך גענומען „צובײגן". אַ מײדל נעבעך אַלײן, טאַטע־מאַמע ערגעץ דאָרט אין „יוראָפּ", דאַרף מען זי אָפּהיטן קעגן דעם בחור, אַ פויגל מיט אַ געשליפן צינגל:

— טאָקע שיין, האָט אויך די מרס׳ רימער איר געווונטשן מזל־טוב, — אַ דיימאַנד רינג? פון דעסטוועגן, דאַרף זיי זיין „קערפול״, באַשע, „עם איי רייט״, מרס׳ גארפינקל? האָט זי זיך גע׳עדותט מיט דער שכנה.

— דעט׳ס וואט איי סיי, האָט די מיסעס גארפינקל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — די „מיין טינג״ (דער עיקר), זי דאַרף גלייך „קוויטן וואָרק״ (אויפהערן אַרבעטן), זי דאַרף וויסן, באַשע, פרויען וואָס אַרבעטן נאָך דער חתונה, „ספּאָילן״ (פירן איבער) די מענער, מאַכן זיי „לעיזי״ (פויל), „געמ־בלערס״ (קאָרטנשפּילער). „ביסיידס״ (חוץ דעם), אַ פרוי האָט גענוג צו טאָן אין הויז, „עספּעשיאַלי״ (בפרט) אַז גאָט העלפט און ס׳קומט אַ קינד, און אַ מאַן, באַשע, האָט ליב, ווען ער קומט פון דער אַרבעט, צו טרעפן ס׳ווייב אין הויז, צו האָבן גרייט „סאַפּער״ (נאַכטמאָל), אַז ער האָט דאָס נישט ביי זיין פרוי, גייט ער צו אַנדערע ווייבער. „די איין טינג״, זי דאַרף באַלד איינשטעלן די „פּראָפּער רולס״ (געהעריקע איינפירונגען), „ביקאָוז״ (ווייל) אַ מאַן איז אַ באָי, אַ דערוואַקסענער באָי, ווי מ׳ברעכט אים איין „אין די בעגינינג״ (אין אָנהייב) אַזוי פירט ער זיך ס׳גאַנצע פאַרהייראַטע לעבן. „אַנאָטער טינג״ (נאָך עפּעס), זי מעג וויסן באַשע, האָבן זיך די ווייבער איבערגעוווּנקען, אַז חופּה־נאַכט איז ביי אַ כלה אונטערן בעט אַ יאַריד, וואָס רעדן זיי — אַ יאַריד? מייסיפס דעפּאַרטמענטסטאָר איז דאָרט. וואָס נאָר זי רעדט דאָן אַרויס, קען זי ביים מאַן אויספירן. זאָל זי טאָקע באַשטיין אַז גלייך צומאָרגנס נאָך דער חתונה, פאָרט ער מיט איר אויף „האָני־מון״. זיי אַליין האָבן דאָס טאָקע נישט געהאַט. אַנדערע צייטן געווען, אָבער היינט? ווער פאָרט דאָס נישט אויף האָני־מון?

זי איז געזעסן, בתיה, קעגנאיבער די צוויי ווייבער, שטיל זיך איינ־געהערט אין זייערע לעקציעס און, ווי ווייל זי האָט געוווּסט אַז נישט אַלץ וואָס זיי זאָגן איר, איז תּורת לאָקשן, זעט זי אָבער איין אַז זיי רעדן נישט פון הוילן פּאָס. טאָקע, ווי איז מעגלעך פאַר אַ פרוי וואָס גייט אַרבעטן, צו זיין אַ מאַמע צו איר קינד? און אפשר גאָר צו צוויי קינדער? און צו דעם נאָך זיין אַ גוט ווייב צו איר מאַן, אַ באַלעבאָסטע אין הויז? אָבער ווי קען זי שוין אויפגעבן איר אַרבעט? בפרט אַזאַ פּלאַץ? הויפּט „פּיטער״, אָנפּאָסער ביי „בערמאַן ענד בערמאַן״ און נאָך דער נאָמען „מיס בי״? וואָס די קאָסטאָמער האָבן איר אַ נאָמען געגעבן און זי שטאָלצירט אַזוי מיט אים! און די „סאַלאַרי״ (שכירות), ניינציק דאָלער אַ וואָך! אַזוי לייכט איז איר, אַ גרינע, אָנגעקומען זיך אַרויפצוקריגן אין דעם פּלאַץ? ער, נתן חיים, האָט דאָך געדאַרפט אויסנוצן זיין גאַנצן „פּול״ (אָנזען) אין דער יוניאָן, מ׳זאָל זי דאָרט אַרויפנעמען. ער וואָלט אפשר צופרידן געווען,

נתן חיים. ער פילט זיך אַזוי געפאַלן מיט זיין פאַרדינען בלויז פערציק דאָלער אַ וואָך, בעת זי, אַ פרוי, ברענגט אַהיים מער ווי טאָפל זיין פאַרדינסט. נאָר גוט, אויפגעבן די אַרבעט! וועלן זיי קענען לעבן בלויז אויף זיין פאַרדינסט? זי זעט דאָך, אין דעם אַמעריקע דאַרף מען דאָך אַ מאַן־יאָנטעק! דאָך האָט זי איבערגערעדט מיט אים, נישט חלילה וועגן אויפגעבן די אַרבעט, נאָר וועגן פאָרן זונטיק, אויף מאָרגן נאָך דער חופה, קיין לייקוווד אויף „האָני־מון”.

האָט ער דאָס, נתן חיים, געבעטן אויף דעם דערלויבעניש ביים פאָרמאַן. ער האָט געמרוקעט, דער פאָרמאַן, געברומט, נישט ווייל אים איז אַזאַ שאָד די וואָך אַרבעט דעם פיינזילבערס. אָט, ווען דער „וואָרשעווער” זאָגט אים אָן די בשורה אַז ער גייט אַוועק „פאָר גוד” וואָלט ער אויפגעלויכטן, דער פאָרמאַן, אים געגעבן די האַנט און געווונטשן אים מזל־טוב, אָבער אויף האָני־מון? האָט ער דאָס געמרוקעט, געברומט און ענדלעך אים דערלויבט. ער וועט זיך אָנהייבן מיט דעם וואָרשעווער?

זענען זיי זונטיק אין דער פרי, צומאָרגנס נאָך זייער חופה, אַוועק־געפאָרן קיין לייקוווד נתן חיים און בתיה, פראַווען האָניק־חודש, וואָס אין דער היים איז דאָס שבע ברכות, אַ שימחה וואָס אַפילו אין אָרעמען שטאַנד האָט מען זיך אָנגעטאָן דאָס פאַרגעניגן.

האָט ער זיך שוין דאָס דערוווּסט, אייזיקל? מ׳זאָגט כאָטש ער איז געווען אַוועק פון שאָפּ די גאַנצע וואָך. דאַן וואָלט דאָס ליטוואַקל געהאַט אַ גרונט צו נורען, צו נישטערן, אַרומצושניפן מיט זיין שאַרפן ניוך. ער איז דאָך אָבער נישט געווען אַוועק די גאַנצע וואָך, נתן חיים. דינסטיק אין דער פרי איז ער שוין געווען צוריק אין שאַפּ! נישט, חלילה, צוליבן פאַרלירן די וואָך־שכירות, כאָטש אַז מ׳וויל, גייען נישט ביי אים פערציק טאָלער צו פוס. ער האָט הונדערט לעכער אויף זיי, בפרט איצט, ווען בתיה פאַרדינט מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל! אמת, דאָס האָט ער דאָך זי געמאַכט פאַר אַזאַ גרויסער פאַרדינערין. דאָס האָט ער דאָך איינגעזען אַז זי האָט גאָלדענע הענט. האָט ער אַזוי לאַנג אין איר אַריינגערעדט, ביז זי האָט פאַרלאָזט איר „פלעצקע” אין די בראָנקס און, דורכן מענע־דזשער פון דער יוניאָן, האָט ער זי אַריינגעזעצט אויף דעם פאָסטן צו „בערמאַן ענד בערמאַן”. מילא, דעמאָלט האָט אים נישט געאַרט בתיה זאָל ווערן אַזאַ גרויסע פאַרדינערין. זי איז נישט געווען זיין ווייב. ער זאָל זיך פילן געפאַלן קעגן איר. אָבער איצט? לא די וואָס ער איז אַזוי הינטערשטעליק אין זיינע פאַרדינסטן, וועט ער נאָך זיצן אויף „האָני־

מון״ און אויסברענגען אַ וואָך שׂכירות? בפרט נאָך זיצן צווישן געסט ווי אין דעם האָטעלכל!

חוץ אים און בתיהן, זענען דאָרט געווען נאָך אַזעלכע צוויי פּאָר־לעך „האַני־מון׳ערס״. אַז „קאַלעגעס פּאָ פּאַכו״, האָט די האָטעלניטשקע אים מיט בתיהן געזעצט ביי דעם טיש מיט די אַנדערע צוויי פּאָרלעך. זענען אָבער „האַני־מון׳ערס״ אַ מאָדנע פאָלק. חוץ — ער אין איר און זי אין אים, אינטערעסירט די לייט קיינער נישט! און נאָר מ׳„האַניט״ זיך. קיין אַנדער נאָמען ווי „האַני״, האָט נישט ער פאָר איר און נישט זי — פאָר אים. קריכט אים שוין, נתן חיימען, דער „האַני״ פון האַלדז! בפרט די אַנדערע געסט אין דעם האָטעלכל, אַלע עלטערע מענטשן, דער עיקר — די ווייבער, האָפּען אַרום די „האַני־מון׳ערס״, ווי ווילדע — אַרום געטש־קעס. אַלע ווילן זיך נאָר „רייבן״ אַרום די חתן־כּלות, גלייך מיט דעם זיין לעבן די נאָר־וואָס חתונה געהאַטע, וועלן זיי אַליין, די עלטערע ווייבער, צוריק ווערן יונג, ווידער זיין כּלות.

און דאָס לייקווּד אַליין? אַ שטעטל, איז וואָס האָט ער, נתן חיים, דאָרט צו טאָן? דעם סטאַוו, אָדער „לייק״, ווי זיי רופן די אָזערע דאָרט, איז ער שוין מיט בתיהן אַרומגעגאַנגען איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל! וויפל מאָל איז דער שיִער צו גיין הקפות אַרום אַ וואַסער? אויך אַזוי דאָס פאָרן אַרום שטעטל אין אַ קעטשל מיט אַ פערד און אַ סטאַנגרעד מיט אַ בייטש אויבן אָן. וואָסער פאַרגעניגן איז דאָס? אין אַ דראָזשקע פאָרט מען צו דער באַן־סטאַציע, אָבער סתּם — צוליב פאַרגעניגן? נאַ־רישקייטן! דער ראָקעפעלער פּאַרק דאָרט, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש! אַ הערלעכער גאָרטן! אָבער קרעפּלעך ווערן אויך צוגעגעסן. האָט ער געפּועלט ביי בתיהן, נתן חיים, זי זאָל אַליין „צופראַוועון״ דעם „האַני־מון״ ביז סוף וואָך און ער איז מאַנטיק אָוונט קריקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק צו זיין דינסטיק אין דער פרי אין שאַפּ. איז דאָס געלע אייזיקל גלייך אויסגעוואָקסן לעבן אים:

— מזל טוב! אַ סעינע כּלה כאַטס? און, נישט וואַרטנדיק אויף קיין וואָרט, האָט דאָס ליטוואַקל אָוועקגעשוועבט צו אַ צווייטן אָפּערייטאָר, צו אַ דריטן און אַז דער גאַנצער שאַפּ האָט געוווּסט די נייעס, איז ער קריק אַרויסגעוואָקסן לעבן אים, נתן חיימען:

— אַ גרינער טאָכיש, בלייבט אַ גרינער טאָכיש! איר זשענט זשיך דאָך געפאָרן אויף אַ „האַני־מון״, זשענט איר זשיך סעין קריק אין סאָפּ? איר מיינט זשיך איר וועט האָבן נאָך אַ האַני־מון? אַ מענטש קען זשיך האָבן נאָר איין האַנימון!

אַרײַנגעזאָגט אים און אַװעקגעשװעבט כדי אין אַ װײַל אַרום צוריק־צוקומען מיט אַ נײַעם פּזמון:

— גרינער, איר װײסט? אין אַמעריקע פּירט מ׳זשיך, אַזש אײנער האָט חשונה, מאַכט אַ בריש, צשי אַן אַנדער שמחה, ברענגט ער אין סאָפּ קעיק מיט סנאַפּס, צשי װײַן און דער סאָפּ װינטסט אים מזשל טוב און קעיפּט אים אַ „פּרעזשענט״.

נתן חיים האָט פּאַרלױרן ס׳געדולד:

— מיסטער בלום, װאָס האַקט איר אין קאָפּ אַרײַן? װאָסער „פּרע־זשענט״? װאָסער סנאַפּס?״ אַ חתונה איז אַ פּערזענלעכע זאַך, װאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן שאָפּ!

— גרינער טאָכיש! אַזשעי פּירט מ׳זשיך אין אַמעריקע! באַזשונ־דערש, אין דעם סאָפּ לעינט זשיך דאַש פּאַר אײך. ש׳איזש דאָך אַ גרעי־שער סאָפּ! איר שפּענט אַף קעיק און סנאַפּס װיפל? צשען טאָלער? פּופצשן טאָלער? אָבער צשעזשאַמענקלײבן אַף אַ פּרעזשענט קען מ׳דאָ מער פון הונדערט טאָלער! פּאַרסטעיט איר סוין? גרינער טאָכיש!

ער האָט אי געשמײכלט, נתן חיים, אי ס׳האָט אים פּאַרדראָסן. װאָס װיל דאָס ליטװאַקל פון אים האָבן? ער איז מוחל די פּרעזענטן און ער װיל נישט קײנעם פון שאָפּ װי אַ מחותן אין זײַן פּערזענלעך לעבן!

פּאַר נאַכט, נאָך דער אַרבעט, איז ער אַװעק אין זײַן שטענדיק רעס־טאָראַנדל אױף דער פּערצנטער סטריט און דריטער עװעניו עסן נאַכט־מאָל, נאָך דעם, האָט ער זיך אַרומגעשליאָנדערט אױף סעקאָנד עװעניו, אַז אײַלן זיך אַהײם האָט ער נישט צו װאָס. בתיה איז דאָך אױף האָני־מון אין לײקװוד, װאָס װעט ער טאָן אַלײן אין דעם צימער מיטן פינצ־טערן אַלקערל, װאָס זײ האָבן געדונגען פּאַרן שטעלן חופּה, בײ אַ פּאָר־פּאָלק אין האַרלעם? קוקן אױף דער מיסעס? אַ קינדערלאָזע ייִדענע מיט אַ פּנים פון אַ מאָפּס, אָדער לאָזן זיך אַרײַנצהען אין אַ גערײד פון מיס־טער אירן? װאָלט ער כאָטש זײַן אַ שטיקל מענטש, דאָס קלאָוקמאַכערל, איז ער אָבער אַ פּאַדלער יונג, אַ מיאוסער װײבערניק! װי נאָר ער האָט דערזען בתיהן, האָט ער זי געגומען פרעסן מיט די אױגן. האָט ער נישט געאײַלט אַהײם, נתן חיים, נאָר זיך אַװעקגעזעצט אין אױטאָמאַט איבער־לײענען די צײַטונג.

ס׳רעדט זיך אַזױ לײענען. „װאָס טוט זי דאָרט אַלײן, בתיה? װי ער, אַזױ איז אױך זי נישט קײן פּוסטער פּלאַטערקאָפּ, װאָס זאָל זיך קענען פרײַנדלען מיט מענטשן, װאָס זענען נישט צו איר געמיט. איז אפשר האָט ער נישט געדאַרפט זי לאָזן דאָרט אַלײן און ער זאָל זיך צוריקקומען קײן

ניו־יאָרק?" האָט ער אַריינגעלייגט די ציימונג אין קעשענע, אַרויף אויף דעם דריטן עווענין „על" און געפאָרן אין זייער נייעם דירהלע. ער עפנט די טיר, בתיה!

— וואָס איז געשען?

— וואָס איז זי, אַן אלמנה, חלילה? מ׳האָט דאָך דאָרט געלאַכט אויס איר ס׳גרעסטע געלעכטער! אין מיטן האָני־מון פאָרט דער מאַן אַוועק פון איר? וואָסער מאַן איז ער? צוויי טעג נאָך דער חתונה, אַנטלויפט ער פון ווייב?

ער האָט זי אַרומגענומען, זי געקושט: — האָסט גוט געטאָן ביסט אַהיימגעקומען, ס׳איז נישט דאָרט קיין פּלאַץ פאַר אונדז.

# קאַפּיטל נײַנאונצוואַנציק

וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מער פֿאַרלירט דער האַרבסט זיין גאָלד, זיין פֿאַרבן־עשירות, זיין זוניק־לאַשטשענדיקע וואַרעמקייט. די טעג ווערן כמורנע, גרוי און רעגנדיק און, אַזעלכע קורצע! קומסט אַהיים פֿון דער אַרבעט, איז שוין שטאָק־פֿינצטער. גלוסט זיך מער נישט, אין די פֿייכט־קאַלטע אָוונטן, צו ראָמאַנסירן אין סענטראַל־פּאַרק ביז שפּעט אין די נעכט אַריין.

ער זיצט אין שאַפּ, נתן חיים, די מאַשין־נאָדל לויפֿט, דער קאַפּעליוש־ראַנד דרייט זיך שנעל אונטער זיינע פֿינגער, ווערט אַלץ פֿולער, געדיכ־טער אַרומגעשטעפּט און געדיכטער און פֿולער נאָך ווערט דער מוח זיי־נער מיט טראַכטעניש, מיט חלומות, מיט פּלענער.

ער געדענקט זיך נישט, נתן חיים, בתיה איז טאַקע אַ שיינהייט, באַ־זיצט אַן איינגעבוירענע אינטעליגענץ, אָבער קיין וויסן האָט זי נישט. אין שקאָלעס האָט זי נישט געלערנט, ווי ער האָט אין קיין שקאָלעס נישט געלערנט און געלייענט האָט זי אַ סך ווייניקער פֿון אים. אַ מיידל אין אַן אָרעמער הייט, מיט פֿינף ייִנגערע שוועסטערלעך און ברידערלעך, אַזאַ מיידל איז מער פֿאַרקאָפּעט, מער פֿאַרהאָרעוועט אין העלפֿן דער מאַמע, ווי דאָס איז אַ ייִנגל אין אַן ענלעכער שטוב. מוזן זיי איצט, נתן חיים און בתיה, כּל זמן זיי זענען נאָך יונג, נעמען אָניאָגן דאָס נישט דער־גרייכטע.

האָבן זיי זיך קודם אָנגעדונגען אין אַ „פּרעפּאַרעטאָרי־סקול" וואָס אויף פֿינפֿטער עוועניו, אין האַרלעם. שטאָט חלומען, ראָמאַנסירן אין סענטראַל־פּאַרק, זיצן דאָרטביים טייכל, אַרום הונדערט און צענטער גאָס און זיך לאָזן פֿאַרוויגן פֿון די שטיל־פּליעסקענדיקע כוואַליעלעך, זיצן זיי איצט אין אַ קלאַס צווישן נאָך יונגוואַרג, אָנגעפּאַרענע ווי זיי, און הערן זיך צו, צום לערערס רעציטירן די „רוביאַט", די קלינגענדיקע פֿערזן פֿון פּערסישן פּאָעט אָמאַר קאַיאַם.

דעם אמת געזאָגט האָבן נישט זיי, נתן חיים און בתיה, ווי אַוודאי אויך נישט די אַנדערע תּלמידים אין דעם קלאַס, נישט פֿאַרשטאַנען וואָס דער מר' גודמאַן, דער פּרינציפּאַל פֿון דער סקול רעציטירט. אַן עקזאַל־

טירטער יונגערמאַן, מיט אַ שיין, אויסגעכאַליעט פרויען־געזיכט, אַ קאָפּ גאָלדיק־שאַטינע לאָקן, איז דער מר׳ גודמאַן געווען מער אַקטיאָר איידער לערער, האָבן די „רוביאט״־פּערזן אים אַליין אַזוי פּאַרלאָקט, אַז ער האָט גאָרנישט געזען ווי די סטודענטן זיינע נודיען זיך און ביסלעכווייז ווערט דער קלאַס שיטערער, ליידיקער. אַפילו ער, נתן חיים, וואָס בלויז דער ריטעם, דער קלאַנג פון אַ שיין געפאַרעמטן פּערז רעדט אַזוי פיל צו זיין געמיט, צו זיין געהער, אַפילו נישט פאַרשטייענדיק דעם אינהאַלט, אַפילו אים איז געוואָרן לאַנגווייליק דאָס זיצן אין קלאַס און גאָרנישט וויסן אין טייטש פון די רעציטאַציעס.

איז צום ערשט זי, בתיה, מיד געוואָרן פון גיין אין אַ סקול נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט און דאָרט גאָרנישט לערנען. דערנאָך האָט אויך ער, נתן חיים, איינגעזען דעם אומזין פון פּטרן זיינע אָוונטן ביי אַ לערער, וואָס באַדיי שיס אים, וועט ער דיר נישט געבן צו פאַרשטיין אויף יידיש איין וואָרט פון זיין רעציטירן, כאָטש ער קען יידיש אַזוי גוט. איז ער בעסער געבליבן אין דער היים עפּעס אָנצושרייבן. די צייט לויפט, ער ווערט עלטער, וואָס האָט ער אויפגעטאָן?

אָבער אויך ביים שרייבטישל האָט ער ווייניק דערגרייכט. געזעסן שעהען לאַנג, געשריבן, געמעקט, צעריסן דאָס אָנגעשריבענע און, לסוף איינגעזען אַז שרייבן דעם ראָמאַן, וואָס וועגן אים חלומט ער, אַפילו אַ לענגערע דערציילונג אָנשרייבן נאָך אַ טאָג אַרבעט, איז אים אומ־מעגלעך. דער מוח דרימלט איין, די האַנט איז געליימט. אַוודאי, אַ פּאָעט איז גאָר אַנדערש. ס׳פאַלט אים איין אַ געדאַנק, ס׳שוועבט אַן פאַר זיין גייסטיק אויג אַ בילד, שרייבט ער אויף אַ שורה, אין אַ טאָג אַרום נאָך אַ שורה און עס ווערט אַ ליד. אויף שרייבן אַ נאָוועלע אָבער, דאַרף מען צייט און כּוח און מוח און ער האָט גאָרנישט פון דעם. צו דעם נאָך זי, בתיה! אַז אים ציט צום שרייבטיש, דאַרף אויך זי, צוליב אים, זיצן אין שטוב, אָפּלאַנגווייליקן אירע יונגע יאָרן? זי וויל אַ ביסל לעבן, ערגעץ גיין, קומען, זען!

פירט ער מיט זיך אַ מלחמה, נתן חיים. ער וויל שרייבן! ער וויל אָבער אויך לעבן. ווי זי בתיה, האָט ער דאָך אויך אין זיין לעבן גאָרנישט געהאַט. אַ קינדהייט — אַן פרייד! אַן שפּיל! אַן אונטערגעוואַקסנקייט — אַן גענוס. וואָס האָבן זיי דען, בתיה ווי ער, אין דער וויסטער מלחמה, געקענט געניסן? אַז שטענדיק, ביי טאָג און ביי נאַכט איז אַנגעגאַנגען אַ געיעג נאָך אַ שטיקל ברויט, נאָך אַ קאַרטאָפל, צו דערהאַלטן ביים לעבן נישט בלויז זיך, נאָר אַ גאַנצע משפּחה. מילא, ער אין וואַרשע,

האָט צו מאָל געשטילט דעם הונגער נאָך ברויט מיט אַ נאַש אָפּערע, אַ ביסל מוזיק אין דער פילהאַרמאָניע, אַ בליק אין „זאַכענטאַ״ מוזיי, שפּע־טער, אין פּאַריז שוין, אויך אין לוווּר. זי אָבער, בתיה, האָט אויך דאָס ביסל נישט געהאַט. ווען האָט זי דאָס געזאָלט האָבן? אין מלחמהדיקן וואָגל פון שטאָט צו שטעטל?

איז אָט זענען זיי שוין, דאַנקען גאָט, אין אַמעריקע און דאָ איז דאָך אַזאַ שפע אויף אַלץ! אמת, די אָפּערע אין דרויסן, איז אַזוי פאַרשעמט, אַזוי שפּל, אַ חרפּה אויף איר אַ קוק צו טאָן. אָבער איר אינווייניק? איר תוך? קאַרוסאָ, שאַליאַפּין, גאַלי־קורטשי! וועלכע נאָך אָפּערע אין דער וועלט קען זיך באַרימען מיט אַזעלכע זינגערס? און דאָס טעאַטער? אמת, דאָס ענגלישע טעאַטער איז נאָך דערווייל פאַר זיי אַ פאַרשלאָסענע וועלט. זיצן ביי אַ פאַרשטעלונג און גאָרנישט פאַרשטיין, האָט נישט קיין זין, כאָטש די פאַרהאַנדלונגען אין דער אָפּערע, פאַרשטייען זיי דאָך אויך נישט. איז ערשטנס דער אָפּערע־רעפּערטואַר אים, נתן חיימען, באַקאַנט, צווייטנס, אין דער אָפּערע איז דאָך די מוזיק, דאָס געזאַנג!

איז מילא, אויב נאָך נישט ענגליש טעאַטער, איז דאָך דאָ יידיש טעאַ־טער! אַ קלייניקייט? דרייצן יידישע טעאַטערס אין איין ניו־יאָרק! אמת, אין די מערסטע פון די דרייצן, וואָלט ער נישט אַרייַנגעשמעקט, נתן חיים און נישט אַהינגענומען בתיהן! וואָס? ער דאַרף די „באָבע יאַכנע״?, „דאָס פינטעלע ייד״? אָדער „כינקע פינקע״? אָבער אַ פאַר־שטעלונג אין שווארצס „קונסט־טעאַטער?״ אַן אויפפירונג אין רודאָלף שילדקרויטס „בראָנקס־טעאַטערל״?

פאַרגינען זיך דאָס אַלץ קענען זיי דאָך. ס׳פעלט זיי, חלילה, דער דאָלער? איז ער אַוועק, נתן חיים, געקויפט סעזאָן־בילעטן אין דער „מעטראָפּאָליטן אָפּערע״ אויף דינסטיקס און דאָנערשטיקס, אין „קאַר־ניעגי־האָל״ צו קאָנצערטן, אויף די שבת־אָוונטן און אין די נאָכמיטאָגן — שבת, זענען זיי אַן אויסשטעלונג אין וועלכע פון די פיל גאַלעריעס אויף און אַרום מעדיסאָן עוועניו. זונטיק ווידער — אין די מוזייען.

צו מאָל האָבן זיי געלאַכט אויס זיך אַליין, נתן חיים און בתיה, גע־טראַכט זיי זענען שיכורים, שיכורים אויף זען, אויף הערן, אויף געניסן, געניסן וואָס מער! און מיט דער שיכרות אויף געניסן, איז אויך אָנגע־שטאַנען ביי זיי דער באַגער אויף באַקוועמלעכקייט. וויפל איז דער שיער צו זיין אַ „באָרדער ביי אַ מיסעס״? פרי׳ער באַזונדערע באָרדערס, ער אין איין עק שטאָט, זי — אין אַנדערן עק. אפילו איצט, נאָך דער חתונה שוין, וווינען זיי נאָך אַלץ ביי אַ מיסעס אין איר פראָנטשטוב, מיט אַ

צעבראָכענער קאַנאַפּקע, מיט אַ שענקל, וואָס די שופלאַדן, כאָטש גיב זיי אַ קרענק, ווילן זיי זיך נישט אויפרוקן און, דערנאָך נישט זיך קריק אַריינרוקן? פּאָר זייער „ספּאַלניע״ — אַ פינצטער אַלקערל, מיט אַ וואַ־זשלדיק בעט, אָן אַ פענצטער אויף אַ טראָפּן לופט. וויפל איז דער שׂכר אַזוי צו וווינען? נאָר גיי, צי זיך, אַז אַ לייטישע דירה איז אוממעגלעך צו קריגן!

ס׳איז נישט לאַנג נאָך דער מלחמה, קיין נייע הייזער זענען נישט צוגעקומען, דאָקעגן נייע פּאָר־פעלקער — אין די צענדליקער טויזנטער בלויז פון די באַפרייטע זעלנער, צו דעם נאָך — אָן אימיגראַציע־כוואַליע. וואָס נאָך אַזאַ האָט אַמעריקע פריִער קיין מאָל נישט געהאַט! איז אַ וווּנדער אַז ס׳איז אַ דוחק אויף וווינונגען? אַוודאי, אַ לאָך דאָ, אַ פינצ־טער באַגראָבעניש דאָרט, קען מ׳נאָך געפינען. ווילן זיי אָבער, בתיה און נתן חיים, אַ שיינע, אַ ליכטיקע וווינונג און נאָענט צו אַ פּאַרק! אַזוי פיל יאָרן אין פּוילן, ווי אין פראַנקרייך און אַפילו דאָ, אין דעם רחבותדיקן אַמעריקע, זיך געשטיקט אין פינצטערע, דושנע לעכער, איז צייט אָנצו־הייבן זייער לעבן אין דעם לאַנד פון זעט און שפע, אין אַ דירה מיט ריינער לופט, מיט זון און מיט ליכט.

האָט ער אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן און צום נאָכפרעגן ביי באַקאַנטע, אויך אַליין, יעדן שבת און זונטיק געזוכט און ווי תמיד, אַז ער, נתן חיים, האָט עפּעס געזוכט, האָט עס געמעגט זיין אַ לעבל ברויט, אַ זעקל קאַרטאָפל — אין דעם מלחמהדיקן, פון הונגער־אויסגייענדיקן וואַרשע, האָט ער עס פון אונטער דער ערד דערשמעקט און עס געקראָגן. האָט ער אויך דאָ, אין דעם כּרך ניו־יאָרק, זיך דערוווּסט פון אַ דירה אין ווייטן בראָנקס, אין נאָך אַ גאַנץ נייַ הויז, מיט בלויז איין שטאָק שטיגן אַרויפצוגיין, דערצו נאָך — זיבן פענצטער אין בראָנקס פּאַרק אַריין, מיט שמעקעדיקע סאָסנע־ביימער סאַמע אונטער דער נאָז! האָט אָבער די וווי־נונג איין חסרון: זי מוז איבערגענומען ווערן פון די איינוווינער, אַ יונג קריסטלעך פּאָרפאָלק, איבערגענומען ווערן מיט האַק און פּאַק, מיט זייער מעבל און זייער געשיר!

טוט זיי ווי ס׳האַרץ, איר, בתיהן, נאָך מער ווי אים, נתן חיימען. ביידע חלומען זיי איינצושטעלן זיך אַ וווינונג מיט מעבל נאָך זייער געשמאַק. געגנוג שוין יענעמס בעטן, יענעמס שענקלעך, יענעמס טישן און שטולן און אויך יענעמס שטוב־באַצירונגען. די צעשטעלטע שמאַכ־טעס זייערע אין אַלע ווינקעלעך, די ווולגאַרע „פּיקטשעס״ זייערע אויף די ווענט.

אמת, דער אַפּאַרטמענט איז נישט אַן געשמאַק איינגעאָרדנט. דאָס מעבל אין שלאָפשטוב — אין אַ געשמאַקן קרעם־קאָליר. דאָס ווייכע מעבל אין פּראַנטשטוב — מיט בלויען און ווייס געשפּרענקלטן פליוש באַצויגן, דער לאַנגער, שוואַרץ־לאַקירטער טיש אין מיטן שטוב, כאָטש נעם און שפּיגל זיך אין אים. אויך אַזוי דער רויט און בלוי געהאַפּטענער צודעק אויף אים. דערצו נאָך אַן עקסטרע שלאָפצימער מיט שיין, ברוין־קאָלירט מעבל. ערשט די קיך! בלאַנק־ווייס דער טיש מיט שטולן, אַ שפע מיט פּאָרצעליי, טעלער און טעלערלעך, ראַנדלען און טעפּ, פּאַר יעדן סאָרט פּרעס באַזונדער! און דאָס געשיר? קיין זילבער איז עס געוויס נישט, אָבער עס בלאַנקט ווי זילבער. דערפאַר איז דאָס געשליפן גלאָזוואַרג עכט. שווערע, דיקע קליאַשן און וואַזעס, אַלערליי טעצעלעך און שיסעלעך, קלאָר דורכזיכטיקע און ווי מיט טוי־באַהויכטע און אַלע מיט אַזעלכע איידל־געצייכנטע קווייטן און בלומען, חיהלעך און פייגל, ווי לעבעדיקע. ממש צום שטוינען ווי דאָס איז מעגלעך אויף גלאָזוואַרג!

זיי האָבן געקוקט אויף דעם אַלעם, באַלד איינע אויפן אַנדערן. שטו־מע, בלויז מיט פּרעגנדיקע בליקן, זי — אויף אים און ער — אויף איר, האָבן זיי זיך געהאַלטן אַן עצה: „וואָס זאָגט ער? וואָס זאָגט זי״? און אַזוי, אָן אַ וואָרט צווישן זיך, זענען זיי געקומען צו אַ הסכם און איבער־גענומען די וווינונג מיט הכל באָ׳כל, מי׳כל פּלעקל!

דערנאָך אַז זיי זענען דורכגעקומען מיט דער יונגער איינוווינערין, אַ קריסטלעכע פרוי, אַ קליין, בלאָנד, ליבלעך־לאַכעדיק ווייבעלע, איר געגעבן האַנטגעלט, זענען זיי מיט איר אַרויף צום „לענדלאָרד״ (הויז אייגנ־טימער) און דאָרט איבערגענומען, אויף זייער נאָמען דעם „ליעס״ (דירה־קאָנטראַקט). ערשט איצט האָבן מאַן און ווייב, אין דער אַנוועזנקייט פון די פרעמדע מענטשן זיך אַרומגענומען, זיך צעקושט און אַלע האָבן זיי געווונטשן מזל־טוב לכבוד זייער אייגענער היים.

# קאַפּיטל דרייסיק

נישטאָ, זעט אויס, קיין גאַלע פרייד. אויך אויף בלויע הימלען שווי־מען אַן כמאַרעס, שוואַרצע כמאַרעס, וואָס פאַרפינצטערן ס׳געמיט.

ווי האָט אים, נתן חיימען, געקענט אַזוינס איינפאַלן? זיך באַקענט מיט אַ מיידל אויף דער שיף, אַרומגעפּירט זיך מיט איר אין ניו־יאָרק שיִער נישט אַ גאַנץ יאָר צייט און קיין מאָל נישט געהערט פון איר אַז זי ליידט, חלילה, אויף עפּעס. האָט ער חתונה געהאַט מיט איר, איינגע־שטעלט זיך אַזאַ שיינע, ליכטיקע היים און דאָ גאָר, פּלוצים, קראַנק?

וואָס האָט דאָ געקענט געשען? האָט זי, בתיה, דורך דער גאַנצער צייט פון זייער ראָמאַנסירן, דאָס אויסבאַהאַלטן פון אים? מורא געהאַט — ער וועט זיך פון דעם דערוויסן, קערט ער זיך אָפּ פון איר? ס׳לייגט זיך אַפילו אויפן שׂכל! ווער וויל דאָס מיט אַ געזונטן קאָפּ גיין אין אַ קראַנק בעט אַריין?

פון דעסטוועגן, ווילט זיך אים דאָס נישט גלייבן, נתן חיימען. אויס־באַהאַלטן פון אים אַז זי איז קראַנק און נאָך ביז נאָך דער חתונה, וואָלט געמיינט כיטרעקייט, אָפּנאַרעריי! און זי, בתיה, איז דאָך אַזוי אויפריכטיק אין איר יעדן וואָרט, אַז זי דערגייט אַזש אין איר ערלעכקייט צו קינדישער נאַיִוויטעט. איז ווי זענען מעגלעך אַזעלכע צוויי קעגנערישע אייגנשאַפטן?

נאָר קלער אַהין און קלער אַהער, קליגער ווערן פון די קלערענישן וועט ער נישט, נתן חיים, און זי דערוויַיל, בתיה, קורטשעט זיך נעבעך פון די יסורים, דרייט זיך אין די ווייטיקן פון איין זייט אויף דער אַנדע־רער און קען גאַנצע נעכט קיין אויג נישט צוטאָן. בעט ער זי, רעדט צו איר:

— בתיה, מ׳דאַרף גיין צו אַ דאָקטער, נאָר גיין, גייען זיי צו דער אַרבעט!

אוי, אַ שכיר־יום, זאָל גאָרנישט געבוירן ווערן! אַפילו קראַנק זיין קען ער נישט, בפרט אַזאַ ווי בתיה. אַ קלייניקייט? אַ „פיטער״ אין אַ „דרעס און סוט הויז״ אויף דער זיבן און פופציקסטער גאַס און פינפטער עוועניו אין ניו־יאָרק!

— אָבער בתיה, טייערע, קושט ער זי מיט ליבשאַפט, מיט רחמנות, —

אַ כפּרה צען הײזער פון „בערמאַן ענד בערמאַן" פאַר אײן טרער דײַנער, פאַר אײן רגע יסורים, וואָס דו טראָגסט נעבעך איבער. מ׳מוז גײן צו אַ דאָקטער! האָט זי ענדלעך אײַנגעווילִיקט:

— זאָגסט: גײן צו אַ דאָקטער? גוט, אָבער צו וועמען? ווײסט כאָטש פון אײן דאָקטער, וואָס זאָל עפּעס ווײסן וועגן מאָגן־קראַנקײט? דערבײַ, אויס מיטלײד צו אים, וואָס ער לײדט נעבעך צוליב איר, קושט זי אים ווי אַ מאַמע און פרעגט אים: — אפשר אַרײַנגײן צום דאָקטער דאָ, אין צווײטן הויז?

זענען זײ אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, אַרײַנגעגאַנגען צו ד״ר ווילִיאַם זײאָנץ. לויט דעם פאַרנעמען נאָמען אויפן מילכגלאָז־שילדל, וואָס אין אונטערשטן שײבל פון דעם ראַגאָווען פענצטער, אָן אָנגעשטעלטס מיט בלומענטעפּ, אַ פאַרהאַנגענס מיט פוירהאַנגען, האָבן בײדע, נתן חיים און בתיה, זיך פאָרגעשטעלט אַ דאָקטער — אַ פאַרשוין, דאָס וואַרטצימער — פול מיט פּאַציענטן. צום סוף גאָר, בײַם עפענען די טיר — מ׳זאָל דאָס זאָגן אײן פּאַציענט כאָטש אויף אַ רפואה. און דער „וואַרטעזאַל" — אַ קלײן צימערל מיט אַ נעבעכדיק טעפּעכל אויפן דיל. בײַ אײן וואַנט — אַ קאַנאַפּקעלע מיט אָן איבערצוג פון שוואַרצער צעראַטע, געקנאַקטע, אויסגעריבן אויף די צווײ זיצפּלעצער. אַזוי אויך די צעראַטע־איבערגעצויגענע פּאָטעלן אין צווייווינקלען פון צימערל. אין מיטן דעם „וואַרטעזאַל" — אַ טישל מיט אַלטע זשורנאַלן, וואָס אַרײַנקוקן אין זײ וואָלט שווער געווען, צוליב דעם קנאַפּן ביסל ליכט פון דער געלבלעכער מילכשײַן פון סופיט אַראָפּ.

האָבן מאַן און ווײַב זיך אָנגעזעצט אויפן קאַנאַפּקעלע און געקוקט אויף דער טיר אין אַ צווײט צימער אַרײַן. אין אַ ווײַל אַרום האָט זיך די טיר געעפנט און אַ מענטשל האָט זיך אַרײַנגעוויזן, אַ פאַרשווינדל מיט אַ „פּעגישל" (אַ פּנימל) און אַ גרויגרתל פון אַ סוכאָטנע ייִנגל:

— הו איז די פּײשנט? (ווער איז דער פּאַציענט?) האָט ער, שטײענדיק אין דער האַלב אָפענער טיר, געקוקט מיט זײַנע אומרויִק־לויפנדיקע אײגעלעך דאָ צו אים, נתן חײמען, באַלד צו איר, בתיהן.

דערזעענדיק דאָס דאָקטערל, איז אים, נתן חײמען, אײַנגעפאַלן אַז אַזוי האָט אַוודאי אויסגעזען ר׳ צדוק, נאָך זײַן אָפּפאַסטן פערציק יאָר. זי אָבער, בתיה, האָט נישט געטראַכט נאָר אויפגעשטעלט זיך:

— זי איז „די פּײשנט".

דער דאָקטער האָט איר אַרײַנגעוויזן צו זיך אין קאַבינעט און אים

האָט ער געפרעגט: — אַר יו די האַזבענד? (איז ער דער מאַן?) — יעס? קאָם א לאָנג. (זאָל ער אויך אַריינגיין).

ער האָט זי לאַנג באַטראַכט, דער דאָקטער, צוגעלייגט ס׳רעכטע בעקל פון „פענישל״ צו איר האַרץ, צום בויך, צו דער פּלייצע, געמורמלט: „יעס, יעס״, דערנאָך געזאָגט, עפּעס ווי צו זיי און צו קיינעם:

— ער וועט מוזן מאַכן „טעסט״.

— וואָס מיינט „טעסט״? האָבן מאַן און ווייב, ביידע איבערגעשראָקענע פון אומבאַקאַנטן וואָרט, אים געפרעגט.

— דאָס מיינט, האָט שוין דאָס דאָקטערל גענומען רעדן צו זיי אויף יידיש מיט אַ גמרא־ניגון: — דאָס מיינט אַריינפירן אַ רערל, אַ גומען קיש־קעלע, דורכן מויל, אַראָפּ אין האַלדז אַריין, צום מאָגן צו, פון דאָרט אַרויס־קריגן עטלעכע טראָפּנס און זיי נעמען אונטער דעם מיקראָסקאָפּ.

— שוין איצט? האָט בתיה, דערשראָקן אים געפרעגט.

— ניין, טייער קינד, האָט דאָס דאָקטערל איר אַ גלעט געטאָן אויפן אַקסל. — נישט איצט. פריִער וועט ער איר געבן אַ „מעדיסין״ און די טעסטן וועט ער איה״ש אָנהייבן זונטיק. מאָרגן איז דאָך פרייטיק און שבת איז זיין קאַבינעט געשלאָסן.

אַז דאָס דאָקטערל האָט פאַרשריבן און געגעבן בתיהן דעם „רעצעפּט״ האָט ער, נתן חיים, שטיל, שעמעוודיק אים געפרעגט:

— וויפל?

— בלויז צוויי טאָלער, מחמת דאָס איז אַ געוויינלעכער וויזיט.

ער האָט פאַרשטאַנען, נתן חיים, דעם אָנצוהער: „אַ געוויינלעכער וויזיט״. גייענדיק מיט בתיהן אַהיים, האָט ער געטראַכט: „דאָס ר׳ צדוקל זעט אויס צו זיין אַ ייִד אַ בן־תורה, געווען אַוודאי אַ ישיבה־בחור, אויף גיך דאָ אויסשטודירט אויף דאָקטער, איז ווי אַזוי וועט זיך דער בן תורה אין זיי איינהילן!״ דאָס האָט ער געטראַכט, זי אָבער, בתיהן, האָט ער געפרעגט:

— פילסט שוין כאָטש אַ קאַפּעלע בעסער?

זי האָט געשמייכלט, בתיה, „מענער זענען ווי קינדער״, אַפילו ער, נתן חיים, אַן אינטעליגענטער מענטש, און אויך אַ קינד. פון דאָקטערס בלויזן באַטראַכטן זי, מיינט ער, זי איז שוין אַ געהאָלפענע! מיט ליב־שאַפט האָט זי אים אַ דריק געטאָן דעם אָרעם, וואָס זי האָט געהאַלטן:

— זאָרג זיך נישט טייערער, וועסט זען, ס׳וועט איבערגיין.

— הלוואַי, האָט ער פרום געזאָגט, נאָר געטראַכט האָט ער: „וועד ווייסט וואָס דאָ בעט זיך אים? אַריינפירן איר אַ קישקעלע אין מאָגן!

בפרט דאָס אַנזאָגן איר, זי זאָל שבת אָוונט, פאַרן זונטיקדיקן קומען צו אים: גאָרנישט נעמען אין מויל אַריין!"

זענען מאַן און ווייב, זונטיק צען אין דער פרי ווידער געווען ביי דעם דאָקטער זייאַנץ און דאָס מאָל געווען פריידיק איבעראַשט צו טרעפן דאָ פּאַציענטן, חוץ זיי! אַז מענטשן קומען צו אים, איז דאָך אַ סימן אַז „מ'האַלט פון אים"! מעגן דאָך אויך זיי, בתיה און נתן חיים, האָבן אַ ביסל צוטרוי צו דעם „ר' צדוקל".

נאָר צוטרוי היינט, צוטרוי מאָרגן: בעסער ווערט איר נישט, בתיהן, נאָך דעם גאַנצן מוטשען זי מיט דעם קישקעלע. ווידער פּירט ער איר אַריין דאָס גומענע רערל דורכן מויל אין האַלדז אַריין, שטופּט עס אַראָפּ טיפער, טיפער אַז זי ווערט נעבעך שיער דערשטיקט, ציט עס אַרויס, שמעקט צו דעם ביסעלע פייכקייט, טוט אַ לעק מיט דער צונג, באַרויקט דאָס אים, נתן חיימען. אַז אַ מענטש מיאוסט זיך נישט אַפילו מיט דער צונג צו ווענלן דערגיין וואָס איר איז, איז דאָך אַ סימן אַז ער איז אַן ערנסטער דאָקטער, איז זי דאָך, בתיה, אין גוטע הענט. אָבער די צענערלעך, די פופצענער דאָלערס, וואָס ר' צדוקל האַלט אין איין שלעפּן פון זיי!

מילא געלט, וואָס איז געלט? אָבער זי, בתיה, איז דאָך שוין גרין און געל, זי זעט שוין נעבעך אויס ווי אַ סוכאָטניטשקע! ס'איז דען אַ וווּנדער? אַז אַראָפּברענגען אַ ביסן איז קריעת ים סוף און צו דער אַרבעט גייט זי יעדן טאָג! נישט חלילה צוליבן היטן דעם טאָג שׂכירות, נאָר צוליב איר אחריות. זאָל זי נישט „אַריינקומען" איין טאָג, איז תשעה באָב אין „פּלאַץ". די „קאַסטאָמער" וועלן נישט צולאָזן צו זיך קיין אַנדער „פּיטער"! איז איר אַ מיטלייד, בתיהן, מיט דער מאַדאַם בערמאַן, אַ ליבע פרוי, קוקט איר אַזוי אין די אויגן אַריין „איז איר שוין בעסער?" ער, דער מאַן אירער, מאַכט דאָס גראָד אַוועק מיט דער האַנט. לויט אים, נתן חיימען, איז דער מאַדאַם בערמאַנס צאַפּלען זיך, נישט ווייל זי, בתיה, גייט איר שטאַרק אָן, נאָר מחמת זי וויל נישט דאָס הויז „בערמאַן ענד בערמאַן" זאָל פאַרלירן אַ „פּיטער" ווי זי, בתיה איז! נאָר „מאלע" וואָס איר מאַן זאָגט. לויט אים זעט קיין באַלעבאָס אין זיינע אַרבעטער — מענטשן, נאָר בלויז „הענט".

מילא, צו דעם גומענעם רערעלע, וואָס דער דאָקטער שטופּט איר אין האַלדז, איז זי שוין צוגעוווינט, בתיה, וואָס אָבער זי שרעקט זיך איז, וואָס דער ר' צדוקל, ווי נתן חיים רופט אים, פאַרבאָט איר אַפילו אַ שמעק צו טאָן צו הערינג! און נאָר צו הערינג? ער פאַרבאָט דאָך איר אויך ווורשט! אַוודאי, איצט, ווי קען זי טראַכטן פון הערינג, פון „סאַלאַמי",

אַז אַ שטיקל געוויקסטע זעמל אין מילך קען זי נישט אַראָפּברענגען. נאָר עס גייט דען איר אין איצט? דער ר׳ צדוקל וויל דאָך זי זאָל ווערן אַ „ווערדזשעטעריען״, לעבן נאָר אויף גרינסן! וואָסער לעבן קען דאָס זיין אָן אַ שטיקל הערינג, אָן אַ שטיקל לאַקס, אַ פּענעצל „סאַלאַמי״?

וואָס אָן אמת, נתן חיים, האָט זי נאָך פּאָר זייער חתונה געוואָרנט אַז „אַריינקנייטשן״ „לאַנטש־טיים״ אַ פרישע זעמל מיט אָט די „לאַגעטקעס״ אירע און נאָך דעם זיך זעצן צוריק צו דער אַרבעט, קען דעם געזונטסטן מאָגן איבערפירן. לאַכט זי כסדר אויס אים: „ווי איז דאָס מעגלעך? אַזעלכע באַטעמטע עסנס קענען פאַרשאַטן?״ זי וואָלט אים אַוודאי צוליב געטאָן, דעם מאַן אירן, אָבער ווי קען אַ מענטש זיך אָפּזאָגן פון אַ שטיקל הע־רינג? מלחמה־צייט, אין דער היים, האָט מ׳דאָך געחלשט כאָטש נאָכן ר״ח פון הערינג! האָט גאָט געהאָלפן, זי איז מיט מזל אין אַמעריקע, ווו מ׳קריגט פון אַלעם גוטן, דער טאָלער אין קעשענע, אַ דאַנק גאָט, פעלט אויך נישט, הייסט זי גאָר ר׳ צדוק ווערן אַ „ווערדזשעטעריען״!

פּאָר איר קראַנק ווערן, פלעגן זיי אַ מאָל אַריינגיין אין וועלכן פון שילדקרויטס ווערגעטאַרישע רעסטאָראַנען. אַז אין אַמעריקע איז אַ מאָדע צו עסן גרינסן, האָבן זיי געוואָלט פּרוּוון עסן אַ מיטאָג פון דעם שילד־קרויטס „נאָטאָס און פּראָטאָס״. ווי דאָס מאכל האָט אַ טעם חלשות, האָבן זיי דאָך געטראַכט: שטאַרבן פון עסן איין מאָל, צי אַפילו צוויי מאָל אַ וואָך „נאָטאָס און פּראָטאָס״, קען מ׳חלילה, נישט. אָבער לעבן אויף דעם מאכל? משוגע מיינע שונאים! אָבער זאָל זי פריער געזונט ווערן, בתיה!

האָט זי זיך געלאָזט צורעדן פון דער מאַדאַם בערמאַן און, שבת נאָך דער אַרבעט, איז נתן חיים מיט איר אַוועק צו דער מאַדאַם בערמאַנס דאָק־טער בערג, אָדער ווי זי רופט אים: „פּראָפעסאָר בוירג״!

שוין ביים אַריינקומען איז דער „פּראָפעסאָר בוירג״ זיי געפעלן, איר, בתיהן, מער נאָך ווי אים, נתן חיימען. אַזוי דאַרף אויסזען אַ פּראָפעסאָר! הויך, שלאַנק, ברונעט, אין אַ פריש־געפּרעסטן, גראַנאַטענעם אַנצוג, אַ רויטע, פרישע רויז אין לעכל פון לינקן לאַץ, אַ ליבער שמייכל אין די מוילווינקלען, גליזיק־שוואַרצע אויגן, דערצו נאָך אַ גאַלאַנטער, קאַוואַליער! און ער האָט זי בתיהן, נישט אַריינגערופן אין זיין אויפנעם־צימער ווי ר׳ צדוקל, דורך אַ מאַך מיט דער האַנט, נאָר איז צוגעקומען, זיך פאַרנייגט און מיט אַ שמייכל זי אַריינפאַרבעטן אין זיין קאַבינעט. און זיין באַ־טראַכטן זי, איז אויך נישט געווען איר אַזוי איבערדריסיק, ווי דעם ר׳ צדוקלס צולייגן ס׳קאַמישע קעפל זיינס אויף איר בריסט. פאַרקערט, ס׳וואָלט זי נישט געאַרט ווען דער פּראָפעסאָר בוירג האָלט אַזוי זיין באַק

אויף איר פּלײצע, אויף איר בריסט װי לאַנג! דערפֿאַר אָבער, נאָכן באַ־טראַכטן זי, װען דער פּראָפֿעסאָר האָט אַזױ ליב־שמײכלדיק איר געזאָגט:

— מײדל, ס׳איז דיר גאָרנישט! גײ אַהײם און האָב אַ קינד. האָט זי אים פֿײַנט געקראָגן און געפֿילט װי אָט, אָט פֿאַלט זי אין חלשות.

„נאָ דיר אַ פּראָפֿעסאָר! זי איז חרוב, קען נישט אָראָפּברענגען אַ ביסן, זאָגט ער איר: — מײדל, ס׳איז דיר גאָרנישט!" מיט נתן חײמען, פֿירנדיק זי אונטערן אָרעם, איז זי אַרויס פֿון דעם פּראָפֿעסאָרס אָפֿיס קראַנ־קער, שװאַכער נאָך װי זי איז צו אים אַרײנגעקומען.

ס׳איז געװען אָנהײב יוני, דער סענטראַל פּאַרק, קעגנאַיבער דעם דאָק־טער בוירגס אָפֿיס איז געשטאַנען אַ פֿול צעבליטער, געשמעקט מיט יונג־אויפֿגעגאַנגענעם זומער. איבערן טראָטואַר, לענג אויס דעם פּאַרק, צװישן די רײען בײמער, װי אין אַלײען, האָבן שפּאַצירט הערן מיט דאַמען, די דזשענטלמענער — אין פּאַנאַמע־היט, מיט שטעקעלעך אין די הענט, די „לײדיס" מיט געעפֿנטע פּאַראַסאָלקעס און קלײנע הינטעלעך, מיט אײדעלע, דינע, זילבער־געצירטע רימענטלעך אויף די העלדזלעך, זענען זײ נאָכ־געלאָפֿן בײ די טריט, פֿאַרהוילענע אונטער די שלעפּ פֿון די לאַנגע, ברײטע, העל־זומערדיקע קלײדער.

װי די זומער־שפּאַצירערס האָבן אויסגעזען צו זײַן פֿרײדיק, זאָרגלאָז, אַזוי איז דאָס יונגע פּאָרפֿאָלק בײם דאָקטערס טיר, דער עיקר זי, בתיה, געװען דערשלאָגן, טרויעריק, כאָטש טו אַ פֿלי פֿון טראָטואַר און װאַרף זיך אונטער די רעדער פֿון אַ פֿינפֿט־עװעניו באָס און אַ סוף, אַן עק זאָל עס נעמען צו דעם יסורים־פֿולן לעבן אירן.

— בתיה, האָט ער דער מאַן אירער, נתן חײם, גערעדט צו איר, זי גע̇טרײסט, געמונטערט, — בתיה, װאָס טוט זיך מיט דיר? דאַרפֿסט דאָך זיך פֿרײען, טאַנצן אין די גאַסן, װאָס ביסט נישט קראַנק.

— אָט גײ איך שױן אַ טענצל! האָט זי זיך צעװײנט. — דעם „פּול־פֿרעסער" (פּראָפֿעסאָר) איז זיך גרינג אַ זאָג צו טאָן: האָב אַ קינד!

אויך אַזױ אין סאָבװײ, איבערן גאַנצן װעג אַהײם, איז זי געזעסן, בתיה, אַ פֿאַרצאָגטע, אַרײנגעטאָן אין טראַכטעניש, מײדלשע טראַכטענישן: „שוין? נאָך אײדער זי האָט עפּעס געהאַט אין איר יונג לעבן, שוין װערן געבונדן? אַ קינד, פּאָקעלעך, מאָזעלעך, שלאָפֿלאָזע נעכט"?

דערקעגן ער, נתן חײם, האָט געטראַכט: „דעם פּראָפֿעסאָר בוירגס פּראָגנאָז לײגט זיך אויפֿן שׂכל, בתיה איז שוין נישט קײן מײדעלע. אפֿשר איז טאַקע צײַט זי זאָל האָבן אַ קינד? די מאַמע זײַנע, אַן

אַלטפרענקישע פרוי, מיינט אויך אַזוי. אַ פרויענצימער, זאָגט זי אַלע מאָל, איז, נישט צו גלייכן, ווי אַ בוים. אַ בוים, אַ זי, אַז זי וואַקסט אויס, הייבט זי אָן טראָגן געוויקסן, מעג דאָס זיין אויבסטן צי גאָר ווילדע ניסע־לעך. אַזוי אויך, להבדיל אַ נקבה. אַז זי האָט חתונה, לעבט מיט אַ מאַן, דאַרף זי האָבן קינדער, זיין אַ מאַמע!

# קאַפּיטל אײנאונדרײַסיק

נישט לאַנג נאָך זײַן שטעלן חופּה מיט בתיהן האָט נתן חיים געקראָגן פון עלקעלען אַ פאַרבעטונג צו קומען אויף איר חתונה.

ער האָט געהאַלטן פאַר די אויגן דאָס פאַרבעטקאַרטל, נתן חיים, נאָר שטאָט לײענען די געגילדטע פאַרבעט־װערטער איז גאָר זײַן דמיון גע־לאָפן אויף צוריק: „װײ, װײ! װאָס פון אַ ליבע קען װערן. איבער צען יאָר, שיִער נישט אַ העלפט פון זײַן לעבן, האָט ער זיך געליבט מיט עלקעלען, זיך פאַרליבט אין איר װען ער איז נאָך קײן דרײַצן יאָר נישט אַלט געװען און זי — קוים צען. ער האָט זי געליבט אַלס קינד, זי ליב געהאַט אַלס ייִנגל און ממש אויסגעצאַנגען נאָך איר — װען אַ דערװאַקסענער בחור שוין. נאָר איז דען דאָס געװען אַ ליבע? אין אַ ליבע זענען דאָ צװײ, דאָ איז געװען נאָר אײנער. ער האָט געליבט, אָבער זי, עלקעלע, איז שטענדיק אַנטלאָפן! געלאָפן פון אים — װען אַ קינד נאָך, געװײַכט פון אים אַלס שול־מײדל און כסדר געזוכט זיך אַװעקצודרײען פון אים אַלס דערװאַקסענע. האָט ער חתונה געהאַט מיט בתיהן. איצט פאַרבעט אים עלקעלע אויף איר חתונה".

ער האָט געװוסט, נתן חיים, װאָס דאָרט, אין ראַדעם, טוט זיך, נאָך אײדער ער האָט פון עלקעלען דערהאַלטן איר פאַרבעטונג. אַ נישט אָפּ־ציעלע „פּאָטשט" איז געגאַנגען װעגן אים און עלקעלען פון ניו־יאָרק קײן װאַרשע, פון װאַרשע קײן ראַדעם און אַזױ אויך אויף צוריק.

אַז בתיה האָט פאַר זײער חופּה געשריבן צו אירע עלטערן און זײ פאַרבעטן אויף איר חתונה, האָט אויך ער, נתן חיים, געשריבן קײן װאַרשע און פאַרבעטן זײַנע עלטערן. קײנע פון די פאַרבעטענע זענען טאַקע נישט געקומען, אָבער די נײַעס האָט זיך פאַרשפּרײט, פריִער צו קרובים, דער־נאָך — צו פרײַנד און אַזױ פון שטאָט צו שטאָט. אמת, דירעקט צו על־קעלען האָט קײנער נישט געשריבן. צו װאָס אַנטאָן דעם מײדל אַזאַ בושה? זי האָט טאַקע געדרײט מיטן נעזל און איר טאַטעשי און מאַמעשי האָבן זיך, כּלומרשט, געבראָקט מיט נתן חײמען. דאָס אין אים געפעלט זײ נישט, יענץ אין אים שטײט זײ נישט אָן, און בכלל — „װאָס ס'געאײַל? עלקעלע

איז נאָך אַ קינד, זאָל זי „קאַנטשען די שקאָלע", ווערן אַ שטיקל מענטש, 'עט מ'זעען".

אַוודאי האָבן סיי זיי, שיינדעלע און איר אברמעשי, סיי ער, נתן חיים, געוווסט אַז דאָס איז מצד זיי קרעמערישער מקח וממכר: „אַז דער קונה חלשט ממש, צו וואָס אַזוי גיך 'צוקלאַפּן? 'אפשר 'עט זעך אינטערריקן עפּעס בעסערס?".

האָט טאַקע קיינער פון די זייניקע קיין ראַדעם וועגן זיין חופּה־שטעלן נישט געשריבן, אָבער זעלדעלע, די שוועגערין, וואָס איז אויך אַ קוזינקע זיינע און אַ שוועסטער פון עלקעלעס טאַטעשי, זי, ווי נאָר די ידיעה וועגן נתן חיימס חופּה־שטעלן איז אָנגעקומען האָט זי גלייך וועגן דעם געשריבן צום ברודער אברמעשי און — אַן איבערקערעניש איז געוואָרן אין עלקע־לעס היים.

אַז שיינדעלע האָט געעפנט דאָס בריוול פון וואַרשע, איז זי, אין מיטן לייענען, געוואָרן ווייס ווי קאַלך און, ווי איר טבע מיט אַ בריוו פון, אָדער וועגן, נתן חיימען, גלייך אַראָפּ אין געוועלב אַריין, לייענען די ידיעה פאַר איר אברמעשי. איז אויך ער, עלקעלעס טאַטעשי, געוואָרן גרין און געל און ביידע זענען געבליבן זיצן שטום, ער אויף אַ זעקל זאַלץ און זי — אויף אַ זעקל קאַשע, איינע קעגן אַנדערן און אַזוי, שטומערהייט, זיך דורכגערעדט מיט די בליקן: „וואָס טאָן? ווייזן דאָס בריוול עלקעלען? וואָס וועט ס'קינד זאָגן? זי האָט זיך טאַקע געבראָקט מיט נתן חיימען, ווי זיי, די עלטערן האָבן זיך געבראָקט מיט אים, אָבער זי האָט זיך געפילט גע־שמייכלט אַז נתן חיים, וואָס אַזוי פיל מיידן יאָגן זיך נאָך אים, איז אַזוי פאַרליבט אין איר, גייט אויס פאַר אירס אַ בליק, ליגט איר צו די פיס ווי, נישט צו גלייכן, אַ הינטל ליגט צו די פיס פון זיין האַר און געביטער. ס'קינד 'עט דאָך, חלילה קראַנק ווערן פון בושה". מילא, זיי, די עלטערן, זענען נאָך טאַקע נישט געווען זיכער, אָבער משפחה? פריינד? ש'ער נישט אַ שטאָט מיט מענטשן האָבן דאָך געקוקט אויף עלקעלען ווי אויף אַ כלה, נתן חיימס כלה! יעצט 'עט דאָך דאָס ביי יעדן הייסן אַז ער האָט זי אָוועקגעוואָרפן, נתן חיים פיינזילבער האָט אַוועקגעוואָרפן עלקעלען און חתונה געהאַט אין אַמעריקע מיט אַן אַנדערער!

— אברמעשי, האָט זי, שיינדעלע, אָנגעהויבן וויינען אויפן קול, ברעכן זיך די הענט, — וואָס טיט מען, אברמעשי? אפשר צערייסן דאָס בריוול? עלקעלע זאָל עס גאָרנישט זען? וואָס שווייגסטי, אברמעשי!

יאָ, ער האָט געשוויגן, דער טאַטעשי, עלקעלעס. וואָס האָט ער איר געקענט זאָגן, שיינדעלען? „ער מישט זיך דען אין עפּעס? וואָס שיינדעלע

טוט איז ווויל און פײַן. ס׳איז דען דאָ נאָך אַזאַ שײנדעלע אויף דער גאַנצער וועלט? וועט ער פּלוצים יעצט אָנהײבן זאָגן? וואָס זאָל ער זאָגן? מ׳זאָל צערײסן ס׳בריוול? און אַז מ׳עט צערײסן, ׳עט דען עלקעלע זיך נישט דערוויסן? פאַרקערט, ס׳עט נאָך זײַן ערגער! ערשט יעצט ׳עט ס׳מײדל זײַן גערעכט, וואָס באַהאַלט מען פון איר, וואָס״?

האָט עלקעלע דאָס בריוול געלײענט און אין שטוב איז געוואָרן חושך! אַ ווײַל איז זי געזעסן מיטן בריוול אין האַנט, עלקעלע, ווי שטאַר, געקוקט אַרום זיך, אָט — צום טיש, ווו דער טאַטעשי איז געזעסן אויבן אָן מיט די ייִנגערע קינדער אַרום, גרײט צו עסן וועטשערע און אָט שוין איז איר בליק געטאָן אַ שווים אַרום דער שטוב און זיך אָפּגעשטעלט דורך דער אָפענער קיכטיר אויף דער מאַמעשי, ווי זי שטײט דאָרט מיט דער פּלײצע צו דער שטוב, כּלומרשט שטאַרק פאַרטאָן אין אויסטײלן דאָס עסן. זי האָט אָבער געוווּסט, עלקעלע, אַז דאָס מאַכט זיך אַזוי די מאַמעשי זײַן פאַרטאָן, נישט צו זען זי, נישט אָנצוגעגענען זיך מיט איר אויג אויף אויג און דאָס טאַקע האָט זי, עלקעלען, אויפגעריסן פון איר פאַרשטאַרטקייט און איר צוריק געגעבן ס׳לשון, וואָס איז בײַ איר געווען ווי אָפּגענומען:

— ניי, יעצט איז שוין די מאַמעשי צופרידן? האָט עלקעלע אָנגעהויבן שטיל, כּלומרשט רויִק פרעגן די מוטער, דאָס איז אָבער געווען די רוי־יִקייט פון אַ צוגעדושעט פײַער, וואָס האָט טאַקע באַלד געטאָן אַ פלאַם אויף:

— וואָס האָט די מאַמעשי געוואָלט פון מײַן לעבן האָבן? האָט עלקעלע אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין, רײַסנדיק זיך די האָר פון קאָפּ, — פאַר וואָס האָט די מאַמעשי מיך שטענדיק געהאַלטן הינטערן פאַרטעך? פאַר וואָס האָט די מאַמעשי געהאַלטן אין אײן פאַרטרײבן נתן חײמען פון מיר? זאָל די מאַמעשי זאָגן פאַר וואָס? די מאַמעשי מײנט נאָך אַלץ אַז איך פאַרשטײ גאָרנישט? אַמאָל בין איך טאַקע געווען אַ קאָזע (ציג), האָט די מאַמעשי מיך געקיצלט אונטערן בערדל, איך זאָל גאָרנישט זען, גאָרנישט וויסן. איך האָב טאַקע דאַן נישט פאַרשטאַנען, בין געווען אַזוי יונג, אָבער היינט פאַרשטײ איך דאָס! אָ, ווי איך פאַרשטײ עס יעצט! די מאַמעשי, נאָך אַ יונג, שײן ווײַבעלע, האָט זי סאַרקאַסטיש געשלײדערט די ווערטער צו דער מוטער אין פּלײצע, איז די מאַמעשי אַלײן געווען פאַר־ליבט אין נתן חײמען. זאָל די מאַמעשי זיך אויסדרײען, קוקן מיר גלײך אין די אויגן און זאָגן אַז דאָס איז נישט אמת! אַ אַ אַ! די מאַמעשי וויל דאָס נישט! די מאַמעשי וואָגט נישט צו קוקן מיר אין די אויגן, ווײַל די מאַמעשי ווייסט אַז דאָס איז אמת, אמת ווי יעצט איז נאַכט!

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, עלקעלע, באַגראָבן ס'נאָסע, אויסגעווייקטע פּנים אין אייגענעם אָרעם, אַן אַנגעשפּאַרטער אויפן טיש און שטיל גע־שלוכצט, געהעשעט, אַז אַלע אין שטוב האָבן געמיינט — שוין, זיך אָפּ־געוויינט, איז זי אַנטשוויגן געוואָרן, צום סוף גאָר האָט זי אויף ס'ניי אויסגעבראָכן:

— די מאַמעשי האָט געמיינט איך בין אַ יונג קאָזעלע, זע איך גאָר־נישט. אָבער איך האָב גאַנץ גוט געזען! די מאַמעשי געדענקט זיכער ווען נתן חיים האָט באַנייט זיין שוואַרצע אַבראַניע (אַנצוג) און, שטאָט דעם יידישן היטעלע, האָט ער אָנגעטאָן אַ שוואַרצן קאַפּעליוש מיט אַ ברייטן ראַנד און געקומען אַהער יענעם שבת נאָכן עסן, זיך ווייזן אין זיין נייעם „אוביאַר" (אויססטייער), איז די מאַמעשי צוגעגאַנגען „קלאָמפּערשט" (כלומרשט) „באַשויען" אים, אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש פון זיין קאָפּ, גלייך די מאַמעשי וואָלט נישט געוועזן צופרידן וואָס ער האָט אויסגעטאָן ס'יידישע היטל. געווען איז עס אָבער די מאַמעשי זאָל קענען אַ ריס טאָן אַ לאָק זיינס, ווי די מאַמעשי האָט עס אַלע מאָל געטאָן, נאָר יעצט האָט נאָך די מאַמעשי אים געטאָן אַ קניפּ אין אָרעם אויך. די מאַמעשי האָט געמיינט קיינער זעט דאָס נישט, אָבער איך האָב דאָס גוט געזען, אוי ווי איך האָב דאָס געזען! און ווי דאָס האָט מיר וויי געטאָן! זאָל מיר יעצט די מאַמעשי זאָגן, וואָס איז געווען דאָס קניפּעלע נישט אַ קוש? אַ קוש פון אַ פאַרליבטער, וואָס די מאַמעשי האָט זיך געשעמט אים צו טאָן פריי און אָפן?

זי האָט זיך ווידער צעהעשעט עלקעלע, אַריינגעפאַלן אין היסטעריע, ווי זי וואָלט חלילה געווען אין אַ קאָנוווּלסיע. דער פאָטער, אַ דערשראָקענער, האָט געוואָלט צוגיין זי איינגעמען, באַרויקן זי, אָבער איז געבליבן זיצן, מורא געהאַט זי וועט זיך נאָך מער אויפרעגן, אַזוי, אַז מ'עט זי צו רו לאָזן, וועט זי זיך אָפּשרייען און אַנטשוויגן ווערן. איז זי אָבער נישט אַנט־שוויגן געוואָרן, עלקעלע, נאָר גאָר אויף ס'ניי אויסגעבראָכן אין געשרייען, ווידער געגומען וואַרפן אין דער מוטער נייע תּרעומות:

— וואָס איז דער מאַמעשי אַזוי געגאַנגען אין לעבן, צו צורעדן נתן חיימען ער זאָל אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד? נישט ווייל די מאַמעשי האָט זיך געשראָקן צו האָבן אים נאָענט, טאָמער פאַרלירט זיך די מאַמעשי און, שטאָט רייסן אים ביי אַ לאָק, געבן אים אַ קניפּעלע, קען נאָך די מאַמעשי פּרוּוון מער און עס זאָל קומען צו אַ סקאַנדאַל? וואָס שווייגט די מאַ־מעשי? פאַרלוירן ס'לשון? און וואָס איז געווען אין וואַרשע? וואָס עפּעס איז די מאַמעשי, נישט לאַנג פאַר נתן חיימס אָפּפאָרן קיין פּאַריז, געפאָרן

זיך דאָקטערן אין װאַרשע און מיך מיטגענומען, האָט נישט די מאַמעשי זיך פאַרבענקט נאָך נתן חײמען און צו פאַרדעקן אַ פאַרדאַכט — מיך מיטגעשלעפט? אויב נישט צוליב דער מאַמעשיס פאַרבענקען זיך, צו װאָס זשע איז די מאַמעשי אויפגעשטאַנען אַזוי באַגין יענעם שבת, אַרײַנ־געגאַנגען אין דער פאָדערשטוב, װוּ נתן חײם איז געשלאָפן, זיך געזעצט בײַ אים אויפן בעט, זיך געשפּילט מיט זײַנע האָר, באַלד אים געמונטערט ער זאָל זיך אָנטאָן און פאַרשװינדן מיט דער מאַמעשי אַרויס פון שטוב! די מאַמעשי האָט געמײנט ס'קאָזועלע שלאָפט, זעט גאָרנישט, װײסט גאָר־נישט אָבער איך בין נישט געשלאָפן! איך בין געשטאַנען בײַ דער אויפ־געלענטער טיר, פאַרשטעקט הינטערן פאָרסיער און דורך אַ שמאָל־פּאָר־נומען שפּעלטעלע געזען אַלץ! איז דאָס אמת? צי נישט? נו, זאָל מען זען! זאָל די מאַמעשי פּרוּװן דאָס אָפּלײקענען!

— אַז די מאַמעשי האָט זיך אַזוי געבראָקט מיט נתן חײמען, ער איז דער מאַמעשי נישט אָנגעשטאַנען פאַר קײן אײדעם, פאַר װאָס זשע האָט די מאַמעשי זיך אַזוי געשפּיגלט אין זײַנע ברױו צו מיר און נאָך גע־געבן די מאַמעשיס „קומעס", אויך זײ זאָלן זײ לײענען! נישט װײַל די מאַמעשי פאַרגעטערט נתן חײמען און געװאָלט די „קומעס" (פרײַנד) זאָלן זען װאָסער אינטעליגענט יינגל איז פאַרליבט אין איר טעכטערל? געװאָלד! האָט זי גענומען זעצן מיט די פּױסטלעך אין טיש: — פאַר װאָס האָט די מאַמעשי געשפּילט אַזאַ פאַלשן שפּיל און פאַר װאָס האָט די מאַמעשי געװאָגט צו עפענען און לײענען ברױו אַדרעסירטע צו מיר און נאָך אַרומטראָגן זיך מיט זײ װײַזן יעדן באַקאַנטן און יעצט װעט יעדער אײנער אין ראַדעם װיסן אַז נתן חײם האָט מיך אַװעקגעװאָרפן, זיך רײַצן מיט מיר: „זעסט שױן, עלקעלע? האָסט זיך געהאַלטן גרױס, געדרײט מיטן נעזל, געװאָלט ער זאָל דיר נאָך מער ליגן צו די פיס? האָסטו דײַן באַצאָלונג!" און דער טאַטעשי? האָט זי זיך פּלוצים געטאָן אַ װענד צום פאָטער, װאָס איז די גאַנצע צײַט פון איר פײַערן, געזעסן מיט אַ געזונקענעם קאָפּ, ס'פּנים מיט דער פּרעכטיק־שװאַרצער באָרד באַ־גראָבן אין די דלאָניעס פון זײַנע הענט. — דער טאַטעשי שװײַגט, האַ? דער טאַטעשי מישט זיך נישט? װאָס איז דער טאַטעשי, אַ שמאַטע? אַ װיעכיטש? די מאַמעשי זאָל קענען מיט אים אויסרײַבן די אָנגעבברענטע טעפּ? דער טאַטעשי זעט גאָרנישט? װײסט נישט דער טאַטעשי, אַז זײַן טײַערע שײנדלשי, האָט צעבראָכן מײַן לעבן? מיר קומט דאָך יעצט אױס אָדער צו גײן זיך טרענקען, אָדער אַנטלויפן װי די װעלט האָט אַן עק!

— אָבער נײן, דאָס װעל איך נישט טאָן! מאַכן ענק (אײך) לײַכט

ס׳לעבן? די מאַמעשי זאָל זיך ווידער קענען דרייען אויפן קאָרעק? פראַ־
ווען אָנשטעל? „צאָ טאָ יאָ״ (זי איז נישט אַבי ווער)! און דער טאַטעשי
פאַרשטייט גאָרנישט? איז נעבעך אַזאַ לעמעשקע?

— מאַך צי די יאַפּע, (פּיסק) האָט דער פאָטער געטאָן אַ זעץ מיט
דער פויסט אין טיש, אַז דאָס געשיר, די טעלער, לײדיקע נאָך האָבן זיך
צעקלונגען און זי, שײנדעלע, די גאַנצע צייט ווי אַן אײנגעזונקענע לעבן
קיכטישל, האָט מער נישט געקענט אײנהאַלטן דאָס שטילע שלוכצן און
אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין: „ווײ, ווײ, וואָס זי האָט דערלעבט!
עלקעלע, איר אויסגעפּיעשטשעט טעכטערל, זאָל זי פאַרוואַרפן מיט אַזעל־
כע פרעכע רייד, אויסטראַכטן אויף איר מאַמעשי אַזעלכע ליגנס? און
אפשר? האָט דאָס פאַרווײנטע האַרץ אין איר גענומען רעדן, אויפוואַרפן
איר: „אפשר איז עלקעלע נישט אַזוי אומגערעכט? אפשר האָט זי טאַקע
איבערגעכאַפּט די מאָס מיט איר צוגעלאָזטקייט צו נתן חיימען? כאָטש
וואָס האָט זי געקענט טאָן אַז דאָס יינגל האָט זיך איר אַזוי אַרײנגע־
גנבעט אין האַרץ באַלד ווי ער איז אין יענעם שבת־צונאַכטס געקומען
קיין ראָדעם. האָט שוין ווער אַזוינס געהערט? אַ יינגל, נאָך פאַר בר
מיצווה, קומט ביי נאַכט אין אַ פרעמדער שטאָט, אײנער אַלײן, אַן אַ
גראָשן אין קעשענע, כמעט נאַקעט און באָרוועס און אַז זי האָט געדאַכט
נאָר אײן וואָרט: „דער פעטער יערמע דוד אַדפּראַוועט די זין קיין ראָ־
דעם״, בלויז דאָס אײנע וואָרט, האָט זיך דאָס יינגל „אָבראַזשעט״ (באַ־
לײדיקט), אַנטלאָפן פון געוועלב אַרויס, גענעכטיקט די נאַכט אויף אַ
יאַטקע־טישל, צומאָרגנס אַלײן זיך אויסגעזוכט אַן אָרט ביי אַ מײנסטער
און אויסגעוואַקסן אַזאַ לעבעטיקער יינג, אַזוי קליג, אַזוי באַלעזן, איז גיי
האָב אַזאַ יינגל נישט ליב! וואָס אַן אמת, זי האָט זיך געבראָקט מיט אים,
נישט געלאָזט עלקעלע זאָל אים ליב קריגן. אַ מאַמע, האָט זי זיך גע־
שראָקן פאַר זײן באַלעזנקייט. וואָס איז דען אַ מאַמע אויסן, חוץ גיטס
פאַר איר קינד? זי האָט אפשר נישט געדאַרפט עפענען און לײענען
זײנע בריוו צו עלקעלען. האָט זי אָבער געטראַכט, ווער ווייסט וואָס אַזאַ
„צפּאַניאַק״ (זײער אַ קלוגער), שרײבט צו דעם קינד. ער איז דאָך שוין
געוועזן אַ בחור פון פופצן יאָר און עלקעלע נאָך קיין צוועלף נישט! האָט
זי איבערגעלײענט דאָס בריוול און געבליבן זיצן אַנטציקט! ווי האָט דאָס
יינגל, אַן אַ שקאָלע, אַן אַ לערער, גענומען אַזאַ לשון! צו שרײבן אַזאַ
ליבעס בריוו? וועלכע מאַמע וואָלט זיך נישט דערשראָקן פאַר אַזאַ איי־
נעם? האָט זי דעם בריוו אויך געלײענט פאַר איר אברמעשי. ער איז דאָך
אַ טאַטע!״

„יענעם בריוו האָבן זיי טאַקע עלקעלען נישט געוויזן. װעלכע טאַטע־מאַמע וואָלטן יאָ איבערגעגעבן אַזאַ בריוו צו אַ צוועלף יעריק קינד? זענען געקומען נאָך בריוו, האָט זי זיי ווידער געעפנט און זיי געלייענט אויף פאַרן פאָטער. אַזוי אַרום האָט זי זיך צוגעוויינט און נישט געקענט מער אָפּהאַלטן זיך פון לייענען נתן חיימס בריוו, און וויפל עלקעלע האָט נישט געוויינט, איר אויפגעוואָרפן אַז זי אַליין איז פאַרליבט אין נתן חיימען, האָט זי נישט געקענט זיך באַהערשן און נאָך יעדן בריוו לייענען איז זי געוועןן אַלץ מער אַנטציקט אַז זי האָט אָנגעהויבן אויך ווייזן די בריוו צו גוטע פריינד, זאָלן מענטשן זען ווער עס ליבט זיך אין איר עלקעלען! וואָס אַן אמת, זי האָט נישט געוואָלט דערלאָזן עלקעלע זאָל חתונה האָבן מיט אַזאַ ס׳גאַל. זי האָט געוואָלט פאַר איר קינד אַ מאַן, וואָס זאָל זאָרגן פאַר זיין ווייב און קינדער. נתן חיים האָט דאָך אויף זיין קאָפּ די גאַנצע וועלט! ווייניק, וואָס ער האָט אַ קראַנקן טאַטן, אַ קראַנקע מאַמע, און ער דאַרף זאָרגן פאַר זיי, האָט ער נאָך אויף זיין קאָפּ אַ פאַראיין מיט טויזנטער אָנגעהעריקע! האָט זי אים נישט געוואָלט פאַר עלקעלען! קומט איר, דער מאַמעשי, אַזוי צו זידלען? און נאָך פאַרן פאָטער און די קלענערע קינדער אין די אויגן!״

— שעמסט זיך גאָרנישט, עלקעלע, אַזוי צו שפּייען דיין מאַמעשי אין פּנים? האָט זיך שיינדעלע, מיטן סערוויר־לעפל אין האַנט, אויסגעדרייט און מיט די נאָסע, פאַרוויינטע אויגן געקוקט אויפן טעכטערל. עלקעלע אָבער האָט זיך איצט גאָרנישט אומגעקוקט אויף איר, נאָר קריגעריש געענטפערט דעם פאָטער:

— ניין! איך וועל מער נישט שווייגן! דער טאַטעשי האָט זיך באַ־דאַרפט אַריינמישן, נישט לאָזן די מאַמעשי זאָל אַזוי רויִנירן מיין לעבן! דאָ האָט זי זיך געטאָן אַ שטעל אויף פון טיש, געכאַפּט איר מאַנטל און ביי דער טיר שוין, צוואָרניק אַ וואָרף געטאָן דער מוטער אַ געזעגן:

— מער וועט מיין פוס די שוועל נישט איבערטרעטן!

שטייט ער דאָס איצט נתן חיים, מיטן חתונה־קאַרטל אין האַנט און דאָס האַרץ אין אים וויינט: „עלקעלע, טייערע, מיט וועמען באַגראָבסטו זיך? טוסט אָפּ דער מאַמעשי? זי האָט זיך געברעקלט מיט נתן חיימען, גייסטו איר פאַרשוואַרצן דעם פוסטן יִיחוס מיט יאָסעלען? דעם תמע־וואַטן שניידער־יִינגל! עלקעלע, עלקעלע, ביסט זיך אַליין שולדיק, נישט דיין מאַמעשי! דו אַליין האָסט צעבראָכן דיין לעבן״.

## קאַפּיטל צוויי־און־דרייסיק

ווער וואָלט זיך געקענט גלייבן אַז אויך ביי „מיטשעל ענד סאָנס" וועט זיין „סלעק"? שטענדיק אַרבעט מען אין דעם שאַפּ צוויי און פופ־ציק וואָכן אין יאָר און נאָך מיט „אָווערטיים" (איבערשעהען) און דאָ, פּלוצים, „סלעק"!

אמת, ס'איז נישט געקומען פּלוצים. ווי ער הערט, נתן חיים, איז דאָס אַ שטענדיקע פּלאָג אין אַמעריקע. נאָך „ביזי" (אַ סך אַרבעט) קומט „סלעק", ווייניק אַרבעט, אַ שטייגער ווי נאָך דער סדרה ויקהל, קומט פּקודי.

געוויינלעך, אַז עס ווערט „סלעק" פאַרמאַכן זיך פיל שעפער, אָבער נישט ביי „מיטשעל ענד סאָנס"! דאָ אַרבעט מען אַפילו „סלעק־טיים" גאַנצע וואָכן נאָר אָן „אָווערטיים". איצט אָבער, ווייל ס'איז געווען אַזאַ שטאַרקע „ביזי", איז געוואָרן „סלעק" אויך ביי „מיטשעל ענד סאָנס". אָבער נישט אויף גאַנצע וואָכן. אַ האַלבע וואָך „פּיידע" (פאַרדינסט) איז נאָך אַלץ דאָ געווען!

די באַלמעלאָכעס אין שאַפּ זענען, צוליב דעם „סלעק" געווען פאַר־זויערט, ער אָבער, נתן חיים, איז פון דעם אַרבעטן האַלבע וואָכן, געווען ממש גליקלעך! נישט ווייל ער איז צופרידן מיט האַלבע שכירות. פאַר־קערט, גראָד איצט, אַז זי בתיה, איז אָנגעקומען אַלס „פּיטער" צו „בער־מאַן ענד בערמאַן" און ברענגט יעדער וואָך אַהיים נײַנציק דאָלער אַ וואָך „סאלארי" (שכירות), פילט ער זיך זייער געפאַלן מיט די פערציק, וואָס ער האָט פאַרדינט און וואָלט גראָד געוואָלט אַהיימברענגען מער! צופרידן פון דאַרפן אַרבעטן בלויז האַלבע וואָכן איז ער, ווייל ער וויל די אַנדערע האַלבע וואָכן פאַר זיין שרייבטיש. דער שאַפּ פרעסט דאָך אים אויף אַז ער האָט נישט ווען צו נעמען אַ פען אין האַנט אַריין!

אַוודאי וואָלט פאַר אים בעסער געווען ווען מ'אַרבעט אַפּ די האַלבע וואָך אין דריי טעג און די אַנדערע האַלבע וואָך זיין פריי פון לויפן באַ־גינען אין שאַפּ! זאָגט אָבער דער פאָרמאַן: „מיטשעל ענד סאָנס" ז'גאָט טו ראַן אַל וויק"! (מיטשעל ענד סאָנס מוזן אַרבעטן גאַנצע וואָכן). פאַר־שטייט ער דעם פאָרמאַן, נתן חיים, עס פאַסט, הייסט עס נישט פאַר דעם

באַרימטן שאַפּ אין „טרייד", צו זיין פאַרמאַכט אַפילו האַלבע וואָכן. אָבער פאַר וואָס די „ברידע אייעבייטע" זאָלן דווקא וועלן אַריינקומען אין שאַפּ יעדן טאָג, צו אַרבעטן בלויז עטלעכע שעה, דאָס פאַרשטייט ער נישט. קלערט אים דער גאַליציאַנער אויף דאָס רעטעניש:

— אַז אַ מאַן גייט נישט צו דער אַרבעט, גלייכט די מיסעס אים צו שיקן אין „גראָסערי" (שפּייזקראָם), הייסט אים אַראָפּטראָגן דעם „גאַר־בעדזש" (ס׳מיסט), אין שאַפּ אָבער שפּילט מען אַ „פּינאַקל" (אַ קאָרטן־שפּיל), מ׳קיבעצט זיך אַרום, גייט אַוועק די צייט. לייענען ביכער, ווי ער? דער וואַרשעווער, זיי זענען נישט קיין ביכער־לייטע.

מילא, אַז ער מוז אַריינקומען יעדן טאָג, נתן חיים, האָט ער נישט קיין ברירה, אָבער בטלען צייט, דאָס וויל ער נישט! פליט ער אַרויס פון שאַפּ נאָכן האַלבן טאָג אַרבעט, ווי אַ קאַץ פון אַ זאַק אַרויס. אין דער היים, כאַפּט ער אויף גיך אַ ביס און שוין זיצט ער ביים שרייבטיש. פריִער, בחורווייז, האָט ער אַזוי געקענט זיצן ווי לאַנג נאָר ער האָט געוואָלט, איצט אָבער איז ער נישט מער פרייליידיק! בפרט אַז זי, בתיה, איז נישט „גלאַט אַ האַנט", וואָס ענדיקט די אַרבעט ווען דער „שאַפּ טשערמאַן" שטעלט אָפּ דעם מאָטאָר, מוז ער, פאַר איר אַהיימקומען, „עפּעס צושטעלן" פאַרן נאַכטמאָל. און נאָכן עסן קען ער אויך נישט ווי אַמאָל, זיך קריקזעצן צום שרייבטיש. אַז ער „האָט אַ משוגעת צום שרייבן" איז זי, בתיה, שולדיק? דאַרף זי צוליב דעם זיך אָפּנודיען די אָוונטן אין שטוב? בפרט איצט, אַז דער בראָנקס פּאַרק, הינטער די פענצטער לאָקט, רופט!

איז מילא, די עטלעכע נאָכמיטאָג־שעהען, וואָלטן אים אויך געווען ווי געפונען. האָט אָבער זיין אַזוי גיך זיך אָפּטראָגן פון שאַפּ געערגערט נישט בלויז דעם פאָרמאַן, נאָר אויך „די ברידע אייעבייטע"! אַוודאי ווייסט ער. נתן חיים, אַז מענטשן האָבן נישט גערן ווען איינער פון דער אייגענער חבריא איז אַנדערש, בפרט ווען דער אַנדערשדיקער זוכט שטענדיק זיך אַרויסצושיילן פון זיי, נישט מיטצומאַכן וואָס זיי טוען, נישט מיטגיין, ווו זיי גייען. איז איין מאָל, נאָכן אויפשטעלן זיך פון דער מאַשין, ביים כאַפּן דאָס רעקל, וואָס גיכער צו אַנטרינען פון שאַפּ אַרויס. האָט דאָס גרעלע אייזיקל פּלוצים געטאָן אַ וואַקס אויס פאַר אים:

— וואָש לויפט איר אַזוי, פיינזשילבער? וואַרט זשיך טשן, מ׳געיט טרינקען אַ גלעזשל וויין, געיט מען.

— וויַין? האָט ער, נתן חיים, פאַרדעכטיק געקוקט אויף דעם ליטוואַקל.

— וואָס עפּעס וויַין אין אַ מיטן מיטוואָך? און ווער גייט דאָס טרינקען?

— וואָש אַרט עש אייך ווער? מ׳געיט זשיך!

פון אייביק אָן — וואָס פאַרבאָטן, דאָס גלוסט זיך דווקא! ווייל אין אַמעריקע איז „פּראָהיבישאָן״ (פאַרבאָט אויף משקאות) האָט יעדער געגאַרט צו טרינקען. ייִדן, באַלמעלאָכעס, וואָס פריִער איז זיי גאָרנישט איינגעפאַלן צו נעמען אַ מאָל אַ שנאַפּס, אַ קאָפּ וויַין, האָבן איצט, להכעיס דעם „פּראָהי־בישאָן״ געגאַרט נאָך משקה, נאָך אַ גלעזל וויַין און דווקא אין אַ „ספּיק־איזי״, אַ פאַרבאָטן שענקל, ווו צום טרונק האָט מען אויך געכאַפּט אַ גע־בראָטן לעבערל, אַ פּופּיקל, אַ פאַלקעלע פון אַן עוף און פאַר וואָס נאָר פון אַן עוף? אַ קניפּ טאָן אין אַ האַלב־נאַקעטער פאַלקע ביי אַ „וועיטערקע״ איז נישט באַטעמט?

האָבן דאָס איצט, דער גאַליציאַנער מאַשין־שכן זיינער, דאָס געלע ליט־וואַקל און דער טויבער בלאָקער, פאַרטראַכט אַ מין פאַרשווערונג, אַריינ־צוציִען אים, נתן חיימען, אין אַזאַ מיטנוואָכיק ליאַמעלע.

זאָגן אַז ס׳האָט אים געשמעקט, נתן חיימען, דאָס מיטגיין בטלען צייט? אָבער איינרייסן זיך מיט מענטשן, וואָס מיט זיי פאַרברענגט ער זיינע טעג, מאַכן זיי זאָלן מיינען ער האַלט זיך גרויס קעגן זיי, דאָס טאָר ער נישט! איז ער געגאַנגען מיט זיי און אַז ער איז שוין געגאַנגען, האָט ער פרייגע־לאָזט די פאַנטאַזיע זיינע, נתן חיימל, זיך פאַרגעשטעלט די קאַמעראַדן גייען מיט אים אין אַ פאַרבאָרגענעם קאַבאַרעט, ווו אָריענטאַלישע הענג־לאַמטערנעס שפּרייטן אַזאַ ווייך, געדעקט ליכט. די ווענט און דער באָדן — געדעקט מיט פּערסישע טעפּעכער. פון פאַרהוילענע ווינקלען פלייצט אַ שטיל זיס פּרויען־געזאַנג, באַגלייט פון אומגעזעענע פייקלער און צימבלער. צווישן טישלעך מיט וויַינטרינקער, שוועבן טאַנצנדיקע, ברוינהויטיקע אַראַבקעס און זיי פאָכען איבער די טרינקער מיט זייערע פאַרביקע פעכער, שלעפערן זיי איין, מאַכן זיי פאַרגעסן ניו־יאָרק, אירע נאַס־קלעפּיקע היצן, איר געבראַזג און געליאַרעם.

האָבן גאָר די שאַפּ־קאַמעראַדן אים אַריינגעפירט אין אַ רעסטאָראַנדל אויף זעקסטער סטריט לעבן עוועניו עי, אַ האַלב־קעלער מיט טרעפּ אַראָפּ־צוגייין. אַרום פיר עקיקע טישלעך, איבערגעדעקטע מיט ווייסע, פון רויטן וויַין געפלעקטע טישטעכער, זענען געזעסן ייִדן, עלטערע און ייִנגערע און אַ „וועיטערין״ אַ יונגע נאָך, מיט אַ ווייס פאַרטעכל אַרום איר דין טאַליעלע, האָט געהאַוועט צווישן די טישלעך. ער האָט געגאַפט, נתן חיים. עס זאָל דאָ, אין דעם זוניקן האַלב־קעלער, זיך הערן אַ האַרך פון די זינגערינס און צימ־בלער, אָן אָטעם כאָטש פון די כישופדיק־שיינע אַנטבלויזטע אַראַבקעס.

ער האָט געפילט צו גענעצן, נתן חיים: „אָט דאָס זענען די וויינקע־

לערס? אַהער קומען דאָס ייִדן אַ לעב טאָן? זיך פאַרגעסן אויף אַ ווײַל ביי אַ גלעזל ווײַן? דאָס קומען אַהער איז דאָך נישט אַפילו צו שיכּורן, נאָר אָפּצוטאָן אַמעריקע, ברעכן אירס אַ געזעץ! ווען ער שעמט זיך נישט, נתן חיים, הייבט ער זיך שוין אויף און טראָגט זיך אָפּ פון דער הוליאַנקע. זיצן שוין אָבער די דרײַ „ברידע אײַעבײַטע" ביי אַ טישל און די רויטהאָריקע קעלנערין האָט שוין אַוועקגעשטעלט אַ פלעשל ווײַן, פיר גלעזלעך און אַרויסגערוקט די פּערטע שטול אויף פאַר אים.

— לחיים, גרינער „טאָכעש" — האָט דאָס ליטוואַקל אויפגעהויבן צו אים זיין גלעזל, אַ פולס מיט רויט־פינקלדיקן ווײַן. — אַזש ש'אָט אייך ניט געפּאַשט צשו ברענגען אין סאָפּ „קעיק" מיט סנאַפּס טשו אייער חשונה, ווינטסן מיר אייך דאָ „מזשל טוב".

— וואָס האָט ער זיך איצט דערמאָנט אָן דער „חשונה", דער ליטוואַק? מ'דאַרף שוין אַוודאי טרינקען צו אַ ברית, הא, וואַרשעווער? האָט דער גאַ־ליציאַנער זיך געווענדט צו נתן חיימען, מיטן אויפגעהויבענעם גלעזל ווײַן אין האַנט. — פון דעסטוועגן, פיינזילבער, צו אַ ברית איה"ש, זאָלט איר זיך נישט נאַריש מאַכן, טאַקע יאָ ברענגען שנאַפּס און „קעיק" און דער שאַפּ ווערט אייך קויפן דעם אמתן פּרעזענט, נישט אַזוי, פאַרבער? האָט ער געפרעגט דעם „בלאָקער".

— אָפּקאָרס! (געוויס) האָט דער טויבער אויך אויפגעהויבן זיין גלע־זל: — לחיים, וואַרשעווער, ווי אַ געגאָסע פון די „יוראָפּישע" יוניאָנס, קומט אייך אַ שיינער פּרעזענט.

גאָר גיך איז דאָס ערשטע פלעשל געווען אויסגעליידיקט און די קעלנע־רין האָט געברענגט אַ צווייטס און אויך אַ דריטס. ווי ווייל דאָס געטראַנק האָט אויסגעזען צו זיין אַ האַלב־זיסער קידוש־ווײַן, איז עס דאָך געגאַנגען אין קאָפּ אַריין, צעוואָרעמט די געבליטן און די טרינקער זענען געוואָרן בגילופין. ער, נתן חיים, מער נאָך בגילופין פון די אַנדערע, איז געוואָרן פריילעך, אָנגעהויבן זינגען, לאַכן, אויסגעשטרעקט דעם אָרעם און אַרומגע־נומען די קעלנערין אַרום דער טאַליע. אַ שיינע מויד מיט אַ רויטלעכן קאָפּ האָר, אַ פול ביוסטל און ברייטלעכע היפטן, האָט זיך אים פאַרוואָלט זי אַוועק־זעצן ביי זיך אויף דער שויס. האָט זיך אָבער די קעלנערין פלינק געטאָן אַ דריי אויס פון זיינע הענט און פאַרשוווּנדן הינטערן פאַרטיער, וואָס האָט צע־טיילט דעם קעלער אין צווייען. באַלד איז פון הינטער דעם פוירהאַנג אויס־געוואַקסן אַ מאַן, צוגעקומען צום טישל, אַרויסגענומען פון זיין, נתן חיימס האַנט, דאָס גלעזל, האַלב נאָך מיט ווײַן:

— מיסטער, נאָ מאָר ווײַן פאָר יו! (מער נישט קיין ווײַן פאַר דיר).

אויך די מיטטרינקער זיינע האָבן איינגעזען אַז „דער וואַרשעווער״ איז אַ קנאַפּער טרינקער, האָבן זיי אויף גיך אַליין פאַרענדיקט דאָס פלעשל און כאַטש דער פיינזילבער האָט זיך נאָך אַלץ געריסן צו דער וועיטערקע, האָבן די שאַפּ־קאַמעראַדן אים דאָך אַרויסגעקראָגן אויף דער גאַס און, ביסלעכווייז, פירנדיק אים אונטער די אָרעמס, צוגעברענגט אים צו דער פערצנטער סטריט סאַבוויי. דאָרט ערשט האָבן די דריי לייט איינגעזען אַז דער וואַרשעווער איז גוט שיכּור, לאָזן אים אַליין אַהיימפאָרן צום בראָנקס פּאַרק איז אַן איינשטעלעניש, ער קען נאָך אַרונטערפאַלן פון דער פּלאַט־פאָרם! האָט זיך דאָס ליטוואַקל אונטערגענומען אים אָפּצופירן אַהיים.

איבערן גאַנצן וועג אין סאַבוויי האָט ער געלאַכט, נתן חיים, געזונגען און נאָר געזוכט צו כאַפּן וועלכע פּרוי אין די אָרעמס, דערביי האָט ער אַלעמען פאַרזיכערט — ער איז נישט שיכּור, נאָר ביי יעדן שאָקל פון וואַגאָן האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן ליטוואַקלס אָרעם און אייזיקל האָט אים באַרויִקט:

— ניט קסה, ער וועט זשיך איבערסלאָפּן וועט אים די סיכּרות אַרויס פון קאָפּ.

ערשט אַז ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר פון זיין היים, נתן חיים, איז דאָס ליטוואַקל אַוועק און ער איז אַריין אין שטוב. וויגנדיק זיך, ווי אָט, אָט פאַלט ער, האָט ער זיך דורכגעוואַקלט דורך דעם לאַנגן, האַלב־טונקעלן קאָרידאָר און איז אַריין אין פראָנט־שטוב. דאָ איז ער געבליבן שטיין, געקוקט אַרום זיך פאַרווירט, ווי ער וואָלט נישט געדענקט ווו ער געפינט זיך. נאָר פון גאַנצן טראַכטן, האָט ער זיך גאָר אויסגעצויגן אויף דער קאַנאַפּע, געקוקט צו דער פאַרביקער שיַין אונטערן סופיט און אין קאָפּ האָבן זיך געבאָמבלט: „בתיה, קאָכן, צושטעלן ספּינאַטש. האָט ער זיך אויפגעהויבן, זיך אַריינגעוואַקלט אין קיך און, ביסלעכווייז זיך דערמאָנט: בתיה האָט דאָך אים אָנגעזאָגט ער זאָל צושטעלן דאָס פענדל מיט ספּי־נאַטש צום קאָכן, ער האָט אָבער נישט געדענקט אַז ער דאַרף דאָס טאָן פאַר נאַכט, איידער זי קומט פון דער אַרבעט. ער האָט אויך נישט גע־דענקט אַז אַריינגיסן דאַרף ער אַ קליין ביסעלע וואַסער און שטעלן דאָס פענדל אויף אַ קליין פייערל.

האָט ער געעפנט דעם אייזקאַסטן, נתן חיים, און פאַרגעסן אים צו פאַרמאַכן, אין פענדל האָט ער אָנגעגאָסן וואַסער ביזן ראַנד, צוגעשטעלט די ווייס־עמאַלירטע פאַן אויף אַ פול אויפגעדרייט פייער און אַליין האָט ער זיך צוריקגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע שנאַרכן.

פאַר נאַכט, ווען בתיה איז געקומען פון דער אַרבעט און זי האָט גע־

כאַפּט אַ קוק אין קיך איז איר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. דער אייז־קאַסטן איז אָפן, פון צעגאַנגענעם שטיקל אייז איז געוואָרן אַ פּלעטש אויפן דיל. דער ספּינאַטש, איצט גרין צעווייקטע שמאַטקעס, איז, זעט אויס, אויסגעלאָפן אַ ביסל פון די טרוקן־געוואָרענע שמאַטקעס אַרום די פּייער־קעס, אַ ביסל אויפן באָדן, נאָך גוט, וואָס ס׳צוואַלעוועדיקע וואַסער האָט נישט פאַרלאָשן ס׳פּייער, ווען יאָ וואָלט די שטוב געווען פול מיט גאַז, און ס׳וואָלט אים, נתן חיימען חלילה, פאַרטשאַדעט און אפשר אויפגעריסן די שטוב אויך.

נאָכן אַרומקוקן זיך אין קיך, איז זי אַריין אין פראָנטשטוב. ווען נישט דאָס שנאָרכן, נתן חיימס, וואָלט זי געמיינט ער איז, חלילה, טויט. ביטער איז איר געווען אין מויל. דער דמיון האָט געפּיבערט און פונקט ווי ער ביי איר קראַנק ווערן, האָט געמיינט אַז זי, בתיה, האָט אויסבאַהאַלטן פון אים אַז זי ליידט אויפן מאָגן, אַזוי האָט זי איצט געטראַכט: „זי איז נע־בעך אַריין מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ צעבראָכן בעט. ער, נתן חיים, האָט אַוודאי אויסבאַהאַלטן פון איר אַז ער האָט אַ שוואַכקייט צום גלעזל. זעט זי איצט ווי זי איז נעבעך פאַרקראָכן. ער וועט אַוודאי פון צייט צו צייט אַהיימקומען טויט־שיכּור און זי וועט אים אַזוי אַלע מאָל געפינען אַ כראָפּענדיקן אויף דער קאַנאַפּע".

מיטן שליסל אין האַנט איז זי געשטאַנען איבער אים, בתיה, זיך גע־בראָכן די הענט: „ווײ איז מיר, וואָס טוט זי איצט? וועמען דערציילן? וועמען פרעגן?" האָט גאָר נתן חיים גענומען זיך איבערדרייען, צו לייגן זיך אַ ביסל מיטן הינטן אַרויף, און דערזען מ׳שטייט איבער אים! קוקט ער גוט. דאָס ביסטו, בתיה? איך בין נישט שיכּור. — נו, קום שוין, קום, האָט זי אים גענומען ביים אָרעם, אַריינגעפירט אים אין שלאָפשטוב צום בעט, — טו זיך שוין בעסער אויס און גיי שלאָפן!

# קאַפּיטל דרייאונדרייסיק

אין דער אַלטער היים, אויף וואַקאַציע, צי אין די וואַרעמבעדער, פאָרן ווילהאַבנדיקע מענטשן, יענע וואָס דער גראַשן איז ביי זיי אַ ממזר. דאָ, אין אַמעריקע, זעט ער, נתן חיים, פאָרן „אָף וואקיישן" אויך „געמיינע לייט", באַלמעלאָכעס, צו מאָל אויך אַ געוועלבניק. מ'פאָרט אין די בערג, צום ים, מ'שטייט אײַן אין האָטעלן, מ'עסט גוט, מ'שלאָפט וויפל מ'וויל, מ'גייט שפּאַצירן, די איידעלע קוקן אַריין אין אַ ספר, לייענען אַ בוך, די פּאַרגרעבטע — שפּילן קאָרטן, נואפן: אַ כלל, מ'פאַרווײַלט זיך און מ'קומט צוריק אין שטאָט אָפּגעפרישט, אויסגערוט, מיט מער כּוח ווידער צו אַרבעטן, ווייטער צו טראָגן דעם יאָך פון לעבן.

ער, נתן חיים, אויך אַזוי בתיה, זענען אין פּוילן און דערוויל אויך דאָ, נישט געפאָרן אויף וואַקאַציעס. אמת, צום ים זענען זיי יאָ געפאָרן, אָבער אין האָטעלן זענען זיי נישט איינגעשטאַנען און אָפּגערוט זיך — אויך נישט. וואָסער רו, אומשטיינסגעזאָגט, קען אַ מענטש האָבן, שבת, זונטיק, נאָך אַ וואָך אַרבעט אין אַזעלכע מוראדיקע היצן, זיך אַרייַנ־שטופּן אין אַ „סאָבוויי", פול געפּאַקט מיט מענטשן, אָפּגעגאַנגענע אין שווייס, אָן אַ טראָפּן לופט צום אָטעמען און אַזוי, ווי הערינג אין אַ פעסל, שלעפּן זיך אַ שעה, צו מאָל אַפילו צוויי, איידער מ'קומט שוין אין דעם „קאָניאײַלאַנד", דאָרט אַרויסגעטראָגן צו ווערן דורך דער מענ־טשן־כוואַליע פון וואַגאָן אַרויס און נעמען שטופּן זיך אין געדרענג ווי אַ מוראַשקע צווישן אַ באַרג מוראַשקעס, אַרויס פון דער סאָבוויי־סטאַציע און דרויסן, דורך דעם שמאָלן אינדזל צײַען ווייטער, פאַרביי דעם געפּאָרע־ריי און געטרובעריי פון טראָקס און טראַמווייען, פון קאָרס, פון פערד און וועגן! ערשט לענג־אויס דעם טראָטואַר — די טישלעך און ביידלעך מיט גענאַש און געפרעס, מיט רייען ביקסן צו פּרוּוון מזל, דורך אַראָפּשיסן אַ שוועבנדיק צעלולוי ליאַלקעלע און געווינען עפּעס אַ שמאַכטע, ערשט דאָס געטומלעריי, געקוויטשעריי אַרום די קאַרוסעלעס, אַרום די הויכע רעדער מיט אָנגעהאָנגענע שליטעלעך און וועגעלעך, וואָס וויגן זיך, וואַרפן זיך און דערביי די ריזן־געשטעלן, בערגיק און טאָליק, וואָס איבער זיי, אויף שמאָלע רעלסן, יאָגן זיך קאָלייקעס, באַנדעלעך גאַנצע און ביי יעדן

פלי אַראָפּ, ווערט אַ געקוויטשערײ פון די פאַרנדיקע מײדן און יונגען, פון די קינדער און מאַמעס, אַ געקוויטש, וואָס מישט זיך אויס מיט דעם שרײען און ליאַרמען, מיט דעם רופן און לאָקן די „פּלעזשורניקעס״ (פאַר־געניגן־זוכער) צו כאַפּן אַ פּרעס, אַ זויף, אַ שאָס פון אַ ביקס, אַ דרײי זיך אויף אַ קאַרוסעלע.

אַז מ׳קריגט זיך שוין קוים דורך דעם ווילדן יאַריד צו צום ברעג־ים, פאַלט מען אָוועק אויפן זאַמד אַן אויסגעשעפּטער, אָן כּוח, אָן ווילן אַראָפּ־צוציִען פון זיך די שווײסיק־פײכטע הויזן, דאָס נאַס־דורכגעווײקטע העמד, כּדי צו בלײבן אין באַד־קאָסטיום און גײן זיך אָפּקילן אַ ביסל אין וואַסער, איז ערשט דער ים פול מיט אַרויסשטאַרצנדיקע קעפּ, אַזוי געדיכט! אַז די כוואַליעלעך צעברעקלען זיך אָן זײ און בלויז דער ווײסער שוים קריגט זיך דורך צום ברעג.

נו, איז דאָס אַ וואַקאַציע? אַן אָפּרו נאָך אַ וואָך שוויצן אין שאַפּ? האָבן מאַן און ווײב געגומען טראַכטן אַוועקצופאָרן ערגעץ אין די בערג און טאַקע אויף אַ גאַנצן חודש! אַז דער דאָלער, דאַנקען גאָט, איז דאָ אין קעשענע, פאַר וואָס נישט אָנטאָן זיך אַ ביסל פאַרגעניגן? אַ מענטש לעבט דען אײביק? בפרט אַז בײדע דאַרפן זײ אַ וואַקאַציע מיטן לעבן, ער, נתן חיים, דאַרף אַזעלכע פרײע פיר וואָכן צו קענען עפּעס אָנשרײבן. מילא, פון דעם ראָמאַן וואָס וועט אַוודאי פאַרנעמען עטלעכע בענד, פון דעם קען ער דערווײל נישט טראַכטן. אַזאַ ווערק קען מען נישט שרײבן כאַפּנדיק. אַרבעט ער דערווײל אויף אַ לענגערער דערצײלונג, דערצו איז דאָס נישט קומען אין שאַפּ אַ חודש צײט נישט קײן פּראָבלעם פאַר אים. דער פאָרמאַן וואָלט געוועזן צופרידן, ווען ער זעט אים נישט אַפילו דרײַ חדשים.

דאָס פּראָבלעם איז מיט איר, בתיהן. מילא, דאָס פאַרלירן אַ חודש שׂכירות איז נאָך פאַר זײ צו דערלײדן, די שוועריקײט פאַר בתיהן איז צי די מאַדאַם בערמאַן וועט זי אָפּלאָזן אויף אַזאַ צײט! די „קאָסטאָמער״ וואָס זי, „מיס בי״, פּאַסט אויף זײ אָן אַ קלײד, אַ קאָסטיום, וועלן שוין קײן אַנדער „פיטער״ צו זיך נישט צולאָזן! אויך ווײסט מען נישט בײ „בער־מאַן ענד בערמאַן״ פון קײן סלעק. די בערזע־שפּעקולאַנטן, מאַנופעק־טשורערס, גרויסע געשעפטסלײט, וואָס זײערע ווײבער, זײערע „מעטרע־סעס״ (געליבטע) „טוען זיך אָן״ בײ „בערמאַן ענד בערמאַן״, די לײט האָבן אין דער מלחמה „אָפּגעלײגט״ אַזוי פיל געלט אַז זײערע ווײבער ווײסן נישט פון קײן שלעכטע צײטן, איז דעריבער אין דעם פּלאַץ „אימער ביזי״. דאָס אײנציקע גליק, בתיהס, זי האָט אַ באַרעכטיקטן אויסרײד אויף צו

בעטן אַ חודש אָפּרו. זי איז דאָך אַזוי אָפּגעשוואַכט פון דער קראַנקייט, פון דעם לאַנגן דאָקטערן זיך, אַז זי קען נעבעך קוים שטיין אויף אירע פיס.

אַוודאי, ווען זי הערט אים, בתיה, וואָלט זי גאָר צו דער קראַנקייט נישט געקומען! ער האָט דאָך זי געוואָרנט, נתן חיים. אויפעסן צו „לאָנטש" אַ האַלבן שמאַלצהערינג, נישט אַפילו אַראָפּוואַשן פּרי׳ער דעם „ליוגער" (זאַלץ־ווייקעכץ), צו דעם נאָך אַ פערטל האַרטן וווּרשט (סאלאמי) מיט אַ פרישן זעמל אָדער צוויי, דאָס „אַריינקנייטשן" און נאָך דעם נעמען זיך בייגן און ברעכן אַרום וועלכער „דאַמע" ביים אָנפּאַסן אויף איר אַ קלייד, אַ קאָסטיום, אַז אַזעלכע עסנס קען זי אַוועקלייגן, איבערפירן איר דעם מאָגן, האָט זי אים געהערט ווי דעם קאָטער! „זי האָט קוים דער־לעבט צו זיין אין אַמעריקע, ווי ס'איז דאָ, דאַנקען גאָט, פון אַלעם גוטן, וועט זי זיך דאָ זשאַלעווען אַ שטיקל הערינג? אַ פּענעצל וווּרשט? ערשט אַז דער דאָקטער, דאָס ר׳ צדוקל, האָט איר פאַרבאָטן יענע עסנס און זי געמאַכט פאַר אַ וועגעטאַריערין, צו לעבן אויף גרינסן, אויף „נאָטאָס און פּראָטאָס", האָבן איר אויפגעהערט די ווייטיקן אין מאָגן און זי איז קריק געוואָרן אַ שטיקל מענטש.

האָט זי אים דאָס מאָל געהערט בתיה, גערעדט מיט דער מאַדאַם בער־מאַן און יענע האָט איר דערלויבט אָבער ערשט אין אויגוסט ווען די קאָסטאָמער צעפאָרן זיך אויף זייערע שווילטיקן.

גוט, פאָרן זיי, אָבער וווהין פאָרט מען? זיי זענען דאָך וועגעטאַריער! צוליב איר, איז ער דאָך אויך געוואָרן אַ „בהמה וואָס לעבט אויף גרינ־וואַרג". זי, בתיהלע וואָלט געקענט אויסהאַלטן „וועגעטאַרישקייט", ווען זי זעט איר מאַן פאַרזוכן אַ קריש הערינג, אַ רעדעלע וווּרשט? לעבן זיי ביידע אויף „נאָטאָס און פּראָטאָס". האָבן זיי געזוכט צווישן די קעטסקיל אַנאָנסן אין די ייִדישע צייטונגען און דערזען עפּעס אַ „נחת־רוח האָטעל" ערגעץ אין קלאָונדייל. שוין די אַנדערשקייט פון דעם אַנאָנס האָט אים געפאַנגען, נתן חיימען. הערט נאָר אַ לשון פון אַן „אַדווערטייזמענט"!

„יאָלדן, וואָס זיצט איר אין די ניו־יאָרקער היצן, וואָס? כאַפּט די בעבעכעס און קומט צופליִען, צו פאָרן, צו גיין אין „האָטעל נחת־רוח", דער גן עדן פון די קעטסקילס! אונדזערע בערג וועלן אייך „עמפאַנגען" מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס. אונדזער טייכל וואַרקעט אייך אַ סערענאַדע גלייך אין אייערע פענצטער אַריין. די קאַנאַריקלעך פון „נחת־רוח האָטעל" וואַרטן אייך אָפּ ביי דער „טריין", נעמען אייך אויף זייערע פליגעלעך, אייערע „סעטשלעך" כאַפּן זיי אין די שנעבעלעך און קומען מיט אייך צו־

פליען „פּריאַמאָ״ אין האָטעל אַריין. ערשט דאָס עסן! וואָס שמעקט אייך? אַ געבראָטן טייבעלע? אַ שטיקעלע שור הבור? אַ ווײַדעלע לויתן! אַ גלעזל יין המשומר? איר קריגט אַלץ „סקאַלקאָ אי גאַדנאָ״ ענד די פּרייזן? אַ חרפּה אויסצוזאָגן! יעס, שיער פאַרגעסן! דער „נחת־רוח האָטעל״ אונ־טער דער פערזענלעכער „מענעדזשמענט״ פון מיס רייטשל שאַנהייט, „קייטערס״ ספּעשל צו וועגעטאַריאַנער, די בהמות, וואָס לעבן „סטריקטלי״ אויף „באָטאָס און פּראָטאָס״, הכלל, אויף וואָס וואַרט עץ נאָך, אויף וואָס״?

זענען זיי געפאָרן, בתיה און נתן חיים. מאָלט אייך אַז קיין קאַנאַ־ריקלעך האָבן זיי נישט אָפּגעוואַרט ביים אָנקומען, אָבער אַ פערד און וועגעלע, מיט אויפגעמאָלטע יידישע אותיות אויף די טירלעך איןביידע זייטן פון דער „בריטשקע״ „האָטעל נחת־רוח״ האָט יאָ געוואַרט אויף זיי.

וואָס אַן אמת, ביים אָנקומען אין האָטעל אַריין, זענען זיי געווען היפּש אַנטוישט. די סטאַליערס און מאָלערס זענען נאָך געשטאַנען אויף הויכע לייטערס און געקלאַפּט און געפאַרבט, די ווענט, דעם סופית, אָבער „גע־קייטערט״ האָט מען! וואָסי? די געסט וועט עפּעס אָפּקומען אַז בעתן סער־ווירן זיי, אַרבעטן די „פּיינטערס, די קאַרפּענטערס״? פאַרקערט, עס קומט זיי גאָר צו! אָט פאַלט אַראָפּ אַ טשוועקל אויפן טישטעך, אַ ביסעלע זע־געכץ אין דער זופּ אַריין, אָדער אַ טראָפּ פאַרב אויפן קאָפּ. ס׳איז דאָך „סיזן״ (סעזאָן), וועט מען צוליב אַ שטויבעלע זעגעכץ אין דער „סופּ״ פאַרלירן אַ מאָנאָט ביזנעס, וועט מען?״

מילא, די אומבאַקוועמלעכקייט האָט זיי נישט אַזוי שטאַרק געאַרט. דערפאַר האָבן זיי זיך געפילט פאַרגיטיקט דורך די געסט דאָ, סאַמע „פער״! שרייבער, פּאָעטן, מאָלער, אַקטיאָרן, אַפילו אַ סקולפּטאָר אויך! ערשט די מיידלעך, ווייבלעך — ליטעראַרישע ביילאַגעס איינע אין איינער! די שריי־בער האָט ער געקענט אַלע, נתן חיים, כאָטש — זיי אים, קיין איינער נישט! די מאָלער? דעם סקולפּטאָר? מיט זיי האָט ער דאָך געשפּילט טע־אַטער, נתן חיים, אין שוואַרצס דיבוק! אַ כלל, ער איז אין דער געהעריקער געזעלשאַפט, ווי אָנגעמאָסטן צום שרייבן, אַזאַ אַטמאָספערע! ער וועט דאָ זיכער אָנשרייבן די לענגערע דערציילונג.

איז אים גראָד אין שרייבן, נתן חיימען, נישט געגאַנגען דאָ. מענטש־לעכע רישעות! אַליין האָבן די „שמירער״, וואָס יעדער פון זיי, האַלט זיך פאַר אַ רעמבראַנדט, אַן על־גרעקאָ, נישט גענומען די „פּאַלעטרע״ אין האַנט, אַרומגעטליקעט זיך גאַנצע נעכט מיט די מיידן, מיט יונגע ווייבלעך, וועלן זיי לאָזן אים, נתן חיימען, זיצן אין די פרימאַרגנס, אין די אוונטן און „שאַפן״, שרייבן? האָבן זיי זיך פאַרקליבן הינטער זיין פענצטער און

יעדערס מאָל אים אָפּגעשפּילט אַן אַנדער סאָרט קאָצניאָמער. זיי האָט נישט געאַרט זיין האָבן גרייט אַ „וויאַדרע“ וואָסער און אָפּגיסן זיי ווי גרויס זיי זענען. אָבער וואָס האָט עס געהאָלפן? בפרט אַז בתיהלע האָט דאָס אינסצעניזירט אים די „קאָצניאָמערס“. וואָסי? ער האָט זי „גענומען אויף וואַקיישן, זי זאָל זיך דאָ אַרומדרייען אַליין, ווי זי וואָלט, חלילה, געווען אַן אלמנה? באשר, איר מאַן וויל שרייבן!“ האָט ער איינגעפּאַקט ס׳שריי־בעריי און מיטגעהולטייעוועט מיט דער חברותא.

זענען אַזוי געגאַנגען די טעג אין גרינגן געמיט ביז איין מאָל, ביים מיטאָג, האָט לעסטער, דער „ספּעשל וועדזשעטעריען וועיטער“ צוגעברענגט די שיסלעך מיט „וועדזשעטעיבל סופּ“ און ער, נתן חיים, ווי זיין טבע, האָט אַ מיש געטאָן מיטן לעפל, איידער ער נעמט עסן. פינצטער איז אים געוואָרן אין די אויגן! צווישן די דראָבנע, צעשניטענע שטיקעלעך מייער, סעלערי, קאַרטאָפל, זעט ער אויך אָנגעשניטענע, ווייסע שטיקלעך ביילעק פון אַן עוף!

— זעט נאָר די וועגעטאַרישע זופּ, האָט ער אונטערגעטראָגן דעם לעפל מיטן עסן איר, בתיהן, באַלד צו די שאַפּיראָס, טיש־שכנים, אויך וועגע־טאַריער ווי זיי.

די שאַפּיראָס, מאַן און ווייב, האָבן זיך איבערגעקוקט, זענען אויפגע־שטאַנען פון טיש, און אַן אַ וואָרט אַרויף אין זייער צימער זיך איינפּאַקן און שוין אַוועק פון דעם „נחת־רוח“. אויך בתיה האָט געוואָלט אַזוי טאָן. אָבער נישט ער, נתן חיים! אַזאַ שווינדל!

— לעסטער! האָט ער, אַ רוף געטאָן. דער קעלנער איז צוגעקומען, גע־וואָרן רויט און טויט, געוואָלט גיך אַוועקנעמען די שיסעלעך עסן. — אָ נאָ! האָט נתן חיים אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם קעלנערס אָרעם:
— גאָרנישט רירן פון טיש! שוין וויל ער זען די מיס רייטשל.

רופן זי האָט לעסטער נישט געדאַרפט. די אָנגעשטאַנענע סומאַטאָכע אין עסזאַל, די אויפגערעגטקייט פון די אַנדערע וועגעטאַריער, ביי די שכנותדיקע דריי טישלעך, איז געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס אויסגעפּיאָקעוויטע ווייבעלע, אָנגערוזשט, אָנגעפּודערט ווי אַן אַקטריסע פון דער בינע אַראָפּ איז אַליין אָנגעקומען פון קיך אַרויס און געלאָפן, וויגנדיק זיך אויף די ענג־איינגעשנורעוועטע היפטן, איז זי צוגעקומען אין אויפגערעגטן געזעמל אַריין:

— ווהאט העפּענד? (וואָס איז געשען?) און איידער נאָך מ׳האָט איר דערקלערט, האָט זי שוין, ווי אַ גענייטע שווינדלערין, געהאָט דעם אויס־רייד: — סאָ סאָרי (ס׳טוט איר לייד), אַ טעות, און שוין האָט זי זיך צע־

שריגן אויפן קעלנער: — לעסטער! ווהאט׳ס די מעדער וויט יו? (וואָס טוט זיך מיט אים?) פליישיקע סופּ ברענגסטו צו די וועגעטאַריער?

זייטיקלעך האָט ער, נתן חיים, אָבסערווירט דאָס ווייבעלע, „די פּרינצעסין פון די קייטערערס" אוי ס׳א געביפּטע מאַרעוויכערין זי איז!

— און איר אַנאַנסירט נאָך אַלץ אַז איר „קייטערט ספּעשאַלי" פאַר וועגעטאַריער? האָט ער זי סאַרקאַסטיש געפרעגט.

— אָף קאָורס, (געוויס) האָט זי אַזוי אומשולדיק אים געענטפערט. דאָ איז געשען אַ טעות, „דזשאָסט עי מיסטייק".

— בלויז אַ טעות? האָט ער, נתן חיים, כלומרשט גלייבנדיק, זי איבערגעפרעגט, דערביי געקוקט איר שאַרף אין די אויגן: — שווינדלער, האָט ער אַ וואָרף געטאָן איר אין פּנים און איז מיט בתיהן, מיט די אַנדערע אַרומשטייענדיקע, אויפגעצאַרנטע וועגעטאַריער אַרויס פון עסזאַל.

## קאַפּיטל פיראונדרייסיק

העשי און פעשי — מאַנעלע און ווייבעלע, ער — אַוודאי איין און צוואַנציק, זי מסתמא אַ יאָר אָדער צוויי יינגער. ס'מאַנעלע — אַ שמאָל פּנימל, אַ הויך העלדזל, מיט אַ שאַרפן גאַרגל־קנאָפּ, גרויסע אויערן — אַן אויסזען פון אַ „ליאמא״, די פּירפּיסיקע, תמעוואַטע באַשעפעניש פון די „אַנדעס״ בערג אין זיד־אַמעריקע. זי ס'ווייבכיע — אַ נאַס שפּענדל, וואָס נאָר עס קאַפּיען פון איר טרערן, ווײנט און טוליעט זיך צום מאַנעלע:

— העשי איך וויל ניש' פאָרן אַן דיר, איך 'על ניש' קענע' זיין דאָרט אַליין:

— פעשי, האָט דאָס מאַנעלע זי געצערטלט, געגלעט איר דאָס פאַר־ווײנטע, פון טרערן צעווייקטע „פּענישל״, אַ דאַרס, הויט און ביין, — זעסט דאָך, פעשי טייערע, איך קען דאָך נישט פאָרן מיט דיר, „כ'האָ' דאָך „סקול״.

האָט זיך, אין מיטן דעם געזעגעניש צעקלונגען דער סטאַציע־גלאָק, דער קאָנדוקטאָר, אויף אַ וואַגאָנטרעפּל, האָט אַ געשריי געטאָן: „אָל א באָארד״! (איינזיצן), האָט דאָס מאַנעלע אַ הייב געטאָן דאָס ווייבכיע, אַריינגעשטעלט זי אין וואַגאָן, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן רעדלען, אַוועק, אַוועק און זי, דאָס ווייבעלע איז נישט אָפּגעטרעטן פון באַנפענצטער, גע־שטרעקט דעם בליק אַהינטער צום מאַנעלע, אַ שטייענדיקער דאָרט מיטן נאָכפאָכענדיקן טיכל אין האַנט און זי האָט נישט אויפגעהערט קלאָגן:

— העשי! איך וויל ניש' פאָרן אַן דיר! איך וויל ניש' זיין אַליין!

פריער, בעת די סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן פּלאַטפאָרם פון וואָקזאַל, איז דאָס „עלטערע פּאָרפאָלק״, בתיה און נתן חיים, געשטאַנען ביים וואַגאָן־פענצטער און זיך צוגעקוקט ווי דאָס ווייבעלע לאָזט זיך נישט אָפּרייסן פון איר מאַנעלע, איצט, אַז דאָס ווייבכיע איז שוין געווען אין וואַגאָן, האָט נתן חיים גענומען אירע צוויי וואַליזקעס, זיי אַרויפגעשטעלט אויף דער אייבערשטער פּאָליצע און זי אַליין האָט ער אַזוי צאַרט גענומען ביי אירע שמאָלע אָקסעלעך און זי אַוועקגעזעצט קעגנאיבער זיך און בתיהן.

דאָס ווייבעלע האָט נאָך לאַנג געהעשעט, געווישט זיך מיט אַ נאָס־

געוואָרן טיכעלע די פּאַרווײַנטע אויגן, ביז, ענדלעך, זי האָט זיך באַרויִקט, אַרויסגענומען פון האַנטבײַטל דאָס פּודער־פּושקעלע מיטן שפּיגעלע, צו־רעכט געמאַכט זיך די האָר, האַרטלעכע, גלײַכע, אָנגעפּודערט ס'נעזל, אַ ברײַטלעכס, ווי בײַ די נעגער, אָנגערוזשט די ליפּלעך און שוין גענומען מכבד זײַן די אומבאַקאַנטע באַן־שכנים מיט שאָקאָלאַד פון אַ גרויס, שײן שאַכטל אַרויס, דערבײַ, מיט אַזאַ קינדיש נאַיִוויטעט, זיך אַנטשולדיקט פאַר דער נישט־שײנער סצענע וואָס זי האָט פריִער אָפּגעשפּילט אויף דער פּלאַטפאָרם:

— זײ פאַרשטײען דאָך, ערשט נעכטן, שבת בײַ נאַכט, האָבן זײ גע־שטעלט אַ חופּה בײַ אירע עלטערן אין הויז און דאָס דאַרף זײַן זײער „האָני־מון", שיקט ער זי אַלײן אין אַ האָטעל און ער בלײַבט אין ניו־יאָרק! וואָס לאַכן זײ? ס'איז עפּעס „פאַני" (קאָמיש)?

— זײ לאַכן נישט, חלילה, האָט בתיה באַרויִקט דאָס ווײַבעלע.

— „אַלבעטשע" (זי גײט אַ געוועט), איז די פּעשי אַרײַנגעפאַלן בתיהן אין די רײד, זײ פאָרן אויך אויף „האָני־מון"?

— אויף „האָני־מון"? מיר? זײ זענען שוין „אַלטע לײט", שוין באַלד צוויי יאָר נאָך זײער חתונה! זײ האָבן פריִער געלאַכט ווײַל זי מײנט, זי איז די אײנציקע צו פאָרן אַלײן אויף „האָני־מון". אויך זײ זענען נישט געווען צוזאַמען אויף זײער „האָני־מון". ער, איר מאַן, האָט זי, בתיה, מיט אַ זײַטיקן בליק געוויזן אויף אים, נתן חײמען, איז מיט איר אַרויסגעפאָרן קײן לײקוווד, געווען מיט איר אײן טאָג און צוריקגעפאָרן אַלײן קײן ניו־יאָרק!

— די מענער! האָט דאָס ווײַבכיע געוואָרפן אַ בײזן בליק אויף אים, נתן חײמען און באַלד זיך קריקגעקערט צו איר שמועס מיט בתיהן, — און וואָס האָט זי געטאָן?

— וואָס האָט זי געזאָלט טאָן? זי האָט דעם צווײטן טאָג אײנגעפּאַקט די זאַכן און איז אים נאָכגעקומען אַהײם.

— זי וועט אפשר אויך אַזוי טאָן, האָט דאָס ווײַבעלע טרויעריק גע־זאָגט.

— זי דאַרף דאָס נישט טאָן. זי, בתיה, האָט נישט געהאַט קײן באַ־קאַנטע אין יענעם האָטעל, האָט זי נישט געוואָלט בלײַבן דאָרט אַלײן.

— וועט זי דאָך אויך זײַן אין אַזאַ לאַגע.

— פאַר וואָס אין אַזאַ לאַגע? זי וועט קענען פאַרברענגען מיט זײ, טאַקע נישט מער קײן „האָנימונערס", שוין אַלטע לײט, דערבײַ האָט זי

געוואָרפן אַ שמייכעלע צום מאַן: — נישט אַזוי? נתן חיים, אַלטע לייט, שוין באַלד צוויי יאָר נאָך אונדזער חתונה!

— מעג זי וויסן זייער נאָמען? האָט דאָס ווייבעלע נישט דרייסט געפרעגט.

— פאַר וואָס נישט? מיר הייסן פיינזילבער, נתן חיים און בתיה פיינזילבער, און איר? האָט בתיה זי צוריקגעפרעגט.

— איר מיידלשער נאָמען איז קאַרמאַן, פעסל קאַרמאַן, איר מאַנס נאָמען איז פעדערבוש, נאָר ביים אָנקומען אין אַמעריקע האָט מען אין „קעסלגאַרדן" אים געקירצט דעם נאָמען אויף פעדער, הערש פעדער, נאָר זי האָט אים אַזוי ליב, רופט זי אים „העשי", רופט ער זי „פעשי", הייסן זיי העשי און פעשי פעדער, דערביי האָט זי געלאַכט ווי אַ פריידיק קינד.

— הערסט כאַטש? האָט ער, נתן חיים, זיך אַריינגעמישט אין דעם ווייבערישן שמועס מיט אַ קיבעץ צו בתיהן, הערסט כאַטש ווי אַ ווייב האָט ליב איר מאַן?

וואָס? ער וויל זי זאָל אויך פאַרצו:ען זיין נאָמען? גוט, זי וועט אים רופן „נושי חיישי"!

— וועט ער זי רופן „ביישי", ווייל „באַשע" האָט ער פיינט.

— זיי לאַכן אויס איר, האָט דאָס ווייבכיע, ווי אַ קינד ש:ער נישט זיך צעוויינט.

— וואָס פאַלט איר איין? האָט זי בתיה באַרו:קט.

אָט אַזוי, אין לויף פון די קנאַפע צוויי שעה פאָרן אין באַן צוזאַמען, איז דאָס ווייבעלע געוואָרן ווי צוגעקלעפּט צו זיי, אין האָטעל פאַרברענגט מיט זיי. בלויז ווייל זיי זענען וועגעטאַריער און זי נישט, איז זי ביים עסן נישט געזעסן ביי זייער טיש און אַז זי האָט פאַרטרויט אַז ווי נאָר זי קומט קיין ניו־יאָרק, מוז זי אויסזוכן אַ צימער ווייל זיי ווינען נאָך באַזונדער, זי ביי די עלטערן און העשי — אין זיין בחוריש אַלקערל, האָט דאָס פאַר־פאַלק זיך איבערגעקוקט און בתיה האָט איר פאָרגעשלאָגן זיי זאָלן זיך אַריינצי:ען צו זיי! זענען זיי דאָס אַהיימגעקומען, בתיה און נתן חיים, פון זייער פלוצים איבערגעריסענער וואַקאַציע אין „נחת־רוח האָטעל", באַרייכערט מיט צוויי „באָרדערס" אין זייער צווייטן שלאָפצימער אַריין.

איז טאַקע איצט, מיטן האָבן אַ פאַרפאַלק ביי זיך אין הויז, אַוועק אַ סך פון זייער פריוואַטקייט, ס'איז אָבער אויך אַוועק די איינזאַמקייט. ביידע — נישט קיין לייכטע פאַרשוינען צו ווערן פריינד מיט מענטשן, זי, בתיה, צוליב איר שטילער באַשיידנקייט, איר נישט וואַגנדיקייט און ער, נתן חיים, כאָטש באַרעדעוודיק, מיט אַ נטיה (אַ נייגונג) צו פאַרטשעפּען,

בפרט אַ פרוי, פֿאַרפֿירן אַ פֿלירט, פֿראַוועווען הלצהלעך, איז דאָס אָבער נאָר אויפֿן מאָמענט, נישט צו ווערן גלייך „פֿאַן בראַט". שטענדיק קריטיש, מיט אַ שאַרף אויג צו דערזען די מענטשלעכע שוואַכקייטן, זייערע קליינלעכקייטן, איז ער — צו יענעם ווי יענער — צו אים, זעלטן נאָענט. אין טאָקע זייער צוזאַמענלעבן געווען אַ שטילס, שטענדיק מיט זיך.

איצט, מיט דעם נײַעם פֿאַרפֿאַלק אין הויז, איז די היים זייערע געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. ס'האָבן אָנגעהויבן אַרויפֿקומען צו דעם פֿאַרפֿאַלק באַקאַנטע, האָבן זיי שוין ממילא אויך פֿאַרבעטן פֿריינד, זענען די שבת־צונאַכטסן געוואָרן פֿריילעך, טומלדיק. מ'איז געגאַנגען צו „פֿאַרטיס" און אויך „פֿאַרטיס" ביי זיך, יונגוואַרג האָט געשטיפֿט, געלאַכט דער עיקר, בעת די שפּילן אין „באָטל". אַ שפּיל, וואָס דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט אויפֿן דיוואַן אין אַ קרייז, אין מיטן אַוועקגעלייגט אַ מילכפֿלעשל און אויף וועמען דער גורל איז אויסגעפֿאַלן האָט דער ערשטער אַ דריי געטאָן דאָס פֿלעשל. אַנטקעגן וועמען דאָס מויל פֿון פֿלעשל איז געבליבן שטיין, דער האָט געקראָגן אַ קוש און געטאָן דעם נעקסטן דריי. איז דער דרייער געווען אַ מאַן און דאָס מויל פֿון פֿלעשל איז געבליבן שטיין קעגנאיבער זיין ווייב, האָט דער עולם געטאָן אַ קרעכץ: — נעבעך, קושן ס'אייגענע ווייב! האָט זיך דאָס מויל פֿון פֿלעשל אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אַ מאַן איז געוואָרן אַ געלעכטער: — ברוינט מיט ברוינט! און פֿאַרקערט — ס'אייגענע.

דער עיקר אָבער פֿון די „פֿאַרטיס" איז געווען דאָס זינגען לידער און מערסטנס האָט געזונגען זי, די פּעשי. דאַכט זיך אַ קליין, דין, מיזערנע ווייבעלע, קאַפּריזנע ווי אַ צעבאַלעוועט קינד, אָט האָט זי געוויינט, מיט ביטערע טרערן און איבער גאָרנישט און אָט שוין האָט זי געקענט שטיפֿן, לאַכן, ווערן פֿריילעך און זינגען ווי אַ זאַרגלאָז קאַנאַריקל. אַ קינד פֿון דער אוקראַינע, פֿלעגט זי וווּנדערלעך זינגען רוסישע פּיעסניעס, דער עיקר: „אָטשע טשאָרניע", „וואָלגאַ, וואָלגאַ" און דאָס מיט אַזוי פֿיל מתיקות, אַז זי פֿלעגט זיך צעוויינען אין מיטן זינגען און אַרויספֿאַלן אויפֿן מאַנס אַקסל: „העשי, ס'איז מיר „סקוטשנע", האָב מיך ליב".

ווי זי, דאָס ווייבספֿאַרשוינדל, איז געווען ווייך, סענטימענטאַל, אַזוי איז דאָס מענכל אירס געווען האַרט, טרוקן, מיט אַ „ווייס לעבערל", וואָס גאָרנישט האָט אים גערירט און ווי יונג ער איז נאָך געווען, אַזוי איז ער שוין געווען ציניש, געשמייכלט מיט אַן אַלץ ווייסעריש שמייכעלע, גלייך ער וואָלט שוין געווען אַ זקן פֿון איבער הונדערט!

אַ בעסעראַבער בחור, געלערנט אין אָדעסער שקאָלעס, האָט די רר

סישע רעוואָלוציע מיט די אוקראַיִנישע פּאָגראָמען איבערגעריסן אים ס׳לער־נען, איז ווי נאָר ער האָט באַטרעטן די ניו־יאָרקער ערד, איז ער באַלד אַריין אין קאָלעדזש צוריק נעמען זיך צום לערנען, צו דערגרייכן דעם חלום זיינעם, ווערן, אויב נישט אַ „זובנאָי־וורטש״ אין אַדעס, איז אַ דענטיסט אין ניו־יאָרק. און, אויף צו גרייכן דעם חלום וואָס פריִער, האָט ער נישט געוואָלט גיין אויף ביינאַכטיקע קורסן, נאָר דווקא ביי טאָג! און אים האָט נישט געאַרט, בחורוויז נאָך, דאָס פאַלן צו לאַסט פּעשין, זי זאָל צאָלן פאַר די קורסן, אויך אויסהאַלטן אים פון אירע פאַרדינסטן אין „דרעס־שאָפּ״, פון צאָלן פאַר אים „רענט״ (דירה־געלט), ביזן קויפן אים אַ פּאָר שיך, אַ העמד מיט אַ שניפּס. אים האָט נישט גערירט איר וויינען: — העשי, כ׳אָ ניש׳ קיין כּוח אַזוי שווער צו אַרבעטן.

— צ׳אָלרייט, האָט ער זי איינגענומען מיט דעם גיך אויפגעכאַפּטן, אַמעריקאַניש ווערטל, צ׳אָלרייט, איצט איז דיר שווער, שפּעטער אָבער וועסטו לאַכן פון אַנדערע. וועסט זיין מאַדאַם פעדער, די פרוי פון אַ באַ־רימטן דענטיסט! וועסט וווינען אויף פּאַרק עוועניו, וועסט האָבן אַ ניאַ־ניע צום קינד, אַ דינסט אין שטוב, אַ הינטעלע אויפן שפּאַציר, נו? האָט ער אונטערגעהויבן איר ס׳גאָמבעלע: — לוינט זיך נישט איצט צו בידע־ווען אַ ביסל?

ער, נתן חיים, האָט געהאַט אַן אָפּשטויסנדיק געפיל צו דעם העשי און דאָך האָט ער זיך מתקנא געווען אין אים. פון איין זייט, האָט ער גע־טראַכט: „ווי קען מ׳זיין אַזוי גראָב? אַזוי זיך נישט רעכענען מיט דעם געוויין, מיט דעם צאַפּלען זיך, פריִער נאָך אַלס מיידל, איצט ווי זיין פרוי, וואָס, ווי זי וויל ער זאָל שטודירן, גרייכן אַ העכערן מעמד אין לעבן, פאַלט איר דאָך שווער דאָס אויסהאַלטן אים אַזאַ לאַנגע צייט, דערצו נאָך ציטערט זי אַוודאי, טאָמער דערנאָך, אַ דענטיסט שוין, וועט ער זיך געפינען אַ געלערנט מיידל, אפשר אויך אַ שענערע און איבערלאָזן זי, אַן אויסגעהאָרעוועטע, אַן אויסגעמאָרדעוועטע, ווי אַנדערע אויסשטודירטע מענער טוען דאָס!

איז דער העשי אים געווען דערווידער, אָבער ער האָט מקנא געווען זיין כאַראַקטער פון נישט ווערן סענטימענטאַל, פון גיין צו זיין ציל. אויך ער, נתן חיים, חלומט דאָך פון לערנען. אמת, נישט צו ווערן אַ „זובנאָי וורטש״ דער אידעאַל פון העשי, נאָר צו דערוווערבן וויסן! וואָסער שרייבער קען מ׳זיין אָן וויסן? אמת, ער איז נישט, חלילה, פאַרגרעבט, דערצו לייענט ער אַ סך, אָבער ווי קומט דאָס צו האָבן אַקאַדעמיש וויסן? און ער וואָלט גראָד יאָ געגאַנגען אויף אָוונט קורסן, איז עס אים אָבער אוממעגלעך!

נאָך אַזוי פיל יאָרן הונגערן, נאָך אַזאַ אויסגעשעפּטקייט, האָט ער נישט געקענט, נאָך אַ טאָג אַרבעטן אין שאַפּ, אַוועקזעצן זיך אין די אָוונטן שטו־דירן, בפרט אַז ער דאַרף אָנהייבן פון אַלף. ער האָט דאָך פריִער נישט געהאַט קיין שול־בילדונג, וואָס איז אים איבערגעריסן און ער דאַרף בלויז פאַרזעצן.

אין זיין מתקנא זיין זיך אין דעם העשי, האָט ער געפּועלט ביי זיך, נתן חיים, און דאָס אָנגעביט בתיהן, אויפגעוויזן איר אַז דאָס וואָלט געווען אויך גוט פאַר איר שפּעטערדיק ווילזיין. מענטשן וווּנדערן זיך דאָך: „ווי קומט ער, מיט זיין קאָפּ, מיט זיין רעדנער־טאַלענט, צו זיצן אין שאַפּ? פּטרן זיינע טעג ביים מאַכן היטלען, קאַפּעליושן״. אַזוי ווי זי איז בתיה, נישט פעשי, האָט זי אים גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז געזען דעם אָנ־געלאָפּענעם וואָלקן אויף איר פּנים. אַ וואָלקן פון שרעק, די שרעק פון אַזוי פיל מיידלעך, וואָס האָבן זייערע יונגע יאָרן געפּטרט אין די ניו־יאָרקער שעפּער צו מאַכן זייערע מענער פאַר דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, דענטיסטן און זענען דערנאָך געבליבן אַוועקגעוואָרפענע און די אויסשטו־דירטע מענער זייערע האָבן זיך גענומען יינגערע, שענערע און טאַקע געבילדעטע ווייבער, אָט די שרעק האָט ער דערזען, נתן חיים, אויף בתיהס פּלוצים פאַרוואָלקנט געוואָרן פּנים.

ער האָט מער מיט בתיהן נישט גערעדט, נתן חיים, וועגן זיין חשק זיך צו צוגרייטן צו לערנען ביי טאָג אין קאָלעדזש און פאַרדענקט איר שרעק פאַר דעם, האָט ער אויך נישט. פון דעסטוועגן האָט ער געהאַט פאַראיבל, עס האָט אים וויי געטאָן, שטאַרק אים ווייי געטאָן! אַזוי וויניק קען זי אים, בתיה? אַזוי וויניציק געטרויט זי אים? ער, נתן חיים, וועט אויסנוצן זיין ווייב, כּדי מיט איר פּראַצע זיך אַרויפקריגן אויף אַ העכערן פּרנסה־שטאַפּל? ס׳האָט אים וויי געטאָן, אָבער קיין האַרץ אויף איר פאַר דעם, האָט ער נישט געטראָגן. „מיידלעך מעגן זיך שרעקן, אויב נישט פאַר אָוועקגעוואָרפן ווערן, קענען זיי אָבער בלייבן אין זייער צוריקגע־שטאַנענקייט, בעת דער מאַן וועט זיין אַן אינטעליגענט, וואָס וועט זיך שעמען מיט איר, נישט וועלן זיך ווייזן אין געזעלשאַפט מיט זיין פּראָסט, אומוויסנדיק ווייב״.

# קאַפּיטל פינפאונדרייסיק

וואָס וועט ער דאָ אויסזיצן אין דעם שאַפּ, נתן חיים? „מיטשעל ענד סאָנס" איז נישט מער — וואָס געווען! אַז ס'איז דאָ, לעצטנס, געוואָרן „סלעק", האָט מ'זיך געטרייסט: אָט באַלד, ווערט צוריק „ביזי", איז שוין באַלד אַוועק אַ יאָר און מ'זעט נאָך אַלץ נישט קיין גאַנצע וואָך שכירות. וואָלט דאָס געווען פאַר זיין חתונה, אסור אויב ס'וואָלט אים געאַרט. פאַר־קערט, ער וואָלט געווען צופרידן. ער וואָלט גאַנץ ווייל אויסגעקומען מיט דעם האַלבן פאַרדינסט, אַבי האָבן די אַנדערע האַלבע וואָך פאַר זיך, צו קענען שרייבן. ער וואָלט דורך דער צייט געקענט ענדיקן די לענגערע דערציילונג, וואָס מיט איר גרייט ער זיין „דעביו" אין „די צוקונפט", אונטער אברהם ליעסינס רעדאַקציע.

וואָלט דאָס געווען ווייל און גוט פאַר זיין חתונה, איצט אָבער, אַז זי, בתיה, ברענגט אַהיים ניינציק דאָלער אַ וואָך, פילט ער זיך זייער שפּל מיט די צוואַנציק „שמאַליארעס" וואָס ער פאַרדינט דורך דער וואָך. בתיה וואַרפט אים דאָס, חלילה, נישט אויף. אַדרבא, זי רעדט אים נאָך אויס: „וואָס איז דער חילוק ווער ס'פאַרדינט? אַבי עס פעלט נישט דער דאָלער". איז דאָס אַוודאי זייער פיין פון איר, אָבער ער פילט זיך דאָך געפאַלן וואָס זיין ווייב פאַרדינט מיט אַזוי פיל מער פון אים!

האָט ער פאַרלאָזט „מיטשעל ענד סאָנס", נתן חיים, און איז אַריבער אין דער „מילינערי ליין". עס רעדט זיך אַזוי „אַריבער". קיין „דזשאָב" האָבן אים די פירער פון דער „מילינערי"־יוניאָן נישט געקענט באַלד געבן, פאַרט אָן אַנדער פאַך!

— ברודער פיינזילבער, האָט דער „יוניאָן־מענעדזשער" (פאַרוואַלטער) באַדויערלעך אים געזאָגט: — איי עם סאָרי, (ס'טוט אים לייד) ער וועט מוזן אַ ביסל „צובידעווען" איידער ער וועט קענען אַריין אין טרייד. (פאַך).

פון אַנדערע „קאַפּנמאַכער" (היטלמאַכער) וואָס זענען פריִער אַריבער אין דער „מילינערי" (דאַמען היט), האָט ער שוין געוווסט, נתן חיים, וואָס מיינט דאָ „אונטערבידעווען". עס מיינט אַרבעטן עטלעכע וואָכן „פאַר נאָ־טינ" (אָן געצאָלט) איז ער אַרויף אין אַ „נאָן־יוניאָן שאַפּ", זיך אָנגעדונגען, ווי אַ לערנייִנגל אין דער אַלטער היים צו אַ באַלעבאָס: „די ערשטע צוויי

וואָכן קריגט ער גאָרנישט, די דריטע וואָך צו דרײַ דאָלער אַ טאָג". דער־נאָך — פינף און דרייסיק דאָלער אַ וואָך.

אַזוי איז געווען דער אָפּמאַך, אָבער סיי ער, נתן חיים, סיי דער „נאַן יוניאָן באָס", אַ הויכער, דאַרער דראַנג, אַן אַמעריקאַנער געבוירענער, האָבן געוווּסט אַז צו קיין דריטער וואָך וועט נישט קומען. אַ „קאַפּנמאַכער" לערנט זיך אויס די מילינערי־תּורה נאָך פֿאַר די צוויי וואָכן און, שטאָט זיצן די דריטע וואָך אין דער „נאַן יוניאָן־שעפּקע" פֿאַר דריי דאָלער אַ טאָג, גייט ער אַרויף אין דער יוניאָן, קריגט אַ „שרייבונג" אַ צעטעלע צום שאָפּ־טשערמאַן, זעצט מען אים דאָרט אַוועק צו אַ מאַשין און שוין, ער ווערט אַ לעגיטימער „מעמבער" אין דער מילינערי יוניאָן!

געוויינלעך איז דאָס איבערגיין פֿון קאַפּנמאַכעריי צו מילינערי געווען בלויז צוליב בעסער פֿאַרדינען. ביי אים אָבער, נתן חיימען, איז חוץ דער מאַטעריעלער סיבה, אויך געווען דאָס ווילן בייטן די סביבה. אין קאַפּן־טרייד איז ער מערסטנס צווישן „אומגעהובלטע לייט", דאָס לשון — גראָב, אַפֿילו — ווולגאַר. אין דער מילינערי יוניאָן אָבער, האָט ער באַקאַנטע, וואָס מ׳קען מיט זיי אַ וואָרט אויסרעדן, שמועסן, זיך אַמפּערן וועגן אַן ענין, וואָס גייט דיך אָן. אמת, נישט וועגן פּאָליטיק! אַז זינט דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז אויפֿגעקומען איז אָנגעשטאַנען אַזאַ צעמישעניש אין די מוחות, אַז ווי נאָר מ׳הייבט אָן רעדן וועגן פּאָליטיק, ווערן די בעסטע פֿריינד אויף מעסערשטעך מילא, איז נישט וועגן פּאָליטיק, סיי ווי איז ער, נתן חיים, נישט פֿאַראינטערעסירט אין די פּאַרטיי רייסענישן, דאָס איז דאָך אַ מין שוים, וואָס קאָכט, זידט, הייבט זיך, ביז עפּעס געשעעט, פֿאַלט די קאָכעניש אָפּ. לאָזט ער די דיסקוסיעס פֿאַר אַנדערע און ער נעמט זיך גאָר אַרומקוקן ווו ער געפֿינט זיך דאָ, אין דעם „אָפּטאָון".

אין וואַרשע, אין די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, פֿלעגן טוער אָפֿט שמועסן וועגן אַן אָנגעווייטיקטן ענין: די מיטגלידער אין די פֿאַראיינען בייטן זיך אַזוי אָפֿט! אַרבעטער, וואָס אָט זעסטו זיי אויף פֿאַרזאַמלונגען און אָט זענען זיי שוין נישטאָ. דער איז „געגאַנגען פֿאַר זיך", אַליין גע־וואָרן אַ מייסטער! יענער איז אַוועק קיין פּאַריז, קיין אַמעריקע! דערצו זענען די מיטגלידער אַזוי יונג! אויף אַ מיטגלידער פֿאַרזאַמלונג, קען מ׳זוכן מיט ליכט און נישט געפֿינען קיין איינעם מיט אַ גרויע האָר אויף זיין, אָדער איר קאָפּ.

אַוודאי האָבן אַלע געוווּסט די סיבה פֿון דעם צושטאַנד. אַז אין דער גרויס־אינדוסטריע לאָזט מען קיין יידישן אַרבעטער נישט צו, אַפֿילו ווען דער פֿאַבריקאַנט איז אַ ייד! פּוילישע אַרבעטער, וואָס דאַרפֿן דאָך זיין

חברים, וועלן אַרויס אין סטרייק אויב אַ יידישער אַרבעטער וועט זיך אַריינוויזן אין „זייער פאַבריק"! איז דער יידישער אַרבעטער אַנגעוויזן אויף דעם קליינעם ווערקשטעל, ווו די מערסטע פון די אונטערנעמער זענען אַליין קבצנים, דלפנים. דערצו נאָך זעט שוין די אַנטיסעמיטישע רעגירונג, דורך איר שטייער־סיסטעם, אַז דער יידישער מיינסטער זאָל נישט קענען וואַקסן, געדייען, האָט נישט דער יידישער אַרבעטער קיין באָדן אונטער די פיס! דעריבער ווען אַ מיטגליד האָט חתונה, איז אָדער ער מוז עמיגרירן, אָדער ער איז געצווונגען צו „גיין פאַר זיך", אַליין ווערן אַן „אונטערנעמער" אומשטיינסגעזאָגט. איז פון וואַנעט זאָל זיין אַ באַיאַר־טער מיטגליד אין רער אָרגאַניזאַציע?

דערפאַר פלעגט מען אַזוי מקנא זיין די יוניאָנס אין אַמעריקע. די מיטגלידער־שאַפט דאָרט האַלט זיך ווייל זי האָט אַ באָדן אונטער די פיס, ממילא האָט די אָרגאַניזאַציע אויף וועמען צו בויען, מיט וועמען „צו גיין צום טיש". ווען מ'האָט נאָך אין זין אַז פוילן איז אַ קליין מילבעלע אַנט־קעגן דעם ריזיקן אַמעריקע, פאַרשטייט מען דעם פאַרנעם פון די אַמעריי־קאַנער יוניאָנס! אָבער איינס איז פאַרשטיין און גאָר עפּעס אַנדערש איז זען.

צוליב דעם איז ער אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן, נתן חיים, ביי זיין אָנ־קומען אין אַמעריקע צו זען אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן איבער צוואַנציק טויזנט יידישע שניידער־אַרבעטער אונטער איין דאַך! יידן מיט בערד און אָן בערד, יונגע און באַיאָרטע. טאָקע צוליב דעם הונגער צו זען, פלעגט ער אָפּט אין די פרימאָרגנס, פאַרן אַרויפגיין צו דער אַרבעט אין שאָפּ פון „מיטשעל ענד סאָנס", שטיין ביי דער אַכטער סטריט און בראָדוויי, קוקן און נישט גלייבן זיינע אויגן, זעענדיק דעם שטראָם מענטשן, מענער און פרויען, דער גרעסטער טייל פון זיי יידן, ווי זיי קנוילן זיך ווי אַ געוויטער פון דער סאָבוויי אַרויס און איילן צו דער אַרבעט אין די פאַבריקן און שעפּער, אין די אַרומיקע גאַסן אַזש ביז אַראָפּ און אַריבער קאַנאַל־סטריט. און דאָס, האָט ער געוווּסט איז בלויז דער „דאָון־טאָון" און דער „דאָוך־טאָון" איז ווי אַ „ריטשקע" אַנטקעגן דעם ריזיקן ים, וואָס איז „אַפּ־טאָון"!

אַרבעט ער איצט „אַפּ־טאָון", נתן חיים, איז אָט שטייט ער אין אַ פריי־מאָרגן אויף דער זעקסטער עוועניו ביים אַראָפּגאַנג פון עלעווייטער אויף דער אַכטאונדרייסיקסטער גאַס און קוקט זיך צו צו דעם געדרענג פון אַר־בעטער, מענער און פרויען, איבער נײַנציק פּראָצענט פון זיי יידן, וואָס טראָגן זיך אין געאײַל פון אַלע זייטן צו דעם מילינערי־צענטער! כוואַליעס פון זיי טרעטן אָפּ צו כאַפּן אויף גיך אַ ביס אין די קאַפעטעריעס, אין

די „אויטאָמאַטן״ און מיט די קרישקעס אויף די ליפּן, אַ צאַנשטעכער אין מויל־ווינקל, שטופּט מען זיך שוין אין די איינגאַנגען פון הויכע, צען און פופצן שטאָקיקע געבײַען, אין די שעפער פון מילינערי, אין שעפער פון באַפּוצונגען, וואָס געהערן צום מילינערי־פאַך, שעפער וואָס פילן אָן אַלע גאַסן פון דער איינאונפערציקסטער ביז דער פינפאונדרייסיקסטער, אויף און אין ביידע זייטן זעקסטע עוועניו, וואָס לויפן צווישן בראָדוויי און דער פינפטער עוועניו.

אַן אַנדער פרימאָרגן שטייט ער, נתן חיים, אויף דער צווייאונפערציקסטער גאַס, ראָג פינפטע עוועניו, מיטן פנים צו „דאַון טאַון״ און קוקט זיך צו צו דעם געלויף פון די בייטלמאַכער, אויך זיי איבער נײַנציק פּראָצענט יידישע מענער און פרויען, וואָס אײַלן צו זייערע אַרבעטפּלעצער אויף פינפטער עוועניו און די גאַסן פון פינף און דרײַסיק ביז נײַן און צוואַנציק.

אָבער דאָס אַלץ וואָס ער זעט, נתן חיים, אויף דער פינפטער עוועניו, אויף דער זעקסטער עוועניו און זייערע גאַסן אַרום, אויך דאָס געגיי און געאײַל „דאַון טאַון״ פון אַזוי פיל צענדליקער טויזנטער יידישע באַל־מעלאָכעס, בייטלמאַכער און היטלמאַכער, קאָמאַשן־שטעפער און מילינערי און פיל אַנדערע פאַכן איז דאָך גאָרנישט מיט נישט אַנטקעגן דעם, וואָס מ׳זעט אין אַ פאַרנאַכט אויף דער זיבעטער עוועניו און די גאַסן אַרום, פון דער איינאונפערציקסטער, ביז דער פיראונדרייסיקסטער, פון נײַנטער עוועניו ביז בראָדוויי!

מאַמע קרוין! וואָס דאָ טוט זיך אָפּ אין אַ טאָג פון האַלב נאָך זיבן אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט אַריין. אַזעלכע כוואַליעס מענטשן! אין די צענדליקער און צענדליקער טויזנטער, מענער און פרויען, די מענער אין די העמדער מיט פאַרשאַרצטע אַרבל אַריבער די עלנבויגנס, די פרויען אין לייכטע קליידלעך, אַלע נאָר־וואָס פון די שעפער אַרויס און אַלע אין געיעג, צו די סאָבוויי איינגאַנגען אויף די ראָגעס פערציקסטע און איינאונפערציקסטע און זיבעטע עוועניו, אויף דער צווייאונפערציקסטער און בראָדוויי, צו די עלעווייטערס אויף די זעקסטע און נײַנטע עוועניוס, אַ געוויטער פון מענטשן, אַרויס פון די געבייען, דורך אַלע גאַסן, אין געיעג — אַהיים, אַהיים אין די בראָנקס, אין ברוקלין, אַראָפּ צו דער איסט־סאַיד און אַריבער קיין קווינס! און די אַלע מענטשן זענען יידן, יידישע שניידער געקומענע פון פוילן, פון גאַליציע און רומעניע, פון דער ליטע און אוקראַינע און פון ווו נישט? אַלע פּראָלעטאַריער, און אַלע שוויצן זיי אין די ניו־יאָרקער שעפער, ביי גיכלויפנדיקע מאַשינען, אין געניי און געשטעפּ, אין שניידן און פּרעסן ווייבערישע מלבושים, קליידער און קאָסט־

יומען, מאַנטלען און אונטערוועש, אין די מיליאָנען מלבושים, פון די ביליקסטע סאָרטן, ביז אין די העכסטע פרייזן, אַנטוועכץ אין די הייטאָנע מאַגאַזינען אַריין, ווי אין די קעלערס פון דעפּאַרטאַמענט־סטאָרס אין ניו־יאָרק, ווי אין סאַן־פראַנציסקאָ, אין באָסטאָן ווי אין דעטרויט און איבערן גאַנצן לאַנד!

און ווי דער מענטשנשטראָם, דער געקנויל און געאײַל פון די צענד־ליקער טויזנטער באַלמעלאָכעס, אַזוי איז דאָס געשטופּ און געפּאַר, דאָס געיאָג און געקלאַפּ פון די האַנטווועגעלעך, קעסטלעך אויף קליינע רעדע־לעך, צו דרײַ רעדעלעך אונטער יעדן קעסטל, וואָס אין יעדערס איז דאָ אַ צוגעפּעסטיקטע שטאַנג, אַ מענטש די הייך און אויף די שטאַנגען, ענג צונויפגעפּראַפּט, העגנען די אויסגעפּאַרטיקטע קליידער און קאָסטיומען און מאַנטלען, און יונגען, שוואַרצע און ווייסע, צו צוויי ביי אַ וועגעלע, שלעפּן און שטופּן די וועגעלעך אויף די טראָטואַרן צווישן די מענטשן־כוואַליעס, אין מיטן די וועגן, צווישן דעם געפּאַר און געיאָג פון טראָקס און קאַרס, טאַקסיס און פערד און וועגעלעך, און אַזוי איבער אַלע גאַסן און עוועניוס.

און ווי די קליינע, פולגעפּאַקטע שטופּ און שלעפּוועגעלעך יאָגן און אײַלן פון און צו די עלעווייטאָרס, וואָס לויפן אַראָפּ און אַרויף צו די שע־פּער אין די הויכע געביידן, אַזוי שטייען לענג־אויס די גאַסן, האַרט ביי און אַפילו זייטיק אויף די טראָטואַרן, גרויסע פאַרמאַכטע טראָקס, הייזער גאַנצע אויף רעדער. מיט ברייט צעעפנטע טירן וואַרטן זיי, די „טריילערס״ ווי מאָנסטערס מיט צעעפנטע פּיסקעס, וואַרטן זיי אויף די האַנטוועגעלעך, וואָס ברענגען צו די אויפגעגנייטע מלבושים און די טראָק־יונגען, פלינק ווי טייוואָלים, ליידיקן אויס די וועגעלעך, צעהענגען דאָס אַנטוועכץ אויף שטאַנ־גען אין די טראָקס, און, שפּעט פאַרנאַכט, אין אָוונט שוין, רירן די טראָקס און טריילערס, פולע, פאַרשלאָסענע, אַרויס פון די גאַסן און לאָזן זיך אַוועק לענג־אויס די עוועניוס צו די האַרט־הייזער אין ניו־יאָרק, ווי צו יענע אָפּנעמער אין גרויסע און קלענערע צענטערס אין דער ווייט און ברייט פון דעם ריזיקן אַמעריקע.

און ווי אין די העכערע גאַסן — דער צענטער פון פרויען־באַקליידונג, אַזוי איז אין די נידעריקערע גאַסן, נאָך דער פינף און דרײַסיקסטער — דער צענטער פון קינדער־באַקליידונג און, נאָך נידעריקער, אויף דער זעלבער זיבעטער און אַכטער עוועניוס און אַרום די גאַסן פון דער דרײַ־סיקסטער, ביז דער פינפאונצוואָנציקסטער, וואָס לויפן פון דער זעקסטער ביז דער נײַנטער עוועניו, איז דער צענטער פון די פוטערוואַרג־אַרבעטער

די קירזשנער, וואָס ציילן אין די פילע טויזנטער און זיי זענען ייִדן, ייִדי־שע קירזשנער אַריבערגעקומענע פון די אַלטע היימען.

איז דאָס אַלץ די דאַמען און קינדער־באַקליידער. ערשט די מענער־שניידער? ווי די מענער־באַקליידונג איז נישט אין גאַנצן קאָנצענטרירט אין ניו־יאָרק, נאָר ס'זענען אויך דאָ גרויסע צענטערס אין שיקאַגאָ, אין ראָטשעסטער, איז דאָך די מענער־באַקלייד אינדוסטריע אין ניו־יאָרק זייער גרויס מיט פיל צענדליקער טויזנטער ייִדישע שניידער אַריבערגע־קומענע פון יענער זייט ים!

אַוודאי ווייסט ער, נתן חיים, אַז צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין די פּאַכן זענען דאָ טייל, וואָס האָבן אייגענע הייזקעס, אַנדערע אַפילו מיט אַן ערשטן שטאָק אויף צו פּאַרדינגען אַ דירה. ער ווייסט אויך אַז פיל, אויב זיי האָבן נאָך נישט, חלומען די באַלמעלאָכעס, צו קויפן זיך אַ „גראָסערי" (אַ שפּייזקרעמל), אַ „קענדי־סטאָר" (סאָדעוואַסער און צוקערלעך גע־וועלבל), וואָס ביי די „אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן" זענען זיי שוין „פּראָ־לעטאַריער מיט אַ סירכה". ער אָבער זעט נישט אין דעם קיין חטא. ווו שטייט עס געשריבן אַז אַן אַרבעטער מוז בלייבן אַ שכיר־יום זיין גאַנץ לעבן?

נאָר צי די אַלע ייִדישע מענטשן וועלן בלייבן „פּראָלעטאַריער מיט אָדער אָן אַ סירכה", צי זיי וועלן אַזעלכע נישט בלייבן, האָט ער אַלץ, נתן חיים, גרויס פרייד צו זיין איינער פון די מענטשן־כוואַליעס, מענער און פרויען, וואָס אײַלן יעדן טאָג צו און פון דער אַרבעט און ווייל אַמעריקע האָט אים, ווי די אַלע הונדערטער טויזנטער אַרבעטער געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פּאַרדינען זייער שטיקל ברויט בכבוד, האָט ער אַזוי ליב אַמעריקע, דאָס געבענטשטע לאַנד פון זעט און שפע.

## קאַפּיטל זעקסאונדרייסיק

וואָס אַ מענטש האָט נישט געהאַט אין זיין קינדהייט, אין זיין יוגנט, גאַרט ער צו דעם און זוכט עס צו האָבן אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן.

ווי ער האָט יינגלווייז געקראָגן פאַר דעם געשלאָגן פון טאַטן, נתן חיים, פלעגט ער דאָך אין די ווינטערטעג זיך אַרויסגנבענען פון חדר און לויפן מיט זיין חברל באַלעק הינטערן שטעטל זיך גליטשן אויף עפּעס אַ פאַרפרוירן ריטשקעלע. אַז דאָס רוקן זיך אויפן אייז מיטן רעכטן פּיסל אויף אַן אייגנגעמאַכטער „ליזשבע", אַ שטיקל האָלץ מיט אַ דראָט אונטער דעם, איז זיי געוואָרן נימאס, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט צום טייך „וויעפּרזש" כאָטש זען ווי פּריצישע זינדלעך און טעכטערלעך יאָגן זיך איבער דעם גלאַנציק־פאַרפרוירענעם טייך אויף אמתע, שטאָלערנע „ליזש־בעס". מיט קינאה האָבן די חברימלעך געקוקט אויף די גליטשערס, וואָס טייל פון זיי יאָגן זיך אין פּאָרלעך, האַלטן זיך ביי די הענט, אַנדערע — מיט די אָרעמס פאַרלייגט אויף דער ברוסט, נאָך אַנדערע — מיט די הענט אויף הינטן, פליען זיי אויסגעבויגענע אויף פאָרויס, ווי זיי וואָלטן געווען פייגל, גרויסע פייגל, נידעריק פליענדיקע איבער דעם בלוי, בלישטשענדיקן, פאַרפרוירענעם טייך.

אַז דער אָוונט איז צוגעפאַלן, ער האָט זיך מיט באַלעקן אומגעקערט אַהיים, האָבן די חברימלעך זיך אָפּגערעדט: „אַז זיי וועלן זיין גרויסע, וועלן זיי זיך קויפן „ליזשבעס" און זיך גליטשן אויף אַ טייך, ווי די פּאַ־נעס און פּאַניענקעס גליטשן זיך אויפן „וויעפּרזש".

איז דאָס געווען זיין, נתן חיימס, חלום. זי, בתיה, האָט אַפילו חלומען וועגן אַזאַ „שוווילטיק" נישט געקענט. דאָס עלצטע מיידל אין אַ שטוב מיט פינף יינגערע ברידערלעך און אַ שוועסטערל, איז זי שטענדיק געווען פאַר־טאָן אין העלפן דער מאַמען. אַז זי איז שוין געוואָרן אַ גרויסע, „אַ מויד פון ניין יאָר"! האָט זי געמוזט גיין אַרבעטן אין אַ גילדזן־פאַבריק, פאַר־דינען אַ קערבל אַ וואָך, צו העלפן דעם טאַטן אין דער פּרנסה.

איצט, אין אַמעריקע שוין, די ווינטער־אָוונטן זענען לאַנגע, דער דאָ־לער אין קעשענע, אַ דאַנק גאָט, איז דאָ, האָט אין זיי אויפגעוואַכט דער באַגער צו לערנען זיך גליטשן. זענען מאַן און ווייב אַוועק אין אַ ספּאָרט־

קראַם, זיך אײַנגעקויפט דיקע, ווײַס־וואָלענע סוועטערס מיט זאָקן, געשטריקטע היטלען מיט רויטע פּאָמפּאָניקעס, שיך מיט גלאַנציק־שטאָלערנע „ליזשבעס" און, אין די אָוונטן געפּאָרן זיך גליטשן, נישט חלילה אויף אַ טײַך, ווי אַמאָל די „פּאַניטשעס" אויפן „וויעפּרזש", נאָר אויף אַ קינסטלעך־פּאַרפרוירענעם אײַז־רינג.

מאַן און ווײַב גאָר גיך האָבן אײַנגעזען אַז וואָס עס איז גרינג אויסצולערנען זיך קינדווײַז, קומט אָן זייער שווער אין די דערוואַקסענע יאָרן, אָט זענען זיי אויף אײַז, האָבן שטאָלערנע „גליטשערס" אויף די פיס, אָבער גליטשן זיך? אַ נעכטיקער טאָג! קוים וואָס זיי קריכן, שטופּן זיך אונטער מיט אַלע כּוחות צו טאָן זיך אַ רוק איבערן אײַז און דאָס — מיט שרעק אין האַרץ פאַר אומפאַלן און ברעכן רוק און לענד און דאָך האָבן זיי דאָס גליטשן — נישט אויפגעגעבן.

אין די ערשטע אָוונטן, נײַע אויפן „רינג", האָט נאָך ווער פון די אײַגנטימער פון דעם פּלאַץ, אַ מאַן און אַ פרוי, ביידע קינסטלער אויפן אײַז, וואָס פלעגן געבן „סאָלאָס", אַזעלכע געוואַגטע „פיגורן", אַז די צוקוקערס זענען געבליבן אָן אָטעם, געפלעגט צוקומען, דער מאַן — צו איר, בתיהן, די פרוי צו אים, נתן חיימען און זיי לערנען, ווײַזן ווי אַזוי צו שטיין, ווי אַזוי צו שטעלן אַ פוס, אָבער מיט דעם ווײַזן זיי און לערנען איז אַלץ דאָס גליטשן זיך זיי אָנגעקומען מיט נויטשווייס.

וואָלטן זיי נישט געווען אַ פּאָרפאָלק, וואָס איינע אָן אַנדערן טוט זיך נישט קיין ריר, וואָלט ביידן דאָס לערנען זיך גליטשן נישט אָנגעקומען אַזוי שווער. אַ יונגערמאַן ווי ער, נתן חיים, וואָלט זיך שוין דאָרט אָפּגעזוכט אַ מיידל, אַ שיקסל, פון די פיל פּרויען אויפן אײַז־רינג און גענומען אַזאַ „אײַנזאַמען" קאַוואַליער אונטער אירע „פליגלען", נאָר ווען אַפילו נישט, איז ער דאָך אַמאָל אַליין געווען אַ שטיקל ספּאָרטלער. געווען קלײנערהייט אַ גוטער פערדרייטער, אַ פלינקער לויפער, אויך אויפן אײַז, ווי ער האָט נישט געהאַט קיין „ליזשבעס", פלעגט ער דאָך, אויף אײַנגעמאַכטע גליטשערס גאַנץ ניש־קשה זיך רוקן אויף די פאַרפרוירענע ריטשקעס.

אויך זי, בתיה, ווען אָן אים, וואָלט נישט פאַרלוירן געוואָרן אויפן אײַז. אַ רייצנדיקע יונגע פרוי ווי זי, בפרט אין דעם „ספּאָרט־אוביאָר" (אָנטועכץ), וואָס האָט אַזוי „שיקאָוונע" אויסגעפּאַסט איר פיגור, אַרויסגעבולט איר יונגמיידלשן בוזעם, די דינע טאַליע און ברייטע היפּס, דערצו נאָך די פּראָסטיק־אָנגערויטיקטע באַקן און שוואַרצע, גאַרנדיקע אויגן, אַזאַ יונגע פרוי, ווען אַליין אויפן אײַז, וואָלט שוין ווער פון די קאַוואַליערן פון

איר נישט אָפּגעטראָטן. אַזוי אָבער, איז ער, דער מאַן אירער, געוואָרן איר רבי.

— בתיה, ביים גליטשן זיך מוז מען זיין אויסגעבויגן אויף פאָרנט. דיין שטיין גלייך, שטייף — טויג נישט! אַז ביסט אויסגעבויגן אויף פאָרויס און פאַלסט, פאַלסטו אויף די הענט, וואָס שיצן דעם קערפּער קעגן אַ קלאַפּ. אַזוי אָבער, אַז ביסט גלייך און שטייף, טאָמער, חלילה, פאַלסטו, איז עס פאַטאַל! ווייל דו פאַלסט דאַן אַהינטער און קענסט, חס ושלום, צעברעכן אַ פוס, צעשפּאַלטן זיך דעם קאָפּ!

צי ס'איז איר, בתיהן, נישט אָנגעשטאַנען דאָס ווערן געלערנט פון אייגענעם מאַן, בפרט אַז ער קען אַליין נישט, סיי ווי זי איז געפאַלן און, גענוי ווי ער האָט עס פאָרגעזען — געפאַלן אַהינטער און צעבראָכן דעם רעכטן פוס, צווישן דער קני און קנעכל.

בתיהס יסורים, די געשרייען אירע זענען געווען הימל־שפּאַלטנדיק! איז געוואָרן אַ צונויפגליטש פון די גליטשער, וואָס עטלעכע פון זיי האָבן זי גענומען אין די אָרעמס און טראָגנדיק זי, מיט איר זיך צוגעגליטשט צום אָפּיסל, זי אַוועקגעלייגט אויף אַ קאַנאַפּקע. עמעץ האָט שוין געהאָט געקלונגען נאָך אַן „אַמבולאַנס", וואָס איז באַלד אָנגעפאָרן מיט אַ געקלונגעריי, אַ געוואָיערײ, זיך אָפּגעשטעלט ביים טויער. צוויי מענער האָבן זי גענומען אויף אַ טראָג־בעטל אין וואָגן אַריין, אויך ער, נתן חיים, איז מיט זיי געפאָרן אין שפּיטאָל אַריין. דאָרט האָט מען אים געלאָזט אין קאָרידאָר, זי מיטן בעטל אַריינגענומען אין אַ צימער, נאָר ווי די טיר פון שפּיטאָל־צימער איז געווען פאַרמאַכט, האָבן בתיהס געשרייען זיך אַריינגעריסן אין קאָרידאָר און אים גענומען אַרומטרייבן הין און צוריק, ווי אַ ווילד־געוואָרן פיר פיסיק בעל חי.

ערשט אין לאַנגע שעהען אַרום איז אַ קראַנקנשוועסטער אַרויסגעקומען אים זאָגן: „עווערי טינג איז פיין" (אַלץ איז אין אָרדענונג) „דער פוס איז אין „קעסט" (אין גיפּס), אויב ער וויל קען ער זי שוין אַהיימנעמען, אויב נישט קען זי דאָ בלייבן ביז אין דער פרי".

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן שפּיטאָלזייגער, נתן חיים, ס'איז צוויי ביי נאַכט! אין דרויסן שטייט אַ פראָסט, אַז דער אָטעם און די פייכטקייטן אין די נאָזלעכער פרירן; ווער וועט אים איצט העלפן זי אַרויסקריגן פון טאַקסי, נעמען זי מיט אים אַרויף אויף אַנדערהאַלבן שטאָק שטיגן? דער טאַקסימאַן? טאָמער קען ער נישט? טאָמער וויל ער נישט? איז בתיה געבליבן אין שפּיטאָל־בעט ביז אין דער פרי און ער, נתן חיים, אויף אַ שטול — לעבן איר.

ער האָט זי געצערטלט, איר אויסגערעדט, זי זאָל נישט זאָרגן און אַלץ נישט געקענט זי איינגעמען, באַרויִקן זי פון איר געוויין, פון איר ברעכן זיך די הענט:

— וואָס וועט זי איצט טאָן? זיי האָבן איר טאַקע געגעבן אַ פּאָר קול־יעס, אָבער נישט אויף איצט. דרײַ צי פיר חדשים וועט זי נישט טאָרן אַרויס פון בעט! וואָס וועט זאָגן די מאַדאַם בערמאַן? זיי וועלן דאָך גלייך צונעמען אַן אַנדער „פיטער" אויף איר אָרט!

— בתיה טייערע, האָט ער זי געקושט, געטרייסט, ווער נאָר געזונט, וועסט קריגן אַן אַנדער פּלאַץ! „בערמאַן ענד בערמאַן" וועלן זיכער וואַרטן אויף איר. אַזוי שנעל, מיינט זי, קריגן זיי אַ „פיטער" ווי זי איז?

— אוי, ביסט אַזאַ טייערער, האָט זי צוגעצויגן דעם מאַן צו זיך און אים געטאָן אַ קוש.

מאָנטיק אין דער פרי, אַז ער האָט אָנגעקלונגען אין פּלאַץ צו לאָזן וויסן, וואָס מיט בתיהן איז געשען, האָט די מאַדאַם בערמאַן געטאָן אַ קוויטש: „ווהאַט"? (וואָס) גלייך זי וואָלט דאָרט געקראָגן פון עמעצן מיט אַ געוויכט אין קאָפּ. ערשט נאָך אַ ווייל, אַז די פרוי בערמאַן איז דאָרט צו זיך געקומען, האָט זי גיך, אין איין אָטעם, גענומען אַרײַנפרעגן אין טרייבל:

— ווען האָט דאָס פּאַסירט? ווו איז דאָס געשען? אויפן אייז? אין וועלכן האָספּיטאַל איז זי? זי פאָרט שוין אַהין!

— זי איז שוין אין דער היים, האָט ער, נתן חיים, אַ גערירטער פון דער פרויס מיטלייד, פון איר צאַפּלען זיך, זי גיך באַרויִקט דורכן טע־לעפאָן.

— אין דער היים? האָט די פרוי איבערגעפרעגט, זי קומט שוין אַהין!

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט, איז נתן חיים, אַ פריידיקער אַרײַנ־געלאָפן צו בתיהן — די מאַדאַם בערמאַן קומט באַלד אַהער!

אַז ער האָט געזען, נתן חיים, ווי אויפגעלויכטן בתיהס פּנים איז גע־וואָרן ביים הערן ווי „אָנגעלייגט", ווי שטאַרק געוואָלט זי איז, אַז די מאַדאַם בערמאַן קומט אַהיים צו איר, זען וואָס זי מאַכט, האָט ער חשק געהאַט, נישט אַזוי ער, ווי דער „קלאַסן־קעמפער" אין אים, זי אָראָפּצו־פּלאַטשן אַ ביסל, בתיהן, זאָגן איר אַז די מאַדאַם בערמאַן איז נישט אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין איר, נאָר אין דעם גוטן „פיטער" וואָס איז איר אַזוי אומגעריכט אַוועקגעפאַלן, עלעהיי אַ גוט פערדל פאַלט פּלוצים אַוועק ביי אַ באַלעגאָלע. האָט אים אָבער ס׳האַרץ זיינס נישט געלאָזט

איר שטערן דאָס ביסעלע פרייד, וואָס איז איר אַ היילונג, בתיהן, אין אירע גרויסע יסורים, וואָס לאָזן זי נאָך אַלץ נישט אָפּ.

נאָך דעם טעלעפאָנירן האָט ער שוין געהיט דאָס פענצטער, נתן חיים, און טאַקע גאָר גיך איז אָנגעפאָרן אַ טאַקסי. ער איז געטאָן אַ לויף, אַ פלי אַראָפּ די טרעפּ און באַלד צוריקגעקומען מיט דער מאדאם בערמאַן. אַ יונגע פרוי אין די דרײַסיקער, אַ פרעכטיקע ברונעטקע, מיט רויט־אָנגע־פרוירענע באַקן, קלוגע ציגײַנער־אויגן, אַן אמתע מאדאם אין אַ טייערן, גרוי־קאַראַקולענעם מאַנטל מיט אַ ווייך היטעלע פון זעלבן קאַראַקול, ווי אַ שיפּעלע איבער די שוואַרצע האָר, די הענט אירע פאַרשטעקט אין אַ ברייטער מופטע פון זעלבן פוטער.

אין קאָרידאָר, ווי נאָר זי איז מיט אים אַרײַנגעקומען, האָט זי אַראָפּ־געוואָרפן פון די פיס די הויכע, מאַט־שוואַרצע באָטנס, אַרוימגעזוימטע מיט גרויען קאַראַקול, ווי דער גאַנצער אויסשטייער אירער און אַזוי, אין דעם ווינטער־שטאַט, געטאָן אַ שוועב איבער דער פראָנטשטוב, גלייך צו בתיהן אין שלאָפצימער אַריין.

— מזל טוב! געלעגן געוואָרן? וואָס איז עס? אַ ייִנגל? אַ מיידל?

דער שפּאַס אויף ייִדיש איז, זעט אויס, געווען צו באַרויִקן די קראַנקע. ערשט אַז זי האָט זיך צוגעזעצט אויפן בעט, לעבן בתיהן, האָט זי ערנסט זיך גענומען אויספרעגן:

— וואָס עפּעס פּלוצים גליטשן זיך? אויף ווי לאַנג איז די קימפּעט?

בתיה האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די וויִעס, זיך געשעמט צו קוקן דער מאַדאַם בערמאַן אין אירע אויגן און אַוודאי נישט געוואָגט צו זאָגן איר אַז דערווייל איז זי צוגעבונדן צום בעט אויף דרײַ־פיר חדשים און שפּעטער, אויף די קוליעס, ווייס זי ערשט נישט ווי לאַנג זי וועט נישט קענען אַרויסרירן זיך פון הויז.

אַז בתיה האָט איר גאָרנישט געענטפערט, האָט די מאַדאַם בערמאַן, ווי אַ גוטע מאַמע זי גענומען טרייסטן:

— באַשעלע, נאָר נישט פאַרצווייפלט. דערווייל וועט מען קיין אַנדער „פּיטער" נישט זוכן. זי ווייסט דאָך אַז מר' בערמאַן איז אַן ערשט קלאַ־סיקער „פּיטער" (אַן ערשטקלאַסיקער פּיטער, האָט בתיה אין זיך גע־שמייכלט, נאָר קיין איין קאָסטימער וויל נישט ער זאָל זיך צורירן צו איר) — די מיין טינג (דער עיקר) באַשעלע, ווער נאָר געזונט, דערבײַ האָט זי זיך צוגעבויגן צו איר און איר געגעבן אַ קוש — גוד באַי, באַשע.

אַז די מאַדאַם בערמאַן איז צוריק אײַנגעזעסן אין טאַקסי, וואָס האָט

געוואָרט ביים איינגאַנג אין הויז, איז ער, נתן חיים, גיך צוריק אַרויף אין שטוב, אַרומגעכאַפּט בתיהן:

— נו, טייערע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? „בערמאַן ענד בערמאַן" וועט וואַרטן אויף דיר! „פּיטערס" ווי דו, קריגט מען נישט אַזוי איינס און צוויי!

## קאַפּיטל זיבנאונדרייסיק

די וואַקאַציע זייערע אין דעם האָטעל „נחת רוח" האָט זיך טאַקע אַנ־טוישנדיק־גיך איבערגעריסן, אָבער אָפּגעשפּאַרט עפּעס האָבן זיי דאָרט ביידע. ער, נתן חיים, האָט זיך, ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן, באַקענט דאָרט מיט שרייבער, וואָס אין איינעם, יונה ראָזנפעלד, האָט ער זיך שטאַרק מתקנא געווען, נישט אַזוי אין אים, ווי אין זיין אופן שרייבן. אַט אַזוי ווי דער יונה ראָזנפעלד, וואָלט ער געוואָלט קענען שרייבן. דעם אַנדערן פון די צוויי, קאָהן, אַ זאַמלער פון פאָלקסלידער, פאָלקס מעשיות, וועגן אים האָט ער בלויז געהאַט געהערט.

ער האָט די צוויי מענטשן געזען זיצן אויף דער האָטעל־וועראַנדע, נתן חיים, שטאַרק פאַרטאָן אין אַ שמועס. נאָכן פאַרבייגיין זיי איין מאָל און נאָך אַ מאָל, האָט ער געכאַפּט אַז זיי רעדן וועגן שרייבער, זייערע ווערק. „נו", האָט ער געטראַכט, „ליטעראַטור איז נישט קיין פּריוואַטער ענין. ער האַלט זיך נאָך נישט פאַר קיין שרייבער, אָבער שרייבעריי גייט אים שטאַרק אָן". האָט ער צוגערוקט אַ שטול און זיך געזעצט הערן. די צוויי שמועסער האָבן זיך אַפילו נישט אומגעקוקט ווער עס האָט זיך אַװעקגעזעצט. ערשט אַז ער האָט, זייער נישט דרייסט, אויך אַריינגע־שטעלט אַ וואָרט אין זייער שמועס, האָט יונה ראָזנפעלד אומגעדרייט דאָס פּנים זיינס מיט די שטרוי־קאָלירענע וואָנסעס, אים אָפּגעמאָסטן מיט זיינע שאַרף דורכדרינגענדיקע אייגעלעך און אַ זאָג געטאָן: „אוי, דער חברה־מאַן שרייבט!"

ווי וויל דער זאָג האָט אים שטאַרק געשמייכלט, נתן חיימען, האָט ער דאָך געלייקנט: „ער אַ שרייבער? הלוואַי וואָלט ער געווען! ער איז בלויז אַ לייענער". צי דער, אויף מענטשן זיך קענענדיקער, יונה ראָזנפעלד האָט אים געגלייבט צי נישט, סיי ווי האָבן זיי שוין ביידע, נאָך דעם באַקאַנט ווערן, זיך אָפּט געטראָפן, שפּאַצירט צוזאַמען און געשמועסט ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן.

— צי ער שרייבט דאָ אַ סך? האָט יונה ראָזנפעלד אים קריקגעפרעגט, נתן חיימען. — וואָסער איז דאָ אַ סך. אָבער עס קלייבט זיך אָן, עס קלייבט זיך אָן. אַ שרייבער איז ווי אַ הון, זי גייט אַרום, פּיקט דאָ אַ קערנדל,

דאָרט אַ װערעמל, דערנאָך גײט זי זיך אין איר װינקעלע און לײגט אָן אײ.

איז דאָס באַקענען זיך מיט שרײַבער געװען זײַן, נתן חײמס, אָפּשפּאָר אין „נחת רוח האָטעל". צוזאַמען מיט בתיהן האָבן זײ דאָרט אָפּגעשפּאָרט צװײ ליבע און טײַערע פֿרײַנד, די צװײ שװעסטער פּאָליאַ און פֿראַניע העלער, צװײ װאַרשעװער ייִדישע טעכטער. די פּאָליאַ, אַ ביבליאָטעקאַרין אויף דער איסט־סאַיד, די הויפּטין אין אַ רײ אָפּטײלונגען דאָרט איבער די שפּראַכן: ייִדיש, פּויליש און רוסיש.

פֿראַניע, דער פּאָליאַס ייִנגערע שװעסטער, װי אויך זי איז געקומען קײן אַמעריקע צוזאַמען מיט דער פֿאַמיליע שוין נישט קײן פּיצל קינד און אויך זי האָט גערעדט אַ װאַרשעװער ייִדיש, װי זי װאָלט ערשט נעכטן געקומען פֿון פֿראַנצישקאַנער גאַס, איז זי שוין געװען אַמעריקאַניזירט און ייִדישע ליטעראַטור, װי ייִדיש־לעבן בכלל איז איר שוין נישט געװען אַזױ אײגן, אַזױ נאָענט, װי דאָס איז געװען דער אַ ביסעלע עלטערער שװעס־טער פּאָליאַ.

די פֿראַניע, אַ טיפּיש ייִדישע שײנהײט מיט אַ טיפֿער, חריפֿותדיקער אינטעליגענץ, כאָטש נישט מיט אַזאַ ברײט װיסן אין ליטעראַטורן װי פּאָליאַ, איז זי דאָך געװען גוט באַקאַנט מיט דער ענגלישער ליטעראַטור, די אַמעריקאַנער און די בריטישע, װי אויך אין דער פּױלישער ליטעראַטור.

װי די פֿראַניע איז ערשט געװען אין די אָנהײב צװאַנציקער, איז זי שוין געװען אַ גרושה, נאָכן האָבן געלעבט זײער אַ קורצע צײַט מיט איר מאַן, אַ שטאַרק אַמעריקאַניזירטער יונגער מענטש. און װי דער געגטער מאַן איז געװען אַן אָפּגעפֿרעמדטער פֿון ייִדיש לעבן, ייִדיש לשון, אַזױ איז איר נײַער „באַקאַנטער", יצחק בײמאַן, געװען אַ ייִדישער מענטש, אַ זײער באַ־גאַבטער לערער פֿון ייִדיש, פֿון ענגליש, פֿון זײַן, אַלײן אַנטװיקלטער „קורצשריפֿט", אַ קעגנשטאַנד אַזױ נײטיק פֿאַר ייִדיש־סעקרעטאַרינס!

צוליב איר שאַרפֿן קאָפּ, נישט װײניקער װי צוליב איר פּיקאַנטער שײנקײט, איז די פֿראַניע געװען זײער פּאָפּולער צװישן די געסט אין דעם האָטעל, בפֿרט צװישן די מאַלער. נישט אײנער פֿון זײ האָט זי געגעסן מיט די אויגן, דער עיקר אײנער, אַ יונג מיט אַ פּנים פֿון אַ מאָנגאָל, צװײ שאַרפֿע קינבאַקן און צװײ קלײנע, דורכדרינגענדיקע קוקערס, פֿולע מיט תאװה. אַ פֿרעכער יונג, אַ װאַגנדיקער, פֿלעגט ער שטענדיק זוכן צו שטעלן די פֿראַניע אין פֿאַרלעגנהײט צוליב איר ביסל איבערװאָג. האָט ער אײן מאָל אין מיטן אַ שמועס צװישן דער חבֿרה מאָלער װעגן גאָגען און װאַן גאָג, זיך אַ קער געטאָן צו דער פֿראַניע, װאָס זי, אַ נישט־קינסטלערין, װאָגט זי זיך אַרײַנצומישן אין אַ שמועס װעגן קונסט, — אַ יונגע פֿרױ װי

זי, דאַרף חוץ שיינקייט און אַ רייצנדיקע פיגור, אויך האָבן עפּעס אייגנס!

האָט זיך די פראַניע נישט פאַרלוירן און, ווי סנדיק ווי ער פּרעסט זי מיט די אויגן אים פּונקט אַזוי דרייסט געענטפערט:

— אייגנס? זי האָט איר אייגנס הונדערט מיט זיבעציק פונט!

צווישן די פען־מענטשן אין דעם „נחת רוח האָטעל" איז אויך געווען אַ געוויסער ברוך פעלענבערג, אַ שטיקל קריטיקער, אַ שטיקל לערער און אַ גאַנצער ליידיקגייער, צו דעם נאָך אַ וועגעטאַריער אויך. נעמט דער פאַרשוין און ווערט פּלוצים קראַנק, נישט קראַנק, נאָר חרוב! אַזוי ווי דער פעלענבערג איז אַ זייער נאָענטער פריינד מיט דעם יצחק ניימאַן, נישט בלויז אַ פריינד נאָר אויך אַ „קאָלעגע־וועגעטאַריער", איז די פראַניע ווי נאָר זי האָט געהערט אַז פעלענבערג איז קראַנק, איז זי אַרויף צו אים אין צימער געוויער ווערן וואָס ער מאַכט און אַז זי האָט געזען ווי חרוב ער איז, איז זי שוין נישט אָפּגעטראָטן פון אים, געוואָרן זיין נוירס (קראַנקנשוועסטער), טעלעפאָנירט אין שטעטל נאָך אַ דאָקטער, אַ צווייטן דאָקטער, באַזאָרגט די מעדיצינען, דערלאַנגט אים אַ נאַכט־כּלי, גענעכטיקט ביי אים איין נאַכט, נאָך אַ נאַכט און אַזוי די גאַנצע צוויי וואָכן פון איר וואַקאַציע.

זענען דאָך מענטשן — מענטשן, האָט מען אָנגעהויבן רעדן, נישט סתם רעדן, נאָר באַרעדן! און ווער? דווקא די יונגע ווייבלעך וואָס, „צוליבן שטיקל קינד, פייניקן זיי זיך נעבעך אין דער קאַונטרי, פּלאָגן זיך נעבעך גאַנצע נעכט מיט די מאַלער ביים טייכל, צווישן די ביימער אין אָרטשאַרד (סאָד)" און זייערע מענער, קלאָוק־מאַכער, דרעס־מאַכער און בכלל מאַכערס, שוויצן דאָרט אין די שעפּער, אין די ניו־יאָרקער ניינציק גראַדיקע היצן. אָט די כּשרע צניעות האָבן דאָס צעלאָזט זייערע צינגלעך:

— וועמען וויל די פראַניע העלער מאַכן גלייבן אַז זי אָפּפערט אויף איר „וואַקיישאָן" ווייל דער מאַן איז קראַנק? אַ הפקר־נקבה איז זי! אַ פיינע פרוי וועט נעכטיקן מיט אַ פרעמדן מאַן אין איין „רום" (צימער)?

— דער מענטש איז דאָך חרוב! האָט נישט דאָ קיינעם! האָט ער, נתן חיים, געפּרוּווט זיך איינשטעלן פאַר דער פראַניען. נאָר וואָס האָט עס געהאָלפן? די „כּשרע צניעות" האָבן דאָך געדאַרפט אַן „אַפּלייזער", כּדי דורך איר צו פאַרדעקן זייערע אייגענע מעשׂים מיט די מאַלער אין „אָרטשאַרד", האָבן זיי זיך אָפּגערוקט פון דעם געזינדל, נתן חיים און בתיה, און געוואָרן נענטער נאָך מיט די צוויי שוועסטער, געטראָפן זיך מיט זיי אין שטאָט און געקומען צו גאַסט צו זיי, אין זייערע עלטערנס הויז אין ברוקלין.

אים, נתן חיימען, איז גאָר באַזונדערס ליב געווען דאָס קומען צו די העלערס אין דעם אַזוי שיטער נאָך באַווינטן טייל פון ברוקלין. געבוירן און דערצויגן אין מאַדזשיץ, אַ קליין שטעטל מיט פעלדער און פרייע לאַנ־קעס אַרום, האָט ער, בעת די וויזיטן צו די העלערס ממש אויפגעלעבט. בעת זי, בתיה, איז געווען פאַרטאָן מיט די צוויי שוועסטער אין הויז, האָט ער אַרומגעוואַנדערט צווישן די קליינע פאַרמס, געבליבענע נאָך דאָרט. אָט איז ער געבליבן שטיין פאַר אַ נידעריק פאַרקאַנדל, אַ צוים אַרום אַ הויף פול מיט פרייאַרומגייענדיקע עופות, הינער און קאַטשקעס, אַפילו צוויי אינדיטשקעס און עטלעכע גענדז. אָט גאָר האָט ער געגלעט און גע־צערטלט אַ פערד, אַ קו, וואָס איז געשטאַנען מיט דעם קאָפּ אַריבער דעם פאַרקאַנדל, געקוקט אויף אים מיט די צוויי גרויסע, בהמהשע אויגן און מעלה־גרהעט דעם אייגענעם גאַווער, אַ ווייסער, אַ געדיכטער, וואָס איז איר אַראָפּגעהאַנגען פון די מוילווינקלען, ווי צוויי שנירלעך געדיכטער קרעם. און אָט גאָר האָט ער זיך פאַרקוקט אויף אַ פרעכטיק, שיין־צעוואַק־סענער זון־רויז, וואָס האָט געהויערט אַריבער דעם הויך־אויסגעוואַקסענעם קאַקאָרוזע (קאָרן) אויף דעם פעלד.

און נישט ווייניקער ליב איז אים געוואָרן, נתן חיימען, דאָס הויז פון די העלערס. כאָטש וואָס אַזוינס איז דען דאָ געווען? אַ פשוטע הייזקע פון צוויי ווינונגען. די אונטערשטע — פאַרדונגען און, אין דער אייבערשטער, האָבן געוווינט זיי, די העלער משפחה. אָט דאָ, אין די העלערס דירה האָט געשמעקט מיט וואַרשע, מיט דער פראַנציסקאַנער גאַס, ווו זיי האָבן טאַקע געוווינט, פאַר זייער קומען קיין אַמעריקע.

קודם זי, די מאַמעשי, אַ וואַרשעווער פאַרפּיעשטשעטע שיינהייט, גע־צירט אין זייד, אין טאַפּעטאַ, וואָס האָט גייענדיק שטענדיק געשאָרכלט, ווי עס וואָלט אַלעמען דערמאָנט: „מאַכט אַ וואָרע, אַ ייִדישע פּרינצעסין גייט״! און ווי אַ פּרינצעסין — אָפּגעהאַכט און אָפּגעציטערט ביים טאַ־טעשי, פאַרערט אין כבוד ביי די קינדער, דערוואַקסענע שוין, צוויי זין און פינף טעכטער.

ער, דער טאַטעשי, אַ נידעריקלעכער, גרוי שוין אַרום די שלייפן, גרוי — דאָס ציכטיקע־געהיטע קמץ־בערדל, אַ מאַדזשיצער חסיד, אַ וואַר־שעווער סוחר אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס, האָבן ערב דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, די געשעפטן פלוצים גענומען אים גיין מיט דער פוטער אַראָפּ, אַז ער האָט געמוזט נעמען די משפחה פון ניַין אירע און אַוועק מיט זיי קיין אַמעריקע. האָט ער דאָס אין דעם ברוקלין אויף ס׳ביי אויפגעשטעלט זיין הויזגעזינד, גענוי ווי אויף דער פראַנציש־

קאַנער גאַס, מיט דער גרויסער ספרים־שאַפע אויבן אַן, אַ פולע מיטן הייד־מיש געברענגטן ש״ס, וואָס די געגילדטע אותיות אויף די רוקנס פאַרלייכטן די פראַנטשטוב.

און ווי אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס האָבן די קינדער דאָ צוריק גענומען עוסק זיין אין תורה. דער בכור, יחיאל (כילעשי) אַ וואַרשעווער עילוי, האָט זיך צוריקגעזעצט אין אַ ישיבה לערנען, ס׳יינגסטע יינגל, ווי די שוועסטערלעך, זענען אַוועק אין שולע, די גרעסערע פון די מיידלעך, פאַליאַ, אַ טאָכטער אין אַ הויז פון תורה, פון ספרים און ביכער, וואָס וועט זי ווערן? אַ האַנטנייערין ביי „קלאָוקס״? אַן „אָפערייטאָרין ביי דרעסעס״ (קליידער)? איז זי אַריין אין קאָלעדזש, גענומען אַ קורס און איז געוואָרן אַ ביבליאָטעקאַרין.

איז אים דאָס הויז נתן חיימען, ווי די משפחה אין הויז, געוואָרן נאָענט און ליב. און אַז דער פאָטער, ר׳ ישראל העלער, וואָס מיט אים פלעגט ער אָפט שמועסן, האָט אים און בתיהן פאַרבעטן צום סדר, זענען זיי ביידע, דאָס יונגע פאָרפאָלק געווען איבערגליקלעך.

ער האָט געטראַכט, נתן חיים, „וואָס, אייגנטלעך, איז דאָ מיט אים געשען? דאַכט זיך גאָרנישט. פאַר וואָס זשע פריער, ווען ער איז געווען אַ „פריילײדיקער״, וואָלט אים נישט איינגעפאַלן צו וועלן גיין צו אַ סדר! וואָס איז ער, אַ קלעריקאַל? ער איז דאָך אַ סאָציאַליסט, אַ „פריידענקער״, וואָס נאָך אין וואַרשע, אַ יינגל פון פערצן יאָר, האָט ער שוין אויפגעהערט צו דאַווענען, צו לייגן תפילין, וועט ער דאָ, אין אַמעריקע, זיך לאָזן אַריינ־ציען אין קלעריקאַליזם״?

איז דאָס געווען פריער, איצט אָבער, נאָך זיין שטעלן חופה מיט בתיהן, האָט ער אָנגעהויבן בענקען נאָך אַ יום־טוב, בפרט פסח, אַ סדר, וואָס אַליין מאַכן, פאַר זיך און בתיהן, וואָלט נישט געהאַט קיין טעם, קיין ריח. וואָס פאַר אַ סדר קען דאָס זיין אָן משפחה, אָן אייגענע אַרום פסחדיקן טיש? דעריבער אַז די העלערס, דער טאַטעשי, ווי די צוויי שוועסטער האָבן זיי פאַרבעטן אויף פסח צום ערשטן סדר, האָבן זיי דאָס אָנגענומען מיט פרייד. נתן חיים און בתיה, און בייצייטנס שוין גענומען זיך גרייטן צו דעם ערשטן סדר זייערן אין אַמעריקע!

## קאַפּיטל אַכטאונדרײַסיק

ער איז זיך מודה, נתן חיים, אויך דאָ, אין די מילינערי־שעפּער, האָבן אים די ברידער־אַרבעטער נישט שטאַרק גערן. אויך דאָ קוקט מען אויף אים ווי אויף אַ פרעמדן, עפּעס ווי נישט פון אייגענעם מין און דאָ איז עס נישט צוליב זײַן האָבן געווען אַ „סאַמבאַדי" אין דער אַלטער היים. אַ שטיק צײַט שוין אַז ר'איז אין אַמעריקע, האָט זיך דער „סאַמבאַדי" היפּש אָפּגעריבן פון אים. דאָ איז דאָס נישט גערן זען אים צוליב גאָר אַן אַנדער סיבה.

דער טייוול האָט אים אָנגעטראָגן, נתן חיימען, צו לאָזן אָפּדרוקן אַ דערציילונג זײַנע אין דער „פרײַהייט" אַ נאַר־וואָס געגרינדעטע טאָג צײַטונג. ער האָט אַפילו געטראַכט זיך צו צוקלײַבן עפּעס אַ פּסעוודאָנים פאַר זײַן שרײַבן, איז אָבער די מענטשלעכע אייטלקייט, דאָס גאַרן מ'זאָל וויסן אַז ער איז נישט אַבי ווער, אַז ער איז אַ שרײַבער „וואָס דריקט זיך שוין", געווען שטאַרקער פון דער געוואַלטער באַשיידנקייט און ער האָט געלאָזט די דערציילונג „גיין" אונטער זײַן פולן נאָמען: נתן חיים פײַנזילבער. נו, נו, מער האָט ער שוין נישט געדאַרפט!

גראָד דעמאָלט האָט זיך געהאָט אָנגעהויבן אין די יוניאָנס די וויסטע מלחמה צווישן „רעכטע" און „לינקע", האָבן די אָנהענגער פון ביידע צדדים זיך גענומען צו אים. די „רעכטע" זענען געקומען צו אים מיט טענות: „פײַנזילבער, איר אויך? דאָס איז אייער דאַנק צו פּרעזידענט שלעזינגער, צו די יוניאָנס, וואָס האָבן אײַך געבערענגט קיין אַמעריקע! איר מאַכט זיך נישט וויסן אַז די „פרײַהייט" איז אַרויס כּדי צו צעברעכן די יוניאָנס און עס אַרט אײַך גאָרנישט ווי זי זידלט פּרעזידענט שלעזינגער, אייער רעטער! ווען נישט שלעזינגער וואָלט איר דאָך געפּגרט אין „יוראָפּ" פאַר אַ שטיקל ברויט!"

די „לינקע" ווידער האָבן אים געפרעגט: „היתכן? חבר פײַנזילבער, איר זענט דאָך אַ פּראָלעטאַריער, שרײַבט איר קלײַנבירגערלעכע סקיצעס? וועלכער פּראָלעטאַרישער שרײַבער שרײַבט הײַנט וועגן „ליבע — שמיבע"?

מילא, ווי שטאַרק ס'האָבן אים געאַרט די טענות פון די „ברידער אַרבעטער", האָט אים נאָך מער געאַרט דער ברוגז פון די יוניאָן־פירער

און גראַד ווייל זיי זענען נישט אַרויס מיט קיין „סטייטש״, מיט קיין היתכן, נאָר בלויז מיט שטילן פּאַראיבל, מיט אויסמיידנדיקע בליקן און דווקא דאָס האָט אים ווי געטאָן. ער האָט געפילט ער איז דאָ „גאָט די נשמה שולדיק״. איז אַ דערציילונג וועגן ליבע, וועגן שטילער בענקשאַפט אַ פּאַרטיי ענין? און, האָט ער דען אויסגעקליבן צו לאָזן דרוקן די „זאַך״ אין דער „פרייהייט״ ווייל ער איז אַן אָנהענגער פון די „לינקע״? ער האָט געוואָלט האָבן אָפּגעדרוקט זיינס אַ דערציילונג אונטער אַלגינס רעדאַקציע, מחמת ער האַלט אַז אַלגין איז אַ מבין אויף ליטעראַטור און ווייל ער, נתן חיים, איז כּסדר אין ספק צי ער איז טאַקע אַ שרייבער, האָט ער געוואָלט האָבן אויך אַלגינס הסכּמה אויף דעם, עלעהיי אַ וויללערבנער, וואָס גרייט זיך צו רבנות, וויל האָבן סמיכה פון אַ באַרימטן רב, אַ גרויסן למדן. איז ער צוליב דעם, אַזוי נישט ווילנדיק, גאָר אַריינגעפאַלן אין מיטן פון אַזאַ ביטערן ברודער־קריג, וואָס ווהין ער זאָל זיך נישט אַ קער טאָן, כאַפּט ער פּעטש!

און נישט בלויז די „ברידער־אַרבעטער״, די יוניאָן פירער, אויך די באָסעס פון די שעפּער זעען אים נישט גערן און נישט ווייל ער איז נישט קיין גוטער בעל־מלאכה, נישט שנעל געננוג. אַדרבה, דער הויפּט באָס פון „קאַראל־פּעשאַנס״ וווּ ער אַרבעט איצט, נתן חיים, איז זייער אויפריכטיק מיט אים״:

— יו סי, פיינזילבער, איר זענט אַ גוטער אָפּערייטאָר, אַ שנעלער אויך, אָבער ווי קומט איר אין אַ שאַפּ אַריין? איר דאַרפט זיין „אַ לאָיער״ (אַדוואָקאַט), אַ דאָקטאָר, אַן „ענדזשעניער״ (אינזשעניר), אָבער אַן אָפּע־רייטאָר?

מיטן באָס גראַד, האָט ער פאַרפירט אַ שטיקל שמועס וועגן דעם, נתן חיים:

— מר׳ גראָסמאַן, איר זאָגט דאָך אַליין אַז איך בין אַ גוטער אָפּע־רייטאָר, אַ שנעלער אויך, וואָס זשע אַרט אייך מיין קאָפּ? צי איך האָב אַ שאַרפערן קאָפּ, צי אַ טעמפּערן קאָפּ?

— איטס נאָט יור העד אלאָן, (ס׳איז נישט בלויז דער קאָפּ זיינער) ווי די אויגן. איר פאַרשטייט, מר׳ פיינזילבער, מיט אַזאַ ווי איר אין שאַפּ, פילט זיך דער באָס ווי אין אַ „קעידזש״ (אַ שטייג). אַז אַלץ זעט איר, אַלץ וואָס גייט אָן אין שאַפּ ווייסט איר, נאָר דער שאַפּ אַליין אינטערעסירט אייך נישט! ווי נאָר מ׳שטעלט אָפּ דעם מאַטאָר זענט איר שוין נישט קיין הי־גער! מ׳זאָגט איר שרייבט, לויפט איר אַזוי גיך צו אייער שרייבטיש, ס׳איז אמת? וואָס זשע טוט איר אין שאַפּ? קריגט אַ דזשאַב אין „פאָרווערטס״.

ער האָט געוווּסט, נתן חיים, אַז וואָס שייך זען, איז ער גערעכט, דער „באָס". ער זעט טאַקע, וואָס די אַנדערע אַרבעטער אין שאַפּ זעען נישט. וואָס אינטערעסירט דעם באַלמעלאָכע וואָס אין אָפּיס און אַרום דעם אָפּיס טוט זיך? ער איז פֿאַראינטערעסירט אין אַ בעסער „באַנדל" ער זאָל קע־נען „רייבן", מאַכן אַ סך! באומאַן, דאָס קליינע פֿאַרטנערל אין „קאָראַל פעשאָנס", זאָל אים נישט שטיין איבערן קאָפּ און נישט אונטערטרייבן אים: „וואַט אַר יו פּאָטזן עראונד"? (וואָס מאַזשעט ער זיך אַרום?) דאַ־קעגן ער, נתן חיים, ווי ווײַל זײַנע פינגער לויפן נאָך די מאַשין־נאָדל אין געניי, וואַנדערן זײַנע אויגן, די גרוי־גרינע, וואָלפישע קוקערס, אַוועק פון די מאַשינען, אַהין צום אָפּיס און גראָד דאָרט איז דאָ וואָס צו זען, בפֿרט ביים נעמען ס׳רעקל פון הענגער אַראָפּ נאָך דער אַרבעט אין די וואָכנטעג און נאָך מער שבת אין האַלבן טאָג.

זיי ווייסן, די „באָסעס ווי די סיילסלייט" (באַלעבאַטים און פאַרקוי־פער) אַז „אויף ברויט אַליין לעבט נישט דער מענטש", קלינגט מען אָן אין רעסטאָראַן נאָך „קאָפי ענד קעיק" (קאַווע און קוכן), צוויי נקבהלעך שטעלן צו דזשאָ און סטיוו, די צוויי אַלפאָנסן וואָס צו זיי געהער דער „אָפּטאון" און אַזוי ווי אַ „באָטל סקאָטש" אָדער „קענעדיען־קלאָב" פעלט קיין מאָל נישט אין אַ שאַפּ פון מילינערי, פון סוטס און דרעסעס, מאַכט מען אַ לחיים, טראָץ דעם „פּראָהיבישאָן", מ׳לענט זיך אונטער די הערצ־לעך מיט „עי קאָפי, עי טשיז דעניש", נאָך דעם זענען גרייט די קאַנאַפּ־קעלעך, איינס אין אָפיס, ס׳אַנדערע אין „שאָו רום" (פאַרקויף־צימער) און עס ווערט חי־געלעבט!

ווער אַלץ עס לאָזט זיך ווילגיין ביי די חי־געלעבטן, דערוויסט ער זיך, נתן חיים, פון נאָרמאַנען, דעם הויפּט באָסעס ברודער. גראָד דער נאָר־מאַן, אַ פּראָסטער חי וקים, אַ וואַרשעווער בלאַטער יונג, אויך נישט לאַנג צוריק געקומען קיין אַמעריקע, איז ווי ער לאַכט אָפּ פון אַלץ און אַלעמען, איז גראָד ער צוגעקלעפּט געוואָרן צו נתן חיימען, דווקא ווייל ער איז אַ שרייבער.

— זעסט, „נייטן", ווי ווערט ער זיך „באַדערן", דרייען זיך אַ קאָפּ מיט אַזאַ לאַנגן נאָמען ווי נתן חיים? האָט ער אים גלייך משנה שם גע־ווען אויף „נייטן" — זעסט, נייטן, ווען דו ביסט ביי אַזאַ הוליאַנקע, וואָלסטו געקענט אָנשראַאבן אַ גאַנץ ביעך (בוך)! מ׳ינסט נאָר איך און סעם (נאָך אַ י׳נגערער ברודער), און די סיילסלייט? די באָסעס „מאַכן אויך אַ שטאָך אַרבעט"! אַפילו אייב, דער קאָטער (צושניידער) קריגט אויך „עי טשענס" (אַ שאַנס).

אַט דאָס אַלץ, אַז ער זעט און ווייסט, נתן חיים, אַרט אַזוי שטאַרק דעם „דזשאָספּער" גראָסמאַן, דעם הויפּט באָס פון „קאַראַל־פּעשאַנס" און, ווי שטענדיק מאַרעוויכער פּרווון אונטערקויפן יענעם, וואָס ווייסט וועגן זייערע מעשׂים, האָט אויך דזשאָספּער, דער באָס זיינער, אים געוואָלט פאַרמאַכן ס'מויל, דורך אַריינציִען אים אין די הוליאַנקעלעך.

מיט אַ גנבישן ווונק צו אים מיט אַן אויג האָט ער אים, כּלומרשט אין שפּאַס, געפרעגט: — פיינזילבער, מיי בי? שיינע בקבהקעס!

זענען דאָס געווען די הוליאַנקעס אינווייניק, אין דער „עסטאַבליש־מענט" און דאָס, דער עיקר אין די שבתים נאָך דער אַרבעט אין האַלבן טאָג, ווען די אָפּערייטאָרס זענען אַוועק און דער שאַפּ איז געווען פאַר־מאַכט. אין „סיזן" אָבער, ווען „בייערס" (איינקויפער) פון די מאַגאַזינען איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון אַמעריקע קומען אַן קיין ניו־יאָרק נאָך פרישן „סטאָק" (סחורה) דעמאָלט ווערט ביי די ביזנעס כּסדר געפירט מיט „חי־געלעבט".

חדשים פריִער ווערן שוין די „מאַניופעקטשורערס" (פאַבריקאַנטן) „בי־זי" מיט קויפן בילעטן צו די נייסטע „שאָוס" (טעאַטער פאַרשטעלונגען) אויף בראָדוויי, דער עיקר צו „מיוזיקלס" (פאַרשטעלונגען מיט מוזיק, גע־זאַנג און טאַנץ). וואָרעם אַ „בייער" אַן ער, צי אַ זי, אַז זיי קומען קיין ניו־יאָרק „טוען ביזנעס", ווילן זיי אויך אַ לעב־טאָן, „אַריינכאַפּן אַ נייע שאָו", וואָס מ'זעט זעלטן ביי זיך אין שטאָט. און נאָך דער שאָו און פאַר דער שאָו, וויל מען אויך פאַרברענגען, פריִער צו „דינער" (נאַכטמאָל) אין אַ באַרימטן רעסטאָראַן, נאָך דער פאַרשטעלונג — אין אַ נאַכטלאָקאַל און פאַר וואָס אויך נישט אַ ביסעלע חי־געלעבט אין אַ האָטעל?

אַט די אַלע פאַרגעניגנס דאַרפן צושטעלן די פאַבריקאַנטן, די „סיילס־לייט" און וואָס גרעסערע, שענערע, מער קאָסטבאַרע „פּלעזשורס" (פאַר־געניגנס) אַ „הויז" שטעלט צו, אַלץ מער ביזנעס וועט דאָס „הויז" טאָן. ווערט דעריבער, פאַרן אָנקום פון אַ סעזאָן אַ געיעג איינצוקויפן בילעטן צו טעאַטער־פאַרשטעלונגען, באַשטעלן טישן אין די נאַכטלאָקאַלן, „רומס אין די סווענקי" (צימערן אין באַרימטע) האָטעלן. פאַרשטייט זיך אַז מען דערלאַנגט נישט אַ „בייער" אַ „טיקעט צו אַ שאָו" און גיי ווייל זיך, אָדער אַ פּלאַץ אין אַ רעסטאָראַן און „גיי פרעס זיך אָן". אומעטום דערוואַרט דער „בייער" אַ באַגלייטער וואָס זאָל אים אָדער זי נעמען אַהין, מיט אים אָדער איר פאַרברענגען.

מילא, מיט מענער „בייערס" איז נאָך די צרה אַ האַלבע. קאָמפּאַניאָנ־קעס צו זען מיט אַ קאַוואַליער אַ „שאָו", זענען דאָ גענוג. אַ רוף איבערן

טעלעפֿאָן צו „דזשאָ און סטיוו״ שטעלן זיי צו נאַכטפּייגעלעך וויפֿל נאָר מען וויל. שווער איז מיט פּרויען „בייערס״. זיי דאַרף מען באַזאָרגן מיט אַ קאַוואַליער און נישט זעלטן אויך אין האָטעל אַריין אויף אַ „חי געלעבט״! דינגען פֿאַר דעם „דזשיגעלאָס״ (מאַנצבילשע נאַכטפּייגל) איז זייער אַ טייערער ביסן! מוז מען זיך אַליין איינשפּאַנען פֿאַר דעם פֿאַרגעניגן. און אויך דאָ איז נישט די „ביזנעס אַזוי פּליין״ (פּשוט). אַ מאַן אַ „בייער״, אַז מ׳שטעלט אים פֿאַר דאָס נאַכטפּייגעלע איז פּטור אַן עסק. מיט אַ פֿרוי — „בייער״ איז עס אַ קאָמפּליצירטער עסק. מיט אַ פֿרוי קען מ׳נישט רעדן וואָס פֿאַר אַ קאַוואַליער זי וויל. ווען זי וויל אַפֿילו ווייסט מען ערשט נישט צי מיט... אָדער אַזוי אַ באַגלייטער. אַ יונגן באַגלייטער, ווילן, פֿאַרשטייט זיך אַלע, אַפֿילו עלטערע פֿרויען.

הייבט זיך דאַן אָן אַ „צוקלייבן״, יענע, וואָס מ׳שטויסט זיך אָן אַז זי איז „אָן״, זי נעמט איבער ווערלכער פֿון די באָסעס. זיי, פֿאַמיליע לייט, קענען טאַקע כאַפּן אַ ברעקל „חי געלעבט״ אין אָפֿיס, אין שאָר־רום, זיי קענען אָבער נישט זיין אַוועק פֿון דער היים אויף איבער נאַכט, און זיי האָבן מער נישט דעם כּוח אויך, זיך צו וואַלגערן אַ נאַכט מיט עפּעס אַ קליינשטעטלדיקע „ווענטש״ (אַ מיאוסע, אויסגעלאַסענע נקבה) אין אַ האָ־טעל.

יענע פֿון די „בייערינס״ וואָס מ׳ווייסט אַז ביי זיי מיינט עס מיט... זיי ווערן איבערגענומען פֿון אַ „סיילסמאַן״, פֿון נאַרמאַן, פֿון סעם, דעם באָסעס ברידערלעך, פֿון אייבעלע, דער „קאַטער״ (צושניידער), אַ יונג ווי אַ קאַוואַ־לעריסקע סאָלדאַט, צו מאָל אויך פֿון צווייטן „קאַטער״ כאָטש נישט אַזאַ פֿאַרשוין ווי אייבעלע.

אָט פֿאַר זיין זען דאָס אַלץ, וויסן דאָס אַלץ, ווייל דאָס דער באָס, דזשאָספּער גראָסמאַן, האָבן אים, נתן חיימען, פֿון דער צווייטער זייט טיר.

# קאַפּיטל ניינאונדרייסיק

ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, נתן חיים, געכאַפּט אַ קוק אין קיך, אין פראַנטשטוב, די פרוי, וואָס טוט אַכטונג אויף דער קראַנקער איז שוין, זעט אויס, אַוועק אַהיים. ער איז אַריין אין שלאָפצימער, אַ קוש גע־טאָן בתיהן, געצערטלט איר האַנט:

— וואָס מאַכסטו? דער דאָקטער איז געווען? וואָס זאָגט ער?

בתיה, ווי איר טבע, האָט נישט באַלד געענטפערט, שטום געקוקט אויף אים, ווי ער — אויף איר. אַ דין, קוים אַנזעעוודיק כמאַרעלע האָט זיך געשפּרייט איבער איר אויסגעבלייכט געזיכט, נאָר איבער דעם כמאַרעלע האָט ער געזען אַ לויכטנדיק שמייכעלע זיך שפּילן אין אירע מוילווינקלען, אַרום די שוואַרצע, שעמעוודיקע אויגן:

— כ'האָ' פאַר דיר נייעס.

ער האָט פריידיק אויפגעצאַפּלט, נתן חיים: — יאָ? פון ווען אָן?

— פון ווען אָן? האָט זי טרוקן, פאַרזאָרגט איבערגעחזרט זיין פרעגן און דאָס לויכטנדיק שמייכעלע האָט זיך אויפגעלייזט, פאַרשוווּנדן. דאָס כמאַרעלע אָבער איז געוואָרן טונקעלער, שוואַרצער און טרערן זענען איר אָנגעלאָפן אין די אויגן.

— טייערע, איז ער אַראָפּ אויף די קני, צו קענען זי אַרומנעמען, זי געקושט: — דאַרפסט דאָך זיין גליקלעך, זיין אַ מאַמע, ווייניסטו גאָר?

— דו רעדסט זיך לייכט אָפּ, זיין אַ מאַמע. און די „בערמאַנס״? מיינסט זיי וועלן אַלץ וואַרטן מיטן דזשאַב אויף מיר?

— האָסט זיי ווי מיטן דזשאַב! זיי נאָר געזונט. ס'איז דאָך אַ גליק! דער פוס היילט זיך, וועסטו אין דער זעלבער צייט אויסטראָגן אַ יינגעלע, אַ זונעלע. בתיה! האָט ער זי ווידער געכאַפּט קושן.

— נאַר, האָט זי שמייכלענדיק אים געקוקט אין די אויגן, — אַלע מע־נער ווערן נאַריש ווען זיי הערן אַז ס'ווייב איז זיי פאַרגאַנגען אין טראָגן.

— אַלע מענער? האָט ער שקאַציש געלאַכט איר אין פּנים אַריין, — וויפל מענער האָסטו דאָס פאַר מיר געהאַט?

— געלעכטער אָן אַ זייט, איז זי צוריק געוואָרן פאַרזאָרגט, בתיה. — וואָס וועט איצט זיין?

— וואָס זאָל זײַן? אַז ס׳וועט זײַן אַ ייִנגעלע — וועט זײַן אַ ברית, אַ מיידעלע, — וועט מען עס ליב האָבן ווי אַ ייִנגעלע.

זי האָט אָורעקגעקערט איר פּנים פון אים, בתיה, און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

ער האָט זיך אָורעקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט, נתן חיים, זי גע־לאָזט זיך אָפּוויינען, האָט זי נאָך אַ ווײַל, קריק אויסגעדרייט ס׳פּנים צו אים:

— האָסט מיך געפרעגט וואָס דער דאָקטער האָט געזאָגט. ער האָט געזאָגט דער ביין וואַקסט זיך שיין צונויף, אין אַ דרײַ חדשים אַרום וועל איך שוין קענען אַרומהאָפּען אויף די קוליעס.

— איז דאָך גוט! האָט ער זיך ווידער דערפרייט, נתן חיים, מ׳עט קע־נען אָורעקשיקן די פּרוי, וועט די הוצאה ווערן קלענער, וואָס זשע זאָרגסטו נאָך?

— אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען נישט דאָס, האָט זי מיטן בליק אים געוויזן אויף איר בויך. זי וואָלט אויף די קוליעס געפאָרן אין אַ טאַקסי צו דער אַרבעט. איצט אָבער? האָט זי אַ פאַרשולדיקטע געקוקט אויפן מאַן און געטראַכט: „ס׳אַן אומגליק! ווייל ער לעכצט אַזוי צו שרייבן, רוקט זי, מעשה שטן, אַלע מאָל אים אונטער אַן אַנדער שטער! ער מיינט אַוודאי זי וויל נישט ער זאָל ווערן אַ שרייבער. צו וואָס רייסט זי זיך אַזוי צוריק צו דער אַרבעט? ער איז טאַקע נישט פון די מענער, וואָס ווילן לעבן פון ווייבס פאַרדינסטן, דאָך, ווען אין באַנק זאָלן ליגן עטלעכע טויזנט דאָלער, וואָלט ער מיט אַ גרינג געמיט געזעסן און געשריבן״.

זי האָט גענומען זײַן האַנט אין אירער און, ווי לייכטער צו מאַכן אים דעם „שאָק״ פון דעם וואָס זי גייט אים דאָ זאָגן, האָט זי אים געצערטלט די האַנט: — דו ווייסט נישט. די מאַדאם בערמאַן האָט טעלעפאָנירט. אַלע אין פלאַץ זענען „סאָרי״ (באַדויערן) אָבער ס׳איז „סיזן״, מוזן זיי איינ־ברעכן אַן אַנדער „פיטער״!

— כ׳האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, בתיה, הער אויף צו זאָרגן! טראָג נאָר אויס בשלום. אַז ס׳קינד וועט איה״ש זײַן אַ יאָר אַלט, וועט מען צו־נעמען אַ פּאָסיק־מענטש און דו וועסט ווידער קענען אָננעמען אַ פּאָסטן. כ׳האָ׳ דיך אַרײַנגעזעצט צו „בערמאַן ענד בערמאַן״, ׳על כ׳זיך ווידער זען מיטן מענעדזשער פון דער יוניאָן, וועט ער דיך אַרײַנזעצן צו „יעטא בלור־סטיין״ אָבער „פּאַר גאָדס סייק״! (אום גאָטס ווילן) הער אויף צו זאָרגן!

דערווייל איז דער ווינטער געגאַנגען, די טעג, כאָטש נאָך אַלץ כמורנע, קאַלטע, זענען זיי אָבער געוואָרן לענגער, אויך — זוניקער און ס׳איז גע־

וואָרן לינדער אין דרויסן. אַ פריידיקע איז בתיה געלעגן אין בעט און צוגעזען ווי די אייזצעפּ איבערן פענצטער שמעלצן אין דער זון און די קישנס שניי שרומפּן איין, ווערן נידעריקער, ווייניקער, איז אויך איר גע־מיט געוואָרן לייכטער, זוניקער. זי האָט געפּרוווט אַראָפּלאָזן די פיס פון בעט, צום ערשט דעם גאַנצן, דערנאָך — דעם צעבראָכענעם, אַזאַ שווע־רער, אַן אַריינגעטאָענער צווישן צוויי ברעטלעך מיט אַ באַרג האַרט גע־וואָרענער גיפּס אַרום די ברעטלעך און אַ וועלט מיט באַנדאַזשן פון אי־בער דער קני ביז די פוספינגער, וואָס בלויז זיי זענען געבליבן דרויסן פון די באַנדאַזשן. איצט, זיצנדיק נאָך, האָט זי גענומען אַ קוליע אונטער איין אָרעם, באַלד די צווייטע קוליע אונטערן צווייטן אָרעם און, געדענקענדיק דעם דאָקטערס אָנזאָג, האָט זי געהאַלטן דעם קראַנקן פוס אַ ביסעלע פאַר־הויבן און אַזוי געטאָן אַ האָפּ אויף די קוליעס, נאָך אַ האָפּ און געבליבן שטיין אין פראָנטשטשטוב ווי פאַרווירט, איבערגעשראָקן: „לויט איר רעכע־נען, האָט זיך „דאָס" אָנגעהויבן וואָסערע צען טעג פאַר ניי־יאָר, איצט איז אין מיטן מאַרץ, איז מעגלעך זי זאָל שוין פילן ס'קינד? ניין, בלויז אַן אויסדאַכטעניש".

האָט זי ווידער גענומען האָפּען, ביסלעכווייז אין קיך אַריין. זי האָט זיך אַרומגעקוקט: „אוי, מאַמע, ס'אַ שטאַנד! דאַכט זיך אַ ציכטיקע פרוי, איז עס אָבער נישט איר היים. ווען די פרוי זאָל זיך נישט באַליידיקן, וואָלט זי, בתיה, גענומען מאַכן עסן פאַרן מאַן. אַן איבערקלייבער, נתן חיים, עסט ער דער פרויס געקעכטס „מיט אַן אָפּן מויל". „גליאַמעדזשעט" דאָס קריש פלייש ווי לאַנג איידער ער שלינגט עס אַראָפּ".

זי האָט געעפנט דעם אייזקאַסטן, בתיה, און זיך דערפרייט: „אַ הייפּטל קרויט! זי וועט מאַכן נתן חיימען אַ סורפּריז: אַ קרויט־באָרשט מיט ראָ־זשינקעס, מיט זיסע סמעטענע, אָפּבאַקן עטלעכע קאַרטאָפל, פּוטער און קעז איז דאָ, אוי וועט ער זיך פרייען! די פרוי קען טאָקע האָבן פאַראיבל. מילא, וועט זי איר איינבערענגען די אומאָנגענעמלעכקייט פון אָוועקשיקן זי און אַליין „קוויטן דעם דזשאַב".

געטראַכט און געטאָן! פּאַוואָליע האָט זי זיך צוגעזעצט צום קיכטיש, אָוועקגעשטעלט די קוליעס אין ווינקל און גענומען צעשאַטקעווען דאָס הייפּטל קרויט איבער די ברייטע איינשניטן פון ריבאייזן, און, ביים איינ־זאַלצן דאָס קרויט שטעלט זיך אַריין די פרוי מיט אַ בייטל איינקויף אין אָרעם. זי איז געבליבן שטיין אין מיטן קיך, די פרוי, זייטיקלעך געקוקט אויף דער באַלעבאָסטע: „זאָל זי האָבן טענות? זיך בייזערן"? האָט זי איבערוועלטיקט דעם אָנגעלאָפענעם פאַרדרוס און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— זאָל זײַן אין אַ גוטער שעה! און, אַוועקשטעלנדיק דעם בײַטל מיט אײַנקויף אויפן טישל, האָט זי, בײַזלעך שוין, צוגעגעבן: — כ'זע דאָך, די מיסעס דאַרף שוין נישט קײַן „העלפּ", זאָל די מיסעס אַזוי גוט זײַן מיר באַצאָלן גיי איך שוין.

— איר דאַרפט נישט האָבן פאַראיבל. אַז איך קען שוין, אַ דאַנק גאָט, אַראָפּגיין האָב איך גענומען אַליין מאַכן „סאַפּער" פאַר מײַן מאַן. נאָר אַז זי וויל, איז מילא, זאָל זי אַזוי גוט זײַן איר געבן דעם „פּאַקעטבוק" (האַנט־בײַטל) באַצאָלט זי איר שוין. זי האָפט נאָר איר מאַן זאָל זיך נישט בײַ־זערן פאַרן לאָזן זי אַזוי אַוועקגיין.

— מיט אײַער מאַן וועט איר זיך שוין אויסגלײַכן, דערבײַ האָט די פרוי זי בײַגעריק אַרומגעמאָסטן: איר שוואַנגערט? זאָל אײַך ווידער זײַן מיט מזל. זי האָט גענומען דאָס אויסגעציילטע געלט, אַוועקגעלייגט דעם שליסל: — גוד באַי.

זי איז געבליבן זיצן, בתיה, „נישט געדאַרפט געווען אַזוי אַוועקלאָזן די פרוי. נתן חיים וועט זײַן בײז אויף איר: אַ מענטש האָט זי באַדינט קאַרגע פיר חדשים, לאָזט מען זי אַזוי אַוועק"? זי האָט פאַרהויבן דעם בליק צום קיכזייגער, בתיה, האַלב נאָך זעקס! ער מוז אַוודאי אַרבעטן „אָווערטאַים" (איבערשעהען). „אפשר זאָל זי צוריקגיין אין בעט? ניין! ס'לייגן זיך וועט איר אָנקומען שווערער נאָך ווי דאָס אויפהייבן זיך. וועט זי שוין וואַרטן ביז ער וועט קומען און זי וועט עסן צוזאַמען מיט אים ביים טיש. אָבער צו וואָס האָט זי אַזוי פרי אַרײַנגעלייגט די קאַרטאָפל צום באַקן? ער האָט אַזוי נישט ליב קײַן איבערגעשטאַנענע קאַרטאָפל".

האָט ער זי איבערראַשט, נתן חיים, אַרײַנגעקומען אין שטוב שטיל ווי אַ מייזל, דערזען דורך דער קיכטיר בתיהן זיצן ביים טיש, די קוליעס אין ווינקל, איז ער געבליבן שטיין מיט אַ ויתרוצצו אין האַלדז: „זאָל ער זיך פרייען? זאָל ער שרייען, וואָס זי איז אַליין אַרויס פון בעט? הערט זי אים גאָרנישט אַז ער איז אין שטוב"!

— בתיה, דו שלאָפסט?

זי האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, זיך אומגעקוקט: — כ'בין פאַרטראַכט, האָב איך גאָרנישט געהערט דיך אַרײַנקומען.

— ווו איז די פרוי?

— זי האָט געקוויט דעם דזשאָב.

— און דו ביסט אַליין אַרויס פון בעט?

— ער זעט דאָך.

אַ פרייד איז אין אים אויפגעגאַנגען, ווען ער וואָלט נאָך געווען אַ

גלייביקער, נתן חיים, וואָלט ער אויפגעהויבן די הענט און געדאַנקט „דעם וואָס לעבט אייביק״ איז, שטאָט דאַנקען גאָט, האָט ער פריידיק אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— בתיה, אַז ס׳האָט זיך יאָ אַזוי אויסגעדרייט, גייען מיר צום סדר!

— משוגע מיינע שונאים? האָט זי, בתיה, געקוקט אויף איר מאַן, ווי זי וואָלט אים נישט באַנומען. — אויף קוליעס וועט זי גיין צו אַ סדר?

— און אַז אויף קוליעס, וועסטו נישט זיין אַן אָנגעלייגטער גאַסט? מ׳עט דאָך דאָרט דאַנקען דעם אויבערשטן אַז מ׳עט דיך דערזען!

שוין ווילאַנג אַז די צוויי שוועסטער טעלעפאָנירן און ביי יעדן קלונג, פרעגן זיי אָבער און ווידער צי זיי וועלן קומען צום סדר. האָט מען אַלץ אָפּגעלייגט: „אפשר, מ׳עט זען״, אָבער אַז ס׳האָט זיך אַזוי אויסגעדרייט, זי האָפּעט שוין, דאַנקען גאָט אַרום אויף די קוליעס, גייט ער שוין טעלעפאָנירן צו די העלערס: — יאָ, מ׳עט קומען!

זענען זיי געפאָרן, נתן חיים און בתיה. פון זייער היים, לעבן בראָנקס פּאַרק, צו די העלערס אין ברוקלין איז „פּאָלג מיך אַ גאַנג״! האָט טאַקי די טאַקסי זיך פאַרשפּעטיקט אַ ביסל, אַזוי אַז זיי זענען אַריינגעקומען איז שוין דער גאַנצער עולם געזעסן ביים פסחדיק געגרייטן טיש, אַן אַרויסגע־רוקטער איבער די צוויי פראָנטצימערן פון איין וואַנט צו דער אַנדערער. דער זשיראַנדאָל פון סופיט אַראָפּ, האָט געבלענדט און געבליצט מיט פיל קאָליריקן שימער. די זילבערנע לייכטער מיט די ליכט גרייט צום צינדן זיי. אַנטקעגן די לייכטער אין מיטן פון דעם לאַנגן טיש־געשטעל, אין ווייסן קיטל מיט דער זילבערנער עטרה און ווייסער יאַרמלקע אויפן קאָפּ איז געזעסן דער טאַטעשי, דאָס קמץ־בערדל האָט געזילבערט ווי די לייכטער קעגנאיבער אים, ווי דאָס זילבער־געשיר לעבן אים. ביי זיין רעכטער האַנט — די מאַמעשי, אַ פּויליש־יידישע פּרינצעסין אין ווייסן אַטלאַס־קלייד, אַן אַרומגעהאַפּטנס מיט שפּיצעלעך און רונדעלעך. אַרום האַלדז, שוין אַ ביסעלע אַ געקנייטשטער, אירע מאַט־איידעלע פּערל אין צווייען אַרומגענומען. ביים טאַטעשיס לינקער האַנט — דער בכור, „כילעשי״, דער וואַרשעווער עילוי, לעבן דער מאַמעשי — דער מוזיניק, סעמעלע, אַן אַמעריקאַניזירטער שוין, אַן אויסגעצייכנטער „בייז־באָל״ שפּילער. איןביידע זייטן פון די עלטערן און ברידער זענען געזעסן די טעכטער. אויף די איבעריקע צוויי צענדליק שטולן — די פאַרבעטענע געסט, די מערסטע פון זיי, איינגייער אין דעם בית העלער נאָך פון וואַרשע, אויף דער פראַנ־צישקאַנער גאַס.

אַז אַט דער וואַרטנדיקער עולם האָט דערזען אַריינקומען דאָס יונגע

פאָרפאַלק, די פײנזילבערס, און זי, בתיה — אויף קוליעס, איז אין דעם הויז אָנגעשטאַנען אַזאַ פרייד, אַזאַ געפּאַטשעריי מיט אויסגעשרייען: „מזל־טוב! אין אַ מזלדיקער שעה״! אַזביידן זענען געקומען די טרערן אין די אויגן און, קוים איינהאַלטנדיק דאָס געוויין אין קעל, האָבן זיי שטיל גע־קענט זאָגן: „גוט יום־טוב, גוט יום־טוב אייך אַלע״.

אַז דאָס פּאָרפאַלק איז שוין געזעסן ביים טיש, האָט די מאַמעשי זיך אויפגעשטעלט, געצונדן ליכט נאָך ליכט אַכט ליכט, לויט די אַכט אירע אין דער משפחה. אַז די פלעמלעך האָבן אויפגעלויכטן, האָט זי אַרומגענו־מען מיט אירע ווייס פאַנאַנדערגעשפּרייטע אָרעמס די לייכטער מיטן שבת־ניק איין מאָל, און נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל, ערשט איצט האָט זי מיט די ווייס אויסגעאיידלטע, קליינע הענטלעך פאַרדעקט איר אויסגעצערטלט, איידל געזיכט און אַזוי, שטייענדיק גלייך, אָן אַ ריר, ווי עפּעס אַ נישט ערדיש, ווייס געשטאַלט, האָט זי שטיל געבענטשט ליכט.

אַז די פסח־מלכּה האָט זיך אַוועקגעזעצט האָט זיך דער טאַטעשי אויפ־געשטעלט, פאַרהויבן דעם זילבערנעם בעכער, אַ פולער מיט רויט־פינקל־דיקן ווײַן און געמאַכט קידוש אויפן קול, אין מאַדזשיצער רבינס נוסח, מוציא געווען דעם גאַנצן עולם. איצט, נאָכן האָבן אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן „דרויב״, מיט „הא לחמא עניא״, האָט דער טאַטעשי געטאָן אַ ווינק צו סעמעלען און דאָס בן זקונימל האָט געטאָן אַ זינג אויף:

— טאַטעשי, איך וועל דעם טאַטעשי פרעגן פיר קשיות: מה נשתּנה הלילה הזה מכּל הלילות?

אין דער טאַקסי, ביים אַהיימפאָרן האָט נתן חיים געפרעגט בתיהן נאָר איין קשיה:

— זאָג אַליין, האָט מען געדאַרפט פאָרן צום סדר? נאָר שטאָט ענט־פערן אים „עבדים היינו״ האָט זי אים אַרומגענומען, דעם מאַן אירן און אים געגעבן אַ קוש.

## קאַפּיטל פערציק

באַשערט געווען אים, נתן חיימען, טועם צו זיין אַ נאַכט אין אַן אַמע־ריקאַנער קאַזע.

וואַכן שוין ווי אין שאַפּ פון „קאַראַל־פּעשאַנס", ווו ער אַרבעט, נתן חיים, גייט אַן אַ גערודער וועגן עפּעס „עי סיקרעט", וואָס אויסער נאַרמאַן, דעם הויפּט באָסעס, בראַטאַק, ווייסט נישט וועגן דעם קיינער פון די אַר־בעטער. האָט דער נאַרמאַן באַשלאָסן אים, „דעם שראַאבע", צו פאַרטרויען דעם סוד:

— נייטן, האָט ער נתן חיימען, אין אַ מאַנטיק אין דער פרי, פאַרן זעצן זיך צו דער אַרבעט, איינגערוימט אין אויער, — ס׳גייט זאַאַן „עי סור־פּרייז" גייט זאַאַן. אַז ער וויל, קען ער אים באַזאָרגן „עי טיקעט", „באָט" עס דאַרף קאָסטן „עי פאַרטשון" (אַ פאַרמעג), דאַרף עס קאָסטן, פּופצן טאָלע׳, „באָט טעיק איט פראָם מי" (ער מעג אים גלייבן), ס׳עט ווערט זאַאַן, ער ׳עט האָבן צי שראַאבן אין צי שראַאבן!

אַז דזשאַספּער גראָסמאַן, דער „טשיף באָס" פון „קאַראַל פּעשאַנס", קלייבט זיך אויף אַ רייזע קיין „יוראָפּ", דאָס האָט יעדער אין שאַפּ גע־ווּסט. אָבער אַז לעסטערל, דער „דזשוניאָר־פאַרטנער" זיינער, גרייט פאַר אים „עי פעיר וועל פאַרטי" (אַן אָפּשייד אָוונט), דאָס האָט קיינער אין שאַפּ נישט געטאָרט וויסן. איז דאָס הייסט עס, דער סוד.

דער דזשאַספּער גראָסמאַן האָט געהאַט צוויי סיבות פאַר זיין דאַזיקן „טריפּ קיין יוראָפּ" דער עיקר קיין וואַרשע! זען זיך מיט די עלטערן און, אויפן וועג צוריק, „אָפּסטאַפּן אין פאַריז" אַ קוק טאָן אויף די „פאַל" (האַרבסט) מוסטערן אין דאַמען־היט וואָס מ׳צייגט דאָרטן צום נייעם סעזאָן.

דזשאַספּער, וואָס אין וואַרשע האָט ער געהייסן גרשון, איז געקומען קיין אַמעריקע וואָסערע צוויי יאָר פאַרן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער היים איז ער געווען אַ שטיקל שניידער, זיך „גע־פּאַנטלט" (געדרייט) אַרום טאָטן, סענדער שניידער פון דער „לייעש" (לעשנע גאַס). נאָר אַז דער גערשעלע, אַ בחור פון אַכצן יאָר, איז אָנגע־קומען אין ניו־יאָרק, איז ער, שטאָט צו שניידעריי, גאָר אַריינגעפאַלן אין אַ מילינערי־שעפּקע צו אַ מר׳ סימאָר באומען.

דער מר׳ באומען, אַ ייִד שוין אין די זעכציקער, לאַנג שוין אין אַמע־ריקע, האָט גיך איינגעזען וואָסער טייערער „באָי״ דער גרשון איז. אַ פּאָר גאָלדענע הענט צו דער אַרבעט, אַ קאָפּ — געבוירן צו ביזנעס און פלינק איז ער — פייער און פלאַם! דערצו נאָך אַ שיינער „באָי״ ווי גאָלד. אַ קאָפּ שוואַרצע, געקרויזלטע האָר, אַ פּאָר קלוגע, ברענענדיקע אויגן, איז דער מר׳ באומען גיך צוגעבונדן געוואָרן צו דעם גערשעלען, אַז קודם האָט ער אים געביטן דעם נאָמען: „וואָס קיינד אָף עיניים איז דעט גערשון״? (וואָסער נאָמען איז דאָס?) דזשאַספּער וועט ער הייסן. דעטס אַן אַמעריקען נעים״! (דאָס איז אַן אַמעריקאַנער נאָמען) ס׳איז נאָר אַ שאָד געווען, דעם מר׳ באומען, וואָס ער האָט נישט קיין טאָכטער. מיט אַזאַ „סאָן־ין לאָו״ (איידעם) וואָלט ער געקענט פאַרגרעסערן די ביזנעס.

איז אים איין מאָל איינגעפאַלן, דעם מר׳ באומען: „קיין טאָכטער פאַר דעם דזשאַספּערן האָט ער טאַקע נישט, אָבער אַ זון, לעסטער, אין איין על־טער מיט אים, האָט ער דאָך יאָ! אַליין טויג דאָס „באָיעלע״ זיינס צו גאָר־נישט. קוים „געמאַכט גרעמער״ (אָנפאַנג שולע), פון „הייסקול״, (מיטל־שולע) איז ער אַרויסגעפאַלן באַלד אין ערשטן יאָר. אַז ר׳האָט אים אַריינ־גענומען אין די ביזנעס, דער טאַטע, געוואָלט אים איינבערעכן אין סייל־סמענשיפּ, זיין אַ פאַרקויפער, איז אים דאָס זינדל יעדן טאָג פאַרלוירן געוואָרן אויף שעהען לאַנג צו שפּילן „קרעפּ״ (וואַרפן ביינדלעך), אָדער זיך אַרומגעוואַלגערט „דאָון טאָון״ אין „רעד־דיסטריקט״ (רויט־לעמפּל געגנט) געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער צווישן די „פּימפּס״ (אַלפאָנסן) מיט זייערע נקבות. ווען ער קען, האָט ער געטראַכט, דער אַלטער טאַטע, צונויפ־פאָרן דאָס זינדל מיט דעם גערשעלען, מאַכן זיי פאַר פאַרטנערס, גיט ער זיי איבער דעם שאָפּ מיט אַ ביסל „קעפּיטל״ און אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ! אויף דזשאַספּערן קען מען זיך פאַרלאָזן, גערשעלע וועט שוין פון לעסטערן מאַכן אַ לייט!

אַזוי אַרום איז דאָס פון דער „באומען־מילינערי״ געוואָרן „קאַראַל פעשאָנס״, איינער פון די וויכטיקע שעפּער אין „טרייד״. וואָרעם ער, „דזשאַספּער גראָסמאַן״, האָט ליב גרויס „ביג״, בפרט אַז דער אַלטער באור־מען איז געשטאַנען הינטער׳ן זינדל מיט אַן אָפענעם טייסטער. געמיינט האָט ער, גערשעלע, ער וועט דאָס לעסטערל, וואָס האָט אים קוים געגרייכט צום אַקסל, איינבערעכן פאַר אַ סיילסמאַן, אַז ער האָט געזען ער טויג נישט, האָט ער אים אַוועקגעשטעלט „אויפן פלאָר״ אַ מין פאָרמאַן, אַן אויפזעער אין שאָפּ, אונטערצויאָגן די אָפּערייטאָרס, די „פינישערס״ (האַנט נייערינס), צו דעם וועט ער דאָך טויגן, דער גאָרנישט!

איז ער דאָס אַרומגעגאַנגען איבערן שאָפּ, לעסטערל, אַ בלאָנד, דראָבנע מענטשיקל מיט אַ רויט פּנים פון אַ כראָנישן שיכּור און געהאַלטן אין איין אונטערטרייבן די אָפּערייטאָרס, די האַנטנייערינס, אונטערגעיאָגט אויף האַלב ידיש, האַלב ענגליש: „וואַטע יו פאָטון עראָונד?" (וואָס מאַזשעט ער זיך אַרום) „גי זיך אַ שאָקל, טו זיך אַ וואָרף".

אין תּוך אַ גוטער יונג, איז ער גאָרנישט אויסן געווען קיין שלעכטס, דאָס לעסטערל, מיט זיין טו זיך אַ וואָרף. ער האָט דאָס געטאָן ווי פון יוצא וועגן, דזשאָספּער, דער „סיניאָר" (הויפּט) פּאַרטנער זאָל נישט „קיקן" (נישט האָבן קיין טענות) צו אים, האָט ער שמייכלדיק אונטערגעיאָגט „די קייקס" (גרינע). אַלע האָבן געוווּסט אַז דאָס איז מחמת זיין שיפלות געפיל, זיין געפאַלנקייט לגבי דזשאָספּערן, דער „טשיף באָס" (הויפּט באַלעבאָס).

איז איצט, אַז דזשאָספּער „גייט מאַכן אַ טריפּ קיין יוראָפּ" (גרייט זיך אויף אַ רייזע קיין אייראָפּע) האָט ער ענדלעך די געלעגנהייט אַרויס־צווייזן אונטערטעניקייט צום שותּף און ער האָט זיך דאָס גענומען גרייטן פאַר אים „עי פעיר וועל פּאַרטי" (אַ פּאָר געזונט אָוונט) ווי ער, לעסטער באומען, קען דאָס! און טאַקע אויף זיין רעכענונג! וואָרעם די פּופּצן שמאַליאַרעס פאַר אַ טיקעט, וואָס נישט די פּאַרבעטענע געסט, נאָר בלויז „לייטע פון טרייד" וועלן צאָלן, וועט דען דעקן דעם קאָסט פון אַזאַ פּאַרטי?

ס'איז געווען נאָך פּסח, דער ברען פון „ספּרינג־סיזן" (פּרילינג־סעזאָן) איז אַריבער, קען ער, דזשאָספּער גראָסמאַן, לאָזן די ביזנעס צום ייִנגערן ברודער, סעם, אַ טויגעוודיקער, פּעיִקער יונג, ווי ער אַליין, און אונטער־נעמען די רייזע, וואָס שוין לאַנג אַז ער גאַרט דאָס צו טאָן. דער טאַטע איז אַן אַלטער מאַן, שוין אַוודאי איבער די פינף און זיבעציק, די מאַמע איז שוין אויך נישט קיין „ספּרינגל" (יונג מיידעלע), ווייל ער זיי נאָך זען איידער ס'ווערט שפּעט. ווען מ'זאָל אים פרעגן, פאַרשטייט ער גאָר־נישט ווי אַזוי די צוויי צעבראָכענע שאַרבנס האָבן איבערגעלעבט אַזאַ לאַנגע, שרעקלעכע מלחמה, מיט אַזוי פיל הונגער און קראַנקייטן. ער, גרשון, האָט געטאָן וואָס נאָר מעגלעך זיי צו העלפן. איז אָבער קיין גראָשן געלט נישט דערגאַנגען צו זיי! ערשט נאָך דער מלחמה האָבן זיי געקראָגן די פעקלעך שפּייז, די געלטער, וואָס ער האָט זיי געשיקט. אויך „פּייפּערס" מיט שיפקאַרטן האָט ער געשיקט אויף אַריבערצונעמען די צוויי „בראַ־טשיקעס" (ברידער) נחומען און שמואלן, ס'הייסט נאָרמאַנען און סעמען. טאַטע־מאַמע אָבער, האָבן נישט געוואָלט פאָרן. „אויף דער עלטער 'עלן זיי זיך אַוועקלאָזן אין עק וועלט אַריין"? איילט ער דאָס איצט זיך זען מיט זיי.

צי ער, דזשאָספער, דער בעל שׂמחה אַליין, האָט יאָ אָדער נישט גע־ווּוּסט פון דעם „סורפּריז״, וואָס לעסטער׳ל דער „דזשוניאָר״ (צווייטער קלאַס) פּאַרטנער גרייט פאַר אים, ער אָבער, נתן חיים, האָט נישט בלויז געוווּסט אַז דאָ גרייט זיך עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס, נאָר געווען אינ־פאָרמירט פון נאָרמאַנען וועגן יעדן שריט, וואָס לעסטער מאַכט אַז די „פּאַרטי״ זאָל זיין „גראַנד״, גרויסאַרטיק! דערביי האָט ער אים געמונטערט, נאָרמאַן:

— נייטן, טייק איט פראָם מי, (פאַרלאָז זיך אויף מיר) ס׳עט שוין איין מאָל זיין אַ פּאַרטי! ׳עסט האָבן צי שראַאבן אין שראַאבן! זאָג בלויז יאָ און האָסט גלייך אַ טיקעט. פופצן דאָלער איז טאַקע „עי פּאָרטשון״ (אַ פאַר־מעג) אַ פּערטל וואָך „וועידזשעס״, „באָט״ אָבער ׳עסט זאָאן „סאָרי״ (ס׳עט דיך פאַרדריסן) אַז ׳עסט דאָרט נישט זאַאַן!

ער האָט זיך שטאַרק געשלאָגן מיט דער דעה, נתן חיים. פון איין זייט וויל ער גיין, אים ציט צו זען ווי אַזוי אַמעריקאַנער ייִדן, „מאַנופעקטשו־רערס״, פיל פון זיי ווילהאַבנדיקע לייט, פאַרברענגען ביי אַזאַ געלעגנהייט. אויף צונויפקומען פון אַמעריקאַנער אַרבעטער, אַפילו אויף בעלער זייערע, איז ער שוין געווען, אָבער קיין מאָל נישט אויף אַ פאַרווײַלונג פון פאַב־ריקאַנטן.

פון דער אַנדערער זייט אָבער: פופצן טאָלער! בפרט איצט, ווען ער איז שוין אַ טאַטע פון אַ זונעלע. ס׳דאַכט זיך: וואָס דאַרף אַן עופעלע? זאָל ער נאָר זיין געזונט, גאָדעלע, ווי מ׳האָלט אין איין דאַרפן פאַר אים. פריינד ראָטן: „שטעלט אָן אַ מענטש, וועט בתיה ווידער קענען אָננעמען אַ פאָסטן״. מ׳יאָגט זיך דאָך נאָך איר, בתיהן! פון בלויזן הערן וועגן איר, דער מיס „בי״ פון „בערמאַן ענד בערמאַן״, האָט דאָס הויז פון יעטא בלאָר־סטיין, געמאַכט איר אַן אָנבאָט אויף הונדערט מיט צוואָנציק טאָלער אַ וואָך, צוויי און פופציק וואָכן אַ יאָר! אָבער ווער האָט דאָס האַרץ איבער־צוגעבן אַן עופעלע פון קוים דריי חדשים אין פרעמדע הענט? בפרט אַז זי זייגט אים, גאָדעלען, דאָס איז ער, נתן חיים, באַשטאַנען זי זאָל דאָס קינד זייגן ווייניקסטנס דרייפערטל יאָר.

ער האָט גראָד געמיינט, נתן חיים, אַז גאָדעלע וועט מיט מזל ווערן נײַן חדשים אַלט, וועט בתיה, די מאַמע זיינע, קענען אָננעמען אַן אָנבאָט פון די „בלאָוסטיינס״. ווייזט זיך אַרויס אַז גראָד איצט דאַרף דאָס קינד די מאַמע מער נאָך ווי פריער. רוקנדיק זיך אויפן געזעסל איז גאָדעלע אומעטום און מ׳דאַרף האָבן טויזנט אויגן אים צו דערהיטן. אָט שטעלט ער זיך אויף ביי דער פּליטע און זאָל די מאַמע אים נישט היטן, כאַפּט ער

אַז ס׳הענטל פון מילכפּענדל און קרעלט זיך, חלילה, אָפּ מיט די אויפגע־בריטע מילך. און אָט שוין, איידער די מוטער קוקט זיך אום, איז ער שוין ביי דער „קאָמאָדע״ גאָדעלע, שטעלט זיך אויף און כאַפּט אַן דעם עק פון פאַרביקן טישטעכל. זאָל די מאַמע נישט זיין לעבן אים, אַוועקצונעמען זיין הענטל, האָט ער ס׳גאַנצע געשליפענע גלאָזוואַרג אויף זיך.

צום יאָר אָבער האָבן זיי זיך געלאָזט צורעדן און אָנגעשטעלט אַ פרוי און זי, בתיה, האָט דאָך אָנגענומען דעם פּאָסטן אין הויז פון „יעטא בלאָוסטיין״. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז אָננעמען אַ „דזשאָב״ איז איין זאַך און האָבן דאָס ביסל מנוחה צו קענען אָנהאַלטן דעם פּאָסטן ווען דער קאָפּ און דאָס האַרץ פון דער מאַמען איז אין דער היים ביי איר קינד, איז שוין גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש. איז זי נעבעך צעריסן געוואָרן פון אַנגסט און שרעק, בתיה, געוואָרן איין שטיק נערוו, ביז ער, נתן חיים, האָט אַ זאָג געטאָן:

— בתיה, דיין געזונט, דיינע נערוון זענען וויכטיקער פון טויזנט יעטא בלאָוסטיינס מיט זייערע דזשאָבס! אַז גאָט וועט העלפן, גאָדעלע וועט זיין דריי יאָר אַלט וועט מען אים אַריינגעבן אין אַ קינדערגאָרטן, וועסטו האָבן אַ רויק געמיט אָנצוהאַלטן אַ פּאָסטן!

איז טאַקע איצט די הוצאה אין שטוב גרויס און פופצן דאָלער איז פאַר אים אַ סך געלט! רופעט אָבער דער שרייבער אין אים: „נתן חיים, ווען נאָך וועסטו האָבן אַ געלעגנהייט צו זיין אויף אַזאַ באַל און זען ווי אַזוי יידישע פאַבריקאַנטן אין אַמעריקע, דער „פער״ פון דער מילינערי אינדוס־טריע געזעגנט אַ פאַר־קאָלעגע צו זיין אָפּפאָרן „נאָך יוראָפּ״?

האָט ער זיך געלאָזט צורעדן, נתן חיים, און בסוד סודות האָט נאָרמאַן באַזאָרגט פאַר אים אַן איינגאַנג־קאַרטל צו דער געזעגענונג־פּאַרטי וואָס מר׳ לעסטער באומען, מאַכט פאַר דעם „סיניאָר־פּאַרטנער״ דזשאָספער גראָסמאַן, פון דעם מילינערי הויז „קאַראל־פּעשאַנס״, וואָס אויף דער אַכט־אונדרייַסיקסטער סטריט אין ניו־יאָרק, צו זיין „טריפּ״ אין יוראָפּ!

## קאַפּיטל איינאונפערציק

ביי לייטן, אַפילו אין אָרעמען, ייִדישן פּוילן, וואָלט אַ געזעגנאָונט פון פאַבריקאַנטן, אונטערנעמער לכּבוד אַ קאָלעגע, איינער פון די אָנגעזעענע אין פאַך, פאַרגעקומען אין אַ בכּבודיקן זאַל, ווו עס ווערן אָפּגעהאַלטן גע־זעלשאַפטלעכע קאָנפערענצן, פאַרזאַמלונגען, פאַמיליע־שימחות און טאַקע מיט די פּרויען, ווי עס פּאַסט פאַר אָנגעזעענע, פאַרמעגלעכע מענטשן.

דאָ, שויןביים אַריינקום אין דעם „האָל", האָט אויף אים, נתן חיימען, אַ ווייע געטאָן מיט גראָבקייט, מיט פּרעס און זויף און מיט אָנגעלויף. כאָטש, וואָס אַן אמת די הוליאַנקע איז נישט פאַרגעקומען אין אַ מיטנוואָך, בלויז אויף אַ שיכּור צו טאָן און — שויך, נישטאָ.

צונויפגעקומען איז זיך דער עולם אין אַ שבתצונאַכטס און טאַקע ביי־צייטנס. אַכט אָונט, ווען ער נתן חיים, מיט זיין שיצער, דעם באָסעס „בראַטאַק", זענען אָנגעקומען, איז שוין דער ריזיקער „האָל" געווען פול מיט מאַנצלייט און נאָך פולער מיטן רויך פון זייערע ציגאַרן, ציגאַרעטן. ער האָט געשטוינט, נתן חיים, געהויבן די אַקסלען:

— בלויז מאַנצביל? ווו זענען זייערע פּרויען?

— דאָס איז „עי סטאַג", האָט אים נאָרמאַן איינגערוימט אין אויער.

— וואָס איז „עי סטאַג"?

— האָב נאָר געדולד, ׳עסטו שוין אַליין זען.

האָט ער זיך אָנגעגורט מיט געדולד, נתן חיים, זיך אָועקגעזעצט אין אַ ווינקל, די באָסעס זאָלן אים נישט זען, וואָרעם מער פעלט אים נישט נאָר דזשאָספער, אָדער אַפילו לעסטער זאָלן אים דאָ זען. זיצט ער אַזוי און קוקט זיך צו וואָס דאָ גייט זיין, ווי אַזוי אַמעריקאַנער ביזנעסלייט פאַר־נעמען זיך דאָ צו פאַרברענגען אַן אָונט. דערווייל שטייען זיי אין קרענצ־לעך, די מיליאָנערי־באָסעס, שמועסן דאַכט זיך ערנסט, נאָר אָט גאָר ברעכט אַלע ווייל אויס אין אַן אַנדער גרופּקע אַ געלעכטער, וואָס רעדט ער, אַ געלעכטער, אַ כאַכאָטשען, אַזש זיי האַלטן זיך ביי די זייטן!

— וואָס לאַכן זיי אַזוי? פרעגט ער נאָרמאַנען.

— זיי דערציילן זיך „דזשאָוקס".

— מסתּמא פּעפּערדיקע?

— ניין, כשרע, ישיבה־בחורשע וויצן.

שאָקלט ער מיטן קאָפּ באַדויערלעך, נתן חיים, דערביי לויפּט אים דער בליק זיינער נאָך לעסטערלען, ווי ער שמייעט אַרום צווישן די קרענצ־לעך, מ׳זאָל אים חלילה, נישט פאַרזען. ווי אַ מייזל שלייכט ער זיך אַריין און אַרויס פון די גרופּקעס „ביזנעס־פּיפּל״, שטעקט דעם אַריין „ס׳פּיפּטל״ (די האַנט), דעם צווייטן אַ פריידיקן „העלאָ״, דעם דריטן אַ קלאַפּ אין פּלייצע, אַבי מען זאָל געדענקען אַז ער איז דער „דזשוניאָר״, (יינגערער) פּאַרטנער פון „קאַראַל־פּעשאַנס״.

נאָר אָט, פּלוצים, האָט די מוזיק־קאַפּעליע, ביי דער טיר דאָרט, גע־טאָן אַ באַץ אַרויס מיט אַן אויפשפּיל און אַ זינגער, אין פראָנט פון די שפּילער, האָט אויפגעזונגען: „הי איז עי דזשאָלי גוד פעללאָ, עי דזשאָלי גוד פעללאָ איז הי״! (ער איז אַ גוטער ברודער, אַ גוטער ברודער איז ער)! מיט דעם אויפשפּיל זענען אַלעמענס אויגן געטאָן אַ לויף אַהין, צו דער טיר און אויך ער, נתן חיים האָט זיך געטאָן אַ שטעל אויף. יאָ, דער בעל־שימחה, דזשאָספער גראָסמאַן, אין באַגלייט פון אַ סוויטע, איז אַריינגעקו־מען אין „האָל״.

איז געוואָרן אַ געלויפעריי, אַ געשטופּעריי, וואָס נענטער צום בעל־שימחה, יעדער געזען צו ווערן אַז מ׳איז דאָ. וואָרעם „קאַראַל־פּעשאַנס״ איז נישט דאָרט עפּעס אַ „שעפּקע״. דזשאָספער גראָסמאַן איז „עי קאַסטאָמער״ אויפן גרויסן מאַסשטאַב פון אַלערליי שטאָפן, צודאַטן, שטרוי פאַר ס׳פרינג־העטס און וואָס נישט? איז טאַקע געוואָרן אַ געהאָפּעריי אַרום אים און אָט שוין איז ער אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין צענדליקער אָרעמס, וואָס האָבן אים גענומען וואַרפן אין דער הייך, ווי ער וואָלט געווען אַ באַלעם, זינ־גענדיק דערביי: „הי איז עי דזשאָלי גוד פעללאָ״ און ביי יעדן וואָרף און כאַפּ אים, האָט אויסגעבראָכן אַ געפּאַטשעריי מיט די הענט און נאָך אַ שטורעמדיקער אויפזינג: „הי איז עי דזשאָלי גוד פעללאָ, עי דזשאָלי גוד פעללאָ איז הי״!

אַז ער איז ענדלעך אַרויס פון דער מאַסע אָרעמס, דזשאָספער גראָס־מאַן, איז ער געווען פאַרשוויצט, דער שניפּס צעפלויגן, דער קענדזשער שוואַרץ־גלאַנציקע האָר — צעפלאָשעט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ערשט איצט האָט ער געזען ווו ער געפינט זיך. אַ שמייכלענדיקער, אַ צופרידע־נער פון דעם גרויסן עולם, האָט ער גענומען גיין איבערן „האָל״, צווישן די פיל פריינד, אַ שמעק טאָן דאָ, כאַפּן אַ בליק דאָרט, האָט ער אויך אים דערזען, נתן חיימען. אַן איבערראַשטער איז ער געבליבן שטיין, דער לינ־קער עלנבויגן — אין דער רעכטער האַנטפלאַך, די גאָמבע — אין דער

לינקער, איז ער געשטאַנען, געקוקט אויף נתן חיימען און גרימיק גע־שמייכלט; ווי ער וואָלט געטראַכט: „פון דיינע אויגן קען איך נישט אַנט־רינען״! אויך געזאָגט האָט ער:

— יו סו, פיינזילבער? (ס׳הייסט: דו אויך?)

בעת דעם אָנגעשטאַנענעם טומל אַרום דעם בעל שימחהס אַריינקומען, האָט דערווייל עפּעס אַ פֿאַרשוין זיך געפֿאַרעט ביים איינשטעלן אויף אַן עק־טיש אַ פּילממאַשינקע און באַלד האָט דאָס פֿאַרשווינדל געטאָן אַ שווים צו דער וואַנט קעגנאיבער, אויפגעהאַנגען דאָרט אַ וויקלער מיט אַ ברייטן, ווייסן לייוונט — אַ סימן אַז באַלד וועט מען דאָ נעמען ווייזן בילדער, מסתמא פון יענע פּעפּערדיקע, פֿאַרבאָטענע פילמען, וואָס ווייל פֿאַרבאָטן, גאַרט אַזוי דער המון זיי צו זען.

איצט, זעענדיק דעם אויפגעהאַנגענעם לייוונט, איז ערשט אָנגעשטאַ־נען אַן אומרו, אַ רוקעניש פון שטולן און יענע, וואָס זענען שוין געזעסן סטאַטעטשנע אַרום די ווייסגעדעקטע טישן, נאָר מיט די פּלייצעס צו דעם אויפגעהאַנגענעם לייוונט, האָבן זיך גיך אויסגעדרייט און אָנגעשטעלט די בליקן אַהין, נישט חלילה צו פֿאַרפעלן אַ פּינטל, פון דעם, וואָס מ׳עט באַלד דאָרט זען, האָט זיך גאָר דאָרט געעפנט אַ טיר און אַ ריי קעלנער, אין ווייסע רעקלעך און הויך פֿאַרהויבענע טאַצן, פול אָנעשטעלטע מיט פלע־שער שנאַפּס און ליקער, מיט טאָרטן און פּרוכטן, האָבן זיך געטאָן אַ לאָז איינער הינטערן אַנדערן אין האָל אַריין און גענומען אויסשטעלן אויף די טישן דעם נאַש און זויף און לעסטערל, ווי אַ קאַפּעליע־מייסטער אויבן אָן, האָט קאָמאַנדעוועט מיט זיי:

— העי, וועיטער! אנאָטהער וויסקי היער! אנאָטהער קאָניאַק אָן טהע טייבל טהער״! (נאָך אַ פלאַש שנאַפּס דאָ! נאָך אַ פלעשל קאָניאַק אויף יענעם טיש, דאָרט)!

„מילא, ר׳האָט דאָך שוין געזען גיריק־פּרעסערישע לייט, נתן חיים, אָבער אַזאַ ווילד־געוואָרענעם המון, ביים דערזען נאַש, זויף האָט ער נאָך נישט געזען. צי דאָס איז געווען אַ מין להכעיס אַמעריקע צו ברעכן דעם פֿאַרהאַסטן „פּראָהיבישאַן״ געזעץ, סיי ווי האָט דאָ דער המון אים דערמאָנט די סצענע אין פֿאַרט, ביים אַראָפּגעלאָזט ווערן פון שיף אין באַראַק אַריין, זייער געלויף און געשטופּ ביים דערזען אַ זעמל, אַן אויסגעזאָטן איי. אָבער, גאָט אין הימל, יענע זענען דאָך געווען אויסגעהונגערטע, אויסגעמאָרעטע מענטשן, געקומענע אין לאַנד פון זעט און שפע, נאָך אַזאַ לאַנגער בלוט־טיקער מלחמה, בעת זיי, אַרום די טישן דאָ, זענען דאָך אָנגעפּרעסענע לייט, פיל פון זיי מיט פעטע מאָרדעס און רויט־אָנגעפּאַשעטע קאַרקן״!

ערשט אַז דער עולם האָט געהאַט געמאַכט דעם געגאַרטן, נאָר פּאָר־באַטענעם לחיים, האָבן זיי זיך אַ ביסל איינגעסטאַטקעוועט אַרום די טישן און ערשט איצט, אַז עס איז געווען „כטוב לב המון ביי״ש״ איז געקומען דער „אמר״ די קאָמאַנדע פון לעסטערלען:

— אָרדער, פּליעז! קווייעט, פּליעז! (אָרדענונג, ביטע שטיל זיין).

איז געוואָרן שטיל און דער עולם האָט געווענדט די בליקן צום „דייעס״, דעם הויפּטיש, אויך ער, נתן חיים, האָט אין גרויס נייגעריקייט אומגע־קערט דעם קאָפּ אַהין. געמיינט, ווי עס פּירט זיך ביי לייטן, וועט זיך דאָרט עמעץ אויפשטעלן געזעגענען דעם בעל שימחה, זאָגן ווענן אים עט־לעכע ווערטער, שילדערן דעם דזשאָספּערן, וואָס ערשט נישט לאַנג איז ער געקומען פון וואַרשע אַן אָרעמער בחור, גרשון גראָסמאַן פון דער לעשנע גאַס, אַזוי גיך זיך דאָ אַרויפגעאַרבעט, אויפגעשטעלט און געוואָרן דער הויפּט פון „קאַראַל־פּעשאַנס״ אַן אָנגעזעענע „ביזנעס אין דער מילינערי אינדוסטריע״, אַריבערגעבראַכט צוויי ברידער פון חרובן פּוילן, געוואָרן דער מאַן פון אַ פרוי און דער פאָטער פון צוויי ליכטיקע קינדער און, בכלל, וואָס מ׳קען אַלץ זאָגן ווענן אַזאַ פּעיקן, דערפאָלגרייכן מענטש? האָבן זיך גאָר דאָרט באַוויזן צוויי קעלנער, גענומען פון מיטן טיש אַראָפּ דעם רײ־זיקן, זיכער אַ שטול־הויכן „קייק״ (טאָרט), אַן איבערגעצויגענער מיט ווייסן צוקער, וואָס אויבן, איבער דעם גאַנצן רונד, איז געווען אַ געגאָסע־נער אויפשריפט אין גרין: „העפּי דזשוירני, (אַ פריילעכע רייזע). מר׳ גראָסמאַן״! אָט דעם טאָרט, וואָס איז ביז איצט געשטאַנען אין מיטן טיש, האָבן דאָס די צוויי פּאָר קעלנער־הענט אַ נעם געטאָן אַראָפּ פון טיש, און, ווער מיינט איר האָט זיך דאָרט באַוויזן? אַ רעדנער? הייבט זיך נישט אָן!

אויפן סאַמע מיטן טיש, קעגנאיבער דעם בעל שימחה, איז אויסגע־וואַקסן אַ נקבה אין דער מוטער חוהס אויסשטייער, נאָר שטאָט דעם באַ־רימטן פייגנבלעטל איבער דעם רעכטן־געדעכטן, איז גאָר אויף יענעם „אָרט״ געהאָנגען אַ צעפּעכערט ווייִדעלע פון אַ וועווערקע. אָט דאָס ווייבס־פּאַרשוין האָט דאָס גענומען „פּערפאָרמען, ענטערטיינען״ (פּאָרשטעלן, אונטערהאַלטן) די פינף צי גאָר זעקס הונדערט מאַנצלייט. דער עיקר אים, דזשאָספער גראָסמאַן, דעם הויפּט בעל שימחה אַליין. די קאַפּעליע דאָרט שפּילט און זי דרייט זיך מיטן אַלט־געוואָרענעם הינטנדל. ביי יעדן זעץ מיט דער פויק, טוט זי אַ בייג אויס דעם הינטן גלייך אים, דעם „חתן״ אין פּנים אַריין, ווידער אַ זעץ מיט דער פויק, טוט זי אים אַ וויג דעם פּאָרנט אַזוי נאָענט צו דער נאָז, אַז דאָס ווייִדעלע טוט אים אַ וויש איבערן מויל, איבערן שטערן און דאָס דווקא ווייל ער דרייט כסדר אָוועק דעם קאָפּ,

די אויגן, וואָס מיט זיי זוכט ער דעם בליק פון לעסטערן, דעם פּאַרטנער זײַנעם, „דעם סאַנאָווע־ביטש״, וואָס קיין בעסער „ענטערטײנמענס״ האָט ער שוין נישט געקענט צוטראַכטן? און שטומערהייט, מיטן בליק פרעגט ער אים, לעסטערלען: „אַזאַ אַלט ווענטש״ (שטשערווע), האָבן זיי דיר געשיקט, די צוויי אַלפאַנסן דזשאַ און סטיוו? — טייק הער אָף״! (נעם זי אַראָפּ), האָט ער זיך צעשריגן אויפן קול.

ערשט אַז די נקבה איז פאַרשוווּנדן פון טיש אַראָפּ, האָט ערגעץ ווו אַן אומגעזעענע האַנט אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל און ס׳איז געוואָרן פינצטער. בלויז פון יענעם עק טיש האָט אַ שטראַלכל, אַ שפּילקע־קעפּל די גרייס, געלויכטן און טאַקע פון דאָרט האָט זיך דערהערט אַ געזשום פון דער פילממאַשינקע. ווידער איז געוואָרן אַ גערוקעריי פון שטולן און אַלעמענס בליקן האָבן זיך געוואָרפן צו דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, אויפן ווייסן קוואַדראַט און ווי נאָר ס׳האָבן זיך דאָרט באַוויזן צוויי נאַקעטע בני אָדם, אַ מאַנצפּאַרשוין מיט אַ ווייבספּאַרשוינעכע, האָט דער ווילד געוואָרענער המון אויסגעבראַכן אין אַ הילכיק „כאַכאַטשען״, דערביי האָבן פון אַלע זייטן זיך דערהערט היסטערישע אויסגעשרייען:

— לוק עט הים! וואַט עי סאיז! (זע נאָר אַ גרייס) „לוק עט הער״! דיד יו עווער? (זע נאָר זי, קענסטו זיך אַזוינס פאָרשטעלן?)

ווי דער המון האָט זיך געווילט, געכאַכאַטשעט ווי די אייזלען, אַזוי האָט אין אים, נתן חיימען, געוויינט ס׳האַרץ. גאָט אין הימל, ווי דערלויבט זיך אַ פרוי צו לאָזן זיך פאָטאָגראַפירן אין אַזעלכע דערנידעריקנדיקע, אַזעלכע אומפאַרשעמטע סצענעס! און ווי קען אַ מאַן מיטמאַכן אַזעלכע העסלעכקייטן? ווי איז אַזוינס געהערט געוואָרן! אָבער ווי קענען ייִדן, פיינע, אָנגעזעענע לייט, טאַטעס פון קינדער, מענער פון אָנשטענדיקע פרויען גאָר וועלן אַזוינס זען? און נישט בלויז זען, נאָך הנאה האָבן פון דעם! פון וואָס? פון זען צוויי דעגענערירטע בני אדם אַזוי באַשפּייען, אַזוי פאַרמיסטיקן דאָס הייליקסטע אין באַשאַף, דאָס מוטערלייב ביי דער פרוי וואָס איז דאָך, ווי די ערד אַליין, דער קוואַל פון לעבן, פון די ביי־דורות, איז, שטאָט די מאַנען פון ווייבער, די פאָטערס פון קינדער, זאָלן אין האַס און רציחה זיך אַ לאָז טאָן אַראָפּרייסן דעם עקראַן, צעברעכן די פילממאַשינקע אויף פיץ־פּיצלעך, און אים אַליין, דאָס פילמפאַרשוינדל אָנברעכן די ביינער פאַרן ווייזן אַזעלכע בילדער, ווילן זיי זיך גאָר, די שיינע לייט, די אָנגעזעענע „מעניופעקטשורערס״!

בעת זיין אַזוי טראַכטן איז פּלוצים אָנגעשטאַנען אַ סומאַטאָכע צווישן דעם המון. ווידער האָט אַן אומגעזעענע האַנט ערגעץ אַ דריק געטאָן אויף

אַ קנעפּל און ס'איז געוואָרן ליכטיק אין דעם „האָל". אַלעמענס בליקן, דערשראָקענע, נייגעריקע, זענען געלאָפן אַהין צו די טירן, וואָס ערשט איצט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק זעצן אין זיי, די טירן אויך מיט דעם קלאַפּן, אַ היקן:

— אָפּען אָפּ, פּאָליס!

צעטומלטע האָט דער עולם געקוקט איינער צום אַנדערן, געדרייט די קעפּ אין אַלע זייטן. טייל האָבן גענומען איילן איבערן „האָל", זיך אַרומ־געשטופּט ווי מייז אין אַ פּאַרהאַקטער „קליאַטקע", דערביי האָבן אַלע געזוכט מיט די אויגן דעם לעסטער באומען, דעם „דזשוניאָר־פּאַרטנער" פון קאַראָל־פּעשאַנס. „אַזוי האָט דאָס לעסטערל געדעקט דעם סטאַג? גע־שפּאַרט דער פּאָליציי די פּופּציק, צי הונדערט דאָלער און געלאָזט די פּאַרטי אָפּן, אומגעדעקט"! נאָר אַזוי צי אַזוי די סומאַטאָכע איז געשטיגן. דאָס פאַרשוינדל ביי דער פילממאַשינקע איז פאַרשוווּנדן אין עולם אַריין. אים, אַז די פּאָליציי פּאַקט לעבן אַפּאַראַטל, איז ער געזיכערט מיט דירה און קעסט אויף וואָסערע צוויי צי דריי יאָר!

פּונקט ווי דאָס פּילם פאַרשוינדל איז פאַרשוווּנדן, אַזוי האָט זיך אַרויס־געיאָוועט מעקס, אַ מילינערי — סיילסמען, אַ „באָילע פון די גרענדסטריט באָיעס" אַ מאַכער אין „טעמעניהאָל", אויסגעקאָכט צווישן „דזשאָדזשעס און פּאָליטישנס". אַ בייזער, אַן אויפגעקאָכטער, האָט ער געשמייעט מיטן צעביסענעם ציגאַר צווישן די צוויי גראָבע ליפּן. „ווו איז אַ טעלעפאָן? אָט באַלד וועט ער זיי ווייזן וואָס עס מיינט איבערפאַלן אַ פּאַרטי פון „רעספּעקטאַבל ביזנעס פּיפּל", יונייטעד סטייט סיטיזנס, טעקס צאָלער!"

נאָר בעת דער מעקס האָט געזוכט אַ טעלעפאָן־ביידל, האָט דערזוייל עמעץ געעפנט די טיר און אַ כאַפּטע פּאָליסלייט האָבן זיך צעלאָזט איבערן „האָל". ווער פון זיי ס'האָט אַראָפּגעריסן דעם ווייסן עקראַן פון וואַנט און ווער ס'האָט געכאַפּט די פילממאַשינקע און געזוכט דעם פילם פאַרשוין. אָבער מערקווירדיק, נישט אָפּגערעדטערהייט, האָבן אַלע געהויבן די אַקס־לען: „ווער, וואָס? אין דער פינצטער, ווי האָט מ'געקענט וועמען זען"?

דער מעקס האָט אָבער נישט געשוויגן, מיט דזשאספּער גראָסמאַן, ווי אַ שומר, אין איין זייט און לעסטער באומען אין דער אַנדער זייט, איז ער צו צום קעפּטן, אַן אָנגעפּרעסענער פּאָליציאַנט מיט אַ געגילדט שנירל איבערן דאַשיק פון היטל, געגילדטע קנעפּ איבער ביידע פּאָלעס פון מונ־דיר:

— סיר, אַזוי און אַזוי, אַ געוויינלעכע פּאַרטי, ביזנעס־פּיפּל:

האָט גאָר דער פּאָליציי־עלצטער אַ חוזקדיקן שפּיי געטאָן פון איין זייט מויל:

— ביזנעס־פּיפּל מאַי אי! און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו די פּאָלי־ציאַנטן: — אינטו די וואַנס! (אין די קעטשלעך אַריין)!

ביים אַראָפּקומען די טרעפּ אין דרויסן אַרויס, האָבן ערשט די „ביז־נעס־פּיפּל, די יו עס סיטיזנס", דערזען אַז די גאַס איז אָפּגעשלאָסן, לענג־אויס די טראָטואַרן — אַ ריי פּאָליציי־קעטשלעך און צענדליקער, צענדלי־קער פּאָליסלייט אַרום.

אין קעטשל, אַ צונויפּגעדריקטער צווישן די „רעספּעקטאַבל ביזנעס־פּיפּל, די „אַן־עס סיטיזנס", איז אויך געשטאַנען ער, נתן חיים, דער פּראָלע־טאַריער — ער האָט גראָד געשמייכלט: „באַשערט געווען אים טועם צו זיין אַ נאַכט אין אַן אַמעריקאַנער קאָזע".

## קאַפּיטל צוויי און פערציק

פאַראַן אַ יידיש ווערטל — אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק קומט עס אין שטוב אַריין.

איינמאָל, „לאַנטש־טיים", נאָכן האָבן אַריינגעשלונגען דעם „סענד־וויטש", אויסגעטרונקען דאָס טעפּעלע קאַווע, איז ער אַרויס פון דער „קאַ־פעטעריע", נתן חיים, נאָר שטאָט פטרן ס'ביסל אַפּרו־צייט אויף דער ביר־זשע אין געאַמפּער מיט די ברידער־אַרבעטער איבער „רעכטע און לינקע", איבער דעם, צי די רעוואָלוציע אין אַמעריקע קומט אָט, אָט שוין, ווי די „לינקע" זאָגן פאַר, צי ס'איז נאָך „דאַלעקאָ דאָ כל חמיראָ" (ווייט, ווייט נאָך), ווי די „רעכטע" מיינען, שטייט ער גאָר אויפן ראָג אַכטאונדרייסיק־סטע סטריט און זעקסטע עוועניו און קוקט זיך צו צו אַ פאַרגאַפטער צו דעם עקבערן און „דרילן" ביים בויען די נייע סאָבוויי, צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון זעקסטן עוועניו „על", וואָס לויפט נאָך דערווייל אין דער הייך, איבער דעם אייזערנעם וועג, מיט אַזאַ געקלאַפּ און געבראַזג אַז ס'איז אַ ווונדער מענטשן ווערן נישט דול אין די שעפּער, פאַרלירן נישט די נערוון אין די „סטאָרס", אין די רעסטאָראַנען.

אָט, אין אַזאַ מיטנוואָכיקן „לאַנטש־טיים", קומט צו צו אים מאַרווין גריצהענדלער, וואָס נישט לאַנג ערשט, אין וואַרשע, האָט ער געהייסן מאיר, אַ לאַנגיאָריקער פריינד, אַ גוטהאַרציקער מענטש, וואָס דער שמייכל גייט אים קיין מאָל נישט אַראָפּ פון זיין פּול, רונדיקלעך געזיכט, אַ מענטש — שטענדיק גרייט צו טאָן אַ טובה, טאָקע אים, נתן חיימען, האָט ער דאָך געטאָן די גרעסטע טובה! ווען נישט דער מאיר, זיין ווייב טוי־בעלע, איר שוועסטער חוה, וואָלט ער געוווען געקענט אַרויספּאָרן פון וואַר־שע? דאָס האָבן דאָך זיי, דורך אַ קריסטלעכן פריינד זייערס, אַ באַאַמטער אין מאַגיסטראַט פון זייער שטאָט, אים פאַרשריבן אַלס איינוווינער דאָרט און אויף גיך געמאַכט פאַר אים אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט, אַז שטאָט גנבענען גרענעצן, איז ער אַוועק פון וואַרשע אויפן אינטערנאַציאָנאַלן צוג ווי אַ כראַביע, אַ לאָרד! איז אָט, קומט ער דאָס איינמאָל צו צו אים, דער מאיר מיט אַן אויסטערלישן פּלאַן:

— נתן חיים, אפשר „גייען מיר ביידע אין ביזנעס?" זינט איך קען דיך

ווילסטו שרײַבן און האָסט קײן מאָל נישט קײן צײַט דערויף! אין ביזנעס 'עלן מיר זײַן ווי יששכר און זבולון. געדענקסטו דאָך די צווײ ברידער אין חומש, יששכר האָט געלערנט תּורה און זבולון האָט געהאַנדלט. אַזוי וועט ער, מאיר „אַטענדן" (פירן) די ביזנעס און ער וועט זיצן און שרײַבן וויפל נאָר ער וועט וועלן.

ווי אים האָט דעם פרײַנדס אײַנפאַל אויסגעזען ווילד, אַפילו קאָמיש, האָט ער דאָך אים געפרעגט, נתן חיים:

— וואָס פאַר אַ ביזנעס האָט ער דאָס אין זינען?

— אַ בעיקערי, ער האָט זיך דערוווּסט וועגן אַ בעיקערי און לאָנטשעט־נעט אין די בראָנקס. הערסט, נתן חיים, דאָס איז אַ ברויט מיט אַ מעסער, אַ שמאַלצגרוב! ווייסט דאָך, אין עסן איז נישטאָ קײן „סלעק". גוט צי שלעכט, מענטשן מוזן עסן!

ער האָט געשמייכלט, נתן חיים, זיך דערמאָנט דער שוועסטערס „ברויט מיט אַ מעסער" אין קאַנזאַס־סיטי.

— מאיר, ביסט משוגע? ווי קומט ער, נתן חיים, צו ביזנעס? בפרט אַ בעקערײַ! וואָס ווייסט ער אין באַקן ברויט, זעמל?

— וואָס דאַרפסטו וויסן? ער, מאיר, ווייסט שוין פאַר אים אויך.

— דו ביסט דען יאָ אַ בעקער?

— ער האָט צווײ ברידער בעקערס, זיי וועלן אים נישט לאָזן פאַלן.

האָט ער געטראַכט, נתן חיים, „אפשר טאַקע? דער סעזאָן ענדיקט זיך. ווער ווייסט ווי לאַנג דער „סלעק" וועט דויערן און די הוצאה אין שטוב איז גרויס. בתיה וועט נאָך לאַנג נישט קענען צוריק אָנהייבן אַרבעטן, צו דעם נאָך זײַן כּסדר געשטערט ווערן אין שרײַבן. דורך דער גאַנצער צײַט פון בתיהס ליגן מיט אַ צעבראָכענעם פוס, בפרט נאָכן געבוירן דאָס קינד, האָט ער נישט געקענט נעמען קײן פען אין האַנט, אַפילו נישט ביי נאַכט. אַט וויינט גאָדעלע, אַט דאַרף מען אים שוין אויף ס'ניי „דײַפּערן" (איבער־וויקלען). אַז זי, די מאַמע, איז נעבעך אויף קוליעס, ווער דען זאָל אַכ־טונג טאָן אויפן קינד, כאָטש ביי נאַכט?

ער האָט זיך געהאַלטן אַן עצה מיט בתיהן. וואָס זאָגט זי? די פינף טויזנט דאָלער, וואָס ער דאַרף אַרײַנלייגן אין דעם שותּפות, איז דאָך די אָפּשפּאָרונג פון איר אַרבעט, איז ווי מיינט זי?

זי האָט געהויבן די אַקסלען, בתיה: „וואָס זאָל זי זאָגן"? זי האָט גע־שוויגן, אָבער דער מוח אירער, האָט געפיבערט: „זי האָט אײנמאָל אין אַ זונטיק, נישט לאַנג נאָך דעם שטעלן חופּה, אים געבעטן גײן מיט איר

זען אַ מומע אירס, אַן עלטער מענטש, זייער אַ ליבע פרוי. אַז זי האָט נישט די זכיה די עלטערן אירע זאָלן קענען איר מאַן, זאָל כאָטש די מומע אים זען, באַקענען אים, זי זאָל קענען שרייבן אַהיים אַז נישט־קשה, ס׳איז דאָ מיט וועמען צו גיין צום טיש. האָט ער זיך אַ בייזער געטאָן, נתן חיים: ווי האָט ער צייט פאַר וויזיטן צו משפחה, אַז ער דאַרף שרייבן. אַ צעוויי־טיקטע פאַר איר נישט קענען זיך באַווייזן מיט אים פאַר קיינעם, האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ נאַרישקייט: „אַ סך מענטשן וואָלטן וועלן ווערן שרייבער״, פון דאַן אָן איז ער שטענדיק אַ געקרענקטער: „אויך זי, בתיה, מיינט אַז דאָס שרייבן איז ביי אים בלויז אַן איינרעדעניש״. וועט זי איצט אים שטערן? זאָגן ניין, זי וויל נישט ער זאָל גיין אין ביזנעס? ווי ווייסט זי? אפשר אין ביזנעס, וועט ער יאָ האָבן אַ ביסל פרייע צייט צו קענען שרייבן?״

איז ער „געגאַנגען אין ביזנעס״, נתן חיים, געוואָרן אַ פּאַרטנער צו מאַרווין גריצהענדלער אין אַ בעקעריי און „לאָנטשענעט״. לויפט דאָך אים אָבער דאָס „שלימזל״ פאַרויס, איז איידער נאָך ער האָט זיך רעכט איינ־געמעליקט, זיך צוגעוווינט צו דעם ווייס רעקל, וואָס מ׳מוז אין אַמעריקע טראָגן ביים אומגיין אַרום עסנוואַרג, איז ער שוין פאַרקאָפּעט געווען אין דער בעקעריי, פון זעקס באַגינען ביז צוועלף־איינס נאָך האַלבער נאַכט. נאָר דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. צו דעם האָט נאָך די „סיילס־ליידי״ זיי געגעבן „די סעק״! איבערגעלאָזט די צוויי פּאַרטנערס ווי נאָר זיי האָבן איבערגענומען דאָס פּלאַץ און נישט קיין רייד און נישט קיין בעטן האָט געקענט פועלן ביי איר זי זאָל בלייבן כאָטש אַ וואָך־צוויי, ביז זיי וועלן זיך „איינברעכן״, באַקענען זיך מיט די „קאָסטאָמער״, אָנשטעלן אַן אַנדער „סיילסליידי״ אויף איר אָרט.

די בעקי, אַן אויסגעהאָרעוועט מענטש, גרוי שוין, אויסגעדאַרט ווי אַ שפּאָן, דאָס פּנים בלייך און שפּיציק, האָט זי אויסגעזען ווי אַ מכשפה און נישט נאָר ער, נתן חיים, אויך מאיר, אַ גוטמוטיקער מענטש, האָט געמיינט זי איז אַן אויסוואורף, אַ וואָס אין דער קאָרט. וואָרעם וואָס דען איז אַזאַ איינע, וואָס איר גייט אין לעבן זיי אַפּצורעדן פון קויפן די בעקעריי? ס׳איז דאָך אַ שמאַלצגרוב! האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן אַז זי איז אַן ערלעך מענטש, וואָס קען נישט צוזען ווי מ׳באַשווינדלט צוויי גלייביקע לייט.

בעת די „צען טעג פּראָבע״, ווען די צוויי שותּפים, נאָכן האָבן איינגע־לייגט די טויזנט דאָלער, זענען געזעסן אין דער „סטאָר״ אָנגעטאָפּעט אין די ווייסע רעקלעך, כּדי „מיט די אייגענע אויגן צו זען״ אַז ס׳איז אמת, וואָס מ׳שאַצט זיי אַריין אין נדן, אַז „קיין בעיקערי אין די בראָנקס האָט

נישט אַזוי פיל אָרדערס אויף טאָרטן און „קייק” צו חתונות און בר־מיצוות און גלאַט אַזוי צו פּאַרטיס, פאַרקויפט נישט קיין צענט חלק פון דעם „גלוסן־ברויט” פאַר דייעטעטיקער, ווי די בעיקערי פאַרקויפט. און בלויז די צוויי אַרטיקלען ברענגען דאָך אַריין „עי פאַרטשון” (אַ פאַרמעג) ערשט די אַנדערע געבעקסן! דאָס איז דען עי בעיקערי? דאָס איז דאָך עי גאָלד־מיין”!

אָט אין די צען טעג, ווען אונטערגעשטעלטע, כלומרשטע „קאַסטאָמער” אַלע משפחה־לייט מיט די אייגענע צוויי זינדלעך בראש, זענען געקומען איינער נאָך איינעם באַשטעלן „קעיקס” צו די כלומרשטע בר־מיצוות און חתונות, צו צען, צו פופצן דאָלער אַ טאָרט, האָט זי, די בעקי, געווונקען צו זיי, די צוויי קונילעמלס, געגעבן זיי סיגנאַלן אַז די אַלע באַשטעלונגען זענען „פעיק”, אַז מ׳נעמט זיי דאָ „אין חדר אַריין”, דערצו נאָך ווען דער באַלעבאָס צי די באַלעבאָסטע זענען אויף אַ רגע אַרויס פון „סטאָר”, האָט זי זיי געזאָגט, געוואָרנט אַז מ׳באַשווינדלט זיי, אַפילו זיי געעצהט: „ליבערשט פאַרלירן די איינגעלייגטע טויזנט דאָלער און שוין אָפּהאַקן, אַרויס פון דעם מסחר”! האָבן אַלץ די צוויי פערד איר נישט געגלייבט, נאָך אַלץ געמיינט זי וויל זיי אָפּרעדן פון אַ שמאַלצגרוב, ווייל זי האָט אַן אייגענעם וואָס זי וויל אים „אַריינשטעלן אין די ביזנעס”. איז איצט, אַז זיי האָבן זי געהאַלטן פאַר אַן אָפּנאַרערין, אַ נישט פאַרגינערין און האָבן באַגראָבן נאָך נײַן טויזנט דאָלער, וויל זי נישט זיין דאָ ביי דעם „קאַצנ־יאָמער”, וואָס זיי וועלן באַלד איבערלעבן. האָט זי גענומען די „סמאָקס” אירע, צוויי ווייסע כאַלאַטן און — גוד באַי.

מילא ער, מאַרווין גריצהענדלער, האָט נאָך אַפילו איצט נישט פאַר־לוירן דעם צופרידענעם, גוטמוטיקן שמייכל פון זיין רונדן לבנה־פנים: „ע, ס׳איז נאָך נישט ווי די גרינע זשאַבע זאָגט”! ער אָבער, נתן חיים, איז געווען „אויס מענטש” כסדר געזעסן ביי איינעם פון די ווייסע, „גע־פעיקטע מאַרמאָר”־טישלעך, ס׳פנים באַגראָבן אין די דלאָניעס, די שפּיץ־עלנבויגן אויפן טישל און זיך געגריזשעט, נישט געקענט זיך שענקען זיין פאַרבלענדעניש: „ווו איז געווען זיין שאַרפער, דורכדרינגענדיקער בליק, נישט צו זען אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט גנבים, מיט שווינדלער”? בפרט אַז די בעקי האָט געוואָרנט, זיך נעבעך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט זיי אויסצוהיטן פון אַזאַ אָפּנאַרעריי!

נאָר בלויז די בעקיס אַוועקגיין? אויך דער געזועלן, דער בעקער, האָט דאָך נישט לאַנג נאָך זייער איבערנעמען דאָס פלאַץ, „געקוויט דעם דזשאָב”! געגנוי ווי די בעקי האָט זיי געוואָרנט, זיי געזאָגט אַז די גנבים, ווי נאָר

זיי ווען האָבן ס׳גאַנצע געלט פון דעם „סייל״ אין קעשענע, נעמען זיי מיט זיך דעם בעקער אין זייער נייער בעקעריי אין פלאַטבוש, ווו ער וועט אַרבעטן ביי טאָג אין אַ מאָדערנער, ליכטיקער בעקעריי, נישט ווי דאָ — ביי נאַכט אין אַ פינצטערן קעלער!

אמת, די „יוניע״ האָט זיי באַלד אַריינגעשיקט אַן אַנדער בעקער, נאָך אַ בעסערער בעל מלאָכה פון יענעם, אַ קינסטלער אין באַקן און אויסצירן די טאָרטן, אָבער וואָס קומט אַרויס אַז ווי נאָר דער דייטשוק האָט זיך דאָ אַריינגעשטעלט, גייט „די חלה אין דער המוציא״! צי דער געזעלן דרימלט אײַן און גאַנצע געבעקסן ווערן אים פאַרברענט און ער באַקט אויף גיך אַנדערע, צי ער באַגנבעט די בעקעריי, פאַרקויפט זעק מעל, קאַנען אייל, קעסטלעך אייער? ווער קען דאָס וויסן? ער איז דאָך אַליין, דער דייטשוק, גאַנצע נעכט אין דער בעקעריי, קען נישט וועלכער גנבה־אויפקויפער צו־פאָרן און דער געזעלן דערלאַנגט אַרויף די סחורות? וויסן צי עס איז טאַקע אַזוי, קענען זיי נאָר דורך אַנשטעלן אַ דעטעקטיוו, וועט דאָך די חלה נאָך מער „גיין אין דער המוציא״!

דערצו נאָך ווייזט זיך אַרויס אַז נישט יעדער קען זיין אַ פאַרקויפער, שטיין הינטערן לאַדנטיש מיט אַ גרייט שמייכעלע פאַר יעדער ייִדענע, וואָס קומט אַריין קויפן צוויי זעמל פאַר אַ „ניקל״ (פינף סענט), בפרט דאַרף מען האָבן געדולד צו די מאַדאַמען, די „פאַני־שושוס״ וואָס קענען נעבעך אַליין נישט טראָגן די חלה, צי די עטלעכע זעמל, נאָר מען דאַרף דעם „קוואָטער״ געבעקס אָפּטראָגן צו זיי אין הויז אַריין, דריי פיר בלאָקס אַוועק!

זיצט ער אַזוי ביים טישל, נתן חיים, ביטער אויפן געמיט: „וואָס פאַר אַ חוזק דער גורל זיינער טרייבט דאָס מיט אים! אַ גאַנץ לעבן רייסט ער זיך צום שרייבן. קליינוויַז נאָך, איידער ער האָט געקענט אויפשרייבן אַ שורה, געוווּסט וואָס אַזוינס אַ זאַץ מיינט, האָט ער שוין געחלומט צו זיין אַ שרייבער, אַנצושרייבן אַ „גרויס ביכל״ (בוך) און אַז ער האָט שוין דערלעבט צו האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער שטענדיקער פאַריאָגטקייט, פון דעם אייביקן הונגער און קומען אין אַמעריקע, דאָס לאַנד פון זעט און שפע, ווו ער איז טאַקע זאַט, נישט באַזאָרגט מער וועגן דעם מאָרגנ־דיקן טאָג, רוקט אים דער גורל אַלע מאָל אונטער נייע שטערונגען. צום ערשט צעברעכט בתיה אַ פוס, אין מיטן דעם „געלעגער״, פאַרגייט זי אין טראָגן און אַז גאָט העלפט שוין, זי איז אַרויס פון בעט, שלעפט זיך שוין אַרום, זאָל זיין דערוויַיל נאָך אויף קוליעס, ס׳קינד אַנטוויקלט זיך שיין, וואַקסט אַן עין הרע אונטער און ער וואָלט שוין אפשר געקענט אָנהייבן

שרײַבן אויף אַן אמת, איז גאַדיר גאָר אַ בעקערײַ! כאָטש נעם, כּדי צו אַנטלויפן פון דעם וויסטן גורל, גײ און טרענק זיך!״

זעט אָבער אויס אַז ווען אַפילו ס׳איז שוין טאַקע חלילה: באו מים עד נפש (דאָס וואַסער איז שוין איבערן האַלדז), קומט אַ ישועה! אָט טאַקע איצט, אין מיטן זײַן פאַרצווייפלונג קלינגט דער טעלעפאָן. אַ מידער שטייט ער אויף, גייט אַרײַן אין בײַדל, נעמט דעם אַפּאַראַט צום אויער:

— העלאָ, חבר וולאַדעק? האָט ער, אַן איבערראַשטער איבערגעפרעגט, צי ער דערקענט ריכטיק דאָס קול. — אוי, האָט ער שטאַרק באַדויערט, נתן חיים: — דער חבר וולאַדעק האָט געדאַרפט פּטרן אַזוי פיל צייט אים צו געפינען אויף אַ נישט רעקאָרדירטן טעלעפאָן! וואָס זאָגט דער חבר וולאַדעק? האָט ער נישט געגלייבט די אייגענע אויערן. — די דערציילונג געפעלט שטאַרק ליעסינען? אוי, דאַנקען גאָט, דאַנקען גאָט! וואָס? ליעסין וויל אים זען? אוודאי, נאָך היינט אָוונט פאָרט ער צו ליעסינען. יאָ, ער האָט ליעסינס אַדרעס. אַ דאַנק אייך חבר וולאַדעק, אַ האַרציקן דאַנק אייך פאַר אײַער אַזוי גוט זײַן און איבערגעבן ליעסינען די נאָוועלע.

ער האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, נתן חיים, און לאַנג געזעסן אין טעלעפאָן־בײַדל אַ צעמישטער, אַ צעטרייסלטער פון דער פריידיקער איבער־ראַשונג. הער אַ מעשׂה! אין מיטן דער גאַנצער פאַרקאַפּעטקייט אין דער בעקערײַ, ווי אויפצומונטערן זיך, האָט ער אָנגעקלונגען צו וולאַדעקן: „ער וואָלט וועלן האָבן אָפּגעדרוקט „אַ זאַך״ זײַנס אין דער „צוקונפט״ קען ער זיך נישט אונטערשטעלן צו גיין זען ליעסינען, טאָמער כאַפּט ער אַ קוק און טראָגט גלײַך אַרויס זײַן אורטייל: „נישט דרוקפעיִק״! האָט דער טייערער וולאַדעק אים קודם באַרויִקט: „ליעסין איז נישט קיין אַכזר, חלילה, נאָר אַז ער, דער חבר פיינזילבער וואָגט נישט, זאָל ער באַזאָרגן די נאָוועלע צו אים, וועט ער זי איבערגעבן ליעסינען״. נעמט ער איצט, דער חבר וולאַדעק און טראָגט אים, אַזוי אומגעריכט, אונטער די בשׂורה! וועט ער זיך נאָך צוהערן צו מאיר גריצהענדלער? שוין מוז ער אַרויס פון דער בעקערײַ! מאיר וויל וואַרטן, אפשר? טאָמער? געזונ־טערהייט, ער, נתן חיים, וויל שוין אַרויס! אַרויס פון דער בעקערײַ און זעצן זיך שרײַבן, גאָרנישט מער טאָן נאָר שרײַבן״!

# קאַפּיטל דרייאונפערציק

קוים אַ קנאַפּ יאָר האָט געדויערט די בעקעריי־אַוואַנטורע זיינע און וואָס אַלץ איז דורך דער קורצער צייט געשען מיט אים!

נישט צו דאַרפן זיך שלעפּן אין סאָבווי נאָך צוועלף ביי נאַכט פון דער בעקעריי אַהיים און זעקס באַגינען צוריק האָבן זיי אויפגעגעבן אַזאַ זוניק־ליכטיקע דירה, שיער נישט אין בראָנקס פּאַרק און זיך אַריינגעצויגן אין אַן אַנדערער, אָן אַ טראָפּן זון, אָבי נאָענט צו דער בעקעריי.

און נישט בלויז די וווינונג. אין דער בהלה פון לויפן מיטן קינד אין דער בעקעריי, אָפּצוהיטן אים, נתן חיימען, מיט אַ ביסל עסן, דערצו נאָך דאָס איבערציִען זיך פון איין דירה אין דער אַנדערער, האָט זי, בתיה, פאַרלוירן דאָס רינגל מיטן בריליאַנטל, אַזוי געהיט, דורך יאָרן פון אַזוי פיל הונגערן עס געהיט פאַר עלקעלען און לסוף עס געגעבן אַ חתונה־מתנה איר, בתיהן. זי האָט נעבעך געזוכט אויסצובאַהאַלטן פון אים דעם סוד, קען זי אָבער נישט האַלטן קיין סודות פון אייגענעם מאַן, און אַז זי האָט זיך שוין אונטערגעשטעלט און אים דערציילט, האָט איר געשניטן ס'האַרץ צו זען ווי גרין און געל ער איז געוואָרן ביים דערוויסן זיך וועגן דעם. ער האָט אָבער נישט געזאָגט איר אַ וואָרט, געקוקט ווי אין זיך אַריין און געשוויגן, לאַנג און טרויעריק געשוויגן.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַ גאָרנישט מיט אַ נישט אַנטקעגן דעם האָבן פאַרלוירן אַזאַ טייערן דזשאַב ביי „קאָראַל־פּעשאַנס". אין גאַנצן וואָסערע נײַן חדשים אַז ער איז נישט געווען אין „טרייד" און זע נאָר וואָס אין דער קורצער צייט איז געשען! אַן איבערקערעניש איז דאָך געוואָרן. אַ מלחמה צווישן די ברידער־אַרבעטער, הריגות צווישן די „רעכטע" מיט די „לינקע", „לינקע" מיט די „רעכטע".

ווייל די „לינקע" זענען געווען דיריגירט און, מיט אַן אייזערנער האַנט, געפירט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו פאַרכאַפּן די הערשאַפט אין די יוניאַנס, נישט בלויז די מילינערי, אַלע יוניאַנס פאַרכאַפּן, נישט צום אויסבעסערן זיי, צום געווינען בעסערע באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער אין די שעפּער, נאָר צו שטאַרקן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין איר דראַנג אונ־טערצומינעווען דאָס עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לעבן אין לאַנד און אַזוי

אַרום אַרויסרופן אַ רעוואָלוציע אין אַמעריקע, האָבן די דעמאָקראַטיש־געפירטע יוניאָנס זיך געפילט געצוווּנגען אויפצושטעלן אַ קעגן־כּוח, בישט געבונדן דורך די יוניאָן געזעצן, דורך דער יוניאָן־קאָנסטיטוציע, צו קענען קעגנווירקן, צו קענען זיין אַ קעגן־פויסט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי! זענען אַזוי אַרום אין די יוניאָנס אַנגעשטאַנען צוויי בלאָקן, צוויי גוט אָרגאַניזירטע מחנות, וואָס האָבן זיך אַרומגעריסן אין די שעפּער, זיך גע־שלאָגן ביז בלוט „אויפן קאָרנער״ (די בירזשע) און זיך גע׳ממיתט ביי די יוניאָן־מיטינגען.

אין יענע שעפּער, ווו די „לינקע״ זענען געווען שטאַרקער, זענען די „רעכטע״ גערודפט געוואָרן עד חרמה! און פאַרקערט — אויך אַזוי. איז ער, נתן חיים, ביים קריקקומען אין דער יוניאָן זוכן אַ דזשאַב, נאָך דער בעקעריי־אַוואַנטורע, געשטאַנען ווי פּאַר צוויי אויפגעשטעלטע ווענט. ווי אַ געשולטער יוניאָן־טוער אין וואַרשע נאָך, האָט ער שוין דאָרט געהאַט דערקענט קאָמוניסטישע מעטאָדן, זייערע שמד־שטיק און הינטערגענגלעך ביים פּרווון פאַרכאַפּן די אָנפירונג אין אַן אָרגאַניזאַציע, האָט ער אַוודאי נישט געקענט זיך אידענטיפיצירן מיט דער חברותא. פון דער אַנדער זייט, צוליב זיין גאַרן צו שרייבן, צוליב זיין צאַפּלען זיך איבער אַ ביסל פרייע צייט, האָט ער אויך נישט געקענט און נישט געוואָלט זיך אַנגאַזשירן מיט די רעכטע, דורכן אַריין אין זייער, אויף גיך געשאַפענעם קלוב. ער קען זיך, נתן חיימל. ער ווייסט אַז טאָמער לאָזט ער זיך אַריין אין דעם גע־ראַנגל, איז — אויס שרייבן! איז ער געבליבן אַ פרעמדער, אַן אָפּגעזונ־דערטער פוןביידע מחנות. און ווייל אין דעם בלוטיקן ברודער־קריג איז יעדערס בענקל אין אַ שאָפּ אַ „סטראַטעגישע פּאָזיציע״, וואָס יעדער צד האָט עס געהיט און געהאַלטן עס פאַר אַן „אייגענעם״ וואָס זאָל זיי העלפן אין געראַנגל קעגן דער צווייטער מחנה, איז ער געבליבן דרויסן ביי ביידע.

האָט ער זיך אַרומגעדרייט „אויפן קאָרנער״, נתן חיים, — אַ בלודנער יתום, נישט געקענט זיך צוטוליען צו קיינעם פון די צוויי קריגנדיקע צדדים, און לעבן מוז מען און די הוצאה אין שטוב איז גרויס, איז בתיה אַוועק אַרבעטן צו „יעטא בלוסטיין״ אויף דעם וואַרטנדיקן פּאָסטן און ער, דער טאַטע, איז געבליבן אין הויז ווערן די „ניאַנקע״ ביים קינד, ווייניק־סטנס ביז מ׳וועט געפינען „אַ פּאַסיק מענטש״ זיך אָפּצוגעבן מיט גאָ־דעלען, אַ זיס ייִנגעלע, אין דריטן יאָר שוין.

איז דאָס געווען אויבן־אויפיק, אין דער שטיל אָבער האָבן טאַטע מאַמע געזיפצט און געקרעכצט איבער דעם גורל פון זייער קינד: „גאָט

אין הימל! וואָס פאַר אַ פאַרשאָלטן מזל. איין שטיקל קינד און כסדר איז עס די עלטערן אין וועג״. ער האָט ווידער און אָבער געטראַכט וועגן פּאַריז, נתן חיים. „ווי אים האָט דאָרט דערווידערט דער איינפיר אַוועקצוגעבן צו אַ פּויערטע אויפן דאָרף אַ נייגעבוירן עופעלע, זי זאָל עס דערציִען, זי, די פּויערטע, זאָל ווערן די מאַמע איבער דעם קינד. אַ שטיק צוליב דעם איינפיר האָט דאָך אים געצויגן קיין אַמעריקע, איז אָט, די וויסטע דאָליע אים נאָכגעלאָפן אויך אַהער אין דעם „לאַנד פון זעט און שפע״.

ס׳איז אָבער אויך נישט קיין אויסוועג ער, דער טאַטע, זאָל זיין דער דערציִער. נישט ער טויג זיך אויס צו דעם, נישט ער האָט דאָס געדולד דערפאַר און נישט עס איז גוט פאַרן קינד. האָבן טאַטע מאַמע געטראַכט און געטראַכט און לסוף איינגעזען אַז צוליב גאָדעלען, וועט ער, נתן חיים, מוזן אונטערדריקן זיין ווידערווילן זיך צו געפונען אין זייער מיטן און איינצאָלן אויף אַ קאָאָפּעראַטיווער דירה אין די קאָמוניסטישע הייזער, לעבן בראָנקס־פּאַרק, צו קענען זיין לעבן דעם קינדער־גאָרטן, וואָס זיי שאַפן דאָרט, אַז אַרבעטער־מאַמעס, זאָלן קענען אַריינגעבן אויף גאַנצע טעג די קינדערלעך פון דריי יאָר אָן.

איז דאָס פאַר גאָדעלען. וואָס שייך אַ דזשאָב פאַר זיך, האָט ער גע־דופעט, נתן חיים, זיך קריק אַריינצוקריגן אין שאָפּ פון „קאָראַל־פּעשאָנס״, דאָרט וואָלטן ביידע צדדים, די „רעכטע״ ווי די „לינקע״, אים גערן געזען צוריק ביי זיין מאַשין. דער איינציקער דאָרט וואָס איז איינגעשפּאַרט קעגן אים, איז נאָר דזשאָספּער גראָסמאַן, דער „סיניאָר־פּאַרטנער אין קאָראַל־פּעשאָנס״. אַוודאי, ווען ער ווערט אַ מיטגליד אין „רעכטן קלוב״, וואָלט שוין די יוניאָן אים אַהין אַרויפגעזעצט צי דזשאָספּער גראָסמאַן וויל עס יאָ, צי ער וויל עס נישט! אַזוי אָבער, פאַר וואָס זאָלן זיי זיך איינשטעלן פאַר אים? בלייבט אים — אַליין פּרווון. אָבער ווי אַזוי? אַרויפגיין אין אָפיס, ווי ער האָט עס געטאָן אין קאַנזאַס־סיטי? איז אָבער דער חילוק וואָס דער הער פרידענטהאַל איז אַ „דזשענטעלמען״ און דערצו נאָך: דאָרט האָט זיך דאָך געהאַנדלט בלויז אויף עטלעכע וואָכן, צו פאַרדינען אויף אַ בילעט, קריק קיין ניו־יאָרק און דאָ, האַנדלט זיך וועגן צוריקקריגן זיין דזשאָב אויף שטענדיק. וועט דער גראָבער יונג, דזשאָספּער גראָסמאַן איינגיין אויף דעם וואָס דער הער פרידענטהאַל האָט אַזוי שיין מסכים געווען? וועט ער אים נישט ווייזן די טיר? האָט ער פּרוּער טעלעפאָנירט, נתן חיים, שוירלי, די בוכהאַלטערין דאָרט, אַ מויד ווי אַן איבערגעשטאַנענע רויז, וואָס הייבט שוין אָן וועלקן, די שוירלי פלעגט

אים גערן האָבן, זייטיקלעך געפלעגט אים אַ ריס טאָן אַ לאָק, האָט זי אים טאַקע גלייך דערקענט:

— מר׳ פײַנזילבער? העלאָ! האַו אַר יו? (וואָס מאַכט ער), „ווהאָט״ (וואָס)? ער האָט אױפגעגעבן די „בעיקערי״? פאַרלוירן דעם גאַנצן „אינ־וועסטמענט״ (אַרײַנגעלייגט געלט)? „שי איז סאָ סאָרי״ (ס׳פאַרדריסט זי שטאַרק), וואָס קלערט ער איצט צו טאָן? גיין צוריק אין שאַפּ? „יו דאָנט סיי״ (עס גלייבט זיך איר גאָרנישט). „ווהאָט״? ער וויל צוריק אַרויף צו „קאַראל־פּעשאָנס״ אַ, גודי גודי! האָט זי זיך דערפרייט, אָט שוין גיט זי אים מר׳ גראָסמאַן! און טאַקע גלייך האָט ער געהערט ווי זי נעמט רופן אין שאַפּ אַרײַן: — מר׳ גראָסמאַן! דזשאָספער גראָסמאַן! ער איז צוגע־קומען, דער באָס, איבערגענומען דעם טעלעפאָן:

— העלאָ, פײַנזילבער, „ווהאָט״? ווי איז איז דערגאַנגען דער טריפּ? פײַן, זייער פײַן, אָבער נישט צוליב דעם קלינגט איר דאָך. „קאָם, קאָם״, פײַנזילבער, לאָמיר הערן, וואָס קוועטשט אים דאָרט? זיך זען מיט אים? „ווהיי נאָט״ (פאַר וואָס נישט). אונטן אין קאַפעטעריע 3 אַזייגער? „איטס אָ קעי וויט מי״, (ער האָט נישט קעגן).

זיצט ער דאָס איצט ביי אַ טישל, נתן חיים, קעגנאיבער אים — דער געוועזענער באָס זײַנער, אָט דער ציגײַנער־יונג, מיט דעם קענדזשער פּרעכטיקע, שוואַרצגלאַנציקע האָר און נאָך שוואַרצערע קוקערס, וואָס באַ־האַלטן גאָרנישט, אַז ער האָט גערן דעם „נייטען׳ען״, דעם געזעלן, וואָס ער האָט אים געוואָלט זען אויף דער אַנדער זייט טיר פון שאַפּ און אָט קומט ער ווידער קלאַפּן אין דער טיר.

אין דער קאַפעטעריע זינגט די וואַרעמקייט אַז עס איז אַ נחת בעת אין דרויסן ברענט אַ פראָסט. עס איז נאָך „לאָנטש״ איז דאָ שטיל, בלויז אַ מענטש דאָ, אַן אַנדערער — דאָרט. אויפן טישל ביי זיי, — צוויי טע־פּעלעך מיט האַלב אויסגעטרונקענע קאַווע. ער טוט אַ צי אין ציגאַרעט. דזשאָספער גראָסמאַן, וואַרפט דאָס איבערגעבליבענע שטיקל אין קאַווע־טעפּעלע און ווענדט זיך צו אים:

— אַזוי, פײַנזילבער, געוואָלט איבערלאָזן דעם פּראָלעטאַריאַט, די רעוואָלוציע און „גיין אין ביזנעס״, ווערן אַ בורזשוי, אַ בלוטזייגער?

— יאָ, מר׳ גראָסמאַן, איר מעגט זיך לאַכן, איר מוזט אָבער געדענקען, אויב אַ מענטש לײַדט אויף עפּעס, זוכט ער וועגן צו קענען לעבן מיט דעם אָנשיקעניש.

— יאָ, ער פאַרשטייט, נישט אײַנגעגעבן זיך די ביזנעס, איז וואָס וויל ער פון אים?

— ער מוז גיין צוריק אַרבעטן, האָט ער, נתן חיים, געזאָגט און דערביי געפּאַרשט דעם דזשאָספּערס גנביש־קלוגע, אומרויִק־לויפנדיקע אויגן.

— פיינזילבער, לאָמיר זיך נישט שפּילן אין באַהעלטעלעך. איר געדענקט וואָס איך האָב אייך אַמאָל געזאָגט? איך זאָג עס איצט ווידער: אייער פּלאַץ איז נישט אין קיין שאָפּ, פאַר וואָס ווערט איר נישט אַ לאָיער (אַדוואָקאַט) אַ ראַביי, אַ יוניאָן־לידער?

— מר׳ גראָסמאַן, איר געדענקט וואָס איך האָב אייך פריִער געזאָגט? דערלויבט מיר דאָס איבערחזרן: „אַז איינער האָט אַ הויקער, קען ער אים נישט אַראָפּוואַרפן פון די פּלייצעס״.

— אַלץ דאָס שרייבן? פאַר וואָס זשע ווערט איר נישט אַ שרייבער אין „פאָרווערטס״, אין דער „פרייהייט״, איר האָט דאָך שוין דאָרט געהאַט אָפּגעדרוקט „סטאָריס״ (דערציילונגען).

זע נאָר ווי אַלץ ווייסט ער, דער ממזר־יונג, אַלץ האָט מען אים אונטערגעטראָגן, געזאָגט אָבער האָט ער, נתן חיים:

— מר׳ גראָסמאַן, איך פאַרזיכער אייך אַז עצות האָב איך איבערגענוג. איך דאַרף אַ דזשאָב און איך וויל צוריק אַרויף אין קאָראַל־פּעשאָנס״!

— ס׳אַ גוטער שאָפּ, הא פיינזילבער? האָט דער באָס זיך געפּילט געשמייכלט, וואָס מ׳רייסט זיך צו אים אין פּלאַץ, — אָבער פאַר וואָס נאָר אין „קאָראַל־פּעשאָנס״? פאַראַן נאָך גוטע שעפּער אין טרייד.

— דזשאָספּער, האָט ער שוין געפּרוווט ווערן אינטים, נתן חיים, מיטן געוועזענעם באָס, אינטים אָבער אויך דרייסט, — איך מוז קריק אַרויף אין „קאָראַל־פּעשאָנס״. איר ווייסט גאַנץ גוט וואָסער ברודער־קריג עס גייט אָן אין טרייד. אין קיין אַנדער שאָפּ וועט נישט קיינער פון די צדדים מיך אַרויפלאָזן. בלויז אין אייער שאָפּ וועט קיינער פון די אַרבעטער נישט זיין קעגן מיין קומען צוריק צו דער אַרבעט.

— אַזוי? האָט ער, מיט באַהאַלטענער צופרידנקייט, זיך געמאַכט כלומרשט נישט וויסן, — די ברידער אַרבייטער „פייטן זיך אַרום״? און נאָר אין „קאָראַל־פּעשאָנס״ וועלן זיי זיך נישט „פייטן״ צוליב אייך? אַי נייטן, נייטן, איז ער אויך איבערגעגאַנגען אויף אינטים, וואָלט איר געווען אַ גוטער לאָיער! אַפילו ביי מיר האָט איר שוין געוווּנען די „קייס״. סאָ, ווען ווילט איר אַרויפקומען?

— אַפילו מאָרגן.

— אַ ל ל ל רייט, האָט ער געצויגן דאָס וואָרט און גנביש געשמייכלט, — אייער מאַשין איז נאָך נישט פאַרנומען.

איז ער אַהיימגעפאָרן זייער פריילעך, נתן חיים: ער האָט קריק זיין

דזשאַב, בתיה האָלט אָן איר פאַסטן ביי „יעטא בלוסטיין" באַלד, באַלד װעלן זיי זיך קענען אַריינציִען אין זייער נייעם, קאָאָפּעראַטיװן אַפּאַרט־מענט, װידער לעבן בראָנקס־פּאַרק און, שטאָט אָנהאַלטן די פרוי װעט גאָדעלע גיין אין אַ קינדערגאָרטן, איז אָבער שטענדיק דער חלום, די דער־װאַרטונג בלויער, ליכטיקער פון דער װאָר.

אין פּאַריז איז דאָס איבערגעבן אַ קינד צו אַ פּויערטע אין דאָרף, געװען לייכט, פּשוט. דאָס קינד איז בעתן איבערגעבן געװען אָן עופּעלע. נישט ס'האָט געקענט נאָך די אייגענע מוטער און נישט די פּויערטע, האָט עס נישט געװוסט נאָך דעם חילוק װער עס איז די אייגענע מאַמע. געװיס, טאַטע מאַמע האָבן געװיינט, געקלאָגט, אָבער דאָס איבערגעבן זייער פּי־צעלעס אין פרעמדע הענט, איז נאָר געװען אַן איינמאַליקס, האָבן סיי דאָס קינד און סיי די עלטערן זיך גיך צוגעװוינט. דאָ אָבער איז גאָר עפּעס אַנדערש! גאָדעלע איז שוין, אַ דאַנק גאָט, דרײַ יאָר אַלט, טאַטע מאַמען קען ער זייער גוט, נישט בלויז קען ער זיי, נאָר איז װי צוגעװאַקסן צוביידן. דערצו נאָך איז ביי אים די געװיינלעכע װאַכקייט, װאָס ביי אַלע קינדער, געװען ביי אים איבערנאַטירלעך געשפּאַנט, טאָקע מחמת דעם כסדרדיקן בייטן זיך פון די װאָס פּאַסן אויף אים אויף. קוקט ער שטענדיק מיט פאַרדאַכט אויף טאַטע־מאַמע, היט זייער יעדן טריט.

מילא, ס'ערשטע מאָל אַריינגעבן גאָדעלען אין קינדערגאָרטן איז נאָך געװען מיט חסד. אַ שפּילעװדיקן, האָט אים די מאַמע אָנגעטאָן, אַרומגע־הילט אים שאַלן און טיכער, אויך אויף זיך גיך אַרויפגעכאַפּט דעם מאַנטל מיטן היטעלע און, פירנדיק דאָס קינד ביים הענטל, איז זי מיט אים אַריין אין קינדערגאָרטן, װוּ איינע פון די פּרעבליסטינס האָט אים פּונקט אַזוי שפּילעװדיק איבערגענומען און זי, די מאַמע, איז אומבאַמערקט פון גאָ־דעלען אַװעק אויף איר װעג צו דער אַרבעט.

איז דאָס געװען אַזוי בלויז דעם ערשטן טאָג, באַלד אָבער האָט דאָס קינד גענומען זוכן די מאַמע און, אַז נישט געפונען זי, האָט ער אָנגעהויבן װיינען, זיך געװאָרפן אויפן דיל, געשריגן, געקאָפּעט די לערערינס מיט די פיסלעך און נישט אויפגעהערט רייסן זיך:

— מאַמע, מאַמע, גאָדעלע װיל מאַמע!

אַזוי איז געװען דעם ערשטן טאָג, װען די מוטער האָט אים גענומען אָנטאָן שפּעטלעך שוין. צומאָרגנס אָבער, האָט זי נישט געקענט װידער קומען שפּעט אין פּלאַץ, האָט זי געמוזט אַרויסנעמען דאָס קינד פון בע־טעלע אַ פאַרשלאָפנס נאָך, אָבער גאָדעלע, מיט פאַרמאַכטע אויגעלעך נאָך, האָט דערפילט װוּ די מאַמע נעמט אים און שוין האָט ער אָנגעהויבן רייסן

זיך פון דער מוטערס הענט, געקאַפּעט זי מיט די פּיסלעך און געחאָרן אַזוי רויט־פאַרשוויצט, אַז דער פאָטער האָט אים אַרויסגענומען פון אירע הענט, באַרויִקן דאָס קינד, וואָרעם ס'איז דאָך אַ סכּנה אַרויסצונעמען אים אין אַזאַ פראָסט אין דרויסן!

פאַרשפּילנדיק אַ ביסעלע גאָדעלען, איז דער טאַטע אַוועק צו דער אַרבעט. ער פאַרנעמט נישט קיין הויפּט־פּאָסטן ביי „יעטא בלוסטיין", מוז ער זיין אין שאַפּ צו דער צייט! האָט די מאַמע ווידער איבערגענומען דאָס אָנטאָן גאָדעלען, געזונגען אים אַ לידעלע און, ווי ס'האַרץ אירס ווערט צעריסן אויס רחמנות צום קינד, געוואָלט מיט אים זיין, נישט איבערגעבן אים קיינעם, האָט זי דאָך, זינגענדיק אים לידעלעך, אַרויפגעצויגן אויף אים די הויזעלעך, אָנגעטאָן אים איין שיכעלע, באַלד ס'צווייטע, ביז ס'קינד האָט זיך ווידער געכאַפּט ווו די מאַמע נעמט אים און צוריק גענומען זיך רייסן, קאַפּען די מאַמע און שרייען: גאָדעלע ווי' ניש' קינדער — גאָ אָר — טן!

אַזוי האָט זיך די סצענע אָפּגעשפּילט טאָג נאָך טאָג. זי האָט טאַקע, די מוטער, דורך כּלערליי איינפאַלן אַריינגעקראָגן דאָס יינגעלע אין קינ־דערגאָרטן, אָבער וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ מער ווערט זי צעריסן פון דעם וועלן בלייבן מיט איר קינד און דאָך מוז זי אים אַוועקרייסן פון זיך און גיין צו דער אַרבעט. איז זי גאַנצע טעג נערוועז, ווייסט נישט וואָס מיט איר טוט זיך, שניידט סחורות און ווייסט נישט וואָס זי שניידט, אָבער ערגער נאָך איז וואָס זי האָט נישט קיין געדולד צו די „קאָסטאָ־מער", קליענטקעס וואָס וועלן פון קיין אַנדערן זיך נישט לאָזן אָנפּאַסן אַפילו אַן אונטער־יאַקל, הייבן אַן איינזען אַז „עפּעס איז דער מער מיט איר, דער „מיס בי"", שטענדיק די גוטקייט אַליין, און לעצטנס שרייט זי, וואַרפט זיך, ווערט פּלוצים היסטעריש און ברעכט אויס אין אַ געוויין, ווי זי וואָלט שוין, חלילה, נישט זיין ביים זינען.

האָט ער אַ זאָג געטאָן, נתן חיים: — לענגער אַזוי קען נישט גיין! צו וואָס, בתיה, זאָלסטו וואַרטן זיי זאָלן דיך אַוועקשיקן? ער וועט טע־לעפאָנירן אַהין מאָרגן „לאַנטש" צייט, זיי זאָגן ביסט קראַנק און, זיי צוריק מאַמע איבער אונדזער קינד!

# קאַפּיטל פּיראונפערציק

קעמפּ „מזל טוב!" — אַ פּירעקיק פעלד, רעכטס — אַ וואַנט פון שטיינער, געלייגט איינעם אויפן אַנדערן, הויך ביז איבערן גאַרטל און די שטיינער־וואַנט ציט זיך שיף אַראָפּ ביז צום וועלדל, וואָס זוימט אַרום דאָס פעלד אין דער ברייט און ציט זיך אין דער אַנדער זייט פעלד אַרויף לינקס, ביז אַרויס צום שוואַרץ־אַספאַלטירטן וועג.

אין עק, ביים אַריינקום אויף דעם פעלד, אין דער גאַנצער ברייט, שטייען אָפּגערוקט איינס פון אַנדערן וואָסערע זיבן צי אַכטביידלעך פון העל־געלבלעכן ברעזענט, אַלע מיט שיפע דעכלעך, אַלע אויף האַל־צערנע דילן, אונטערגעהויבענע אויף אַ צוויי־דריי פוס פון דער ערד.

די גרינדער און איינוווינער פון דעם קעמפּ „מזל טוב" — אַ גרופּע יידיש יונגוואַרג, אַלע באַווייבטע שוין, וואָס טייל פון זיי האָבן שוין צו איינציקע קינדער, צוויי און דריי־יאָריקע.

איז דאָס געווען בלויז דער אָנהייב פון דעם קעמפּ „מזל טוב", אָבער ווי יעדער יישוב, האָט זיך אויך דער קעמפּ גענומען גיך פאַרמערן, וואַקסן פון אייגענע געבורטן און אויך פון צוגעקומענע, אָבער שוין נישט אויף דעם פעלד אַרויף, וואָס דאָ איז דער „פער", די גרינדער בלויז, די „אַריסטאָקראַטיע" פון יישוב, נאָר אויף דער אַנדער זייט פון דעם שטיי־נערנעם צוים, אַ פעלד שוין נישט מיט אַזאַ ווייך, גרינגראָזיקן טעפּעך, וואָס שעמערירט מיט אַזעלכע שיין־צעבליטע קווייטן, פון גראָז אַרויס ווי ווינקעלדיקע, שטיפערישע אויגן פון בלוי און ווייס, פון געל און ברוין, נאָר שוין אַ פעלד מיט זאַמדיקע פליכן, וואָס פון זיי סטאַרטשען אַרויס סקאַלעס, שפּיציקע שטיינער. אָט אויף דעם פעלד אַרויף, זענען נאָכגע־קומען נאָך יונגוואַרג, שוין נישט קיין פאַרפעלקער, נאָר בחורים און מיידלעך, שאַפּ־אַרבעטער ביי „דרעסעס און קלאָוקס" (קליידער, קאָסט־יומען און מאַנטלען) מילינערי און האַנט־בייטלען.

אויך אין סאַד, הינטער דעם „אַריסטאָקראַטישן" פעלד, צווישן די אויבסט־ביימער, אַלטע, צעקרימטע, פאַרוואַרלאָזטע פּניאַקעס, זענען אָנ־געשטעלט געוואָרן ברעזענטענע ביידלעך, שוין נישט אַזעלכע העלע, שיינע, ווי ביי דעם „פער", נאָר ביידלעך פון אַלטע ברעזענטן, אָנגע־

וואָרפֿן ווי קרומע הייזקעס אין די שמאָלע, טונקעלע הינטערגעסלעך פֿון רייכע, גרויס־רחבֿותדיקע שטעט. אַהער אין דעם שאָטנדיקן סאָד, האָבן זיך שוין פֿאַרקליבן מיטליעריקע משפּחות, סטאָטעטשנע לייט מיט אונ־טערגעוואָקסענע קינדער.

דער פֿאַרמער פֿון די פֿעלדער, וועלדלעך, טייכל, אַרום און אַרום אַ פּרעכטיקע אימעניע וואָסערע פּופֿצן מייל נאָר פֿון ניו־יאָרק, ער, אַ ייִד אַ גבֿר, הויך, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ פּאָר הענט ווי שטאָבעס, דערביי אַ תּמימותדיקער ייִד מיט בלויע, שמייכלדיקע אויגן ווי ביי אַ קינד, כאָטש דאָס פּנים איז אים געווען צעקנייטשט און צעאַקערט פֿון דער ברענענדיקער זון אין זומער, פֿון דער פֿראָסט און קעלט אין ווינ־טער. דער ייִד, איז נישט חלילה, געווען דער אייגנטימער פֿון דעם לאַנד. געדונגען די פֿעלדער האָט דער פֿאַרמער צו זייען אויף זיי טאָמאַטן, אוגערקעס, ציבעלעס און נאָך אַלערליי גרינסן. אין אָנהייב, ביים פֿאַר־לייגן דעם קעמפּ, האָבן אים נאָך די קעמפּערס געזען אויף די ווייטער־דיקע פֿעלדער, ווי ער גייט דאָרט נאָך דעם אַקער, אין די פֿריש־אויפֿגע־שניטענע גרודעס ערד, ס׳בייטשל אין דער רעכטער האַנט, די לינקע אויפֿן הענטל פֿון אַקער, קריכט ער פּאַוואָליע און „טשמאָקעט" צום פֿערד: „מצע, מצע, וויאָ! אַ כאָליערע דיר אין די געדערים, טו זיך אַ ריר".

איז דאָס געווען פֿריִער, אָבער ווי נאָר די ערשטע גרופּע קעמפּערס האָבן דאָ אויפֿגעשטעלט זייערע ביידלעך און דער פֿאַרמער, דער עיקר זי, די פֿאַרמערקע, אַ ייִדענע ווי אַ דייזשע טייג און די טאָכטער זייערע, אַן עלטער, פֿאַרזעסן מיידל נעבעך, האָבן איינגעזען אַז די צען דאָלער פֿאַר אַ געוויינלעך און פּופֿצן דאָלער פֿאַר אַ גרעסער ביידל, ברענגען דורכן זומער אַריין מער ווי דאָס האָרעווען ביים זייען טאָמאַטן, בפֿרט נאָך אַז ביי די קעמפּערס זעצן זיי אָפּ די מילך פֿון די עטלעכע קי, אויך האָבן זיי איינ־קונפֿט פֿון צושטעלן זיי גרינוואַרג, „גראָסעריעס" (עסנוואַרגן), האָט דער פֿאַרמער אַלץ ווייניקער געאַקערט די ערד צו זייען טאָמאַטן און אַלץ מער געגומען פֿאַרזייען קעמפּערס.

איז אויף די פֿעלדער מיט יעדן זומער געוואָרן אַלץ לעבעדיקער און די קעמפּערס, „איינגעזעסענע שוין", האָבן זיך אָנגעהויבן מאַכן באַקוועמער דאָס לעבן דאָ, אָנגעהויבן איינשטעלן זיך די נייטיקע „אינסטיטוציעס". אין וועלדל לינקס, האָט זיך יעדער פֿעלדגרופּע אויפֿגעשטעלט אַן „אָפּטריט". אונטן, ביים שמאָלן ריטשקעלע, האָט מען, אונטער דער אָנפֿירונג, פֿון אַ קעמפּער אַן אינזשעניר, פֿאַרלייגט אַ וואַל צו פֿאַרהאַלטן דעם לויף פֿון

וואַסער אַזוי אַז אין צוויי טעג איז פון די פּאַרהאַלטענע וואַסערן געוואָרן אַ קליין סטאַוול, טיף געגנוג און גרויס גענוג צו קענען אין דעם שווימען. ווידער אין קוועלכל פון בערגל אַרויס, אין סאַמע מיטן פעלד, האָט מען אַריינגעזעצט אַ רער, ס׳וואַסער זאָל רינען אַראָפּ גלייך אין אונטערגעשטעלטן עמער. שטאָט אייז־קאַסטנס, האָט זיך יעדער קעמפער אויסגעגראָבן הינטערןביידל אַ גריבל און אַהין אַריינגעפּאַסט אַ מילכקאַן, עלעהיי אַ קעלערל צו האַלטן אין דעם דאָס פלעשל מילך, ס׳שטיקל פּוטער, דאָס פלייש, די גרינסן און וואָס נישט?

די ביידלעך אַליין, יעדערס די גרייס פון אַ שטוב, זענען געווען באַקוועם איינגעשטעלט מיט אַ ברייט בעט פּאַרן פּאָרפאָלק אין מיטן, אַ בעטעלע פּאַרן קינד, אַ שענקל אויף וועש, אַ טישעלע פּאַר אַ קליאַש אויף אַ בלימל, אַפילו אַ צוגעשפּיליעט בילדל אויף דער ברעזענטענער וואַנט האָט נישט געפעלט. ערשט הינטערן ביידל — אַ קיך אַ גאַנצע צום קאָכן, אַ טיש מיט אַ לאַנגער באַנק, ממש אַ „יאַדאַלניע״ (עסצימער) צום עסן. אמת, דאָס אַלץ — אונטערן פרייען הימל. טאָמער רעגנט? ווּעמען אַרט עס? אין אַ ווייל שיינט קריק אויף די זון און ס׳איז ווידער טרוקן. שטייט זיך דער פּרימוס אויף אַ שטול, ס׳פייער הודזשעט. ס׳וואַסער זידט, קאָכט מען עסן, פּאַרבריט מען טיי צי קאַווע און ס׳איז חי געלעבט!

איז אָט שטייען זיי דאָ, בתיה און נתן חיים אויף דעם שמייליקן פעלד, גאָדעלעס הענטל אין טאַטנס האַנט. ס׳איז סוף מײַ, די זון וואַרעמט אַזוי ליב, דאָס צעגרינטע פעלד לאַקט, מאַניעט, כאַטש נעם שוין, צי זיך אויס דערויף און נעם זיך קאַלערן אין די ווייכע גראָזן, ווי אַ יונג, צעבריקעוועט קאַשקעלע, (לאַשעקל) אַזוי אַראָפּ, אַראָפּ ביזן וועלדל אַריין.

מאַן און ווייב קוקן זיך איבער, שמייכלען צו זיך אַליין, צו די סימקינס, וואָס האָבן זיי דאָ אַהער אַרויסגעבערענגט און שטייען לעבן זיי שווייגנדיקע, וואַרטנדיקע צו הערן וואָס די פריינד זאָגן, נאָר אָט האַלט טייבעלע סימקין לענגער נישט אויס און טוט זיי אַ פרעג:

— „ני, עס געפעלט ענק אינדזער קעמפּ? און ער לעאַן סימקין, דער מאַן טייבעלעס, גיט צו: — אַז עס געפעלט ענק ׳עלן אינדז זען עך זאָלט ענק קענען אויפשטעלן אַ „סענט״ (אַ ביידל) אויף דעם פעלד, לעבן אינדז״.

די טייבעלען קען ער, נתן חיים, נאָך פון וואַרשעווער „גראָסער־קלוב״. אים אָבער, דעם מאַן אירן, לעאַן סימקינען, כאָטש אויך אַ וואַרשעווער, האָבן זיי ערשט באַקענט, בתיה און נתן חיים, דאָ, אין ניו־יאָרק. אויך זיי שוין חתונה געהאַטע, אויך זיי שוין מיט אַ קינד, אַ יינגעלע, אַ יולעקל, ווי זיי אַ גאָדעלע. דערצו נאָענטע שכנים אין שטאָט, בלויז איין גאַס אַוועק

פון די קאָאָפּעראַטיווע הייזער, טרעפט מען זיך אין פּאַרק, מ׳קומט צו גאַסט איינע צו די אַנדערע, האָט דאָס דער לעאָן, אַ דימענטענער יונג, אַ סיילסמאַן (פּאַרקויפער) פון פּאַטשערקעס, שפּילקעס, בראַשקעס און נאָך דאַרטן ווייבערישע שמאַכטעס, זיי, די פיינזילבערס, אַרויסגעבראַכט אַהער אויף זיין „טאַדרעדייקע״, אַן אַלט „פּאַרדל״, זאָלן זיי זען דעם קעמפּ „מזל טוב״ און אַז עס וועט זיי געפעלן, וועלן שוין זיי, די סימקינס, זען מ׳זאָל אויך דאָ ווערן שכנים.

שטייען זיי דאָס און טראַכטן. זי בתיה, נישט פון די פּלאַטערקעס, האָט געהויבן די אַקסלען: „ציגיינער, קאָכן אין דרויסן, שלעפּן אַ וויאַדרע וואַסער איבער אַ האַלב פעלד, אָפליגן די קני איידער מ׳קריגט אַרויס פון דער מילכקאַן דאָס פּיצל פּיטער, ס׳שטיקל פלייש״! אויך ער, נתן חיים, האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה: „די זומערן אין ניו־יאָרק זענען נישט איבערצוטראָגן! בתיה איז אויסגעשעפּט, ס׳איז דען אַ וווּנדער? וואָס זי איז אַלץ דורכגעגאַנגען אין די דריי יאָר? אמת קיין האָטעל איז עס נישט, אָבער זי וועט כאָטש נישט דאַרפן לויפן אַרויף און אַראָפּ איבער דריי שטאָק־שטיגן, אָפּס נאָך מיט גאָדעלען אויף דער האַנט! און דאָ? זע נאָר ווי שיין גאָדעלע שפּילט זיך שוין אויפן גראָז מיט יולעקלען, די סימקינס צוויי־יעריק יינגעלע. אמת, פאַר אים אַליין, נתן חיימען, וואָלט בעסער געווען ווען זיי קריגן דאָ אַ שטיבל ביי דעם פּאַרמער, אפשר וואָלט ער דאָ געקענט עפּעס שרייבן. ער איז דאָך שוין טויט־קראַנק פון דעם שטענדיקן לעכצן, פון דעם כסדרדיקן וועלן שרייבן און קיין מאָל דאָס רעכטע נישט קענען טאָן. לעצטנס איז אים באַפאַלן אַ בייסעניש וואָס פּרעסט אים אויף אַ לעבעדיקן, גיט אים נישט קיין רו נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט. די דאָקטוירים האָבן אים שוין באַלד משוגע געמאַכט מיט זייערע היילע־נישן. איינער גיט אים פּילן צו שלינגען, אַ צווייטער פאַרשרייבט אים זאַלבן אויף איינצורייבן די בייסנדיקע ערטער, העלפן אים ביידע ווי אַ טויטן באַנקעס. הייסט אים אַ דריטער זיך ווייקן דריי מאָל אין טאָג אין „לאַלעך וואַסער״. וואָלט דאָס ווייקן זיך אַוודאי געווען אַ רפואה שלמה פאַר אַ פּאַליציימאַן. סיי ווי שטייט ער אויף דער „סטאַיקע״ אַן אַ שטאָך אַרבעט, וואָלט ער אין דער צייט געקענט זיצן בהרחבה אין אַ וואַנע וואַ־סער און זיך ווייקן דעם טרעלבאָך. ער, נתן חיים? ער איז דאָך אַ שכיר יום, וואָס דאַרף מאַכן אַ טאָג אַרבעט! בפרט נאָך אַז ער גלייבט גאָרנישט אין די אַלע רפואות. לויט אים, ווי ער ווייסט גאָרנישט אין דאָקטאָריע, איז דאָס בייסעניש אַ נערוון־קראַנקייט, וואָס איז אים געקומען צוליב זיין נישט קענען שרייבן, צוליב דעם נישט קענען זיך באַפרייען פון בילדער און

זעענישן, פון געדאַנקען און טראַכטענישן וואָס לאָזן אים נישט אָפּ ביי טאָג און נישט ביי נאַכט. אַ סימן אַז אַזוי איז עס, האָט ער דאָך אויבן אויף. ביים שרייבן פילט ער נישט די בייסענישן! די קשיא אָבער איז, וועט ער דאָ, אין דעם אַרום, בפרט נאָך אין אַ ברעזענטןביידל קענען שרייבן״?

דער אַרום! אָט זעט ער, אויפן צווייטן פעלד שטייען יונגוואַרג ווי ער, אויףביידע זייטן פון אַ פאַרצויגענער נעץ און שפּילן „וואָלי־באָל״ מיט אַזאַ עקסטאַז, מיט אַזאַ הנאה, אַז זייערע פריידיקע געשרייען ביים אַראָפּזעצן דעם באָל אין „פיינדס״ זייט, פאַרקלונגען דעם קעמפּ ווייט און ברייט אַרום. וועט ער קענען איינזיצן און שרייבן ווען אַרום אים גייען אָן אַזעלכע שפּילן? וואָסי, ער אַליין דאַרף נישט אַזאַ ביסל צעשטרייונג? ווען האָט ער געהאַט די זכיה אַזוי זיך אַ ביסל צו פאַרשפּילן?

ערשט, ווי דאָס יונגוואַרג פאַרברענגט דאָ די שבת־אָוונטן, די זונ־טיקן! אָט שוין זעט ער, נתן חיים, ווי חברה שלעפּן צונויף האָלץ, קלעצ־לעך און צווייגן, געזנוג אָפּצובראָטן אַן אָקס מיט די קאָפּיטעס און אַז דער אָוונט פאַלט צו, ווערט אָנגעצונדן אַ פייער און די קעמפּערס פון אַלע פעלדער אַרום קומען מיט ווייב און קינד, זעצן זיך אויס אין אַ קרייז אַרום פייער און דער שבתצונאַכטסטיקער אונטערהאַלט הייבט זיך אָן. צום ערשט זינגט מען אין גרופּקעלעך ווי יעדער פאַר זיך. ווער עס זינגט: „אויף יענער זייט טייך איז די זון שוין פאַרגאַנגען, אויף יענער זייט טייך איז אַ מיידל געגאַנגען, מיט ליבע אין האַרץ און בענקשאַפט אַ סך״, אַן אַנדער גרופּקעלע זינגט: „קום יאַנינקאַ איך וועל דיך י אַ אָ ג ן״ און ווער עס פאַרגייט זיך אין ליעסינס: „דער הונדערטסטער קרעמער אין ג אַ אַ ס״.

איז דער טייל בלויז דער אָנהייב פון דער פאַרווייַלונג. שפּעטער אַז דער עולם איז שוין צעוואַרעמט, פאַרלעך, פאַרחלומטע, זיצן שוין אַרומ־גענומען, אָדער גאָר אויסגעשטרעקט האַלב זיצנדיק, האַלב ליגנדיק מיטן קאָפּ אין איר שויס, צי זי — אירן אין זיין שויס, הייבט זיך אָן דאָס סאָלאָ געזאַנג פון אייגענע טאַלענטן, טייל באַגלייט פון אַ גיטאַר, אַ מאַנ־דאָלינע און מ׳קען נישט זאָגן, טייל פון זיי, גאָר פיינע זינגער און זינ־גערינס, בפרט איינער, אַ רויטער פּיניע, שוין נישט אַזאַ יונגער צוציק, פאַרקערט אַ מאַן מיט אַ היפּשער ליסינע איבערן קאָפּ, אָבער דערפאַר האָט ער גאָר אַ פיין טענערל און ער זינגט זיס, ליריש. נאָך דעם מוזי־קאַלישן טייל הייבט זיך ערשט אָן דער ליטעראַרישער, מיט דעקלאַמאַצ־

יעס פון רייזנס לידער, פון פרצעס פּאָעמעס, אַפילו מיט פּאַרלייענען פון אויסנווייניק שלום־עליכמען.

זיצט ער, נתן חיים מיט בתיהן און גאָדעלען לעבן די סימקינס. דער לעאָן שטורכעט אים אין זייט: „ני, וואָס זאָגט ער? ס'געפעלט אים?" און ער, נתן חיים שמייכלט: „אויף דעם האָט ער זיך גאָרנישט געגרעכט! היימישע טאַלענטן און ווי פיין זיי מאַכן דאָס! אַפילו אייגענע „פּאַרפּאַ־סונגען" טראָגן זיי דאָ פאָר. אמת, ס'איז בלויז פליאָטקעלעך, אַ מין גוט־מוטיק באַרעדן: דעם האָט מען כלומרשט געזען זיך קושן מיט יענעמס ווייב. די און די איז ביי נאַכט פאַרלוירן געוואָרן אין וועלדל אַריין מיט יענערס מאַן און וואָס מיינט איר? פרעגט דער פאַרטראָגער אַזוי אומ־שולדיק האָבן זיי געטאָן? און גיט דערביי אַזאַ ממזרישן ווינק מיט אַן אייגל, געזאָגט תהילים? זיי האָבן זיך געהאַלטן אַרומגענומען און זיך געקושט, יאָ, יאָ, זיך געקושט! און דער עולם פּאַטשט, שרייט בראַוואָ און אַ פריש געלעכטער ברעכט אויס אַזוי פריידיק אַז ס'דאַכט זיך די ביימער אַרום, די פינקלענדיקע שטערן אין הימל, אַלץ לאַכט און פרייט זיך מיט, מיט די אָפּגעהאַרעוועטע מענטשן אין זייער אַזוי ריין און צני־עותדיק ווילן זיך נאָך אַ וואָך שווערער האָרעוואַניע אין די הייסע, ניו־יאָרקער שעפּער".

— ני, וואָס זאָגסטו? האָט ער, נתן חיים, שטיל געפרעגט בתיהן. — עס געפעלט דיר דאָ צו פאַרברענגען דעם זומער?

— מ'קען נישט זאָגן, ס'איז דאָ גאַנץ פריילעך און היפּש טומלדיק אויך, אָבער וואָס וועגן דיין שרייבן? וועסט דען קענען דאָ עפּעס טאָן?

— שרייבן, האָט ער לאַנג און ווי באַדויערלעך געצויגן דאָס וואָרט, שרייבן וועט ער דאָ זיכער נישט קענען, ער מיינט אָבער אַז די שפּילע־רייען, דאָס צעשטרייען זיך, וועט זיין אַ היילונג פאַר זיינע נערוון, פאַר דעם בייסעניש.

## קאַפּיטל פינפאונפערציק

די בריוו פון דער היים באַאומרויִקן אים לעצטנס אַלץ מער און מער, נתן חיימען. דאָס ייִנגסטע שוועסטערל באַמיט זיך אַפילו, אין אירע בריוולעך, אים צו שאַנעווען, ער זאָל נישט אַזוי פיל זאָרגן: „וואַרשע איז נישט מער די שטאָט, וואָס ער האָט פאַרלאָזט. ער וואָלט איצט באַדאַרפט פאַרזוכן אַ שטיקל וואַרשעווער ברויט. און נאָר ברויט? די באַזאַרן זע־נען פול מיט אַלעם גוטן. וויל ווער אַ געגנדזל? אַ קאַטשקעלע? אַ היבדל? פּראָשען באַרדזאָ, (ביטע זייער). אָבער וואָס קומט אַרויס? קופּ באַראַן זאַ גראָש יאַק גראָשאַ ניעמאַ! (קויף אַ שעפּס פאַר אַ גראָשן, אַז דער גראָשן איז נישטאָ). און ווי זאָל דער גראָשן זיין, אַז דער אַנטיסעמיטיזם לאָזט נישט דעם ייִד אויפהייבן דעם קאָפּ! גראַבסקי, דער פּרעמיער מי־ניסטער, דער פינאַנץ מיניסטער, (וואָס איז ער דען נישט?) ער, דער וויסטער רשע, זעט שוין אַז אין אַ ייִדישער קעשענע זאָל פייפן דער ווינט. ס'איז נישטאָ דער טאָג, גראַבסקיס עגלה זאָל נישט פאַרפאָרן צו אַ ייִדיש געוועלב, אַ ייִדישע שטוב און די מחבלים זיינע, זאָלן נישט דאָרט פאַר־נעמען דעם לעצטן פאָדעם סחורה פון די פאָליצעס אין געוועלב, ס'בעט מיטן בעטגעוואַנט, ס'שענקל מיט דער וועש, דעם קינדס וויגעלע מיט די ווינדעלעך פון שטוב און דאָס אַלץ פאַר נישט באַצאָלטע שטייערן. כאָטש ווי קען דער ייִד צאָלן די שטייערן אַז גראַבסקיס שאַצערס שטעלן די ווערט פון ייִדס ביסל סחורה, פון דעם ייִדישן ביסל בעבעכעס זעקס מאָל אַזוי פיל ווי דעם פּאָליאַקס זאַכן, דעם פּאָליאַקס סחורות!"

„נאָר וואָס איז דאָ לאַנג צו רעדן? דער טאַטע ליגט נאָך אַלץ איבער־אַנאַנד, די מאַמע קען שוין נישט מער האַנדלען אויף דער וואָלאָווקע, (אַ מאַרקפּלאַץ פאַר אַלטוואַרגן). כאָטש ווי זאָל זי קענען? אַז זי איז נעבעך קראַנק, אַלט און שוואַך, רייסן ייִנגערע אַרויס דעם „לאַך" (אַלט בגד) פון אירע הענט. זיי אַליין? די שוועסטערן? אַז די אַרבעטסלאָזיקייט איז גרויס, ווי קענען זיי קריגן אַ פּלאַץ צו דער אַרבעט? דזשאָביען זיי עפּעס אין שטוב פאַר אַ שכנה דאָ, אַ שכנה דעריבער, (קעגנאיבער), קורץ און גוט, ווען נישט זיין חודש־געלט, וואָלט די שטוב, חלילה, אַנטגאַנגען פאַר אַ שטיקל ברויט. אָבער, צי איז דאָס וואַרטן אויף זיין שטיצע אַ תכ־

לית? מילא, קיין אַמעריקע — איז נישט מעגלעך, אַ „קוואָקע" (קוואָטע) אַז קוואָקען זאָלן זיי, די אַמעריקאַנער רשעים, ס'גאַנצע לעבן זייערס! אָבער קאַנאַדע איז דאָך ב"ה נאָך אָפן, מענטשן פאָרן כסדר אַהין! זאָל ער זיך דערבאַרעמען און עפעס טאָן דורך קאַנאַדע. חוץ וואָס זיי וועלן אַרבעטן אין קאַנאַדע און פאַרדינען פאַר זיך, וועלן זיי קענען העלפן אים אויסהאַלטן טאַטע־מאַמע. און מ'איז דאָך מיידלעך! די צייט שטייט נישט, וואָס וועט זיין דער תּכלית? די יינגלעך דאָ, זוכן צו עמיגרירן הינטער די הרי חושך, אַבי אַרויס פון פוילן. און זיי זענען גערעכט! חתונה האָבן דאָ, מיינט פאַר זיי אונטערגיין!"

שטייט ער דאָס איצט, נתן חיים, אין גראַנד סענטראַל וואָקזאַל מיט אַ קליין, איבערנאַכט וואַליזקעלע אין האַנט, גרייט זיך אַריבער צו כאַפּן קיין מאָנטרעאָל, „אַז ער וועט נאָר האָבן די צוויי שוועסטערלעך אין קאַ־נאַדע, וועט ער זיי שוין פון דאָרט קענען אַריינקריגן קיין אַמעריקע".

ס'איז האַרבסט אין דרויסן, דער אינדיאַנער זומער שטייט נאָך אין די ניו־יאָרקער גערטנער און פאַרקן אַ צעפּעכערטער אין זיין פּרעכטיקן פאַרבנשפּיל, די זון וואַרעמט אַזוי ליב, אַזוי זיס, נאָר די פאַרנאַכטן זענען קילע און די אָוונטן שוין קאַלטע, אָבער דאָ, אין וואָקזאַל, כאַטש אַזוי גוואַלדיק הויך און ריזיק־גרויס, שטייט אַ היץ אַז מ'גייט אָפּ אין שווייס.

ס'איז דאַנערשטיק אָוונט, די ניו־יאָרק סענטראַל לאָזט היינט, פאַר האַלבער נאַכט, לויפן אויף רעדוצירטע פּרייזן, אַ טאָפּל־צוג קיין מאָנטרעאָל, זענען טויזנטער מענטשן געקומען גלייך פון די שעפּער, פון די אַלער־ליי ביזנעס זייערע, זיך אַריבערכאַפּן קיין קאַנאַדע אויף דער „סוף וואָך", ווער צו זען זיך מיט פריינד, משפּחה און ווער אויף בלויז אַ לעב צו טאָן אין פרייען, שכנשן קאַנאַדע, מאַכן דאָרט אַ שנעפּסל, וואָס אין דעם כּלור־מרשטן „פּוריטאַנער" אַמעריקע איז עס אסור! פאַרבאָטן!

שטייט ער דאָס אין דעם געדרענג, נתן חיים, שטופּט זיך דורך דער ענגשאַפט צום דורכגאַנג, פאַרביי דעם טויער מיט די צוויי באַן־לייט, וואָס לעכלען די בילעטן, כּדי וואָס פריִער זיך אַריינצוקריגן אין אַ וואַגאָן, אפשר וועט ער אויך קענען פאַרכאַפּן איינע און פאַר וואָס טאָקע נישט צוויי פון די ווייכע, פּליושגעדעקטע טאָפּלבענקלעך, צו קענען שפּעטער, ווען די באַן הייבט שוין אָן גיין, מאַכן פאַר זיך אַ באַקוועם געלעגער, איבערצושלאָפן די נאַכט.

ענדלעך האָט דער צוג גערירט. פּאַוואָליע האָבן זיך די וואַגאָנען גע־צויגן דורך דעם לאַנגן, האַלב טונקעלן טונעל, דערנאָך — אַרויס אין גאַס, אַרויף אויף דעם הויכן, שטאָלערנעם געשטעל, געגומען ציִען, מיט אימפּעט

שוין פֿאַרבײַ הײזער מיט באַלויכטענע פֿענצטער, ווו מענטשן האָבן משונה־דיק זיך געפֿאָרעט אין שטובן, דאַכט זיך זינלאָז געגאַנגען אַהין און באַלד צוריק און אַזוי אין אַלע היימען ביז הינטער דער שטאָט. דאָ ערשט איז דער לאַנגער צוג זיך רעכט צעפֿאָרן און דאָס געקלאַפּ פֿון די רעדער איבער די שטאָלערנע רעלסן איז געוואָרן פּאַרטויבנדיק געדיכט און ריטמיש. דרויסן, אין דער טונקל, איז ווי אַנגעשווימען דער האַדסאָן. שטיל, גלאַנ־ציק־בלוי, האָט דער ברייטער טייך זיך אַריינגעשפּיגלט אין די פֿענצטער פֿון דעם לויפֿנדיקן צוג.

דער דמיון נתן חיימס האָט אָבער און ווידער געטראַכט: „ער פֿאָרט קיין מאָנטרעאָל, עטלעכע הונדערט דאָלער האָט ער מיטגענומען, אָבער ווער זיך אים דאָרט איינגעבן עפּעס צו דערגרייכן? מאָרגן איז פֿרייטיק, זונטיק פֿאַר נאַכט גייט די באַן קריק קיין ניו־יאָרק. וועט דער ר׳ שמואל ראַשקין, אַ פֿרומער ייִד, אין עטלעכע שעה ערב שבת, קענען עפּעס אויפֿ־טאָן פֿאַר אים? אַוועקזעצן זיך אין מאָנטרעאָל קען ער נישט. ר׳האָט אין שאַפּ נישט געזאָגט אַפֿילו אַז ער פֿאָרט אַוועק אויף איבער דעם סוף וואָך!

ער קוקט און שטוינט, נתן חיים, זע נאָר ווי גיך דער עולם אין וואַגאָן האָט זיך דאָ איינגעהיימישט! ווייזט אויס געניטע פֿאָרער אין די אויספֿלוג־צוגן, מאַכן זיי זיך באַקוועמע געלעגערס אויף די פֿאַרקאַפּטע טאָפּלבענק, טוען אויס די רעקלעך, לאָזן נאָך די שניפּסן, צעקנעפּלען די העמד־קעלנער. און די ווייבער מאַכן עס גאָר ממזערסקע! זיי ציִען אַריבער זיך אַ ברייטע יאַקע און הינטער איר, ווי הינטער אַ פֿוירהאַנג, שלעפּן זיי אַראָפּ די קליידער, די קאָרסעטן און אַנדערע זייערע לייב־קוועטשענישן און אַז דער גאַנצער פּרויען־שטאַט זייערער, ליגט שוין ביי די פֿיס, וואַרפֿן זיי אויך אַראָפּ די הויכקלעצלדיקע שיך און, באַפֿרייטע, ווי פֿון קייטן אַרויס, אָטעמען זיי אָפּ פֿריי. איצט, ווי די מענער אַרום, דרייען זיי אויך אַרויס די עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס איבער די קעפּ און, אין דער פֿינצטער שוין, ווי ביי זיך אין דער היים, לייגט מ׳זיך רויִק שלאָפֿן.

קוקט ער אויפֿן איינציק־ברענענדיקן לעמפּל איבער זיין קאָפּ, נתן חיים, און ווייסט נישט וואָס צו טאָן. ס׳ערשטע מאָל אויף אַזאַ נסיעה, איז ער נישט געוועזן פֿלינק גענוג אויך צו פֿאַרכאַפּן אַזעלכע צווײ געבעטע בענק און אויף דעם איינעם, וואָס ער האָט יאָ פֿאַרכאַפּט, האָט זיך נאָך אַוועק־געזעצט אַ פֿאַסאַזשירקע, עפּעס אַ יונגע פֿרוי אין אַ רויטן שטרוי־הוט. וואַרפֿט ער אַלע מאָל אַ זייטיקלעכן בליק אַהינטערן שטרוי־ראַנד: שלאָפֿט זי? האַלט זי בלויז פֿאַרשלאָסן די ווִעס? ווען ער ווייס זי שלאָפֿט, דרייט

ער אויך אַרויס ס׳לעמפּל און אַזוי, איינגענורעט אין זיך, וואָלט ער אין ווינקעלע,ביים פענצטער, אויך געפּרוּווט כאַפּן אַ דרימל.

פון דעססוועגן, יאָ, צי נישט שלאָפן, האָט ער אויך אַרויסגעדרייט ס׳לעמפּל. זיצט ער אַזוי, נתן חיים, אין דער איינגעפינצטערטער באַן, באַלויכטן בלויז פון צוויי פּיצעלעך לעמפּעלעך איבער די צוויי טירן פון ביידע זייטן וואַגאָן און קוקט אַ וואַכער דורכן פענצטער אין נאַכטיקן דרויסן, זעט אַלע ווייל אַן אַנדער איינגעשלאָפן שטעטל פאַרבייציִען און אָט גאָר איז דער צוג געבליבן שטיין. איצט, נאָכן פלוצימדיקן שטיִל ווערן פון דעם רעדער־געקלאַפּ, הערט זיך שאַרף די כראָפּען און שנאָרך קאַקאַ־פאָניע פון דעם שלאָפנדיקן עולם. ער הייבט אונטער דעם קאָפּ: קיין סימן פון אַ סטאַציע אין דער זייט, בלויז אין איין הויז, קעגנאיבער דער באַן, פון צוויי פענצטער, די איינציק באַלויכטענע, לייַכט זיך אַ רויט ליכט פון הינטער פוירהענגלעך אַפער. עמעץ הינטער אים האָט אַ גענעץ געטאָן: טראַי...

נאָך אַ ווייל אַזוי שטיין, האָט דער צוג ווידער גענומען רעדלען אויף זיין ווייטערדיקן וועג. ערשט איצט האָט דאָס ריטמישע רעדער־געקלאַפּ אים איינגעשלעפערט, נתן חיימען. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט — איז אַ קאַלט באַגינענדיקע בלויקייט געשטאַנען אין די וואַגאָן־פענצטער. אַ ביסל אַוועק פון די רעלסן האָט אַקעגנגעבליאַסקעט דער סט׳ לאָרענס טייך, אַ ברייטער, אַ מאַיעסטעטיש־בלויער. נענטער צו דער באַן איז אַקעגנגעלאָפן אַ רויט־געפאַרבטער שייער מיט אַ האַלב רונדן שטרוידאַך. אַ שוואַרצע קוִ מיט אַ ווייס שטערנדל, האָט פויל געקניט ביי דעם פאַרמאַכטן שייער־טויער און רוִיק מעלה־גרהט די אייגענע סלינע, אַ ווייסע, אַן אַראָפּהענ־גענדיקע, ווי צוויי וואָנסעס פון אירע מויל־ווינקלען. איבער די פעלדער איז געהאָנגען אַ לייַכטער נעפּל, ווי אַן אויפגעגאַנגענע פאַרע פון די גראָזן אַרויס. אין מיזרח־האָריזאָנט האָט זיך דער הימל געצונדן רויט. אַ נייער טאָג איז אויפגעגאַנגען.

דער וואַגאָן האָט זיך אויפגעכאַפּט. ס׳נעכטיקע גערודער איז אויף ס׳ניי אָנגעשטאַנען. ווייבער האָבן זיך געכאַפּט צו די פודער־קעסטעלעך. אין מיטן גענעצן געקוקט אין די שפּיגעלעך, געפּודערט די נעז, געלייגט פרישע שיכטן רוזש אויף די באַקן, אויף די ליפּן. מענער האָבן מיט די הוילע הענט געבאַרשט די הויזן, מיט די פינגער געקעמט די האָר. די באַן איז געהאַט אַרויף אויף דער סט׳ לאָרענס בריק. אַ שטאָל־געפלעכט האָט געשוועבט איבער די פענצטער, צעבראָכן די זון־שטראַלן און געוואָרפן די גאָלד־שפּליטערס אויפן אָנגעשמוצטן וואַגאָן־דיל. און אונטער דער בריק איז אַלץ

געפּלאָסן דער מאַיעסטעטישער סט׳ לאָרענס, אַ גלאַנציק־שפּיגלדיקער מיט דער נײַ אויפגעגאַנגענער זון איבער אים.

ענדלעך, נאָך אַ גאַנצער נאַכט רעדלען, איז דער צוג געבליבן שטיין: מאָנטרעאָל!

אויף דער פּלאַטפאָרם — אַ געאײַל פון אַקעגנקומער, צווישן זיי — באַן־טרעגער מיט און אָן האַנט־וועגעלעך. פלינקע חברה קריכן זיי דורך די פענצטער, דערלאַנגען אַרויס דאָס געפּעק צו די אַנדערע אויף די האַנט־וועגעלעך אַרויף. צו און בײַ די טירן — אַ געדרענג, אַ געשטופּ. אויף די וואַגאָן־טרעפּלעך שוין — אַ געהאַלדזעריי אַ געקושעריי. נאָר ער, נתן חיים, רירט זיך נישט פון זײַן ווינקעלע. קיינער לויפט אים נישט אַנטקעגן און ער נישט — קיינעם. שטאָט מיטלויפן מיט די אויגן אין דעם געדרענג אַקעגנקומערס, לויפט בײַ אים דער דמיון, אַלץ מיטן זעלבן אומרו: ס׳איז פּרייטיק באַגין. אַ פרעמדע שטאָט. מיטן אַדרעס אין וועסטלקעשענע, לאָזט ער זיך אויפזוכן איינעם, אַ קאָלעגעס אַ ברודער, שמואל ראשקין, וואָס ער דאַרף דאָ קריגן פּאַר אים די גייטיקע פּאַפּירן אַרויסצוראַטעווען די צוויי ייִנגערע שוועסטערלעך פון דעם אַנטיסעמיטיש־צעריושעטן פּוילן. וועט דער ייִד דאָס קענען פּאַר אים דורכפירן?

אָט איז ער שוין אויף דעם אַדרעס, נתן חיים. אַ קליינע הייזקע, אַ האַלבער שטאָק טרעפּ ציִען זיך פון טראָטואַר צו דער טיר. ער קלינגט אָן. אַ ייִד מיט אַ געלבלעך בערדל, אין שלאָפקאַפּל אויפן קאָפּ, אַ פּאָר דיקע ברילן מיט דראָטענע האַלאַבלעס איבער די אויערן, איז פויל צוגעקומען, געעפנט די טיר, אַ ווייל געזשמורעט דורך די אויגןגלעזער, ווי ער וואָלט אויף דער רגע קיינעם נישט געזען און באַלד זיך געכאַפּט:

— אָ, איר מוזט דאָס זײַן מאַאן שיִעס „פּרזשיאַטשעל״? ער האָט מיר טאַקע נעכטן בײַ נאַכט טעלעפאָנירט שיִע, נו, שלום עליכם, קומט אַרײַן.

— עליכם שלום, האָט אים נתן חיים, גאָר אָן אויפגעלעבטער געגעבן שלום: — טאַקע, שיִע האָט זיך מטריח געווען און אײַך טעלעפאָנירט?

— וואָס איז אײַך אַזאַ חידוש? שיִע איז פון דער ראשקין משפּחה. בײַ אונדז, אַז אַ טובה איז מיטן גאַנצן האַרץ. נו, זעצט זיך, זײַט מוחל, האָט דער ייִד צוגעפירט נתן חיימען צום טיש אין מיטן דעם פראָנטצימער און, ווי אָן אייגענער, אים גענומען באַדויערן. — איר זענט נעבעך כמו אַ נישׂרף. אײַ, אײַ, אײַ! דעם גאַנצן קאַפּיטאַל אייערן נעבעך פאַרלוירן?

נתן חיים האָט געהויבן די אַקסלען. אויפן מאַמענט נישט געכאַפּט זיך וועגן וואָס רעדט דער ייִד?

— וואָס הייסט וועגן וואָס? האָט דער ייִד אויך געהויבן די אַקסלען. מאַאַן שׂיִע האָט מיר אַלץ דערציילט. כּדי איר זאָלט קענען במנוחה שרייבן, האָט איר בשותּפות געקויפט אַ בעקעריי, איז אַלץ נעבעך אַוועק מיטן ווינט. נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן? דער אויבערשטער וועט העלפן, דערווייל איז פּרייטיק, דער טאָג שטייט נישט, איר'ט מוחל זיין זיך אַרומ־וואַשן, צו די חברה דאַוונער געהערט איר אַוודאי נישט. איך האָב שוין ב"ה געדאַוונט, 'עלן מיר עסן אָנבייסן, איר'ט זיך צולייגן אָפּרוען, איר זענט מיד פון וועג און מאָנטיק איה"ש 'על איך מיך זען מיט מיין פּראָנ־צויזל און מיט השי"ת'ס הילף, 'עלן אייערע צוויי שוועסטער זיין אין קאַנאַדע.

ער, נתן חיים, איז געזעסן ווי אַ פּריטשמיעלעטער פון דעם ייִדס גאַסטפריינדלעכקייט, צו וואָס האָט דאָס דער שׂיִע געטאָן? אַפּזאָגן דעם ייִד, האָט ער פּשוט נישט קיין האַרץ, ווידער אָננעמען דעם ייִדס האַר־ציקע פריינדשאַפט, איז ווידער ווי ביי מילכּה ברײַנדלען אין קאַנזאַס־סיטי: וואַשן זיך צום עסן, בענטשן, מיטגיין אין שול דאַוונען, זינגען זמירות, גאָט אין הימל, וואָס האָט דער שׂיִע פון אים געוואָלט? ניין! ער וועט דאָס שפּיל נישט מיטמאַכן! האָט ער אָנגעהויבן זייער שטיל און נישט דרייסט:

— מר' ראַשקין, אייער שׂיִע האָט אַ ביסעלע איבערגעטריבן, ער האָט טאַקע פאַרלוירן דעם אינוועסטמענט, אָבער קיין נישׂרף איז ער נישט חלילה, אַפּילו נישט אַ כּמו נישׂרף. ס'איז נאָך נישט אַזאַ רחמנות אויף אים. מילא וואַשן זיך און אָנבייסן דאָ, אַדרבה ואַדרבה, אָבער האַלטן דאָ שבת, חלילה. ער האָט דאָ אַ סך פריינד, חברים, ער וועט דאַרפן דעם שבת צעטיילן ביי דעם אַ ביסל, ביי יענעם אַ ביסל. דער עיקר ער איז אַ שׂכיר יום, זונטיק פאַר נאַכט גייט קריק דער צוג און ער דאַרף מאָנטיק אין דער פרי זיין אין שאַפּ, וואָלט ער געבעטן, אפשר וואָלט ר' שמואל ראַשקין נאָך היינט זיך געזען מיט דעם פּראָנצויז?

ווי אַ ייִד אַ בן תּורה, האָט דער ר' שמואל ראַשקין אים אויסגעהערט געלאַסן, כאָטש ער האָט ווויל געזען, נתן חיים, אַז ער איז דעם ייִד מצער, וואָס ער לאָזט זיך נישט, כאָטש אויף איבער שבת, אים מחזיר למוטב זיין (אומקערן אים צום גוטן), ער זאָל נישט מחלל שבת זיין און טאַקע יאָ גיין אין שול דאַוונען און כאָטש שבת עסן אַ כּשר מאָלצייט, אָבער בייטן? נישט ער קען, נישט מ'מעג און נישט ס'עט העלפן. ער

האָט געביסן די אונטערשטע ליפּ, דער ר׳ שמואל ראשקין, אַזש די באָרד האָט זיך אים פאַרהויבן, שיִער נישט ביזן מויל, נאָר געזאָגט האָט ער:

— נו, מאַ, ׳עלן מיר עפּעס איבערבײַסן און פּרוּוון טאָן נאָך היינט, נאָר כּדי צו זײַן זיכער, על איך פריִער טעלעפאָנירן, דערבײַ ציט ער אַרויס דעם זייגער פון וועסטל־קעשענע, כאַפּט אַ קוק און ווענדט זיך צום גאַסט: — איך רעכן עלף אַזייגער עלן מיר דאַרט קענען זײַן? איר פאַרשטייט, איך טרעף זיך מיט מײַן פראַנצויזל אין אַ קאַפע, איר ווילט דאָך אַוודאי מיטזיין? וועט איר זײַן מוחל אַרײַנגיין אין קאַפע פריִער, זיך צוזעצן בײַ וועלכן טישל, נישט איר קענט מיך, נישט איך קען אײַך. אין אַ פינף מינוט אַרום, ׳על איך נאָכקומען, זיך פאַרקלײַבן מיט מײַן פראַנ־צויזל אין אונדזער ווינקעלע און השי״ת וועט העלפן ׳עט אַלץ זיך ענדיקן צום גוטן.

— פּערעלע! האָט דער ייִד געשריגן אין קיך אַרײַן, — זײַ מוחל שטעל עפּעס צום טיש און צום גאַסט, נו, קומט זיך וואַשן. איין מאָל זאָגן שאָר־ידיכם, ׳עט אײַך, חלילה, נישט שאַטן. מאַאַן שיִע האָט מיר געזאָגט איר זענט אַמאָל געווען פון די ווויל־לערנערס, געדענקט איר נאָך אַוודאי אין די קליינע אותיותלעך.

— ער האָט געשמייכלט, נתן חיים, זיך געוווישט די הענט אין אַנ־דערן עק פון האַנטעך, צוזאַמען מיט דעם ר׳ שמואל ראשקין און, נאָכן האָבן געמאַכט המוציא און אַראָפּשלונגען דעם כּזית ברויט מיט זאַלץ, האָט ער געזאָגט, — שיִע האָט מיך גוט באַאַרבעט פאַר אײַך.

— קיין לשון הרע האָט מאַאַן שיִע, חלילה, נישט גערעדט אויף אײַך.

נאָכן אָנבײַסן, ביים טרינקען די טיי, האָט ער, נתן חיים, זיך אונ־טערגעשטעלט צו פרעגן, וואָס אים שטופּט די גאַנצע צייט זיך צו דער־וויסן:

— וויפל, ר׳ שמואל, וועט אים דאָס קאָסטן?

— נישט קיין סך, נישט קיין סך, חלילה! דאָ איז קאַנאַדע, נישט די „סטייטס", ווו מ׳רײַסט פון מענטשן די הויט. דאָס פראַנצויזל נעמט הונ־דערט טאָלער פון אַ מענטש נאָר דאָ האַנדלט זיך דאָך אין צוויי צוזאַ־מען, עט ער אים קוועטשן, אפשר ׳עט ער מרוצה זײַן אויף הונדערט און פופציק, טאָמער, חלילה, נישט, ׳עט מען אים מוזן געבן צו גאַנצע הונדערט. וואָס שייך אים, פאַר זײַן טירחה? לעולם נעמט ער אַ פופ־ציקער פון אַ פאַרשוין, בײַ מר׳ פײַנזילבער, שיִעס אַ „פרזשיאַטשעל" פון וואַרשע נאָך, ׳עט זײַן רעכט אַ פופציקער פאַר ביידע. ני, ווי מיינט ער, מר׳ פײַנזילבער? ס׳איז מיט „יאַנדעס"?

— אַ גרויסן דאַנק אייך ר׳ שמואל ראשקין. זאָל נאָר אַלץ גיין כשורה.

— מיט השי״ת׳ס הילף.

נאָכן געזעגענען זיך מיטן פראַנצויזל, באַגלייטנדיק אים צו דער טיר, איז דער ר׳ שמואל ראשקין צוגעקומען צו נתן חיימס טישל, זיך אַוועקגעזעצט קעגן איבער אים:

— נו, מר׳ פיינזילבער, איר ווילט דאָך אוודאי וויסן וואָס און ווען? דעם גאַנצן הונדערטער האָט ער זיך נישט געלאָזט אַראָפּקוועטשן, האָב איך אים געגעבן די הונדערט מיט פופציק און זאָל זיין אין אַ מזל־דיקער שעה.

נתן חיים האָט אים געדריקט די האַנט: — הלוואי. ווען רעכנט ער, ר׳ שמואל ראשקין, קען ער זיך ריכטן צו האָבן דאָ די שוועסטערלעך? און צי ווער ער דאַרפן קומען זיי באַגעגענען ביי דער שיף?

— וואָס שייך ווען, האָט דער ייִד זיך געפינגערט ס׳בערדל, איז שווער געגנוי צו זאָגן. ער רעכנט אַרום ניי־יאָר, זאָלן זיי, אם ירצה השם, שוין זיין דאָ. צי ער וועט דאַרפן קומען אַראָפּנעמען די שוועסטערן פון שיף? ניין, דאָס איז לגמרי נישט נייטיק. די שיף קומט אָן אין האַליפאַקס, זעצט מען זיי איבער אין באַן קיין מאָנטרעאָל און דאָ, האָבן מיר ב״ה דעם „היאָס״ וואָס וועט זיי שוין העלפן זיך שטעלן אויף זייערע פיס. אויך ער אַליין ר׳ שמואל ראשקין, וועט נישט שטיין פון וויטן.

נו, האָט נתן חיים אויסגעשטרעקט די האַנט:

— מר׳ ראשקין, אייער שי׳ע האָט גאָרנישט איבערגעטריבן וועגן זיין ברודער. אַ האַרציקן יישר כוח אייך.

דער ייִד האָט געהאַלטן נתן חיימס האַנט — נישט נייטיק אַזוי דאַנקען, אָבער וואָס לויפט איר שוין? אפשר דאָך האַלט איר שבת מיט אונדז?

— אַ דאַנק אייך מר׳ ראשקין, דאָס איז אים נישט מעגלעך.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ מילד־זוניקער סעפּטעמבער־טאָג. די לאָנקעס אַרום „מאָונט־ראָיאַל״ זענען נאָך געווען זאַפטיק־גרין. פרויען מיט ציכטיקע קינדער אין וועגעלעך האָבן געמיטלעך שפּאַצירט איבער די בלאַנק־ריינע טראָטואַרן. פון די קליינע הייזקעס קעגנאיבער, אַלע מיט דרויסנדיקע, האַלבגעדרייטע טרעפּ, האָט געשמעקט מיט הרחבה, מיט קליינשטעטלדיק, רויִק לעבן. ער איז געגאַנגען פּאַוואָליע, נתן חיים, גע־קוקט אויף דעם ריזיקן באַרג, אויף דעם גרויסן צלם איבער אים, נאָר געטראַכט האָט ער וועגן דעם ר׳ שמואל ראשקין: „וואָס פאַר אַ לוי־

טערער ייִד! וואָס פאַר אַ געבענטשטע משפחה די ראשקינס זענען. אַלע פינף זין זענען דאָך אַזוי, אַלע לומדים, אַלע זיידענע ייִדן, אויך שיִע איז דאָך אַזאַ. יאָ, דעם ר׳ שמואל ראשקין האָט ער געמעגט געטרויען די גאַנצע הונדערט דאָלער פּאָרויס. איצט מעג ער רויִק גיין זיך באַקענען מיט מאָנטרעאָל״.

## קאַפּיטל זעקסאונפערציק

דער ווינטער האָט זיך געהאַט געשטעלט פרי, איידער מ׳האָט זיך אומגעקוקט איז געווען ניטל און אָט שוין — ניי־יאָר!

פאַר זייער אַריינציִען זיך אין דעם קאָאָפּעראַטיוון הויז, האָבן זיי, נתן חיים און בתיה, נישט געפּראַוועט קיין „פּאַרטיס" ביי זיך אין הויז. מיט פריינד פלעגט מען זיך טרעפן צו אַן אויסשטעלונג, צו אַ קאָנצערט, אַ מאָל — אין אַ טעאַטער. ערשט אַז גאָדעלע איז געבוירן געוואָרן און מ׳איז געווען צוגעבונדן צו דער שטוב, האָבן זיך אָנגעהויבן די „פּאַרטיס", אַ מאָל ביי זיי, אַ מאָל ביי באַקאַנטע. דער עיקר אָבער זענען געווען די ניי־יאָר „פּאַרטיס", וואָרעם די „סילוועסטער"־אָוונטן זענען נאָך געווען אַ „מוז" אין דער אַלטער היים. ווו איינער צי איינע האָט נישט געהאַט זיין צו איר „אָפּלאָג", אין „גראָסער קלוב", צי אין דער „אַרבעטער־היים", אַפילו אין „מרכז", אומעטום איז געפייערט געוואָרן „סילוועסטער"־אָוונט מיט אַ „ניי־יאָר פּאַרטי".

לכּבוד דעם אַריבערציִען זיך אין די קאָאָפּעראַטיווע־הייזער, האָבן זיי, בתיה און נתן חיים, געגרייט דעם אָנקומענדיקן „סילוועסטער"־אָוונט ביי זיי אין דער היים. וואָכן פריִער איז שוין דאָס פּאַרפאָלק געווען „ביזי" מיט פּלאַנירן, מיט טראַכטן וועמען פון די פיל באַקאַנטע יאָ און וועמען פון זיי נישט צו פאַרבעטן צו דער געשעעניש. דערנאָך, „ערב־טראַסק", איז מ׳ערשט פאַרשמייעט געווען מיטן איינקויפן די אַלערליי נאַשוואַרגן, די פאַרשידענע פרוכט און „ווייכע־געטראַנקען", אָבער דער עיקר — „עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין"! אַז דאָס צונויפקומען זיך, הייבט מען אָן ניין אין אָוונט און דאָס „רעכטע־געדעכטע" ברעכט ערשט אויס צוועלף אין האַלבער נאַכט און ציט זיך אַוועק ביזן ווייסן טאָג אַריין, ווילן דאָך חברה עסן! און געדענקען מוז מען אַז אָט דאָס יונגוואַרג, וואָס ערשט אָ, האָט עס „געפּעכניעט אויפן פּיסק" נאָך אַ שטיקל ברויט אין דעם, פון הונגער־געשוואָלענעם וואַרשע, האָט זיך שנעל, ווי נאָר מ׳איז אַריבערגעקומען אין דעם מיט זעט־געבענטשטן אַמעריקע, צוגעוויינט צו אַ גוט שטיקעלע „סטוירדזשן", אַ פיין שניצל לאַקס אויף אַ בייגל מיט „קרים־טשיז" ((סמעטענע־קעז) און ווו זענען די אויפשניטן? די „סאַ־

לאַמי און פּאַסטראַמי״ (וואורשטן), אַ שטיקעלע הייסן „קאָרנדביף״ מיט אַ זויער אוגערקעלע, אַן איינגעזייערטע טאָמאַטע, און אַז כּשר האָט מען שוין אין דער אַלטער היים נישט געהיט, ווילט זיך נאָך די פלײשן אַ שטיקעלע שווייצער־קעז, און צו דעם אַ פרישער פּענעץ קאָרן־ברויט מיט פּוטער און אַ שמעקעדיק טעפּעלע קאַווע מיט שמאַנט.

איז דער נאַש און פרעס געווען איר, בתיהס זאָרג. זיין, נתן חיימס אַפּטייל איז איינצושאַפן די שנאַפּסן, ליקער און ביר. אַוודאי ווייסט מען אַז אין אַמעריקע איז „פּראָהיבישאָן״, אָבער „סילוועסטער״? ווי קען מ׳פאַרשווענכן אַזאַ יום־טוב אָן אַ קאַפּעלע אויף לחיים? אויך דאָס איינ־קויפן די אַלערליי נאַרישוואַרגן זענען אין זיין, נתן חיימס אַפּטייל. ווי זשע איז מעגלעך סילוועסטער אָן אַ פאַרביק מיצל אויפן קאָפּ? ערשט דאָס אויסצירן די שטוב? סילוועסטער־אָוונט וועט נישט זיין סילוועסטער אַז מ׳וועט נישט באַהענגען די שטוב מיט פאַרביקע סטענגעס, פלאַכע און געדרייטע, וואָס ציִען זיך אויס און לויפן קריק איַין. און, אויף די סטענג־געס, פאַרצויגענע אונטערן סופיט פון איין ווינקל צום אַנדערן, ווערן ערשט צעהאַנגען קאָלירן־פּאַפּירענע לאָקשן, וואָס ווינטלען זיך אין דער לופט, פאַרשאָטענען און פאַרוויכן דאָס ליכט, וואָס אונטערן סופיט, אַזוי, אַז שוין ביים אַריינקום פילט מען: „ס׳איז יום־טוב, סילוועסטער אויף דער וועלט״! דערצו נאָך האָט ער, נתן חיימל, נאָך אַ „סטאַנט״ (אַן איינ־פאַל), ער האָט אָנגעבלאָזן צוויי טוץ קאָלירקע באַלאָנדלעך און זיי אַרויפגעלאָזט אונטערן סופיט כּדי, ווען דער זייגער וועט שלאָגן צוועלף און דורך דעם ראַדיאָ וועט זיך אָנטראָגן דער געטומל, די געשרייען און געפייפערייען, וואָס ברעכן אויס אויף טיימס־סקווער, לכּבוד דעם אָנקום פון נייעם יאָר, זאָל יעדער דאָ, אויף דער פּאַרטי, כאַפּן אַזאַ באַלאָנדל, אַ פּאַטש טאָן אין דעם עס זאָל פּלאַצן מיט אַ קנאַק!

געוויינלעך, אַז אין אַ שטוב קומען זיך צונויף איבער צוויי צענדליק אירע, ווערט אין הויז פריילעך נאָך איידער „וואָס און ווען״. ווער שמועסט נאָך „סילוועסטער״, ווען מ׳נעמט „צו ביסלעך״, ווער אַ „סקאָטש״, ווער „אַ קענעדיען־קלאַב״ און דאָס ווייבערוואַרג — אַ זיסן ליקער, ווערט ערשט רעכט פריילעך און מ׳האָט די אמתע הנאה פון דעם ביסעלע „פּראָהי־בישאָן״ אין אַמעריקע.

איז דער „לחיים״, דער אַריינפאַר, וואָרעם נאָך דעם לחיים, הייבט זיך ערשט אָן די אמתע פריילעכקייט מיטן „שפּיל אין באָטל״ (פלעשל־דריי)! מיט דעם שפּיל הייבט זיך דאָך אָן דאָס „רעכטע־געדעכטע״, דאָס ניי־יאָר־קושעניש! אמת, אין מיטן יאָר אויף אַ „פּאַרטי״, שפּילט מען אויך

אין „באָטל״, אָבער דאַן איז דער קוש, וואָס עס גיט דעם פלעשל־דרייער יענער אָדער יענע, ביי וועמען דאָס פלעשל שטעלט זיך אָפּ פון געדריי, אַ קאַלטער, אַ וואָכעדיקער קוש. סילוועסטער־אָוונט אָבער, איז דער קוש אַזאַ, אַז דער מאַן, וואָס זיין ווייב ווערט אַזוי געקושט, אָדער דאָס ווײַ־בעלע, וואָס זעט איר מאַן אַזוי קושן „יענע״, קריגן גרימעניש אין די בייכער, אַז מ׳איז גרייט צו פאַרפאָרן דעם קושער אין מאָרדע, און „איר״, אויסגראַטשען ס׳שיינע פנימל. איז אָבער סילוועסטער און ס׳איז „קוש מאָטיע און זאָל יענער, אָדער יענע, קוקן און פּלאַצן!״

איז דאָס בלויז דער אָנהייב, ווען מ׳איז נאָך ניכטער און מ׳ווייסט ווער עס קושט אוז ווער עס ווערט אַזוי געקושט, אָבער שפּעטער, נאָכן האָבן ווידער גענומען „צו ביסלעך״ בפרט נאָך אַז עמעץ האָט אַזוי גע־שיקט און אין צייט אויסגעלאָשן די עלעקטריע און קיין זייטיק אויג האָט שוין נישט געזען ווער — וועמען...

אויף דעם סילוועסטער־אָוונט האָט ער, נתן חיים, געהאַט געוואָרפן אַן אויג אויף ווירא, די איינציקע נישט חתונה געהאַטע, צווישן די צוועלף פּאָרלעך דאָ. אַ שטאַלטנע מיידל פון אַ יאָר דרײַ — פיר און צוואַנציק, אַ דין פיגורל אין אַ פייערדיק־רויט קלייד, ענג געפּאַסט אַרום ביוסט און ענגער נאָך אַרום די היפּטן, ברייטלעכע, פולע, איז זי געווען פול מיט ווייבלעכן רייץ. דערצו זענען אירע האָר, ווייכלעך־געכוואַליעטע, אין אַ מיטלסטן שרונט פאַרקעמטע, געווען אַזש בלוי פון שוואַרצקייט און אַזוי אירע אויגן, קלוגע ציגיינער־אויגן, וואָס האָבן אים, נתן חיימען, אַ ברי געטאָן, יעדערס מאָל וואָס ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף איר.

וואָס אַן אמת, דאָס האָט ער זי פאַרבעטן, נתן חיים, נאָכן האָבן זי געטראָפן ביי פריינד אויף אַ פּאַרטי. דאָרט אָבער אויף יענער פּאַרטי, איז בלויז צווישן זיי געווען אַ לייכטער פלירט, זיך געמאַכט קאָמפּלי־מענטן, זי אים — צוליב זיינע גרוי־גרינע, וואָלפיש, דורכדרינגענדיקע אויגן, — ער — איר, צוליב איר רייצנדיקער פיגור. היינט אָבער, אויף דעם סילוועסטער־אָוונט ביי זיי אין הויז, בפרט נאָכן האָבן געטרונקען מיט איר אַ „פאַרפלאָכטענעם״ סקאָטש, זי מיט איר גלעזל דורך זיין אָרעם, ער מיט זיינס דורך אירן, ביידע גלייך צוגעטראָגן די גלעזלעך צו די ליפּן, איז שוין נאָך דעם זייער קאָנטשאַפּט געווען אַ געשלאָסענע, איז ווי נאָר די עלעקטריע איז געווען אויסגעלאָשן, האָבן זיך די צוויי לייט פאַרקליבן אין שלאָפצימער און שטייענדיק נאָך, איידער ער האָט זי באַ־וויזן, שיער נישט, צו צוטראָגן און אוועקזעצן זי אויפן בעט, האָבן זיי זיך שוין געהאַט איינגעהעפּט איינע אין אַנדערנס ליפּן, זיך געדריקט, זיך

געקנײלט און זי האָט אים הייס געמורמלט אין אויער, בײסנדיק עס, שיער־נישט ביז בלוט:

— אָ דיר, יו נאָו האו טו לאָוו. (אָ, טייערער, דו ווייסט ווי אַזוי צו ליבן)!

אַזוי גיך אָבער ווי דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף, דורך דער ראַדיאָ האָט זיך פון טיימס סקווער אָנגעטראָגן דער ערשטער אויסגעשריי: „העפּי ניו יִיער"! און אין פראַנטצימער איז קריק געוואָרן ליכטיק, האָבן נתן חיימל און ווערא גיך אַרײַנגעשלײַכט זיך צוריק צווישן געזעמל און ערשט דאָ, צוגלייך מיט אַלע, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לעגיטימע קושעניש, דאָס פרייע געהאַלדזעריי: „העפּי ניו יִיער" (אַ פריילעך ניי־יאָר) און אַלץ מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ התלהבות, אַזש די מיצלעך, די קלאָרניש־שפּיציקע, די רונדיק־פלאַכע מיט גלעקלעך אַרום און די קאָמיש־פיר עקיקע, אָט די אַלערליי פאַרביק פּאַפּירענע מיצלעך, האָבן זיך געהאָט אַראָפּגערוקט פון די קעפּ, ביי ווּעמען אַהינטער צום קאַרק, ביי ווּעמען אויף אַן אויער און ביי ווּעמען גאַר אויף דער נאָז אַרויף.

שוין ביים אַרײַנקומען קריק האָט ער, נתן חיים, אַזוי זײַטיקלעך אַ קוק געטאָן אויף איר, בתיהן, אין מיטן דעם צערוישטן קרענצל. מילא, ווי באַרוישט און פאַררויטיקט ער אַליין איז געווען, דאָס האָט ער דאָך נישט געזען און גאָרנישט געטראַכט דערפון. ער האָט אָבער יאָ געזען, גלייך ביים אַרײַנקום דערזען, ווי רויט און צעהיצט זי, בתיה, איז. געזען, און שוין האָבן זײַנע בליקן גענומען לויפן איבער די פּנימער פון די קאַוואַליערן. מיט ווּעמען פון זיי האָט דאָ בתיהלע אין דער פינצטער געקענט אַזוי הנאהדיק זיך קושן? אַלע זענען באַרוישט און צעהיצט ווי די ביקעס, ביי אַלע אויף די באַקן, אויף די אייבערשטע ליפּן און מויל־ווינקלען, אויף די העמדקעלנער, אומעטום, הענגען צעשמירטע, פול־פּאַרמיק רויט־אָפּגעפּרעסטע ליפּן און ליפּעלעך פון די ווײַבערישע קושן, ווי ביי זיי, די ווײַבלעך אויף די העלדזער — די שוואַרץ־בלויע צייכנס פון מאַנצבילשע, תּאַווהדיקע ציין. איז ווּעמענס ציין האָבן דאָס איבערגעלאָזט אַזעלכע שוואַרץ־בלויע שיניאַקעס אויף איר, בתיהלעס האַלדז?

זענען דאָס זײַנע אויגן, נתן חיימס, אַזוי גיך און פאַרשנדיק געלאָפן איבער אַלעמענס געזיכטער און זיך אָפּגעשטעלט אויף לעאָנען, לעאָן סימקינס פּנים. מיט אים, יאָ, מיט אים האָט בתיהלע זיך אַזוי הייס־תּאַוּוהדיק געקושט.

אָפּגעפּאַסט ביי זיך אַז דאָס איז ער, האָט שוין דער דמיון, נתן חיימס, גענומען פיבערן, מאַכן פון דעם לעאָן סימקין אַ גאָרנישט מיט

אַ נישט! „וואָס האָט בתיהלע אַזוינס געזען אין אים? טאַקע אַ שטאָלט־נער, אָבער — אַזוי פּעטלייביק! די טונקל שאַטינע האָר זענען אים, צו זיינע צוויי און צוואַנציק יאָר, שוין אַזוי קרענקלעך פּליִעגדיק, צעקריכן זיך שוין, אָט־אָט בלייבט ער מיט אַ ליסינע איבערן גאַנצן קאָפּ. אמת, ער האָט אַ פּאָר מילד־בלויע אויגן און זינגט גאַנץ שיין. און אַז ער זינגט שיין — איז וואָס?"

האָט ער דאָס אַלץ געזען, נתן חיים, געזען און פאַרשטאַנען אויך און דאָך! דאָך האָט דער וואָרעם פון אייפערזוכט גענומען אים גריזשען און ווי ער איז געווען פאַרנומען מיטן עפענען די קלאַפּעס פון טיש, פאַרנומען מיטן אַריינבערענגען און צושטעלן צו דעם אויך דעם קיכטיש, מיטן טראָגן צור־גלייך מיט בתיהן פון אייזקאַסטן אַרויס די געגרייטע פּולמעסאָקן מיט פּרעס, די פּלעשער מיט זויף, זענען דאָך די בליקן זיינע כסדר געהאַנגען אויף די שוואַרץ־בלויע שיניאַקעס אויף בתיהס האַלדז, דערביי האָט ער אַליין געשטוינט: „ווי איז דאָס מעגלעך? די אייפערזוכט פרעסט זיין האַרץ און קיין פּאַרדרוס אויף איר פילט ער נישט! איז עס ווייל ער האָט אויך דאָס אייגענע געטאָן מיט דער ווערא אין שלאָפשטוב?

איז ער, הייסט ער, „קוויט" מיט איר פאַר דעם קושעניש, דאָך פרעסט אים דער וואָרעם פון אייפערזוכט: „וואָס אַזוינס האָט בתיה דערזען אין דעם סימקינען? זיינע בלויע אויגן? זיין קענען זינגען? איז דאָס טאַקע אמת. ער, נתן חיים, קען נישט זינגען און האָט נישט קיין בלויע נאָר גרוי־גרינע אויגן. נאָר זענען דען בלויע אויגן און קענען זינגען די געגאַרטע אייגנשאַפטן וואָס מיידלעך זוכן אין אַ מאַן? וווּ איז פּערזענלעכקייט? מאַנצבילשער שטעל? און וואָס מכּוח האָבן עפּעס אייגנס? אמת, ער איז נישט קיין נאַר, לעאָן סימקין, אָבער נישט זיין קיין נאַר מיינט נאָך נישט האָבן אויפבליץ פון געדאַנק און אַוודאי מיינט עס נישט האָבן טאַלענט צו געבן אויסדרוק דעם אייגענעם איך. און אפשר טאַקע דאָ, אין זיין נישט האָבן קיין פּערזענלעכקייט, קיין שאַרף אינדיווידועלן כאַ־ראַקטער, נאָר זיין אַזוי ווייך, אַזוי מילד־ליבלעך, אַז אין אָט די פלאַכע, נישטיקע אייגנשאַפטן, ליגט דער „עפּעס" וואָס ציט אַזוי בתיהן צו אים? כאָטש אויך דאָס איז אים קשה, נתן חיימען. לויט ווי ער מיינט, זענען עס דאָך גראָד די קעגנזאַצן וואָס ציִען איינע, אָדער איינעם, צום אַנדערן. ווי זשע פּאַרט זיך עס דאָ? זי אַליין, בתיה, איז דאָך אַ מילדע נאַטור.

נאָר אַזוי צי אַזוי, דער דמיון זיינער, נתן חיימס, האָט געפיבערט, געפרעגט און זיך אַליין געענטפערט, אָבער דאָס האָט קיינער אויסער איר, בתיהן, נישט געאַנט און אַוודאי נישט געוווּסט, נישט געזען. געזען נאָר

האָבן אַלע ווי ער האָט זיך געפּאָרעט, געשמייכלט ליב, צוגעבערענגט נאָך אַ פּולמעסאָק מיט אויפּשניטן, נאָך פלעשער מיט געטראַנקען, געטאָן אַ פּלירט מיט דעם ווייבל, אַ הלצהלע מיט יענעם פריינד, דערבײַ גע־וואָרפן זייטיקלעכע בליקן צום זייגער אויף דער וואַנט. שטייט ער, דער זייגער? וואָס זשע רוקן זיך די ווייזערס אַזוי פּאַוואָליע, אַזוי קריכנדיק און פאַר וואָס פאַלט קיינעם נישט אײַן זיך אַנהייבן צו פאַרנעמען אַהיים, ער זאָל שוין ענדלעך קענען בלייבן מיט איר, בתיהלען, אויג אויף אויג!

פון דעסטוועגן האָט די צייט זיך דאָך גערוקט און פּאָרל נאָך פּאָרל האָבן גענומען זיך אַנטאָן, אַריינקריכן אין די שניי־באָטנס און פאַרלאָזן ס׳הויז. כלומרשט באַדויערנדיק באַגלייט ער, נתן חיים, אַלעם צו דער טיר, ווידער צעקושט מען זיך, ער מיט די ווייבלעך און זי, מיטביידן און ווידער ווינטשט מען זיך „עי העפּי ניו יִער״, דערמאָנט זיך פּלוצים טייבעלע סימקין אַז ווי וויל ס׳איז שוין באַלד פיר פאַר טאָג, דאַרף איר לעאָן אויפשטיין זעקס דרייסיק און איילן מיט דער סאָבווײַ „דאָון טאָון״ אין אָפיס צו דער אַרבעט. פאַר די אַרבעטער אין שאַפּ איז טאַקע מאָרגן ניי־יאָר, אָבער לעאָן איז אַ סיילסמאַן, און די סיילסלייט, ווי די באָסעס מוזן „אַריינקומען״, אין ברען פון סעזאָן קענען זיי נישט האָבן „אָף״. אַז ער זאָל איצט, לעאָן, נעמען אַהיימגיין! ווען אַפילו אָט באַלד דערנעבן, ווערט צעריבן אַ שעה, דערצו „מאַכט ס׳קינד ציינדלעך״ און לאָזט נישט צוטאָן קיין אויג. וואָלט זי וועלן זיי בעטן, די פיינזילבערס, אויב זיי האָבן נישט קעגן, ער, לעאָן זאָל דאָ בלייבן שלאָפן אויף דער קאַנאַפּע. זאָל ער כאָטש האָבן עטלעכע שעה שלאָף.

צי זי, בתיה, איז יאָ אָדער נישט צופרידן געווען צו האָבן לעאָן סימקין נעכטיקן דאָ, איז נישט ער האָט געוווּסט, נתן חיים, און נישט ער האָט געפּאָרשט איר געזיכט זיך דאָס צו דערוויסן, נאָר אַז ער איז שטאַרק צופרידן געווען פון דעם, האָט ער געוווּסט. עפּעס אַ טײַוולי־שער דראַנג איז אין אים אַנגעשטאַנען. „אָט איצט, מיט לעאָנען אין פראָנטשטוב, וועט ער האָבן אַ געלעגנהייט צו דערגיין צי דאָס קושעניש ביי זיי איז פאַר בתיהלען געווען בלויז אַ סילוועסטערדיק הוליע־טאָן, אָדער עס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן וועבן אַן אַפּערעלע צווישן איר מיט לעאָן סימקין, אַן אַפּערעלע הינטער זיינע פּלייצעס״.

## קאַפּיטל זיבנאונפערציק

אָפּגעהוליעט, אָפּגעטומלט איז דער עולם אַוועק און די געבענטשטע שטילקייט, אַן אַרויסגעטריבענע אויף אַזוי פיל שעהען, איז ענדלעך צו־ריקגעקומען, קריק אָנגעהויערט אין דער שטענדיק־שטילער, געמיטלעכער היים. דער געבליבענער גאַסט, לייבל סימקין, וואָס מינוטן צוריק האָט ער זיך געריסן דעם גאַרגל, געמאַכט פון זיך אַ בלאַזן און נאָך אַלץ גע־מיינט ער זינגט, איז איצט געזעסן ביים טיש מיט אַן אויפגעקניפּטן שניפּס, אַ צעקנעפּלט העמד און געגענעצט. זי, בתיה, קעגנאיבער אים — אויף דער קאַנאַפּע, אַ בלאַסע, אַן אויסגעשעפּטע פון די כוחות, האָט מיד געקוקט אויף דעם שטאַנד אין שטוב, אויף דעם לאַנגן טיש פול אָנגע־שטעלט מיט טעלער און פולמעסאָקן מיט דעם איבערגעבליבענעם פרעס, אויף די פלעשער, האַלבע נאָך מיט געטראַנקען, אויף די טעפּעלעך מיט ביסלעך קאַווע, די טעצעלעך אונטער זיי, פול מיט אָפּגעשאָקלטן אַש, און נישט דעררייכערטע שטיקלעך פּאַפּיראָסן. בלויז ער איינער, נתן חיים, וואָך ווי דער שׂטן, ווי אַ מעפיסטאָפל, איז געזעסן ביי אַ פענצטער, דעם רעכטן אָרעם, אַן אויפגעשטעלטער אויפן פּאַראַפּעט, אַ האַלב פּנים מיט דער גאָמבע אין דער האַנטפלאַך, האָט ער פאַרשעריש געפירט דעם בליק פון לעאָן סימקין צו בתיהן און באַלד צוריק פון בתיהן אויף לעאָן סימ־קינען.

„וואָס אַזוינס האָט די בתיה דערזען אין דעם גאָרנישט? עטלעכע שעה הוליען און זע נאָך וואָסער שמאַטע פון אים איז געוואָרן"?

בתיה, צי זי האָט דערפילט נתן חיימס בליק אויף זיך, צי זי האָט זיך פון זיך אַליין איבערוועקט, סיי ווי האָט זי אַ מורמל געטאָן: „פון זיצן וועט גאָרנישט ווערן" און אויף גיך גענומען אַראָפּרוימען פון די טישן, איז אויך ער, דער מאַן, צוגעקומען אַריינטראָגן די פולמעסאָקן און טעלער אין קיך, נאָר די טישן צענעמען געלאָזט אויף מאָרגן.

געוויינלעך, אויסבעטן אַ געלעגער פאַר עמעצן, וואָס בלייבט אַ מאָל ביי זיי נעכטיקן, איז זיין, נתן חיימס עובדה. איצט האָט ער זיך קריק־געזעצט ביים פענצטער און געלאָזט זי, בתיהן דאָס טאָן, דערביי האָט ער מיט ווייטיק אין האַרץ געקוקט איר אויף די הענט, וואָס טאַפּן מיט אַזוי

פיל זאָרגעוודיקייט צי דאָס אויסגעבעטע געלעגער אויף דער קאַנאַפּע, איז ווייך גענוג פאַר לעאָנען צו שלאָפן דערויף. נאָך דעם האָט ער גע־קוקט ווי צאַרט איר האַנט באַרירט דעם קאַוואַליערס אַקסל: — לעאָן, אייער געלעגער איז געמאַכט, גייט שלאָפן.

איצט, אַז בתיה איז אַריין אין שלאָפשטוב, איז ער אויפגעשטאַנען, נתן חיים, פאַרשלאָסן די דרויסנטיר, אַ דריק געטאָן דאָס קנעפּל צו פאַרלעשן די עלעקטריע און איר נאָכגעקומען אין שלאָפשטוב אַריין. אין נאַכטהעמד שוין, איז זי געשטאַנען לעבן גאָדלעס בעטעלע, זאָרגעוודיק איינגעדעקט דאָס קינד און זיך געלייגט אין בעט אַריין.

— וואָס שטייסטו, נתן חיים, נישט צייט נאָך צו גיין שלאָפן?

ער האָט געטראַכט: „יאָ? נישט?" און אָפּגעפּאַסט ביי זיך: „ביין, איצט איז נישט די צייט צו נעמען זי, בתיהלען, אויף אַ פאַרהער. צי דאָס איז געווען די צעהוליעטקייט, דאָס האָבן היפש אַריינגעטרונקען, סיי ווי, זיין גאַנץ געביין האָט געפיבערט, געפיבערט מיט באַגער צו איר, בתיהן, עפּעס ווי זי וואָלט גאָרנישט געווען זיין ווייב. איז דאָס געווען צוליב איר אַזוי תּאַווהדיק זיך האָבן פריִער געקושט מיט דעם לייבעלע סימקין? אוודאי האָט דער מאַן אירער זי אַלע מאָל שטאַרק באַגערט, זי געקושט און געהאַלדזט בעתן זיין מיט איר. אָבער אַלע מאָל איז דאָס געווען נישט בלויז ליבע, נאָר אויך ליבשאַפט, גרויסע, געלייטערטע ליבשאַפט. איצט, צו זיין גרויס שטוינען, איז דאָס געווען בלויז באַגער צו איר לײַב. און וואָס נאָך מער אים האָט געשראָקן: אין רעכטן מיטן פון דעם, וואָס איז אַלע מאָל ביי אים די העכסטע גליקזעליקייט, ווען זי און ער ווערן, טאַקע ווי אין פּסוק שטייט, צו איין נשמה, איין לײַב, האָט גאָר עמעץ אין אים, ווי אַ נישט־גוטער, געלאַכט אויס אים, געכי־כיקעט אים אין פּנים: „נתן חיימל, האָסט אַ טעות! דאָס איז נישט בתיה! דו ליגסט מיט אַ פרעמד ווייב, מיט לעאָן סימקינס געליבטע. דערפאַר איז דיר איצט אַזוי זיס דאָס קושן זי, אַזוי שמעקעדיק דיר דער אָטעם אירער און דערפאַר גלעטסטו מיט אַזאַ ציטער די געטאָקטקייט פון אירע אַקסלען, דעם סאַ־מעט־ווייכן רונד פון אירע אָנגעקוואָלענע, אַזוי רייצנדיקע בריסט.

איז דאָס אַלץ געווען פריִער, פאַר דעם גיין צו איר אין בעט ליגן מיט איר, איצט אָבער, אַז דער גלי אין אים איז געווען פאַרלאָשן, האָט ער זיך געכאַפּט אַז דער אין אים, וואָס האָט פריִער אַזוי געלאַכט אים אין פּנים, איז געווען גערעכט: בתיה איז נישט געלעגן מיט אים. נאָך איצט איז זי מיט לעאָן סימקין. אויב זי איז נישט געווען פריִער און איז נישט אויך איצט מיט לייבעלען, פאַר וואָס זשע האָט זיין גאַנצע צערטלעכקייט זי

נישט געווירט און דער אומגעהויערער פּלאַם אין אים, האָט זי נישט אָנ־געצונדן אויף אַ רגע? אַוודאי האָט זי זיך אים געגעבן, אָבער קאַלט, ווי איבערצוקומען.

האָט טאַקע איצט, נאָך די איבערטראַכטענישן, דער וואָס אין אים געקראַגן די אויבערהאַנט און שוין גענומען אים שטופּן אויסצופרווון זי, בתיהן, טאַקע איצט, נאָכן האָבן געווען מיט איר, זאָל ער, זיך דער־וויסן צי דאָס פּריערדיקע קושן זיך מיט לעאָנען איז געווען בלויז „סילווער־סטער־שיכּרות", אָדער איז דאָס אַ דראַנג אין איר, אַ טיפער דראַנג צו דעם סימקינען. האָט ער זי, נתן חיים, מיט געמאַכטער צערטלעכקייט אויף ס'ניי אַרומגענומען, געקוקט איר כּלומרשט זייער פאַרזאָרגט אין די אויגן:

— טייערע, וואָס שלאָפסטו נישט? עס ציט דיך צו לעאָנען? שעם דיך נישט! איינליבן זיך אין אַן אַנדער מאַן, ווי אַ מאַן אין אַן אַנדער פרוי איז זייער מענטשלעך און מען דאַרף נישט אַזאַ געפיל אונטערדריקן, און עס העלפט נישט אויך. לעאָן אין פראַנטשטוב שלאָפט אַוודאי אויך נישט, ווי דו שלאָפסט נישט דאָ, איז צו וואָס זיך קוועלן? ער, נתן חיים, אויף איר אָרט, וואָלט נישט איבערגעטראַכט קיין צווייט מאָל! גיי בתיה, גיי אַריין צו אים.

זי האָט אונטערגעהויבן איר קאָפּ, בתיה, דורך דער טונקל געקוקט אים אין די אויגן, געפאָרשט אים, מיינט ער טאַקע אַז אַזוינס געשעט צווישן פאַרפעלקער? און מעג מען אַזוינס? אָדער אפשר פּרוווט ער זי אַזוי אויס? שיִער נישט אין געבייזער האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— דריי מיר נישט קיין קאָפּ, נתן חיים, איך בעט דיך, גיי שלאָפן!

ניין, שלאָפן איז ער נישט געגאַנגען, נתן חיים, בלויז אָפּגערוקט זיך פון איר און געבליבן ליגן מיטן פּנים אַרויף, די לעדנדלעך איבער די אויגן פאַרמאַכט, ווי ער וואָלט זי טאַקע געפאָלגט און געפּרוווט איינ־שלאָפן. אין דער אמתן איז זיין גאַנץ געביין געווען וואַך, ווי דער מוח וואָלט אים געהאַלטן ביים פּלאַצן און דער דמיון איז געלאָפן: „נתן חיים, גענאַר זיך נישט: אויב אין דעם איצטיקן צוזאַמען זיין האָסטו בתיהן נישט אָנגעצונדן, נישט מיטגעריסן זי אין דיין ליידנשאַפט, האָט זי דיך נישט ליב! זי האָט חתונה געהאַט מיט דיר, ווי פיל מיידלעך האָבן חתונה מיט ווערמען זיי קומט אונטער, איידער די יוגנט זייערע גייט אַוועק און זיי הייבן אָן ווערן, אַלט ווערן. אַוודאי איז זי דיר געטריי, היט אָפּ דיין געזונט, אָבער דאָס איז נישט אויס ליבשאַפט צו דיר, נאָר ווייל זי איז בטבע אַ געטרייע, אַן ערלעכע, אָבער די ערלעכקייט האַלט אָן ביי

פרויען ביז וואַנען עס קומט זיי אונטער אַ מאַן, וואָס אים קריגן זיי אויף אַן אמת ליב, דאַן איז אויס מיט דער געטריישאַפט צום אייגענעם מאַן. מוזסטו טאַקע איצט זען ווי ווייט דאָס היינטיקע קושעניש אירס מיט דעם לעאָנען האָט זי פאַרכאַפּט״!

ער פילט, נתן חיים, ווי אַ שווייס איז אַרויס אויף זיין שטערן, ער וויל אים אָפּווישן דעם שווייס, אָבער ער וואַגט נישט זיך אַ ריר צו טאָן, ליגט כּלומרשט רויק, אָטעמט שווער, מאַכט זיך כראָפּען, אָבער ס׳געהער זיינס איז אָנגעשפּיצט, הערט ווי לייבעלע סימקין דרייט זיך דאָרט, די קאַנאַפּע אונטער אים קרעכצט, סקריפּעט: „האָבן זיי זיך אָפּגערעדט זי זאָל קומען צו אים, ווען ער, דער מאַן אירער, וועט איינשלאָפן? און אפשר איז זייער אָפּרעדן זיך די סיבה פון זיין בלייבן דאָ שלאָפן? אמת, זייער יולעקל, מאַכט טאַקע צייגדלעך, אָבער וואָס עפּעס גראָד די נאַכט וועט אים ס׳קינד נישט לאָזן שלאָפן? מוז ער היינט זיך דערוויסן, נתן חיים, האָט ער טאַקע געמאַכט אַזאַ טעות אין בתיהן, ער דער מענטשנ־קענער?

ליגט ער געשפּאַנט און וואַרט, עפנט אַלע ווייל אַזוי גנביש אַ שפּעל־טעלע אין לעדנדל פון רעכטן אויג, וואָס לעבן איר און זעט ווי ער, אַזוי שלאָפט אויף בתיה נישט, וואַרפט אַלע מאָל אַ בליק צו דער טיר און באַלד צום מאַן: „מאַכט ער זיך אַזוי כראָפּען, צי ער איז טאַקע איינגע־שלאָפן אויף אַן אמת״?

זעט אויס זי מיינט אַז ער איז טאַקע איינגעשלאָפן, האָט זי אונטער־געהויבן דעם קאָפּ זען צי זי געגאַרט זיך נישט, אַז ער האָט זיך נישט איבערגעוועקט, איז זי אַרויס פון בעט, געגומען דעם שלאָפראָק פון שטול אויף די באָרוועסע שפּיצפינגער צוגעשוועבט ווי אַ שאָטן צו דער טיר, וואָס ער, נתן חיים, האָט זי בתיהן צוליב אַ ביסעלע אָפן געלאָזט און אַרויס פון שלאָפשטוב אויף נישט צומאַכנדיק אין גאַנצן די טיר הינטער זיך.

איצט האָט ער געעפנט די אויגן, נתן חיים, וואָס ווייטער? דעם פרווו האָט ער שוין, צו וואָס נאָך פאַרשן? ס׳איז דען אומבאַדינגט נייטיק צו כאַפּן די צוויי לייט אויף דער הייסער מינוט? האָט עס אים אָבער גע־הויבן, געטריבן אים: „טו כאַטש אַ קוק ווי ווייט עס וועט איצט ביי די צוויי לייט גיין?״ איז ער אַראָפּ פון בעט, אַ פּראָסטיקע בלויקייט האָט געשײַנט אין די פענצטער. באָרוועס איז ער צו צו דער טיר. זי אויפ־געלענט אַ ביסל מער און געבליבן הינטער איר, מיט בלויז די צוויי אויגן, ווי פאַרזשעקטאַרן, אָנגעשטעלט אויף דער שויבנטיר פון פּראָנטשטוב, וואָס אָנטקעגן. ווי ווייל די שויבנטיר איז פון יענער זייט געווען פאַר־

האַנגען מיט אַ פוירהענגל, איז עס אָבער, דאָס פוירהענגל, אַ טיולנס, מיט גרויסע בלויזן אין דעם געוועב, אַזוי אַז ער האָט קלאָר זי געזען, בתיהן, זיצן אויף דער קאַנאַפּע לעבן לעאָנען, איר רעכטע האַנט פּאַרפינגערט אין זיין לינקער און מיט איר לינקע האַנט אים געצערטלט ס׳פּנים, גע־שפּילט זיך מיט זיינע קרענקלעך־ווייכע האָר, געלאָקט און געקרייזלט דאָס פּלעכטל האָר מיט די צוויי פּאַרפינגער, דערביי האָבן זיי זיך גע־שושקעט, גערעדט וועגן עפּעס, נאָר אַזוי שטיל, אַז ווי זיין געהער איז געווען שאַרף אָנגעשפּיצט האָט ער נישט אויפגעכאַפּט קיין איין וואָרט. יאָ געהערט האָט ער בלויז די קושן, וואָס ביי יעדן אָנבייג האָט ער איר געגעבן ווי זי — אים.

ער האָט געגאַפט, נתן חיים, געווען דערשטוינט, נישט איבער דעם, וואָס ער זעט, נאָר איבער זיך אַליין. לויט ווי ער לייענט, אַז אַ מאַן כאַפּט זיין ווייב מיט אַן אַנדערן אין אַזאַ פּאָזע, ווערט ער ווילד פון אייפערזוכט, איז גרייט צו ממיתן די צוויי „פאַררעטער״, צו דערשטיקן זיי מיט די אייגענע הענט. דאָ שטייט ער, דער מאַן און — גאָרנישט. נישט נאָר לויפט ער נישט ממיתן, שטיקן, ער האָט אַפילו נישט דעם מינדסטן געפיל פון אייפערזוכט. פאַרקערט אין אים גייט אויף אַ תאַוווהדיקער באַ־גער צו שטיין אַזוי און זיך צוקוקן וואָס צווישן די צוויי לייט וועט נאָך געשען, גלייך זי, בתיה, געהער זיך גאָרנישט אָן צו אים, זי איז אַ פרעמדע פרוי, וואָס ער האָט זי געפאַקט אין אַ „הייסן מאָמענט״ מיט עפּעס אַ מאַן דאָרט.

ווי לאַנג ער איז אַזוי געשטאַנען אַ פאַרכאַפּטער, נתן חיים, און זיך צוגעקוקט צו דעם פאַרליבטן פּאָרל האָט ער נישט געזען, ער האָט יאָ געזען אַז צו קיין לייגן זיך אויף דער קאַנאַפּע לעבן לעאָנען, איז עס נישט געקומען. נאָך אַ היפּשער ווייל אַזוי זיצן לעבן אים, צערטלען איינע דעם אַנדערן, זיך איינבייגן צו געבן איין קוש, קריגן פון אים אַ קוש און נאָך אַ קוש, איז זי אויפגעשטאַנען פון דער קאַנאַפּע, בתיה, גרייט זיך אומצוקערן קריק צו איר מאַן אין שלאָפשטוב, האָט ער פּאַוואָליע צוגעלענט צוריק די טיר, נתן חיים, און גיך אַריין אין בעט ווידער זיך מאַכן שלאָפן.

ערשט אין אַ ווייל אַרום, אַז בתיהלע האָט זיך געהאַט קריק גע־לייגט אין בעט לעבן אים, גלייך גאָרנישט וואָלט דאָ געשען, האָט זיך אין אים, נתן חיימען אויפגעכאַפּט, ניין, נישט די אייפערזוכט, נאָר אַ ברענענדיקער ווייטיק אין האַרץ, אַ ווייטיק און אַ פאַרדרוס: „אויך אין דער ערלעכקייט, בתיהס, האָט ער אַזוי ביטער זיך גענאַרט! זי זאָל

קענען זײַן אַזוי כיטרע, צו װעלן אים אײַנרעדן אַז אומזיסט פֿאַרדעכטיקט ער זי? װאַרטן ער זאָל אײַנשלאָפֿן, און װי נאָר ס׳האָט זיך איר געדאַכט ער שלאָפֿט, װידער גײן צו לײבל סימקין קושן זיך מיט אים און זי װעט נאָך מאַכן דעם אָנשטעל: זי איז דאָס אײגענע ערלעך־כּשר בתיהלע!״

ער האָט נישט געקענט אײַנליגן מער, נתן חיים. די פֿאַרשעמטקײט, מער נאָך װי דער פֿאַרדרוס, האָט אים געהױבן, געטריבן אים: „שױן אָנהײבן דעם פֿאַרהער, שױן טאָן אַ געשרײ: אַרױס פֿון מײן בעט! ביסט פֿאַרליבט אין לײבל סימקין, גײ צו אים״! ליגט ער אָבער דאָרט אַ װאַ־כער, לײבעלע, װעט עס קומען צו אַן עפֿנטלעכן סקאַנדאַל און דאָס װיל ער נישט, נתן חיים. זײַן אַװעקגײן פֿון בתיהן מוז בלײַבן אַ סוד צװישן אים און איר, קײנער טאָר נישט װיסן דעם „פֿאַרװאָס״?

איז ער געלעגן, נתן חיים, זײטיקלעך געקוקט צו איר, צי זי שלאָפֿט בתיה, אָדער מאַכט זיך שלאָפֿן און הערט זיך אײַן צי דער געליבטער דאָרט טוט זיך שױן אָן, צי ער איז אײַנגעשלאָפֿן. לײבל סימקין איז אָבער נישט געשלאָפֿן. צי װײל ער האָט װאָס גיכער געװאָלט אַװעק פֿון זײַן פֿאַרװיקלעניש מיט דער בתיהן, צי װײל דער בלױער דרױסן האָט אים דערמאָנט ער דאַרף אױפֿשטײן, סײ װי, אַ פּױלער, אַ פֿאַרשלאָפֿענער, האָט ער זיך אָנגעטאָן, שטיל אַרײַן אין קאָרידאָרל און נאָך שטילער אױפֿ־געשלאָסן די דרױסנטיר און איז אַװעק.

ערשט איצט האָט ער זיך אױפֿגעזעצט, נתן חיים, אַ ריר געטאָן ס׳װײַב אױפֿן אַקסל:

— בתיהלע, מעגסט שױן עפֿענען די פֿרומע אײגעלעך דײַנע. מײנסט נאָך אַלץ דו גענאַרסט מיך? ליגנערין, װאָס דו ביסט, כּשרע צנועה, אַז איך האָב דיר געזאָגט: גײ, גײ צו לײבל סימקין, װײל איך האָב געזען אַז דו ביסט נישט מיט מיר, אַז דײַן גאַנץ װעזן גאַרט צו אים, צו דײַן געליבטן אױף דער קאַנאַפּע, האָסטו זיך אַזאַ ביטערן בײזער געטאָן: „דרײ מיר נישט קײן קאָפּ! גײ שלאָפֿן״! גײן שלאָפֿן כּדי דו זאָלסט אַזױ שלױ זיך אַרױסגנבֿענען פֿון דײַן מאַנס בעט און גײן צום געליבטן איך זאָל נישט װיסן. און דאָס, נאָכן ליגן מיט דײַן מאַן, נאָכן האָבן געקראָגן פֿון אים אַזױ פֿיל צערטלעכקײט. װעסט מיר אפֿשר װידער פּרוּװן פֿאַר־רעדן די צײן? בתיהלע״, האָט ער איר אונטערגעהױבן די גאָמבע, זי זאָל אים קוקן אין די אױגן, װאָס זי האָט נישט געװאָלט, נאָר כּסדר אַװעקגעדרײט זײ, די צניעותדיקע אױגן אירע. „בתיהלע, פּרוּװ נישט, װײל איך האָב אַלץ געזען, געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך צו־געקוקט װי שײן דו האָסט לעאָנען געקרײזלט זײַנע האָר, װי ליב איר

האָט זיך געקושט אין די פּיסקלעך. געגנוג מיט דער קאָמעדיע, בתיה'ז!" און, מיט אַ פֿאַראַכטנדיקן קוק אויף איר איז ער אַרויס פֿון בעט און גע־נומען זיך אָנטאָן.

די גאַנצע צייט פֿון זיין האָגלען אויף איר באַשולדיקונג, נאָך באַ־שולדיקונג, איז זי, בתיה, געלעגן אַ בלאַסע, אַ דערשראָקענע, אָבער אין דער דערשראָקנקייט האָט דער מוח אירער געפּיבערט: „לייקענען האָט נישט מער קיין זין, ס'וועט אויך נישט העלפֿן, און עס איז גאָרנישט אין איר טבע צו זאָגן ליגן. זי זעט דאָך, זי האָט געמאַכט אַ טעות, געמיינט אַז ער שלאָפֿט און ר'איז דאָך געשטאַנען הינטער דער טיר און אַלץ געזען! אָבער זיין רוגזהדיק אָנטאָן זיך, דאָס האָט זי געשראָקן! איז זי גיך אויפֿגעשטאַנען, געכאַפּט אויף זיך דעם שלאַפֿראָק, נאָכגעשוועבט אים צו דער טיר און מיט פֿאַרווייִנטע אויגן זיך געבעטן ביי אים:

— נתן חיים, דערבאַרעם דיך, רעד שטיל, 'עסט דאָך אויפֿוועקן ס'קינד.

ערשט אין קאָרידאָרל, אַז זי, בתיה, האָט געזען אים אַרויסנעמען פֿון „קלאָזעט" (אַ שאַנק אין וואַנט) דעם מאַנטל, די קאַלאָשן, איז זי אַרומ־געכאַפּט געוואָרן פֿון אַ פּאַניק און אַ קוויטש געטאָן, עפּעס גאָרנישט מיט איר קול: — וווּ גייסטו?

— וווּ איך גיי, דאַרף דיך, בתיהלע, נישט אַרן. וווינען מיט דיר וועל איך נישט.

ערשט איצט האָט זי, בתיה, פֿאַרלוירן איר געלאַסנקייט, איר שע־מעוודיקייט און זיך ביטער צעוויינט:

— וואָסער פֿאַרברעך בין איך דאָס באַגאַנגען? ס'איז דאָך געווען סילוועסטער, אַלע האָבן זיך דאָך געקושט, דו אַליין ביסט דאָך פֿאַרלוירן געוואָרן מיט וויעראַן אין דער פֿינצטערער שלאָפֿשטוב אַריין, וואָס האָסטו דאָרטן געטאָן מיט איר? נישט געקושט זיך?

— ביין, נישט פֿאַר נעכטן ביינאַכטיקן קושן זיך, נאָר פֿאַר דיין פּיפּיק גענאַרן מיך, פֿאַר דיין ליגן אַזוי שלוי און „טשאַטעוועען", אַזוי כיטרע וואַרטן און מיינען אַז איך שלאָף און ערשט דאַן זיך אַרויסשלייכן פֿון מאַנס בעט און זיך אַריינגנבענען צום געליבטן.

— דאָס איז דאָך דיין שולד! האָסט דאָך מיך אַליין געשיקט צו אים, געזאָגט ס'איז מענטשלעך און וואָס האָב איך דען מיט אים געטאָן? אמת, זי איז מודה, ס'האָט זי געצויגן צו לעאָנען, איז פֿאַר דעם גייט ער צע־ברעכן די היים, זיך צוריק ווערן אַ „כאָלאָסטיאַק" (אַ פֿרייליידיקער), איבערלאָזן זי מיטן קינד אָן אַ גראָשן געלט. האָסט דאָך אין דיין בעקע־

רײַ־משוגעת אַלץ געפּטרס, פאַרטאַכליעװעט איר אָפּגעשפּאָרט געלט פון איר האָרעװאַניע!

מיט דער קליאַמקע אין האַנט איז ער געשטאַנען, נתן חיים, געקוקט אויף בתיהס פאַרװײנט און צעװײטיקט פּנים און געפילט ס׳האַרץ אין אים פלאַצט, װערט צעריסן פון רחמנות צו איר. זי איז דאָך גערעכט, ער האָט דאָך טאַקע פאַרטאַכליעװעט איר אָפּגעשפּאָרט געלט און איצט גײט ער זי איבערלאָזן מיט גאָדעלען? אמת טאַקע, זי האָט אים גענאַרט, אַרױסגעשלײכט זיך פון בעט און אַרײַן צו סימקינען זיך װידער קושן מיט אים. איז דאָס אַודאי געמײן פון איר זײַט. אָבער זי זאָגט דאָך אמת, ער האָט זי דאָך צוגערעדט צו דעם. ס׳איז דאָך מעגלעך, װען דער טײַװל אין אים, שטופּט אים נישט אויף קײן אַװאַנטורעס און ער זאָגט איר נישט: „גײ, גײ, ס׳איז מענטשלעך פאַרכאַפּט צו װערן פון אַן אַנ־דער מאַן", װאָלט זי, בתיה, נישט אונטערגעשטעלט דאָס צו טאָן. ער טאַקע האָט בלויז געמײנט זי אויסצופּרוּװן, אָבער װײסט ער דען נישט אַז בתיה איז תמימותדיק, װײסט נישט פון קײן שמד־שטיקלעך און קוקט אים אין מויל אַרײַן אַ פאַרגלײבטע אין אַלץ, װאָס ער זאָגט, פּונקט װי אַ קינד אין מויל פון זײַן רבין.

ער האָט פאַרמאַכט די טיר, נתן חיים, אויסגעטאָן צוריק דעם מאַנטל, די קאַלאָשן און אַ פאַרצאָגטער זיך אַװעקגעזעצט אין פראָנטשטוב בײַ אַ פענצטער אַרויסקוקן װי שײַן עס פאַלט אַ פרישער שנײ, אַזאַ װײַס־אומשולדיקער שנײ.

# קאַפּיטל אַכטאונפערציק

ס'איז זונטיק אין דער פרי, אָנהייב יוני. די שטובן באָדן זיך אין זון. בתיה איז פאַרנומעןביים אָנטאָן גאָדעלען און ער, דער פאָטער, וואַרט אַן אָנגעטאָענער, גרייט אַראָפּצונעמען ס'ייִנגעלע אין פּאַרק, פאַרברענגען דאָרט מיטן קינד ביז מיטאָג.

ער פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, נתן חיים, נעמט גיין מיט גאָדעלען אַראָפּ די טרעפּ, הערט ער אַ יונגע פרוי רעדט אויפן טעלעפאָן, אַן אָנגעטאַנגענער אויף דער וואַנט אויפן האַלבן שטאָק, צווישן צווייטן און דריטן, וווּ ער וווינט. סיי איר ווילקלינגענדיקע שטים, סיי איר קלאָרע ייִדיש־דיקציע, פאַנגען אָזוי זיין געהער, אַז ער פאַרהאַלט דעם טראָט צו הערן לענגער איר שיין ייִדיש־רעדן. גאָדעלע שלעפּט זיין האַנט: „טאַטע קים שוין", נאָר ער, דער טאַטע, שטייט מיט איין פוס אויף אַ העכערער און מיטן צווייטן אויף אַ נידעריקערע שטיג און הערט. לויט דער יונגער פרויס האַרציק לאַכן אין מיטן רעדן, לויט די געקליבענע ווערטער וואָס זי נוצט, פאַרשטייט ער אַז דאָס מיידל איז דאָ פאַרטאָן אין אַ פלירט מיט עפּעס אַ מאַן אויף דער אַנדער זייט טעלעפאָן־ליניע. אויבנאויפיק קען ער דאָס מיידל, אַ שיינע „אָסאָבע" מיט היפּשע באַקעס, נישט זייער קיין יונגע שוין, אַוודאי אין די הויכע צוואַנציקער. אויך אויפן פּנים איז זי אַ שיינע, מיט אַ פּאָר ברייט צעעפנטע, ברוינע סאַרנע אויגן, וואָס אַז זי טוט אויף דיר אַ בליאַסק מיט די צוויי אויגן און אירע גרויסע ווייסלען מוזסטו זיך אָפּשטעלן איר נאָכקוקן.

נישט איין מאָל שוין, זעענדיק זי פאַרבייגיין, קוקט ער איר נאָך: „ווער איז דאָס מיידל? עפּעס גאָרנישט ווי די אַנדערע מיידלעך, וואָס ער קען. ער ווייסט אַז אויך זי — אים, קוקט נאָך, בלייבט טייל מאָל שטיין ווי גרייט צו פאַרהאַלטן אים, נאָר שטענדיק צעגייען זיי זיך אָן אַ וואָרט.

ער ווייסט, נתן חיים, אַז זי מיט אַן עלטערער שוועסטער, אַ פאַרזעסן מיידל, גאָרנישט ענלעך אויף איר, פאַרקערט, ווי זי איז אַ בלאַנקענדיק שיינע, אַ רייצנדיק מיידל, אַזוי איז יענע אַ פאַרזעעניש, דאַר און קוואַר, אַז די צוויי שוועסטער ווינען מיט אַן אַלטער מאַמע, אַ ייִדינ־

קעלע מיט אַ טשיפּיק אויפן קאָפּ, ווי נאָר־וואָס פון טײַטש־חומש אַוועק, אַז דאָס מאַמעלע ווײנט מיט די צװײ טעכטער אין אַ קלײנער װוינונג אויפן פּאַרטער, אין זעלבן הויז וווּ ער מיט בתיהן און גאָדעלען וווינען אויפן דריטן שטאָק.

אַז זי האָט אויפגעהאָנגען דאָס טעלעפאָן־טרײבל, איז זי געבליבן שטיין מיט אירע בליאַסקענדיקע אויגן אַרויף צו אים:

— ער האָט געוואָלט הערן וואָס זי רעדט? נישט שיין, אַזעלכעס פּאַסט פאַר אַ פרוי, נישט פאַר אַ מאַן און נאָך אַזאַ ווי ער!

— נישט וואָס, נאָר ווי אַזוי זי רעדט, האָט ער געוואָלט הערן. און וואָס מײנט זי מיט דעם „אַזאַ ווי ער"? זי קען אים דען?

— נישט בלויז קען זי אים, זי האָט אַפילו געלײענט זײן נאָוועלע אין „די צוקונפט", אַ פּרעכטיקע דערצײלונג.

— אָ, זי לײענט ייִדישע ליטעראַטור?

— נישט בלויז ייִדישע, זי לײענט אויך פּוילישע, ענגלישע, אויך אַ ביסל העברעיִש, אָבער וואָס וווּנדערט ער זיך אַזוי? זי איז דאָך אַ ייִדי־שע טאָכטער.

— ער וווּנדערט זיך, ווײַל אַנדערע ייִדישע טעכטער, טאָמער זענען זײ אַמאָל געגאַנגען אין אַ שקאָלע, חנדלען זײ זיך שוין אַז זײ קענען נישט קײן ייִדיש. דאָס ביסל רעדן ייִדיש, האָבן זײ כּלומרשט זיך אויס־געלערנט דאָ, אין אַמעריקע, כאָטש זײ ווײסן אַז זײ זאָגן ליגן, אַז זײער ייִדיש־רעדן איז אַזוי רײך אין ייִדיש־אידיאָם, גענוי ווי די מאַמעס לשון אין שטעטל, ערגעץ אין פּוילן.

— אמת, מײדלעך, אָבער נישט זי, דערבײַ האָט זי אַ גלעט געטאָן גאָדעלען איבערן קעפּל: „אוי ס'אַ שײן ייִנגעלע, אַזעלכע פּרעכטיקע העל־שאַטינע לאָקן! ווי אַלט איז ער?"

— ווי אַלט ביסטו, גאָדעלע? האָט דער פאָטער געפרעגט דאָס קינד.

— פיר יאָר, האָט דאָס ייִנגעלע געענטפערט, אַרויפקוקנדיק צו דער פרעמדער פרוי, דערבײַ האָט ער איר געוויזן פיר פינגערלעך פון רעכטן הענטל, ס'לינקע זײַנס — פאַרשטעקט אין פאָטערס רעכטע האַנט.

— אוי, כ'נעם מיר דאָס לעבן! הערטס נאָר ווי הערלעך דאָס קינד רעדט ייִדיש!

— וואָס דען זאָל ער רעדן? טערקיש? אַז טאַטע־מאַמע רעדן צו אַ קינד ייִדיש, רעדט עס ווי זײ, די עלטערן רעדן.

רעדנדיק אַזוי, זענען זײ דערווײַל אַראָפּגעקומען אויפן פּאַרטער. דאָ, לעבן איר טיר האָט דאָס מײדל אויסגעשטרעקט צו אים איר האַנט:

— ווי זיין נאָמען איז — ווייסט זי, אָבער ווי זי הייסט, ווייסט ער זיכער נישט.

— טאַקע, ווי איז איר נאָמען, האָט ער נישט אָפּגעלאָזט איר ווייך, וואַרעמע, מיידלשע האַנט.

— איר נאָמען איז ציפּורה ווייס.

— אַ שיינער נאָמען און ווי אַנגעמאָסטן פאַר אייך, האָט ער איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט.

— אַ שיינעם דאַנק אייך, אַ קאָמפּלימענט פון אַ שרייבער איז זייער אַנגעלייגט.

— ער וואָלט איר געקענט מאַכן נישט דעם איינעם קאָמפּלימענט.

— אַדרבה, האָבן אירע אויגן אויפגעלויכטן מיט נייגער, זי וואָלט וועלן הערן.

— נישט איצט, אַז זיי וועלן זיך אַ צווייט מאָל טרעפן, זי זעט דאָך, ס׳קינד איז אומרויִק צו גיין אין פּאַרק זיך שפּילן און זי איז נאָך אין שלאָפראָק, באָרוועס אין שטעקלאַטשן. .

— פאַר וואָס אַז „מ׳וועט זיך ט־ר־ע־פ־ן?" האָט זי געצויגן דאָס וואָרט, „פאַר וואָס נישט זיך אָפּרעדן צו טרעפן?"

— אַדרבה, ער האָט נישט קעגן.

— ווו און ווען? האָט זי זיך געוויטלט.

— ווו? האָט ער זיך פאַרטראַכט אויף אַ רגע, — ס׳קען זיין אין באָטאַנישן גאָרטן, לעבן דעם אָפּיס געביי. און ווען איז אויך נישט קיין פּראָבלעם, לאָמיר זאָגן מאָרגן זעקס דרייסיק פאַר נאַכט?

—אַ קעי, (גוט) זי וועט דאָרט זיין.

זי איז אַריין אין שטוב צו זיך און ער מיט גאָדעלען זענען אַוועק אין פּאַרק, נאָר שטאָט נעמען זיך גראָבן אין זאַמד, האָט דאָס יִנגעלע פאַרהויבן די אייגעלעך צום פאָטער:

— ווער איז די ווײדי? (לײדי).

ער איז געבליבן אָן לשון, נתן חיים, אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן אַז דאָס קינד זעט מיט וועמען ער רעדט, אפשר האָט ער אויך געהערט וועגן וואָס זיי רעדן?

שפּיל זיך, גאָדעלע, האָט ער גענומען פאַררעדן ס׳קינד, אָבער דער מוח זיינער האָט זיך פאַרקלערט: „שיין וועט דאָ זיין אַז גאָדעלע וועט אַריינפאַלן אין שטוב מיט אַ פּזמון: — מאַמע, דער טאַטע איז געשטאַנען אויף די שטיגן מיט אַ „ווײדי" (לײדי). ער גייט זי זען מאָאָדן אין גווטן"! באַלד אָבער האָט ער קריקגעטראַכט, נתן חיים: „און אַז יאָ?

אַז גאָדעלע וועט דערציילן? ווען אַזוינס פּאַסירט פאַר יענעם סילוועס־טער! עס וואָלט אָבער דאַן נישט געקענט טרעפן. ביז יענעם סילוועסטער־אָוונט איז זיין צוזאַמענלעבן מיט בתיהן געווען גאַנץ, גאַנץ און פאַר־זיגלט. היינט איז עס צעבראָכן. פּונקט ווי אים גייט נישט אָן צי זי, בתיה, טרעפט זיך מיט לעאָנען, אַזוי דאַרף זי נישט אָנגיין צי ער טרעפט זיך מיט וועלכער פרוי".

איז ער צומאָרגנס פאַר נאַכט געקומען אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט זיך טרעפן מיט דער ציפּורה. ער איז געווען געפּלעפּט, נתן חיים. גע־ווינלעך אַ מיידל לאָזט דעם קאַוואַליער וואַרטן אויף זיך. די „ראַנטקע" זעט איר אויס צו זיין ליבער ווען „ער" וואַרט אויף איר. דאָ, ווי וויל ער איז געקומען פּינקטלעך, צו דער רגע, זעקס דרייסיק, האָט שוין די ציפּורה געוואַרט אויף אים. און זי איז נישט געזעסן אויף איינער פון די בענק אַרום דעם פאַרנעמען געביי, שיִער נישט אַ פּאַלאַץ אַ גאַנצער, מיט אַ קופּאָל איבערן מיטן דאַך, נאָר איז געלעגן אין די סאַמעט־ווייכע גראָזן, צווישן יונג־צעבליטע אַקאַציעס און שמעקענדיקע בעז־ביימלעך. דער קאָפּ אירער, אין אַ כוואַליע ווילד צעפּאַלענע האָר, האָט באַקוועם גערוט אין דער פלאַך פון איר האַנט, מיטן עלנבויגן, אַ בלאַנק־נאַקעטער אויפן גראָז. אָנגעטאָן איז זי געווען זומערדיק — אַ קרעם־קאָליר ליינען קליידל, טיף דעקאָלטירט. אויף די פיס, באָרוועסע, — אָפּענע סאַנדאַלן. לעבן איר — אַ צעעפנט ביכל, וואָס שטייענדיק, האָט ער נישט געקענט כאַפּן צי ס'איז פּויליש, ענגליש. ביים צוקומען האָט זי געטאָן אַ בליאַסק אויף אים מיט די ווייסלעך פון אירע גרויסע, ברוינע אויגן, אַז ער איז געוואָרן ווי אויפגערודערט. עפּעס איז אין דעם בליק געווען אַזאַ באַגער, אַן אויפגעהיצטער באַגער, וואָס גרענעצט זיך מיט ווילדקייט, שיִער נישט מיט משוגעת.

ער האָט זי געגריסט, געגעבן איר די האַנט, זי אויפצושטעלן, האָט זי גאָר געטאָן אים אַזאַ צי צו זיך, אַז ער איז שיִער אַרויפגעפאַלן אויף איר. אַז ער איז שוין געזעסן לעבן איר אויפן גראָז, האָט זי אַוועקגעלייגט איר קאָפּ און געפּרוווט אים צוציִען צו די ליפּן אירע, פולע, תּאַווהדיק־צעעפנטע, אַז ער האָט זיצנדיק געפילט די היץ, וואָס האָט געשלאָגן פון איר אָטעם, פון איר גאַרנדיק־צעעפנט מויל.

— ניין, האָט ער געוויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט. — ער קושט זיך נישט מיט פרויען דרויסן, ווו מענטשן גייען פאַרביי.

אַוודאי האָט ער געוווסט, נתן חיים, אַז דאָס איז נישט אמת. ווייניק האָט ער זיך געקושט, געוואַלגערט מיט מיידן אין פּאַרקן, אין גערטנער,

אַפילו אויפן אַלטן בית עולם אין לובלין, האָט ער זיך געליבט מיט מיידלעך. נאָר פאַר איר האָט ער גענומען שפּילן דעם שעמעוודיקן און דאָס, ווייל ער האָט געזען ווי ווילד־אויפגעהיצט זי איז, ווי די תּאווה קוקט איר פון די אויגן מיט אַזוי פיל הונגער, אַזוי פיל באַגער!

— אַזאַ שעמעוודיקער איז ער? זי האָט זיך גאָרנישט פאַרגעסטעלט פאָעטן זאָלן זיך שעמען צו קושן מיט אַ מיידל אין פּאַרק, אין מיטן פון אַזוי פיל שיינקייט.

— אפשר, ווען ער איז אַ פּאָעט, איז ער אָבער נישט קיין פּאָעט, נאָך אַפילו נישט קיין פּראָזע־שרייבער. ער איז בלויז אַן אָנפאַנגער, וואָס האָפט צו ווערן אַ נאָוועליסט.

— שיין, זייער שיין! אַזאַ באַשיידנקייט? אָבער אין אַ שטוב? איז זי געוואָרן דרייסטער.

— אין אַ ש־ט־ר־ב? האָט ער געצויגן דאָס וואָרט און געפילט ווי ס'האַרץ אין אים נעמט שטאַרקער קלאַפּן, לויפן מיט אַ גיכקייט אַז עס פאַרפעלט אים אָטעם פון דעם אָנגעלאָפענעם באַגער צו איר, כאָטש נעם שווין און בייס זיך איַין אין אירע האַלב־צעעפנטע, גאָרנדיק־וואַרטנדיקע ליפּן. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און כּלומרשט רויִק זי איבערגעפרעגט:

— אין אַ שטוב? ביי ועמען? אין זיין הויז איז אויסגעשלאָסן.

— ס'קען זיין ביי איר אין שטוב.

— ביי איר אין שטוב? האָט ער זיך געוווּנדערט. און איר מוטער? איר שוועסטער?

— איר מוטער איז נישט אין דער היים שוין איבער אַ וואָך צייט און וועט ערשט צוריקקומען אַהיים אין וואָסערע צוויי וואָכן אַרום. איר שוועסטער? פאַר איר זשענירט זי זיך נישט. זי איז בלאָס. ער קען צו איר אַריינקומען היינט, עלף ביי נאַכט, אויב, נאַטירלעך, ער איז דאַן פריי. זי וועט לאָזן אָפן די טיר פאַר אים.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגערל: „שוין באַלד האַלב נאָך זיבן, בתיה וואָרט אויף אים מיטן נאַכטמאָל. מילא, דאָס איצטיקע קומען שפּעט? ער האָט געאַרבעט „אָווערטאַים”, אָבער וואָסער אויסרייד וועט ער האָבן שפּעטער? נאָר ווער זאָגט עס אַז ער דאַרף אַן אויסרייד? וואָסי, ער דאַרף איר אָפּגעבן רעכענונג וווּ ער גייט? זינט יענעם סילוועסטער איז ער קוויט מיט איר!”

— גוט, האָט ער צוגעשטימט, — היינט עלף ביי נאַכט וועט ער זיין ביי איר.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אויך איר געהאָלפן אויפשטיין פון גראָז. ווי ס׳איז נאָך געווען גוט ליכטיק, האָט זיך שוין אָבער געפילט דער אָנקום פון אָוונט. אַ קיל ווינטל האָט אָנגעבלאָזן פון ערגעץ אין מערב, מסתמא פון האַדסאָן. פייגל האָבן אומרויִק זיך געטראָגן אין דער לופט, געאײַלט צו זייערע נעסטן, אין די געדיכטענישן פון די ברייט־צעוואַקסענעביימער. אויך ער האָט אונטערגעאײַלט דער ציפּורהן. זיי האָבן גיך געשפּאַנט פון באָטאַנישן, אַריין אין בראָנקס פּאַרק. דאָרט, אַ שטיק נאָך פאַרן צוקומען צום אַרויסגאַנג, איז ער געבליבן הינטערשטעליק און געלאָזט זי זאָל גיין פריִער. נעענטער צום טויער זיצן הויז־שכנים, דער עיקר די שכנות. מער פעלט אים נישט נאָר וועלכע פון זיי זאָלן אים זען אָנקומען פון די פּאַרק־טיפעניִשן מיט דעם „מיידל פון פּאַרטער”. זיי האָבן זיך צעשיידט אָן אַ וואָרט, בלויז מיט אַ בליק:

— היינט, עלף ביי נאַכט...

ערשט אַז די ציפּורה איז אים פאַרשוווּנדן פון אויג, האָט זיין טראַט זיך פאַרגיכערט אַראָפּ פון די בערגלעך, אַרויס פון די געדיכטענישן, אַרויף אויפן סטעזשקעלע צום טויער צו און דאָ ערשט האָט ער גענומען גיין פּאַוואָליע, טראַכטנדיק, „וואָס טוט זיך דאָ? זינט ער לעבט! איז דאָס ביי דער ציפּורהן אַן אונטערגעדריקטע ליבע צו אים, וואָס ער האָט פון איר גאָרנישט געוווּסט? נאָר ווען אַפילו יאָ, איז מעגלעך דער דראַנג צו אים זאָל ביי איר קומען ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים? דערצו נאָך מיט אַזאַ אויסבראָך, אַז אַלע מיידלשע צאַמען זאָלן פאַרשווימען, זי זאָל אַרויס מיט אַזאַ אָפענעם באַגער? אַזאַ גיריקע תּאַווה? איז עס גאָר בכלל מעגלעך אַז אונטערדריקטער באַגער צו אַ מאַן זאָל אָניאָגן מיט אַזאַ צעטומלעניש? אַ פאַרלוירנקייט ביז משוגעת? ער זעט דאָך: אַ משוגענע תּאַווה קוקט איר אַרויס פון די אויגן, בעת זי רעדט מיט אים. אפשר אָפּהאַקן? נישט אַריינלאָזן זיך אין אַן אַוואַנטורע מיט אַזאַ איינער? און נאָך אין זעלבן הויז! וואָס, אַ שטייגער, וועט זי אָפּהאַלטן, נאָכן זיין מיט איר, זי זאָל מאָרגן אַרויפקומען צו אים אין שטוב מיט אַ ווילדן אויסבראָך: „ער איז אירער! ער איז געשלאָפן מיט איר!” בתיה וועט נעבעך נישט וויסן וואָס צו זאָגן! נאָר וואָס גייט אים כּסדר אָן בתיה? נאָך יענעם סילוועסטער? זייער צוזאַמענלעבן איז דאָך געווען ווי אַ זעלטענע, אַ וווּנדערלעכע וואַזע, האָט דאָך זי, בתיה, די וואַזע צעבראָכן, איז אויס, אַלץ אויס מיט איר”.

„עלף ביי נאַכט וועט ער זיין מיט ציפּורהן”.

## קאַפּיטל נײַנאונפערציק

אַ מילדער, סאַמעט־ווייכער פאַרנאַכט, דער פול־צעבליטער פּאַרק ביי זייערע טירן, זיצן שכנים, דער עיקר — די ווייבער פון די אַרומיקע, ניי־אויפגעבויטע הייזער, ביים אַריינגאַנג אין דעם פּרעכטיקן גאָרטן. די מאַ־מעס מוטלען און די קינדערלעך זייערע שפּילן זיך, לויפן, טומלען, ווערן פאַרלוירן צווישן די געדיכט־צעוואַקסענע קוזשאַקעס, זוכן זיך אָפּ און, צעשראָקענע, פאַרוויינטע פאַלן זיי אַריין אין די מאַמעס שויסן.

אָפּגעזונדערטע פון די קרענצלעך ווייבער זיצן בתיה און טייבעלע סימקין און די צוויי יינגעלעך זייערע, גאָדעלע און יולעקל, אַרום זיי. די מאַמעס זענען פאַרטאָן אין זייערע מוטלערייען און די קינדער — אין מאַכן גריבעלעך אין דער ערד. איז אָט זעט בתיה פון ווייטנס אָנ־קומען דעם מאַן אירן. זי וווּנדערט זיך: „פאַר וואָס קומט ער היינט אַזוי שפּעט?" אָבער מער נאָך וווּנדערט זי זיך: „וואָס עפּעס — דורכן פּאַרק? פאָרט ער מיטן דריטן עוועניו „על"? שניידט דורך דעם באָטאַ־נישן גאָרטן"? „אפשר, שיינע טעג, וויל ער נישט שלעפּן זיך אין דער פאַרשטיקטער סאַבוויי". אין מיטן טראַכטן טוט זי אַ ווייז דעם קינד:

— גאָדעלע, זע נאָר דאָרט, דער טאַטע גייט! זעסטו אים?

דאָס יינגעלע שטרענגט אָן דעם בליק, דערזעט דעם פּאָטער און נעמט לויפן גלייך אין טאַטנס אויסגעשטרעקטע אָרעמס אַריין. מיטן קינד אויף די אַקסלען, קומט ער צו, נתן חיים, צו די צוויי ווייבלעך:

— העלאָ, און באַלד צו טייבעלע סימקין: — איר זענט נאָך נישט אַרויסגעפאָרן אין קעמפּ?

— ער זעט דאָך, ווען זיי וואָלטן שוין געווען אין קעמפּ, וואָלט זי דאָך איצט נישט געווען מיט יולעקלען דאָ. לעאָן איז שטאַרק פאַרנומען, ס'איז דאָך „סיזאָן"! אָבער פאַר וואָס זענען זיי נאָך, בתיה און ער, נישט אין קעמפּ?

ער האָט אַראָפּגעשלונגען איר פרעגן, נתן חיים. ער וועט דאָך איר נישט נעמען דערציילן וואָס צווישן אים און בתיהן גייט אָן, זינט איר לייבעלע איז יענעם סילוועסטער געבליבן נעכטיקן ביי זיי. האָט ער איר געגעבן געענטפערט:

— זיי וואָלטן שוין טאַקע אויך געדאַרפט האָבן אויפגעשטעלט דעם „טענט״ (ביידל).

מיט זיין אָנקומען האָבן די ווייבלעך זיך דערמאָנט אַז ס׳איז צייט צו גיין אַהיים, זענען זיי אויפגעשטאַנען גענומען יעדע איר בענקעלע אין איין האַנט, טייבעלע האָט גענומען יולעקלס הענטל אין איר אַנדער האַנט און זיך געלאָזט גיין אַרויס פון פאַרק, ערשט נאָכן שיידן זיך מיט דער טייבעלע סימקין, וואָס האָט געווינט אַ בלאָק ווייטער, האָט בתיה שטיל, ווי נישט וואַגנדיק, געפרעגט דעם מאַן:

— האָסט היינט געאַרבעט אָווערטיים? וואָס ביסט אַזוי שפּעט.

— אַז דו פאַרשטייסט אַליין, וואָס זשע פרעגסטו?

שטילע, ווי צוויי פרעמדע מענטשן, זענען מאַן און ווייב מיטן קינד אויף דעם טאַטנס אַקסלען, אַרויף אין שטוב עסן נאַכטמאָל. אויך אין שטוב האָבן ביידע, ווי אַלע מאָל לעצטנס נישט אויסגערעדט קיין וואָרט איינע צום אַנדערן. זי, בתיה, אַ פאַרווייטיקטע האָט זיך כסדר געבראָכן דעם קאָפּ: „וואָס זאָל זי טאָן? ווי אַזוי קען זי אים קריקברענגען אין זיין פריערדיקער אויפגעלייגטקייט? איז נאָך אַלץ די פרוי אַזוי פאַרקנעכט אַז זי טאָר נישט דאָס מינדסטע, וואָס דער מאַן דערלויבט זיך אַזוי פריי, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך!

ער, נתן חיים, שפּילנדיק זיך מיט גאָדעלען אין פראָנטשטוב, בעת זי, בתיה, גרייט אין קיך צום טיש, האָט אָבער און ווידער זיך געפרעגט: „וואָס זאָל ער טאָן? אַנטוישן דאָס מיידל? וואָס וועט די ציפורה טראַכטן? ער איז אַ ווייעכיטש, אַ שמאַטע אונטערן ווייבס פאַנטאָפל״.

נאָכן עסן, בתיה ברענגט צוריק אין אָרדענונג די קיך, באָדט ער אויס גאָדעלען, לאָזט אים אַ ווייל זיך שפּילן אין וואַנע מיט זיינע אַרומ־שווימענדיקע פישעלעך און שיפעלעך. דערנאָך אַז דאָס יינגעלע איז שוין אין זיין בעטעלע, זעצט ער זיך, דער טאַטע, לעבן קינד, וועבן ווייטער פאַר אים דאָס מעשהלע, וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבן אים דערציילן לעצטן זומער אין קעמפּ „מזל טוב״, אַ מעשה מיט אַ הינטעלע און אַ קעצעלע, וואָס זענען פאַרלוירן געוואָרן אין אַ וואַלד, אָט אַזאַ, ווי דאָס ווערלדל אין קעמפּ. ווי זיי האָבן זיך פאַרחברט מיט אַ וועווערקע, וואָס האָט זיי געשפּייזט מיט ניסעלעך, זיצט ער דאָס איצט, דערציילט ווייטער, אָבער ער פילט, נתן חיים, אַז דער היינטיקער טייל פון דער מעשה „איז עפּעס נישט דאָס״, דאָס מויל מאָלט, נאָר דער דמיון איז ביי דער צי־פורהען.

אָבער און ווידער טראַכט ער: „עפּעס איז דער מער מיט דעם מיידל!

איז מעגלעך אַ יידישע טאָכטער זאָל מיט גאָרנישט זיין אַנדערש פון אַ שיקסע? מילא, די פראַנצייס קאָניגהאַם, האָט אַזוי ווייט געוואָגט! איז ערשטנס איז זי אַן ענגליש אַריסטאָקראַטקעלע, איינע פון יענע, וואָס גיבן זיך נאָך אַלע שווילטיקן, דערצו נאָך איז דאָס געווען אויף אַ שיף, ווו בכלל מענטשן דערלויבן זיך אויף טועניש, וואָס אין זייערע היימען וועלן זיי זיך אויף אַזעלכעס נישט אונטערשטעלן! אָבער די ציפּורה? אַ יידישע טאָכטער פון אַ פרומער היים, אַ היים פול מיט קלעמעניש און זאָרגן איבער אַ טאָכטער, וואָס איז פאַרזעסן, איבער אַן אַלטער מאַמע, וואָס איז קראַנק, דעכעט גאַנצע נעכט אַזש ער, אויפן דריטן שטאָק איבער זיי, הערט דאָס הוסטן אירס. און טאַקע זי אַליין, די ציפּורה? אַ מיידל שוין אין די הויכע צוואַנציקער, וואָגט זי צו פאַרטשעפּען אַ מאַן פון אַ פרוי, אַ טאַטע פון אַ קינד און, שוין אויף צומאָרגנס טרעפן זיך מיט אים אין גאָרטן אַזאַ תאוהדיק צעגליטע, כאָטש ליג שוין מיט איר אויפן גראָז אין מיטן העלן טאָג!

וואָס טוט זיך דאָ? עפּעס שטימט דאָך נישט! יידישע טעכטער דאַרפן דאָך זיין צנועות, וואָס טוען נאָר וואָס טאַטע־מאַמע און גוטע, פרומע־לייט הייסן זיי טאָן. נו, איז די געניע, אויפן דאָך מיט אים, פאַר זיין חתונה, נישט קיין יידישע טאָכטער? און איצט זי, ציפּורה? מילא, די געניע האָט שוין געהאַט געלעבט שיינע עטלעכע יאָר מיט אַ מאַן, אָבער זי, ציפּורה? און זי איז דאָך טאַקע אַ פרומע, יידישע טאָכטער! רעדט זי זיך אָפּ מיט אים, ער זאָל קומען ליגן מיט איר אין זייער היים, בעת די עלטערע שוועסטער איז אין שלאָפשטוב! איז עס מעגלעך, ווייל זי איז אַזאַ פול־צעבליטע מויד און שוין נישט יונג, איז דער באַגער ביי איר אַזוי צעהיצט, אַז זי איז קאַפּאַבל אויף אַלץ? ער קען זיך דאָך נישט איינרעדן אַז זי איז פאַרליבט אין אים, אַ ליבע, וואָס ער ווייסט גאָרנישט פון איר? מ׳זאָגט כאָטש: „עפּעס אַ מיידלטשינע״. זי איז דאָך אַן אינטעליגענטע, יונגע פרוי! און ווען און ווו האָט זי זיך דאָס געקענט אין אים אַזוי פאַרליבן אַזש ביזן פאַרלירן דעם קאָפּ? אַז אין גאַנצן זעט זי אים אַ מאָל גיין צו־ אָדער פון דער אַרבעט, צו מאָל אויך אין פאַרק מיט גאָדעלען. אַזעלכע פאַרליבענישן זענען נאָר מעגלעך אין די מעשה־ביכלעך!

אָבער וואָס זאָל ער טאָן? נישט גיין? האָט זי שוין אין אים אַנגע־צונדן אַזאַ באַגער אַז ער קען זיך גאָרנישט דערוואַרטן ס׳זאָל שוין זיין עלף דער זייגער.

אַז גאָדעלע איז איינגעשלאָפן, איז ער אַריין אין פראָנטשטוב. בתיה

איז געזעסן אין אײנעם פון די צװײ װײכגעבעטע פאָטעלן, װאָס אין די װינקלען פון דער גרױסער שטוב. דער שטײלאָמפּ איבער איר צוקאָפּנס אַן אָנגעצונדענער און אַן אָפן ביכל אין איר שױס. ער איז געשטאַנען פאַר איר אַ לענגערע װײל: „לײענט זי״? זעט זי אים נישט? דרימלט זי? אָדער זי מאַכט זיך בכיװן אים נישט זען?״

— איך גײ אַװעק, האָט ער שטיל, װי נישט װאָגנדיק געזאָגט. דאַרפסט נישט װאַרטן מיטן שלאָפנגײן.

איצט ערשט האָט זי אונטערגעהױבן דעם קאָפּ, געקוקט אױף אים, דער שטענדיקער טרױער אין אירע אױגן — פאַרצענפאַכט. כּלומרשט רויִק אים געפרעגט:

— װוּהין גײסטו דאָס איצט?

ער װײסט, נתן חיים, אַז די איצטיקע רויִקײט אירע איז אַ געמאַכטע, אַן אַרױפגעצװוּנגענע אױף זיך. זי איז צו אײדל, בתיה, צו פראַװען װײבערישע, װולגאַרע סצענעס. איז װאָס זאָל ער איר ענטפערן? ער גײט צו אַ מיטינג? איז עס דאָך אַ ליגן און ליגן זאָגן איז ער נישט גורס. װידער טאָן אַן אָפּשניט: „ס׳איז נישט איר עסק װוּ ער גײט״, װעט עס דאָך איר װײ טאָן, איז גלײכער ער זאָל זאָגן ליגן:

— ער האָט אַ װיכטיקן יוניאָן מיטינג.

בתיה האָט אים געקוקט אין די אױגן אַרײן, אָבער זאָגן אים אַז זי װײסט עס איז אַ ליגן, דאָס װעט זי נישט. האָט זי כּלומרשט גענומען װײטער לײענען און ער איז אַרױס פון שטוב מיט אַ געפיל פון אַ גנב. װאָס מ׳האָט אים געכאַפּט בײ דער האַנט נאָר מ׳לאָזט אים גײן זײן װעג.

אַרױסקומענדיק דרױסן פון דעם פּאַרטער־האָלכל, װאָס איז אַ האַלבער שטאָק פון באָדן, האָט ער פּאַװאָליע גענומען גײן אַראָפּ די אַכט דרױסנדיקע טרעפּ, דערבײ האָט ער זײטיקלעך געװאָרפן בליקן אין צײפורהס פענצטער: „זיצט זי נישט דאָרט פאַרשטעקט הינטערן פירהאַנג און לױשט אױף אים מיט אירע אומרויִק דערװאַרטנדיקע אױגן, אָט, װי ער איז איצט אומרויִק און דערװאַרטנדיק?״

ער האָט אַרױסגעצױגן פון װעסטל־קעשענקעלע די ניקלענע „צײַבעלע״ זײגע: „נאָך אַפילו נישט קײן אַכט דער זײגער. װוּ װעט ער זיך אַהינטאָן גאַנצע דרײַ שעה?״ ער האָט זיך גענומען מאַכן פאַרװוּרפן: „צו אַלדי גוטע יאָר, פאַר װאָס איז ער נישט באַשטאַנען אױף צען אַזײגער, שטאָט אױף עלף? און פאַר װאָס בײ איר אין שטוב און נישט אין פּאַרק?״ נאָר דערװײל, טראַכטנדיק אַזױ, האָט ער געשפּאַנט הין און צוריק איבערן זײטיקן, שמאָלן טראָטואַרל, איז אַריבער דאָס בריקל, װאָס

אונטער דעם שאַרוועס אַ טייכל, איצט אַ טיפֿערס, אַן אויסגעברייטערטס נאָך די פרילינגדיקע רעגנס, דעם נאָכגעלאָזטן אײַז, און צעגאַנגענע שנייען. ער האָט פאַרהויבן דעם בליק, נתן חיים, דער הימל — אַ לויטער־רער, אַ טונקל־בלויער, אַן איין וואָלקנדל און מילי־מיליאָסן שטערן פינק־לען אַרויס פון אים אַזעלכע בליציק־ליכטיקע, טייל פון זיי גרויסע, לייכ־טנדיקע, ווי זונען ערגעץ ווייט, ווייט אין די הימלישע אומענדלעכקייטן.

מיד פון דעם שפּאַנען האָט ער זיך צוגעזעצט אויף איינער פון די צעמענטענע בענק און גענומען וואַרפן שטיינדלעך אין טייכל, דערביי, נאָך יעדן וואָרף אַ שטיינדל, שאַרפער פאַרשפיצט דאָס געהער אויפצו־כאַפּן דעם קוים־קוימיקן פּליעסק אין וואַסער. באַלד איז אים אויך דאָס נימאס געוואָרן. און ער האָט ווידער גענומען שפּאַנען. שאָטנס, געאָ־רעמטע, זענען אים אַקעגן געקומען. פון די גראָזן אַרויס האָט זיך גע־טראָגן אַ געזעגעריי פון אינזעקטן, אַ קוואַקען פון זשאַבעס, וואָס אַלע ווייל איז וועלכע געשפרונגען אין וואַסער און אַ פרישער פּליעסק האָט אויפגעריסן די מנוחהדיקע שטילקייט פון דעם געבענטשטן, שטילן אָוונט.

ער האָט ווידער געכאַפּט אַ קוק אויפן ציפערבלעטל פון דער „ציי־בעלע” און גענומען גיין צוריק און וואָס נענטער צום גאָרטנטויער, אַלץ אומרויִקער איז ער געוואָרן, נתן חיים און אַלץ האַסטיקער האָט געקלאַפּט זיין האַרץ: „וואָס וועט זיין אַז די ציפורהס שוועסטער וועט אים זען אַריינקומען ?”

די טיר אין פּאַיערל צו איר וווינונג איז טאַקע נישט געווען פאַר־שלאָסן, אַפילו נישט פאַרמאַכט אויף דער קליאַמקע. אַ ריר און זי האָט זיך אויפגעלעגט, די טיר, און ווייל אינווייניק איז געווען פינצטער־חושך איז דער פאַס ליכט פון דרויסנדיקן „פּאַיער” אַריינגעפאַלן אין דער חשכות מיט אַ בלענד גלייך אויף דער טיר פון שלאָפשטוב ווו, אין דער שמאָלער עפענונג, האָט ער דערזען דער שוועסטערס פּנים מיט אירע גיך־לויפנדיקע אויגן גלייך אויף אים. אינסטינקטיוו האָט ער זיך געטאָן אַ צאַפּל, נתן חיים, און אַ צי צוריק. דער אָנגעלאָפענער געדאַנק האָט אים געזאָגט: „פאַרמאַך שוין די טיר און אַנטרין”! איז עס אָבער נישט אין זיין טבע זיך אָפּצוטראָגן פון עפּעס וואָס דאַרף געשען, האָט ער, אָן צעגערן שוין, געטאָן אַן עפן די טיר און איז אַריין רעכטס, אין פראָנט־שטוב.

ציפורה האָט געוואַרט אויף אים אין אויפלען פון דער שויבנטיר. ער — זי, אין דער אַרומיקער פינצטערניש, האָט נישט געזען, אָבער זי — אים, האָט שוין גאָר געזען. זי האָט אים אַרומגענומען, ער האָט דערפילט

דאָס זײַדנס פון איר נאַכטהעמד, דעם אַדעקאַלאָן אויף אירע אָרעמס, פולע, רייצנדיקע:

— טייערער, האָסט זיך דערשראָקן צוליב מיין שוועסטער? און, ווי אים צו שיצן קעגן יענער, אים אַרומגענומען, געקושט אים, געביסן אים ס׳לעפל פון רעכטן אויער און אַזוי, וואַקלענדיק זיך, האָט זי אים מער צוגעטראָגן ווי צוגעפירט צו דער קאַנאַפּע, אַ געעפנטע אין אַ ברייט בעט, ווייס איבערגעצויגן מיט פריש, שאַרכלענדיק איבערצוג.

— טייערער, שושקעט זי אים ווידער אין אויער, — איך בעט דיך, וואַרט אַ ווייל דאָ, אויף דעם בעט. ס׳איז דאָך היינט איר חופּה־נאַכט, מוז זי „גיין אין וואַסער״. ביין נישט אין וואַנע גייט זי, בלויז „אונטערן דוש״.

דאָס פריַערדיקע, אַזוי אומגעריכטע, אַנגעגענען דער שוועסטערס אַזוי הונגעריק־לוישנדיקן בליק און איצט אירע, ציפּורהעס אומזיניקע רייד: „גיין אין וואַסער״ איר „חופּה־נאַכט״, האָבן אים, נתן חיימען, עפּעס ווי צעמישט, אַרויסגעוואָרפן אים פון גלייכגעוויכט. ער איז געזעסן אַ פאַר־ווירטער, נישט געוווּסט צי זאָל ער לאַכן, צי זאָל ער זיך אויפהייבן און ווייל דאָס וואַסער פון שפּריץ שאָרוועט איבער איר הייס, הונגעריק לייב, זיך אָפּטראָגן אַז זי זאָל אים מער קיין מאָל נישט זען. איז אָבער דער מענטש נישט קיין באַלעבאָס איבער זיך. ער האָט טאַקע געוואָלט אַוועק, אָבער דער אַנגעצונדענער באַגער צו איר פריש, שמעקענדיק־לייב האָט אים דאָ געהאַלטן. איז זי דערווייל אַריינגעקומען קריק, ציפּורה, אַן אויסגעבאָדענע, טאַקע ווי אַ כּלה פון „וואַסער״ אַרויס. זי האָט זיך קריקגעזעצט לעבן אים:

— טייערער, האָט זי אים אַרומגענומען, צאַרט אים געקושט, — טו זיך אויס, דו ביסט דאָך מיין חתן, מיין באַשערטער.

— ציפּורה, האָט ער שטיל געשושקעט איר אין אויער, אייער שוועס־טער שטייט דאָך אין דער אויפגעלעגטער טיר פון שלאָפשטוב.

— זאָל אים דאָס נישט אַרן. די שוועסטער ווייסט אַלץ. אַפילו ווען די מוטער איז איצט דאָ, וואָלט זי זיך אויך געמאַכט נישט זען. ער גע־דענקט דאָך פּרצעס „מוסר״ ווי די שטאָט־גבאיטע איז געקומען מוסרן די אַלטע מאַמע, פאַר וואָס זי מאַכט זיך נישט זען ווי די ייִנגסטע פון אירע דרײַ טעכטער „שלעפּט זיך אַרום מיט יונגען, עסט אַזוי פאַרשייט צוקערקעס״. געדענקט ער וואָס די אַלטע מאַמע האָט געענטפערט דער גבאיטע: „זאָל זי״, האָט די אַלטע מאַמע געזאָגט, „גענוג אַז די על־טערע צוויי שוועסטער זענען, צוליב איר היטן זיי, פאַרזעסן, אויסגעגאַנ־גען אין בענקשאַפט נאָך אַ צערטל, אַ באַריר פון אַ בחור, געוואָרן פאַר־

דאָרט און פאַרקוואַרט און איצט זענען זיי פאַרביטערט אויף איר, דער מאַמען. וועט זי מער נישט היטן, זאָל כאָטש די יינגסטע לעבן, זי וויל עסן צוקערקעס? זאָל זי! זי הערט, די גבאיטע? זאָל זי, די יינגסטע גיין, לאָכן, נישט מער פאַרדאַרט און פאַרקוואַרט ווערן. זאָל זי!" אָט אַזוי האָט איר שוועסטער גערעדט צו איר: „ציפּורה, גענוג איך בין פאַרזעסן! און זאָל דיר גאָרנישט אָנגיין אַז ער איז אַ פאַרהייראַטער מאַן! פאַר וואָס קומט זיין ווייב יאָ און זיי נישט?"

— ציפּורה טייערע, האָט ער זי אַרומגענומען, זי געקושט. דאָס מעג זיך אַלץ זיין ריכטיק, אָבער ער קען זיך בשום אופן נישט נאָכלאָזן ווען איר שוועסטער לוישט מיט די אויערן, מיט די אויגן און מיט איר גאַנץ וועזן, אָט דאָ, פון יענער זייט טיר. זאָל זי נישט האָבן קיין פּאַראַיבל, דער מענטש אין אים איז נאָך דערוואייל וואַך. זאָלן זיי דאָס אָפּלייגן, זיי וועלן זיך באַשטעלן אויף זונטיק אָוונט, אין אַ האָטעל.

זי האָט זיך שטיל איינגעהערט ציפּורה, געפּאַרשט אים מיט אירע צוויי גרויסע, שיער נישט וואַנזיניקע אויגן און ווי טויט, זענען אירע אָרעמס אַוועקגעפאַלן פון אים, באַלד איז זי אַליין געפאַלן מיטן קאָפּ אַהינטער, „אויף איר חופּה־בעט" און זי האָט זיך ביטער צעוויינט...

## קאַפּיטל פופציק

דאָס צוזאַמענלעבן זייערס איז געגאַנגען פון שלעכט צו ערגער. ער האָט גוט געזען, נתן חיים, ווי זי, בתיה, גייט אײַן פון טאָג צו טאָג. די בלייכקייט אויף איר פּנים מיניעט זיך, ווערט גאַליק־גרין, באַלד טויט־בלאַס. קיין מאָל, זינט יענעם סילוועסטער, זעט ער נישט צוריק אויף איר געזיכט דעם איידעלן, אַליוון־ברוין, וואָס האָט אַזוי פאַרכאַפּט זיין אויג ביים דערזען זי אויף דער שיף און, דערנאָך געפאַנגען זיין האַרץ.

אַוודאי ווייסט ער די סיבה פון איר מרה שחורה, פון איר דערשלאָגנקייט. זי איז פאַרכאַפּט פון אַן אַנדער מאַן. איז דאָס אַוודאי מענטשלעך, קען זי אָבער דאָס אָנגעשטאָנענע פייער, דעם באַגער צו דעם לענען נישט איינשטילן און אויך נישט אויסלעבן אים. ווי זאָל זי דאָס קענען, אַז דער סימקין איז אַ קנאַפּער דאַן זשואַן, אַ פּורצע — נישט קיין געליבטער. איז זי, בתיה, אין אַן אומגעשטילטן דראַנג, אין שטענדיקן אומרו, בפרט אַז זי האָט געזען ווי דאָס האָט געווירקט אויף אים, נתן חיימען. ער, דער מאַן אירער, מעג טאַקע מיינען אַז זי זעט נישט, אַז זי כאַפּט זיך נישט וואָס עס מיינט זיין אַוועקגיין אָוונט נאָך אָוונט, זיין פאַרשווינדן פון שטוב ווי נאָר ער לייגט ס׳קינד שלאָפן. זי, אָבער, קען גאַנץ גוט איר נתן חיימען. ער איז נישט לעאָן סימקין. ביי אים, פאַרהעקלען זיך מיט אַ פּרוי אין דער פרי און שלאָפן מיט איר ביי נאַכט, איז ווי ביי לעאָנען אויסרייכערן אַ ציגאַרעט. וואָלט זי געווען ווי אַנדערע ווייבלעך, וואָס קענען פירן ליבעס הינטער זייערע מענערס פּלייצעס, איז זי אָבער נישט אַזאַ! נאָר ווען זי וואָלט יאָ געווען אַזאַ, וואָלט ער, נתן חיים, דאָס נישט אָפּגעפּילט? נישט געזען דעם פאַרראַט אין אירע אויגן? נישט געעבוירן נאָך די פרוי, וואָס וואָלט קענען ווערן אומטריי נתן חיימען און ער זאָל דאָס נישט וויסן. נאָר ווען אַפילו זי זאָל יאָ קענען אויסבאַהאַלטן פון איר מאַן אַזאַ ליבע הינטער זיינע פּלייצעס, איז דאָך לעאָן אַזוי אומגעלומפּערט, דערצו נאָך אַזוי געפּענטעט ביי דער טייבעלע! אוי האָלט דאָס טייבעלע אַן אויג אויף איר מאַן! איז וואָס זאָל זי, בתיה, טאָן? וואָלט זי געאַרבעט, וואָלט איר קאָפּ געווען אַ ביסל פאַרנומען. זענען אָבער אירע הענט געבונדן אַרום גאָדעלען! טראַכט זי און טראַכט

און קען זיך צו גאַרנישט דערטראַכטן, כאָטש דער געדאַנק לויפט, טרייבט זי צו משוגעת!

ווייסט ער דאָס אַלץ, נתן חיים, אָבער וואָס זאָל ער טאָן? יענעם פרימאָרגן, אין דער צעווייטיקטקייט זײַנער, אין דער שרעקלעכער אויפֿגערעגטקייט נאָך דער סילוועסטער־הוליאַנקע, האָט ער, נישט איבערטראַכטנדיק, געטאָן אַ שטעל אויף ס'קעלנערל: — ער גייט אַוועק! נאָר וואָלט ער דען געוועז אַוועקגעגאַנגען? אַוודאי געשעט אַזעלכעס אין לעבן פֿון פֿאַרפֿעלקער: ס'ווייב „פֿאַרליאַפּעט" (פֿאַרליבט) זיך אין אַן אַנדערן און דער מאַן פֿאַרלאָזט ס'הויז. אָבער ס'קינד? וואָלט ער געקענט פֿאַרלאָזן גאָדעלען? און ווען יאָ? מעג אַ פֿאָטער צעברעכן זײַן קינדס היים? כאָטש אַז אַך און אַז ווײ צו אַ היים, ווו די עלטערן זענען אַזוי אומגליקלעך, און די מאַמע צוויי מאָל — אומגליקלעך. פֿון איין זייט איר אַזוי פֿאַרכאַפּט זײַן פֿון דעם לעאָנען, פֿון דער אַנדער זייט צוליב איר נישט קענען פּראַקטיצירן איר פּראָפֿעסיע, אַ קלייניקייט עפּעס אַזאַ אָנזען? הויפּט „פּיטער", פּריִער אין „הויז פֿון בערמאַן ענד בערמאַן" און דערנאָך אין נאָך אַ וויכטיקער „הויז פֿון יעטא בלאָוסטיין" אין ערשטן קריגן אַ „סאַלערי" (געהאַלט) פֿון נײַנציק דאָלער אַ וואָך, אין צווייטן — הונדערט און צוואַנציק! פֿון אַזאַ גדולה ווערן אַ הויזפֿרוי, אָפּגעבן זיך מיט גאָדעלען און קאָכן ס'טעפּל!

האָט ער דאַן צוריק פֿאַרמאַכט די טיר, נתן חיים, און איז געבליבן אין דער היים, געהאָפֿט אַז עס איז בלויז אַן אויפֿגלי אַזאַ אין בתיהס געמיט, אַן אויפֿגלי וואָס וועט גיך זיך פֿאַרלעשן און זייער צוזאַמענלעבן וועט בלייבן גאַנץ. איז עס נישט אַזוי, בתיה גייט אויס פֿון ליבע צו דעם לייבל סימקין. אַוודאי מיט זי זיך צו זײַן אַ ווייב אים, נעמט אויף זײַנע לאַסקעס, אָבער זי אַליין בלײַבט קאַלט, אויסגעלאָשן. אמת, זי איז בטבע נישט פֿון יענע פֿרויען, וואָס פֿלאַמען אויף אין דער ליבע, פֿאַרצערן דעם מאַן אין זייער באַגער, אָבער אַזוי קאַלט, אַזוי אײַנגעשלאָסן אין זיך, ווי זי איז זינט יענעם סילוועסטער, איז זי קיין מאָל פּריִער נישט געוועזן. טוט עס אים ווײ, טרייבט אים פֿון שטוב, בפֿרט טוט אים ווײ דער טעות זײַנער. ערשט איצט זעט ער דאָך דעם טעות זײַנעם אין בתיהן. ער האָט געמיינט אַז בטבע איז זי אַזוי רויִק־רעזערווירט, אַזוי קאַלט בעת ער איז מיט איר. זעט ער גאָר אַז צו לייבעלע סימקין גליט זי, ווערט פֿאַרצערט פֿון ליבע צו אים.

איז וואָס זאָל ער טאָן? דער דראַנג צו אַנטלויפֿן פֿון הויז האָט אים געטריבן אין די אָרעמס פֿון דער ציפּורהן. ביי איר אין הויז — טאָקע

נישט, אָבער ס׳פּעלן דען האָטעלן אין ניו־יאָרק? מ׳זאָגט כאָטש ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם מיידל. הייבט עס זיך גאָרנישט אָן. אַוודאַי, לכתחילה, איז עס געוועזן תּאווה, תּאווה צו איר פּול, ווייס־בלאַנקענדיק לײַב. איצט איז עס שוין קיין תּאווה אויך נישט. בלויז אַ מין אָפּטאָן איר, בתיהן, וואַלגערט ער זיך אַרום מיט ציפּורהן, פריִער געלעגן מיט איר אין פּאַרק, דערנאָך אין האָטעלן, צו מאָל אויך אין סי־גייט, ביים ים. אָבער עס טויג דאָך נישט אַזוי. ווי ער וואָרנט די ציפּורהן, זי זאָל זיך נישט לייגן קיין פייגעלעך אין בוזעם, ער איז אַ מאַן פון אַ ווייב און אַ פאָטער פון אַ זונעלע, ווערט זי דאָך אַלץ מער און מער צוגעבונדן צו אים. ביים ערשטן מאָל זיין מיט איר, האָט זי, אין גרויס עקסטאַז, אים גערופן: „מיין חתן, מיין באַשערטער". האָט ער דאַן געמיינט, נתן חיים, אַז דאָס איז ביי איר אַ מין איינרעדן זיך, עלעהיי אַ קליין מיידעלע רעדט זיך איין אַז די ליאַלקע צום שפּילן זיך, איז אַ קינד און זי איז די מאַמע דערצו. וואָס ווייטער אָבער בעתן זיין מיט איר, רופט זי אים שוין: „מיין מאַן, מיין לעכטיקער מאַן"! איז, אפשר, דאָס צעטראָגענע איינרעדעניש אירס, אַ מין ווען פאַרטרייבן די שרעק? די מיידלשע שרעק פון פאַר־זיצן? ווי די עלטערע שוועסטער אירע איז פאַרזעסן. אָדער אפשר גאָר איז דאָס רופן אים: „מיין מאַן", אַ מין פאַרטרייבן פון זיך די זינד, וואָס זי, אַ ייִדישע טאָכטער פון אַ פרום, צניעותדיק הויז, לעבט מיט אַ מאַן אָן חופּה וקידושין. נאָר וואָס די סיבה פאַר די איינרעדענישן זאָלן נישט זיין, זעט ער אַלץ מער און מער, נתן חיים, אַז די ציפּורה איז נעבעך געריירט פון זינען, און נישט בלויז טוט אים באַנג דאָס פאַרהעקלען זיך מיט איר, נאָר ער טראַכט ערנסט פון אָפּטשעפּען זיך פון איר און וואָס גיכער!

אָבער בתיה? ווו האַלט ער מיט איר אין דער וועלט? עס טויג דאָך נישט אַזוי. גייען אַרום מאַן און ווייב אין זייער היים ווי צוויי פרעמדע מענטשן, ביידע פאַרזאָרגט אין זייערע טראַכטענישן און ווייסן אַפילו נישט אַז ביידע טראַכטן זיי ס׳אייגענע: „וואָס טאָן? ווי אַזוי קענען זיי אַרויסקריכן פון דער אומגליקלעכער פאַרוויקלעניש?"

אים, נתן חיימען, איז קלאָר: „גאַנץ מאַכן זיין צוזאַמענלעבן מיט בתיהן, וועט זיין אוממעגלעך, אַן ערדענער טאָפּ, אַז ער ווערט צע־בראָכן, קומט אַ „דרוטשאַרזש" און דראָטעוועט דעם טאָפּ צונויף אין אַ גאַנצער כּלי. איז אָבער דאָס צוזאַמענלעבן פון מאַן און ווייב נישט קיין ערדענער טאָפּ, אַפילו נישט קיין פאַרצעלייענע וואַזע! אַז אַ פאַר־פאַלקס צוזאַמענלעבן פּלאַצט, בלייבט עס צעבראָכן און קיין „דרו־

טשאַרזש״ אין דער וועלט וועט עס שוין קריק גאַנץ נישט מאַכן! ווייסט ער דאָס, נתן חיים, ער ווייסט אָבער אויך אַז ווען אַפילו נישט אַזוי גאַנץ ווי פריִער, איז דאָך מעגלעך אָנצוהאַלטן אַ צוזאַמענלעבן, ווען כאָטש בלויז צוליב אַ קינד! און דאָס, דאַכט זיך אים, וועט קענען ווערן מעגלעך נאָר ווען זי, בתיה, וועט קריק אָנהייבן אַרבעטן און ער זאָל האָבן אַ מעג־לעכקייט צו שרייבן. אָן די מעגלעכקייטן פאַר איר, ווי פאַר אים, וועלן זיי חלילה, ביידע אַראָפּ פון זינען״!

אויך אין אירע טראַכטענישן איז בתיהן געוואָרן קלאָר דאָס אייגענע: „זי איז נישט קיין קינד, זי ווייסט אַז קריק־קערעווען דעם וואָגן, איז נישט מעגלעך! לעאָן איז אַ מאַן פון אַ ווייב און אַ טאַטע פון אַ קינד. אַזוי איז זי אַ ווייב פון אַ מאַן און אַ מאַמע פון אַ קינד. בלייבט פאַר איר בלויז: אַרויסרייסן פון איר האַרץ די ליבע צו לעאָנען און פאַרגעסן, פאַרגעסן דעם אומגליקלעכן סילוועסטער, ווי דאָס וואָלט זיין אַ בייזער, אַ ווילדער חלום! דאָס אָבער וועט איר נאָר מעגלעך זיין, זי זאָל קריק אָנהייבן פאַרנעמען דעם געדאַנק מיט עפּעס וויכטיקערס ווי בלויז קאָכן ס׳טעפּל, היטן ס׳קינד און מוטלען מיט טייבעלע סימקין. וואָס זאָל זי טאָן אַז זי איז נישט ווי טייבעלע, וואָס קען אַזוי געמיטלעך זיין אַ הויזפרוי! דערצו איז גאָדעלע שוין, דאַנקען גאָט, אין פינפטן יאָר. אין קינדערגאָרטן וויל ער נישט גיין, וועט מען דאַרפן געפינען אַ פּאַסיקע פרוי, זאָל זיך קענען אָפּגעבן מיט אים, זי, בתיה, זאָל קענען ווידער אָננעמען אַ פּאָסטן. אַז זי וועט יעדן טאָג „גיין צו ביזנעס״, וועט אויך נתן חיימס געמיט ווערן ליכטיקער, ער גייט דאָך נעבעך אַרום אַ פאַרוויסטער און אַ פאַר־פינצטערטער, דערצו, אַז ס׳וועט ווידער זיין לויזער אין קעשענע, ׳עט ער אפשר אָנהייבן קריק צו שרייבן. זי זעט דאָך, ביים שרייבטיש איז ער נישט פאַרצאָגט, נישט דערצערנט און ס׳עט קריק זיין אַ נחת מיט אים אין שטוב.

האָבן זיי אַזוי שטילערהייט אַליין זיך געגריזשעט אין זייערע באַ־זונדערע טראַכטענישן ביז איין מאָל אין אַן אָוונט, איז ער געבליבן אין שטוב, נתן חיים, און, נאָכן האָבן געלייגט גאָדעלען שלאָפן, זיך אַוועק־געזעצט אין פראָנטשטוב קעגנאיבער בתיהן, אָנצוהייבן זיך אויפרעדן מיטן ווייב. איז אָבער, ווי ווויל אויך זי איז געווען גרייט פאַר אַזאַ איבער־שמועס, נישט געווען אַזוי לייכט, אַפילו פאַר אים, נתן חיימען, דעם באַרעדעוודיקן, צו געפינען קריק די צוויי עקן פון דעם איבערגעריסענעם פאָדעם צווישן זיך, דעם מאַן און ווייב פאָדעם, איבערגעריסן נאָך אַזאַ לאַנג שווייגעניש! ביידע האָבן זיך געדרייט, זי אין ווייכן פאָטעל, ער

אויף דער קאַנאַפּע, ביז נאָך זײַן ערשטן אַרויספּאַר, װײַזט זיך אַרויס אַז אויך זי איז אין אירע טראַכטענישן געקומען צום אײגענעם אויספיר:

— אַוודאי מוז זי צוריק אָנהײבן אַרבעטן. אַרויסגעזאָגט די עטלעכע װערטער, איז זי געבליבן שטיל, בתיה, די פּוסטע הענט אין שויס — זיצט זי, אַן רײד, כאַטש אין מוח איז דער געדאַנק געלאָפן: „זאָל זי איצט פּרוּװן אים אײנגעמען, פאַרװײכערן אַ ביסל זײַן געמיט? שוין חדשים אַז ער רירט זיך נישט צו צו איר, שלאָפט נאַכט נאָך נאַכט אויף דער קאַנאַפּע". האָט זי פאַװאָליע װי געטאַפּט איר װעג: „זי איז דאָך נישט גלאַט אַ נײטאָריך, אַ שנײדערקע, אַ „פיטער" מוז אָנװענדן דעם קאָפּ צו איר טועכץ. אַז דער קאָפּ װעט איר זײַן פאַרנומען מיט עפּעס מער װי ס'טעפּל, װעט איר נישט ליגן אין זינען קײן ליבע־שמיבע, קײן לעאָן, קײן דער אָדער יענער".

— נישט װעגן לעאָנען רעדט ער איצט מיט איר, איז נתן חיים איר אַרײַנגעפאַלן אין די רײד. — „דאָס" איז אַ באַזונדער קאַפּיטל, װאָס נישט איצט איז די צײַט מיט איר װעגן דעם צו רעדן. איצט װיל ער בלויז װיסן צי אויך זי האָט געטראַכט, גאַדעלען צוליב! אַנצוהאַלטן די גאַנצ־קײט פון דער הײם?

— אַוודאי האָט זי געטראַכט! װײ איז איר! בלויז גאַדעלען צוליב? הער נאָר אַן אײנפאַל: צי זי האָט געטראַכט װעגן אָנהאַלטן די גאַנצקײט פון דער הײם? װעגן װאָס דען װערט איר קאָפּ צעבראָכן און זי שלאָפט נישט קײן נעכט! און, זע נאָר װי ער רעדט זיך אַזוי לײַכט אָפּ: „בלויז צוליב גאַדעלען"! אָבער ער װיל דאָך נישט גײן אין קינדערגאָרטן!

— פריִער מײנט ער, דאַרף זי אויסגעפינען צי דער פּאָסטן בײַ די בלאָוסטײנס װאַרט נאָך אויף איר. אַז זי װעט האָבן דעם פּאָסטן, װעלן זײ, רעכנט ער, קענען באַזאָרגן גאַדעלען בײַ דער לינאַ, היגטער פּיקסקיל.

— לינאַ? האָט בתיה איבערגעחזרט דעם נאָמען. אמת זי איז אַ באַלעזענע פרוי, און קינדער דערציִונג, זאָגט זי, איז ער „ספּעשלטי", אַ קלײניקײט? זי האָט דאָך געלײענט אים אַלײן, פעראַרן! איר אָבער, בתיהן, איז די לינאַ נישט צום האַרצן. אַ האַרטער כאַראַקטער, עפּעס גאַרנישט װי אַ פרוי. נישט אומזיסט האָבן שוין צװײ מענער זי איבער־געלאָזט, גלײבט זי נישט אַזאַ פרוי, אַ פאַרבאַקענע אַנאַרכיסטקע, זאָל האָבן די װײכקײט װאָס איז נײטיק צו קענען זיך אומגײן מיט קינדער. דערצו נאָך איז זי אַ װעגעטעריאַנערין. אמת, אויך זײ בײדע זענען היפּשע עטלעכע יאָר געװען װעגעטאַריער. זענען זײ דאָך דערװאַקסענע מענטשן אָבער אַ קינד האָדעװען מיט נאָטאָס און פּראָטאָס? פון דעם

קען אַ קינד וואַקסן? זיך אַנטוויקלען אין אַ געזונטן מענטש? איז וואָס זאָגט ער? ער איז דאָך דער טאַטע!

ער האָט געהויבן די אַקסלען, נתן חיים:

— וואָס קען ער זאָגן? קיין דייעטעטיקער איז ער דאָך נישט. ס׳אַנ־דערע, מ׳האַלט דאָך נישט דערביי. קודם דאַרף זי דאָך אויסגעפינען צי איר פּאַסטן ביי די „בלאָוסטיינס" איז נאָך אָפן. אויב יאָ, וועט מען זען צי לינא, צי עמעץ אַנדערש.

## קאַפּיטל איינאונפופציק

אַ קריזיס האָט זיך געהאַט אָנגערוקט אויף אַמעריקע, וואָס נאָך אַזאַ האָבן מענטשן אין דעם לאַנד נישט געדענקט. פאַבריקן און שעפּער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, די בערזע האָט געקראַכט, אַקציעס, אַלערליי ווערט־פּאַפּירן, האָבן אין איין הרף־עין פאַרלוירן זייער ווערט. נעכטיקע מיליאָ־נערן זענען איבער נאַכט געוואָרן ביטערע קבצנים. פיל פון זיי זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, זיך געשאָסן, געהאַנגען, געשפּרונגען צום טויט פון הויכע שטאָקן. ס'לאַנד איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט אַרבעטלאָזע. די מענטשן, צעבראָכענע, פאַרלוירענע, האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון די שטעט שלינג און שלאַנג, טאָג און נאַכט געזוכט אַ שטיקל ברויט צו שטילן דעם הונגער פון זיך, פון ווייב און קינד. זענען פאַר־מיליעס זיך צעפאַלן און ס'יונגוואַרג, יינגלעך און מיידלעך זענען אַוועק פון די היימען, פון די שולן און קאָלעדזשעס, געוואָרן הפקר ווי דער רעגן, ווי דער ווינט, געלאָזט זיך וואַנדערן איבערן לאַנד טשאַטשעסווייז, ווי הונגעריקע וועלף, געגאַנגען צו פוס, זיך געשלעפּט אין ליידיקע וואַ־גאָנען פון פראַכטבאַנען, געוואָרן פאַרווילדעוועט, פאַרוואָרלאָזט, אָן אַ ציל, אָן אַ מאָרגן. אין ניו־יאָרק, ווי אין אַנדערע אינדוסטריעלע שטעט איבערן לאַנד, האָבן זיך געעפנט אומזיסטע קיכן און לאַנגע רייען פון די הונגעריקע, דערשלאָגענע מענטשן, זענען געשטאַנען אין רעגן און אין פראָסט, פון צוויי־דריי פאַר טאָג ביז לאַנג, לאַנג אין טאָג אַריין, צו קריגן אַ טעלער וואַרעמע זופּ מיט אַ שטיקל ברויט צו פאַרטרייבן אויף אַ ווייל־כאָטש דעם נאַגנדיקן הונגער.

איז איצט אויך ער, נתן חיים, געבליבן אָן אַרבעט, אָן ברויט, כאָטש נעם און שטעל זיך ווידער אין די הונגער־רייען, ווי אַמאָל אין מלחמה־דיקן וואַרשע. אויך דאָס האָפן אויף דעם פאָסטן, בתיהס, ביי די „בלאָר־סטיינס" איז צערונען, געוואָרן אַ זינלאָזער חלום. זי, בתיהן, האָט דער צערונענער חלום גאָר דערשלאָגן. דורך דעם אָנהייבן אַרבעטן האָט זי געהאָפט צו קענען באַרויִקן איר געמיט, אירע בענקענישן נאָך לעאָנען, אויך אַז ער, נתן חיים, וועט צוליב דעם קענען ווידער אָנהייבן שרייבן. זענען מיט אַ מאָל אַלע חלומות אויסגערונען, געבליבן איז בלויז די

זאָרג: „ווי נעמט מען אויפן ביסל אויסקומעניש?״ דער האַלבער טאָלער, וואָס ער, נתן חיים, פאַרדינט אַ מאָל ביי דער שטאָט פאַר שאַרן שניי, וועט דאָך קיין פּרנסה אין שטוב אַריין נישט ברענגען, בפרט אַז אויף דעם האַלבן טאָלער, קען מ׳אויך נאָר האָפן נאָך דעם ווי ס׳פאַלט אויס אַ שניי און ער פאַרשלאָפט נישט זיך אויפצוכאַפּן צוויי פאַר טאָג און לויפן אין די נאַכטיקע סאָבווייס צום „סיטי־האָל״ ((שטאָטראַט) זיך שטעלן אין ריי, צו קריגן אין האַנט אַריין די געגאַרטע לאָפּעטע, אָדער שניישאַרער.

איז אים איינגעפאַלן, נתן חיימען, „שטיין אין אַמעריקע אין די רייען צו פאַרדינען אַ האַלבן טאָלער ביי שאַרן שניי, איז נישט קיין פּלאַן פאַר אים. קריגן אַ דזשאָב ביים פאַך, נישט ער און נישט בתיה, קענען דאָס איצט. וואָלט געוועזן אַ פּלאַן ער זאָל עפענען אַ „פּלעצקעלע״ פאַר איר פיין־שניידעריי. אמת, אויבן־אויף זעט דאָס אויס צו זיין אַ משוגעת: אַמעריקע האָט צעזאַמענגעבראָכן, איינגעפונדעוועטע פירמעס זענען באַנקראָט, פאַרמאַכט, וועט ער, נתן חיים, מיט די לעצטע עטלעכע הונדערט שמאָלאַרעס, וואָס זיי האָבן אין באַנק, פאַרלייגן אַ נייע אונטערנעמונג״? אַזוי טאַקע האָט זי געטראַכט, בתיה, האָט ער, דער מאַן אירער גענומען איר אויפווייזן אַז:

— טאַקע ווייל די „בלאָוסטיינס און די בערמאַנס ענד בערמאַנס״ ווי אַנדערע זייער גלייכן אין לאַנד, האָבן צעזאַמענגעבראָכן, געמוזט זיך פאַרמאַכן, וועט אַ קליין „פּלעצקעלע״, אַ מין סטודיאָ־אַרטיק שניידעריי פון פיינעם סאָרט און נידעריק־געפרייזט, וועט אַזאַ אונטערנעמונג גראָד איצט, נישט בלויז עקזיסטירן, נאָר אויך וואַקסן און געדייען״.

זי האָט געקוקט אויפן מאַן אירן, בתיה, געהויבן די אַקסלען:

— אַ פּאָעט, אַ דיכטער, אין זיך אָבער האָט זי געטראַכט: „מנחם מענדל, פריִער אַ בעקעריי, איצט אַ שניידעריי, נאָך גוט וואָס קיין נייע פינף טויזנט טאָלער אויף צו באַגראָבן האָבן זיי נישט״. נאָר כּדי אים נישט אַראָפּצוקלאַפּן, וואָס ער קען זייער נישט פאַרטראָגן, נתן חיים, האָט זי, ווי איר שטייגער, בעסער זיך געמאַכט צו נישט״: — וואָס ווייסט זי אין ביזנעס? ער זאָגט אַזוי? זאָל זיין אַזוי.

— הייסט עס זי שטימט איין?

— וואָס איז דאָ נישט איינצושטימען? קיין „מאַיאַנטעק״ שטייט דאָך דאָ נישט אין קאָן.

האָט ער זיך אַ נעם געטאָן, נתן חיים, ווי זיין טבע, גערעדט און געטאָן! קודם האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אַ דירהלע, פּאַסיק פאַר אַזאַ

אונטערנעמונג. זוכן, פאַרשטייט זיך, מוז ער אין אַ הייטאַנעם געגנט, אָבער נישט פאַר קיין הויכע „רענט" (דירה־געלט).

געוווּסט האָט ער, נתן חיים, אַז אַמבעסטן וואָלט געווען אויף פּאַרק אָדער מעדיסאָן עוועניוס, איז אָבער די רענט דאָרט נאָך אַלץ בראַנד־טייער, האָט ער גענומען זוכן אין די אַכציקער און נידעריק נײַנציקער גאַסן לעבן וועסט־סאַיד און ריווערסאַיד פּאַרק, אויך דאָרט וווינט אַ קלאַס מענטשן, וואָס, ווי זיי זענען אַראָפּ פון דער מדרגה, האָבן זיי נאָך אַלץ פאַר זייערע מעטרעסעס, זייערע ווייבער און טעכטער, די מעגלעכ־קייט אויף אַ קלייד, אַ קאָסטיום אָדער מאַנטל פון בתיהס סאָרט שניידעריי.

האָט ער טאַקע דאָרט, אין די מיטעלע נײַנציקער גאַסן, לעבן וועסט־ענד עוועניו, געפונען אַן אַפּאַרטמענטל אויפן ערשטן שטאָק פון אַ גרופּע הייזקעס, אַ מין שטעטעלע אין סאַמע מיטן ניו־יאָרק. טאַקע קלײנע אַפּאַרטמענטלעך, אָבער ווי געבויט פאַר אַזאַ סטודיאָ. און, דער עיקר, נידעריקע רענט, אין גאַנצן פּופציק שמאַליאַרעס אַ חודש. האָט ער אַפילו נישט געוואַרט, נתן חיים, בתיה זאָל עס זען, נאָר גלייך געדונגען.

אַוודאי האָט זי, בתיה, נישט געאַנט אַפילו, פאַר וואָס ביי אים, דעם מאַן אירן, איז אַנגעשטאַנען אַזאַ געאײַל? און טאַקע, פון וואַנעט האָט זי געזאָלט וויסן אַז איר נתן חיימל וויל אַנטלויפן פון דעם געגנט, ווו זיי וווינען, צוליב עפּעס אַ ציפורה און נאָך מער צוליב דער ציפורהס אַלטע מאַמע, אַ ייִדינקע מיט אַ קליינשטעטלדיקן טשיפּיק אויף איר קעפּל, אַ שטיל ייִדינקעלע אָבער מיט צוויי אויגן, וואָס שטעכן אים, נתן חיימען דורך, יעדער מאָל וואָס זי זעט אים פאַרבײַגיין איר פענצטער, אָדער די טיר זייערע אין קאָרידאָרל, וואָס מ׳מוז דורכגיין ווען אַראָפּ פון, אָדער אַרויף אין שטוב.

צי די עלטערע שוועסטער ציפורהס, דאָס פאַרזעסענע מיידל, האָט אין איר ביטערניש דערציילט דער אַלטער מאַמען אַז בעת זי איז נישט געווען, האָט ציפורהלע זיך אַריינגענומען אים, אַ פאַרהייראַטן מאַן, צו ליגן מיט אים ווי מאַן און ווייב אין איר בעט, צי די פרומע מאַמע האָט עס אַליין אָפּגעפּילט פון זען ווי ציפורהלע ווינקט צו אים און ער צו איר, ווען נאָר די צוויי לייט געגענען זיך אָן, סיי ווי, דאָס מאַמעלע שטעכט אים דורך מיט אירע צוויי אַלטע, פאַרטרערטע אויגן, אַז עס איז אים אוממעגלעך, נתן חיימען, דורכצוגיין די גאַס! צו מאָל דאַכט זיך אים, ווען ער זעט זי אַנטקעגנקומען, אַז דאָס גייט זי צו אים און ווי קליין זי איז, שטעלט זי זיך אויף אירע שפּיצנעגל און דערלאַנגט אים אַ פּראַסק אַז ער ווערט באַגאַסן מיט „דער רויטער יויך" דערביי מאַכט

זי אים אַ סצענע, אַז די שכנים פון אַרום לויפן זיך צוזאַמען און ער, פון בושה, זוכט אַ גרוב זיך צו באַגראָבן אַ לעבעדיקער.

איז דאָס בלויז איין סיבה פאַר זיין וועלן וואָס גיכער אַרויס פון דער דירה, פון דעם געגנט. די צווייטע סיבה, אַ וויכטיקערע נאָך, איז זיין באַגער, אָוועקצושטעלן זי, בתיהן, אויף אירע אייגענע פיס, ער זאָל קענען רויִק אַוועקפאָרן אויף אַ צייט קיין פוילן, אַרויסצוגעבן דאָרט זיין ערשט בוך, וואָס דאָ, זעט ער, וועט ער קיין מאָל נישט דערגרייכן. אַז זינט ער איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט בתיהן, יאָגן אים נאָך די אומגליקן, איינער נאָכן אַנדערן! צום ערשט — אַ מאָגן, דערנאָך אַ צעבראָכענער פוס און טאָמער איז אים דאָס ווייניק, נעמט ער אַליין און קריכט אַריין אין אַ בעקעריי! איצט, נאַ דיר גאָר אַ „לעאָן"! אין וואַרשע, ווייט אַוועק פון די אומגליקן, וועט ער אָנשרייבן די לענגערע נאָוועלע, וואָס מיט די עטלעכע „זאַכן" דאָ אָנגעשריבענע, טייל פון זיי אויך אָפּגעדרוקטע, האָט ער מאַטעריאַל אויף אַ בוך. און, וואָס אפשר נישט ווייניקער וויכטיק, בעת זיין זיצן אין וואַרשע, וועט בתיהלע, נישט האָבן זיין שאַרף אויג אַרום זיך, וועט זיין אַהין אָדער אַהער! אָדער איר פאַרליבעניש אין דעם לעאָנען וועט אויסרינען, ווערן אַ געפּלאַצטער זייפנבלאָז, אָדער די מכה וועט זיך צעוואַקסן, און, ווי אַ ראַק, צעשטערן זייער צוזאַמענלעבן.

האָט ער דאָס געאײַלט, נתן חיים, אויפגעבן די דירה, געפּטרט די גרויסע מעבלשטיקער, וואָס אין די ליאַלקע־שטיבלעך, וועלן זיי גאָר נישט אַריין און זיך פאַרקליבן אין דעם אַפּאַרטמענטל: צוויי פראָנט שטיבלעך פאַרן שאַפּ און סאַלאָן און דאָס מיטלשטיבל מיט אַ קיכעלע, איבערגעמאַכט פון אַ „קלאָזעט", אויף צום וווינען.

אין סאַלאָן האָט ער אַריינגעשטעלט אַ געשליפענעם שפּיגל פון סופיט ביזן דיל, אַ קאַנאַפּקעלע, וואָס עפנט זיך אין אַ בעט, פאַר בתיהן צו שלאָפן. צוויי טישעלעך מיט לאָמפּן אויף זיי, אין ביידע זייטן קאַנאַפּקע, פיר בלישטשענדיקע שטולעכלעך פון קראָמיום, אַ ראָז טעפּעכל אויפן דיל, עטלעכע דינע וויניעטקעס פון פרויען־פיגורן אויף די ווענט און דער סאַלאָן איז איינגעשטעלט. אין מיטלשטיבל — אַן אויפשטעל־בעטל פאַר אים צו שלאָפן, אַ לענגלעכדיק טישל מיט צוויי שטולן, ס׳ביסל געשיר אין קיכל און די וווינונג איז גרייט. אין שאַפּ, אַ זינגער־מאַשין, אַ לענגלעכדיק, שמאָל אַרבעט־טישל, פיר שטולן און אויך דער ווערקשטעטל איז קאָמפּלעט!

בתיה האָט געקוקט אויף איר מאַן: — צו וואָס לייקענען? אַלץ ברענט

ביי דיר אונטער די הענט! אַט זיך געגומען און שוין איז אַלץ איינגע־שטעלט און מיט אַזוי פיל געשמאַק! איצט דאַרף מען נאָר בעטן אויף שלאַנקע מעטרעסעס. די פעטע ווייבער מיט זייערע ברייטע „יו נאָו׳ס״ וועלן דאָך פון די שטולכלעך אַראָפּפאַלן.

— אַראָפּפאַלן פון זיי וועלן די ווייבער נישט, אַריבעריערן פון ביידע זייטן, דאָס יאָ.

— געלעכטער אין אַ זייט, האָט בתיה, ווי איר טבע, צוריק אָנגע־שלאָגן אַן ערנסטן טאָן: — אַלץ איז שיין און פיין, אָבער ווו נעמט מען, אין דעם ביטערן קריזיס, קאָסטאָמער?

— נאָר געדולד, בתיה, וועלן זיין קאָסטאָמער אויך.

קודם האָט ער פאַרבעטן די צוויי העלער־שוועסטער. כלומרשט זיי זאָלן זען וואָס ער האָט דאָ אויפגעטאָן, אין דער אמתן, ווייל ער דאַרף זייער הילף אין אויפשטעלן אַ „הייטאָן״־בריוועלע, אַ מין פאַרבעט־קאַרטל צו דער עפענונג פון דעם „לע פעטיט סאַלאָן״ אַ דרעס און קאָס־טיום סטודיאָ פון דער באַרימטער קינסטלערין „מיס בי״, עקס „פיטער״ אין די גרויסע סאַלאָנען פון יעטא בלאָוסטיין און בערמאַן ענד בערמאַן. אין „מיס בי׳ס״ סאַלאָן וועלן געוויזן די נייעסטע פאַסאָנען קליידער און קאָסטיומען, באַליעראָס און מאַנטלען „אלא פארי״. די פרייזן: „אלא דעם איצטיקן קריזיס״.

דאָס בריוול האָט ער אַליין אָנגעוואָרפן אויף יידיש, אָבער צו האָבן עס אויף ענגליש, אויף דעם דאַרף ער די הילף פון די צוויי שוועסטער.

אַז דאָס בריוועלע איז געוורען אָפּגעדרוקט דאַרף מען אַדרעסן. אין די הויכע געביידען אויף וועסטענד עוועניו זענען דאָ די קליענטקעס. וואָלט ער אַוודאי געקענט בגנבה זיך אַריינקריגן אין די פאָיעס און אַנאָנים אַריינוואַרפן אַזאַ בריוועלע אין יעדן פאָסטקעסטל. איז דאָס אָבער אַ ביי־ליקע רעקלאַמע, וואָס פאַסט פאַר אַ קלינינג־שאַפּ, אָבער נישט פאַר „לע פעטיט סאַלאָן״. אַ פאַרבעטונג צו דער עפענונג פון מיס בי׳ס „דרעס־סאַלאָן״, דאַרף אַדרעסירט ווערן צו קליענטקעס מיט זייערע נעמען און גענוי צו „מיס״ אָדער „מיסעס״ און אַזעלכע אַדרעסן קען ער נאָר קריגן דורך געבן אין יד אַריין יעדן, פון די היטער, וואָס שטייען ביי די טירן ווי גענעראַלער אין ליוועריעס מיט שליפעס אויף די אַקסלען און צוויי רייען גאָלדיק־בלישטשענדיקע קנעפּ אויף ביידע זייטן ברוסט. זיי זאָלן מוחל זיין און אָפּקאָפּירן פאַר אים די גענויע ליסטעס מיט נעמען פון די איינוווינערס אין זייערע געביידן.

אַז דער „לע פעטיט סאַליאָן״ איז געוורען געעפנט און קליענטקעס

האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינוווייזן, איז אויך געקומען די צייט צו באַזאָרגן גאָדעלען. דורך דער צייט פון זיין אייניאָרדענען דאָס פּלאַץ האָט זי, די מאַמע, זיך פאַרנומען מיטן יינגל, געגאַנגען מיט אים אין ריווערסאיד פּאַרק, געלאָזט אים דאָרט אַרומלויפן מיט אַנדערע קינדער, זיך שפּילן אויף די לאָנקעס פון די שיפּע־אַראָפּהאַנגען לענג־אויס דעם האָדסאָן. אָבער איצט, אַז ווייבער קומען שוין, מוז ער איבערנעמען גאָדעלען, באַזאָרגן אים, בתיה זאָל האָבן אַ רויקן קאָפּ צו קאָסטאָמער.

דורך דער צייט אויך האָט בתיה זיך נאָכגעפרעגט ביי מאַמעס וואָס האָבן זייערע קינדער ביי דער לינא און אַלע האָבן איר געגעבן די בעסטע רעקאָמענדאַציעס. זי איז אַ גוטע דערציערין, ווייסט אויסגעצייכנט דעם נאַרונג־ווערט פון שפּייזן, אַזוי אַז זי שפּייזט די קינדער ווי געהעריק. איז אַלץ גוט, דאַרף מען איינשפּאַנען דעם קינדס זאַכן, נעמען אַ ביסל שפּיל־צייג און אַלץ איז ווי געוווּנטשן.

אַזוי האָבן זיי געמיינט, די טאַטע־מאַמע. האָט אָבער גאָדעלע, פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר פון אַריינגעבן אים דאָ, אַרויסנעמען אים פון דאַ־נען און איבערגעבן אים צו אַ צווייטער, אַנטוויקלט אין זיך אַ שאַרפן חשד, אַ נישט געטרויען טאַטע־מאַמע, קוקן זיי אויף די הענט און ווען נאָר ער האָט געזען מ׳נעמט אים אַנטאָן נישט ווי צום שפּילן זיך, בפרט ווען ער האָט געזען איינפּאַקן זיינע זאַכן אין אַ וואַליזקע, האָט ער גלייך אָנגעהויבן וויינען, וואַרפן זיך אויף דער פּאָדלאָגע, קאָפּען מיט די פיס־לעך און שרייען: „גאָדעלע ווי׳ ניש גיין״! דערביי האָט ער זיך גענומען קלאַמערן מיט די הענטלעך אָן אַ פוס פון בעט, פון טיש, אָן וואָס נאָר ער האָט געקענט גרייכן.

טאַטע־מאַמע זענען געשטאַנען מיט פאַרבראָכענע הענט, די הערצער זייערע האָבן געבלוטיקט: „איין בידנע שטיקל קינד, זוכט מען נאָר תּחבולות אַרויסצושטופּן עס פון דער היים״. כאָטש וואָס זאָלן זיי טאָן אַז גאָדעלעס מזל איז געווען געבוירן צו ווערן צו אַ מאַמע, וואָס איז אומגליקלעך צו זיין אַ הויזפרוי, זיך אָפּגעבן מיט אַ קינד, מיט קאָכן ס׳טעפּל און צו אַ טאַטן, וואָס צאַנקט, גייט ממש אונטער, אַז ער קען נישט זיצן און שרייבן! האָבן זיי כלומרשט אויסגעפּאַקט די זאַכן, אַוועקגעשטעלט די וואַליזקע און ער, דער טאַטע, האָט גענומען ס׳יינגל אין די אָרעמס, באַרויִקט אים:

— מאַמע וויל נישט אַוועקגעבן גאָדעלען, טאַטע אויך נישט, דערביי האָט ער דאָס קינד געטוליעט צו זיך, געקושט און געצערטלט אים, — ניין, נישט אַוועקגעבן, מאַמע דאַרף אַרבעטן, טאַטע אויך, וועט גאָדעלע

זיין ביי לינא. געדענקסט לינא, ווען מיר זענען מיט דיר געווען ביי איר? ׳עסט זיך דאָרט שפּילן מיט קיעלעך, נישט קיין האַלצערנע, אמתע קיעלעך, וואָס גיבן מילך. אויך מיט פערדעלעך, וואָס מ׳רייט אויף זיי.

— גאָדעלע ׳עט אויך רייטן אויף אַ פערדעלע? האָט דאָס קינד, מיט טרערן נאָך אין די אייגעלעך, פריידיק אויפגעשיינט.

— אַוודאי, ׳עט גאָדעלע רייטן אויף אַ פערדעלע.

געמיינט האָט ער, נתן חיים, איצט וועט ער נעמען ס׳קינד מיטן ביסל זאַכן צו דער גראַנד־סענטראַל באַן־סטאַציע, וועט מיט אים איינזיצן אין ערשטן צוג קיין פּיקסקיל, פון דאָרט מיט אַ טאַקסי צו דער לינא און פאַרנאַכטצו איז ער קריק אין דער היים. צום סוף גאָר האָט זי, בתיה אַ זאָג געטאָן:

— איבערגעבן גאָדעלען אין דער פרעמד־אַריין דאַרף די מאַמע. וואָס ווייסט ער, דער טאַטע איר, דער לינא, צו זאָגן וועגן קינד, וואָס יאָ און וואָס נישט? ס׳אַנדערע צו וואָס אַ באַן? אַ טאַקסי? זי האָט אָפּגערעדט מיט לעאָנען, ער קומט באַלד זי נעמען מיטן קינד גלייך אַהין.

נתן חיים האָט דערפילט אַ גרימעניש אין בויך. העמערלעך האָבן אים געפּויקט אין די שלייפן און דער דמיון זיינער איז געפלויגן: „לעאָן, אַוודאי, בתיהלע האָט זיך קוים דערוואַרט צו קענען זיין מיט לעאָנען, זאָל זיין באַדיי אין אַ קאַר... וועט זי לאָזן אים, נתן חיימען פאָרן מיטן קינד?

בתיה, זעט אויס, האָט זיך געכאַפּט, געזען זיין, דעם מאַנס ווערן גרין און געל, האָט זי גיך, גאָרנישט ווי איר געוווינהייט: „אַ רענדל אַ וואָרט״ געגנומען אים כלומרשט אויפקלערן, אין דער אמתן, געשיקט אים פאַר־רעדן די ציין.

— ער פאַרשטייט דאָך אַליין, נתן חיים, איבערגעבן אַ קינד אין פרעמדע הענט דאַרף די מאַמע. ווער נאָך ווי די מאַמע קען זאָגן אַ פרעמד־מענטש ווי זיך אומצוגיין מיטן קינד?

— אַוודאי, האָט ער איר כלומרשט ערנסט פּאַטאַקעוועט. — ווער נאָך ווי אַ מאַמע? געטראַכט אָבער האָט ער: „ווײ ווײ, וויפל געמיינע טראַכטענישן, וויפל געמיינע ליגנס עס ווערן אַלץ געדעקט מיט די שיינע, לאַגישע ריי־דעלעך. אַוודאי וואָלט ער גלייך געקענט איר צעשטערן די דערוואַרטענישן. ער וואָלט אויך געקענט נוצן שיינע, לאָגישע רייד: „ער פאָרט מיט״! שטייט עס אים אָבער נישט אָן, ס׳איז אונטער זיין כבוד, היטן ס׳ווייב? זייער צוזאַמענלעבן איז דאָך סיי ווי צעבראָכן״.

האָט ער אָן אַ וואָרט זיך צוגעקוקט ווי בתיהלע טוט זיך אָן, נעמט

גאָדעלעס הענטל אין איין האַנט, די וואַליזקע אין דער צווייטער און גייט אַראָפּ צו לעאָנען, וואָס האָט שוין געוואַרט אונטן אין זיין קאַר, אַ גרינ־לעך „פאָרדל". ער עפנט פאַר איר דאָס טירל, זי זעצט אַריין גאָדעלען, באַלד זיך אַליין. די קאַר לאָזט פון זיך אַ רויכל און פאַרשווינדט אים פון די אויגן.

## קאַפּיטל צוויאונפופציק

ער ליגט אויפן בעטל, נתן חיים, און דער דמיון זײַנער לויפט, פּיבערט: איז ער שוין דאָס אויך איבערגעקומען — אַרײַנגעשטעלט זי, בתיהן, אין אַן אייגן פּלאַץ! צי ס׳עט אַרבעטן? זאָל נאָר די ערשטע קליענטקע אָנטאָן אַ קלייד, אַ קאָסטיום פון מיס בי׳ס „לע פּעטיט סאַליאָן״, וועט זי שוין רעקאָמענדירן אַ צווייטער, די צווייטע — אַ דריטער און עס וועט גיין אַ גאַנג. וואָס, וואָס, אין דעם קען זי קיינער נישט איבערשטייגן, בתיהן, וואָס ביי „בערמאַן ענד בערמאַן״ איז פון בתיה געוואָרן בלויז „מיס בי״ און ווי אַזאַ איז איר נאָמען און באַרימטקייט געשטיגן, אַז די קליענטקעס האָבן געקלעפּט אין איר, נישט צוגעלאָזט צו זיך קיין אַנדער „פּיטער״! אמת, ס׳איז אַ קריזיס אין לאַנד, וואָס נאָך אַזאַ איז אין אַמעריקע פריער נישט געווען. אָבער דאָס ווײַבערפאָלק, ווען עס קומט צום אָנטאָן זיך, איז פאַר זיי נישטאָ קיין קריזיס, בפרט אָנטאָן זיך ביי „מיס בי״, די „עקספּיטער״ פון יעטא בלאָוסטיין און נאָך פאַר אַזעלכע באַשיידענע פּרייזן.

וועט דאָס איר, בתיהן, אַוודאי הנאה טאָן: אַ מאַדאַם פון אַן אייגענעם „דרעס־סאַליאָן״, אָבער צי וועט דער „מאַדאַם״ אַזוי שטאַרק הנאה טאָן זיך צו דערוויסן, אַז זיין אַזוי שטאַרק מיִען זיך זי „אַרײַנצושטעלן״ אין דעם פּלאַץ, איז ווייל ער גרייט זיך אַוועקצופאָרן קיין פּוילן אויף אַ לענגערער צייט? זי וועט דאָך וויסן אַז זיין פאָרן כּדי אַרויסצוגעבן דאָרט אַ בוך, איז נישט מער ווי אַן אויסרייד. אַז אין דער אמתן איז עס צוליב איר פלאַנטער מיט לעאַנען. נאָר אפשר וועט זי די נייעס אויפנעמען ווי אַ ברכה פון הימל? גראָד איצט, ווען זי גאַרט אַזוי צו קענען האָבן די אַפּערע אומגעשטערט, אָן זיין שאַרף אויג אויף זיך?

נאָר וואָס אַרט אים ווי אַזוי בתיה וועט אויפנעמען זיין פאָרן קיין פּוילן? אַ סך גייט איר אָן זיין אינערלעך לעבן? אַ סך נעמט זי זיך איבער וואָס ער, איר מאַן, איז אַ שרייבער? טראַכט זי וועגן דעם אַז זיין לעבן ווערט דאָ, אין דעם גאָלדענעם לאַנד, צעריבן! אָט איז ער שוין אין אַמעריקע באַלד צוועלף יאָר. וואָס האָט ער דאָ דערגרייכט? אַ לענגערע דערציילונג אין „די צוקונפט״, אַ דערציילונג אין „פאָרווערטס״, אַ לענגערע זאַך וואָס ליעסין האָט מיט שרעק אים קריקגעגעבן. דאָס איז דאָך אַלץ!

די אַנדערע זאַך אין „פּאַרוועסס", ווי די סקיצן אין די יוניאַן זשורנאַלן — איז דאָך „דרויב", נישט אין קיין בוך אַריין.

גייט דאָס אַלץ זי אָן? פּאַרקערט, זי איז אומגליקלעך צוליב זיין וועלן שרייבן, צוליב זיינע חלומות ערגעץ צו דערגרייכן. אַפילו מיט זיין גרויסער ליבשאַפט צו איר, איז זי דאָך אומגליקלעך. „צו פיל מאַן פאַר איר"! אַזוי האָט זי אים אַליין געזאָגט! און איצט זעט ער טאַקע איין ווי אמת זי האָט אים געזאָגט, ווען נישט, וואָלט זי אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם לעאָן סימקין, אַ גאָרנישט! אַ מענטש וואָס דאַרף בלויז ברויט מיט אַ סך פּוּ־טער. גאָט אין הימל! ווי זי האָט דאָס געצייטערט, טאָמער זאָגט ער, נתן חיים, ער פאַרט מיט און אַזוי אַרום שטערט ער איר דאָס זיין מיט דעם פּאַרשוין אַליין אין קאַר.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער „ציבעלע", נתן חיים. בתיהלע איז אַוועק פון שטוב עלף אין דער פרי. דאָס פאָרן אין אַ קאַר צו דער לינאַ דאַרף העכסטנס געדויערן אַ שעה מיט אַ האַלב, צוריק — נאָך אַנדער־האַלבן שעה, דאָס איבערגעבן גאָדעלען און דאָס איבערשמועסן מיט לינאַ וועגן דעם, וועגן יענעם — נאָך אַ שעה, אַרום און אַרום פיר, זאָל זיין פינף שעה, וואָלט זי געדאַרפט זיין קריק דריי, העכסטנס פיר אַזייגער, איצט איז שוין האַלב נאָך זעקס פאַר נאַכט און זי איז נאָך אַלץ נישטאָ! וווּ איז זי? נישט מיט לייבעלע סימקין אין וועלכער „לאָווערס־ליין" (ליבע־אַלייע). נאָר פאַר וואָס אין אַ לאָווערס־ליין? פעלן האָטעלן איבערן וועג?

מיד פון ליגן, איז ער אַראָפּ פון בעטל, נתן חיים, געזעסן אַ ווייל, זיך געצויגן, אויסגעגלייכט די גלידער, באַלד איז ער אַריין אין פראָנט־צימערל, דער שאַפע וואָס דערווייל איז נאָך דאָ שטיל, די זינגערמאַשין — פּאַרדעקט מיט אַ טישטעכל, אַזוי אויך דאָס אַרבעט־טישל, אַ שמאָלס, אַ לענגלעכדיקס און פיר שטולן, אויך קנאַפּלעכע, צו פאַרנעמען וואָס ווייני־קער אָרט אין דעם ליאַלקע־שטיבל, אַלץ שטייט גרייט צו לאָזן דעם ווערק־שטעל אין גאַנג.

ער האָט געכאַפּט אַ קוק אַרויס דורך אַ שייבל אין איינעם פון די קליינע פענצטער: אַ שטילע גאַס, קעגנאיבער — אַ פערצנשטאָקיק געבייַ — אין ראָג וועסט־ענד, פון דעם ביזן ראָג בראָדוויי נאָך צוויי זעקסשטאָקיקע הייזער, אַלע פול באַוווינט, וואָלט דאָך געדאַרפט דאָ זיין רעשיק און דאָך — אַזוי ווייניק געגיי און נאָך ווייניקער געפאָר. ביי די טראָטואַרן, איןביידע זייטן גאַס, שטייען קארס, אָבער לעאָנס גרינלעך פאָרדל זעט ער נישט.

מיד אויך פון אויסקוקן, איז ער אַוועק פון פענצטער, געשטאַנען אַ

ווייל אין מיטן שטוב, אין די שלייפן, אין יעדע זייטן שטערן, שלאָגן האַמערס און דער ווייטיק האַלט דעם קאָפּ אַרומגערייפט ווי אין אַן אײַזער־נער קלעם. פאַר די אויגן ווערט אים פינצטער, אָט, אָט און ער פאַלט אום.

ער האָט אַרײַנגענומען דעם קאָפּ אין די צוויי הענטפלאַכן: „גאָט אין הימל! ווי זיין לעבן ווערט דאָ צעטאַכליעוועט! ווי נאָר ער האָט זיך גע־זעצט עפּעס אָנשרייבן, האָט זיך אונטערגערוקט אַ שטער! אַמאָל אין דער אַלטער היים נאָך, איז עס געווען דער הונגער ממש. דאָ, אין אַמעריקע, אַז דער הונגער נאָך ברויט איז געוואָרן געשטילט, איז אָנגעשטאַנען דער הונגער נאָך ווייב, נאָך לעבן, נאָך גיין און זען. און אַז ער האָט אויך דעם הונגער געשטילט, איז נאַדיר אומגליקן! פריִער בתיהס קראַנק ווערן, דער־נאָך צעברעכט זי אַ פוס. נאָך דעם איז מיט מזל געקומען גאָדעלע און אַז ס'איז שוין יאָ אַ ביסל פרייד מיטן קינד, קריכט ער אַריין אין אַ בעקעריי! אמת, אין דעם שלימזל איז בתיה גאָרנישט געווען שולדיק. אָבער שיִער נישט אַ יאָר צייט האָט ער אין דער בעקעריי צעריבן! און צו דעם נאָך געפּטרט אירע אָפּשפּאָרונגען ביז אַ סענט! און טאָמער איז אים דאָס אַלץ נישט גענוג, קומט גאָר אונטער אַ לעאָן סימקין!

צו אַלדי טײַוול! פאַר וואָס איז ער, נתן חיים, יענעם אינדערפרי, נאָך דער סילוועסטער־מעשה, געוואָרן אַזוי „פּוכקע־לבבותדיק" און נישט איבער־געלאָזט בתיהלען צום געליבטן און איז נישט אַוועק ווו די אויגן וואָלטן אים געטראָגן? יעדער מאַן וואָלט דאָך אַזוי געווען געטאָן! מילא, דאָס סילוועסטערדיק קושן זיך מיט לײַבעלע סימקין, צי מיט אַן אַנדערן, דאָס איז דאָך נאַטירלעך, אויף דעם איז דאָך סילוועסטער, האָט ער דאָך אַליין אויך זיך געקושט מיט דער וויערא. אָבער איר, בתיהלעס גענאַרן אים! אַזוי מיאוס אים גענאַרן און דאָס נאָכן זיין מיט איר און שענקען איר אַזוי פיל ליבשאַפט, וואַכן און היטן אים, דעם מאַן, צי ער שלאָפט אײַן און ווי נאָר איר האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער שלאָפט, אַרויסגנבענען זיך פון בעט און לויפן אין פראָנטצימער צו לעאָנען! אמת, זי איז נישט געלעגן מיט אים. אָבער דאָס איז נישט געווען ווייל זי האָט עס נישט געוואָלט, נאָר מחמת נישט וואַגן צוליב זיין, נתן חיימס, זיין אין שלאָפצימער. ווען נישט, וואָלט דאָך די כשרע צנועה זיך געווען אים איבערגעגעבן. איז וואָס טוט זי דאָרט איצט מיט לײַבעלען? ער, דער מאַן אירער איז דאָך נישטאָ דערביי. ליגט זי מיט אים אין וועלכן האָטעל צי אין דער קאַר אויף וועלכן „לאָווערס־ליין"?

נאָר פאַר וואָס האָט זי, בתיה, זיך אַזוי „פּאַרליאַפּעט"? (פאַרליבט) האָט ער, דער מאַן אירער, געגעבן איר אַ געלעגנהייט צו טאָן אַזעלכעס?

האָט ער, דורך דער גאַנצער צייט פון זייער צוזאַמענלעבן, זי פאַרראַטן? האָט ער דען נישט, באַלד נאָך זייער צוזאַמענגיין זיך, איבערגעריסן זיינע קאַנטשאַפטן מיט אַלע מיידלעך, וואָס מיט זיי פלעגט ער זיך טרעפן פאַר זיין חופּה־שטעלן מיט איר, בתּיהן.

אָ, ווי פאַרנאַרט ער איז געווען יענעם אינדערפרי! זע נאָר ווי דער טאַטע זיינער זיצט אין אים אַז בלויז בתּיהלעס פאַרוואָרפן אים די בעקערייי, וואָס אין איר האָט ער צעפּטרט די אָפּשפּאַרונגען אירע, האָבן אים ווייך געמאַכט, „אַ בעל חוב איר, ווי קען ער אָוועקגיין איידער ער באַצאָלט, וואָס ער איז איר שולדיק? דערצו נאָך דאָס דערמאָנען אים גאַדעלען, איז געווען געגנוג ער זאָל פאַרמאַכן די טיר און בלייבן מיט בתּיהן אונטער איין דאַך! אַוודאי דאַרפן עלטערן נישט צעברעכן די היים פון זייער קינד, אָבער מיינט דאָס אויך אין אַזאַ פאַל? וואָלט ער דען ווייניקער ליב געהאַט גאַדעלען ווען ער פאַרלאָזט דעמאָלט יאָ די היים! און דאָס פאַרלוירענע געלט איז דער בעקעריי, וואָלט ער גאַנץ שיין געקענט איר אָפּצאָלן, נאָכן האָבן זיך געשיידט מיט איר".

ער האָט ווידער געכאַפּט אַ קוק דורך דער שויב און באַלד אויך אויפן זייגערל: ס'איז האַלב נאָך אַכט, פינצטער שוין אין דרויסן און בתּיה איז נאָך אַלץ נישטאָ קריק! ער האָט שוין אָנגעהויבן איבערקלערן: „אונטער־וועגנס, ווער ווייסט וואָס עס קען, חלילה, געשען"? איז אָבער דער חשד אין אים געווען שטאַרקער: „ניין, גאָרנישט איז געשען, זיי זענען אין אַ האָטעל און טראַכטן אַפילו נישט וועגן צייט".

צו פאַרטרייבן די טראַכטענישן, דאָס כּסדרדיקע זען בתּיהן אין לייבעלע סימקינס אָרעמס, האָט ער ווידער אָנגעהויבן קלערן וועגן פּוילן: „פאַר וואָס האָט ער כּסדר אָפּגעלייגט דאָס פאָרן? ער האָט אַריבערגע־בּרענגט די צוויי שוועסטער, פאַר וואָס איז ער דעמאָלט נישט געפאָרן? דער טאַטע האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. ער האָט דאָך ביים געזעגענען זיך, אַזוי געקלאָגט, דער טאַטע: „כ'על דיך שוין נישט זען" דערביי האָט ער אים אַזוי געדריקט צו זיך, אַז אויך ער, נתן חיים, האָט זיך צעוויינט: „חלילה, טאַטע! ווי ווייט איז דען פאַריז פון וואַרשע? ער וועט קומען אויף אַ לוסט־רייזע און מ'עט זיך נאָך פרייען צוזאַמען"! איז דער טאַטע גע־שטאָרבן און אים שוין טאַקע נישט געזען. האָט ער אַריבערגעבּרענגט די מאַמע, זי באַזאָרגט צו מילכּה ברײַנדלען, די עלצטע טאָכטער און איצט ערשט קלייבט ער זיך צו פאָרן, איצט ווען דער טאַטע איז שוין נישטאָ, די היים איז שוין נישטאָ, און ער אַליין איז צעבראָכן, ווי זיין צוזאַמענ־לעבן מיט בתּיהן איז צעבראָכן, צעשטערט. די טרערן זענען אים גע־

רונען פֿון די אויגן, ס׳געווײן האָט זיך אים געריסן פֿון קעל אַז ער האָט גאָרנישט געהערט ווי אין דער פֿינצטער דאָרט, אין קאָרידאָרל, האָט זיך געעפֿנט די טיר און בתיה האָט זיך אַריינגעשטעלט מיט דער אויסגעלייַ־דיקטער וואַליזע אין האַנט. זי האָט אויפֿגעדרייט די עלעקטריע, אַריינגע־קומען אין מיטלסטן שטיבל, געקוקט אַרום זיך, ווו איז ער?

— נתן חיים?

ער האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, אויסגעווישט די טרערן פֿון די אויגן:

— דאָ בין איך. ווו איז זי געווען אַזוי לאַנג?

בתיה האָט אַריינגעבויגן דעם קאָפּ אין שאָף־צימער:

— וואָס זיצסטו אין דער פֿינצטער? אויך דאָ האָט זי אַ דריק געטאָן די קנאָפּקע און, אין דער ליכטיקייט דערזען די טרערן־ריטשקעס אויף זיין געזיכט. — האָסט געוויינט? איז זי צוגעקומען נענטער צו אים.

ער האָט נישט געענטפֿערט, שאַרף געקוקט איר אין די אויגן, אַזש זי האָט אָנגעהויבן זיך קורטשען, ווי איינשרומפּן אין זיך אַריין, צו אַנט־רינען פֿון זיין דורכדרינגענדיקן בליק. ער האָט אַרויסגעצויגן ס׳זייגערל פֿון וועסטל־קעשענקע, געוויזן איר אויפֿן ציפֿערבלעטל: ס׳איז געווען צוואַנציק צו צען:

— ווו ביסטו געווען ביז איצט!

— וואָס הייסט ווו? זי איז דאָך געפֿאָרן באַזאָרגן גאָדעלען!

— ווייטער ג־אָ־ר־נ־י־ש־ט? האָט ער חלפֿדיק שאַרף געצויגן דאָס וואָרט און נישט צוגענומען דעם בליק זיינעם פֿון אירע אויגן. — און דו ווילסט איך זאָל דיר גלייבן אַז וו־ײַ־ט־ע־ר ג־אָ־ר־נ־י־ש־ט?

— האָסט דאָך איינגערעדט דעם קינד פֿערדעלעך מיט קיעלעך. לינאַ האָט נישט קיין פֿאַרם און גאָדעלע האָט בשום אופֿן נישט געוואָלט בלייבן אַז מ׳וועט אים נישט ווייזן די פֿערדעלעך און קיעלעך. האָבן זיי געמוזט פֿאָרן מיטן קינד מיילן ווייט זוכן אַ פֿאַרם. אָבער אום גאָטעס ווילן, צו־ליב איר פֿאַרשפּעטיקן זיך. האָסטו געדאַרפֿט איבערקלערן? אַזש וויינען?

ער האָט געשמייכלט, נתן חיים, סאַרקאַסטיש געשמייכלט: „אַזוי איז זי אַ שווייגנדיקע, ער קען וואַרטן ווי לאַנג ביז זי דערמאַנט זיך אים צו ענטפֿערן אויף עפּעס, וואָס ער פֿרעגט און איצט, זע נאָר ווי דאָס מיילכל אירס מאַלט, ווי גיך און גלאַטיק זי פֿאַרענטפֿערט אים אַלץ און דאָך וויל ער וויסן:

— ניין, ער האָט נישט איבערגעקלערט. ער האָט געוווּסט אַז אין לייבעלע סימקינס אָרעמס איז זי געשיצט, וואַרעם און זיכער.

— הער מיך אויף צו פייניקן! האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ היסטע־ריש געוויין, געכאַפּט אַ מעסער און עס אים דערלאַנגט, אויסשטרעקנדיק צו אים דעם האַלדז: — נאַ שעכט, אָבער הער מיך אויף צו פייניקן!

ער האָט גיך אַרויסגענומען ס׳מעסער פון איר האַנט:

— בתיה, נאָר נישט היסטעריש, האָט ער זיך געמיט צו זיין רויִק, — ער וויל בלויז וויסן, ווו נאָך זי איז געווען, חוץ ביי לינא, חוץ ביים זוכן פערדעלעך מיט קיִעלעך. זי דאַרף זיך נישט פילן שלעכט. ס׳איז נאַ־טירלעך. פאַרליבטע זוכן צו זיין צוזאַמען. ווו זשע איז זי געווען? האָט ער שוין גערעוועט אויפן קול און געקלאַפּט מיט דער פויסט אין אַרבעטס־טישל.

— הלוואַי וואָלט ער געווען פאַרפאָרן מיט איר אין וועלכן האָטעל, האָט זי שטיל, ווי פון אַ קבר אַרויס געכליפּעט און אַזוי, כליפּענדיק גע־נומען רעדן, מער צו זיך ווי צו אים, דעם מאַן אירן. — וואָס זאָל זי טאָן? זי גייט אויס נאָך לעאָנען. זי איז געווען גרייט צו גיין מיט אים אומעטום, איז ער אָבער אַ וויעכיטש און אפשר גאָר קיין מאַן נישט! ציטערט פאַרן ווייב ווי זי וואָלט געווען דער מלאך־המות, נישט אַפילו זיך אָפּגעשטעלט ערגעץ, ער זאָל זי קענען אַרומנעמען, שענקען איר אַ צערטל, אַ קוש.

ער האָט געמיינט זי באַרויִקט זיך מיט דעם אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ, האָט זי גאָר אויף ס׳ניי אויסגעבראָכן אין אַ געקלאָג, געזעסן אויף אַ שטול קעגנאיבער אים, געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און געהעשעט אין זיך אַריין:

— אַ כישוף האָט ער איר אָפּגעטאָן, אַ וויסטן כישוף, נישט זי קען זיך פון אים באַפרייען און נישט זי קען זיין מיט אים צוזאַמען.

זי האָט לאַנג געהעשעט, בתיה, אין זיך אַריין געהעשעט ביז, ענד־לעך, דאָס העשען האָט זיך איינגעשטילט, איז זי, אַ באַרויִקטע אַ ביסל, אויפגעשטאַנען, צוגעקומען צו אים, געטאָן אים אַ גלעט איבערן אַקסל:

— ער האָט דאָך אַוודאי אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געגעסן. אפשר גייען זיי אַרויס אין קאַפעטעריע עפּעס איבערכאַפּן.

— ניין, אַ דאַנק.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט פייכטע, צער־פולע אויגן: „גיי פאַר־שטיי די פרוי! האָט שוין מיט אים אַ קינד און קיין מאָל נישט געהאַט אַ צערטל פאַר אים. און אָט פאַלט זי פאַר לעאָנען, אַ גאָרנישט, אַ צע־יוירענע מיירע, וואָס מער ווי זינגען אַ לידל האָט ער גאָרנישט צו געבן, אים איז זי גרייט צו צערטלען, אַפילו גיין מיט אים אונטערוועגנס אין

אַ האָטעל אַריין! אָרעמע, אָרעמע בתיה״. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן איר אין שטערן. „ער גלייבט איר. אויפן וועג איז צווישן איר מיט לעאָנען גאָרנישט פאָרגעקומען. זי איז אַזאַ, ריינע, ערלעכע נשמה, אַז אַפילו איר גאַרן, איר גרייט זיין צו גיין מיט לייבעלע סימקין אין אַ האָטעל, האָט זי נישט געקענט פאַר אים, דעם מאַן אירן, לייקענען, נאָר אים דערציילט, אין טיפן ווייטיק אים דאָס דערציילט״.

— ניין, בתיה, ער איז נישט הונגעריק, זאָל זי מאַכן עפּעס עסן פאַר זיך, און אַליין איז ער אַרויס פון שאַפּ, אַריין אין מיטלסטן שטיבל און אַוועקגעפאַלן אויפן בעטל אין אַנטועכץ.

## קאַפּיטל דרייאונפופציק

דער קריזיס אין אַמעריקע ברענט, די עפּלפּאַרקויפער אין די גאַסן־ראַגן, די ערשטע קרבנות אין דעם קריזיס, זיי מערן זיך און וואַקסן, און אַזוי מערן זיך און וואַקסן די רייען מיט הונגעריקע נאָך אַ שטיקל ברויט און אַ טעלער זופּ און, צום שטוינען, וואַקסט אויך און געדייעט „מיס בי׳ס לע פּעטיט סאַליאָן״, וואָס ער, נתן חיים, האָט אַזוי גיך פאַרטראַכט און אַזוי שיין און קונסטפול דאָס אַוועקגעשטעלט. זיין געדאַנק אַז אין דעם צעשטערנדיקן קריזיס, זענען אַלץ אויף וועסט־ענד עוועניו און ריווערסאַיד־דרייוו דאָ געבוג מענטשן מיט געלט, וואָס זייערע מעטרעסעס, זייערע ווייבער און טעכטער, זאָלן קענען קומען „זיך אָנטאָן״ אין „מיס בי׳ס פּעטיט סאַליאָן״, דער געדאַנק זיינער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין קלאָר און ריכטיק.

אין דער קורצער צייט אַרבעטן שוין אין דעם „פּלעצקעלע״ דריי מיידלעך און זי אַליין „מיס בי״, בתיה הייסט עס, איז פאַרטאָן איבערן קאָפּ אין אויפנעמען קאַסטאָמער, אין פּאַסן אויף זיי קליידער, קאָסטיומען און, דער עיקר, זי שיינט פון גליק! יאָ, טראַכט ער, נתן חיים, דאָס איז איר מיליע, בתיהס, דאָ לעבט זי זיך אויס, נישט אין פירן אַ שטוב, נישט אין זיין אַ מאַמע צו אַ קינד, הגם זי האָט גאָדעלען נישט ווייניקער ליב, ווי ער, דער טאַטע, האָט ליב זיין זונעלע.

אַוודאי פאָרן זיי, טאַטע־מאַמע, יעדן זונטיק צו דער לינאַ, זען גאָדעלען, געבוי ווי די יונגע עלטערן אין פאַריז פאָרן יעדן זונטיק „אויפן קאַמפּאַן״ זען זייערע קינדערלעך. ער טראַכט אָפט וועגן דער איראָניע, נתן חיים. ער האָט אין פאַריז געצאַרנט איבער דעם „קאַמפּאַן״־איינפיר, איז אָט, די אייגענע דאָליע אים באַשערט אין אַמעריקע, דאָס „גאָלדענע לאַנד״, נאָר אים דאָ, מיט מער צער. גאָדעלען איז נישט באַשערט אַפילו דאָס ביסעלע גליק, וואָס עס האָבן די „קאַמפּאַן קינדערלעך״, צו זען טאַטע־מאַמע יעדן זונטיק קומען צוזאַמען, נאָר איין זונטיק קומט ער, דער טאַטע, דעם צווייטן זונטיק — זי, די מאַמע.

דאָס פינף־יאָריקע יינגעלע ווייסט נעבעך נישט די סיבה פון טאַטע־מאַמעס קומען באַזונדער, כאָטש ער אַנט, פאַרדעכטיקט, איז קלוג געבוג

צו פרעגן דעם טאַטן: „פאַר וואָס איז נישט געקומען די מאַמע אויך?״ דעם צווייטן זונטיק אַז די מאַמע קומט אַליין, פרעגט ער זי: „פאַר וואָס איז נישט געקומען דער טאַטע אויך״? אַוודאי זענען טאַטע־מאַמע קלי־גער, ביידע ווייט אַוועק שוין פון קינדס פשטות, געפונען זיי אַלערליי תּירוצים צו פאַררעדן דאָס קינד, אָבער ביידע, כאָטש יעדער באַזונדער, זעען איין אַז גאָדעלע איז נישט גליקלעך ביי דער לינאַ און גענוי ווי די יונגע עלטערן אין פאַריז, אַזוי קוקן זיי דעם יינגל אין די אייגעלעך און אין דער היים זיפצן זיי ביידע: „גאָדעלע איז פאַרטרויערט, ער איז בלאַס און אָפּגעצערט, אפשר טויג נישט פאַר אַזאַ יונג קינד לינאַס פּאַשע פון „נאַטאַס און פּראַטאָס״? זענען דאָך אָבער זיי אַליין אויך געווען שיינע עטלעכע יאָר וועגעטאַריער און זיי האָבן זיך געפילט גוט און געזונט. און אפשר גאָר איז די לינאַ גערעכט? ער בענקט אַהיים. און דאָס לייגט זיך זיי אויפן שׂכל. אין זיין בענקען אַהיים איז דאָ דעם קינדס זאָרג און מורא אַז „עפּעס איז דער מער״ מיט זיין „היים״.

האָבן טאַטע־מאַמע געטראַכט וועגן דעם, אַפילו גערעדט דעריבער, אָבער וואָס אַנדערש קענען זיי טאָן? איר אויפוואַרפן אים — ער וויל נאָר זיין אַ שרייבער, ווי זיין אויפוואַרפן איר — זי וויל נאָר זיין אַ „פּי־טער״ וועט דאָ גאָרנישט בעסער מאַכן.

מילא זי, בתיה, האָט כאָטש דערגרייכט ס׳איריקע. זי שווימט און שיינט, אָבער ער? וואָס האָט ער דערגרייכט? ער לייגט נאָך אַלץ אָפּ דאָס שרייבן, אמת, איצט מיט מער האָפענונג אויף וואַרשע, דאָרט וועט ער האָבן די רו, די מנוחה צו קענען עפּעס דערגרייכן. אָבער גאָט אין הימל! ווען?

דערווייל ווערט ער מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַרשלונגען און פאַר־קאָפּעט. בתיהס „לע פּעטיט סאַליאָן״ איז שוין טאַקע אויף אַ וועג, אָבער „עס גייט נאָך אַלץ נישט אַליין״. טאַקע קליינינקייטן, אָבער מ׳מוז דאָס דערליידיקן. אָנשטעלן אַ מיידל צו גיין איינקויפן, דאָ אַ שנאָל, דאָ קנעפּ־לעך, פאָדעם, אַלערליי שמאָכטעס אויף „אונטערצובעטן״ אויסצוגלייכן אַ פּי־גור, דאָס קען נישט אַ ליאַדע מיידל. די קאָסטאָמער, ווי וויל זיי זענען נישט קיין „ספּרינגלעך״, ווילן זיי אַלץ נאָך אויסזען יונג און „שיק״ און גראָד האָט די אַ פלאַכן ביוסט און מ׳דאַרף אים אויסבעטן, זי זאָל „עפּעס האָבן״. אַן אַנדערע האָט נעבעך איין „שאָולדער״ (אַקסל), אַ העכערן פון אַנדערן דאַרף מען „זי אויסגלייכן״. צו וואָס דען קומט זי „זיך אָנטאָן״ ביי דער „מיס בי״? און צופּאַסן די אַלע קליינינקייטן דאַרף מען מיט גע־שמאַק. אָנשטעלן אַ פּאַסיקן מענטש פאַר דעם וועט די חלה גיין אין דער

המוציא, מוז ער דאָס „דערווייל״ טאָן. צו דעם נאָך איז ער געוואָרן די באַלעבאָסטע אין שטוב. אַז זי, בתיה, איז פאַריאָגט אין סטודיאָ אַרום די קליענטקעס, אין שאַפּ אַרום די מיידלעך, קלעקט איר קוים צייט אויף עפּעס איינצוקויפן, אָבער אָפּקאָכן אַ מאָלצייט דאָס מוז ער.

איז ווי ווייל אַלץ זעט שוין אויס צו זיין „אויף אַ וועג״, בתיה קען שוין באַלד שטיין אויף די אייגענע פיס, גאָדעלע, גוט צי נישט אַזוי גוט, איז באַזאָרגט, נאָר ער, ער „מוז נאָך אַרויסהעלפן״! אָבער וועגן זיין טראַכטן אַוועקצופאָרן קיין וואַרשע אויף אַ יאָר צייט, וועגן דעם האָט ער נאָך מיט איר, בתיהן, קיין וואָרט נישט גערעדט, כאָטש אין דער שטיל מאַכט ער די צוגרייטונגען פאַר דער נסיעה.

וואָלט דאָך אַלץ געדאַרפט זיין ווויל און גוט, ער וואָלט געדאַרפט זיין אויפגעלייגט, אין אַ גוט געמיט, איז עס אָבער נישט אַזוי. פאַרקערט, ער איז טרויעריק און זיין געמיט — דערדריקט. דער וואָרעם גריזשעט: „וועט נישט דאָס דערשיינען פון זיין ערשט בוך זיין דער סוף פון זיין צו־זאַמענלעבן מיט בתיהן? און אויב עס זאָל טאַקע קומען צו דעם, ווי אַזוי וועט דאָס גאָדעלע אויפנעמען? ער איז אַ פאַרשטענדיק קינד. סיי בתיה און סיי ער, ווילן בלויז מיינען אַז זיי פאַררעדן אים זיין כּסדרדיק פרעגן, פאַר וואָס יעדער פון זיי קומט אים זען באַזונדער און נישט ביידע צו־זאַמען. נאָך זייערע גאַנצע פאַררעדענישן, בלייבט גאָדעלע פאַרטרויערט, שטיל אין זיך פאַרקלערט. און ער אַליין, נתן חיים, וועט ער לאַנג קענען פאַרטראָגן דעם צער פון זיין קינד, צוליב דער צעבראָכענער היים?

זיצט ער אָפּט, נתן חיים, אין דעם מיטלסטן שטיבל, אַ פאַרזונקענער אין אַט די טראַכטענישן. דורך די פאַרהאַנגענע שויבנטירן רוישט צו אים אַריין דער שאַפּ, דאָס גערעדעריי פון די מיידלעך, דאָס געשטעפּ פון דער זינגערמאַשין, ווידער פון דער סטודיאָ, אין צווייטן פראָנט צימערל, טראָגט זיך צו אים דאָס שטענדיקע געמוטל און געלאַכעריי פון די קליענטקעס, פּעטע, שטענדיק צופרידענע ווייבער און דאָס אַלץ גייט אויף זיינע נערוון אַזש נישט איין מאָל טראַכט ער: „אפשר מאַכן אַ סוף? צו וואָס דאָס אַלץ? אָבער גאָדעלע? דאָס ליכטיק זונעלע — אַ יתום? מיט אַ שטיף־טאַטן? בתיה איז אַ יונגע, פרעכטיקע פרוי אין איר סאַמע אויפבלי, וועט זי לאַנג זיצן אַן אלמנה״? קלינגט פלוצים דער טעלעפאָן און בתיה, ווי געוויינלעך, ענטפערט, נאָר שטאָט, ווי שטענדיק, ער זאָל הערן די גע־וויינלעכע רייד, דעם „בליא בליא״ וועגן אַ „דרעס, אַ קאָסטיום״, הערט ער גאָר בתיהס דערשראָקענעם איבערפרעג: „וואָאָאָס? גאָדעלע קראַנק״? ער האָט שוין גאָרנישט געטראַכט, נתן חיים, אין סטודיאָ קען איצט שטיין

אַ האַלב נאַקעטע פרוי אין מיטן פּאַסן? זאָל זי שטיין! ווי אַ ווינט איז ער אַריין אין סטודיאָ, געכאַפּט דעם טעלעפאָן פון בתיהס האַנט, צוגעטראָגן אים גיך צו מויל און אויער:

— וואָס איז געשען לינאַ? ער זאָל שוין קומען? יאָ, ער לויפט שוין צו דער באַן!

נישט אויפהערנגענדיק דעם טעלעפאָן אויפן האָקהענטל נעמט ער שוין לויפן. בתיה כאַפּט אים ביים אָרעם: נתן חיים, דערבאַרעם דיך וואָס איז דאָרט געשען?

— האָסט דאָך געהערט, גאָדעלע איז שלאַף! זאָגן איר וואָס לינא האָט אים, דעם טאַטן, אָנפאַרטרויט? אַז דאָס איז דיפטעריט, אָנשטעקנדיק, אַז ער מוז שוין כאַפּן גאָדעלען אין שפּיטאָל אַריין! נישט ער האָט צייט דערויף און נישט די מאַמע וועט עס איבערטראָגן, האָט ער זי, שיער נישט אין חלשות, אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל, אונטערן אויפזיכט פון די צוויי האַלב־נאַקעטע ווייבער און גענומען לויפן צו דער סאַבוויי, וואָס גיכער צו גראַנד־סענטראַל זיך אַריינכאַפּן אין אַ צוג קיין פּיקסקיל. דער מוח ביי אים פיבערט און דאָס האַרץ וויינט: „אָרעם, אומגליקלעך קינד, ווען דו וואָלסט זיין ביי טאַטע־מאַמע אין דער היים, וואָלט דאָך צו דעם נישט געקומען"! אָבער צו אַלדי גוטע יאָר! וואָס קריכט אַזוי די באַן? וואָס שלעפּט זי זיך ווי אין סמאָלע?

אַז ער האָט שוין דערלעבט צו זען זיין קינד, דער פאַרצאָגטער טאַטע, איז ער שיער נישט אַוועקגעפאַלן אין חלשות. זע נאָר וואָס פון דעם ייִנגל איז געוואָרן! ליגט נעבעך אין בעטל אַזוי בלאַס, די אייגעלעך געשלאָסן, די ליפּעלעך — פאַרטריקנט, אַזש די הויט שיילט זיך פון זיי, ווי שטיקעלעך פּאַפּיראָס־פּאַפּיר.

— גאָדעלע, האָט דער פאָטער געוועקט דאָס קינד, געטאַפּט זיין שטערנדל: — וואָס איז דיר? ייִנגעלע מיינער.

ס׳קינד, אַ פאַרטראָגנס, ווי נישט הי, האָט אָנגענומען דעם פאָטערס האַנט, זי צוגעטראָגן צו די ליפּעלעך, זי געקושט און קוים אַרויסגעקרעכצט:

— גאָדעלע וויל אַהיים. ווי איז מיין מאַמע?

דער פאָטער, אַ צעבראָכענער פון דעם ייִנגלס אַזוי פאַרבענקט קושן אים די האַנט, האָט געפילט ווי אָט, אָט און ער צעוויינט זיך אויפן קול. גאָדעלע איז נעבעך אַזוי חרוב ס׳העלדזל איז אים, זעט אויס, אַזוי אָנגעצונדן, אַז נישט קיין קול נאָר אַ דערוואָרגן כריפּען רייסט זיך אים אַרויס פון קעל. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, נתן חיים, זי, לינאַ, ווי איר

פערצן צי פופצן יעריק מיידל, זענעןביידע געשטאַנען הינטער אים, פאַרטרויערטע, דערשראָקענע.

— לינא, ווו האָט איר דאָ אַ טעלעפאָן, ער מוז שוין קלינגען קיין ניו־יאָרק!

ס'מיידל איז געבליבן ביי גאַדעלען און זי איז מיט אים אַוועק אין „גראָסערי", דער נאָענטסטער טעלעפאָן דאָ. אויפן וועג צו דער סטאָר, האָט ער געטראַכט, נתן חיים, „גוט וואָס ער האָט נישט דאָ בתיהן, די מאַמע וואָלט, חלילה, צעזאַמענגעבראָכן, און ער וואָלט געהאַט אויף זיינע הענט צוויי חולאים". אין באַן נאָך האָט ער איינגעזען, אויב, חלילה, אַ שפּיטאָל, וועט ער מוזן האָבן וולאַדעקס הילף, פאַר אים עפענען זיך דאָך אַלע טויערן! איילט ער דאָס איצט צום טעלעפאָן, ער איז אָבער אין איין צאַפּלעניש, טאָמער איז וולאַדעק נישטאָ אין אָפיס? איז ער. צום קינדס גליק יאָ געווען:

— חבר וולאַדעק? דאָס רעדט חבר פיינזילבער. וואָס ער פאַרלאַנגט? אוי, טייערער חבר וולאַדעק! ער איז אין גרויס נויט. זיין איינציק קינד, גאַדעלע, אין זעקסטן יאָר איז נעבעך זייער שלאַף. ער פאַרשטייט דאָך, דער חבר וולאַדעק, אַז ער, דער טאַטע, האָט נישט קיין אַרבעט, מוז דאָך די מאַמע זיין די פּרנסה־געבערין, דאַרף דאָס קינד נעבעך זיין אין דער פרעמד, ביי אַ פּרוי דאָ, הינטער פּיקסקיל. דער דאָקטער זאָגט ס'איז סטרעפּטאָ־קאָקוס, זייער אָנשטעקנדיק, ער מוז נעמען ס'יינגל אין אַ שפּי־טאָל אַריין! וואָסער נומער טעלעפאָן דאָ איז? אָט איז ער, זייט מוחל פאַרשרייבט. ער זאָל דאָ וואַרטן ביים טעלעפאָן? דער חבר וולאַדעק וועט באַלד קלינגען צוריק? אוי, אַ דאַנק אייך, חבר וולאַדעק, אַ גרויסן דאַנק אייך און ער האָט זיך צעוויינט, נתן חיים, אין טעלעפאָן אַריין.

ווי דאָס גאַנצע וואַרטן ביים טעלעפאָן האָט געדויערט וואָסערע פופצן צי צוואַנציק מינוט, האָט עס אים אויסגעזען, נתן חיימען, אַן אייביקייט. „גוט", האָט ער געטראַכט, „וואָס אין דעם „העק" קלינגט דער טעלעפאָן אַזוי זעלטן, אַז ער האָט די ליניע פריי, ווי פאַר אים אַליין". אַז ער האָט זיך שוין קוים צעקלונגען, דער טעלעפאָן, האָט ער געכאַפּט דאָס טרייבל צום אויער:

— חבר וולאַדעק? וואָס? שוין אין בעלוויו שפּיטאָל אַריין? יאָ, ער נעמט שוין אַ טאַקסי! ער זאָל אים אָנקלינגען ווען ס'יינגל וועט זיין אין שפּיטאָל? אַוודאי וועט ער אים אָנקלינגען. אַ דאַנק אייך, חבר וולאַדעק, אַ גרויסן דאַנק אייך. ער האָט אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און זיך געווענדט צו דער לינא:

— קען זי אים גלייך קריגן אַ טאַקסי?

איידער זיי האָבן גאַדעלען אָנגעטאָן, אים געהעריק איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע, קעגן אַ ווינטל אויפן וועג, איז שוין די טאַקסי געשטאַנען פאַר דער טיר. ער האָט זיך אַריינגעזעצט, נתן חיים, גענומען גאַדעלען פון לינאס הענט אין זיינע אָרעמס: — זונעלע מיינס, דער טאַטע האַלט דיך, יאָ, מ'פאָרט און דאָ האָט זיך דעם טאַטנס צונג פאַרהאַלטן אין קעל. ער וועט גאַדעלען נישט זאָגן קיין ליגן אַז מ'פאָרט צו דער מאַמען, ווי דאָס קינד מיינט, בעת ער פאָרט גאָר מיט אים אין שפּיטאָל אַריין, האָט דאָס דער צעבראָכענער טאַטע באַרויִקט ס'יִינגל מיט בלויז: יאָ, יאָ, מ'פאָרט, גאַדעלע, מ'פאָרט.

די טאַקסי האָט געאײַלט צום שפּיטאָל אין ניו־יאָרק אָן אָפּשטעל. נאָכן האָבן געהערט פון חבר וולאַדעק, אַז אין בעלוויו, האָט ער גלייך טעלעפאָנירט דער מאַמען: „ער נעמט גאַדעלען אין שפּיטאָל אויף ערשטע עוועניו און זעקסאונצוואַנציקסטע גאַס, זי זאָל דאָרט וואַרטן פאַרן טויער אין אַ שעה, אַנדערהאַלבן אַרום, וואַרטן דאָרט זי זאָל כאָטש זען ס'קינד פון וויטנס, בשום אופן נישט צוקומען, ווייל גאַדעלע וועט זי שוין נישט אַוועקלאָזן"!

אַז די טאַקסי איז אָנגעקומען און ער איז מיט גאַדעלען אין די אָרעמס אַרויס פון דער קאַר, איז שוין בתיה דאָרט געשטאַנען. אינסטינקטיוו האָט די מאַמע געטאָן אַ לויף, אָבער געבליבן שטיין אַ פּאָר טריט אָפּגערוקט, כאָטש ס'האַרץ האָט זי געצויגן צו איר קינד. ער האָט אַזוי אומדערבאַרעמדיק געוווּנקען צו איר, דער טאַטע, אויף ניין, נישט צו־קומען! אויך צוליב דער אָנשטעקנדיקייט! און זי, בתיה, איז דאָך אין באַריר מיט אַזוי פיל מענטשן. שטייט זי נעבעך פון וויטנס, די שווערגעפּרוווטע מאַמע. ס'האַרץ רייסט און זי קען אַפילו נישט אַ קוק טאָן אויף איר הרוב קינד. גאָט אין הימל! טו אַ לעק צו דער מאַמעס האַרץ, פאַרזוך כאָטש די ביטערניש פון איר צער, פון איר ווײ.

ביים שפּיטאָל־טויער איז געשטאַנען אַ גרויס געזעמל, אַלע וואַרטנדיק ווי ער, נתן חיים, אַריינגעלאָזט צו ווערן. אין דער ענגעניש האָט ער זיך געשטופּט, דער טאַטע מיטן יינגל אין די אָרעמס צו צוקומען נענטער צום שמאָלן טירל, וואָס אין דעם ברייטן און הויכן, אייזערנעם טויער. גאַדעלעס קעפּל, אַ פאַרחלשטס, איז אים געלעגן אויפן רעכטן אַקסל און כאָטש די היץ איז געווען גרויס און דאָס געוויכט פון זעקס יאָריקן יינגל האָט אים אַראָפּגעשווערט איז ער די גאַנצע צייט געשטאַנען און געוואַרט דאָס טירל זאָל זיך שוין דערלעבן צו עפענען.

אין אָפּיס האָט מען אים בלויז געפרעגט דעם נאָמען. זיי האָבן שוין, זעט אויס אַלץ געוווסט פון וולאַדעקס קלינגען צו זיי. האָבן זיי בלויז פאַרשריבן די עלטערנס נעמען, דעם אַדרעס, דעם ייִנגלס נאָמען און שוין אים געפּרוווט צונעמען, ווייל ער, דער פּאַטער טאָר נישט מיט־אַריינגיין. האָט אָבער גאַדעלע אַרומגעקלאַמערט די הענטלעך אַרום טאַטנס האַלדז, זיך געריסן פון די נעמערס הענט, געשריגן מיט די לעצטע, קינדערישע כוחות:

— גאַדעלע ווי׳ ניש׳ דאָ זיין! גאַדעלע וויל גיין צו דער מאַמע! ווי איז מיין מאַמע?

ווייַ און ביטער דעם טאַטן! הערן דאָס רייסן זיך פון זיין חרוב קינד און נאָך מוזן זיך אַמפּערן מיט אים, אָפּצוקלאַמערן זיינע הענטלעך פון זיין, דעם פּאַטערס האַלדז, צו העלפן דעם שפּיטאָלאָרדנער אַוועקצורייסן דאָס ייִנגל פון אים.

ער האָט געוויינט, בתן חיים, ביטער געקלאָגט, צוזעענדיק ווי גאַדעלע, אַן אַוועקגעריסענער שוין פון אים, שטרעקט די הענטלעך צוריק צום טאַטן און רייסט זיך פון דעם אָרדנערס אָרעמס, שרייענדיק מיט אַלע כוחות: — טאַטע! גאַדעלע וויל דאָ נישט זיין, גאַדעלע וויל אַהיים צו דער מאַמע! ווי איז מיין מאַמע!

אַ פאַרוויינטער איז ער אַרויס פון שפּיטאָל, צו טרעפן זי, בתיהן, די צעווייטיקטע מאַמע, די פאַרטרויערטע אויגן פול מיט טרערן:

— ווו איז גאַדעלע? וואָס איז געשען צו מיין קינד!

# קאַפּיטל פּיראָונפּופּציק

פולע צוויי וואָכן האָבן טאַטע־מאַמע נישט געקענט זען זייער קינד און אַז זיי האָבן שוין דערלעבט אַריינגעלאָזט צו ווערן, זענען זיי גע־בליבן שטיין מיט פאַרקלעמטע הערצער, נישט דערקענט זייער גאָדעלען. זיינע פּרעכטיקע, העל־שאַטינע לאָקן — אָפּגעשוירן. ס׳פּנימל — דאַר, איינגעפאַלן, די גרויסע, גרוי־גרינע אויגן, שטענדיק פריידיק־גלאַנציקע, זענען איצט מאַט און אַזוי איינגעזונקען אין די אויגנלעכער, דערצו נאָך שווייגט ער. זיי רעדן צו אים, פרעגן אים: — גאָדעלע, ס׳טוט דיר עפּעס ווי? שטאָט ענטפערן — דרייט ער אַוועק ס׳קעפל, ווייל נישט קוקן אויף די עלטערן.

דער טאַטע, אַ פאַרצאָגטער, אַ דערשלאָגענער קוקט אויף דער מאַמע און זי, די מאַמע, מיט פאַרוויינטע אויגן — קוקט אויפן טאַטן. שטום רעדן זיי איינע צום אַנדערן: „זאָל דאָס זיין דעם ייִנגלס צוריקצאָל פאַר זייער האָבן אים אַוועקגעגעבן אין דער פרעמד?״ כאָטש אַז מ׳וויל איז גאָדעלע, אין זיין קינדישן באַנעם, גאַנץ גערעכט. לאָ די וואָס מ׳האָט אים באַלד נישט געדאַרפט אַוועקגעבן, איז איצט, אַז מ׳האָט אים שוין יאָ אָפּגענומען, איז שטאָט נעמען אים אַהיים, גיט מען אים גאָר אַריין צווישן לייט אין ווייסע כאַלאַטן מיט ווייסע היטעלעך אויף די קעפּ און מ׳לאָזט אים נישט אַרומגיין, זיך שפּילן, נאָר מ׳לייגט אים אַריין אין אַ בעטל פאַר־קראַטעוועט מיט דראָט, צווישן אַזוי פיל בעטלעך מיט נאָך קינדער, פאַר־קראַטעוועטע מיט דראָט, ווי זיי וואָלטן אַלע געווען טויבן אין שטייגן אויף לינאס דאַך.

— זונעלע, האָט ער, דער טאַטע, אַריינגעפּירט זיינע אַ האַנט צווישן די דראָטן און אַ ריר געטאָן דעם ייִנגל אויפן אַקסל: — וואָס איז דיר, קינד מיינס?

דאָס ייִנגל האָט אויסגעדרייט ס׳קעפּל צום פאָטער, געקוקט אויף אים אַ ווייל און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און באַלד אין אַ געהעשעריי:

— ג־ג־אָ־אָ־ד־ד־ע־ל־ל־ע ה־ה־אָ־אָ־ט פּ־פּ־יי־נ־ט ד־ד־ע־ם ט־ט־אַ־ט־ט־ן! באַלד האָט ער דעם אייגענעם בייזן בליק געווענדט צו דער מו־טער א־א־ו־ר־ן ד־ד־י מ־מ־אַ־אַ־מ־מ־ע א־א־וי־וי־ך!

— בתיה האָט מער נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן, ווישנדיק זיי מיטן טיכל, האָט זי זיך אויך צעהעשעט, ווי גאָדעלע:

— וואָס איז געשען מיט אונדזער קינד?

אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר אַכט, פון שכנותדיקן בעטל, אויך אַ פאַרקראַ־טעוועטס, האָט זיך אַנגערופן:

— הי ז קרייען ׳קאָז די נוירס סקאָלדעד הים, פאָר הי קען׳ט טאָק ענגליש, (ער ווײַנט ווײַל די קראַנקענשוועסטער האָט זיך געבייזערט אויף אים וואָס ער קען נישט רעדן קיין ענגליש).

ער, נתן חיים, איז געוואָרן אויפגעקאָכט. הער נאָר אַ חוצפּה! אַז דער טאַטע ווײַל אויפציִען זײַן קינד מיט אַ ייִדיש וואָרט אין מויל, קומט אַזאַ פּאַסקודסטווע און פאַרשעמט אַזוי דאָס ייִנגל! ער וועט דאָס נישט פאַרשווײַגן, שוין גייט ער אין אָפּיס אַרײַן. וואָס מיינען זיי? דאָ איז דאָס צאַרישע רוסלאַנד? דאָס אַנטיסעמיטישע פּוילן? דאָ איז אַמעריקע!

— אַוודאי איז דאָס אַמעריקע, האָט זי, בתיה, גענומען אים „טשישן" (אָפּקילן די אויפגעהיצטקייט), אָבער גיין אין אָפּיס וועסטו נישט! גאָ־דעלע איז נעבעך אַזוי חרוב, ליגט אים אין קאָפּ זײַן ייִדיש, ענגליש. זי האָט דאָך אים כסדר געזאָגט: „נתן חיים, דאָ איז אַמעריקע, אַלע רעדן צו די קינדער ענגליש, דאַרף גאָדעלע נישט זײַן קיין אויסנעם", האָט ער זיך איינגעשפּאַרט: — גאָדעלע ׳עט רעדן גענוג ענגליש אין שולע, אין דער היים, דאַרף מען רעדן מיטן קינד ייִדיש! „ליידט נעבעך איצט גאָדעלע, אַלע האַלטן אים פאַר אַ גרינעם און די נוירס דאָ האָט אים נעבעך אַזוי פאַרשעמט, אָרעם ייִנגעלע מײַנער", האָט זי געגאַרט אים אַ קוש צו טאָן, נאָר גיי, טו, אַז ס׳קינד איז אַזוי אַרומגעקראַטעוועט!

„אָט אַזאַ איז זי", האָט ער זייטיקלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ, נתן חיים, „שטענדיק ליגן איינגעלייגט, נאָר נישט עפּעגען ס׳מויל".

נאָך דעם וויזיט ביי גאָדעלען, אַז ער האָט טעלעפאָנירט אין שפּי־טאָל און מ׳האָט אים געזאָגט: „דעם ייִנגל איז בעסער, אין וואָסערע אַכט־צען טעג אַרום וועט מען אים אויסשרייבן", האָט ער דעם זעלבן אָוונט, נתן חיים, נאָכן אָפּעסן נאַכטמאָל, פאַרהאַלטן בתיהן ביים טיש:

— דאַנקען גאָט, גאָדעלען ווערט בעסער, וווהין, מיינט זי, זאָל מען אים נעמען? קריק צו דער לינאַ איז דאָך אויסגעשלאָסן!

— וווהין, מיינט ער, זאָל מען ס׳קינד נעמען?

— שטענדיק אַזוי! האָט ער פון אויפרעגונג, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש. — ער פרעגט דאָך זי. זי איז דאָך די מאַמע!

— זי איז טאַקע די מאַמע, אַזוי איז ער דאָך דער טאַטע, ווז זאָגט

ער זאָל מען אים נעמען? מ׳קען דען ברענגען גאַדעלען אַהער? ס׳איז דען דאָ װוּ?

— צי ס׳איז דאָ װוּ, צי ס׳איז נישטאָ װוּ, מוז מען ס׳ייִנגל נעמען אַהער צו אונדז, כאָטש אויף עטלעכע חדשים — מיט טאַטע־מאַמע. צי ס׳איז יאָ אַ היים, צי ס׳איז נישט קיין היים, װעט ער פֿאַר אַ צייט זײַן מיט אונדז. גאַדעלע איז צװוייטיקט פֿון דעם שטענדיקן אַרומװאַרפֿן זיך מיט אים! ער װעט שלאָפֿן אין זײַן בעטל און ער, דער טאַטע, װעט זיך אויסבעטן אַ געלעגער אויף דער פּאַדלאָגע, זאָל דאָס קינד זען אַז טאַטע־מאַמע גיבן אים אַװעק נישט װײַל זיי האָבן אים פֿײַנט, אלא זײַן שלאָפֿן אויפֿן דיל? שאַדט נישט, ס׳איז דאָך זומער. ער װעט זיך אָפּגעבן מיטן ייִנגל. ביי טאָג װעט ער אים נעמען אין פּאַרק שפּילן מיט אים באָל. ס׳זענען דאָך דאָ צװוי פּאַרקס אַרום. פֿון איין זײַט דער סענטראַל־פּאַרק און אין דער זײַט לעבן דער טיר, — דער ריװוערסאַיד־פּאַרק. זאָל דאָס ייִנגל נישט אויסװאַקסן אין שיפֿלות, אַז מ׳װיל אים נישט האָבן אין דער היים!

זי האָט געשװיגן, בתיה, געזעסן קעגנאיבערן מאַן, ס׳אויסגעבלייכטע פּנים — באַגראָבן אין די דלאָניעס, די אַקסלען האָבן אַלע װײַל אויפֿגע־ציטערט, נאָר ס׳מויל אירס האָט געשװיגן.

נתן חיים, דורכגענומען מיט צער, האָט זי באַדויערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, „אָרעמע, װיינט זי דאָס אויף גאַדעלעס ביטערער דאָליע? אַ קינד מיט לעבעדיקע טאַטע־מאַמע, נאָר קיין היים פֿאַר אים איז נישטאָ! און אפֿשר גאָר טרויערט זי אויף איר אייגענער דאָליע? װי האַלט זי מיט אים, דעם מאַן אירן. גרייט זיך קיין פּוילן און נאָך אויף אַ גאַנץ יאָר און זי װייסט עס אַפֿילו נישט. און אפֿשר שטויסט זי זיך אָן און מאַכט זיך אַז זי װייסט נישט״?

נאָך אַ װײַל אַזוי זיצן שװײַגנדיק, אָן אַרײַנגעטאָענע אין זיך, האָט זי ענדלעך אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, בתיה:

— אָבער קיין היים פֿאַרן קינד װעט דאָס אַלץ נישט זײַן! און דאָס שלאָפֿן אויף דער פּאַדלאָגע װעט אויך פֿאַר אים נישט גוט זײַן.

— אמת, אָבער װאָס דען זאָל מען טאָן?

— זי מיינט, גאַדעלע װאָלט געהאַט אַ גוטע היים ביי די רעליסעס. זייער אַרעלע איז בלויז זעקס חדשים עלטער. אין קעמפּ שפּילן זיך די צװוי קינדער גאַנצע טעג צוזאַמען. זי, סאָניע, איז אַ האַרציק מענטש און ער, דער מר׳ רעליס איז די גוטסקייט אַליין. די אָרעמקייט ביי זיי, איז נעבעך איצט זייער גרויס. זינט דער קריזיס האָט אויסגעבראָכן גייט

ער דאַך אַרום לײדיק, װעלן די צען, אָדער צװעלף דאָלער אַ װאָך פֿאַר האַלטן גאָדעלען זײַן בײַ זײ אַן אױפֿרעכטעניש!

— יאָ, זי איז גערעכט, די רעליסעס זענען אײדעלע, פֿײַנע מענטשן, אָבער דערװײַל װעט גאָדעלע זײַן מיט טאַטע־מאַמע!

— װאָס שפּאַרט ער זיך מיט איר? זי זאָגט דען, חלילה, ניין? מ׳דאַרף אָבער טראַכטן אױף װײַטער. מײנט זי, מ׳דאַרף שױן, דעם שבת צי זונטיק, זײַענדיק אין קעמפּ, זיך דורכרעדן מיט די רעליסעס.

— אַװדאי דאַרף מען רעדן מיט זײ, אָבער נישט אױף גלײַך, שױן אַװעקצוגעבן ס׳ייִנגל.

איז אַזױ אַװעק דער זומער. שבת און זונטיק איז גאָדעלע געװען מיט טאַטע־מאַמע אין קעמפּ און אַ גאַנצע װאָך — מיט זײ — אין דער הײם, אין שטאָט. װי אױסצוקױפֿן זײער, די עלטערנס זײַנד קעגן גאָדעלען און טאַקע אים אַלײן אַרױסהײבן פֿון זײַן אַזױ טרױעריקער געפֿאַלנקײט בײַ זיך, האָט ער, דער טאַטע, אַלץ איבערגעלאָזט אױף דער מאַמעס הענט און זיך גאַנצע טעג אָפּגעגעבן נאָר מיטן ייִנגל. געקאָלערט זיך מיט אים אַראָפּ פֿון די שיפּע הײכן אין ריװערסאײד־פּאַרק, געשפּילט מיט אים באָל, זיך געהוידלט מיט אים אױף הוידלקעס, װי ער אַלײן װאָלט צוריק געװען אַ ייִנגל. צו מאָל האָט ער גאָדעלען גענומען אין מוזײ פֿון נאַטור־געשיכטע. אַ ייִנגל פֿון זעקסטן יאָר שױן, זיך אַזױ פֿיל אָנגעהערט װעגן אינדיאַנער, זאָל ער זען װי די אינדיאַנער האָבן אױסגעזען, די בײדלעך, װאָס אין זײ האָבן די אינדיאַנער געלעבט. נאָך אַזאַ אױספֿלוג איז ער, דער טאַטע, אַרײַן מיטן ייִנגל אין אַן „אױטאָמאַט" און אים געלאָזט זיך אַלײן אױסקלײַבן װאָס ער װיל עסן און טאַקע אים געלאָזט אַלײן אַרײַנװאַרפֿן די ניקלס און אַלײן אַ דרײ טאָן דאָס הענטל אַרױסצושיפּלען דאָס טעלערל מיט די שפּײַז. צו מאָל האָט ער אים אױך גענומען זען אַ פּאַסיקן פֿילם, פֿון װאָס גאָדעלע האָט אָנגעקװאָלן, אַזױ אַז אין די עטלעכע זומער־חדשים האָט ס׳ייִנגל געקראָגן אַן אַנדער מראה אױפֿן פּנימל, די אײגעלעך בײַ אים זענען צוריק געװאָרן גלאַנציק — אַן אַנדער גאָדעלע!

אָבער װי נאָר ס׳איז געקומען דער האַרבסט און מ׳האָט מיט גאָדעלען גענומען אײַנטענהן אַז ער זעט דאָך: „דאָ איז נישט קײן הײם פֿאַר אים. דער טאַטע שלאָפֿט אױפֿן דיל, ער װעט אין גיכן דאַרפֿן אָנהײבן גײן אין סקול, װאָלט גוט געװען ער זאָל זײַן מיט אַרעלען, זײ װױנען װוּ ס׳לױפֿן נישט אַזױ פֿיל קאַרס, װעט ער קענען זיך שפּילן אױף די פֿרײַע פּלעצער און גײן צוזאַמען מיט אַרעלען אין סקול".

האָט ער דאָס אױסגעהערט, גאָדעלע, שטיל געהערט, ער איז שױן

איצט נישט מער קיין „בייבי״, האָט ער זיך נישט געוואָרפן אויף דער ערד קאָפּען מיט די פיסלעך, שרייען, וויינען, בלויז זיין פּנימל האָט צוריק פאַרלוירן די געזונטע, קינדערישע מראה, די אייגעלעך זענען צוריק פאַרצויגן געוואָרן מיט דער כמאַרע פון טרויער און ווי פריִער, ביי דער לינא, געוואָרן איינגעשלאָסן אין זיך, נישט געוואַגט מער עפּעס צו וועלן און, ווי פריִער האָט מען נישט געהערט פון דעם קינד קיין טומלען, קיין געלעכטער.

האָבן טאַטע־מאַמע דאָס געזען, מיט צער אין די הערצער דאָס געזען און ווידער געוועט פאַרלוירן: וואָס דען זאָלן זיי טאָן? אמת, זיי האָבן זיך געזוכט אויסצורעדן: „אַ קינד, ר׳איז דאָך דאָ אַליין. ביי די רעליסעס, מיט אַרעלען, וועט ער זיך „אויסטשוכען״ קומען קריק צו זיך און פאַרגעסן אָן אַלץ״.

איז אָבער גאָדעלע נישט פון די קינדער, וואָס פאַרגעסן אַזוי לייכט. אַוודאי, אַ גוטע היים ביי דער סאָניע רעליס האָט ער געוויס, אַ גאַנצע וואָך, ווען ער שפּילט זיך מיט אַרעלען, פאַרגעסט ער זיך מסתמא, אָבער שבת און זונטיק איז גאָדעלע טרויעריק. ער קען נעבעך אַלץ נישט פאַרשטיין פאַר וואָס טאַטע־מאַמע קומען נישט צו אים סוף וואָך צוזאַמען, נאָר איין מאָל קומט דער טאַטע און דאָס צווייטע מאָל די מאַמע. ער איז אַ קלוג יינגל, גאָדעלע, אַז מ׳האָט אים געזאָגט: „די מאַמע איז שבת פאַרנומען אין די ביזנעס, קומט דער טאַטע אַליין״. האָט ער דאָס פאַרשטאַנען, ער האָט אָבער גלייך געפרעגט: „און זונטיק? דער טאַטע האָט דאָך נישט קיין אַרבעט, פאַר וואָס קומט די מאַמע אַליין און דער טאַטע קומט נישט אויך״?

איז אים פון דעם אַליין, נתן חיימען, געגנוג ביטער אויפן האַרץ און טרויעריק אויפן געמיט, אָבער וואָס וועט נאָך זיין אַז גאָדעלע וועט זיך דערוויסן אַז ער, דער טאַטע, גייט אַוועקפאָרן אַזוי ווייט און אויף אַזוי לאַנג? און זאָגן דעם יינגל מוז ער דאָך! ער וועט דאָך נישט קענען סתם אַזוי פאַרלוירן ווערן. גאָדעלע וועט פרעגן: „ווו איז דער טאַטע?״ ווייניק ביטער וועט איר זיין, בתיהן, אַז זי זאָל נאָך דאַרפן זוכן תירוצים, אָפּנאַררייען אויף איינצונעמען גאָדעלען? און ער וועט זיך דען לאָזן איינגעמען? דאַרף ער, נתן חיים, בייצייטנס צוגרייטן ס׳יינגל. אויך דער זומער לויפט אויס, אָט באַלד קומט האַרבסט און אָנהייב האַרבסט, אין סעפּטעמבער גייט ער דאָך פאָרן!

האָט ער אָנגעהויבן אין די וואָכנטעג, דער טאַטע, קומען צו די רעליסעס, גענומען ביידע יינגלעך אין פאַרק, געשפּילט מיט זיי באָל, גע־

גאַנגען מיט זיי „הייקן” און איין מאָל, ווען אַרעלע איז נישט מיטגעווען אויף אַ שפּאַציר, האָט ער, נאָכן אַרומשטיפן פלוצים אַ פרעג געטאָן גאַ־דעלען:

— דו ווייסט אַז דיין טאַטע איז אַ שרייבער?

— וואָס איז אַ שרייבער?

— איינער וואָס שרייבט מעשׂיות.

— דו מיינסט מעשׂיות וועגן קעצעלעך און הינטעלעך, וואָס ווערן פאַרלוירן אין וואַלד?

— יאָ, דאָס זענען מעשׂיות פאַר קינדער, ער מיינט אויך מעשׂיות פאַר דערוואַקסענע. האָט ער אָנגעשריבן אַ ביכל מיט מעשׂיות, וואָס ער דאַרף זיי לאָזן אָפּדרוקן, מוז ער צוליב דעם פאָרן קיין וואַרשע.

— ווו איז וואַרשע?

— אַ שטאָט אין פוילן.

— ווו איז פוילן?

— ווייט, זונעלע, אויף יענער זייט ים. דאָרט איז דיין טאַטע גע־בוירן געוואָרן!

דאָס קינד האָט געקוקט אויפן פאָטער מיט דערשראָקענע אויגן, די ליפּעלעך האָבן אים גענומען ציטערן און ער האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין:

— גאָדעלע ווי׳ ניש׳ דער טאַטע זאָל אָוועקפאָרן!

# קאַפּיטל פינפאונפופציק

ס׳איז זונטיק אין דער פרי, זומער אויף דער וועלט. די זון שײַנט, פייגל צווּיטשערן, די ריווערסאיד־אַלייע, ווי דער פּאַרק אַליין, באָדן זיך אין גרינס, קינדער שפּילן זיך, פאָרפּעלקער שפּאַצירן, נאָר איר, בתיהן, איז פינצטער איר לעבן. אָט איז ער ווידער אַוועק, נתן חיים, זיך אָנגעטאָן זונטיקדיק און אַוועק. וווּהין? נישט ער זאָגט איר, נישט זי פרעגט אים און אַזוי שוין זינט יענעם וויסטן סילוועסטער!

זי קען זיך נישט באַקלאָגן, ער לאָזט נישט אָלץ אויף אירע הענט. דורך דער וואָך זעט ער זי זאָל האָבן אַלץ, ס׳פלאַץ זאָל „גיין”, צי דאָס איז אַ העקעלע, אַ נאָדל, קנעפּלעך, צי גאָר צופּאַסן אַ קעלנערל, אַ שטיקל שטאָף, ערגעץ דאָרט אויף דער אַכטאונדרײַסיקסטער גאַס. אַזוי אויך — אין שטוב, אַפילו איצט איז ער נישט אַוועק איידער ער האָט נישט אָפּגעוואַשן ס׳געפעס פון אָנבייסן, אָבער וואָס קומט איר דערויס? אַז שוין באַלד צוויי יאָר ווי מ׳גייט אַרום אין איין שטוב ווי צוויי שאָטנס, ווי מען דאַרף כסדר געפינען אויסריידן אויף מענטשנס פרעגענישן. מ׳זאָגט טאַקע נישט אויס, אָבער מענטשן זעען דאָך אַז ביי זיי, אין זייער צוזאַמענלעבן, איז נישט ווי עס דאַרף צו זיין. אַמערגסטן איז אין קעמפּ. מילא, אין שטאָט לעבט מען אין אַ פאַרמאַכטער שטוב, כאָטש אויך דאָ איז שווער. אָט זיצן דאָ און אַרבעטן דרײַ מיידלעך, זעען זיי נישט וואָס אין שטוב גייט אָן? זיי פרעגן טאַקע נישט, אָבער זיי ווייסן. פרוּיען דערשמעקן אין דער לופט.

ביטער אָבער איז אין קעמפּ. מ׳וווינט דאָך אין דרויסן. איינער זעט וואָס ביים אַנדערן טוט זיך און נישט אַלע זענען דאָך איידל, האָבן טאַקט. אַנדערע קריכן דיר אַריין מיט די שטיוול אין האַרצן. אַ כלל, וואָס טויגן לאַנגע רייד? וויי און ווינד דעם הויז וואָס ברענט אינווייניק! אָט גייט זי פאַרן זען גאָדעלען. די רעליסעס זענען אויסערסט קלוגע און איידעלע מענטשן, זיי פרעגן קיין מאָל גאָרנישט, אָבער זיי זעען דאָך. שטענדיק קומען טאַטע־מאַמע באַזונדער, פאַר וואָס? בפרט אַז גאָדעלע פאַרפעלט קיין מאָל נישט צו פרעגן:

— פאַר וואָס איז דער טאַטע נישט געקומען אויך?

און שבת — דעם טאַטן פרעגט ער:

— פאַר וואָס איז נישט די מאַמע געקומען מיט דיר?

איז ער היינט, גאָדעלע, ווי נאָר זי איז געקומען, בתיה, אים אַרומ־גענומען, געטאָן אים אַ קוש, שטאָט פרעגן די שטענדיקע קשיא, גאָר אַרויס מיט אַ געוויין:

— גאָדעלע וויל נישׁ׳ דער טאַטע זאָל פאָרן קיין וואַרשע!

זי האָט אים געזוכט איינצונעמען, די מוטער, געדריקט אים צו זיך, אַ מין אַנהאַלטן זיך אָן קינד. שטאָט אים אויסרעדן, עפעס ענטפערן, האָט איר געשומיעט אין קאָפּ, אַ פינצטערער פוירהאַנג האָט זיך איר אַראָפּגע־לאָזט איבער די אויגן, אָט, אָט פאַלט זי אין חלשות, האָט זי זיך דאָס אָנגעהאַלטן אין יינגל, און אַז די צעמישעניש איז אַריבער, האָט זי זיך געפרייט וואָס עס איז אין דרויסן, אין מיטן גאָדעלעס שפּילן זיך און זי דאַרף נישט זוכן עפעס אַן אויסרייד פאַר איר, דער סאָניע רעליס. זי האָט אָפּגעלאָזט גאָדעלען: — גיי, גיי, שפּיל זיך און אַליין האָט זי זיך צוגע־זעצט אויפן קלאָץ, וואָס איז דאָ געלעגן אויף דעם פרייען פּלאַץ, צווישן צוויי הייזער.

— אַזוי, האָט דער מוח אירער אָנגעהויבן צונויפלייגן איינס מיט איינס: — וואָס זי האָט פאַרדעכטיקט, ווייזט זיך אַרויס צו זיין אַן אמת! ער גרייט זיך אַוועקצופאָרן! צו פאַרלאָזן זי? איז טאַקע דער ברוינער קאָנווערט מיט אַ ביכעלע אין אים, וואָס איז אָנגעקומען דורך דער פּאָסט מיט לאַנגע חדשים צוריק, נאָך איידער גאָדעלע איז קראַנק געוואָרן, דער פּאַספּאָרט? פאַר וואָס האָט ער דאָס דערציילט גאָדעלען, נאָך איידער ער האָט גערעדט מיט איר? און אַז ער האָט שוין דערציילט דעם קינד, מיינט דאָך עס אָט, באַלד פאָרט ער! זי קען נתן חיימען, אַז ער נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַריין, פירט ער עס דורך. אָבער וואָס זאָל זי איצט זאָגן גאָ־דעלען? פּרווון צערייבן דעם עסק? דאָס האָט דאָך נישט קיין זין! האָט זי מיטן יינגל גאָרנישט וועגן דעם גערעדט. דערפאַר אָבער, אין אָוונט, נאָכן נאַכטמאָל, האָט זי דרייסט, אָן באַהעלטעלעך, אים געפרעגט, נתן חיימען:

— ער האָט געזאָגט גאָדעלען, ער פאָרט אין גיכן קיין וואַרשע? אוודאי האָט ער געדאַרפט דאָס זאָגן דעם קינד, אָבער פאַר וואָס באַהאַלט ער דאָס אויס פון איר? וואָסי? זי דאַרף גאָרנישט וויסן פון דעם? עפּעס גייט עס דאָך אויך איר אָן, ניין?

— ער באַהאַלט גאָרנישט אויס פון איר. ס׳איז בלויז נישט געווען די געלעגנהייט צו רעדן וועגן דעם, אָבער ס׳איז אמת. ער קלערט שוין לאַנג וועגן דעם. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אַוועקפאָרן און לאָזן זי ווי אויפן

וואָסער. דערפאַר האָט ער דאָס אַזוי גיך זי געשטעלט אויף אירע אייגענע פיס, ערשט דערנאָך האָט ער אָנגעגעבן אויף אַ פּאַספּאָרט, איז דאָך אָבער זיין מזל אַז אַלץ זאָל אים גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ, איז פּלוצים גאַנ־דעלע אַוועקגעפאַלן אַזוי חרוב און ער האָט ווידער געמוזט אָפּלייגן דאָס פאָרן. איצט, דאַנקען גאָט, איז גאָדעלע געזונט און ביי די רעליסעס האָט ער אַ גוטע היים און, וואָס נישט ווייניקער וויכטיק: דער „מיס ב״ס לע פּעטיט סאַליאָן", האָט ער בכיוון אָנגערופן דאָס פלאַץ אויפן „הייטאָן", פראַנצייזישן נאָמען, איז אויף אַ סאָלידן פונדאַמענט, האָט ער באַנייט דעם פּאַס און ער גרייט זיך צו דער רייזע. מיינט זי נישט ס׳איז צייט ער זאָל ענדלעך אויף אַן ערנסט זיך נעמען שרייבן?

— אַוודאי מיינט זי אַזוי, אָבער צוליב דעם פאָרן קיין פּוילן? דאָ וועט ער דאָס נישט קענען טאָן? ער זאָגט דאָך אַליין, גאָדעלע איז, אַ דאַנק גאָט, באַוואָרנט, די ביזנעס איז אויך נישט צו פאַרזינדיקן, איז ווער וועט אים שטערן צו זיצן דאָ און שרייבן?

ער שווייגט אַ ווייל, נתן חיים. „איין גאָט ווייסט אַז ער וויל איר נישט ווי טאָן, טאַקע צוליב דעם נישט וועלן איר ווי טאָן האָט ער אַזוי לאַנג געזוכט אויסצובאַהאַלטן פאַר איר זיין גרייטן זיך צו פאָרן. עס וועט אָבער נישט טויגן! דער בלאָטער מוז אויפגעשטאָכן ווערן! אָט זעט ער, זיין איצטיק נישט רעדן קלאָרע דבורים האָט שוין געביטן די מראה אויף איר פּנים, זי מיינט שוין אַוודאי אַז איר איינטענהן מיט אים, איר מאַכן אַ ווייבעריש חנדעלע, זיך דערנענטערן צו אים... נישט וואַרטן, ווי אַלע מאָל, ער זאָל קומען, נאָר זי זאָל גיין צו אים, וועט זי אים ווייכער מאַכן, ער וועט צוריק אָנהייבן לעבן מיט איר, וועט זיך אַלץ אויסקלאָרן און ער וועט אויפגעבן זיין וועלן פאָרן".

ניין, בתיה! ער וועט דאָ נישט האָבן קיין רו, נישט בלויז צוליב די אַלערליי שטערונגען, וואָס רוקן זיך אונטער אין דער היים. נאָך יענעם סילוועסטער וועט זיין בעסער זיי זאָלן זיין צעשיידט. אַז זי וועט אים נישט האָבן אַרום זיך, וועט לעאָן זיין דרייסטער... און, אָדער זי וועט אויסלעבן איר פאַרליבעניש אין אים, אָדער עס וועט אויסוועפן, זיך אויפ־לייזן פון זיך אַליין. דערצו, צו וואָס באַהאַלטן? ער וויל אַרויסגעבן זיין ערשט בוך אין פּוילן. פון דאָרט שטאַמט ער, פון יענעם לעבן שרייבט ער, וויל ער דאָרט, אין וויכטיקסטן ייִדישן צענטער, אויפגענומען ווערן ווי אַ שרייבער.

אָט, די לעצטע סיבה, וואָס צוליב איר וויל ער פאָרן, האָט אין איר,

בתיהן, אויף ס׳ניי אויפגעוועקט אַ האָפענונג: „איצט האָט זי אַ געלעגנ־הייט אים צוריק צו געווינען":

— מילא, זי זעט דאָך צוליב וואָס ער וויל פאָרן, ועט זי אים גיין שטערן? אָבער אויף פאָרן, זיין דאָרט אַ יאָר צייט, אַרויסגעבן דאָרט אַ בוך, דאַרף ער דאָך געלט. שוין אַזוי לאַנג אַז ער אַרבעט נישט, פון די ביזנעס האָט זיך אין באַנק אָנגעקליבן איבער טויזנט טאָלער, זאָל ער קודם נעמען די טויזנט טאָלער אויף צו פאָרן, אויף ווייטער וועט זי אים שיקן.

ער האָט זי באַדויערט, נתן חיים, זי לייגט זיך נעבעך אין דער לענג און אין דער ברייט אים נישט צו פאַרלירן, אָבער דאָס איז לגמרי נישט דער כּוח אירער אים קריקצוגעווינען. מיט געלט אים נעמען?

— ניין, בתיה, טייערע. ווען ער וואָלט אויסן געווען געלט, האָט אים אין וואַרשע אַ נאַלעווקי שניט־סוחר געוואָלט אָפּגילטן, צו קריגן אים פאַר אַן איידעם און דאָס טעכטערל איז געווען אַ שיין, געבילדעט מיידל און ער, זעט זי, האָט גאָר אויף דער שיף געוואָרפן אַן אויג אויף אַ קראַנ־קער, פאַרגרינטער אימיגראַנטקע מיטן נאָמען בתיה. אָבער איר טראַכטן וועגן געלט אויף זיין רייזע, איז זייער שיין פון איר און ער דאַנקט איר דערפאַר. אויף דער רייזע האָט ער דאָ געליִען ביי אַ פריינד טויזנט דאָ־לער, נאָך דאָ גוטע פריינד אויף דער וועלט. אויף אַרויסגעבן ס׳בוך? זיין עלצטער ברודער אין וואַרשע וועט אים זיכער אין דעם אַרויסהעלפן. ס׳אַנדערע? ער האָט איר נאָך נישט צוריקגעצאָלט די פינף טויזנט דאָ־לער, וואָס ער האָט באַגראָבן אין דער בעקעריי.

— זע נאָר ווי ער געדענקט דאָס נאָך אַלץ! זי האָט דאָס שוין פאַר־געסן.

— קען זיין, אָבער ער, נתן חיים, פאַרגעסט נישט, בפרט אַ חוב! נאָר אַז זי וויל גאָר, מיינט ער אַז זי האָט נאָך יענעם חוב זיינעם, נישט פאַרגעסן, ווען יאָ, וואָלט זי דאָך עס אים נישט אויפגעוואָרפן יענעם פריי־מאָרגן, נאָך דעם סילוועסטער!

— וואָס דען האָט ער געוואָלט, זי זאָל גאָרנישט זאָגן ווען זי האָט געזען אים אויפשטעלן ס׳קעלנערל: שוין, אויס, ער גייט אַוועק!

זי איז געזעסן אַ דערשלאָגענע, בתיה, די הענט פאַרפינגערט אין שויס, די ליפּן פאַרטרוקנט, די פאַרטרויערטע אויגן אויף די שיכשפּיצן. „נישט זי האָט נאָך וואָס צו זאָגן און נישט מער צו פרעגן. כאָטש פרעגן וואָלט זי נאָך געדאַרפט אַ סך"!

האָט ער, נתן חיים, געפּרוווט איר ענטפערן אויף דעם וואָס זי פרעגט

נישט, כאָטש „דאָס״, ווייסט ער, פּייניקט דאָך זי, פאַרפינצטערט איר די טעג, רויבט איר דעם שלאָף פון די אויגן:

— בתיה צו וואָס זיך שפּילן אין באַהעלטעלעך? ער ווייסט דאָך. פונקט ווי ער האָט נישט קיין רו, אַזוי פּייניקט דאָך אויך זי דער: „וואָס וועט זיין?״ וויל ער, פאַר זיין אַוועקפאָרן קלאָר מאַכן, זיך, נישט ווייניקער ווי איר. זי זעט דאָך, זייער צוזאַמענלעבן הענגט אויף אַ האָר. אַז זיי וועלן זיין צעשיידט, זי — דאָ, ער — דאָרט, וועט אים, ווי איר, קלאָר ווערן: וואָס איז וויכטיקער? אַ גאַנצע היים פאַר גאָדעלען? מיט אַ צעבראָכן צוזאַמענלעבן צווישן זיי ביידע? אויב ביי אים וועט אַריבערוועגן זיין צער, זיין האַרצווייטיק, זיין פילן זיך אַזוי דערנידעריקט צוליב איר פאַרליבעניש אין לעאָנען, וועלן זיי שוין צוזאַמען נישט קענען לעבן. אויב אָבער ער וועט איינזען אַז גאָדעלעס ווילזיין איז וויכטיקער פון אַלץ, וועט ער קריק קומען צו איר, זוכן צו פאַרגעסן איר אומגליקלעכע אַפּערע און אָנהאַלטן זייער היים צוזאַמען.

— הייסט עס? האָט זי, בתיה שטיל, כריפּעדיק, ווי פון אַ קבר אַרויס, אים געפרעגט: — זי עקזיסטירט דאָ נישט. אויב גאָדעלעס ווילזיין וועט איבערוועגן!

— בתיה, צו וואָס אים צווינגען צו זאָגן ליגן? זי ווייסט אַז ער קען קיין ליגן נישט זאָגן! אַזוי, צו זיין גרויסן בראָך, זעט אים איצט אויס די צוקונפט זייערע.

ס׳איז שפּעט אין אָקטאָבער, דער טאָג פון זיין פאָרן האָט אָנגעיאָגט, די צוויי וואַליזקעס שטייען פאַרפּאַקט, אָט באַלד קומט די טאַקסי זיי נעמען צו דער שיף. צוליבן טאָטנס אַוועקפאָרן איז גאָדעלע שוין צוויי טעג אין דער היים. אַ פאַרכאַפּטער פון די נייע גאָלד־גלאַנציקע שלעסער אויף די וואַליזעס, האָט דאָס יִנגל פאַרגעסן אויף אַ ווייל זיין כסדרדיק כליפּען: „ג־אָ־ד־ד־ע־ע־ל־ע ור־ור׳ ב־נ־יי־ש ט־ט־אָ־ט־ט־ע ז־אָ־ל אַ־אַ־ור־ע־ק פ־פ־אָ־ר־ן!

ביים אַרויפקומען אויפן שיפדעק האָט שוין געוואַרט אויף זיי אַ גרופּע פריינד, טייל מיט שיין פאַרפּאַקטע מתנות צו זיין אַוועקפאָר. טייבעלע מיט לעאָנען, ווי נאָענטע פריינד און קעמפּ־שכנים, האָבן געבראַכט קיכעלעך און אויך אַ שיין פאַרפּאַקט פלעשל שנאַפּס. די פריינד האָבן גיך אַרומגערינגלט אים, דעם חתן, אויך בתיהן און גאָדעלען. געמאַכט לחיים, געווונטשן אים „סוקסעס״, זי, בתיהן געטרייסט, „נישט קשה, זי וועט נישט זיין אַליין, פריינד וועלן זי פאַרבעטן, מ׳עט קומען צו איר״.

דערביי האָבן טייל פון די ווייבלעך געפּרוווט אַריינשטעקן די נעז: „טאַקע? אויף אַ גאַנץ יאָר? און זי, בתיה, באַשטייט אויף דעם? זי, טייבעלע, וואָלט איר לעאָנען נישט געלאָזט אויף אַזוי לאַנג פאָרן! אַ יאָר צייט! די מיידן ׳עלן דאָך אים דאָרט צערייסן! אַן אַמעריקאַנער, אַ שרייבער און נאָך אַזאַ שיינער בחור! נאָר זי, בתיה איז אַזוי בראַוו״.

בתיה האָט זיך געמיט שיין צו שמייכלען: „זיי קענען נישט איר נתן חיימען! חוץ דעם, ער וויל דאָך דאָרט אַרויסגעבן זיין ערשט בוך דערציילונגען, וועט זי אים שטערן״?

אים, נתן חיימען, האָבן די זעלבע פריינדינעס געמאַכט קאָמפּלימענטן און זי, טייבעלע, האָט אים געגעבן אַ קוש אַלעמען אין די אויגן, כּלומרשט אַ געזעגענונג־קוש, אין דער אמתן — אַ קוש פון באַוווּנדערונג: „אָט איז אַ מאַן! אַז ער וויל עפּעס פּירט ער דאָס אויס״!

פּעשי, זעענדיק ווי אַלע פּאָרען זיך אַרום דעם אַוועקפאָרער, האָט זי זיך דערמאָנט:

— מ׳דאַרף נעמען „פּיקטשעס״! לאָמיר כאָטש האָבן אַן אָנדענק! און טאַקע שוין האָט זי צוגעברענגט אַ פאָטאָגראַפער, גענומען קאָמאַנדעווען מיטן עולם זיך אויסצושטעלן, בתיה און נתן חיים מיט גאָדעלען אויף צווייטרעפּ העכער, אַלע אַרום זיי און דער פאָטאָגראַפער האָט אַ רוף געטאָן דעם באַרימטן „סמאַיל״, פון אַפּאַראַט האָט זיך געהערט אַ „קליק״ נאָך אַ „קליק״ און איידער מ׳האָט זיך אומגעקוקט איז דער עולם געוועזן פאַר־נומען מיטן זוכן, יעדער איינער זיך, ווי „מ׳איז אַרויסגעקומען״. ער, נתן חיים, שטאָט אויף דער פאָטאָגראַפיע, האָט זייטיקלעך געוואָרפן אַ בליק אויף איר, בתיהן. „גאָט אין הימל! ווי בלאַס, ווי דערשלאָגן, ווי די איינ־געהאַלטענע טרערן רייסן זיך איר פון די אויגן און רינען איר איבער די באַקן אין צוויי ריטשקעלעך״! ס׳האַרץ אין אים האָט געוויינט: קומט עס איר? אָט איז אים געקומען באַגלייטן אַ גרופּע פריינד, צווישן זיי עלף פרויען, איינע פון זיי אַ נישט חתונה געהאַטע. צען זענען יונגע ווייבעלעך, אָט ווי בתיה, האָבן פיר פון די צען פאַרראַטן זייערע מענער און ער, נתן חיים, ווייסט — ווער מיט וועמען. נאָך צוויי פון די צען, זענען עס קאַפּאַבל צו טאָן ווי נאָר עס וועט זיי אונטערקומען אַ פּאַסי־קער קאַנדידאַט און די געהעריקע געלעגנהייט.

אַ גלעקל האָט געקלונגען. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געזעגענען. איינער נאָכן אַנדערן זענען די פריינד אַראָפּ פון שיף. ער האָט זיך גע־זעגנט מיט בתיהן, איר אַ קוש געטאָן, ווי זי אים. ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט זי צעזאַמענגעבראָכן, אַוועקגעלייגט ס׳פּנים אויף זיין

אַקסל און אויפֿן קול זיך צעכליפּעט, אָבער העכער נאָך פֿון דער מאַמע האָט גאָדעלע געוויינט, זיך געקלאַמערט אָן טאַטן:

־ג־ג־אָ־ד־ד־ע־ל־ל־ע וו, ניש׳ ט־ט־אַ־ט־ט־ע ז־ז־אָ־ל אַ־אַ־וו־ע־ק־פֿ־אָ־אָ־ר־ן!

די שיף האָט געריִרט. ער איז געשטאַנען אַ צוגעשמידטער צום צוים, נתן חיים. די פֿריינד אונטן האָבן געפּאָכעט מיט די הענט, מיט טיכלעך, נאָר ער האָט נישט אָוועקגעקערט די אויגן פֿון בתיהן. די טרערן הערן איר נישט אויף צו רינען איבער די באַקן און זי, שטאָט פּאָכען מיט אַ טיכל, הייבט זי אונטער גאָדעלען, דער פֿאָטער זאָל נאָך זען זיין קינד און דאָס יינגל זאָל נאָך אַ ווייל זען דעם טאַטן, דערביי מורמלען אירע ליפּן צו אים „אַ פּאָר געזונט און קום געזונט״.

ס׳האָט געטונקלט, באַלד איז געוואָרן נאַכט. דער אָרום און אַלע אין דעם אַרום, זענען פֿאַרשלונגען געוואָרן אין דער פֿינצטער. געבליבן מיט אים זענען בתיה און גאָדעלע. אירע טרערן און גאָדעלעס געוויין, זיי שווימען מיט אים. זיי וועלן שוין נעסטן אין זיין האַרץ, אין זיין געמיט, אין די אַפּלען פֿון זיינע אויגן.

## ביכער פון זעלבן מחבר:

אויפן שוועל נאָוועלן, פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע 1933.

וועסט־סאַיד, ראָמאַן, מאַקס נ. מייזיל, ניו־יאָרק, 1938.

צוויי און אַ דריטער, ראָמאַן, פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1943.

וועסט־סאַיד (עברית, שמשון מעלצער), ראָמאַן, פאַרלאַג דעת, תל־אביב ניו־יאָרק, 1954.

ערב נאַכט, ראָמאַן, פאַרלאַג „דעת", תל־אביב, ניו־יאָרק, 1954. (פרעמירט פון לוי לאַמעד פאָנד).

צאַנקענדיקע ליכט, ראָמאַן, „ציקאָ" ביכער פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1958.

אויף אייגענעם באָראַט, ראָמאַן, שמואל זימזון בע"מ, „ציקאָ" — ביכער צענטראַלע, ניו־יאָרק, 1961.

אויף דריי קאָנטינענטן, נאָוועלן, פאַרלאַג מענדעלסאָן־פאָנד, מעקסיקע, 1963. (פרעמירט פון קעסל־פאָנד).

אין דער וועלט אַריין, ראָמאַן, שמואל זימזון, בע"מ, „ציקאָ" — ביכער צענטראַלע, ניו־יאָרק, 1965.

טאָפּלבאַנד — „אַ פרעמדע וועלט" און „אין נייעם לאַנד", פאַרלאַג „ישראל־בוך" תל־אביב, 1973.

## פאַרלאַג „ישראל־בוך"

אריה שמרי / וואָרצלען
אַנטאָלאָגיע פון ייִדיש־שאַפן אין ישראל

ישעיהו שפיגל / פלאַמען פון דער ערד
ראָמאַן

רחל פישמאַן / דערנער נאָכן רעגן
לידער

מאַרגאַרעט לאַרקין / די זעקס טעג פון יד מרדכי
ייִדיש — ד. שטאָקפיש

רפאל מאַהלער / היסטאָריקער און וועגווייַזער
עסייען

רבקה באַסמאַן / בלעטער פון וועגן
לידער

ריקודה פאָטאַש / אין געסלעך פון ירושלים
דערציילונגען

יעקב צבי שאַרגעל / זוניקע שוועלן
לידער

משה שולשטיין / איבער די דעכער פון פאַריז
דערציילונגען

אריה שמרי / דאָס ייִנגל פון דיזשאַן
פּאָעמע

רפאל מאַהלער / ספר סאַנץ
היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, זכרונות און גביות־עדות

משה גראָסמאַן / שטויב און אייביקייט
דערציילונגען און מיניאַטורן

**אריה שמרי / געזאַנגען אין שײַער**

לידער און פּאָעמעס

**מנוחה ראַם / אַרום דער ווערבע**

דערציילונגען

**משה זאַלצמאַן / ...און מען האָט מיך רעהאַביליטירט**

איבערלעבונגען פון אַ ייִדישן קאָמוניסט אין ראַטנפאַרבאַנד

**אברהם שלאָנסקי / לידער**

אָפּקלייב פון א. שלאָנסקיס פּאָעטישער שאַפונג

ייִדיש — משה יונגמאַן

**משה גראָס־צימערמאַן / דאָס וואָרט וואָס מיר שרײַבן**

עסייען און פּראָפילן

**רבקה באַסמאַן / ליכטיקע שטיינער**

לידער

**ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן / סטעזשקעס צווישן מויערן**

לידער

**מלכה טוזמאַן / בלעטער פאַלן ניט**

לידער

**ב. דעמבלין / טאָפּלבאַנד**

אַ פרעמדע וועלט * אין נײַעם לאַנד